ד״ר העשיל קלעפּפיש

# עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער צייַט

1929—1939

ד״ר העשיל קלעפּפיש

# עכאָס פון אַ פאַרשוווּנדענער צייט 1929—1939

עסייען

אַרויסגעגעבן דורכן
וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור
תל־אביב תשמ״א 1981

●

די עסייען, וואָס גייען אַרײַן אין דאָזיקן בוך, זענען געווען געדרוקט אין די דרײַסיקער יאָרן אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס זענען דעמאָלט דערשינען אין פּוילן, בעיקר אין דער טעגלעכער צײַטונג „דאָס יודישע טאָגבלאַט“, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע.

אַ סך פֿון דעם, וואָס איך האָב געשריבן און פֿאַרעפֿנטלעכט ביז דעם יאָר 1940, איז פֿאַרלוירן געגאַנגען. אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים איז אויפֿגעהיטן געוואָרן אַ טייל פֿון יענעם מאַטעריאַל. אַ דאַנק דער פֿאַרשטענדעניש־פֿולער מיטאַרבעט פֿון דער ביבליאָטעק איז דער־מעגלעכט געוואָרן דער צונויפֿקלײַב פֿון די עסייען, וואָס ווערן איצט צוגעטראָגן דעם לייענער.

די דרײַסיקער יאָרן זענען געווען די צײַטן פֿון פֿאַרן מבול. דאָס איז געווען די צײַט, ווען אין פּוילן האָט געלעבט אַ פֿילמיליאָניקער ייִדישער קיבוץ, ווען וואַרשע האָט געציילט קרוב פֿיר הונדערט טויזנט ייִדן, ווען אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך געפֿונען דער פֿירנדיקער גײַסטיקער ייִדי־שער צענטער.

מיר האָבן איבערגעדרוקט די עסייען אָן וועלכע עס זאָלן נישט זײַן ענדערונגען. מיר האָבן נישט משנה געווען נישט פֿון וואָרט, נישט פֿון נוסח. עס זענען בלויז אויסגעבעסערט געוואָרן די דרוק־פֿעלערן.

צי האָט אַ זין אַרויסצוגעבן אָט דעם צונויפֿגעזאַמלטן מאַטעריאַל נאָך דעם, ווי עס זענען אַריבער העכער פֿיר צענדליק יאָר, און עס עקזיסטירט נישט מער דער גײַסטיקער און סאָציאַלער קלימאַט, אין וועלכן די עסייען זענען געשריבן געוואָרן ?

מער ווי די פֿאָרשונג און די בפֿיוונדיקע שילדערונג, איז דער אינטימער, אוממיטלבאַרער און היימישער עסיי, וועלכער איז געשריבן געוואָרן אין די ערבֿ־חורבן־יאָרן, מסוגל אונדז אַריבערצופֿירן אין דער וועלט, וואָס איז געווען, און דערנענטערן אונדז צו דעם געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן טראַגיש־פֿאַרשניטענעם ייִדישן קיבוץ, צו

זייַן געפילן־געוועב, צו זייַן אינטערעסן־קרייַז, צו זייַן גרויסן גייַסטיקן אומרו. די פאָרשונג און דער אַנאַליז באַקענען אונדז מיט פּאַסירונגען און מיט פאַקטן. אָבער די עסייען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין סאַמע פיבער פון דער ייִדישער דראַמע אין פוילן, וואָס האָבן געהאַלטן די האַנט אויפן פולס פון די געשעענישן, עפענען אונדזער אינערלעך אויג און אינערלעכן אויער, און יאָגן אָן דעם אָטעם פון יענעם ייִדישן כּלל, וואָס האָט געפירט זייַנע גראַנגלען, אויסגעבויט זייַן ווירקלעכקייט און געשפינט זייַנע חלומות אויף אַן אופן, וואָס איז פאַרבליבן איינציק־אַרטיק אין אונדזער גאַנצער געשיכטע.

מייַן שוועסטער גיטל פאַר דערמוטיקן מיך אַרויסצוגעבן די עסייען, דעם וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור, מיט זייַן פאָרזיצער יצחק קאָרן, פאַרן אַרויסגעבן דאָס בוך און דעם רעדאַקטאָר פון די אויסגאַבעס פון וועלטראַט, דעם שרייַבער יצחק יאַנאַסאָוויטש, פאַר דער הילף בייַם צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק —

זיי אַלעמען מייַן האַרציקסטן יישר־כּוח.

אדר א׳ תשמ״א — פעברואַר 1981

געווידמעט

דעם אָנדענק פון מיין פאָטער הרב רבי שלמה זלמן קלעפּפיש, מיין מוטער ברכה, מיין שוועסטער ברײַנדיל, מיין ברודער הרב יצחק מרדכי און מיין פרוי רייזל.

זיי זענען אַלע אומגעקומען אין נאַצי־חורבן על קידוש־השם.

ארץ, אַל תכסי דמם.

# בימים ההם אין מצרים־אייראָפּע

מיר קענען, נאַטירלעך, נישט וויסן, ווען דאָס וועט געשען, אָבער ווען עס וועט אַזוי ווייטער גיין ווי ביז איצט, קען דערצו קומען: אויף די פרילינגס־פעריען פון יאָר... וועט אַ גרופּע סטודענטן פון ערגעץ אַן אוניווערסיטעט אין האָנאָלולו מאַכן אַן אויספלוג צום שטיק וועלט, וואָס האָט אַמאָל, אַמאָל אין די העט־ווייטע צייטן, זיך גערופן „אייראָפּע". זיי וועלן מיטפירן מיט זיך ספּעציעלע מאַפּעס און באַשרייבונגען פון פאַרצייטנס, לויט וועלכע זיי וועלן זיך אָריענטירן, ווו ס'איז אַמאָל געשטאַנען בערלין, ווו — רוים, ווו — מאָסקווע און ווו — לאָנדאָן. זיי וועלן מיט אויפמערקזאַמקייט און נישט קליינער פאַרוווּנדערונג באַטראַכטן די חורבות, די רעשטלעך בנינים, די שטיינער און אָפּגעברענטע ציגל, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דער ציוויליזאַציע, וואָס איז אין דער געשיכטע באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „מערב־ציוויליזאַציע". זיי וועלן פאַרחידושטע שפּרייזן אין דער וויס־טעניש, ווו ס'האָט אַמאָל געגרוישט און געברענט אַ לעבן. און דער אָנפירער פונעם אויספלוג, אַן עלטערער הער, מיט זילבער־ווייסע האָר, אַ באַקאַנטער געלערנטער, וועט פאַר די סטודענטן דערקלערן:

— מיר טרעטן איצט, מיינע פריינד, אויף די רויִנען פון אייראָפּע. נו, יאָ. געווען אַ צייט, ווען די דאָזיקע אייראָפּע האָט געשפּילט אַ פירנדיקע ראָל אין דער וועלט, ווען זי איז אַרויסגעטראָטן ווי די טאָן־געבערין פון דער מענטשהייט, ווען פון די אייראָפּעיִשע מלוכות האָט זיך געטראָגן אַ שייַן צו אַלע ווינקעלעך פון דער ערד. אָבער יענע צייט איז שוין לאַנג פאַרביי. אייראָפּע איז אונטערגעגאַנגען. אייראָפּע איז אַראָפּ פון דער וועלטסצענע. און בלויז די שטיינער און רעשטלעך פון די געביידעס, זענען היינט־צו־טאָג די עדות פון איר פאַרבייגעלאָפענער גרויס־קייט און מאַכט...

איך פאַרשטיי, מיינע פריינד, אַז נישט איינער פון אייך, זוכט אין דער דאָזיקער מינוט אַן ענטפער אויף דער פראַגע: אונטערגעגאַנגען אייראָפּע, אָבער פאַר וואָס? — אָבער ווי אַזוי? — איז דען נישט אין אייראָפּע געווען געוואַלטיק אַנטוויקלט די ציוויליזאַציע? — האָט נישט דאָרט די וויסנשאַפט דערגרייכט צו אַ ממש־אימפּאָ־נירנדיקער הייך? — זענען נישט דאָרט אויסגעטראַכט געוואָרן וווּנדערבאַרע טעכ־

נישע דערפינדונגען? — זענען נישט די אייראָפּעער געפלויגן אין די וואָלקנס, אויפגענומען קלאַנגען פון די לופט־כוואַליעס, אַראָפּגעלאָזט זיך צו דער דנאָ פון ים? — דערציילט נישט די היסטאָריע, אַז אין אייראָפּע האָבן עקסיסטירט גראַנ־דיעזע אימפּעריעס, גראַנדיעזע מלוכה־אָרגאַניזאַציעס? — זענען נישט דאָרט אויך געשריבן געוואָרן וויכטיקע ווערק? — איר דאַרפט וויסן, מיינע פריינד, אַז אונ־דזערע ידיעות וועגן אייראָפּע זענען נאָך שטאַרק באַגרענעצט; מיר האָבן נאָך נישט אַדורכגעפירט אין דער ערד פון אייראָפּע אַלע נויטיקע אויסגראָבונגען, וואָס וואָלטן ערשט געקענט צושטעלן פאַר אונדז דאָס פולע בילד פון אייראָפּעיִשן אויפ־בלי; אָבער שוין דער קאַרגער און ווייט נישט גענוגנדיקער מאַטעריאַל, וואָס גע־פינט זיך אין אונדזער באַזיץ, צווינגט דאָך אונדז צו שטוינען און נתפּעל צו ווערן פון די דערגרייכונגען און דעראָבערונגען פון די אַלטע אייראָפּעער... פאַר וואָס, אַלזאָ, איז אַזאַ ריגג פון מעכטיקע אימפּעריעס זיך פונאַנדערגעפאַלן? — פאַר וואָס איז אייראָפּע אַראָפּ?...

מיינע פריינד! איך האָב אין מיין לעבן זייער אַ סך געטראַכט וועגן דער פראַגע. איך בין איצט באַשעפטיקט מיטן שרייבן אַ בוך, אין וועלכן איך באַהאַנדל די אַלע סיבות און אומשטענדן, וואָס האָבן דערפירט צום בין־השמשות פון דער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע. און איך מיין, אַז עס איז מיר געלונגען אַנצורירן דעם קערן פון אמת.

איך אַנטוויקל נעמלעך אין מיין ווערק, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „דאָס רעטעניש פון חורבן־אייראָפּע", דעם געדאַנק, אַז נאָר דאַן וועט פאַר אונדז פאַר־שטענדלעך ווערן דער אונטערגאַנג־פּראָצעס פון אייראָפּע, ווען מיר וועלן אייראָפּע פאַרגלייכן מיט דעם נאָך־עלטערן, אור אַלטן עגיפּטן...

יאָ, דאָס איז מיין פעסטע איבערצייגונג: די אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע איז זיך פונאַנדערגעפאַלן צוליב די זעלבע סיבות, צוליב וועלכע די עגיפּטישע ציווי־ליזאַציע האָט אין די פריִערדיקע צייטן זיך אַראָפּגעקייקלט אין אָפּגרונט. אמת: צווישן דעם אונטערגאַנג פון אייראָפּע און דעם אונטערגאַנג פון מצרים איז דאָ אַ מהלך פון עטלעכע טויזנטער יאָר. אמת: אייראָפּע איז אַ וועלט־טייל, מצרים — בלויז אַ לאַנד, און דערצו אין אַפריקע. אָבער, מיינע פריינד, פּרוּווט אַ רגע פאַר־ווישן אין אייַער געדאַנק די צייט־אונטערשיידן, די געאָגראַפישע אונטערשיידן, פּרוּווט בלויז אויפמערקזאַם זיך אייַנהערן אינעם געשיכטלעכן כוואַליע־געברויז, אין דער מעלאָדיע פון דער געשיכטע אַזוי צו זאָגן, און איר וועט באַמערקן, ווי ענלעך עס זענען אין תּוך געווען צו זיך אייראָפּע און מצרים, ענלעך אין זייער פאַרגאַנגענהייט, ענלעך אין זייער פאַרבליפּנדיקן אויפשוווּנג, ענלעך אין זייער געמיינזאַמען טראַגישן גורל!...

די דאָזיקע ענלעכקייט צו מצרים האָט צום מערסטן זיך געלאָזט באַמערקן און איז צום שטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק טאַקע אין יענער צייט, ווען אייראָפּע

האָט מיט מוראדיקער שנעלקייט מאַרשירט צו איר פּאַטום, צו איר קאַטאַסטראָפע.

בימים ההם, אין יענע אומהיימלעכע יאָרן פון ערב־אונטערגאַנג, איז די לופט אין אייראָפּע געוואָרן געגוי אַזוי ענג און פאַרפּעסטעט, ווי אין מצרים, עס איז קיין אייראָפּע אַריינגעדרונגען די אַמביציע נאָכצומאַכן אין אַלץ די אַלטע עגיפּטער; און אַ ווונדער איז נאָר, פאַר וואָס מ'האָט דאַן — אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט לויט דער געוויינלעכער צייט־רעכענונג — נישט אָנגעהויבן צו רעדן אין דער שפּראַך פון פרעה מלך מצרים, צו שרייבן מיטן כתב פון פרעה מלך מצרים, ווייל געטראַכט און געדענקט האָט מען דאַן אין אייראָפּע געגוי אַזוי, ווי מען האָט געטראַכט און געדענקט אין לאַנד פון פרעה מלך מצרים...

ווי אופן מוסטער פון אור־אַלטן מצרים, זענען אין אייראָפּע אויפגעקומען פרעהס מיט אומבאַגרענעצטער מאַכט, וואָס זענען ווי אָפּגעטער פאַרערט געוואָרן; ווי אופן מוסטער פון מצרים, זענען אַנטשטאַנען רעזשימען פון טיראַניע; ווי אויפן מוסטער פון מצרים איז אויסגעוואַקסן אַן עבודה זרה צו מאַכט, אַ ווילדער געצנ־דינערישער גלויבן, אַז רויע, פיזישע מאַכט איז די איינציקע אויטאָריטעט אין דער געזעלשאַפט, און פאַר דער מאַכט מוז בטל ווערן די מאָראַל און די גערעכטיקייט דאַרף זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל.

אויף דעם מאָדעל פון מצרים איז פאַרוואָרפן געוואָרן דער געדאַנק, אַז אַלע פון אַ מאַמעס שויס געבוירענע זענען גלייך, אַז דער מענטש האָט רעכט צו פריי־הייט, אַז דער שוואַכער האָט געגוי אַזאַ רעכט צו לעבן ווי דער שטאַרקער.

אמת: אייראָפּע האָט די זאַכן אָנגעקליידט מיט נעמען, וואָס זענען אין עגיפּטן נישט באַקאַנט געווען. אין מצרים האָט מען געזאָגט: פרעה. אין אייראָפּע: דיקטאַ־טאָר. אין מצרים: מאָנאַרכיע. אין אייראָפּע: טאָטאַליטאַריזם; אין מצרים איז דער אָפּגאָט געווען: אָזיריס. אין אייראָפּע: ריינע ראַסע. אָבער ס'איז דאָס זעלבע, מיינע ליבע פריינד, דאָס זעלבע...

וואָרום באַטראַכט אייך מיינע חשובע צוהערערס: צי איז נישט אין מצרים צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אַנטשטאַנען די טעאָריע, וואָס האָט שפּעטער אַזאַ אָפּקלאַנג געפונען אין אייראָפּע, אַז — „פרייהייט איז אַ יידישע דערפינדונג"? — איז נישט אין מצרים אויסגעוואַקסן די „פילאָסאָפיע", אַז די „מלוכה" איז אַלץ, און דער מענטש איז גאָרנישט. דער מענטש איז בלויז אַ געוועריקצייג אין דער מלוכה־מאַשין, אַ סאָלדאַט, אַ פּיראַמידן־בויער, אַ הורא־ליאַרעמער? — איז נישט אין מצרים אויפגעשטעלט געוואָרן די אידעאָלאָגיע, אַז די קאָנסטרוקציע פון דער מלוכה איז ווי אַ לייטער, אויף וועלכן עס גייען טרעפּ פון אויבן ביז אונטן — גאָר אויבן זיצט — פרעה, דער וואָס פאַרקערפּערט אין זיך מכלומרשט דעם ווילן פון פאָלק, וואָס זיינע אַמביציעס און משוגענע נייגונגען זענען אַנטשיידנדיק פאַר דעם לעבן און טויט פון אַלעמען. — ווייטער אויפן לייטער פאַרנעמען אַן אָרט

די חרטומים, די הויף־פּאָליטיקערס, די האָקוס־פּאָקוס־לייט, און דאַן, סאַמע אונטן — די מאַסע, וואָס איז רעכטלאָז, פאַרשקלאַפּט, דערנידעריקט, די מאַסע וואָס האָט נישט קיין ברויט און קיין פרייהייט. וואָס איר אויפגאַבע איז: א) צו צאָלן שטייערן, ב) זיין געהאָרכזאַם, און ג) אין טעג פון פּאַראַד ליאַרעמען: זאָל לעבן! אונדזער פּרעה, דער פּרעה, וואָס איז גרויס און קלוג און שיין און גוט און געניאַל!... איז נישט אין מצרים צום ערשטן מאָל אין דער היסטאָריע דער רעגירונג־סיסטעם אויסגעבויט געוואָרן אויף גייסטלאָזיקייט, ווילקיר און סאָלדאַטישער דיסציפּלין? — און איז דען נישט די שפּעטערדיקע אייראָפּע, איר מעכאַנישע ציוויליזאַציע, אַלץ מיט אַנאַנדער, געוועזן טאַקע נאָר אַ גענויע קאָפּיע פון מצרים?...

דערצו: בימים ההם, אין יענע טעג, ווען אייראָפּע האָט זיך געגליטשט צו באַנקראָט, איז די אייראָפּעיִשע הערשערס באַפאַלן ממש — אַ מלחמה־שגעון. אויך דאָס איז אַ נאָכמאַכונג פון עגיפּטן. די עגיפּטישע פּרעהס זענען געווען קריגעריש. אַזאַ פּרעה ווי רעמסס דער צווייטער, האָט כמעט אַלע יאָרן פון זיין לעבן פאַר־ברענגט אויפן שלאַכטפעלד. געליטן פשוט אויף דער מאַניע פון „באַהערשן די וועלט"... ווען מיר בלעטערן די געשיכטע פון עגיפּטן, שווינדלט אַזש אין די אויגן פון דער צאָל פעלקער און שבטים, וואָס זענען דורך איר אונטערגעיאָכט געוואָרן. דאָס זעלבע בילד וואַקסט אויס מישנדיק די בלעטער פון דער געשיכטע פון אייראָפּע. רויך און בלוט. פייער און בלוט...

יאָ, איך מוז צוגעבן. מ'האָט נישט בלויז מיט פלייס געאַרבעט אין אייראָפּע אויפן ווערק פון פאַרניכטונג און צעשטערונג — מ'האָט דאָרט אויך געבויט. ביטע, מיינע פריינד. אָט שטויבט זיך איצט אין אונדזערע אויגן דאָס פּרוכנע פון אַמאָ־ליקע אימפּאָזאַנטע אייראָפּעיִשע געביידעס. מ'האָט אין אייראָפּע אויפגעבויט טונעלן, וואָקזאַלן, פעסטונגען, פּאַלאַצן, אָבער די דאָזיקע אַלע גיגאַנטישע בנינים זענען ווייט נישט קיין עדות פון עכטן אויפשטייג, ערשטנס, זענען זיי אַלע געווען אין דער דינסט פון בייז און האָבן כמעט אַלע געהאַט אַ מיליטערישן כאַראַקטער; און צווייטנס, זענען זיי צוועקלאָז געווען פאַר די ברייטע מאַסן פון דער באַפעל־קערונג. ס'איז געווען אַ בויען לשם אימפּאָנירן כדי צו קענען זיך „באַווייזן" פאַר דעם שכן, ווי גיגאַנטיש מען איז, ווי מאַיעסטעטיש מען איז, ווי מעכטיק... די פּלענער פון בויען זענען אויסגעלייגט געוואָרן אויף יאָרן. מ'האָט דאָס גערופן: פינף־יאָר־פּלאַן, „פּיאַטילעטקע", פיר־יאָר־פּלאַן... און געשען איז: נאָך אַזאַ פאַר־ענדיקטן פּלאַן זענען אַ שפּאָר ביסל פרישע טונעלן און געביידעס אויסגעוואַקסן, אָבער דאָס פאָלק איז נאָך מער דערדריקט געוואָרן. נאָך מער עלנט, נאָך מער פאַרפּייניקט און אויסגעמאַטערט... ווי אין מצרים. ווי ביי די פּרעהס. וואָרום קענט איר מיר אפשר דערקלערן, צוליב וואָס זענען אין אַמאָליקן עגיפּטן די פּיראַמידן און די פאַרשידענע פּיתום ורעמסס־פעסטונגען אויפגעבויט געוואָרן? צוליב וואָס האָבן הונדערטער טויזנטער מענטשן אין אוראַלטן עגיפּטן געטראָגן שטיינער פון

די אַראַבישע בערג, געפּירט זיי אויפן טייך נילוס, טראַנספּאָרטירט אין מידבר אַריין, אַרומגעהאַקט, באַאַרבעט, אָנגעקליבן? — צי זענען די שטיינער די אָנגע־קליבענע ווערט געווען, אַז אַזוי פיל שוויס און בלוט זאָל אין זיי באַגראָבן ווערן, אַזוי פיל טרערן, אַזוי פיל הונגער־טעג און קאָשמאַר־נעכט? — זענען דען ציגל וויכטיקער ווי מענטשלעך גליק? — און נישט אין מענטשלעכער שמייכל ווערט־פולער, ווי טויזנטער אָנגעקליבענע שטיינער? — אָבער סיי אין עגיפּטן, סיי שפּע־טער אין איראָפּע, האָט מען געזאָגט: ציגל זענען וויכטיקער ווי מענטש.

מיינע פריינד! די שטעט אין איראָפּע זענען קאָלאָסאַלע געווען, אָבער הינטער זייערע מויערן האָט געבושעוועט, ווי אין מצרים, די פּעסט פון רשעות; הינטער די מויערן האָט געווילדעוועט אַ תוהו־ובוהו פון וויסטע אידעען; הינטער די מויערן האָט גרויזאַמקייט געהערשט. און כאַראַקטעריסטיש: דער ביטערסטער צאָרן פון דער אויפן ראַנד פון אָפּגרונט שטייענדיקער איראָפּע, האָט זיך אויס־געגאָסן אויף די זעלבע וועלכע עס האָט זיך אויסגעגאָסן דער צאָרן פונעם דיקטאַ־טאָרישן עגיפּטן. דאָס לעבן פון די יידן איז אין איראָפּע בימים ההם אין אַ גרויזאַמער טראַגעדיע פאַרוואַנדלט געוואָרן. די יידן זענען דאָך „פרעמדע" און דערצו: די שוואַכערע... מיינע פריינד! אויב עס צווייפלט ווער פון אייך, צי מיין פאַרגלייך צווישן מצרים און איראָפּע איז טרעפלעך און צי זיי זענעןווירקלעךביידע געווען ענלעך איינע צו דער אַנדערער ווי צוויי טראָפּן וואַסער, זאָל ער אַדורכפירן אַן אַנאַלאָגיע פון דער יידישער לאַגע אין מצרים און דער יידישער לאַגע אין איראָפּע. דאָ און דאָרט וועט ער באַגעגענען דעם זעלבן — „הבה נתחכמה", דאָ און דאָרט — דעם פּראָגראַם פון טייוולאַנישער אויסראָטונג, דאָ און דאָרט — „ויהי בימים הרבים ההם" — און עס איז געווען אין יענע טעג — ויאנחו בני ישראל מן העבודה ויזעקו" — האָט יידישער וויי, יידישער פּיין צום הימל געשריִען...

מיינע פריינד! איראָפּע איז אַ קאָלאָס פון טעכניק געווען. אין די ערשטע צייטן פון איר אַנטוויקלונג, פּונקט ווי אין מצרים אין דער ערשטער תקופה פון אויפשטייג (ווען עס איז מעגלעך געווען, אַז דער „פרעמדער" דער ייד יוסף, זאָל צו דער מאַכט דערהויבן ווערן!), האָבן נאָך אַנדערע ווערטן אויך עקזיסטירט. אָבער דערנאָך איז זי געוואָרן בלויז — טעכניק. זי האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון פאַרשקלאַפונג ביי דער מאַטעריע; און אָט אַזעלכע מלוכה־אָרגאַניזמען מוזן צעפרעסן און פאַרצערט ווערן; זייער מעכאַניק הערט אויף צו פונקציאָנירן; די „שרייפלעך" ווערן קאַליע, און אוממעגלעך מער זיי צו פאַרריכטן...

צעשטערט מוז ווערן די ציוויליזאַציע וואָס איר פונדאַמענט איז צעפוילט, וואָס רויבט ביים מענטש אַוועק זיין פרייהייט, די ציוויליזאַציע, וואָס דינט צו בלוט, מאַכט און וואַנזין...

מיינע פריינד! מיר שפרייזן איצט איבער די חורבות פון אַן אַמאָליקער ריזן־שטאָט, בערלין. האָט זי געהייסן, די רעזידענץ געוועזן פון דער מלוכה וואָס האָט מיט באַזונדערערליידנשאַפט אַריבערגעפירט קיין אייראָפּע דעם סיסטעם פון מצרים. שטיינער און אָפּגעבראָכנטע ציגל זענען פון דער רעזידענץ פאַרבליבן. באַטראַכט, מיינע פריינד, די רויִנען, פאַרטראַכט זיך, אָבער מאַכט דאָס גיכער, מיר האָבן נאָך אַ לאַנגע רייזע פאַר זיך. מאָרגן דאַרפן מיר באַזוכן די חורבות פון רוים!...

## פּרעהס טאָכטער — באַטשע פּסיטו

זי איז אַן עגיפּטערין געווען, און דאָך נישט ווי אַלע עגיפּטערס און עגיפּטערינס צו יענער צייט. זי איז אַ פּרינצעסין געווען אין מצרים, און פּאַרט נישט ווי די פּרינצן און פּרינצעסינס אין מצרים צו יענער צייט. זי איז פּרעהס טאָכטער געווען, אויסגעוואַקסן ביי אַ קעניג, וואָס יעדער מענטשלעכער געפיל איז אים געווען פרעמד, אויסגעוואַקסן אונטער דער אויפזיכט פון חרטומים, פון הויף־גלחים, וואָס האָבן זיכער אַלע מיטלען אָנגעווענדט אַריינצוברענגען אין דער קעניגלעכער טאָכטער די לערע פון שׂנאה צום מענטש און פאַראַכטונג צום שוואַכן, די „לערע" וואָס איז אַזוי פּאָפּולער געווען אין לאַנד מצרים צו יענער צייט. אָבער זי איז דאָך אַן אַנדערע געווען, אַן אַנדערע ווי פּרעה, אַן אַנדערע ווי די הויף־סביבה.

פּרעה האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז אַלע יידישע פריש־געבוירענע יינגלעך מוזן דערטרונקען ווערן אין טייך. אָבער פּרעהס טאָכטער ראַטעוועט אַזאַ יידיש קינד —משהן — אַרויס פון וואַסער. מער: זי לאָזט רופן אַ יידישע אַם, זי באַצאָלט פאַרן אויפהאָדעווען דאָס קינד פון די עברים, זי נעמט דערנאָך דעם עברי אין קעניגלעכן פּאַלאַץ אַריין. אינעם פּאַלאַץ, ווו עס ווערן די מוראדיקסטע גזירות קעגן יידן אויסגעאַרבעט. אינעם פּאַלאַץ, ווו עס ווערן די קייטן פון פאַרשקלאַפונג פאַר די יידן געשמידט, אינעם פּאַלאַץ, ווו עס ווערט אַלץ געטאָן, כּדי די עברים צו פאַרפּייניקן און דערנידעריקן...

אירע ראַטגעבערינס, די הויף־דאַמען, פּרוּוון איר אויפמערקזאַם מאַכן אויף דער משונהדיקייט פון אַזאַ האַנדלונג. זיי וואָרענען אויך פאַר די פאַטאַלע פאָלגן צו וועלכע דאָס קען דערפירן, קען דען נישט די פּרינצעסין מיטן קאָפּ דערפאַר באַצאָלן? — די ראַטגעבערינס זאָגן: „מאַדאַם! דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז ווען אַ קעניג גיט אַרויס אַ געזעץ, געפינען זיך אין זיין לאַנד אַ געוויסע צאָל ווידערשפּעניקע בירגערס, וואָס היטן נישט דאָס געזעץ; אָבער מיר האָבן נאָך נישט געהערט אַז די קינדער פון קעניג זאָלן גרינגשעצן דאָס געזעץ פון זייער אייגענעם פאָטער!"... (מדרש). ראַטעווען אַ יידיש יינגל — באַרעכנט זיך איר מאַיעסטעט, וואָס דאָס באַדייט? — אָבער פּרעהס טאָכטער הערט די וואָרע־

בונג, און טוט זיך אירס. זי גייט נאָך דער שטים פון איר האַרץ און זאָל מען רעדן אין פּאַלאַץ און אין לאַנד, וואָס מען וויל. זאָל מען מורמלען, אַז זי, די פּרינצעסין, פאַרנעמט זיך מיטן דערציִען יידישע קינדער! זאָל מען באַדיי די נעץ פון די געפּערלעכסטע אינטריגעס אַרום איר פּערזאָן שפּינען!...

איבער פּרעהס טאָכטער איז שוין אין דער יידישער ליטעראַטור אין די אַלטע צייטן אַ סך געשריבן געוואָרן; עס זענען געפאַלן דערקלערונגען איבער די מאָטיוון וואָס האָבן די עגיפּטישע פּרינצעסין געקענט שטויסן צו איר איידעלער, הומאַניטאַרער טאַט; אין די לעצטע פאַר יאָר איז אָבער צוגעקומען זייער אינטע־רעסאַנט מאַטעריאַל וועגן דער דאָזיקער מערקווירדיקער קעניגלעכער טאָכטער. די אויספאָרשונגען און אויסגראָבונגען וואָס ווערן אַדורכגעפירט אין עגיפּטן, האָבן באַרייכערט אונדזער וויסן וועגן דער מדינה פון די פּרעהס און אויך מכּוח פּרעהס טאָכטער האָבן די געלערנטע וואָס צו זאָגן. נייע שטריכן זענען צוגעגעבן געוואָרן צו איר פּערזענלעכקייט.

אין יידישע קוועלן, אין תּלמוד און אין מדרש, ווערן צווייערליי דערקלערונ־גען אָפּגעגעבן, פאַר וואָס פּרעהס טאָכטער האָט אַזוי און נישט אַנדערש געהאַנדלט.

איין דערקלערונג:

— די טאָכטער פון פּרעה האָט געטראָגן אין זיך דעם באַשלוס פולשטענדיק אַריבערצוגיין צו יידן און אָננעמען דעם יידישן גלויבן, „לרחוץ מגלגולי בית אבי".

בתיה — אַזאַ איז געווען דער נאָמען פון פּרעהס טאָכטער — האָט, הייסט עס, מער נישט געקענט לעבן צווישן די עגיפּטערס; אין איר איז אויסגעוואַקסן דער בונט קעגן דער עבודה זרה פון עגיפּטן, קעגן דער מצרישער אונטערדריקונג פון מענטש, קעגן דעם סיסטעם פון בלוטיקער טיראַניע; אין איר איז אַנטשטאַנען דער פאַרלאַנג צו פאַרלאָזן דעם רייכן, גרויסאַרטיקן, אָבער פּוסטן, פון יסוד צע־פוילטן, פּאַלאַץ און אַוועק צו די געררודפטע און געדערכטע, צו די, וואָס ווינען אין דער יידנשטאָט גושן...

פאַר דעם וואָס קען די געשיכטע פון אַלטערטום וועט דער דאָזיקער געגונג כאַראַקטעריסטישער און געגוג מערקווירדיקער פאַקט, נישט קלינגען אויסטערליש. געווען אין די צייטן פון אַלטערטום אַ סך פרויען, און דווקא פון קעניגלעכן אָפּשטאַם צי פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָבן געגאַרט אַריבערצוגיין צו יידן. פרויען, וואָס האָבן געקענט לעבן אין רייכטום און כּבוד, פרויען, וואָס האָבן גוט געוווּסט ווי ביטער און פאַרחושכט עס איז דאָס יידישע לעבן, אָבער קיין שום אָפּהאַלט און ניכטערע אויסרעכענונג איז נישט אין שטאַנד געווען אָפּצושוואַכן זייער באַגייסטערונג פאַר דעם יידנטום. מיט געוואַלדיקן ענטוזיאַזם האָבן די דאָזיקע פרויען זיך געריסן צום יידנטום, ווייל פיל שרעקלעכער ווי לייד

און פיין האָט פאַר די דאָזיקע טיף־עמפּינדלעכע פרויען זיך אויסגעוויזן צו לעבן — אַ לעבן אין פוסטקייט, אין מאָראַלישער געפאַלנקייט און עטישער פאַרווילדונג.

פרעהס טאָכטער האָט געוווּסט ווי „גלענצנדיק״ עס לעבט זיך די בני־ישׂראל אין לאַנד פון איר פאָטער; זי האָט געוווּסט, אַז פאַר די וואָס וווינען אין גושן האָט אַפילו די רוענדיקע הימל־בלויקייט אַ דראָענדיקע בייזקייט. זי האָט געוווּסט, אַז אויף די יידן קען פראַנק און פריי זיך אַראָפּלאָזן די בייטש פון יעדן נוגש, פון יעדן שייגעץ. אוממעגלעך אַז זי זאָל נישט אויך האָבן געזען די יידישע פרוי פון גושן, די אָן יאָרן אַלט געוואָרענע, די, וואָס זענען געצוווּנגען געווען זייערע קינדער אין טייך צו וואַרפן. אָבער דווקא דער גורל פון לייד האָט פאַר איר די יידן נאָך נענטער געמאַכט. ניין, זי וויל מער נישט, זי קען מער נישט לעבן אָט דאָ, אין דעם פּאַלאַץ, צווישן די קאַלטע שטיינער, צווישן די שלאַנגען־צישענדיקע חרטו־מים. זי וויל צו דער יידישער גאַס אַוועק און זאָל באַדיי דאָס ערגסטע, דאָס שרעקלעכסטע מיט איר געשען!

די צווייטע דערקלערונג פאַר די מאָטיוון צוליב וועלכע פרעהס טאָכטער האָט אַרויסגעראָטעוועט משהן איז:

— רחמנות...

זי האָט דאָס געוויין פון יידישן קינד דערהערט, ווי אינסטינקטיוו האָט זי אויך דערשפּירט, אַז דער, וואָס ליגט אין קעסטעלע, וועט צו אַ ווונדערמענטש אויסוואַקסן. איז זי פונעם געפיל פון מיטלייד באַהערשט געוואָרן: „ותחמול עליו״...

דער פונק פון גוטסקייט האָט זיך אין איר אָפּגערופן.

באין־אופן האָט זי ביי זיך נישט געקענט פועלן אַז דאָס קינד זאָל פאַרשלונגען ווערן פון די כוואַליעס.

און אויך דאָס — אַ קעניגלעכע טאָכטער איז נישט איינשטימיק מיט דער רשעות פון איר פאָטער, אַ קעניגלעכע טאָכטער דערבאַרעמט זיך אויף אַן עלנט יידיש קינד — איז דער נוסח פון די אַלטערטום־צייטן. אין דער נייער צייט אונ־טערשיידן זיך זייער ווייניק די פרויען און די טעכטער פון די ווילקיר־הערשערס פון זייערע מענער אָדער פאָטערס. אין דער נייער צייט מאַרשירן נאָך אין פיל פאַלן און ביי פיל גזירות־פּראָיעקטן די מאַדאַמען פאָרויס. אין אַלטערטום זענען אַנדערע טיפּן געווען.

דאָס רחמנות פון אַ פרעה־טאָכטער שמעקט בפירוש מיט פאַרצייטנס; עס שמעקט מיט מטרוניתאס — זייער ווירדיקע פרויען פון דער אַריסטאָקראַטיע — צו וועלכע יידן פלעגן אין אַן עת־צרה זיך ווענדן נאָך הילף; עס שמעקט מיט אַ תקופה ווען מיטלייד האָט זיך נאָך צו קעניגלעכע טעכטער פאַרוואַלגערט...

פרעהס טאָכטער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין די פאָרשונגען וואָס זענען לעצטנס געשריבן געוואָרן דורך די בעסטע מצרים־קענער.

און עס ווייזט זיך אויך פון דאַנען אַרויס: פרעהס טאָכטער איז ווירקלעך געווען אַן אַנדערע ווי אַלע דעמאָלט אין לאַנד מצרים. אַן אַנדערע ווי פרעה, אַן אַנדערע ווי איר גאַנצע סביבה.

אין ליכט פון די נייע אַנטדעקונגען דערשיינט פרעהס טאָכטער ווי אַ זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט.

די לעצטע אויסגראָבונגען באַווייזן אַז זי האָט אין עגיפּטיש געהייסן: באַטשע פסיטו.

די פּרינצעסין באַטשע פּסיטו האָט אין קעגנזאַץ צו איר פאָטער און פאַמיליע זיך פאַראינטערעסירט מיט דער לאַגע פון די אונטערדריקטע מאַסן; זי איז צווישן די מאַסן געווען באַליבט; איר נאָמען איז מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנט געוואָרן אין די אָרעמע, פאַרחוֹשכטע געסלעך.

דערפאַר אָבער איז זי פאַרהאַסט געווען אין קעניגלעכן פּאַלאַץ.

די סוויטע פון פרעה האָט צו דער פּרינצעסין באַטשע פסיטו זיך פיינטלעך באַצויגן.

די סוויטע פון פרעה האָט געהאַלטן אַז די פּרינצעסין באַטשע פסיטו קאָמ־פּראָמיטירט מיט אירע אָנשויונגען, מיט אירע טאַטן און האַנדלונגען, דאָס „הויכע" הויז פון קעניג פון מצרים.

באַטשע פסיטו האָט רעכט געהאַט צו פאַרנעמען דעם עגיפּטישן טראָן; זי איז געווען אויפן פּאַל פון פרעהס טויט דער הויפּט־באַרעכטיקטער יורש; אָבער די הויפּט־סוויטע האָט אינטריגירט קעגן דער פּרינצעסין. פרעה האָט די רעכט צום טראָן אָוועקגענומען ביי דער טאָכטער. ער איז, משמעות, געווען אין דער איבערצייגונג, אַז פאַר מצרים וואָלט עס ווירקלעך געווען אַ וויסטע חרפּה ווען זי, באַטשע פסיטו, די, וואָס חברט זיך מיט די אָרעמע, די „יידן־פריינדין", זאָל איבער דעם לאַנד רעגירן.

די מצרישע כראָניקערס גיבן אויך איבער, אַז ווען די פּרינצעסין באַטשע פסיטו איז אָוועק פון עגיפּטן (ווי מיר וויסן פון יידישע קוועלן, איז זי אָוועק צוזאַמען מיט די יידן און געוואָרן שפּעטער די פרוי פון כלב בן יפונה), איז די ווילדע העצע קעגן איר נאָך מער פונאַנדערגעבלאָזן געוואָרן.

זי האָט אַ „חרפּה" אַרויפגעברענגט אויף פרעהס הויז.

מיט ווילדער נקמה איז איצט געפאַלן דער באַשלוס אויסצוראָטן פון לאַנד מצרים דעם אָנדענק פון דער פּרינצעסין באַטשע פסיטו.

עס זענען צעבראָכן געוואָרן די מאָנומענטן וואָס זענען דורך דעם אָרעמען פאָלק פאַר איר אויפגעשטעלט געוואָרן; עס זענען צעלייגט געוואָרן די געביידעס וואָס האָבן איר נאָמען געטראָגן; עס איז צעשטערט געוואָרן יעדער פעלדז, יעדער

שטיין, אויף וועלכן עס זענען געווען אויסגעקריצט די ווערטער „באַטשע פסיטו״; עס איז פאַרשמירט געוואָרן מיט פאַרב די מויער פון וועלכער איר נאָמען — איר „שרעקלעכער״ נאָמען — האָט אַראָפּגעקוקט.

אַפילו אויף די „סקאַריבייען״ — די אַרכיטעקטור־אָרנאַמענטן — וואָס זענען לעצטנס אויסגעגראָבן געוואָרן און וואָס שטאַמען פון יענער תקופה, האָט מען געפונען דעם נאָמען „באַטשע פסיטו״ צעקלאַפּט, צעקראַצט.

מיט אומהיימלעכער, סאַדיסטישער גרינטלעכקייט איז אָפּגעמעקט געוואָרן אין מצרים דער נאָמען פון דער פרינצעסין, וואָס איז נישט אין די וועגן פון איר פאָטער געגאַנגען, וואָס האָט געטראָגן מיטגעפיל צום שוואַכן און אָרעמען, וואָס האָט אַ יידיש קינד אַרויסגעראַטעוועט פון טייך...

פרעהס טאָכטער — בתיה־באַטשע־פסיטו — איז איינע פון די מערקווירדיקסטע פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון אַלטן מצרים.

## צו גאַסט ביי די פּרעהס

### 1

אַז די פּרעהס זענען געווען רייך, שטאַרק, מעכטיק, אַז די עגיפּטישע ציוויליזאַציע איז געווען זייער אַנטוויקלט, אַז דאָס פּרוכטבאַרע שטיק ערד, וואָס איז באַוואָסערט געוואָרן פון נילוס איז געווען אַ וויכטיקער פּונקט אין דער מאַטע־ריעלער קולטור מיט טויזנטער יאָרן צוריק — דערין לייקענען מיר נישט.

ווער דען וועמען פון אונדז איינפאַלן נישט מודה צו זיין, אַז די מענטשן וואָס האָבן געוווינט אין מצרים מיט אַן ערך פיר טויזנט יאָר צוריק, האָבן דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין דער מלוכה־אָרגאַניזאַציע, אַז זיי זענען געווען מייסטערס אין דער קונסט פון אַרכיטעקטור, אַז די, וואָס האָבן געבויט די פּיראַמידן, זענען אויך געווען גרויסע מומחים אין צייכענען, אין סקולפּטור און אין קריג־קונסט און אין סטראַטעגיע?

מיר זאָגן בלויז:

עד כאן. די מצרים האָבן טאַקע געשאַפן איינע פון די ערשטע ציוויליזאַציעס וואָס די וועלט פאַרמאָגט, אָבער — עפּעס אַנדערש איז ציוויליזאַציע און עפּעס אַנדערש איז קולטור. עפּעס אַנדערש איז טעכניק און עפּעס אַנדערש איז גייסט.

מיר זאָגן: עגיפּטן איז געווען דאָס לאַנד פון די פּיראַמידן, פון די חרטומים, פון די ספינקסן, אָבער אויך דאָס לאַנד פון גייסטיקער פּרימיטיוויקייט, פון מאָראַ־לישער צעפּוילטקייט, פון רציחה און טיראַני. אין מאָראַלישן זין זענען די מצרים געשטאַנען אויף זייער אַ נידעריקער שטופע. זיי האָבן געזונקען אין פינצטערניש, אין חיהשקייט און אין רויער, גראָבער מגושמדיקייט.

אַזוי זאָגן אויך אַלע וואָס האַלטן, אַז געשיכטע דאַרף דערציילן דעם אמת, אַז געשיכטע, „די מייסטערין פון לעבן", דאַרף קודם־כל זיין — אַ געטרייע אָפּשפּיג־לונג פון לעבן.

אַזוי זאָגן אָבער נישט יענע, וואָס פעלשן און פאַרדרייען די היסטאָרישע פאַקטן, יענע, וואָס שרייבן געשיכטע מיט אַ יידן־פיינדלעכער טענדענץ און בייז־וויליקער כוונה.

מיר זענען אַן אַלט פאָלק און אַזוי לאַנג ווי עס ציט זיך אונדזער געשיכטע, אַזוי לאַנג איז אויך דער קאַמף קעגן אונדז און קעגן אונדזער אמונה. דער גריי־

כישער פּאַמפלעטיסט, וואָס האָט געוווינט אין אַלעקסאַנדריע, דער אויסוווּרף אַפּיאָן האָט נאָך אין די ווייטע צייטן זיך פאַרנומען מיט דער זעלבער מלאָכה, מיט וועלכער עס פאַרנעמט זיך היינט געבעלס. ער איז געווען אַ „וויסנשאַפטלעכער" אַנטיסעמיט און געפירט אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע. אַפּיאָן האָט געשריבן, אַז פיינט האָבן יידן מוז מען צוליב זייער תורה, צוליב זייער מאָראַל... ניין, מיר וועלן נישט נתפּעל פון העסלעכע אַנגריפן קעגן אונדז און פון די נישט וויניקער העסלעכע אַטאַקעס קעגן אונדזער וועלט־אַנשויונג!

דער פילאָזאָף שאָפּענהויער האָט זיך אין אַ מאָמענט פון אויפריכטיקייט אַרויסגערעדט, פון וואַנען עס נעמט זיך אַזוי פיל שׂנאה צו אונדז. ווי אַזוי קענען מיר נישט זיין פאַרביטערט — שרייבט דער דאָזיקער שׂונא ישׂראל — ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז מיר האָבן געמוזט לערנען רעליגיע ביי יידן. וואָס פאַר אַן אומגליק — רופט ער אויס — אַז נישט דאָס פאָלק וואָס זיין קולטור דינט אַלס יסוד פון אינדיע און נישט פון גריכנלאַנד, נאָר גראָד די יידן, וואָס פאַר אַ האַרץ־ווייטאָג.

דווקא די יידן! — וויפל ליידן, מיינט איר, פאַרשאַפט אַזאַ פאַקט, דעם פּראָ־פעסאָר זיעלינסקי? יידן האָבן בביאים געהאַט, יידן האָבן דער וועלט אַ רעליגיע געגעבן — דער אַלטער פּראָפעסאָר איז קראַנק פון צרות. זייער לאַנג שוין ווי ער באַמיט זיך צו באַווייזן, ווי ווייט די העלענישע קולטור שטייט העכער פון דער יודעיִשער, ווי ווייט די העלענישע קולטור האָט איבערגעלאָזט טיפערע שפּורן אין קריסטנטום, ווי די יודעיִשע און ווי ווייט די יידן האָבן קיין שום שעפערישע קראַפט נישט אַרויסגעוויזן — אָבער פילט ער דען אַליין נישט אַז זיין גאַנצער „בנין" מישטיינס געזאָגט, שטייט אויף הינערשע פיסלעך? און ווי ווייטאָגלעך מוז פאַר אים זיין, וואָס אַפילו די קאַטוילישע גייסטלעכע, די גלחים, פּראָטעסטירן קעגן זיינע אויספירן, קעגן זיין אָפּלייקענען דעם טיפן חותם, וואָס יידן האָבן איבערגעלאָזט אויף דער איראָפּעיִשער קולטור...

און וואָלטן מיר נאָר געווען אַ ביסל מער אויפגעלייגט, וואָלטן מיר זיך נאָר געפונען אין אַ בעסערער שטימונג, וואָלטן מיר זיכער וועגן דעם אַלעם גערעדט מיט אַ שמייכל.

דאָס איז טאַקע געווען איינס פון די אויפטועכצן פון די „ביבל־קריטיקערס", אייגנטלעך — זייער עיקר־אויפטו: צורויבן ביי די יידן זייער גרויסקייט, פאַר־לייקענען זייער היסטאָרישע שליחות אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענטשהייט.

ווי אַזוי מען טוט דאָס?

עס קלינגט ווי אַ כעלעמער מעשׂה. די דאָזיקע וועלט־חכמים האָבן זיך אַוועק־געזעצט אויף זיבן טעג און זיבן נעכט, זיך באַראַטן, אַרומגערעדט די זאַך, און געקומען צום אויספיר:

מען דאַרף איין זאַך טאָן: אַרויס אין גאַס און שרייען הויך, בקול רם, אַז יידן זענען — גנבים... אַלץ, וואָס איז אין יידנטום גרויס און דערהויבן, איז נישט יידיש. עס איז געגומען פון דער פרעמד. עס איז געראוּבט ביי אַנדערע אַלטע פעלקער. די אידעען, וואָס יידן האָבן געברענגט, זענען נישט זייערע אייגענע, נאָר געגזלט ביי עמעצן אַנדערש.

די וועלט־חכמים האָבן צוגעפּינטלט מיט די אויגן און באַוואונדערט זייער אייגענעם „געניאַלן" איינפאַל:

און וועלן נאָר די יידן געשטעמפּלט ווערן אַלס גנבים, דאַן ווערן מיר דאַך ממילא שוין באַפרייט פון יידישן איינפלוס. דאָס אַלץ, וואָס מען רופט היינט אַן „יידיש", איז „באמת" גענומען פון בבל, פון מצרים, פון אַשור, פון רוים פון האַנאָלולו...

און מען האָט זיך גענומען צו פאַרשן די ביבל.

דער דייטשער פּראָפעסאָר דעליטש האָט געמאַכט די סענסאַציאָנעלע „אַנט־דעקונג" אין זיין פּאַמפלעט „ביבעל און באַבעל", אַז אַלץ, וואָס יידן פאַרמאָגן גייסטיק איז גענומען פון בבל. יידן האָבן דעם עיקר פון זייערע גרויסע אידעען געשעפּט ביי דעם קעניג פון בבל — האַמוראַבי... למאי נפקא מינה? — פרעגט פּראָפעסאָר דעליטש. — אָט טאַקע כדי צו זען „באַשיימפּערלעך" אַז נישט מיט רעכט פאַרנעמט דער תנ"ך אַזאַ צענטראַלן אָרט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אַז עס איז נישט אמת, אַז יידן האָבן אַרויסגערופן אַן איבערקערעניש אין דער וועלט מיט זייערע געדאַנקען, מיט זייער אמונה, מיט זייערע שריפטן. זייערע? — צאָרנט זיך דער דייטשער געלערנטער — די דאָקומענטן וואָס מען האָט געפונען, די פאָרשונגען וואָס מען האָט געמאַכט באַווייזן, אַז נישט דאָס יידישע פאָלק האָט גרויס געמאַכט דאָס גייסטיקע פאַרמעגן פון דער מענטשהייט, נאָר די אומה פון בבל. זי דאַרף געקרוינט ווערן אַלס וועלט־לערער...

עס איז צו באַדויערן, וואָס תיכף האָבן זיך געפונען ביי אונדז שמענדריקעס, וואָס האָבן דעליטשעס שקרים אָנגענומען פאַר ערנסטע פּראָפעסאָרישע חקירות. זיי האָבן אַ זאָג געטאָן:

— וואָס, מען גייט קרוינען די בבלים? אויב קרוינען, זענען מיר די ערשטע צו דער צערעמאָניע!

האָט מען אויסגעגראָבן דעם אַלטן מלך האַמוראַבי מיט זיין „צילינדער". אונדזערע „ביבל"־קריטיקערס" האָבן זיך נאָמינירט פאַר זיינע אַדיוטאַנטן, און מען האָט זיך מיט אים אַ לאָז געטאָן איבער דער וועלט מיט געזאַנג און — פרייד און געפּויק.

אָבער גייענדיק אַזוי אויפן טריומף־שפּאַציר מיטן מלך פון בבל און אויס־הערנדיק זיינע קלוגע רייד, האָט איינער, אַ שטיקל אויפריכטיקער מענטש, אויס־געשריגן:

— ניין, איך גיי נישט ווייטער. איך מאַך מער נישט מיט די שפּיל. דער דאָזיקער האַמוראַבי איז מעגלעך זייער קלוג, אָבער מאָראַליש איז ער? פון עטיק ווייסט ער? איך קען מער אייער שווינדל נישט פאַרטראָגן.

איז געוואָרן אַ שטיקל מהומה צווישן דער קעניגלעכער סוויטע. עס זענען אָפּן אַרויסגעקראָכן די כּוונות פון די גויִישע פאָרשערס צו פאַרקלענערן דעם ווערט און באַדייטונג פון דער יידישער דאָליע, בלאָס צו מאַכן די יידישע גרויסקייט און די יידישע פאַרדינסטן.

האָט זיך שוין איצט דאָס ביסל שמענדריקעס אָפּגעקערט פון דער פרעמדער חתונה? האָבן זיי שוין ענדלעך פאַרשטאַנען, ווי ווייט זיי זענען פאַרקראָכן?

ניין, אונדזערע ביבל־קריטיקערס האָבן ווייטער מיט דביקות פאַרגלאָצט די אויגן און געזונגען הימנען צו דער אומה פון נבוכדנצר...

דער מלך האַמוראַבי האָט געליטן אַ מפּלה. די צעפּלוישטע לעגענדע וועגן זיין „גרויסן גייסט” האָט געפּלאַצט ווי אַ זייפנבלאָז. האָט זיך שוין דאַן ליקווידירט די פאַבריק פון די שקרנים און רשעים?

עס איז אויף ס׳ניי געוואָרן לעבעדיק אין דער מחנה, אַז נישט האַמוראַבי, זאָל זשע זיין פּרעה!

און מען האָט געפּליסטערט מיט אַ זיפץ און געווישט זיך די קראָקאָדיל־טרערן:

— פּרעה, אָך, דער אָרעמער פּרעה!

און חברות זענען אומעטום געגרינדעט געוואָרן, כּדי זיך אָנצונעמען פאַר דעם באַליידיקטן כּבוד פון די פּרעהס.

נישט אומזיסט — האָט מען דערקלערט — האָט דער חומש אין אַזעלכע שוואַרצע פאַרבן געמאָלט די קעניגן פון מצרים. דאָס איז געמאַכט געוואָרן בכיוון. די יידן האָבן געוואָלט באַשמוצן די עגיפּטערס, ווייל — אין דער אמתן האָבן זיי באַרויבט מצרים, זיי האָבן ביי די עגיפּטערס צוגענומען דעם מאָנאָטעיִזם, דעם גלויבן אין איין באַשעפער.

ווי אַ ביין אין האַלדז שטייען מיר זיי, ווי אַ דאָרן אין די אויגן זענען מיר פאַר זיי.

און עס איז נעבעך אַ ביטער רחמנות צו קוקן, ווי זיי קרעקען זיך און וואַרגן זיך און ראַנגלען זיך מיט דעם צושטייער, וואָס יידן האָבן צוגעטראָגן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. ממש „צער בעלי חיים”...

פיינד האָבן אונדז, האַסן, רודפן, שלאָגן, פאַרפאָלגן — און דערביי נאָך ציִען יניקה פון אונדזער קולטור, זיין געצוווּנגען צו פאַרערן אונדזערע גייסטיקע אוצרות.

— קען דען אַ גרעסער חוזק געטריבן ווערן פון די שונאי ישראל?

און וואָלט צוליב דעם דאָס בלוט נאָך שאַרפער נישט אויפגעקאָכט ביי זיי, און וואָלטן זיי נישט צוליב דעם צעיושעט געוואָרן און געהעצט צו ווילדער נקמה, דאַן וואָלטן מיר געקענט קוקן אויף זייערע געראַנגלען קעגן דעם יידישן מקור מיט דער גרעסטער סאַטיספאַקציע.

און עס וואָלטן זיכער פונקען פון געמיטלעכער איראָניע געבליצט פון אונ־דזערע אויגן, ווען מיר וואָלטן דערציילט:

— שוין פון טויזנטער יאָרן ווערן געמאַכט פרוּוון אָרונטערצורייסן דעם תנ״ך, נישט בלויז אויפן יידישן פאָלק ווערט געוואָרפן שמוץ, נאָר אויך אויף זיין ספר־הספרים. שקרים ווערן פאַבריצירט, העסלעכע בלבולים ווערן אויסגעטראַכט, גיפ־טיקע פיילן ווערן געצילט. מכלומרשט, ווערט דער קאַמף קעגן דער יידישער אמונה איינגעהילט אין אַ „וויסנשאַפטלעכן" דעק־מאַנטל, אָבער די רשעותדיקע יידן־פיינדלעכע צילן שטאַרן אַרויס געגנוג בולט.

מען שטעלט זיך פשוט אויפן קאָפּ צו באַווייזן, אַז די מענטשהייט, אַז די איירָאפּעיִשע פעלקער האָבן גאָרנישט געגומען ביי יידן... מען וויל זיך באַדיי חברן מיט די האָטענטאָטן, אַבי נישט „באַשמוצט" צו ווערן מיטן יידישן פלעק.

די טעאָריעס, וואָס די דייטשע ראַסיסטן פּרעדיקן היינט, זענען נישט אָריגי־נעל. וואָס, זיי דערקלערן, אַז דער קולט פון די גערמאַנישע אָפּגעטער וואָטאַן און דאָנאַר איז אַ פיל העכערער ווי דער קולט פון תנ״ך? אַז די עטיק פון די גערמאַ־נישע סאָלדאַטן און נאָרדישע מענטשן־פּרעסערס איז געשטאַנען העכער ווי די עטיק פון די יידישע נביאים? וואָס, זיי טרייסלען זיך אָפּ פון דער יידישער קול־טור־ירושה כדי זיך אומצוקערן צו די מידות טובות פון די אַלטע גערמאַנער? — מיר האָבן שוין די זעלבע עקספּערימענטן נישט איין מאָל געזען און די אייגענע דיבורים נישט איין מאָל געהערט.

נישט אומזיסט שרייבט דער חומש „וינצלו את מצרים"... נישט בלויז גאָלד און זילבער און קליידער האָבן די יידן צוגערויבט אין יענע פינצטערע טעג, אויך דעם גייסט, דאָס גייסטיקע עשירות, די קולטור האָבן זיי אַוועקגעפירט פון פיתום ורעמסס און דערנאָך חוצפּהדיק זיך געגרויסט אַז דאָס אַלץ איז זייערס. יידישע „שטיקעס", יידישע „באַרימערייען", יידישע „פּאַראַזיטישקייט"...

די מחנה פּרעה־פריינד איז זיך צעוואַקסן. ווער פאַרגינט עס דען יאָ יידן זייער גרויסקייט? ווער וויל דען נישט אָפּלייקענען אונדזער אָריגינאַליטעט?

פאַרשטייט זיך אַז מען האָט אין דעם שיינעם געזינדל באַמיט זיך אָריינצו־קריגן אויך עטלעכע עגיפּטאָלאָגן, וואָס זאָלן שטיצן די פאַרערונג צו פּרעהן אויף וויסנשאַפטלעכע יסודות, וואָס זאָלן מיט אַרגומענטן און ראיות ברורות באַווייזן, אַז אַלץ וואָס איז שיין, מאָראַליש, דערהויבן, איז אייגנטלעך אויפגעגאַנגען אין אַלטן מצרים.

די מצרים — שרייבט אַזאַ עגיפּטאָלאָג, פּראָפעסאָר ברעסטער — האָבן גע־

שאַפן אַ מעכטיקע, גייסטיקע קולטור, זיי זענען געווען די פּאָרויסגייערס פון דער מענטשהייט, ביי זיי האָט אויפגעשיינט „דער מאָרגנשטערן פון געוויסן"...

ווי חוזק קלינגט עס, זאָגט איר? פּרעה און געוויסן, פּרעה און מאָראַל?...

און איר פרעגט זיכער:

— פילן נישט די דאָזיקע „געלערנטע", ווי לעכערלעך זיי מאַכן זיך? מיינען זיי ווירקלעך, אַז קיינער פאַרשטייט נישט, אַז זיי שרייבן גראָבע ליגנס און בראָקן פּוסטע שקרים?

אַז איר וועט אַזאַ שאלה פרעגן איז עס אַ סימן אַז איר זענט נאָך זייער, זייער נאַיִוו...

ווייל מיטן שקר פילן זיך די דאָזיקע לייט זייער באַקוועם. זייער פעלשערישע אַרבעט טוען זיי אין גאַנצן באַוווּסטזיניק.

ווי אַזוי עס האָבן געלעבט די פּרעהס, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די מצרישע „קולטור", דאָס קענען מיר זיך היינט דערוויסן גאַנץ גענוי. די לעצטע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען וואָס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אין מצרים גיבן אונדז אַ קלאָר בילד פון עגיפּטישן לעבן.

אַראָפּכאַפּן זיך צו גאַסט צו די פּרעהס — עס איז אַן אינטערעסאַנטע אונטערנעמונג. מיר וועלן זיך איבערצייגן וואָס עס בלייבט פון די עגיפּטאָלאָגישע לויב־געזאַנגען נאָכן ערשטן באַריר מיט דער ווירקלעכקייט.

## 2

יאָ, מען קאָן זיך אויפן סמך פון די נייסטע אַנטדעקונגען און אַרכעאָלאָגישע אויספאָרשונגען אין לאַנד פון די פּרעהס, שאַפן אַ גאַנץ קלאָר בילד פון דער רעליגיע פון די עגיפּטערס, פון זייער גייסטיקער קולטור, פון זייער מאָראַל.

זייער רעליגיע... די עגיפּטאָלאָגן פון דער שולע פון פּראָפעסאָר ברעסטעד ווילן איינרעדן דעם עולם, אַז אין מצרים האָט געוווּמען איר אָנהויב די אידעע פון מאָנאָטעיִזם. עס האָט עפּעס — זאָגן זיי — ביי די פּרעהס געהערשט אַ גע־דאַנק וועגן עפּעס אַן איין־און־איינציקן וועלט־ריכטער, עפּעס אַהין און עפּעס אַהער... און ווען זיי זענען, אַז מיט אַזאַ פאַרנעפּלטן, קלאָציקן לשון וועט זיי נאָך נישט געלונגען וועמען עס איז איבערצוצייגן, מאַכן זיי גאָר אַ ממזרישן טריק. זיי שרייבן:

— כּידוע איז אין מצרים די מלוכה־פאָרם געווען אַ מאָנאַרכישע. פּרעה איז געווען אַ מאָנאַרך מיט אומבאַגרענעצטער מאַכט, אַן אַבסאָלוטער אַליינהערשער. ובכן, אויב אויף דער ערד געהערט די מאַכט צו איינעם, האָבן זיך אַוודאי די עגיפּטערס „געמוזט" פאָרשטעלן, אַז אויך אין די הימלען הערשט דער זעלבער

סיסטעם... יידן זענען בכן נישט אָריגינעל. יידן האָבן זייער רעליגיע גענומען פון מצרים...

מאָנאָטעיִזם ביי די עגיפּטערס? — איר דאַרפט אַ בליק־טאָן אינעם ווערק פון באַרימטן ענגלישן אַרכעאָלאָג פּראָפעסאָר בולטאָן „דהי ראָמאַנס אָוו אַרקעאָ־לאָדזשי" און איר וועט זען וויפל שקר, העסלעכער, בייזוויליקער שקר, האָט זיך אָנגעקליבן אין די „פאָרשונגען" פון די מצרים־פאַרערערס און פרעה־באַזינגערס!

מיר ווייסן עס אַפילו אויך אָן דעם פּראָפעסאָר בולטאָן. מיר געדענקען די שטעלע אין חומש: „כי תועבת מצרים כל רועה צאן"... און די דערקלערונג פון רש"י: „לפי שהם להם אלהות"; אָדער אָן אַנדערער פּסוק: „הן כזבח את תועבת מצרים"... די עגיפּטערס האָבן, הייסט עס, געדינט צו בהמות. אָבער די לעצטע אויסגראָבונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן גיבן צו אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים. די היעראָגליפן־אויפשריפטן דערציילן אַ רייע טשיקאַווע זאַכן.

שווער איז אָנגעקומען דאָס איבערלייענען דעם היעראָגליפן־כּתב. לאַנג האָבן זיך די אַרכעאָלאָגן געמוזט מאַטערן, ביז עס איז זיי געלונגען אַ שורה צו פאַר־שטיין. די היעראָגליפישע שריפט איז אַ צייכענונג פון לעבעדיקע און נישט־לעבע־דיקע זאַכן. מען זעט, צום ביישפּיל, אַן אויג, אַ פּוס, אַ לבנה אאַז"וו. די דאָזיקע בילדער קאָנען האָבן אַ פּשוטע באַדייטונג. דער עגיפּטער האָט אַנשטאָט אויפצו־שרייבן דאָס וואָרט „אויג" טאַקע גענומען און אָפּגעמאָלט אַן אויג. אָבער אָפט מאָל שטעלן די דאָזיקע צייכענונגען פאַר אידעען. למשל: אַן איינגעבויגענע מויער הייסט — ירידה; אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט סימבאָליזירט פרייד; אַ חתימה באַדייט אַ זאַך, וואָס דאַרף שטרענג געהיטן ווערן, בכן געלט. אַ סך טאַלאַנט און געדולד האָט זיך געפאָדערט בכדי זיך צו קאָנען פונאַנדערקלייבן אין אַזאַ קאָמ־פּליצירטער שריפט. אָבער איז נאָר יענעם באַרימטן פראַנצויז שאַמפּאָליאָן גע־לונגען צו לייענען דאָס רעטעניש, איז מען זייער אַ סך געוואָר געוואָרן פונעם לעבן פון די מצרים.

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די עגיפּטערס האָבן געדינט צו חיות און רמשים, צו הינט, קעץ, היפּאָפּאָטאַמען, קראָקאָדילן, שלאַנגען און ווערים. אָבער אויפן ערשטן אָרט איז געשטאַנען אַן אָקס, אַ גרויסער, פעטער אָקס — אַ „ביק". אין דער רעזידענץ מעמפיס האָט מען דעם דאָזיקן אויסגעווײלטן אָקס גערופן „אַפּיס".

דאָרט, אין דער פרעה־רעזידענץ מעמפיס, האָט זיך דער דאָזיקער „אַפּיס" געלעבט אין אַ גרויסאַרטיקער שטאַל, ער האָט געהאַט אַ שטאַב גלחים, וואָס האָבן צו אים געשיקט געבעטן, אַ האַרעם פון קי, אַ מחנה משרתים און שמשים, וואָס האָבן אים געפּאַשעט; אויף פייערלעכע פּראָצעסיעס האָט מען אים געפירט בראש. די יוגנט האָט געזונגען לידער פאַר זיין „אָקסישן" מאַיעסטעט און מען האָט גע־גלייבט באמונה שלימה, אַז אַפּיס פאַרשטייט אַלץ. און ווען עס איז געקומען אַ טאָג פון אומגליק, אין וועלכן דער אַפּיס האָט אויסגעהויכט זיין נשמה — וואָס פאַר אַ

לוויה האָט ער געהאַט! זיין באַלזאַמירטן קערפּער האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ גרויסער גראַניט־שאַנק, וועלכער מען האָט גערופן „סאַרקאָפאַג". אין איין אָרט האָט מען טאַקע בעת די לעצטע אויסגראָבונגען געפונען 64 אַפּיסן, 64 טויטע אָקסן־געטער.

אָבער אויסער צו לעבעדיקע זאַכן, האָבן די מצרים אויך געדינט, ווי אַלע עובדי־אלילים, צו דער זון און שטערן. אין אַ רייע זאַלן פון די פּרעהס קען מען זען אויף די סופיטן אויסגעמאָלן די אלילים פון זון און שטערן... און ערשט דער קולט צו די פּרעהס גופא! אין דער פאָרשטעלונג פון מצרישע פאָלק האָט פּרעה געלעבט ווי אַ — געטש איבער אַלע געטשן.

די גאַנצע חקירה וועגן עגיפּטישן מאָנאָטעיִזם נעמט זיך דערפון, וואָס איין פּרעה — אַמענעטעפּ דער 4טער — האָט איינגעפירט דעם קולט פון איין אליל „אַטען". אָבער פאַקטיש איז דער דאָזיקער „אַטען" געווען — די זון. אין דעם, הייסט עס, איז באַשטאַנען דער פרישער אויפטו: בלויז צו דער זון זאָל מען דינען אין מצרים!

און אָט אויף דער דאָזיקער טעזע שטייט דער גאַנצער „בנין" פון די עגיפּטאָלאָגן אַ־לאַ פּראָפ' ברעסטער, אַז אין מצרים האָט מען געגלייבט אין איין באַשעפער...

עס איז בכלל די עגיפּטישע רעליגיעזע פאָרשטעלונג געווען אַ מאַטעריעלע, אַ קערפּערלעכע. יאָ — האָבן זיי געזאָגט — דער מענטש לעבט אויך נאָכן טויט. אָבער מען מוז אים מיטגעבן אויך עסן אויף יענער וועלט... און מען האָט די קברים פול אָנגעפּאַקט מיט שפּייז און מיט משקה. די מצרים האָבן זאָרגפעלטיק באַלזאַמירט די קערפּערס פון די טויטע, ווייל זיי האָבן געגלייבט, אַז פון דער דערהאַלטונג פון קערפּער איז אָפּהענגיק די גאַנצע צוקונפטיקע עקזיסטענץ פון מענטש.

און דער אַרכעאָלאָג בולטאָן, הגם ער באַוווּנדערט די פאַרביקע פאַרגאַנגענהייט פון מצרים, קומט דאָך צום אויספיר, אַז:

„עס איז אוממעגלעך אָנצורופן מאָנאָטעיִסטיש אַ רעליגיע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ שלל פון געטער, אַפילו אַן אליל פון די האָר, אַן אליל פון פּנים און וואָס איז געווען פול מיט פאָראורטיילן"...

זייער גייסטיקע קולטור...

שווער צו רעדן וועגן אַ גייסטיקער קולטור אין לאַנד פון די פּרעהס.

ווען מען געדענקט, אַז דאָרט האָט געבליט דער כּישוף און די מאַגיע, דער אַבערגלויבן, אַז דורך שפּרוכן קאָן מען באַצווינגען די געטער און נאַטור־קראַפטן, דורך שפּרוכן קאָן מען זיי אומשעדליך מאַכן און אַפילו אָניאָגן אויף זיי אַ מורא פאַרן מענטש.

מעגן די עגיפּטערס האָבן געקענט דעם אָנהייב פון פאַרשידענע וויסנשאַפטן, פון אַסטראָנאָמיע, פון מאַטעמאַטיק — פון גייסטיקער קולטור קאָן דאָך באַיין־אופן נישט זיין קיין רייד. עס איז געווען אין מצרים ציוויליזאַציע, טעכניק, אָבער נישט גייסט, אָבער נישט קולטור.

די עגיפּטישע חכמים, די חרטומים, האָבן קיין שום פילאָזאָפישן סיסטעם נישט געשאַפן. עס איז זיי בכלל פרעמד געווען דער פילאָזאָפישער, דער העכערער בליק איבער וועלט און לעבן.

ווי אַזוי די מצרים האָבן זיך פאָרגעשטעלט די וועלט? פונקט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט די געטער. ברוטאַלע געטער שלאָגן זיך איינער מיטן אַנדערן — די געטין איזיס באַשאַפט אַ שלאַנג, וואָס זאָל בייסן דעם געטש ראַ׳ — זיי נאַרן זיך אָפּ, שיכורן, מאָרדן זיך אויס... און אויב די, צו וועלכע דער מצרי האָט אַרויפגעקוקט, האָבן געפירט אַזאַ שטייגער לעבן און זיך פאַרנומען מיט אַזעלכע מיני זאַכן, טאָ וואָס האָט מען געקאָנט פאַרלאַנגען פונעם אָרעמען מענטש? זיינע אינסטינקטן זענען געווען חיהשע, זיינע הנאות — רויע און מגוי־שמדיקע.

זייער אויפגאַבע האָבן די עגיפּטישע חכמים געזען: אין פלעגן די קונסט פון כּישוף, אין אויסקלערן מאַגישע השבעות און שפּרוכן.

לויט דער מצרישער מיטאָלאָגיע האָבן אויך די געטער בכבודם ובעצמם מורא פאַר בייזע כּוחות. אויך די געטער גופא ווערן זיך קעגן דער שליטה פון גע־שפּענסטער מיט מאַגישע ווערטער. מצרים איז דאָס קלאַסישע לאַנד פון כּישוף. און דאָרט ווו עס הערשט כּישוף קאָן נישט אַנטשטיין קיין קולטור, קאָן נישט גע־בוירן ווערן קיין העכערע וועלט־אַנשויונג. דאָרט, ווו עס הערשן גייסטער, האָט נישט קיין אָרט דער גייסט.

זייער מאָראַל... עס איז די „מאָראַל״ פון אַ מלך רשע, וואָס באָדט זיך אין קאָכעדיקן בלוט פון יונגע קינדערלעך; עס איז די „מאָראַל״ פון שקלאַפן־סיסטעם, פון רציחה און מאָרד...

די מצרים איז געווען ווילד־פרעמד די אידעע פון גלייכהייט. עס זענען געווען פאַרשקלאַפערס און שקלאַפן, שטאַרקע און שוואַכע, שלעגערס און געשלאָגענע; דער הערשער קאָן נישט געשטעלט ווערן אויף איין אָרט מיטן באַהערשטן, דער האַר מיטן עבד. פּרעה האָט נישט געהאַט קיין באַגריף פון דער אידעע פון גע־רעכטיקייט, פון שוץ פאַר שוואַכע. ער האָט פאַר די שוואַכע געהאַט בלויז אַ בייטש, אַ שווערע האַרטע בייטש. די רויע פיזישע קראַפט איז געווען דער פונדאַמענט פון עגיפּטישן פאָלק.

די דאָזיקע „עטיק״ איז אייגנטלעך אַ פּראָדוקט פון דעם בליק איבערן לעבן. דער דערפאָלג פון מענטש — דערקלערט די עגיפּטישע „וועלט־אַנשויונג״ — קומט נישט צוליב זיינע גוטע מעשׂים, צוליב זיין ריינקייט און ערלעכקייט — דער

דערפאַלג קומט צוליב מאַגישע קונצן. ביסטו אַ גוטער כּישוף־מאַכער און אַ מומחה אין אַלע ווערטער און צערעמאָניעס — מעגסטו האָבן אַפּגעטאָן כּל־דאָס־בייז — זענען פאַר דיר ברייט געעפנט די טויערן פון דער וועלט און יענער וועלט; קאָנסטו אָבער נישט די כּישוף־צערעמאָניעס, מעגסטו אַפילו זיין אַ צדיק־גמור — וועסטו קיין שום שׂכר נישט באַקומען. די געטער פרעגן נישט דעם מענטש:

— צי ביסטו געווען גוט, פרום, ערלעך, מאָראַליש?

— פלוני בן פלוני, קאָנסטו דעם שפּרוך?

און ווי איז צו פלוני בן פלוני אויב ער קאָן דעם שפּרוך נישט!...

זאָגן, אַז דאָס הויכע אין ספר־הספרים קומט פון מצרים, אַז פון פּרעהס מדינה האָבן יידן גענומען אינהאַלט, אַז דאָס לאַנד פון נילוס האָט אַרויסגעגעבן יענע אידעען וואָס די וועלט באַוווּנדערט — זאָגן אַזוי קאָנען נאָר רשעים, אָדער פון זינען געדירטע „פאַרשערס".

דער שקר איז אַזוי בולט.

גראָד דאָס יידנטום האָט דאָך דערקלערט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן דער עגיפּטישער רעליגיע, קעגן דער עגיפּטישער מאָראַל; גראָד דער תּנ"ך האָט דאָך דעם היסטאָרישן און שווערן גראַנגל געפירט מיט די „תּועבות מצרים", שאַרף און אַנטשלאָסן געפאָדערט צו פאַרניכטן דעם כּישוף און די מאַגיע.

דאָס יידנטום האָט אַפּגעוואָרפן די אלילים און געטראָגן צו דער וועלט דעם גלויבן אין איין גאָט; דאָס יידנטום האָט אַרויסגעזאָגט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע דעם געדאַנק, אַז גאָט קאָן מען נישט באַהערשן מיט שפּרוכן, נאָר דע־צידירן דעצידירט די אויפפירונג פון מענטש און זיינע מעשׂים און זיין כאַראַק־טער; דער יחיד טראָגט די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מאָראַלישע צי אוממאָראַלישע מעשׂים. די יידישע לערע האָט דעם מענטש באַפרייט פון די קייטן פון די מאַגיקערס, פון דער מאַכט פון די חרטומים, פון דער הערשאַפט פון די מכשפים. דער איינציקער וועג, ווי אַזוי צו געווינען חסד, איז — גיין אין גערעכטן וועג, גובר זיין די אינסטינקטן, טאָן גוטס.

די עגיפּטישע וועלט איז געזונקען אין געצנדינסט. דער מצרי האָט געדינט צו אַלץ וואָס איז גראָב און נידעריק. פּונקט אַזוי ווי אַלע ווילדע, אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע שבטים. ערשט יידן האָבן געברענגט דעם רעיון פון גאָטהייט, אַ ריינער גייסטיקער באַגריף, אָן וועלכן עס איז צומיש פון קערפּערלעכס. אַפילו די גריכן און רוימער, וואָס האָבן אין די שפּעטערדיקע צייטן שוין יאָ געשאַפן פילאָ־זאָפישע סיסטעמען, האָבן נישט געקאָנט אויפהייבן זיך צו דער אמונה פון לויטע־רער גייסטיקייט, אַן אמונה אָן בילדער, אָן סטאַטועס, אָן פאַרגעטערטע קעניגן. אויך זיי האָבן זייער אָפּגאָט געוואָלט זען, אָנטאַפּן...

דאָס יידנטום האָט — דאָס ערשטע פאָלק אויף דער ערד — געזאָגט: דער־גרייכן צו דער העכסטער הויך קאָן נאָר אַ מענטש מיט אַ ריין האַרץ און אַ ריין געוויסן.

און דער דאָזיקער געדאַנק האָט אַרויסגערופן די טיפסטע איבערקערעניש אין די מוחות פון די מענטשן. דער תנ״ך האָט די גרעסטע גייסטיקע רעוואָלוציע געמאַכט.

דער תנ״ך האָט באַשאַפן דעם באַגריף — געוויסן. אין קעגנזאַץ צו דער ברוטאַלער אַכזריות וואָס האָט געהערשט צווישן די פּרעהס, האָבן מיר באַקומען דעם באַפעל נישט צו פאַראַכטן צו מאָל דעם מצרי, „ווייל איר אַליין זענט דאָך געווען פרעמדע אין מצרים״...

— „יידן האָבן זייערע אידעען צוגערויבט ביי די עגיפּטערס, די מצרים האָבן געשאַפן אַ מעכטיקע גייסטיקע קולטור, ביי זיי איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנ־שטערן פון געוויסן״. — ניין, קיין גרעסערער אומזין, קיין מער שרייענדיקער אַבסורד קאָן נישט געשריבן ווערן אויפן פּאַפּיר.

נישטאָ אין דער עגיפּטישער רעליגיע, אינעם עגיפּטישן וועלטבליק צו מאָל איין שטריך, וואָס זאָל דערוועקן ענלעכקייט מיט דער יידישער לערע.

אויך דער פילאָזאָף ניטשע, וועלכער האָט נישט משיג געווען דעם אמתן תוך פון יידנטום האָט עס מודה געווען: „אין דעם יידישן תנ״ך, דעם בוך פון געט־לעכער גערעכטיקייט, זענען פאַראַן מענטשן, זאַכן און רייד אין אַזאַ גרויסן סטיל, אַז דאָס גריכישע, אינדישע צי וועלכע עס איז אַנדער שריפטום קאָן זיך מיט אים מיט גאָרנישט פאַרגלייכן״...

דאָס גרויסע, דאָס דערהויבענע, דאָס אייביקע, האָט געפונען זיין אויסדרוק נאָר ביים יידנטום, דאָ האָט די מענטשהייט באַקומען איר אמתן זין און באַגריף.

— איך הער־אויף ליב צו האָבן די עגיפּטערס, די העלענערס — האָט אַ מאָל געשריבן היינריך היינע — עס וואַקסט מיין דרך־ארץ פאַר די יידן, וואָס האָבן דער וועלט אַ גאָט און אַ מאָראַל געגעבן... איך זע איצט, אַז יענע זענען געווען בלויז שיינע, צעשפּילטע יינגלעך. די יידן אָבער זענען תמיד געווען — מענער. דאָס וואָס זיי האָבן געשריבן אין מיזרח, וועט מוזן לעבן אייביק...

זענען מיר שוין צו גאַסט ביי די פּרעהס ווען מיר, דרך־אַגב, כאַפּן אַ בליק אויך אויף יענעם טיראַן וואָס האָט אַזוי פאַרביטערט דאָס לעבן פון אונדזערע עלטערן.

לויט דער מיינונג פון די אַרכעאָלאָגן האָט ער געהייסן פּרעה־מענעפּטאַ. מען האָט זיין באַלזאַמירטע מומיע געפונען בעת די לעצטע אויסגראַבונגען. בכדי אים אונטערצוזוכן איז געוואָרן ספּעציעל איינגעלאַדן דער באַרימטער לאָנדאָנער מעדי־ציין־פּראָפעסאָר שמידט.

דער פּראָפעסאָר שמידט האָט פאָרזיכטיק אַראָפּגעוויקלט די באַנדאַזשן פון פרעהס טויטן קערפּער און איז דערשטוינט געוואָרן. ער דערציילט אין זיין באַ־ריכט, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער לאָנדאָנער „טיימס" אין יאָר 1929:

„מערקווירדיק! בעתן אַראָפּוויקלען די באַנדאַזשן האָב איך געטראַכט, אַז איך שטיי איצט נעבן יענעם פרעה וואָס איז, לויטן תנ"ך, דערטרונקען געוואָרן („ונער פרעה וחילו בים סוף"...), און וועלכער די מצרים האָבן באַגראָבן ערשט דערנאָך, ווי זיין קערפּער איז אַרויפגעשווומען אויפן ברעג („וירא ישׂראל את מצרים מת על שׂפת הים"...). נאָכן אָפּדעקן פרעהס מומיע האָב איך ווירקלעך דערזען, אַז זיין קערפּער איז באַקלעפּט מיט זאַלץ־קריסטאַלן פון ים. אָט זעט — האָבן מיר אויסגערופן — אַ פולע באַשטעטיקונג פון דעם, וואָס ווערט דערציילט אין חומש!"

גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף פרעהן אויך נאָכן טויט. ווי דער זעלבער פּראָפעסאָר שמידט דערציילט, איז פרעהס גאַנצער קערפּער געווען צע־האַקט מיט אַ האַק. ס'האָבן נעמלעך אין זיין קבר זיך אַריינגעקריגן רויבערס נאָך אין די צייטן פון אַלטערטום. די רויבערס האָבן געוואָלט צונעמען דאָס גאָלד און זילבער, וואָס האָט זיך געפונען אין די קברים פון די פרעהס און זיי האָבן אויפ־האַקנדיק דעם אָרון, גערן צי אומגערן, אויך צעהאַקט דעם אַכזר.

פּראָפעסאָר שמידט דערציילט אויך, אַז ווי אים איז געלונגען פעסטצושטעלן, האָט דער דאָזיקער פרעה געליטן אויף אַ מוח־קראַנקייט און געהאַט אָפט מוח־דערשיטערונגען. רשעות און משוגעת גייען תמיד צונויפגעפּאָרט. אַזוי אין די צייטן פון יציאת־מצרים, אַזוי אין די צייטן פון „אַריער־פּאַראַגראַף"...

דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער באַריכט פון גרויסן לאָנדאָנער מעדיצין־אויטאָריטעט געפינט זיך אויך אינעם בוך פון אַרכעאָלאָג פּראָפעסאָר בולטאָן. דער באַרימטער ענגלישער אַרכעאָלאָג, וואָס רעדט מיט אַ זייער שטאַרקער פאַרערונג וועגן תנ"ך, שטרייכט אונטער מיט גרויס צופרידנקייט, אַז עס איז אַן איבעריקן מאָל געלונגען זיך איבערצוצייגן, אַז אַלץ וואָס שטייט אין תנ"ך שטיצט זיך אויפן פעסטן יסוד פון אמת.

און כ'לעבן, עס מעגן זיך אַ סך יידישע „ביבל־קריטיקערס" לערנען ביים גוי בולטאָן, ווי אַזוי זיך צו באַציִען צו די יידישע גייסטיקע אוצרות...

## צווישן די חורבות פון מצרימס קולטור

### (פון מײַנע רײַזע־בלעטלעך)

מיר זענען געגאַנגען נאָכן אינסטרוקטאָר, װעלכער האָט אונדז געפירט איבער דער עגיפּטישער אָפּטײלונג פון גרױסן מוזעום אין בערלין און מיר האָבן זיך צוגעהערט צו זײַנע מעכאַנישע און אײַנגעאיבטע דערקלערונגען:

— אָט דאָ, אין דעם גלאָזקאַסטן, ליגט אַ מענטש. עס איז אַ פּאַרטריקנטע מומיע. אַן עגיפּטער שלאָפט דאָ דעם שלאָף פון אײביקײט שױן העכער דרײַ טױזנט יאָר. איר קענט זען זײַן פיגור. זי איז קלײן, אױך דער קאָפּ איז קלײן, און די הענט זענען דעליקאַט. מן־הסתם יונגערהײט געשטאָרבן...

— און דאָ ליגן פאַר אײַך לײמענע טאָװלען מיט היעראָגליפן־אױפשריפטן. די ליניעס, אױף װעלכע איר קוקט, די פּאַסיקלעך, די רינגעלעך — דאָס זענען װערטער, אידעען, סימבאָלן, די שריפט פון אַלטן מצרים.

— דאָרט שטײען צװײ פּאָר לאַטשן. מען האָט זײ געפונען אין אײנעם פון די לעצטנס אױפגעגראָבענע פּרעה־קברים. אײן פּאָר לאַטשן איז נײַ, די צװײטע — געניצט. אין די דאָזיקע לאַטשן האָט פּרעה, לױט דער עגיפּטישער פאָרשטעלונג, באַדאַרפט שפּאַצירן אױף „יענער װעלט" און אַדורכשמועסן זיך מיטן אָפּגאָט אָזיריס...

— איצט, ביטע, באַטראַכט די מאָלערײַ, װאָס הענגט אױף דער װאַנט. אַ סצענע פון עגיפּטישן לעבן. די עגיפּטער זיצן צופרידענע און עסן. זעט װי פריש עס זענען נאָך די פאַרבן, װי לעבעדיק — די צײכענונג! דאָס בילד שטאַמט פון פערטהאַלבן טױזנט יאָר צוריק...

דער אינסטרוקטאָר שלינגט שנעל אַראָפּ די װערטער. ער לױפט איבער די זאַלן. פאַר אים זענען די עגיפּטישע אוצרות מער קײן נײַעס נישט. אָבער פאַר מיר איז דאָ אַלץ אַ װוּנדער. אַ שפּאַנענדיקע היסטאָרישע סענסאַציע. איך לאָז אים אַװעק. איך טײל זיך אָפּ פון דער גאַנצער גרופּע און באַטראַכט אַלײן די רעשט־לעך פון מצרימס פאַרגאַנגענהײט.

דאָ איז אויפגעוויקלט דער כּישוף און די פאַרביקע ראָמאַנטיק פון אַמאָליקן עגיפּטן.

דאָ האָט אַלץ, די מינדסטע קלייניקייט, דאָס איינפאַכסטע ברעקל, אַ טויזנט יאָריקע חשיבות.

עס שטייען דענקמעלער פון קעניגן, סקולפּטורן פון אָפּגעטער, פיגורן פון עגיפּטישע מענטשן אין אַ זיצנדיקער אָדער אין אַ ליגנדיקער פּאָזיציע, פיגורן וואָס זאָגן עדות אויף אַ הויכער ציוויליזאַציע און אַנטוויקלטער קונסט.

עס ליגן אַלבאַסטער־וואַזעס, אַלבאַסטער־בעכערס, פּאָרצעלאַן־קאַסטנס, פּאָטעלן פון שיין געשניצטן האָלץ.

דו פאַרלאָזסט די זאַלן מיט די טאָפּלען. דו זוכסט נישט בלויז שטייפע אין „בלומען־שפּראַך” געשריבענע דיפּלאָמאַטישע בריוו. ווילסט דערהערן דעם דופק פון פאָלקס־לעבן, דעם רויש פון דער גאַס.

דאָס פאָלק האָט געשריבן אויף פּאַפּירוסן. דאָס איז געווען אַ שרייב־מאַטעריאַל, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די פּאַפּירוס־געוויקסן, מיט וועלכע די נילוס־ברעגן זענען געווען פול. דאָ ליגט אַן אינטערעסאַנטער פּאַפּירוס. קוקט זיך אין אים איַין! אַ קאָנטראַקט. איין עגיפּטער פאַרקויפט זיין הויז אַ צווייטן. „פון היינט אָן געהערט מיין הויז צו דיר, איך האָב עס נישט מער”... עדות באַשטעטיקן דעם פאַרקויף־אַקט. אויך אַ שטעמפּל ליגט. ווי ווייניק דער סטיל און דער אויסזען פון די האַנדלס־קאָנטראַקטן האָט זיך געענדערט, און ווי ווייניק פאַרשידן עס איז דאָס מענטשלעכע לעבן און די מענטשלעכע געפילן; פרעמד איז די שפּראַך, פרעמד זענען די נעמען, אָבער — דער אינהאַלט איז דער זעלבער, די זעלבע זאָרגן און פריידן, די זעלבע געשעפטן און אַקטן, די זעלבע פאַרהאַוועטקייט אַרום דעם שטיקל ברויט...

נאָך פּאַפּירוסן באַמערקסטו, פּאַפּירוסן פון טעב, די רעזידענץ פון אויבער־עגיפּטן, און פון מעמפיס, די רעזידענץ פון אונטער־עגיפּטן, זיי דערציילן פון פריוואַטן לעבן פון די עגיפּטישע מענטשן, פון זייערע קליינעליידן און קליינע פריידן, זיי דערציילן זאַכן און באַשרייבן פּאַסירונגען, וואָס זענען שטענדיק אַק־טועל: דאָ און דאָרט איז ביי עמעצן אויסגעבראָכן אַ פאַמיליע־מחלוקת, ביי דעם און יענעם איז היינט פאָרגעקומען אַ שׂמחה און ביי דעם און יענעם האָט גע־טראָפן אַן אומגליק.

עס זענען דאָ פּאַפּירוסן, וואָס שילדערן שטורמישע ים־רייזעס, עמאָציאָנעלע אַוואַנטורעס און גיגאַנטישע פאַרמעסטן, פּאַפּירוסן, וואָס טראָגן דורך יאָרטויזנטער די בענקעונישן, וואָס זיצן אין מענטשלעכן האַרץ...

דו גייסט פון איין זאַל אין אַנדערן. עס ציִען דיין אויג די בילדער, וואָס דעמאָנסטרירן די מצרישע שטאַרקע מוסקולן און די מצרישע קערפּערלעכע בריהש־קייט, בילדער פול מיט שטיפערישע קונץ־שטיק, מיט שטאָלץ און זיכערקייט, מיט

אַלטער עגיפּטישער גראַציעזקייט און פּרימיטיוון קולט פאַרן קערפּער.

שטעלט זיך אָפּ נעבן איין פּרעה־פיגור. אַ לאַנגער, שמאָלער קאָפּ, אַ ברייטע באָז, אַ קליין מויל און לאַנגער, דינער האַלדז. דאָ שווייגט ער, פּרעה. דאָ שווייגן זיי אַלע. דאָ זענען זיי פאַרהילט אין שלייער פון טויט. אָבער דו זעסט אים, ווי ער באַוועגט זיך, דו הערסט דייטלעך זיין שטים, זיין דונערנדיקן באַפעל.

דו זעסט ווי די, וואָס האָבן געטאָן די „עבודת פּרך" אין פּיתום און אין רעמסס ווערן צו זיין קעניגשטול צוגעשלעפּט. מען שלעפּט זיי ביי די האָר, מען ציט זיי ביי די אויערן. ער זיצט מאַיעסטעטיש, גאַווהדיק. ער באַפעלט אָפּצושניידן זייערע הענט און אויסצורייסן זייערע צינגער. ער זאָגט, אַז די איינגעהויקערטע שקלאַפן מוזן געפּייניקט ווערן. ער פאַרלאַנגט אויך, מען זאָל אים צושטעלן קליינע קינדער פון גושן, ער האָט הנאה, ווען ער צאַפּט זייער בלוט, ווען ער רייסט אַראָפּ זייער לייַב אַזוי, אַז דאָס פּנים, די אויגן, דאָס מויל בלייבן הענגען אין דער לופט. ער האָט אַ ברייטע נאָז, אַ לאַנגן, שמאָלן קאָפּ, און אַ לאַנגן, דינעם האַלדז. דו הערסט זיין שפּאָטיש, טייוולאָניש געלעכטער, וואָס קייקלט זיך איבערן זאַל.

איצט שפּאַנסטו פּאַמעלעך פאַרביי די דענקמעלער פון מצרימס קולטור. אַ טרער האָט זיך פאַרקליבן אין דיין האַרץ, און עפּעס גיט דאָרט אַזאַ קלעם. אַ טרער פון יענע ליים־קנעטערס האָט זיך אין דיר אַראָפּגעלאָזט און שרייט מיט בריַענדיקן ווייַ.

דיר דאַכט זיך, אַז די מעכטיקע עגיפּטישע קעניגן שטייען איצט, ווי יענער גרויסער מלך פון בבל אין יאַקוב וואַסערמאַנס אַ דערציילונג, און צווייפלען אינעם גאַנצן זין פון זייערע דעראָבערונגען און נצחונות: וואָס איז דער ציל פון דעם אַלעם וואָס מיר האָבן געטאָן? צו וואָס אונדזער גאַנצער גלאַנץ? צוליב וואָס האָבן מיר פּאַלאַצן געבויט, מענטשן פאַרפּייניקט, מענטשן דערמאָרדעט? איז דאָס נישט אַלץ אילוזיע, טרוים, אוןווירקלעכקייט איז נאָר דאָס שווייגן, דער טויט?

די ציגל־ברעקלעך, די אַלבאַסטער־וואַזעס און די צוויי פּאָר לאַטשן — זענען די רעשטן פון דער מצרישער גרויסקייט.

אומזיסט האָבן די פּרעהס געשטרעבט צו אומשטערבלעכקייט, אומזיסט האָבן זיי אַזוי פיל מי און געלט פאַרוועַנדט אויף צו שטעלן די פּיראַמידן, גלויבנדיק אַז אַ דאַנק די ריזיקע בנינים וועט זיך דערהאַלטן די עקזיסטענץ און די גלאָריע פון דער עגיפּטישער מלוכה.

דאָס פאָלק, וואָס האָט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק פאַרמאָגט אַזאַ הויכע ווּיסנשאַפט און טעכניק, וואָס האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט מיט זיין אַרבעטסזאַמ־קייט און טעכנישע דערגרייכונגען, איז אַראָפּ פון דער וועלט־סצענע, פאַרשוווּנדן, ווי עס וואָלט גאָרנישט עקזיסטירט. אין דער מצרישער ערד ליגן פאַרבאַהאַלטן

די שפּורן פון עבר, ליגן פאַרגראָבן די פּאַלאַצן פון גאָלד און די כאַטקעס פון ליים, ליגט פאַרגראָבן דאָס פאָלק פון עגיפּטן.

מצרים איז אַוועק אויפן וועג פון וועלכן מען קערט זיך מער נישט אום.

טויטע קעניגן. אַ טויט פאָלק, אַ טויטע קולטור.

דאָ, אין מוזעום, צווישן די רויִנען, ווערט דיר אויך קלאָר, פאַר וואָס מען האָט יידן אַזוי פיינט.

מען האַסט אונדז, ווייל — מיר ווילן אין מוזעום נישט שטיין.

מיר ווילן אין זאַמד נישט פאַרזינקען. מיר ווילן נישט ווערן קיין מאַטעריאַל פאַר אַרכעאָלאָגן. מיר לעבן. אין אונדז פולסירט דער דראַנג צו לעבן.

מיר זענען די איינציקע, וואָס זענען פאַרבליבן פון דער גרויסער גרופּע פעל־קער, וואָס האָבן געווירקט און געשאַפן אין אַלטערטום. מיר האָבן אויך דעמאָלט צו די שוואַכע זיך פאַררעכנט. מיר זענען די פאַרשקלאַפטע געווען. די באַזיגטע. שטאַרק איז געווען מצרים, שטאַרק זענען געווען בבל און אַשור, אַטען און רוים, אָבער זיי אַלע האָבן אָפּגעזאָגט דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן און זענען אַוועק. זיי האָבן נישט איבערגעטראָגן זייער קולטור אויפן מרחק פון יאָרטויזנטער. זיי האָבן איבערגעלאָזט געדאַנקען, מאָנומענטן, סקולפּטורן. זיי האָבן אָבער נישט איבערגעלאָזט — זיך.

בלויז מיר האָבן געוווּסט און ווייסן פונעם סוד, ווי אַזוי מען ווערט אַלט און דאָך שטאַרבט מען נישט, ווי אַזוי מען טראָגט אויף די פּלייצעס די לאַסטן פון עלטסטן קולטור־פאָלק, און דאָך דערהאַלט מען אין זיך די ערשטע פרישקייט און יוגנטלעכע שעפערישקייט.

אַזאַ רייץ האָט פאַר אונדז תמיד פאַרמאָגט דאָס לעבן. מיט וווּנדערבאַרער עקשנות און העראָיִזם האָבן מיר זיך דערין געקלאַמערט. העק האָבן זיך אויף אונדזערע קעפּ געהויבן, טויטקלעפּ זענען אויף אונדז געפאַלן, אָבער מיר האָבן דעם טויט פון זיך אָפּגעשטויסן, מיר זענען אַרויס גאַנץ פון פייער פוןליידן, מיר האָבן דעם געראַנגל פאַר עקזיסטענץ אויפגענומען אין אַלטן מצרים. און מיר פירן אים היינט מיט דער זעלבער אומבויגזאַמקייט. מיר האָבן אונדזער קאַפּיטל פון שאַפן געעפנט אויף דער ערד פון כנען, און מיר ציִען עס ווייטער אין אַלע לענדער פון גאָר דער וועלט.

פון פאָטער צו קינד האָט מען זיך ביי אונדז דעם סוד געפּליסטערט, פון דור צו דור: נישטאָ עפּעס שענערס ווי דער אויפבלי אין פרילינג, און נישטאָ עפּעס מיאוסערס, ווי דאָס פאַרוועלקן אין האַרבסט.

פון דור צו דור איז איבערגעגאַנגען דער ווילן צו לעבן טראָץ אַלעמען און

צו להכעיס אַלעמען, און — דער ווידערגעפּיל צו מאָנומענטן און צו „שיינע מצבות".

אַ פֿאָלק, וואָס האָט אַ מאָל פֿאַרשריבן אַ פּראַכטפּול בלאַט אין דער געשיכטע? — פֿאַר אונדז איז דאָס ווייניק!

נישט דער סוד פֿון אייביקייט פֿלאַטערט איבער דער מצרים־אָפּטיילונג אין מוזעום, נאָר דער סוד פֿון פֿאַרגאַנגלעכקייט.

מיר באַוווּנדערן די אויסגעגראָבענע ציוויליזאַציע־אוצרות, מיר באַטראַכטן די היסטאָרישע מערקווירדיקייטן, מיר זאַמלען די אַלטערטימלעכע עקזעמפּלאַרן. אָבער — אויסערן לעבן שטייען זיי. זיי געהערן צו דער נעפּלדיקער פֿאַרגאַנגענהייט.

דאָ, אין די מוזעום־זאַלן, שוועבט די גרויסקייט פֿון מצרימס פֿאַרגאַנגענהייט. דאָ וואַלגערן זיך פֿאַרגליווערטע רעשטן פֿון אַ נאַציע, וואָס האָט אַ מאָל אָנגעפֿירט מיט דער וועלט־ציוויליזאַציע. דאָ פֿילסטו אָבער, אַז שיין איז נאָר די פֿאַרגאַנגענהייט וואָס ווערט קיין מאָל נישט קיין פֿאַרגאַנגענהייט...

ווי זאָרגפֿעלטיק עגיפּטענס אַנטיקן ווערן געהיט! ווי מען צערטלט זיך מיט די אוצרות פֿון אַלטן מצרים! פֿאַר מצרים זענען איצט דאָ קאַטעדרעס אין די אוניווערסיטעטן, וועגן מצרים רעדן מיט פֿאַרערונג די געלערנטע, שרייבן מיט רעספּעקט די שריפֿטשטעלערס, מצרים ווערט נישט באַליידיקט. קעגן מצרים בושעוועט נישט אין די שטעט און דערפֿער קיין העצע.

די עגיפּטער איז „גוט".

אָבער מיר פֿילן נישט צו זיי קיין קינאה.

# אַפּיס

אַפּיס — דאָס איז אַן אָקס.

אייגנטלעך: דער אָקס.

דער אָקס צו וועלכן די אַמאָליקע עגיפּטערס האָבן געדינט.

אינעם ריזיקן שטאַב פון די עגיפּטישע אָפּגעטער האָט אַפּיס דעם סאַמע פּראָנט פאַרנומען.

אַן אָקס אַ גרויסער, אַ פעטער, אַ לײַביקער.

אין רעמסס, אין מעמפיס, אין העליאָפּאָטיס, אין אַלע וויכטיקסטע שטעט פון מצרים, זענען טעמפּלען אויסגעבויט געוואָרן פאַר זיין מאַיעסטעט.

אַפּיס איז אין אַ גאָלדענער שטייג געשטאַנען. אַן אויסגעפּוצטער, אַן אויס־געשליירטער. מיט אַ גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ. פּריסטער האָבן אים באַדינט. שמשים האָבן זיך אַרום אים געדרייט. ספּעציעלע אָקסן־פּסיכאָלאָגן אַזעלכע, וואָס זענען אין שטאַנד געווען דעם שוואַכסטן שמייכל פון אַפּיסן אַראָפּצולייענען און זיין שטילסטע מורמלערייִ צו פאַרשטיין...

אַפּיס איז די צענטראַלסטע פיגור געווען. ער איז אין דער שפּיץ פון פייער־לעכע פאָלקס־פּראָצעסיעס געגאַנגען. ער האָט די שענסטע מתנות צוגענומען און די בעסטע קרבנות אויפגעגעסן. אים האָבן די קינסטלערס אויף זייערע בילדער געמאָלט, אים האָבן די דיכטערס זייערע פּאָעמעס געווידמעט, ביי אים האָבן די חרטומים חכמה געלערנט.

דער גריכישער היסטאָריקער פּליניוס דערציילט, אַז די עגיפּטישע יוגנט, און דווקא די געבילדעטע, די שטודירנדיקע, האָט אין ספּעציעלע הימנען באַזונגען די גרויסקייט פון אָקס; דער גריכישער געשיכטע־שרייבער פּלוטאַרך גיט איבער, אַז דער אָקס איז אין מצרים פאַרהייליקט געוואָרן נישט בלויז ביים לעבן. אַ טיפער טרויער האָט באַהערשט דאָס גאַנצע עגיפּטישע פאָלק, ווען אַפּיס האָט אין אַ בייזער שעה די פיס אויסגעצויגן. זיין קערפּער איז זאָרגפעלטיק באַלזאַמירט גע־וואָרן. מ׳האָט אים אַריינגעלייגט אין אַ גרויסאַרטיקער, מיט אָרנאַמענטן באַציר־טער גראַניט־שאַנק. אין טאָג פון זיין קבורה איז אַ גרויס געוויין און געיאָמער געגאַנגען איבערן גאַנצן לאַנד. קינד און קייט האָבן געקלאָגט נאָכן אָקס און זיך

נישט געקענט טרייסטן ביז — מ׳האָט נישט געקרוינט אַ פרישן. פונקט אַזאַ פעטן און פונקט אַזאַ לײַביקן.

וואָרום — אַפּיס איז געווען דער אָפּגאָט פון מצרים. צו אים האָבן די עגיפּ־טערס תפילות געשיקט. פאַרן געזונט פון אָקס, פאַר זיין לעבן, פאַר זיין „שיינעם טויט" האָט געזאָרגט דער קעניג, דער מיניסטער, דער גלח, ס׳האָט געזאָרגט דאָס גאַנצע פאָלק...

אַפּיס איז אין די פאַרהייליקטע טעמפּלען געשטאַנען. אַפּיס איז אויך צום אויבן־אָן פון עגיפּטישן וועלטבליק דערהויבן געוואָרן.

דאָס וואָלט, דאַכט זיך, געווען די טרעפלעכסטע באַצייכענונג פאַר דער קולטור פון מצרים: די אָקס־קולטור.

דער אָקס איז געווען די אידעע, דער מוסטער.

דער מענטש? — מיט אים האָבן זיך די עגיפּטישע גייסטלעכע נישט פאַר־נומען. וועגן אים האָבן די עגיפּטישע דענקערס זיך נישט געקימערט. מיט אים האָט זיך דאָס עגיפּטישע פאָלק נישט אינטערעסירט. נישט מצרימס באַרימט־סטער פילאָזאָף אַפּואַזוער, נישט מצרימס גרעסטער געלערנטער אימכאָטען, האָבן געהאַלטן, אַז דעם מענטש, דעם מענטשלעכן פּיין און די מענטשלעכעליידן איז כּדאַי די שטודיומס אָװעקצוגעבן. און אַוודאי און אַוודאי האָבן מצרימס העכסטע אָנפירערס, די פּרעהס, זיך נישט געוואָלט שטערן זייער קעניגלעכע רו מיט זלידנע מחשבותן וועגן מענטש.

דאָ איז אַפּיס געווען דער העלד.

די מענטשן זענען אין מצרים ברוטאַל אונטערדריקט געוואָרן. די מענטשן זענען אַכזריותדיק געשלאָגן געוואָרן. מצרים איז דאָס גרויזאַמע „בית עבדים" געווען. עס האָט דאָ געהערשט דער פינצטערער סיסטעם פון שקלאַפעריי, דער סיסטעם וואָס זאָגט: דער, וואָס הערשט, איז דער גערעכטער, דער איידעלער; דער, וואָס ווערט באַזיגט — איז דער אומווירדיקער, דער געמיינער, דער „פרעמ־דער", דער שוואַכער, און איז אין מצרים באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ שקלאַף, פאַר אַ נידעריק און ווערטלאָז באַשעפעניש. ער איז הפקר, ער האָט קיין רעכט נישט, ער טאָר אויך קיין רעכט נישט מאָנען, ער מוז בלויז די שווערע אַרבעט טאָן פאַרן הערן־פאָלק, ער מוז פאַרן הערן־פאָלק די לאַסטן טראָגן, די שטעט און פּאַלאַצן אויסבויען, ער איז דאָ אויף צוצושטעלן די הערן פאַרגעניגנס און אַליין צו ווערן געשמיסן.

די פּיראַמידן, די שענסטע בנינים פון דער נילוס־מדינה, זענען דורך אַזעלכע מאַזאָליקע שקלאַפן־הענט געבויט געוואָרן. אין מידבר און אין די זאַמדן נעבן קאַיראָ שטייען נאָך היינט עטלעכע מאָנומענטן, פאַרבליבענע עדות פון דער אַרכי־

טעקטור־קונסט פון אַלטן מצרים. די גרעסטע צווישן זיי איז די פּיראַמידע וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר פּרעה־רעפּאָס. זי איז נאָך איצט אַ וועלטוווּנדער. זי רופט אַרויס שטוינונג מחמת איר געטאָקטקייט און מחמת דער זעלטענער האַרמאָניע פון אירע ליניעס. אָבער — ביים גריכישן היסטאָריקער הערמָדאָט קען מען זיך דערוויסן, וויפל בלוט און שווייס אין דער פּיראַמידע איז פאַרשלונגען און וויפל טרערן פון עלנט עס זענען אין איר פאַרגראָבן. הונדערט טויזנט מענטשן — דערציילט הערמָדאָט — האָבן אין משך פון דרייסיק יאָר געאַרבעט ביי די ערגסטע באַדינגונגען, ביי דער רוצחישער אויפזיכט פון די „נוגשים״, בכדי אויפצושטעלן דעם ריזן־דענקמאָל פאַר פּרעהס אָנדענק...

הונדערט טויזנט פּלייצעס האָבן זיך דורך דרייסיק יאָר־לאַנג געבראָכן אונ־טער די פּייפּנדיקע בייטשן פון די מצרישע אויפזעערס, הונדערט טויזנט הענט האָבן פאַרבלוטיקטע געקנאָטן דאָס ליים און געשוואָלענע אויסגעהאַקט די בלאָקן; הונדערט טויזנט לעבנס זענען פאַרמאַטערט געוואָרן, הונדערט טויזנט מענטשלעכע ערעס זענען געשענדעט געוואָרן און הונדערט טויזנט קערפּערס ליגן אונטער דער פּיראַמידע באַגראָבן. פון אירע שטיינער שרייט נאָך היינט דער וויי פון אויפ־שוידערנדיקן פּיין און דערשיטערנדיקן עלנט.

די פּרעהס האָבן אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַ־ציע, מיט דער גראַנדיעזער שקלאַפעריי און ביישפּיללאָזן דעספּאָטיזם. די פּרעהס האָבן אַליין אָנטייל גענומען אין דער אויפזיכט־אַרבעט איבער דעם פּיראַמידן־בוי. פּרעה האָט זיכער געמוזט זיך אַראָפּשפּאַצירן צום בויפּלאַץ און זיך צוקוקן צום אָנגענעמען ספּעקטאַקל און צו דער לוסטיקער שפּיל, ער האָט נאָך צוגעגעבן מוט זיינע מענטשן: יאָגט זיי אין דער אַרבעט, די פוילאַקעס, קלערט פאַר זיי אויס די שווערסטע גזירות, זאָלן זיי „מאַכן״ ליים און ציגל מיט די ליידיקע הענט! דערנאָך האָט פּרעה אין זיין פּאַלאַץ זיך אומגעקערט, דאָרט איז שוין פאַר אים געשטאַנען גרייט אַ יונג „שקלאַפיש״ קינד, וואָס אין זיין בלוט האָט דער קעניג דעם קרעציקן קערפּער געבאָדן, דאָס קינד האָט זיך געוואָרפן, געצאַפּלט מיט די פּיסלעך, דאָס קינד האָט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין, וואָס האָט געקענט שטיינער רירן, וואָס האָט אָבער נישט גערירט דאָס האַרץ פון טיראַן, וועלכער האָט אָנערקענט בלויז די רעכט פון קראַפט און געוואַלד.

אָבער אויב גראָד אין דער זעלבער מינוט איז אַריינגעקומען דער פּריסטער (נישט פון פּוילישן פּאַרלאַמענט, נאָר פון דער עגיפּטישער קירך), און אים איבער־געגעבן:

— זיין מאַיעסטעט! זאָל זיין מאַיעסטעט אין אַכט נעמען דאָס אומגליק וואָס האָט פּאַסירט: דער אָקס פּילט זיך שלעכט, דער אָקס האַלט ביי גסיסה, ער כאָרכלט מיטן האַלדז און די גסיסה ציט זיך, דער אָקס ראַנגלט זיך אין יסורים...

דאַן האָט זיין מאַיעסטעט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פאַרבראָכן די הענט, גע־

פּאַלן אויף די קני און געשעפּטשעט מיט די ליפּן. מען האָט דייטלעך געזען: אַ נאַסער טוי פון טרערן גלאַנצט אין זיינע אויגן. פון מינוט צו מינוט איז זיין אומעט געוואַקסן. דער מעכטיקער פּרעה האָט זיך נישט געקענט באַהערשן, ער איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. מיט אים צוזאַמען האָבן די באַדינערס געוויינט, די לייַבגוואַרדיע, די אַדיוטאַנטן:

— דער אָקס שטאַרבט!...

דערמיט האָט טאַקע דאָס יידנטום אַזוי שטאַרק זיך אונטערגעשיידט פון דער שפלות און געפאַלנקייט פון פרימיטיוון מצרים.

דאָס יידנטום האָט נישט בלויז געברענגט די אידעע פון אַ העכערער מאַכט, וועלכע איז אומבאַגרייפלעך פאַרן באַגרענעצטן שׂכל און פאַר די חושים, אין דער יידישער לערע איז נישט בלויז געקומען צום אויסדרוק דער נייער בליק פון מאָראַלישער גלייטערטקייט און פון דער פרייהייט און גלייכהייט פון אַלע מענטשן, סיי פון די זיגערס און סיי פון די באַזיגטע, אין דער אָנשויונג פון יידנטום האָט זיך נישט בלויז געפונען דער אומשטערבלעכער געדאַנק, אַז גערעכטיקייט מוז הערשן געגנוי אַזוי אין לעבן פון איינצלנעם מענטש, ווי אין לעבן פון דער געזעלשאַפט, אַז די וועלט איז געבויט אויף מאָראַלישע יסודות, אַז די העכסטע שיינקייט שטעקט אין דער שטאַרקייט זיך אַליין צו באַזיגן און די איידלסטע שטרעבונג איז די שטרעבונג צו גוטסקייט און יושר — אין דער לערע פון יידנטום האָט זיך אויך געפונען דער פּרינציפּ: דער העכסטער טיטל איז — מ ע נ ט ש.

דער יידישער בליק האָט אָפּגעוואָרפן דעם גלויבן אין עפּעס. דאָס איז ווילד, דאָס איז נידעריק. דאָס איז אָקסיש. אַפּיס מוז אַראָפּגעזעצט ווערן פון טראָן. דאָס צענטראַלע אָרט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט קען נישט פאַרנעמען די בהמה. דער מענטש איז דער עיקר. ער איז דער „קעניג פון דער שאַפונג". זיינע רעכט דאַרפן פאַרברייטערט ווערן. זיין פרייהייט, זיין ווירדע און שטעלונג. ליב דעם מענטש! — איז דאָס געבאָט. זיכער: דער מענטש מוז אין אַלע זיינע לעבנסווענן בלייבן געטריי צו די געזעצן פון גוטסקייט, ער טאָר אויך דעם אָקס נישט פּייניקן און נישט מאַטערן. אָבער פאַרערן אָקסן און שענדן מענטשן — דאָס איז העסלעכקייט, דאָס איז אַן עטישער אַבסורד, אַ געמיינער און נידערטרעכטיקער שווינדל, און צו דעם מוז געמאַכט ווערן אַן עק.

איינע פון די אָריגינעלסטע געדאַנקען און פון די טיפסטע אַנטפּלעקונגען אין דער יידישער לערע איז דאָס געווען: דער מענטש איז די העכסטע מדרגה. פאַרן מענטש דאַרפן די קלוגע טראַקטאַטן געשריבן ווערן, פאַר דער מענטשלעכער אויסבעסערונג מוז ווערן געזאָרגט, מענטשלעכע דערהויבונג און מענטשלעכער

גליק — איז די וויכטיקסטע דערגרייכונגען. דער טיפסטער זין און דער עיקרדיק־סטער באַגריף.

די וועלט האָט אויפגעכאַפּט דעם דאָזיקן הויכן יידישן געדאַנק. די וועלט, הגם זי האָט נישט אָנגענומען די יידישע אָנשויונג אין איר גאַנצן פאַרנעם, האָט זיך דאָך אונטער דער אידעע פון מענטש און מענטשלעכקייט מיט ביידע הענט אונ־טערגעשריבן.

אין דער נייער קולטור און אין דער נייער ציוויליזאַציע, וואָס איז אויפגע־וואַקסן אין אייראָפּע, האָט זיך געפונען דער יידישער פּרינציפּ:

אין מיטלפּונקט פון לעבן, פון דער געזעלשאַפט, אין צענטער פון די מלוכה־פּראָבלעמען — שטייט דער מענטש און זיינע אינטערעסן.

צוזאַמען מיט די רעשטלעך שטיינער, מיט די מומיעס און ליימענע טאָוולען, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דער מצרישער ציוויליזאַציע און וואָס וואַלגערן זיך אין וויסטן מידבר, האָט זיך אויך געוואַלגערט אַ פאַרגעסענער, אַ צעבראָכענער, דער גלויבן אין אַפּיס.

אָבער זאָל עס איצט פאַרצייכנט ווערן, פאַר אונדז, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר דער געשיכטע:

— 1936 יאָר נאָך דעם ווי די מענטשהייט האָט אויפגעהויבן פונקען פון אונדזער רעליגיעזן בליק און מאָראַלישער אָנשויונג, קערט זי זיך אום — יעדנ־פאַלס אַ גרויסער טייל אירער — צו דער מצרישער אמונה אין אַפּיס.

פון ירושלים איז היינט ביי דער מענטשהייט גאָרנישט דאָ.

מצרים איז דער פּיאָנער, דער וועגווייזער, דער לערער.

צום מצרישן געצנדינסט קערט מען זיך אום, צום מצרישן שקלאַפן־סיסטעם, צו דער בלוטדורשטיקער מענטאַליטעט גייט מען צוריק, צום בונט קעגן שׂכל און צו עטישער פאַרוויסטונג...

און דער עיקר — צו דער אָקס־קולטור.

צו אַפּיסן דינט מען איצט. צו אים קניט מען. פאַר אים ווערט די ענערגיע, דער טאַלאַנט, ווערן טעג און נעכט פאַרווענדט. צו אים שטראָמט אַ כוואַליע פון סימפּאַטיע. קיין שום אידעע געפינט נישט אַזאַ טיפן אָפּקלאַנג צווישן די מענטשן, ווי די „אידעע" פון אַפּיס. קיין שום געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג האָט נישט אַזאַ דערפאָלג, ווי די באַוועגונג: מיטן האַרץ צום אָקס.

זייערע פאַרלאַמענטן זענען — אָקסן־פאַרלאַמענטן. זייערע דעבאַטן זענען — אָקסן־דעבאַטן. מיטן אָקס זענען די קליגסטע קעפּ באַשעפטיקט. דעם אָקס גיבן די בעסטע רעדנער אַוועק זייער קונסט.

ווי אין פאַרצייטישן מצרים שטייט דער מענטש פאַררוקט אין אַ ווינקעלע.

ער איז אַראָפּגעשליידערט ביז צום סאַמע נידעריקסטן שטאַפּל. אין מענטשלעכער אָרעמקייט און אין מענטשלעכן צער געדענקט מען נישט. פֿאַרן מענטשלעכן פּיין און ביטערניש פּעלט אויס מיטגעפֿיל. די לאָזונג פֿון מענטשן־ליבשאַפֿט ווערט ציניש אויסגעלאַכט און ברוטאַל מיט די פֿיס געטראָטן.

דער אָקס איז דער אָפּגאָט. צו אים דינען די דעגענעראַטן וואָס זיצן אויפֿן טראָן, די פֿאַרברעכערס וואָס שטייען אין די טעמפּלען, די היסטעריקערס וואָס פֿירן מיט די מלוכות...

פֿאַרן אָקס האָט מען אַפֿילו מסכּים געווען צו ברענגען אַ קרבן — פֿערט־האַלבן מיליאָן מענטשן...

אַ קרבן, וועגן וועלכן דער אַמאָליקער אַפּיס האָט אַפֿילו נישט געחלומט.

עס האָט אויפֿגעלעבט, פֿולשטענדיק אויפֿגעלעבט דער עגיפּטישער קולט פֿאַר אַפּיסן!...

# צוויי טויזנט און הונדערט יאָר

מיט צוויי טויזנט און הונדערט יאָר צוריק האָט דער קאַמף זיך אָפּגעשפּילט. צי האָט ער טאַקע ערשט דעמאָלט זיך אָנגעהויבן? — מען קען גאַנץ דרייסט איבעררוקן. די דאַטע פון פראָלאָג אויף הונדערטער און טויזנטער יאָרן פריִער, און אפשר גאָר צום סאַמע אָנהויב פון דער יידישער געשיכטע! אָבער דאַן, מיט 2100 יאָר צוריק, איז דאָס פאָלק געשטאַנען אין פייער פון קאַמף. דער געראַנגל איז דערגאַנגען צום קולמינאַציע־פונקט. עס איז געקומען אַ מאָמענט פון הערויִשן פאַרמעסט. די געוויסנס זענען אויפגעברויזט געוואָרן. דער זקן פון שטעטל מודיעין, מתתיהו דער זון פון יוחנן, האָט אויף די אַלטע יאָרן זיך אַריינגעוואָרפן אין שטורעם און געפאַר.

מיט צוויי טויזנט און הונדערט יאָר צוריק האָט די קולטור פון גריכנלאַנד זיך שוין נישט גערופן: גריכישע קולטור. זי איז געוואָרן: העלעניש. דאָס איז אַ ברייטערער באַגריף. די גריכישע ציוויליזאַציע שפּרייזט אַריבער אירע ענגע טעריטאָריעלע גרענעצן. נישט אַטען, נישט ספּאַרטאַ, און אַפילו נישט מאַקעדאָניאַ, קענען זיין די איינציקע צענטערס פון גריכישער קולטור! די העלענער האָבן גרויסע פּלענער. אָן עקספּאַנסיע מוזן זיי דורכפירן, אויסשפּרייטן די איינפלוסן פון אַטענס לערע און חכמה. די טרעגערס פון העלעניזם שטרעבן צו פאַרוואַנדלען די גאַנצע וועלט אין איין גרויסן צענטער פון גריכישער קולטור, און אַלע שטעט — אין העלעניסטישע רעזידענצן.

און די וועלט לאָזט זיך זייער לייכט העלעניזירן. די ציוויליזאַציע פון אַטען פאַרכאַפּט אָן אַ שיעור לענדער און פעלקער. דער גאַנצער מיזרח, פון עגיפּטן ביז סיריע, ביז פּערסיע, דענקט גריכיש, רעדט גריכיש, לעבט גריכיש. די וועלט ווערט געפאַנגען אינעם צויבערקרייז פון העלעניזם.

אויך קיין ארץ־ישׂראל רייסט זיך אַריין יוון. דאָ אַהער קומט ער מיט טומל און רויש, מיט אימפּעט און קוראַזש. דאָ האָט קעגן זיך יוון אַ שטאַרקן קעגנער. ירושלים איז די רעזידענץ פון אַ קעגנזעצלעכער קולטור. דערפון ווייסן גאַנץ גוט די העלענישע ריטערס. אָבער זיי פאַרשטייען אויך, וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקער טריומף־טאָג עס וואָלט פאַר זיי געווען ירושלימס קאַפּיטולאַציע. נישט קיין וווּנדער

וואָס זיי אַרבעטן אין לאַנד פון יהודה מיט דאָפּלטער ענערגיע. צו ערשט פאַר־לירט ירושלים די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. דאָס דאַרף זיין דער ערשטער שריט צו זיג. און צוזאַמען מיטן פרעמדן מונדיר וואָס באַווייזט זיך אויף די גאַסן פון דער יידישער הויפּטשטאָט, צוזאַמען מיט דער פיינטלעכער שווערד וואָס פּאַכעט איבער יידישע קעפּ, פאַלט אויך אויף זיי די פרעמדע קולטור און פרעמדע אָנשויונג.

זי האָט אַ רייץ די קולטור פון דער פרעמד. זי איז קודם־כּל: באַרימט. מיט איר קומט די גלאָריע (רום) פון אַזוי פיל אָפּגעהאַלטענע נצחונות. און דערצו שימערירט זי מיט אַזעלכע פאַרכּישופנדיקע פאַרבן. זי ציט אַרויס די מענטשן „פון קלעם” פון דער יידישער לערע. זי לאָזט דעם מענטש זיין פריי, צעהוליעט, צעזונגען, הפקרדיק, זי מאָנט נישט קיין חשבון, זי דערמאָנט נישט אין תכלית... און עס געשעט דאָס טרויעריקע: געוויסע יידישע קרייזן וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון דער העלענישער ציוויליזאַציע. עס מאַכן דעם פאַרברעכערישן שריט קודם־כּל די רייכע, די אַריסטאָקראַטן. זיי פאַרלאַנגען ערדישן גענוס און דאָס גיט זיי מיט דער פולער האַנט דער העלעניזם. אויף די פלעצער פון ירושלים ווערן אַרײַ־בערגעטראָגן די אָלימפּישע ספּאָרטשפּילן און פייערונגען ווערן אָפּגעריכט לכבוד דעם געץ פון שכּרות און ווילדער פרייד דיאָניזוס, און אַ קולט שאַפט זיך פאַר זעוסן, דער געץ איבער די געצן פון די העלענערס. יאָ, עס זענען ווייטער די הימלען בלוי און קלאָר — ארץ־ישׂראלדיק, אָבער די ערד און די מענטשן ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ מער גריכיש. עס וואַקסט די גייסטיקע דעמאָראַליזאַציע. זי דרינגט אַריין אַפילו אין די כּהנים־קרייזן. רופט זיך איינער יהושע, קלייבט ער זיך דווקא צו דעם גריכישן נאָמען „יאַזאָן”. שענער אַזוי, מאָדישער, שענער אַפילו פאַר אַ כּהן! עס זינקען טיילן פון פאָלק. און עס איז גרויס די געפאַר אַז זיי וועלן מיטשלעפּן אין זומפּ נאָך אַנדערע.

מיט 2100 יאָר צוריק באַגעגנט דער העלעניזם אַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד. עס וואַכט אויף דער יידישער זעלבסט־באַוווסטזיין. אין אַ שעה פון סכּנה הייבט זיך אָן דער געראַנגל פאַר יידישער גייסטיקער זעלבשטענדיקייט. שוואַכע חשמו־נאים־גרופּעס וואָגן צו פאַרפירן אַ קאַמף קעגן דער מעכטיקער העלענישער פאַר־פלייצונג.

זיי האָבן געוואָגט, נישט געקוקט אויף די מורמלערייען און פּראָטעסטן פון די אַסימילירטע טיילן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

די העלעניזירטע יידן האָבן וואָס אַ מאָל אָפענער גערעדט וועגן וואַרפן בריקן צווישן דער יידישער און גריכישער קולטור, וועגן אַדורכפירן אַ מין סינטעז צווישן יהודה און יוון...

די חשמונאים האָבן יעדן פּרווו פון סינטעז אָפּגעוואָרפן, יידנטום און העלע־ניזם זענען נישט בלויז צוויי גרונט־פאַרשידענע באַגריפן. עס זענען צוויי וועלט־אַנשויונגען, צווישן וועלכע עס ליגט אַ תהום.

דער העלעניזם איז פאַרבלענדנדיק. ער פאַרמאָגט אַ פאַרביקע ליטעראַטור, אַ רייכע פילאָזאָפיע, ער איז אָבער — פּוסט. אין זיינע טעמפּלען שפּאַצירן די געשפּענסטער פון אָפּגעטער. די רעליגיע פון די העלענער איז דאָס געצנדינסט.

אויבנאָן שטייען אין דער גריכישער קולטור די אלילים. אוממעגלעך צו גע־דענקען זייערע נעמען, אוממעגלעך אויסצורעכענען זייערע אַלע פונקציעס! זעוס איז דער העכסטער אָלימפּ־באַוווינער, האָט ער אַ ווייב, הייסט זי הערא, האָבן זיי אַ זון, העפאַסט, קען ער „מאַכן" די דונערן, און אַזוי ווייטער און ווייטער, אין זעלבן פּרימיטיוון נוסח, וויקלט זיך די גריכישע מיטאָלאָגיע. דאָס זענען די, וואָס האָבן „באַשאַפן" די וועלט, וואָס „פירן" מיט איר. אַ גרויל כאַפּט אַרום ווען מען קוקט זיך צו צום לעבן פון די אָפּגעטער. כל־דאָס־בייז טוען זיי אָפּ, אין קליינ־לעכע אינטריגעס זענען זיי פאַרוויקלט, טעג און נעכט שווינדלען זיי, נאַרן אָפּ, רויבן, גנבענען, מאָרדן... די מכלומרשטע „וועלט־פירערס" טוען אייגנטלעך דאָס זעלבע, וואָס די מענטשן אויף דער ערד. די גריכישע מיטאָלאָגיע איז אַ געשיכטע פון הפקרות, פון צעלאָזנקייט און זינד, אַ געשיכטע, וואָס איז נאָך גרויזאַמער, ווייל זי רעדט וועגן די, צו וועלכע די מענטשן דאַרפן קניִען און בעטן.

און קעגן אַזאַ פּרימיטיוון פּאָליטעיִזם (עבודה זרה) איז געשטאַנען דער יידי־שער רעליגיעזער בליק. די אידעע פון מאָנאָטעיִזם, פון גלויבן אין איין גאָט. דער געדאַנק, אַז דער ווילן וואָס פירט מיט דער וועלט איז אַ העכערער ווילן, אַז דער אויטאָריטעט וואָס וואַכט אויף די מענטשלעכע מעשים איז העכער פון מענטש, העכער פון קערפּערלעכן, פון זינדיקן, פון מאַטעריעלן, העכער בכלל פון די מענטשלעכע באַגרענעצטע באַגריפן...

דער דאָזיקער עיקר־אונטערשייד אין דער רעליגיע פון יידנטום און העלעניזם פירט צו ווייטערדיקע, גאָר נישט קיין קלענערע קאָנטראַסטן.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די גריכישע מאָראַל? — אין די ערשטע תקופות פון דער גריכישער קולטור האָט זי לגמרי נישט עקסיסטירט. עס האָבן וועגן מאָראַל נישט געוווּסט די דיכטער, עס האָבן זיך אין דער עטיק נישט גע־חקרנט די דענקערס. און אַפילו שפּעטער, אין די צייטן פון פּלאַטאָן און אַריסטאָ־טעלעס, די פילאָזאָפן פון גריכנלאַנד, האָט זיך די מאָראַל נישט געקענט פונ־אַנדערוואַקסן, ווייל איר פונדאַמענט איז געווען אַ צעפּוילטער.

אין דער יידישער לערע איז מאָראַל געקניפּט און געבונדן מיט רעליגיע. מער: זי איז אַ רעזולטאַט פון גלויבן. דו מוזסט זיך פירן גערעכט, גוט, יושרדיק, ווייל עס איז דאָ אַן אויג וואָס זעט, אַן אויער וואָס הערט און אַ האַנט וואָס פאַר־צייכנט. אין די העלענישע טראַקטאַטן ווערט אַזאַ געדאַנק קיין מאָל נישט אַרויס־

געזאָגט. ער קען נישט אַרויסגעזאָגט ווערן. וואָרום אין דער העלענישער וועלט־אַנשויונג פעלט יענע העכערע קראַפט, וואָס זעט, הערט און פאַרשרייבט. עס פעלט די געטלעכע אידעע. עס קען ממילא נישט זיין דאָס בילד פון אַ מאָראַלישן, פאַר זיינע מעשׂים פאַראַנטוואָרטלעכן מענטש. די העלענישע מאָראַל האָט נישט קיין אָנהאַלט און אויך נישט קיין אינהאַלט.

מען דאַרף זיך נישט וווּנדערן אויף יענע העלענישע קעניגן וואָס האָבן זיך דערקלערט אַלס אָפּגעטער און געהייסן ברענגען צו זיך קרבנות. מען דאַרף נישט מיינען, אַז דער טיראַן אַנטיוכוס עפּיפאַנוס, למשל, וואָס האָט באַפוילן אַז אַלע העלענער זאָלן דינען צו אים איז געווען געריררט פון זינען. דאָס דאַזיקע „משוגעת" איז אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון גאַנצן גריכישן וועלטבליק. דען מיט וואָס, מישטיינס געזאָגט, איז דער ערדישער אימפּעראַטאָר ערגער פון הימלישן „העך־שער"? — ביידע טוען זיי אָפּ די אייגענע זינד, ביידע זאָרגן זיי פאַר די קערפּער־לעכע הנאות, ביידע זינקען זיי אין שמוץ און מאָראַלישער זומפּ. און פאַר וואָס דווקא — האָט עס געמוזט פאַרדריסן דעם העלענישן קעניג — ווערן טעמפּלען געבויט פאַר זעוסן און נישט פאַר אַנטיוכוסן?...

און נאָך אַזוי פיל שאַרפע קעגנזאַצן טיילן אָפּ דאָס יידנטום פון העלעניזם! ווער איז דער בעסטער, דער אויסגעוויילטער מענטש ביי די העלענער? — דער פיזיש שטאַרקער, דער פאַרשוין מיט די געזונטע קולאַקעס. ער באַקומט לאָרבער־קראַנצן. אים האָבן ליב די אָפּגעטער. ווען גייט דאָס אָן וואָס ער איז פאַר־דאָרבן, דער דאַזיקער העלד, וואָס זיינע הענט זענען באַשמוצט מיט אומשולדיק בלוט? ער איז קערפּערלעך שיין, גוט געבויט — זאָל ער לעבן! דער באַרימטער גריכישער גיבור הערקולעס האָט אַפילו זוכה געווען אָנערקענט צו ווערן אַלס געץ. אין דער העלענישער קולטור ווערן פאַרהערלעכט די מענטשלעכע ליידנשאַפטן, ווערן געזונגען אָדעס צו דעם וואָס איז ברוטאַל רוי, ווילד, צו דעם וואָס איז אַ „נאַטורקינד".

מיט אַנדערע איבערצייגונגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן די מענטשן פון ירו־שלים. דאָ האָט מען געזאָגט, אַז די אויפגאַבע פון מענטש איז זיך אויפצוהייבן איבערן קערפּערלעכן, איבערן מגושמדיקן. דאָס יידנטום האָט געבערענגט דעם באַגריף פון גייסט און די אידעע פון קדושה. דער מענטש מוז שטרעבן צו הייליקס. ער טאָר נישט זיין דער שקלאַף פון זיינע ליידנשאַפטן. ער מוז באַזיגן די שטים פון דער נאַטור וואָס שרייט אין אים. ער מוז גובר זיין דאָס שלעכטע און שטייגן אומאויפהערלעך אַרויף. דאָס איז דער שטאַרקסטער פון אַלע נצחונות — דער נצחון איבער זיך אַליין. דאָס איז דער העכסטער פון אַלע אידעאַלן — לעבן אין גלויבן אין גערעכטיקייט, לעבן הייליק.

און לאָמיר זיך באַנוצן מיט די טערמינען וואָס ווערן גענוצט אין דער פילאָ־זאָפיע. אין יידישן וועלטבליק געפינט זיך דער פרינציפּ „דעוס מענסוראַ", דער

מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין געטלעכן בילד, „בצלם אלוקים", דערפון נעמט זיך דער דראַנג צו העכערקייט אינעם מענטש; דאַקעגן די העלענישע אָנשויונג האַלט: „האָמאָ מענסוראַ", דער מענטש שאַפט זיך דעם אָפּגאָט לויט זיין אייגענעם מוסטער, דערפון — זיין קייקלען זיך באַרג אַראָפּ.

די העלענערס איז אויך פרעמד געווען די בענקשאַפט נאָך צייטן, ווען מענטשן וועלן זיך מער נישט קריגן און שלאָגן, ווען גערעכטיקייט און אייביקער פרידן וועלן הערשן אין דער וועלט. די צוקונפט־שטרעבונגען געהערן נאָר צו די יידישע נביאים. פאַר די העלענערס האָבן די דאָזיקע האָפענונגען געקלונגען אויסטערליש און אומפאַרשטענדלעך.

דער דיכטער פון העלעניזם אַנאַקרעאָן זאָגט אין זיינע צעהוליעטע „וויין־לידער": „היינט טרינקען מיר, היינט שפּילן מיר, היינט לאַכן מיר, היינט"!... נישט קיין העכערע אידעע רעדט פון דער „איליאַדע"־עפּאָפּייע פון גריכנלאַנדס באַרימטסטן דיכטער האָמער. עס רעדט פון איר בכלל קיין שום אידעע נישט. האָמער באַזינגט אַ לאַנג־יאָריקע גרויזאַמע מלחמה, ער באַשרייבט דעם קריג אין אַלע דעטאַלן. אויף וועמענס זייט איז האָמערס סימפּאַטיע? אפשר אַ מאָל אויף דער זייט פון גערעכטן? — ניין. דער דיכטער פאַרערט דעם שטאַרקן. קיין אַנדערע זאַך האָט נישט פאַר אים קיין באַדייטונג אַ חוץ — כּוח. דער וואָס קען שלאָגן, דער בלייבט גערעכט.

אין יענע געראַנגלען פון פאַר צוויי טויזנט און הונדערט יאָר צוריק האָבן נישט בלויז צוויי פעלקער זיך פאַרמאָסטן. עס איז געווען אַ היסטאָרישער קאַמף צווישן דער קולטור פון יהודה און דער קולטור פון יוון, צווישן מאָנאָטעיִזם און עבודה זרה, צווישן היבער עטיק און מאָראַלישער צעפוילטקייט, צווישן גייסטי־קער קולטור און וואָכעדיקער ציוויליזאַציע.

גיבורים פון גייסט זענען געשטאַנען קעגן העלדן פון דער פויסט.

אַ ווונדערלעכער זיג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן. אַ נס איז געקומען. די גייס־טיקע זעלבשטענדיקייט פון יידנטום איז געוואָרן געראַטעוועט.

דער נס פון פאַר צוויי טויזנט און הונדערט יאָר צוריק חזרט זיך כּסדר איבער אין דער יידישער געשיכטע.

עס איז ווי אַ לייט־מאָטיוו פון אונדזער דורותדיקער עקסיסטענץ:

אַ פרעמדע קולטור רייסט זיך אַריין. אַ קולטור, וואָס איז על פּי רוב די זעלבע העלעניסטישע, וואָס אַמאָל. די זעלבע הפקרדיקע, די זעלבע מאָראַללאָזע. און פּונקט אַזוי פאַרבלענדנדיק. און זי באַדראָט דאָס יידנטום. דאָס פאָלק איז שוואַך, אָפּהענטיק, הילפלאָז. אָט ווייזט זיך אויס: די געשיכטע פון יידישער גבורה

איז פאַרענדיקט. און מיט אַ מאָל —וואַכט אויף דאָס פאָלק. ווי דער וואלד וואָס טרייסלט זיך אויף צום לעבן אין די ערשטע פרילינג־טעג. אַ שטורעם רודערט אויף די יידישע מחנה. דער יידישער זעלבסט־באַוווסטזיין איז אויפגעוועקט. ווידער איז דאָס פאָלק שטאַרק און ווידער יונג און שעפעריש, ווי אין זיינע חנוכה־טעג פון פאַר צוויי טויזנט און הונדערט יאָר...

# פון אַליפאַנט ביז טשעמבערליין

פון אַליפאַנט ביז טשעמבערליינען איז נישט נאָר קיין ווייטער צייט־מהלך. קוים 50 יאָר טיילן אָפּ צווישן די דאָזיקע צוויי מענער. אָבער עס איז דאָ אַן אַנדער מרחק.ביידע דאָזיקע מלוכה־מענער האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער ארץ־ישׂראל־פראַגע. און דאָ איז דער תהום וואָס טיילט אָפּ איינעם פון צווייטן. אמת: טשעמבערליין פאַרנעמט אַ העכערן אָרט אין דער בריטישער מלוכה־היעראַרכיע, ווי עס האָט אין זיין צייט פאַרנומען אַליפאַנט. אָבער אויך אַליפאַנט איז געווען אַ באַדייטנדיקער מלוכה־מאַן און ער האָט וויכטיקע מיסיעס דערפילט פאַר ענגלאַנד. אויפן ארץ־ישׂראל־פראָנט טרעפן זיך ביידע צונויף. אָבער טאַקע דאָ גייען זיי זיך אויך שאַרף פונאַנדער.

עס זענען פאַראַן צופאַלן וואָס זענען בעצם מער ווי צופאַלן, וואָס וואַרפן אַ שאַרפן שייַן אויף דער ווירקלעכקייט. גראָד אין דער זייט פון די לאָנדאָנער געשפרעכן אַרום דער ארץ־ישׂראל־פראַגע, איז אויסגעפאַלן דער פופציקסטער יאָרטאָג נאָכן טויט פון לאָרד לאָרענס אַליפאַנט. לאָרד אַליפאַנט איז דער ערשטער ענגלישער מלוכה־מאַן וואָס האָט אין דער בריטישער פאָליטיק אַריינגעברענגט דאָס פראָבלעם: פאַלעסטינע. אין די טעג, ווען די בריטישע פאַראינטערעסירונג מיט א״י נעמט אָן אַזאַ אויסטערלישע ווענדונג, ווען די פייערלעכע צוזאָגן אויפצובויען אַ „נאַציאָנאַלע היים״ פאַרן היימלאָזן יידישן פאָלק ווערן צביעותדיק פאַרקריפלט און געשענדט, ווען אין לאָנדאָן ווערן געמאַכט פרוּוון איבערצוחזרן אויף פאַר ארץ־ישׂראל אַ מינכען־שפּיל נומער צוויי, גראָד אין די דאָזיקע טעג איז אַריבער דער פופצנסטער יאָרצייט נאָך אַליפאַנט.

אָבער עס איז בעצם נישט בלויז ארץ־ישׂראל, וואָס שווימט אַרויס אין אַ מערקווירדיקן שייַן צוליב דער דאָזיקער פאָליטיק, גאַנץ גרויס־בריטאַניע ווערט מאָדנע באַלויכטן.

פופציק יאָר. ווי ווייט איז ענגלאַנד אַוועק פון דער תקופה. עס זענען דאַן נישט געווען קיין פרעמיערן אין לאָנדאָן, וואָס זאָלן איבערגיין מיט אַ זאַנפטן שמייכל איבער אויפשטאַנדן, וואָס זענען דאָך קעגן זיי אויפגעוועקט געוואָרן. עס דאַן נישט געווען קיין מלוכה־לייט וואָס זאָלן ביי זיך מסכּים זיין זיך צו זעצן

אונטערהאַנדלען מיט רוצחים, וואָס האָבן דאָך נישט נאָר יידן, נאָר אויך נישט ווייניק ענגלענדער, ענגלישע באַאַמטע — און פּאָליציאַנטן, אויסגעמאָרדעט. און עס זענען אַוודאי דאַן נישט געווען די פירערס פון דער בריטישער אימפּעריע אָט אַזעלכע, וואָס זאָלן צוליב עפּעס אויסטערלישע שלום־אילוזיעס, צוליב אַן עורבא־פּורחא פון „שלום" ביי זיך פּועלן צו פאַרהאַנדלען און פאַרשאַכערן פעלקער און לענדער און איבערלאָזן הפקר די פעלקער, וואָס האָבן זיך אין זיי אָנגעטרויט. „דער טאָן מאַכט די מוזיק" — זאָגט דאָס אַלטע שפּריכוואָרט. און עס איז געווען גענוג זיך צוצוהערן צום טאָן מיט וועלכן עס האָבן גערעדט די פירערס פון דער בריטישער אימפּעריע פאַר איניקע יאָרצענדליק, צום טאָן, אין וועלכן עס האָבן גע־פירט זייערע פּאָליטישע געשפּרעכן ד׳איזראַעלי, גלאַדסטאָן, צי אַפילו דער פאָטער פון מיסטער טשעמבערליין, דער אַלטער דזשאָזעף טשעמבערליין, און צום טאָן, וואָס אין אים רעדט היינט דער הער טשעמבערליין. ניין. עס זענען נישט פופציק יאָר. עס איז אַ מהלך וואָס מען קען אים קוים אין געדאַנק אַריבערשפּרינגען.

אָבער אינטערעסאַנט איז דאָך היינט זייער דאָס אויפמישן דאָס בלאָט פונעם לעבן און ווירקן פונעם לאָרד אָליפאַנט. אין לאָנדאָן זיצן איצט די הענדלערס און מעקלערס און פרווון פאַרמעקלען די גרויסע האָפענונג פון געפייניקטן יידישן פאָלק. אין לאָנדאָן מאַכן די דזשענטלמענער כלערליי באַמיִונגען צו פאַרלייקענען די הבטחה, וואָס זיי האָבן יידן געגעבן. מיר קוקן זיך צו איצט נישט צו זיי. מיר ברענגען אַרויף דעם אָנדענק פון אָליפאַנט. און ס׳איז ער, דער ענגלענדער אָלי־פאַנט, וואָס באַווייזט זיי אין זייער גאַנצער אומפאַרשעמטקייט און הוילער קאָמע־דיאַנטישקייט.

ווי געזאָגט: ער איז אפשר דער ערשטער פּאָליטיקער אין ענגלאַנד וואָס האָט געוואָנדט די אויפמערקזאַמקייט פון גרויס־בריטאַניע צום יידישן לאַנד.

אַ רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלט אין ענגלישן מלוכה־לעבן. איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פונעם ענגלישן לאָרדן־הויז אין פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט.

אָבער ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט דער א"י־פראַגע. געפירט אַן אַגיטאַ־ציע דאַן — מיט אַ זיבעציק־אַכציק יאָר צוריק — פאַר אויפריכטן אַ יידישע מדינה. געשטרעבט אויפצולעבן דאָס יידישע לאַנד און געווען אַ צייט, ווען דאָס איז געוואָרן זיין איינציקע שטרעבונג. דער אינטערעס פאַר ארץ־ישראל איז ביי אים געווען אַן אויסדרוק נישט פון פּאָליטישן ראָמאַנטיזם און נישט פון עפּעס אַ קאַפּריז, אויף וועלכן נאָר אַ לאָרד קען זיך דערלויבן. אַ יידיש ארץ־ישראל איז פאַרן לאָרד אָליפאַנט געווען אַ זאַך פון געוויסן און פון פּאָליטיק אין אמתן גרויסן סטיל.

דורך וועלכע וועגן איז אין זיין האַרץ אַריינגעדרונגען די דאָזיקע שטרעבונג? איר קענט פון זיינע שריפטן אַרויסלייענען פאַרשידענע דערקלערונגען.

קען זיין, אַז ער האָט דעם אימפולס פאַר אַ יידיש ארץ־ישראל באַקומען אין טערקיי. לאָרד אָליפאַנט האָט אין דיפּלאָמאַטישער שליחות געווײלט אין טערקיי, אין סמירנאַ, און ער האָט זיך דאָרט צונויפגעטראָפן מיט יידן, און זיי האָבן אים דערציילט די געשיכטע וואָס האָט טאַקע ביי זיי אין שטאָט — אין סמירנאַ — פּאַסירט. די געשיכטע מיט שבתי צבי, דער משיח השקר. אַזאַ שטאַרקן פסיכאָז איז דעם דאָזיקן אָפּנאַרער און פאַרפירער געלונגען אָנצוואַרפן אויף די יידישע מאַסן. אָבער וואָס איז געווען דאָס צויבערוואָרט פון דאָזיקן פסיכאָז? — דאָס וואָרט: ארץ־ישראל. דורכן דאָזיקן וואָרט זענען די דערדריקטע יידישע מאַסן אויפגעטרייסלט געוואָרן. דער פאַרפירער האָט צוגעזאָגט זיי צו פירן קיין ארץ־ישראל. דעריין — דער כוח פון זיין ווירקונג. יידן אין פוילן, אין אוקראַיִנע, אין דייטשלאַנד, האָבן זיך געשטעלט אויף זיין רוף. אין האַמבורג, למשל, האָבן יידן אַלץ פאַרקויפט, פאַרפאַקט זייערע זאַכן און וואָכן־לאַנג געזעסן אין פּאָרט, אויסקוקנדיק שבתי־צביס שיף, וואָס האָט זיי באַדאַרפט אָוועקפירן קיין ארץ־ישראל... אין מיטן ריזיקן טומלדיקן האַפן, צווישן די קוימענס פון די אָקעאַן־דאַמפערס און די קולות פון סירענעס, זענען יידן געזעסן אויף פעסער און געוואַרט אַז די שיף זאָל זיך באַווייזן, די שיף, וואָס איז נישט געקומען... אוממעגלעך, אַז לאָרד אָליפאַנט, וואָס איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט די יידן אין סמירנאַ, זאָל נישט פון זייער מויל האָבן געהערט אָט די און ענלעכע אַנדערע מעשיות פון יענער עפּאָכע פון שטורעם און בענקשאַפט. און זיכער: לאָרד אָליפאַנט האָט פון די דאָזיקע געשיכטעס אַרויסגעפילט נישט בלויז דעם ביַיגעשמאַק פון אַן אָפּערע, נאָר אויך וואָסער כוח דאָס וואָרט „ארץ־ישראל" פאַרמאָגט פאַר די מיט צער אָנגעלאָדענע, פון אומרעכט צעריסענע און צעפלאָגטע יידישע מאַסן. און אפשר שטויסט אים טאַקע דאָס זיך צו וואַרפן אין דער אַרבעט אויפצולעבן אַ יידישע מדינה אויף די ברעגן פון ירדן...

קען אויך זיין, אַז זיין אינטערעס פאַר ארץ־ישראל איז געווען אין דער ערשטער ריי אַ פּאָליטישער. דער ווילן צו באַזיצן די אַזוי סטראַטעגיש וויכטיקע פונקטן פון ארץ־ישראל איז אין גרויס־בריטאַניע נישט ניַי. אויך אין פאַריקן יאָרהונדערט איז ער נישט אין מוח פון איין מלוכה־מאַן אויפגעשטיגן. אַ שטיק איז ארץ־ישראל געווען די סיבה פון דער שינאה וואָס האָט אין דער שטיל געברענט דאַן צווישן דייטשלאַנד און ענגלאַנד. איבער א"י האָט טאַקע צו יענער צייט רעגירט דער טערק. אָבער ס'איז קלאָר געווען, אַז דער טערק וועט לאַנג זיין ממשלה דאָ נישט אָנהאַלטן. און ווער זאָל זיך טיילן מיט דער ירושה — דאָס איז געווען איינער פון די שטרייטפונקטן וואָס האָבן צעטיילט דייטשלאַנד און ענגלאַנד.

פאַר לאָרד אָליפאַנט איז די אידעע צו וועקן דעם ענגלישן אינטערעס פאַר ארץ־ישׂראל געווען בלי־ספק אויך פאַרבונדן מיט רעאַלער זאָרג פאַרן ווּקס פון גרויס־בריטאַניע. אַזוי איז דאָס געווען ביי אַלע ענגלישע פּאָליטיקערס פון די פריִערדיקע דורות. פאַר 50 יאָר. און אַפילו פאַר 20. היינט האָט די אידעע אויפ־געהערט צו עקסיסטירן פאַר די בריטישע פּאָליטיקערס. און צו מאָל די זאָרג פאַר ענגלאַנדס אינטערעסן פאַרשווינדט. וואָרום געניי ווי ס'איז שווער צו ענטפערן, וואָסער „נוצן" ענגלאַנד האָט געהאַט פונעם פאַרשאַכערן אַביסיניע, שפּאַניע, טשעכאָסלאָוואַקיע, געניי אַזוי איז שווער צו זאָגן וואָסערע נוצן זי וועט ציִען פונעם קי־האַנדל וואָס זי וויל איצט אַדורכפירן אין ארץ־ישׂראל. געוויס. טשעמ־בערליין מאַכט אַ געוויסן רעכענונג אָבער דער רעכענונג איז פאַלש. לאָרד אָלי־פאַנט פאַר 50 יאָר האָט אַ קליגערן רעכענונג געמאַכט.

נאָר — צו וואָס זיך גריבלען אין די מאָטיוון וואָס האָבן דעם לאָרד אָליפאַנט געשטויסן זיך צו פאַרנעמען מיט דער א"י־פראַגע ? — גלייכער דערציילן. בפרט, אַז די דערציילונג איז אַזוי שפּאַנענדיק.

לאָרד אָליפאַנט איז אויפגעוואַקסן אין קעפּטאַון, די הויפּטשטאָט פון דער ענגלישער קאָלאָניע אין דרום־אַפריקע. אָבער שוין אין דער יוגנט איז ער צע־טראָגן געוואָרן פון עפּעס אַן אומרו. ער האָט אין דער קאָלאָניע נישט געוואָלט פאַרבלייבן. ער קומט קיין לאָנדאָן. ער איז באַגאַבט, טאַלענטירט. דער ערשטער דערקענט זיך אויף זיינע פעיִקייטן ד'איזראַעלי, וואָס פירט דאָ אָן מיט דער ענג־לישער פּאָליטיק. אָליפאַנט ווערט אַמבאַסאַדאָר אין יאַפּאַן. ער באַקומט אויך די אויפגאַבע צו פאָרן אין פאַרשידענע דיפּלאָמאַטישע מיסיעס. ווען אָליפאַנט קערט זיך דערנאָך אום קיין ענגלאַנד איז שוין דאָ זיין נאָמען גענוג פּאָפּולער. ער שטעלט אַרויס זיין קאַנדידאַטור צום פּאַרלאַמענט. ער ווערט געוויילט. ער הייבט אָן שפּילן אַ ראָל אין דער מלוכה. דער עיקר וואַקסט אויס זיין ראָל בעת דעם רוסיש־טערקישן קריג אין יאָר 1879. ענגלאַנד וואָלט זיך געוווּנטשן, אַז רוסלאַנד זאָל די שלאַכט פאַרשפּילן און לאָרד אָליפאַנט פירט אויס אַ ריי געשיקטע פּאָלי־טישע שאַך־צוגן.

פאַר ארץ־ישׂראל האָט ער שוין דאַן אינטערעס. לאָרד אָליפאַנט פרווּט איבער־צייגן דעם טערקישן סולטאַן, וואָס אין זיין באַזיץ געפינט זיך דאַן פּאַלעס־טינע, אַז אויב טערקיי וויל אויסוואַקסן, דאַרף זי שאַפן אַ יידיש אויטאָנאָמיש לאַנד אין ארץ־ישׂראל. ער זאָגט די טערקישע פּאָליטיקערס, אַז פאַר טערקיי וואָלט דאָס געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. יידן וואָלטן טאַקע געווונען די מעגלעכ־קייט אויפצובויען אַ היים אין ארץ־ישׂראל, אָבער אַ דאַנק דער יידישער אויפבוי־

אַרבעט וועט דאַך ארץ־ישׂראל אויפבליִען. די טערקן זענען פויל און יידן קענען זיי שטאַרק נוצן ברענגען. יידן וועלן פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען, רעגו־לירן די קוואַלן און וואַסערן, באַפרוכפערן די ערד. יידן קענען בכלל אַריינברענ־גען אַן אויפשוווּנג אין דער ווירטשאַפט פון טערקיי. דער סולטאַן וואָלט אַלץ געדאַרפט טאָן, כּדי צו שאַפן באַדינגונגען פאַרן אומקער פון די יידן אין זייער היסטאָריש לאַנד.

אַזוי זאָגט לאָרד אַליפאַנט. אָבער מ׳הערט אים נישט. דאַן הייבט ער זיך אויף און פאָרט מיט זיין פּלאַן אַריבער קיין לאָנדאָן. אפשר וועט די ענגלישע מלוכה מסכּים זיין זיך דערין צו אַנגאַזשירן. ער אַפּעלירט צום מלוכה־פאַרשטאַנד באַ־ווייזנדיק, אַז ס׳איז בכלל זייער גוט פאַר ענגלאַנד זיך אָנצוהייבן „מישן״ אין „ארץ־ישׂראל״. ער אַפּעלירט אויך צום מענטשלעכקייט־געפיל. ווי היינט, לעבט דאַן די וועלט אונטערן צייכן פון דער פּליטים־טראַגעדיע, הגם נישט אַזאַ ריזיקע ווי היינט. אין רוסלאַנד ברעכן אויס פּאָגראָמען. אַ סך יידן נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. די וועלט שטייט נאָך דאַן אָפן. ס׳איז דאָ וווּהין צו וואַנדערן. אָבער מיט מערקווירדיקער ווייט־בליקנדיקייט שרייבט אַליפאַנט, אַז מען קען נישט דערלאָזן אַז די אויסוואַנדערערס זאָלן זיך צעשפּליטערן און פאַרן יעדער איינער אין באַזונדערע לענדער. ארץ־ישׂראל מוז זיין דאָס אָרט, וואָס וועט די וואַנדע־רערס אויפנעמען. אַ יידישע היים אין היסטאָרישן יידישן לאַנד — אָט איז דער ענטפער אויף דער יידישער נויט.

און מ׳פאַרשטייט אים דאַן אין לאָנדאָן. אָבער אויב מ׳אַנגאַזשירט זיך נישט איז עס דערפאַר, ווייל מען וויל נישט איינרייסן מיטן סולטאַן. מ׳וואַרט אויף אַ פּאָליטיש־גינסטיקן מאָמענט.

לאָרד אַליפאַנט האַלט, אַז זיין אויפגאַבע מוז זיין צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דעם מאָמענט, וואָס וועט דאָך סוף־כּל־סוף אָנקומען. ער שרייבט דעריבער ביכער, אין וועלכע ער אַנטוויקלט זיינע פּלענער. אָבער ער וויל זיי נישט שרייבן אונטער דעם נעפּלדיקן לאָנדאָנער הימל. ער לאָזט זיך אַוועק קיין ארץ־ישׂראל. ער וויל איינזאַפּן אין זיך די ארץ־ישׂראלדיקע ווירקלעכקייט, אָנטרינקען זיך מיט די שטראַלן פון דער א״י־זון, אַדורכגעדרונגען ווערן מיט דער גאַנצער טרוימערישקייט פון יידישן לאַנד. נאָר ווען ער וועט שרייבן זיינע ווערק אין ארץ־ישׂראל, וועט ער פאַרשטיין די מאַגנעטישע קראַפט וואָס ציט די יידישע הערצער צום לאַנד פון דער פאַרגאַנגענהייט.

לאָרד לאָרענס אַליפאַנט פאָרט קיין ארץ־ישׂראל צוזאַמען מיט זיין פרוי. זיי באַשטימען דאָ זיך צו באַזעצן. און זיי וווינען אין חיפה, נעבן הר־הכּרמל. פרוי אַליפאַנט איז געווען אַ באַרימטע פּיאַניסטין. אונטערן איינפלוס פון איר מאַן איז זי אויך באַגייסטערט געוואָרן פאַר דער אידעע „צוריקצופירן די קינדער פון ישׂראל אין הייליקן לאַנד״. זי האָט אין ארץ־ישׂראל בכלל זיך נישט געוואָלט

פאַרנעמען מיט מוזיק. זי האָט געזאָגט: איך קען נישט שפּילן אינעם לאַנד וואָס שטייט עלנט און חרוב און בענקט נאָך זיינע קינדער...

אין א״י ווידמעט זיך לאָרד אַליפאַנט דער ליטעראַרישער טעטיקייט. ער שרייבט וואָס א״י איז און וואָס זי דאַרף זיין. ער ציקלט אויס פּרעכטיקע היסטאָרישע מיניאַטורן, שרייבט מיט רירנדיקער אויפריכטיקייט וועגן יידישן באַגינען. אמת, ער באַדויערט פאַר וואָס די א״י־פראַגע געפינט נאָך איצט נישט קיין אויפמערקזאַמקייט אין דער וועלט. אָבער ער איז זיכער, אַז זי וועט נאָך מיט דער צייט אַרויסשווימען, און עס וועלן די מענטשן דערזען וואָסער גלאַנץ פון גערעכטיקייט און שיינער מענטשלעכקייט עס טראָגט זיך פון דער דאָזיקער אידעע. לאָרד אַליפאַנט אַנטוויקלט זיינע שטרעבונגען. מיט פּאַטאָס און ליריזם, אָבער אויך מיט זעלטענער איינפאַכקייט. און דווקא אין דער פּשטות — זייער שיינקייט.

און קומט אָן אַ פּסח, פאָרט ער אַריבער קיין ירושלים. דאָ פאַרברענגט ער צווישן יידן דעם סדר. און ער זאָגט זיי, און ער פאַרזיכערט, און ער מונטערט, אַז זיין גלויבן איז שטאַרק, אַז ענגלאַנד און יידן וועלן נאָך בשותפות אין דער צוקונפט אַ סך אויפטאָן אין ארץ־ישראל...

פאַרשטייט זיך: ער איז מיט זיין חלום געשטאָרבן. געקוקט אין די זון־אויפגאַנגען וואָס כישופן זיך אַרויס פון די הרי־יהודה, און געגלויבט, אַז אַזאַ זון־אויפגאַנג רוקט אויך אָן פאַר די וואָגלענדיקע קינדער פון יהודה. און אַזוי גלויבנדיק — איז ער אַוועק פון דער וועלט. ער, דער ערשטער, וואָס האָט צווישן די ענגלישע פּאָליטיקערס אַזאַ גרויסן און טיפן אינטערעס געטראָגן פאַר אַ יידיש ארץ־ישראל.

פון אַליפאַנט ביז טשעמבערליין — אָבער דאָס זענען נישט פופציק יאָר. דאָס איז אַ תהום. און דער תהום ווערט אַלץ טיפער פון טאָג צו טאָג.

## אַט אין וואָס די ענדערונג באַשטייט

אַ שווערער אומעט דריקט אונדזער געמיט, ווען מיר מישן אויף אין זכרון די אַלע איבערלעבענישן אונדזערע אינעם יאָר וואָס גייט היינט אַוועק, און ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג וועגן די געפאַרן וואָס דראָען אונדז אינעם אָנקו־מענדיקן יאָר.

מיט אַ שטורעמדיק און אומרויִק יאָר שיידן מיר זיך היינט. אויפטרייסלענ־דיקע דראַמעס, דערשיטערנדיקע טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט. מיר האָבן איבערגעלעבט טעג פון גרויסער וועלט־קאַטאַסטראָפע, פון שטאַרקע וועלט־ליידן און טיפע וועלט־שמערצן. אויף טריט און שריט איז דאָס לעבן אויפגעשווידערט געוואָרן פון שאַרפע קאָנפליקטן און דערציטערט געוואָרן פונעם מבול סקאַנדאַלן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. די וועלט איז אַריינגעפאַלן אין אַ מין קאָשמאַר־צושטאַנד, פעלקער און מלוכות וואַרפן זיך ווי געריטע, ווי פאַרלוירענע, ווי חסר־דעהדיקע...

און פון דעם כאַאָטישן און צעמישטן יאָר גייט קודם־כל אונדזער פאָלק־נשמה אַרויס אַ צעבלוטיקטע און פאַרוווּנדעטע.

אין וואָס באַשטייט דאָס אויסטערלישע שלעכטס פון דעם פאַרלוירענעם יאָר? עס איז נישט אַזוי אין גאַנצן לייכט צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע. איז דען דאָס לעצטע יאָר ווירקלעך געווען דאָס שטורעמדיקסטע אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע? זענען דען נישט געווען צייטן, ווען די וועלט האָט זיך פונקט ווי איצט געקאָרטשעט פון ווייטיק און גרויל, געוואַקלט זיך, געוואָרפן זיך ווי אין שגעון? די קולטור פון אייראָפּע איז צעפוילט, די קולטור פון אייראָפּע פאַלט זיך פונאַנדער. אָבער דאָס איז דאָך נישט דער ערשטער פאַל אַז אַ קולטור, אַז אַ ווירטשאַפטלעכער סיסטעם, וואָס האָט אַמאָל געבליט, זאָל צוקומען צו אַ צושטאַנד פון דעגענערירן און פוילן און ביסלעכווייז אין גאַנצן אונטערגיין, אין גאַנצן אָפּשטאַרבן. רוים האָט פאַרמאָגט אַ מעכטיקערע קולטור, רוים האָט געבילדעט אַ פיל שטאַרקערע און פעסטערע אימפּעריע און האָט אויך נישט געקאָנט אויס־מיידן דעם אומפאַרמיידלעכן צעפאַלונג־פּראָצעס. ווער ווייסט, צי נישט אין דעם שטענדיקן אויפברויז, אין די קאָנוווּלסיעס אין וועלכער די מענטשהייט וואַרפט

זיך אין אַלע צייטן און דורות, באַשטייט דער רייץ פון דער געשיכטע. מיר פילן, ווי אין אונדזער תקופה ציטערט די ערד, אָבער דאָס איז דאָך ווייט נישט די ערשטע און מן־הסתם אויך נישט די לעצטע „ערד־ציטערניש”. דאָס איז דער אייביקער לויף, דער אייביקער קרייז. און פאַר וואָס זענען מיר אַזוי דערשיטערט, פאַר וואָס דאַכט זיך אונדז אַז דאָס לעצטע יאָר ברענגט אַזוי פיל אומהיימלעכע זאַכן און אויף אונדזערע פּנימער מאָלט זיך אַ שרעק פאַר דער צוקונפט?

אַנטיסעמיטיזם? דאָס פאַרלאָפענע יאָר איז געווען אַ יאָר פון ווילדן, צעבו־שעוועטן אַנטיסעמיטיזם, פון סקאַנדאַליעזער און צעוואָרעמטער יידן־העצע? אָבער ווען, אין וועלכער צייט, האָט מען זיך עס מיט אונדז געצערטלט? ווען, אין וועלכער תקופה, האָט מען אונדז נישט געשלאָגן, האָט מען נישט אויפגעהויבן אַ האַק איבער אונדזער קאָפּ? פאַר וואָס האָט אונדז אַזוי טיף אין האַרץ פאַרוווּנדעט דער גירוש־דייטשלאַנד, אונדז, די אייביקע נע־ונדניקעס, די שטענדיקע גולים, די אויסגעפּרוּווטע מיט צרות און ליידן? אַ שאָטן פון ווילדע העצעס איז אויס־געלייגט אויף אונדזער גאַנצער געשיכטע, און אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן לגבי אונדז אין די לעצטע חדשים איז בלויז אַן איבערחזרונג פון אַן אַלט באַקאַנטן אַכזריותדיקן פּאָגראָם. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך שוין פון לאַנג אַרויסגעוויזן פאַר אַ טייער מיטל צו זאַמלען אַרום זיך גרויסע מאַסן, צוצוציִען צו זיך דעם המון. פון שטענדיק אָן האָבן די דעמאַגאָגן, וואָס האָבן צום שאַרפסטן געקריצט מיט די ציין אויף יידן, געשאַפן ריזיקע באַוועגונגען און זיך אַרויפגעריסן אויפן העכסטן שטאַפּל פון מאַכט. אַ העצע קעגן יידן איז דער אויסגעצייכנטער וועג צו מאַכן אַ קאַריערע אַזוי פאַר יחידים, אַזוי פאַר פּאַרטייען. די יידן־פרעסערישקייט באַווייזט וווּנדער, גלייך ווי אַ געהיימנישפולער וווּנדערבאַרער שפּרוך. און נישט היטלער האָט אַנטדעקט, אַז אַ דאַנק דעם אַנטיסעמיטיזם קאָן מען זיך באַקוועם באַהאַלטן אונטער אַ נעפּל פון גאָרנישט זאָגנדיקע פראַזן, פון שקר און צביעות...

ניין, נישט היטלערן קומט דער דאָזיקער „דערפינדונג־פּאַטענט”. אין אַלע יאָרן האָבן די צוררי־היהודים מיטן פייגנבלאַט פון אַנטיסעמיטיזם פאַרדעקט זייער אייגענע חרפּה, פאַרשלייערט די אייגענע פּוסטקייט און אידעענלאָזיקייט. מיט אַ ציניִשן שמייכל האָבן זיי געטריבן די אומזיניקסטע העצעס, ווייל דער כאָם איז געווען זיכער אין זיין דערפאָלג, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער וועג פירט באַשטימט צו — טריומף. וויפל מלוכות, וויפל רעגירונגען האָבן זיך שוין געפּרוּווט ראַטעווען אָנכאַפּנדיק זיך אין יידנהאָס? דאָס איז אַזוי אָפן און קלאָר פאַר אַלעמען, אַז אויך אין אַ בוך פון אַ נישט־ייד, אין דער דערציילונג פונעם פראַנצויזישן שריפטשטעלער אַנאַטאָל פראַנס „מעסיע בערזשערטע אין פּאַריז” (אַ דערציילונג וועגן דער דרייפוס־אַפּערע), געפינען מיר אַזאַ כאַראַקטעריסטיש געשפּרעך צווישן עטלעכע רעאַקציאָנערן, ווי זיי זאָלן צום קליגסטן טרייבן פּראָ־פּאַגאַנדע.

זאָגט איינער:

— די בעסטע זאַך איז צו שרייען: זאָל לעבן די גרויסע, די רומפולע אַרמיי! פּאַטריאָטיזם האָט אַ באַצויבערנדיקע ווירקונג אויף די נאַרישע מאַסן...

רופט זיך אָן אַ צווייטער, אַ מער דערפאַרענער שווינדלער:

— ניין, דאָס איז נישט גענוג. דאָס קענען אַנדערע אויך שרייען. מען דאַרף שרייען: „ראַטעווע דאָס פאָטערלאַנד" און גלייכצייטיק צוגעבן: דער שונא איז דער ייד; ער פאַרקויפט אייך, ער פאַרראַט אייך, ער באַשווינדלט אייך, דער ייד... דאָס וועט זיכער ווירקן...

און ער איז געזעכט געווען. דער יידישער מאָטיוו האָט געווירקט ביי דער דרייפוס־אַפערע. דער יידישער מאָטיוו ווירקט אומעטום און שטענדיק, די דער־פאַרענע פאַרגיפטערס ווייסן ווי אַזוי צו מישן זייער גיפט... און פאַר וואָס ווערן מיר אַזוי איבעראַשט פון דער היטלעריסטישער טאַקטיק, פאַר וואָס דערשיטערן אונדז די היטלעריסטישע מעטאָדן און פאַר וואָס קלאַפּט אין אונדזער האַרץ אַזאַ שטאַרקער אומרו און באַהערשט אונדז אַזאַ טיפער טרויער?

מיר זענען אַנטוישט, וואָס נאָך אַלע דעראָבערונגען פון מענטשלעכן גייסט איז מעגלעך אַז אויפן טראָן פון אַן אייראָפּעיִשער ציוויליזירטער מלוכה זאָל זיצן אַ רוצח, אַ מערדער, אַ בלוטיקער טיראַן. מיר זענען אַנטוישט וואָס דער באַרבאַ־ריזם האָט אויפגעוואַכט. דאָס לעצטע יאָר איז באַפלעקט מיטן בלוט פון אומשול־דיקע מענטשן. די גערעכטיקייט איז געוואָרן געשענדט. עס ברענט די חרפה פון דער אומגעהויערער צאָל ווילדע אַקטן און מעשׂים. אַ פינצטערע צייט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אָבער די וועלט האָט דאָך שוין געזען אַזעלכע פינצטערע צייטן. היטלער איז דאָך בלויז אַ געטרייער נאָכפאָלגער און יורש פון אַ פּרעה, קאַליגולאַ, אַטילאַ, טאָרקוועמאַדאַ... און וואָלט געווען זידן דאָס אומשולדיקע בלוט וואָס איז משך פון דורות פאַרגאָסן געוואָרן, וואָלט עס דאָך געזידט טאָג און נאַכט און קיין מאָל זיך נישט איינגעשטילט. און וואָלט מען אויפגעצייכנט די אַלע אַקטן פון רשעות און אַכזריות, וואָס זענען געוואָרן אָפּגעטאָן לגבי דעם יידישן פאָלק, וואָלט דער דאָקומענט באַדאַרפט האַלטן אַ פאַנטאַסטישן צאָל זייטן. די געשיכטע האָט אונדז געליפערט פיל מער טרערן, ווי פרייד. בלויז אין אונדזערע צוקונפט־האָפע־נונגען זעען מיר דאָס בילד, ווען אַלע מענטשן אָן אויסנאַם וועלן אָנערקענען די אידעען פון יושר און גערעכטיקייט, בלויז אין אונדזער צוקונפט־מוזיק געפינט זיך די אידילישע מעלאָדיע פון „ייעשׂו כולם אגודה אחת", בכן ערשט אין דער צוקונפט... און פאַר וואָס פאַרקלעמט אונדז אַזוי ביים האַרצן, ווען מיר זעען דאָס בילד פון גרויל און רשעות פונעם לעצטן יאָר און מיר פאַרברעכן מיט ווייטיק די הענט, פאַר וואָס דריקט אונדז אַזאַ שווערער אומעט?

טראַכטן מיר זיך אַ ביסל טיפער אַריין אינעם כאַראַקטער פון דאָזיקן איינ־ציקן יאָר ווערט אונדז קלאָר, אַז ניין, די אַלע לאָגישע באַווייזן אַז „אַלץ איז שוין געווען", די אַלע באַרויִקנדיקע רופן, זענען נישט איבערצייגנדיק.

ווייל דאָ גייט אין עפּעס אַנדערש. עס גייט אין אַ דערשיינונג וואָס איז טאַקע דער אויפטו פון פאַרלאָפענעם יאָר: די עבודה־זרה פון שׂינאה.

שׂינאה איז נישט קיין נייער באַגריף. אין די באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש שטאַרט זי גאַנץ בולט אַרויס. עס זיצט אין יעדן איינעם דער פאַרשאָל־טענער פונק פון פיינדשאַפט. אָבער דער פונק טליִעט קוים־קוים, מען שטרענגט זיך אָן אים נישט אויפצובלאָזן, נישט אויפצופלאַקערן. ווייל פאַר דעם העכסטן אידעאַל גילט דער „ואהבת לרעך כמוך". דאָס איז די דערהויבנסטע אידעע, דער העכסטער רוף: ליב האָבן דעם אַנדערן: אויסרייסן מיטן וואָרצל דעם ווילדן שׂינאה־געוויקס, באַציִען זיך מיט אַכטונג און ליבשאַפט צום צווייטן.

אַלע רעליגיעס האָבן אַריינגענומען אין זייער לערע אָט די יידישע אידעע. זי איז אמת געבליבן אַ כלל בלויז אין דער טעאָריע, און נישט אין לעבן, נישט אין דער פּראַקטיק. די קריסטלעכע קירכע האָט פיל געזינדיקט קעגן די פּרינציפּן פון מענטשן־ליבע. אָפט מאָל זענען אירע פירערס באַהערשט געווען מיט אַ פאַנאַ־טישער שׂינאה צו אַנדערע מענטשן דערפאַר ווייל יענע האָבן געהערט צו אַן אַנדער נאַציע און גלויבן. אָפט מאָל האָבן זיי פאַרשוועכט זייער אייגענעם געזעץ. אָבער אַרונטעררייסן דעם אידעאַל פון מענטשן־ליבע האָט קיינער נישט געוואַגט. מען האָט אים געטראָטן מיט די פיס, אָבער באַשפייען האָט מען זיך געשעמט. און אַ מאָל האָט זיך טאַקע דערהערט אַ שטים, וואָס האָט געמאָנט אַ דין־וחשבון, גערופן זיך אָפּצוגעבן אַ רעכענונג.

די היטלעריסטישע אידעאָלאָגיע האָט די ערשטע געמאַכט אַ שטריך איבער דער אידעע וואָס איז לאַנגע טויזנטער יאָרן געווען דער העכסטער ציל פון דער מענטשהייט, די היטלעריסטישע אידעאָלאָגיע האָט די ערשטע זיך פון איר אָפּן אָפּגעקערט און פאַרשייט אויסגערופן: נישט צום ליבן איז דער מענטש געבוירן, נאָר צום האַסן! דאָס איז דער ערשטער פאַל, ווען אַ פירער פון מיליאָנען זאָל אַוועקשטעלן דעם דעוויז: האָב פיינד, האַס! דאָס האָט אַפילו נישט געוואַגט צו טאָן מוחמד אינעם ווילדן אַראַביע, וועלכער האָט איינגעהילט זיינע בלוטדורשטי־קע דרשות אין אַ דעקמאַנטל פון גוטסקייט און נאַיִווקייט.

היטלעריזם הייסט: שׂינאה צו אַנדערע מענטשן, דערדריקן זיי און פאַרניכטן. ווער זענען דאָס די „אַנדערע"? נישט וויכטיק דערויף אַ קלער צו טאָן. מען דאַרף אָטעמען מיט שׂינאה צו אַלעמען. צו די אַנדערש־הויטיקע, אַנדערש־גלייבי־קע, אַנדערש־אָפּשטאַמיקע, אַנדערש־דענקענדיקע, אַנדערש... און היטלעריזם — דאַרף מען געדענקען — איז איצט נישט מער בלויז אַ דייטשע באַוועגונג. דער היטלעריזם צעוואַקסט זיך צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג. און אָט דראָעט

דער וועלט פאַרפלייצט צו ווערן פון אַ כוואַליע גיפט. אין דער איצטיקער קריי־זיס־צייט, אינעם כאַאָס פון מאָראַלישע ווערטן, האָבן זיך צעבושעוועט די פינצ־טערע אינסטינקטן. זענען געוואָרן אידעאַליזירט די געמיינסטע ליידנשאַפטן. עס איז פאַרלוירן געגאַנגען איינע פון די גרעסטע אידעען: מענטשן־ליבע.

אַ טעמפּל איז געבויט געוואָרן פאַר דעם קולט פון שׂינאה. און פּריסטערס זענען געשטעלט געוואָרן צום דינסט פון דער נייער עבודה־זרה. און די שלאַנג פון האַס שפּריצט אומעטום אַריין איר גיפט. זי ברענגט טויט פאַר דער גאַנצער וועלט.

די נאַצישע וועלט־אַנשויונג האָט דערקלערט קריג קעגן מענטש, קעגן אַלץ צו וואָס מענטשן האָבן געהאָפט און געשטרעבט, זי וויל צעברעכן אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן וועג צו מענטשלעכקייט.

דאָס טעמפּלבוך פון נייעם געצנדינסט איז „דער מיטאָס פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט״ פון היטלעריסטישן „פילאָסאָף״ אַלפרעד ראָזענבערג. עס קומט — ווערט געזאָגט אין דעם נייעם גלויבן־טראַקטאַט — אַ נייע צייט, וואָס וועט איבעררייסן מיט הומאַניטאַריזם, מיט גוטסקייט, מיט רחמנות, מיט טאָלעראַנץ. די פרישע עבודה־זרה וואַרפט אָפּ די לערע פון הומאַניטאַריזם, זי שטרעבט צו פאַרהאַרטע־ווען די אינסטינקטן פון שׂינאה. דער אידעאַל פון מענטשן־ליבע, האַלט זי, האָט צו פיל אויסגעאיידלט די וועלט, די גרענעצלאָזע בלינדע שׂינאה דאַרף ווערן דער אינהאַלט פון דער מענטשהייט. די נאַצישע וועלט־אַנשויונג שטרעבט דעם מענטש צו מאַכן פאַר אַ רוצח, פאַר אַ גזלן, פאַר אַ מלחמה־העלד. דאָס איז ביי איר דער רעכטסטער טיפּ מענטש.

אָט אַזאַ קאָנסטרוקטיווע ראָלע איז צוגעשריבן געוואָרן דער שׂינאה און היט־לעריסטישן פּראָגראַם. מיט שׂינאה קען מען בויען, מיט שׂינאה קען מען שאַפן עפּעס דויערהאַפטיקס. דער געבאָט פון האַסן איז איינער פון די וויכטיקסטע צווישן די היטלעריסטישע געבאָטן. פון האַס ווערט געמאַכט אַ העלדן־געזאַנג, אַ העלדן־עפּאָפּייע. דער, וואָס קאָן צום שטאַרקסטן פיינד האָבן, ווערט געקרוינט פאַר פירער, פאַר מיניסטער. נישט פעיִקייטן, נישט בילדונג האָבן עפּעס צו זאָגן אין דעם רשעותדיקן סיסטעם, די איינציקע קוואַליפיקאַציע איז: שׂינאה. זי דעצידירט אין דער באַאַמטן־היעראַרכיע.

און דאָס איז דאָך פאַרשטענדלעך, אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, אַז קודם־כּל ווערט אויסגעגאָסן דער שטראָם סם אויף די, וועלכע עס איז צום לייכטסטן און צום באַקוועמסטן צו האַסן: אויף יידן...

און נאָך אַ זאַך:

אַמאָל פלעגט דער אינסטינקט פון שׂינאה באַהערשן בלויז דעם פינצטערן

המון, די אָפּגעשטאַנענע מאַסן. אין לעצטן יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם ערשטן פּרייז פֿאַר האַסן דאַרף נאָר נעמען — די אינטעליגענץ. די געבילדעטע טייל פֿון דער געזעלשאַפֿט האַסט פֿאַרביסענער, טיפֿער, ווילדער ווי דער המון. די פּריסטערס אינעם נייעם טעמפּל זענען ס׳רוב באַקרוינט מיט דאָקטוירים־טיט־לען. און די דערשיינונג זעט זיך נישט בלויז אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין אַנ־דערע לענדער ווו דער היטלעריזם פֿאַרשפּרייט זיך. די אינטעליגענץ שטעלט זיך אומעטום די ערשטע צום דינסט פֿון נייעם וואַנזין.

זיכער לאָזט זיך עס דערקלערן, פֿאַר וואָס די אינטעליגענץ איז אַזוי פֿאַרביי־טערט, פֿאַר וואָס זי וויל נעמען נקמה, נקמה סתּם אין דער וועלט אַריין. עס זענען דאָ סיבות, פֿאַר וואָס די אינטעליגענץ — די אַמאָליקע ליכט־טרעגערין — איז געוואָרן די פֿאַרשפּרייטערין פֿון פֿינצטערניש. אָבער נישט דאָס זענען מיר איצט אויסן. עס שטייט פֿאַר אונדז דער בלויזער פֿאַקט: שוואַרצע פֿליגל ציִען זיך אויס איבער דער ערד און עס וואַקסט אויס אַ באַוועגונג, וואָס פֿאַרמאָגט נישט קיין שום פּאָזיטיווע, שעפֿערישע אידעען, וואָס זאָגט בלויז „ניין״ צו דער גאַנצער וועלט, וואָס זאָגט: צעשטערן לשם צעשטערן און נישט צעשטערן לשם בויען, וואָס רופֿט: שׂינאה איז דער העכסטער ציל.

חורבן און פֿאַרניכטונג ברענגט מיט זיך די חיהשע שׂינאה־אָפּענסיווע. עס ווערט צעפּרעסן דאָס לעצטע ביסל מענטשלעכקייט און מאָראַל, דאָס לעצטע ביסל יושר און גוטסקייט. עס ווערט אויסגעפּאָרעמט אַ געמיינע פּסיכיק, סע ווערט גע־שאַפֿן אַ ברודיקע, באַרבאַרישע מאָראַל. דער נאַציזם, וואָס שטרעבט גייסטיק, קולטורעל און מאָראַליש צו באַרבאַריזירן אַ גאַנץ פֿאָלק, און דערנאָך — די גאַנצע וועלט. דער היטלעריזם איז נישט סתּם אַזוי אַ פּאַרטיי. דער היטלעריזם איז אַ קאָמפּליצירטער קולטור־מאָראַלישער פּראָבלעם, ער באַדייט: אַן אינערלעכער איינבראָך אינעם דענקען־סיסטעם פֿון היינטיקן מענטש. צו ערשט לאָזט מען אויס די שׂינאה צו יידן, אָבער די צעיושעטע אומריינע געבליטן שטילן נישט איין, זיי זידן, זיי באַדראָען די גאַנצע וועלט. האַס ווערט די נשמה פֿון אונדזער צייט. מען גרייט די נאַכט פֿון לאַנגן „מעסער״.

עס האָט זיך אַ סך געענדערט אין יאָר מיט וועלכן מיר געזעגענען זיך היינט. עס האָט זיך איבערגעדרייט די גאַנצע לעבנס־חכמה, עס איז פֿאַרשוועכט און גע־שענדט געוואָרן אַן אידעע, וואָס מענטשן האָבן טויזנטער יאָרן געהאַלטן פֿאַר די ליכטיקסטע, עס איז אויפֿגעקומען אַ נייע עבודה־זרה צו וועלכער מען דינט אָפּ, אָן דעם מינדסטן געפֿיל פֿון בושה.

און דערפֿאַר איז אונדזער פּנים אַזוי פֿאַרוואָלקנט. און דערפֿאַר דריקט אַזאַ בלייערנער אומעט אונדזער געמיט.

# אויף די ברעגן פון ריין

זיצן זיי אויף די ברעגן פון ריין און פון דער שפּריי און אין זייער האַרץ נאָגט אַן אומעט. די האַרפּעס הענגען אומבאַרירט. נייך, זינגען האָט זיך בלויז געזונגען אין די פריִערדיקע מילדע און זיסע יאָרן! איצט איז דער ווייטאָג צו שאַרף, די קאַטאַסטראָפע צו שווידערלעך, מען זאָל זיין מסוגל אַ מאָל צו אינטאָנירן אַן עלעגיע, אַ טרויער־ליד.

זיצן זיי די יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין נאַצישן דייטשלאַנד און פאַרנעמען זיך מיט אַ מאָדנער חקירה:

— ווי לאַנג לעבן יידן אין דייטשלאַנד? ווען, אין וועלכן יאָר, אין וועלכן חודש, אין וועלכן טאָג, זענען די ערשטע יידן געקומען אויף די ברעגן פון ריין?

פאַר וואָס עפּעס האָבן די דייטשע יידן פּלוצלונג מיט אַזאַ ברען און פלייס זיך געוואָרפן אויף דעם שווערן און פאַרפלאָכטענעם שטודיום? האָבן זיי באמת איצט קיין אַנדערע דאגות נישט? און פאַרגנבעט זיך דען אין זייער מוח אַ מחשבה אַ שטייגער, אַז ווען די הערן היטלער און געבעלס וועלן באַקומען די גענויע פעסט־געשטעלטע דאַטעס און ציפערן, אַז יידן זענען געקומען קיין דייטשלאַנד דאַן, ווען עס זענען נאָך דאָ קיין דייטשן נישט געווען, וועלן זיי זיך קלאַפּן אין האַרצן און זאָגן: חטאנו, מיר האָבן געזינדיקט ווייל מיר האָבן אייך באַטראַכט פאַר פרעמדע?

צו שטאַרקע קלעפּ האָבן די דייטשע יידן געקריגן לעצטנס זיי זאָלן נאָך זיין אַזוי נאַיִוו.

אפשר גיכער האָט דעצידירט אויף דעם איצטיקן פאָרשונג־לוסט ביי די דייטשע יידן די אַלטע יידישע „חוצפּה" און די אַלטע יידישע ביטערע איראָניע. ס'הייסט אַזוי: אָט זיצן די גרעסטע קעפּ פון דער מלוכה און די באַרימטסטע מוחות פון די אוניווערסיטעטן און קליגלען זיך און שאַפן המצאות און טעאָריעס וועגן דער פיאָנערישקייט פון דער נאָרדישער ראַסע, וועגן דער אוראַלטקייט פון אַרישן טיפּ — און דאָ קומען אַ פּאָר יידן און דערציילן, אויפן סמך פון גענויע מקורות און אויפן סמך פון ציטאַטן פון קריסטלעכע, אַרישע געלערנטע, כמסיח לפי תומו: — עס איז פעסטגעשטעלט אַז יידן האָבן געטראָטן אויף דער דייטשער ערד נאָך איידער די דאָזיקע ערד איז בכלל געווען דייטש, עס האָבן די דייטשע

טייכן פריִער געלערנט דעם קלאַנג פון דער העברעיִשער שפּראַך איידער פון דער דייטשער...

און מן־הצד גיט מען צו אַ באַמערקונג:

— ווי באַקאַנט, ווערןביים היינטיקן טאָג יידן געדעכנט אין דייטשלאַנד פאַר געסט, פאַר געקומענע פון דער פרעמד, זייער ראַסע ווערט באַטראַכט פאַר אַ מינדערווערטיקע...

און מער גאָרנישט. מער טאָר מען דאָך נישט רעדן. עס האָבן אין אַלע צייטן יידן געפונען אַן עצה. נישט איין מאָל שוין האָבן זיי געשריבן אַלטע געשיכטעס און געהאַט אויפן זינען — די אַקטועלע קעגנוואַרט, נישט איין מאָל שוין האָבן זיי גערעדט וועגן דברים של מה־בכך, און דער עולם האָט שוין געכאַפּט דעם מיין און די כוונה פון דעם אַלעם.

סיי ווי — דייטשע יידן זענען איצט פאַרקאָכט אין פּראָבלעם: ווען זענען געקומען די ערשטע יידן אין לאַנד פון די גערמאַנער?

און דאָ הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט טעפּ. אָט די דאָזיקע טעפּ האָבן עס אַ שטויס געגעבן די דייטשע יידן צו אַ גאַנצער ריי פאָרשונגען, שטודיום־אַרבעטן און אַרטיקלען.

אין אַלגעמיין איז אָנגענומען, אַז די ערשטע יידישע קהילה אין דייטשלאַנד האָט זיך געפונען אין קעלן, אַן ערך אין יאָר 320. און אָט איז געקומען איינער אַ געלערנטער אַדאָלף אַלטמאַן און אַרויסגעגעבן אַ ווערק „דאָס פריסטע פאַר־קאָמען דער יודען אין דייטשלאַנד״, אין וועלכן ער באַווייזט מיט ראיות ברורות, אַז פאַר קעלן איז נאָך געווען — טריער. דאָס הייסט, אין דער שטאָט טריער האָבן די יידן געוווינט נאָך לאַנג פאַר קעלן, ובכן ציט זיך דאָך דער יידישער ישוב אין דייטשלאַנד נאָך פון פריִער, אַן ערך פון דריטן יאָרהונדערט. געקומען זענען זיי קיין טריער צוזאַמען מיט די רוימישע חיילות.

און זיינע ראיות ברורות זענען — טעפּ.

מ׳האָט דאָ נישט לאַנג — דערציילט ער — געגראָבן אין טריער, האָט מען דאָרט געפונען אַ מנורה מיט זיבן רערן און אויך יידישע טעפּ, וואָס שטאַמען פון דריטן יאָרהונדערט.

אין דער אמתן האָבן אַלע יידן מיטן גאַנצן האַרצן פאַרגינען אַלטמאַנען זיין אַנטדעקונג. באמת, גאַנץ שיין אַזוי, דווקא בימי־היטלער, צו שרייבן וועגן אַ יידישן ישוב אין דייטשלאַנד נאָך אין דריטן יאָרהונדערט! זענען דאָך אָבער יידן מיט אַזעלכע טעאָריעס תמיד זייער פאָרזיכטיק, ממש האָר־שפּאַלטנדיק, האָבן זיי גע־פונען אַ סך פאָרשערס, וואָס האָבן געזאָגט:

— מען טאָר נישט זיין צו איילִיק ביים אָפּפּסקענען אַזעלכע שטייגער זאַכן.

טאָמער וועט זיך אַרויסווייזן אַז די טעפּ זענען נישט קיין יידישע, דאַן וועט זיך אויפהייבן אַ נייע העצע: יידן פעלשן געשיכטע, יידן מאַכן פאַלסיפיקאַטן... נו, און למה יאמרו הגויים?...

הקיצור, איז אַנטשטאַנען ביי די דייטשע יידן אַ „טעפּאָלאָגיע". מיט דער מנורה קען מען זיין אין גאַנצן רויִק. דאָס האַרץ דאַרף נישט קלאַפּן. אַ מנורה כּדת וכדין. אָבער — זי שטאַמט „ערשט" פון פערטן יאָרהונדערט. דאַקעגן מיט די טעפּ איז קלאָר, אַז זיי זענען עלטער מיט הונדערט יאָר פון דער מנורה, אָבער איז דען דאָ אַ פעסטע זיכערקייט, אַז זיי האָבן געהערט צו אונדז, יידן? און ביטע, זייט נישט מבטל דעם ענין! מאַכט אים נישט אַוועק מיט דער האַנט! זאָל מען געווינען פאַר אונדז די טעפּ, דאַן געווינט מען דערמיט אַ גאַנצן יאָרהונדערט, דאַן באַווייזט מען קלאָר, אַז יידן זיצן שוין אין דייטשלאַנד זיבעצן הונדערט יאָר (און נישט זעכצן), דאַן...

דאַן דערוואַרט מען דערפון ישועות ונחמות? דאַן הייסט מען שוין אַ תושב? דאַן מעג מען שוין געניסן פון גלייכע רעכט?

ניין, דאַן איז באַפרידיקט נאָך אַ פונק פון יידישער „חוצפּה".

דער קאַמף אַרום די טעפּ דויערט נאָך. און דערווייל איז נישטאָ קיין גרונד צו פאַרצווייפלען וועגן דעם אויסגאַנג פון קאַמף. אַדרבא, עס זענען דאָ גאַנץ שטאַרקע אויסזיכטן אַז אַלטמאַן זאָל זיגן.

צי מיט זעכצן, צי מיט זיבעצן הונדערט יאָר צוריק, קיין דייטשלאַנד איז נאָך דאַן נישט געווען. די „איידעלע" נאָרדישע הערן האָבן געלעבט אין ווילדקייט און רויקייט. פּשוט: באַרבאַרן. נישט זיי האָבן געקענט שרייבן, נישט לייענען, נישט זיי האָבן געהאַט דעם שוואַכסטן באַגריף פון קולטור, פון ציוויליזאַציע. אין ווילדע האָרדעס האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, געלעבט פון יאַגד און זיך פאַרנומען מיט רציחה. דאָס איז נישט געווען קיין פאָלק, נישט קיין נאַציע, נאָר — אַ באַנדע. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן מיט וואָס פאַר אַ משונהדיקע אויגן זיי האָבן געקוקט אויף די אָנקומענדיקע יידן! שוין די קליידונג פון די יידן, זיי גייען נישט אין קיין חיות־פעל, און איצט טרעפט, אַז זיי נעמען אַרויס עפּעס אַזאַ באַ־שוואַרצט פאַפּיר און זאָגן עפּעס דערפון אַרויס... מכשפים, האַלב געטער?

די יידן זענען געווען די ערשטע לערערס פון אָט די ווילדע באַנדעס, פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעפאָרמירט דאָס דייטשע פאָלק. זיי האָבן די באַרבאַרן די ערשטע געלערנט לייענען, געברענגט צו זיי די מתנה פון אַ קולטור, זיי האָבן די ווילדע און פּרימיטיווע שבטים געלערנט וויסן און פאַרשטאַנד.

די יידן זענען עס געווען די ערשטע קולטור־מענטשן אויף דער דייטשער ערד.

דאָס איז אַ פאַקט, אַ היסטאָרישער פאַקט, וואָס אין זיין ריכטיקייט קען קיינער נישט צווייפלען. אַזאַ פאַקט קען וועקן פאַרשידענע רעפלעקסן מכּוח מענטשלעכער

דאַנקבאַרקייט: אָט איז דער „שיינער דאַנק" וועלכן עס צאָלן אָפּ די דייטשן זייערע לערערס, אָבער אַזאַ טריפהנעם געדאַנק טאָר מען פאַרן מויל נישט ברענגען. גע־שיכטע? ביטע זייער! אָבער נישט אָנרירן קיין אַקטועלע פראַגעס.

וועט נאָר געלונגען צו באַווייזן דאָס „יידישקייט" פון די טעפּ, וועט מען קענען שרייבן, אַז די קולטור־טרעגערס זענען געקומען קיין דייטשלאַנד נאָך אין דריטן יאָרהונדערט און אַז די גערמאַנער וואַרפן איצט אַרויס אונטער די טיר יענע לע־רערס, וואָס האָבן זיי מיט זיבעצן הונדערט יאָר צוריק געלערנט שטעלן די ערשטע טריט.

און אַ בוך איז איצט דערשינען אין דייטשלאַנד, אַ ווערק אַ וואַגיקס, אַ ווערק פון קנאַפּע 600 זייטן, אויף וועלכע עס ווערט באַהאַנדלט און אַרומגערעדט און רעפערירט אַלץ די זעלבע פראַגע. די עלטסטע יידישע ישובים אין דייטשלאַנד.

הייסן הייסט די געשיכטלעכע ענציקלאָפּעדיע וואָס איז רעדאַגירט דורך אַ גאַנצער גרופּע יידישע געלערנטע, „גערמאַניאַ יודאַיקאַ". שוין דער נאָמען אַליין איז אַזוי געוואַגט. ווי עס לאָזן נישט די איצטיקע מושלים רייניוואַשן דאָס הייב־טיקע דייטשלאַנד פון יידישן פלעק, אַזאַ „שאַנד־נאָמען" וועט דאָך אין אַלע צייטן באַגלייטן דאָס אַרישע לאַנד: „גערמאַניאַ יודאַיקאַ".

גייען פאַרביי פאַרשידענע תקופות. דאָ פאַרנעמען זיך נישט די פאָרשערס מיט קיין השערות. אַלץ וואָס ווערט דאָ געזאָגט האָט אַ פעסטן יסוד. די דאַטע 321 פון דער יידישער קהילה אין קעלן איז באַשטעטיקט דורך דאָקומענטן. און באַלד אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַנטשטייען נאָך אַנדערע קהילות און אַנדערע דייטשע שטעט. וואָס זיי טוען די יידן? זיי האַנדלען, אַרבעטן, זיי לערנען, זיי ברענגען וויסן און קולטור צו די ווילדע גזלנים, און — זיי כאַפּן קלעפּ.

מאַכט זיך טאַקע אַ מאָל אַז אַ קהילה פאַרשווינדט אויף לאַנגע יאָרן. ווער ווייסט עס וואָס מיט איר איז געשען? אַ גירוש, אַ פּאָגראָם, אַ שחיטה, אָבער אָט שווימט אין איין העלן פרימאָרגן ווידער אויף די קהילה. יידן זענען ווידער דאָ. מיט נייער אונטערנעמונגס־קראַפט, מיט פרישער איניציאַטיוו און ענערגיע.

און אַזוי דערגייען מיר דערצו, אַז מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק געפינען זיך יידישע קהילות אין אַלע שטעט און שטעטלעך אויפן ריין. מקנא צו זיין יענע יידן איז נישטאָ מיט וואָס. זיי האָבן אין גאַנצן קיין רעכט נישט. אַזוי קלינגט עס אָפיציעל: „רעכטלאָז, שוצלאָז, פויגלפריי". איינצלנע יידן נעמט דער קייזער אונטער זיין שוץ. מיט דער צייט, פאַרשטייט זיך, וואַקסט די צאָל פון די פּריווי־לעגירטע. אַ סך ליידן די יידן בעת די קרייצצוגן. די, וואָס מיידן אויס די שחיטות, אַנטלויפן. זיי אַנטלויפן וווהין די אויגן טראָגן. דערנאָך גייט אויף אַ שטראַל ליכט. אין די צייטן פון פרידריך באַרבאַראָסאַ אין מיטן צוועלפטן יאָרהונדערט

ווערן יידן אָנערקענט פאַר קאַמער־קנעכט. לייענסט אַזאַ געשיכטע־וועג און ווערסט פול מיט באַוווּנדערונג פאַר דעם יידישן אויסדויער, ווערסט אַדורכגעדרונגען מיט אַ ציטער פאַר די קוואַלן פון אמונה פון וואַנען די יידן האָבן געשעפּט שטאַרקייט און האָפענונג.

יידן לעבן זיך אויס אין גייסט. אין דער „גערמאַניאַ יודאַיקאַ" זענען דאָ אינטערעסאַנטע מאָנאָגראַפיעס וועגן די ערשטע שפּורן פון יידישע שולן. און דאָ און דאָרט אַנטפּלעקט זיך אַ שטערן אויפן יידישן הימל: רבינו גרשום מאור הגולה, רבינו יעקב תם און נאָך אַנדערע. צי די אָפּשאַצונג פון די גרויסע יידישע פּער־זענלעכקייטן זענען אין גאַנצן ריכטיק אַדורכגעפירט צי נישט — די „גערמאַניאַ יודאַיקאַ" יעדנפאַלס איז אַ באַווייז אויף דעם ברען נאָך געשיכטע־פאָרשונג מיט וועלכן עס זענען איצט אַדורכגעדרונגען די דייטשע יידן.

טענער פון פּאַטאָס דערהערסטו אין יענע קאַפּיטלען אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן די שמד־גזירות. עס זיצט די קינאה אין די יידנפיינט און מיט כלערליי פּלענער ווילן זיי באַדראָען די יידישע עקסיסטענץ. נעמען די דייטשע „גילדעס", די סוחרים־פאַרבאַנדן, און אונטער דער כוונה פון אַרויסנעמען דעם האַנדל פון יידישע הענט, פאָדערן זיי מען זאָל צווינגען די יידן צו שמדן זיך. אַלטע מעטאָדן, וואָס זענען אין יענע צייטן פּראַקטיציִרט געוואָרן אומעטום און וואָס האָבן געהאַט דעם איינעם צוועק: אומברענגען די יידן.

ווערן די יידן געשטויסן צו פאַרנעמען זיך מיט ליכווע, מיט באָרגן געלט אויף פּראָצענט. נישט לאַנג געדויערט און מען באַרויבט די יידן אויך פון דער דאָזיקער „פּריווילעגיע". עס שיט זיך אַ האָגל פון רדיפות און גזירות. יידן ליידן און האַלטן איבער אויך די דאָזיקע צרות.

די „גערמאַניאַ יודאַיקאַ" דערגייט ביזן יאָר 1238. דייטשע יידן וועלן אין איר געפינען געוויס אַקטועל און היינטצייטיק מאַטעריאַל. זיי וועלן מישן די בלעַ־טער און נישט איינער וועט זיך פאַרטראַכטן איבערן סוד פון יידישן קיום.

מען הערט אַז אין אַ רייע יידישע געזעלשאַפטן אין דייטשלאַנד ווערן געַ־פּלאַנט נאָך אַזעלכע אויסגאַבעס. מען הערט אַז דאָ און דאָרט גרייט מען זיך אַוועקצושטעלן און אַ קנעל טאָן די יידישע געשיכטע אין דייטשלאַנד.

אָבער — זאָלן די יידן אויף די ברעגן פון ריין נישט בלויז זיך אַוועקרוקן אין די פאַרנעפּלטע און ווייטע יאָרן, זאָלן זיי נישט בלויז פאַראינטערעסירט זיין אינעם רעזולטאַט פון דער פּאָלעמיק אַרום די טעפ, זאָלן זיי אויך אויפמישן דאָס בלאַט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

זאָל דערציילט ווערן אַז אין פאַריקן יאָרהונדערט האָבן די דייטשע יידן, אונטערן איינפלוס פון דער השכלה, וואָס האָט געוואָלט „עפענען די אויגן פון

יידישן פאָלק״, זיך אָפּגעזאָגט פון יידישן גייסטיקן לעבן, פון זייער רעליגיע און טראַדיציע און אין גאַנצן געוואָרן אַרומגעוויקלט מיט דער דײַטשער קולטור מיינענדיק, אַז אַזאַ פּרייז איז כּדאַי צו באַצאָלן פאַר גלייכבאַרעכטיקטקייט.

זאָל דערציילט ווערן אַז אַזאַ שפלות און ירידה האָבן דאָך די דייטשע יידן אָפּט מאָל קיין גלייכע רעכט נישט געברענגט, אַז אַזאַ וועג איז געווען אַן עקל־האַפטער און טעותדיקער וועג פון פאַרראַט אין אייגענעם שטאַם.

און דאַכט זיך אונדז אַז אָט די נייע געשיכטע וואָלט געווען פאַר די דייטשע יידן אַ סך באַלערנדיקער, יעדנפאַלס נישט אין קיין קלענערער מאָס אינטערע־סאַנט, ווי דאָס גריבלען זיך אין דער חקירה: צי זענען די ערשטע יידן געקומען קיין דייטשלאַנד אין דריטן צי אין פערטן יאָרהונדערט.

# אַ תּקופה ווערט אָפּגעשלאָסן

עס וואָלט געווען זייער נאַריש מצד די, וואָס מאַכן אַלע ערב ראש־השנה דעם באַלאַנס פון יידישן לעבן אין אַוועקגייענדיקן יאָר, ווען זיי וואָלטן אויך היינט לויטן סטערעאָטיפּישן נוסח געפּרווווט מאַכן אַ חשבון „כמה וכמה“, וויפל פּאָזי־טיווע דערשיינונגען זענען געווען אינעם לעצטן יאָר און וויפל נעגאַטיווע, וויפל גוטס און וויפל שלעכטס.

דאָס וואָלט אויך געווען אַ שווערער פעלער.

דען עס איז אמת: אַ שמערצלעך און פּיינלעך יאָר האָבן מיר איבערגעלעבט. אין אונדזער געשיכטע וועט עס אָפּקלינגען ווי אַ טרויערמאַרש. דער לעצטער אַקאָרד זענען געווען די „געטאָ־געזעצן“ אין נירענבערג. די געזעצן וואָס שטויסן אַראָפּ די דייטשע יידן צו דער מדרגה פון רעכטלאָזע שקלאַפן. אָבער נאָר נישט דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן פאָריקן יאָר און פאַר זיין היסטאָרישער באַדייטונג. אַ יאָר פון פּיין! וויפל ערב־ראש־השנהס האָבן מיר עס בכלל געהאַט אין אונדזער לאַנגער מאַרטירער־געשיכטע, אין וועלכע מיר האָבן געקענט דער־קלערן לויטער און פון פולן האַרץ: ענדלעך איבערגעלעבט אַ יאָר אָן גזירות, אָן העצעס, אָן רדיפות?...

מיר זענען אָן אַלט פאָלק. און מיר דאַרפן אָפּשאַצן דערשיינונגען נישט לויט זייער פאַראיבערלויפנדיקער באַדייטונג. מיר דאַרפן די פּאַסירונגען באַטראַכטן פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו און זיי מעסטן מיט היסטאָרישע מאָסשטאַבן. „סוב ספּעציע עטערניטאַטיס“ — ווי דאָס אַלטע לאַטייניש וואָרט זאָגט. אונטערן צייכן פון אייביקייט. אַ יאָר מוז אין אונדזערע באַלאַנסן איינגעקלאַמערט ווערן ווי אַ פאָרזעצונג פון אונדזערע פיר טויזנט געשיכטע־יאָרן, ווי אַ ווייטערדיק קאַפּיטל און ווי אַ „המשך קומט“.

און קוקנדיק טאַקע פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו אויפן פאָריקן יאָר, ווערט תרצ״ה פאַרוואַנדלט אין אַ וויכטיקע דאַטע אין יידישן לעבן.

עס איז אין אים אַנטשידן געוואָרן אַ גרויסער היסטאָרישער שטרייט.

געווען אַמאָל אַ גייסטיק־אידעיִשע ריכטונג אין יידישן לעבן.

די דאָזיקע ריכטונג האָט געהאַלטן, אַז אַ יידישער צענטער וואָס עקסיסטירט

אויסער ארץ־ישׂראל, קען נישט זיין קיין עכט יידישער צענטער. און ער דאַרף עס גאָר נישט זיין. עס וואָלט געווען אַ גרויסער אומזין, ווען די יידן וואָס זענען צעוואָרפן אין אַלע עקן וועלט, זאָלן וועלן אַלץ כּסדר שאַפן אָפּגעשלאָסענע, אָפּ־געזונדערטע יידישע ווינקעלעך.

דער ייד, וואָס לעבט נישט אויף דער אייגענער ערד און אָטעמט נישט מיט דער היימישער לופט, דער ייד, וואָס ווערט אַריינגעוואָרפן אין אַ פרעמדער גע־זעלשאַפט, צווישן פרעמדע בערג און טאָלן און צווישן פרעמדע מענטשן, דער ייד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט פרעמדע בליקן און פרעמדע אַנשויונגען, מיט איין וואָרט: מיט אַ פרעמדער קולטור — אַזאַ ייד דאַרף אין זיין אייגענעם אינטערעס אַריינדרינגען אין דער פרעמדער סביבה און אין איר קולטור.

צו וואָס איזאָלירן זיך, צו וואָס שטעלן „כינעזישע מויערן" און מאַכן מחיצות? דאָס קען ברענגען נאָר שאָדן. צווישן דער יידישער און נישט־יידישער געזעל־שאַפט מוזן זיך אָנקניפּן ענגע באַציִונגען, נישט בלויז פון פּאָליטישן כאַראַקטער, וואָס ווערן אַרויפגעוואָרפן דורך צוואַנג, נאָר דווקא און דער עיקר — גייסטיקע, קולטורעלע.

אַזוי האָט געזאָגט אַלעקסאַנדריע.

דער דאָרטיקער יידישער ישוב איז, דאַכט זיך, געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפּרוּווט וואַרפן אַ בריק צווישן דער יידישער און נישט־יידישער געדאַנ־קען־וועלט.

דער דענקער פילאָן איז געוואָרן דער אידעאָלאָג פון דער דאָזיקער שטרע־מונג. פילאָן האָט זיך גופא באַטראַכט פאַר אַן ערנסטן ייד, אָבער ער האָט געמיינט, אַז דאָס יידנטום און די יידישע לערע נויטיקן זיך אין אַ העלענישן צומיש. ער איז געווען איינער פון די באַדייטנדיקסטע פילאָסאָפן פון דער אַזוי־גערופענער ניי־פּלאַטאָנישער שול. און דאָס איז געוואָרן זיין אַמביציע. היינט וואָלט מען געזאָגט: זיין „אידעע־פיקס" — אַריינפּאַסן פּלאַטאָנס פילאָסאָפישע באַגריפן אין יידישן וועלטבליק.

צונויפמישן זיך! פאַרווישן די גרענעצן! נישט זיין „פּאַנאַטיש!" נישט זיין „אידעען־ענג"! די גויִישע געזעלשאַפט און די גויִישע קולטור קענען ברענגען פיל נוצן דער יידישער לערע. יידן דאַרפן זיך צופּאַסן צום לעבן פון דער סביבה.

די פראַגע „ישׂראל בין העמים" קען נאָר אַזוי אַרום געלייזט ווערן.

די דאָזיקע שיטה האָט גלייך אַרויסגערופן אַ שאַרפע רעאַקציע אין אַ צווייטן יידישן ישוב.

די יידן, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין בבל, האָבן אַנדערש געדענקט.

זיי האָבן געזאָגט: נישט דאָס לאַנד קען דעצידירן וועגן דער דערהאַלטונג פון דער יידישער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. נאַטירלעך: אונ־טער פרעמדע הימלען איז מען אויסגעשטעלט אויף פיל נסיונות, אָבער דאָס איז

די פליכט, וואָס ליגט אויף דער יידישער אומה: יידיש בלייבן. אויף אינדזלען, אויף בערג, אין די פאַרוואָרפנסטע מקומות — אָבער אַ ריין, עכט יידיש לעבן פירן. ווי ווייט מעגלעך זיין אָפּגעזונדערט פון דער אויסערלעכער וועלט. און אויסבויען זיך אייגענע געצעלטן. אַן אייגענע גייסטיקע וועלט. אויסלעבן זיך צווישן יידן. צווישן שמות און יידישע בלעטער. דער צומיש פון דרויסן שאַדנט. פאַרקריפּלט. נישט דורך פרעמדע אינהאַלטן קען דאָס יידנטום באַנייט ווערן. אויך די באַנייונג פון פאָלקס־באַוווסטזיין מוז קומען פון אינעווייניק, פון אייגע־נעם מקור. נאָר די ריין יידישע קולטור־טעטיקייט פאַרשטאַרקט דאָס יידנטום.

מיטן כוח פון דער אייגענער קולטור קענען זיך יידן פילן אינערלעך פריי און שטאָלץ און פאַראַכטן די אונטערדריקטע.

דאָס איז דער באַדינג פון יידישן קיום, די פראַגע פון „זיין אָדער נישט זיין" פאַרן יידישן פאָלק.

די, וואָס דענקען און טוען אַנדערש, די צעשפּאַלטן דעם איינהייטלעכן יידישן אָרגאַניזם, רויבן צו ביי די יידן די אינערלעכע פרייהייט און פעסטקייט און לעשן ביי זיי אויס יענעם ניצוץ, וואָס פון אים איז אָפּהענגיק די יידישע דערהאַלטונג.

אין לויף פון יאָרן האָט די טעאָריע פון פילאָן זיך באַוויזן נאָך אין אַ מער פאַרקריפּלטער פאָרם.

מען האָט מער נישט געזאָגט: דערנענטערן זיך, צופּאַסן זיך. איצט האָט מען אָפן געפּרעדיקט: אַרויס אויפן ברייטן שליאַך, וואָס פירט אין דער וועלט אַריין! און אויב אַזוי אַרום וועט דער יידישער כאַראַקטער מוזן צעשטערט ווערן און עס וועט קומען צו אַ פולשטענדיקער אויסמישונג — איז עס אויך נישט קיין אומגליק!

דער אונטערשייד צווישן „דערנענטערונג" און „אויסמישונג" איז סיי ווי זייער אַ דעליקאַטער און סובטעלער. יודעאָ־העלעניזם צי העלעניזם אַליין? — מענטשן זענען נישט באַשאָנקען מיט אַזאַ סובטעלן חוש! געוויס, אַז אין פּראָגראַם שטייט „העלעניזם". דאָס באַדייט: אָננעמען די געדאַנקען און אָנשויונגען פון דער נישט־יידישער געזעלשאַפט, ווערן נאָר אַ נאָענטער שכן מיט די שכנים... די, וואָס גייען נישט אויפן דאָזיקן וועג — זענען „פינצטערע" עלעמענטן, מענטשן מיט פאַר־מאַכטע אויגן און פאַרשטאָפּטע אויערן, וואָס נעמען נישט אויף דעם רוף פון דער „מאָדערנער" קולטור און פון דער נייער צייט...

די בערלינער שול פון מענדעלסאָן איז געווען דאָס גערזעצלעכע קינד פון דער אַלעקסאַנדרינער שול.

מיטן זעלבן גלויבן האָבן זיך ביידע אַרומגעטראָגן, מיטן גלויבן אין דער ציוויליזאַציע פון דער וועלט, מיטן קרעדיט און גוטן געוויסן פון דער וועלט, מיט

דער התבטלות פאַר דער נישט־יידישער חכמה, און דער זעלבער דראַנג איז אין זיי געזעסן, דער אימפּעט צו פאַרשענערן די „געצעלטן פון שם מיט דער פּראַכט פון יפת", דער אומזיניקער געיעג אין דער גוייִשער וועלט אַריין.

פון דער בערלינער שול האָט זיך גייסטיק געשפּייזט די גרויסע מערהייט פון מערב־אייראָפּעיִשן יידנטום.

אָבער עס האָט זיך קעגן די דאָזיקע אָנשווינגען שווער און ביטער געראַנגלט דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע יידנטום.

די מלחמה האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט. לייענט די געשיכטע פון יידן אין לעצטן יאָרהונדערט, מישט אויף וועלכן בלאַט איר ווילט און וועלכע תקופה אייך איז צום האַרצן — און איר וועט זיך כּסדר אָנטרעפן אויף אַ געראַנגל, אין וועלכן איר וועט הערן אַן אָפּקלאַנג פון קאַמף, וואָס האָט זיך געפירט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק צווישן דעם יידנטום פון אַלעקסאַנדריע און דעם יידנטום פון בבל.

די טרייע טיילן פון יידנטום זענען געוואָרן אַטאַקירט. עס איז אויף זייער אַדרעס געפאַלן דער פאַרוואורף פון אָפּצוימען זיך, פון אָפּטיילן זיך פון דער וועלט.

אַזוי, אַזוי האָט תקופות־לאַנג אָנגעהאַלטן דער קאַמף צווישן תורה־טרייען יידנטום און די אָנהענגערס פון אַלעקסאַנדריע און בערלין.

אין אונדזער דור איז געפאַלן די אַנטשיידונג.

דער געטרייסטער תלמיד פון דער אַלעקסאַנדרישער שול — סאַמע בערלין — איז געוואָרן געשלאָגן.

מיט אַ מאָל האָט די געשיכטע קלאָר און שאַרף באַוויזן, אַז אויף דער זייט פון די „בערלינער" איז די אומרעכט.

זייער וועג איז פאַלש נישט בלויז צוליב דער גייסטיקער דעגענעראַציע, אין וועלכער זיי האָבן אַראָפּגעקייקלט טיילן פון יידישן פאָלק — אַפילו זייער האָפענונג אַז אַזאַ וועג גיט גליק און בירגער־רעכט, זענען נישט מער ווי אילוזיעס...

די טעאָריע האָט נישט קיין שום יסוד.

דאָס וואָס די דייטשע יידן זענען אין זייער גרויסער מערהייט אויסגעליידיקט פון יעדער אָנגעהעריקייט צו זייער פאָלק, דאָס, וואָס עס פעלט זיי דער פונק פון זעלבסטבאַוווּסטזיין — דאָס פאַרגרעסערט נאָך זייערע ליידן.

די דערשיטערנדיקסטע טראַגעדיע איז די טראַגעדיע אָן אַ טעם, אָן אַ זין און אָן דאָס מינדסטע שטיקל באַרעכטיקונג. מוראדיק טראַגיש זענען יענע ליידן, וואָס שאַפן נישט קיין העלדן, וואָס פאַלן אויף שוואַכע און אָנמעכטיקע מענטשן.

אַן עת־צרה, און עס פעלט צו מאָל די העלדישקייט, וואָס האָט יידן פאַרלייכטערט אַריבערצוטראָגן דאָס אומגליק.

אין אַן „אַלעקסאַנדריינישן" ישוב האָבן קיין אָרט נישט די ווונדערלעכע גע־שטאַלטן, וואָס גייען מיט שטאָלץ אין פייער אויף קידוש־השם. פון וואַנען זאָלן אַזעלכע יידן באַזיצן מאָראַלישן כּוח צו בלייבן אינערלעך אומגעבראָכן און שטאָלץ, אויב זיי ציִען שוין לאַנג נישט קיין יניקה פון יידישן שורש?

ווי נעבעכדיק און הילפלאָז זעען אויס די דייטשע יידן, ווען זיי רעדן וועגן זייערע ליידן. זיי זענען נישט מסוגל צו דערזען אין זייער מאַרטיראָלאָגיע אַ ווייטערדיק קאַפּיטל אינעם ספר, וואָס רופט זיך יידישע געשיכטע.

אין לעצטן יאָר איז ענדגילטיק קלאָר געוואָרן: די שיטה פון דערנענטע־רונג מיט דער נישט־יידישער געזעלשאַפט האָט געליטן אַ פולשטענדיקן דורכפאַל און באַנקראָט. די גרונט־שטימונג פון דער אַלעקסאַנדרישער שול האָט פאַרלוירן יעדע באַרעכטיקונג. אי יידן באַגייען דערמיט אַ פאַרברעכן קעגן אייגענעם שטאַם און ווערן גייסטיק אויסגעליידיקט, אי די גוייִם ווילן עס נישט. אין נירענבערג האָבן זיי אָפן דערקלערט: גייט פון אונדז!

אמת: דער שטרייט איז אַנטשידן געוואָרן „ביד חזקה". מיט קרבנות. מיטן חורבן פון אַ יידישן — זאָל זיין „אַלעקסאַנדריינישן" — פּאָרט אַ יידישן ישוב.

אָבער אַזאַ אורטייל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן.

דער סיכסוך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט פילאָנס צוגאַנג צום יידנטום, האָט באַקומען זיין לייזונג אין נירענבערג־יאָר.

זאָל מען נישט זאָגן: אַ יאָר איז אַוועק. זאָל מען זאָגן: אַ תקופה ווערט אָפּגעשלאָסן.

ווי זייער לייכטזיניק וועלן האַנדלען די אָנהענגערס פון דער אַלעקסאַנדרישער שול אין אַנדערע לענדער, אויב זיי וועלן זיך נישט פאַרטראַכטן וועגן דעם דאָזיקן אויסגאַנג פון אַלטן שטרייט.

## אַזיע גייט!

אַוודאי אַזיע. ווער דען? אייראָפּע? אייראָפּע האָט באַנקראָטירט. אייראָפּע האָט אָפּגעשפּילט איר ראָל. אייראָפּע גייט אַראָפּ פון דער אַרענע.

— זאָל זי גיין געזונטערהייט!

די אייראָפּעער גופא שיידן זיך מיט איר אָן טרערן און האַרץ־ווייטיק.

דער ערשטער אייראָפּעער, וואָס האָט געוואָרפן אַן אומחן אויפן מערב און אויף דער קולטור פון מערב, איז געווען אַ פראַנצויזישער זייגער־מאַכער. מיט הונדערט און פופציק יאָר צוריק האָט די פראַנצויזישע אַקאַדעמיע אין דיאָן אויס־גערופן אַ קאָנקורס אויף אַן אַרבעט וועגן די גוטע און ליכטיקע זייטן פון דער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע. די אַקאַדעמיע האָט דערוואַרט לויטער לויב־געזאַנגען פאַרן מערב. אָבער זי האָט זיך אַנטוישט. עס האָט אָנטייל גענומען אין קאָנקורס אַ זייגער־מאַכער, וואָס האָט געוואַגט צו קומען מיט אַ פרישער מיינונג: דער זיי־גער־מאַכער האָט געזאָגט: וואָס, גוטע זאַכן? — עס איז צום לאַכן. בלויז שלעכטס האָט געברענגט אייראָפּע. די אייראָפּעער האָבן פאַרדאָרבן די וועלט מיט זייער קולטור. זיי האָבן פאַרפעסטעט די מאָראַלישע לופט.

דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער און שאַרפער פּראָטעסט, וואָס אַן אייראָפּעער האָט אויסגעשטעלט קעגן זיין היים אייראָפּע. יענער דרייסטער זייגער־מאַכער — זשאַן זשאַק רוסאָ איז זיין נאָמען — האָט שפּעטער געמאַכט אַן עפּאָכע אין דער פילאָסאָפיע.

עס אַנטשטייט די מאָדע אויף אונטערגאַנגס־מעלאָדיעס. צו ערשט זינגט מען די מעלאָדיע סאָלאָ — איינצלנע דענקערס פאַראורטיילן די אייראָפּעיִשע קולטור — אָבער לעצטנס ווערט זי שוין געזונגען בהמון רב, דורך אַ גאַנצן כאָר. אַ כאָר פון דיכטערס, שריפטשטעלערס און דענקערס. אייראָפּע גייט אונטער!

מאָטיוון?

זיי פעלן נישט!

דער פונאַנדערפאַל שרייט דאָך פון די עקן פון אַלע גאַסן. עס דערציילט וועגן דעם די כראָניק, עס ליפערן באַווייזן די טאָג־טעגלעכע פאַקטן. דער שקר וואָס האָט באַהערשט דאָס אייראָפּעיִשע לעבן, דער גרויזאַמער, זינלאָזער שקר, די פאַר־

ווילדונג, די גייסטיקע פּוסטקייט, די נשמהלאָזע מעכאַנישע ציוויליזאַציע, די מאַכט פון גוואַלד און פון תקיפותדיקן שווינדל — אויב דאָס אַלץ איז נאָך נישט דער אָנהויב פון סוף, דאַן ווייסן מיר שוין בכלל נישט, וואָס עס באַדייט דעגענעראַציע און צעפוילונג, און ווי אַזוי עס פאַלט אַ קולטור. אויב נישט די אייראָפּעיִשע מלוכות זענען ביים היינטיקן טאָג נעסטן פון צביעות און פאַלשקייט, טאָ וואָס דען הייסט צביעות און וואָס אַנדערש איז פאַלשקייט?

— „מיר פאַלן — שרייבט דער פּוילישער פילאָסאָף זדזיעכאָווסקי — מיר פאַלן אָן רעטונג, מיר זיצן אויף די חורבות פון אונדזער ציוויליזאַציע, עדות פון איר פאַרניכטונג”...

און דער פּוילישער דענקער זגאַניעצקי זאָגט: „דאָס האַרץ פון דער איצטיקער ציוויליזאַציע איז די מאַשין, כוואַליעס פון פאַרצווייפלונג בושעווען, און דראָען אַראָפּצושווענקען דאָס ווערק פון אייראָפּע, אונדזער קעגנוואַרט איז אין געפאַר, און אַוודאי אונדזער צוקונפט”.

נאָך שאַרפער און פאַרצווייפלטער איז דער אורטייל פון פראַנצויזישן פילאָסאָף באַרטאָל. ער דערקלערט: „מיר זעען די מענטשהייט אין אַ צושטאַנד פון שגעון, פאַרבלענדט דורך אירע ליידנשאַפטן, עס פאַלן שוין אויף איר די לעצטע זון־שטראַלן, ווייל די מענטשהייט גייט אומפאַרמיידלעך צום אָפּגרונט פון דער נאַכט”...

און צוזאַמען מיט די קלאָג־לידער אויפן חורבן פון אייראָפּע, וואָס האָט פאַרלוירן איר גלאַנץ, הערן זיך הוראַ־רופן לכבוד עמעצן אַנדערש, וואָס דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון באַנקראָטניק — לכבוד אַזיע.

דער אַזיאַטישער קולטור וויל מען איבערגעבן די קרוין. זאָל אַזיע קעניגן! מען זאָגט:

— האָט זיך דאָס אַזיע נישט פאַרדינט? קומט עס איר נישט על־פּי בכורה? איז דען נישט אויף דער אַזיאַטישער ערד געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער קולטור? זענען נישט די אַזיאַטישע פעלקער די ערשטע ציוויליזירטע פעלקער אויף דער וועלט? אַ מאָל איז דאָך געווען אַ גרויסער יחוס צו זיין אַן אַזיאַט. אַ מאָל איז אַזיע אָנגעגאַנגען אַלס מוסטער פון פּראָגרעס און הויכער מענטשלעכקייט. ווען איינער האָט געזאָגט צו זיין פריינד: „דו ביסט אַן אמתער אַזיאַט” — האָט דאָס דער פריינד אָנגענומען פאַרן העכסטן קאָמפּלימענט. און ווען מען האָט געשריבן וועגן אַ ווערק, אַז עס איז געהאַלטן אין עכט־אַזיאַטישן סטיל, האָט זיך דער מחבר געפילט גליקלעך. און מיט וויפל באַוווּנדערונג האָבן די אייראָפּעער געקוקט אויפן ערשטן מענטש פון אַזיע, וואָס איז צו זיי אַראָפּגעקומען:

— זעט, ער איז נישט געקליידט אין בערן־פעל, ער קומט פון אַ קולטורעלן, ציוויליזירטן ישוב...

אמת, די קרעפטיקע און יונגע מערב־מענטשן האָבן גיך פאַרריסן די קעפּ

און זיך אַרויפגעדראַפּעט אויבן־אָן. אייראָפּע האָט אונטערגעשלאָגן דאָס אַלטע אַזיע און אַראָפּגעריסן איר באַדייטונג. אָבער — איצט שטייען אַ סך אייראָפּעער אויף איר שוועל און דערקלערן:

— מיר האָבן אָנגעווווירן דעם גלויבן אין אונדזער שאַפונגס־כּוח, עס איז אַ שקיעה־שעה, און מיר ווילן זיך וואַרעמען אין דיינע שטראַלן, אַזיע!

מען שיקט צו איר לויב־געזאַנגען. מען הענגט אין איר אָן שבחים. מען רעדט מיט התפּעלות וועגן איר גייסט, וועגן איר רייפער חכמה און וועגן איר אַלטע פילפאַרביקע באַפעלקערונג.

מען רעדט וועגן איר, ווי וועגן אַ — מלך, וועלכן מען בעט, ער זאָל באַ־וויליקן צוריק איבערצונעמען דעם טראָן...

צוויי אייראָפּעיִשע קולטור־צענטערס ווערן פאַררעכנט אַלס די, וואָס האָבן גע־שאַפן די ציוויליזאַציע פון אייראָפּע. די דאָזיקע צוויי צענטערס זענען — אַטען און רוים.

אין דער צייט, ווען אַלע אייראָפּעיִשע פעלקער האָבן נאָך געלעבט אין די וועלדער ווי באַרבאַרן, זענען בלויז די גריכן און די רוימער געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה פון ציוויליזאַציע.

אַטען איז געווען די שטאָט פון די דענקערס און פאָרשערס. אין דער גריכי־שער רעזידענץ האָט מען געשטרעבט צו דערגרונטעווען די נאַטור־דערשיינונגען, האָט מען געוואָלט איינשפּאַנען די נאַטור־כּוחות אין דער מענטשלעכער דינסט. ביי די גריכן איז אַנטשטאַנען אַ פילאָסאָפיע, וואָס האָט זיך נישט אַזוי ווייט פאַרנומען מיט אַבסטראַקטע ענינים ווי מיט וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פּראָגעס. פּלאַטאָן וויל גרינדן אַ מלוכה, וווּ עס זאָלן האָבן אַ דעה די פילאָסאָפן. אַריסטאָטעלעס שאַפט די יסודות פון לאָגישן דענקען.

אין אַטען האָט מען זיך געלערנט שאַרפן דעם שׂכל. די פילאָסאָפישע שול, צו וועלכער עס האָט געהערט סאָקראַטעס, די אַזוי גערופענע סאָפיסטן־שול, האָט כּסדר געשטעלט פּראָגעס. זי פירט אַריין די ספּעקולאַציע און דעם צווייפל אין מענטשלעכן דענקען, זי שטויסט די מענטשן צו זוכן, צו פרעגן.

ביי די גריכן האָט געבליט די וויסנשאַפט. עס איז אין אַטען געווען אַ געפיל פון מאָס, פאַרשטאַנד, עס איז אויך געווען קונסט, חוש פאַר שיינקייט. דאָס לאַנד פון האָמער איז דאָס לאַנד פון שיינער דיכטונג, פון סקולפּטור און פּלאַסטישער קונסט.

רוים האָט זיך נישט פאַרנומען מיט פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט אַזוי פיל ווי אַטען. אין קולטור־פּראָגעס זענען די רוימער נישט געווען אָריגינעל, זיי האָבן זיך אַליין באַטראַכט פאַר שילערס פון די גריכן און האָבן זיי נאָכגעמאַכט. אָבער רוים

האָט אַריינגעברענגט אָרגאַניזאַציע און סיסטעם. דאָס איז איר צושטייער פאַר דער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע.

רוים האָט געוויזן אַ ביישפּיל פון אַ פעסט־אָרגאַניזירטע מלוכה. זי האָט זיך פאַרנומען מיט פּאָליטיק, מיט דעראָבערונג, עס איז ריכטיק, אַז רוים האָט פאַר־גאָסן טייכן מענטשלעך בלוט, און אַז עס האָט דאָרט געהערשט טיראַני און אַכזריות, אָבער עס איז אויך אמת, אַז רוים האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מוסטער פון אַ דיסציפּלינירטער וועלט־אימפּעריע. רוימישע שטרענגקייט, רוימישער חוש פאַר אָרדענונג — דאָס זענען גענוי אַזעלכע היסטאָריש־ריכטיקע באַגריפן, ווי רוימישע ברוטאַלקייט און רוימישע רציחה.

אין לויף פון יאָרן האָבן די גריכן איינגעפלאַנצט אין די אָפּגעשטאַנענע אייראָ־פּעיִשע פעלקער אַ געפיל פאַר שיינקייט און אַן אימפּעט צו פאָרשן און פאַרשטיין די לעבנס־דערשיינונגען, און די רוימער האָבן געוויזן דעם וועג פון פאַראייניקונג און פעלקער־אָרגאַניזאַציע.

אָבער נישט אַטען און נישט רוים זענען געווען דער כּוח, וואָס האָט אַרויפגע־שטויסן אייראָפּע צו יענער הויך, וואָס זי האָט דערגרייכט. נישט זיי האָבן געקענט פון אייראָפּע מאַכן די טאָן־געבערין פון דער וועלט, דעם שליח־ציבור און קול־טור־פירער פון די איבעריקע וועלט־טיילן.

דעם עיקר האָט געגעבן — אַ קליין אַזיאַטיש מדינהלע. פון דאָרט איז אַרויס דער גרעסטער און טיפסטער געדאַנק פאַר דער מענטשהייט. דאָרט איז געוואָרן געשאַפן די גרעסטע שריפט פון דער וועלט — דער תנ"ך. און אָן דעם תנ"ך איז זיך נישט פאָרצושטעלן די אַנטוויקלונג פון אייראָפּע.

די גריכן און די רוימער האָבן געברענגט דאָס וואָכעדיקע, דאָס מאַטעריעלע — דאָס גייסטיקע, דאָס אייביקע איז געקומען פון אַזיע.

ערשט אַ דאַנק דעם יידישן צושטייער איז געוואָרן אויפגעבויט די קולטור, איז געשען דאָס ווונדער — און פאַרדרימלטע, אָפּגעשטאַנענע שבטים האָבן אויפ־געוואַכט צום פּראָדוקטיוון לעבן. ערשט דער מעכטיקער גייסטיקער עלעמענט, וואָס יידן האָבן מיט זיך געטראָגן, האָט אויפגעטרייסלט ביי זיי די טיפענישן פון די נשמות.

מיר האָבן באַשאָנקען די אייראָפּעיִשע פעלקער מיט גלויבן, מיט געדאַנקען און געפילן פון אומפאַרגענגלעכן ווערט. די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע וואָלט ביי זיי נישט אַרויסגערופן קיין באַגייסטערונג. נישט מיט איר כּוח וואָלט אַ נייע וועלט געקענט אויפלעבן.

די אידעען, וואָס דער תנ"ך האָט געוואָרפן, האָט אין די מוחות פון די געצנ־דינערס די גרעסטע גייסטיקע איבערקערעניש געמאַכט. די יידישע לערע האָט געברענגט דעם אָנזאָג פון אַ העכער גייסטיק לעבן. פון די רייד פון די נביאים,

וועגן דער אידעע פון גלייכהייט, אייניקייט און פרייהייט, זענען געוואָרן צעגליט די פאַנטאַזיעס.

דאָס יידנטום האָט פּראָקלאַמירט, אַז דער מענטש אין זיין עצם־נאַטור איז גייסטיק. לויט דער יידישער מאָראַל־לערע איז נישט רציחה נאָר דאַן אַ פאַרברעכן, ווען זי שטייט אין סתירה צום געזעץ און צו דער אָרדענונג, ווי עס זאָגן די רוימער. „לא תרצח!" — אַלע מאָל און ביי קיין שום געלעגנהייט. ווייל דאָ גייט אין עפּעס העכערס. דאָ גייט אין די היכע מענטשלעכע אויפגאַבעס. דאָ גייט אין אַ קאַמף קעגן אַלץ וואָס איז שפּלדיק און געמיין. דאָ גייט אין דער אייגענער לייטערונג.

מיר האָבן געזאָגט: עגאָיִזם איז נישט שלעכט דערפאַר, ווייל דאָס עגאָיִסטישע געפיל שטערט צו דערפילן די בירגערלעכע אויפגאַבעס כנגד דער מלוכה, ווי עס האָט געמיינט דער אַלטער רוימישער בירגער קאַטאָ. עגאָיִזם איז אַ זינד פאַרן מענטש גופא. דערמיט באַגייט דער מענטש אַ מאָרד איבער זיך אַליין. איבער זיין אייגענער נשמה.

און דווקא דער גייסט פון יידנטום איז געווען דער באַוועגנדיקער כוח, וואָס האָט געשאַפן אייראָפּע.

מיר האָבן געבערענגט אַ ניצוץ פון אונדזער מאָראַל, און דער ניצוץ האָט ווונדער באַוויזן. אייראָפּע איז אויפגעשטאַנען. אייראָפּע איז געוואָרן די קולטור־פירעריין פון דער וועלט.

אַ פונק פון מזרח איז אַראָפּגעפאַלן אין מערב, און אים אויפגעלעבט.

זענען די אייראָפּעיִשע פעלקער געוואַקסן און זיי האָבן אָנגעהויבן וואָס אַ מאָל שאַרפער זיך אָפּקערן פון די יידישע געדאַנקען:

— מיר דאַרפן נישט מער דאָס אַזיאַטישע, מיר קענען גאַנץ גוט אויסקומען אָן דעם, געננג פאַר אונדז דאָס אייראָפּעיִשע פאָטערלאַנד אונדזערס: אַטען און רוים.

מען גלייבט נאָך אין אייראָפּע אין שיינקייט, מען איז עוסק אין ספּעקולאַטיוון דענקען, מען האָט אַפילו די אַמביציע צו שאַפן אַן אימפּעריע לויטן רוימישן סטיל, אָבער — די מאָראַל איז געפאַלן, דער יידישער גייסטיקער פונק איז געוואָרן אויסגעלאָשן.

דאָס אַלץ, וואָס יידישע לערע פאַראורטיילט, ווערט פראַנק און פריי פּראַק־טיצירט אין די אייראָפּעיִשע לענדער. די אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע איז געוואָרן פאַרוואָכעדיקט, פאַראומווירדיקט, פאַרמאַטעריאַליזירט.

מיט דער יידישער לערע איז דאָך אַזוי נישט באַקוועם, זי לאָזט דאָך קיין איין הפקרדיקע באַוועגונג נישט מאַכן...

די אייראָפּעיִשע קולטור האָט פאַרלוירן איר נשמה. דעם הויך פון דויער־האַפטיקייט.

און זי קייקלט זיך דערפאַר אַלץ טיפער באַרג אַראָפּ.

איצט שטעלט מען זיך מיטן פּנים צו מזרח:

— אַזיע — שרייט מען — אַזיע וועט ראַטעווען די מענטשהייט, מיט אייראָפּע איז קאַפּוט, מיר אָנערקענען די אַזיאַטישע קולטור!

אָבער וועלכע אַזיאַטישע קולטור? — אַזיע איז ריזיק, אַזיע איז ברייט, אַזיע פאַרמאָגט הונדערטער מיליאָנען מענטשן — נאָך וועלכן ליכט פון אַזיע בענקט אייראָפּע? וועלכע פעלקער דאַרפן באַרייכערן די מענטשלעכע סימפּאָניע? וועלכע מזרח־זאַפטן וועלן געבן לעבן?

צי ווענדט אייראָפּע אירע אויגן צו דעם לאַנד פון ירדן? צי וויל זי — ווי אַ מאָל אַ מאָל — אויפהייבן כאָטש איין פונק פון תנ״ך?

ניין. דעם תנ״ך האָט זי פיינט. די לערע פון יידנטום איז איר דערעסן. זי קען איינגיין און זיך פאַרבינדן מיט אַלע אַזיאַטישע פעלקער און מיט אַלע אַזיאַטישע לענדער, און מיט אַלע אַזיאַטישע קולטורן — אָבער נישט מיט דעם, וואָס האָט די מינדסטע שייכות צו יידן...

פּראָפ׳ באַרטאַל שרייבט: „אין אַזיע איז אַלץ ריין, מענטשלעך, מאָראַליש...״ אַלץ? טאַקע באמת אַלץ? — אַנו. איז כדאי צו וויסן עטלעכע זאַכן. אין אינדיע — דאָס לאַנד צו וועלכן די בענקשאַפט איז צום שטאַרקסטן — דינט מען נאָך צו דער קו — אפילו אַזאַ שיינע פערזענלעכקייט ווי מאַהאַטמאַ גאַנדי האַלט זיך ביים דאָזיקן פאַנאַטישן אַבערגלויבן, ער זאָגט אַז דער קולט פון דער קו איז איינער פון די וויכטיקסטע (אַזש וויכטיקסטע!) דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, ער דערקלערט, אַז ער פאַרלייקנט אַפילו נישט דאָס געצנדינעריי. מען דערציילט, אַז יעדעס מאָל, ווען גאַנדי קערט זיך אום פון אייראָפּע, נעמט ער גלייך איין אַ ספּעציעלן „פּראָשעק״, וואָס ווערט געמאַכט פון צואה פון אַ קו, אַ מין סגולה קעגן די גייסטערס פון טומאה און פאַרדאָרבנקייט, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך געפינענדיק זיך ווייט פון אינדיע. צי זענען דאָס נישט באַגריפן פון אַ וועלט, וואָס איז פרעמד פאַר אונדז? — איינער פון די בעסטע אינדיע־קענערס, דער שרייבער קאַלין, דערציילט, אַז אַ שטיק איז גאַנדי פאַרהערלעכט אין אינדיע צוליב דעם, ווייל ער איז שרעקלעך מיאוס. די אינדיער גלויבן אַז די העסלעכקייט־גרימאַסע איז די הייליקסטע פּנים־מאַסקע. וואָס מיאוסער אַ מענטש איז, אַלץ הייליקער איז ער... לוינט זיך באמת אויף אַזעלכע פאַרשטעלונגען און איבערצייגונגען זיך צו פאַרקוקן? איז פאַר אַן אייראָפּעער מעגלעך צו לעבן און אָטעמען אין אַזאַ פּרימיטיווער וועלט? — עס הערשט אויך אין אינדיע

דאָס קאַסטע־סיסטעם, אַ סיסטעם, וואָס איז אַזוי פרעמד פאַר אונדזערע השגות, אַ סיסטעם לויט וועלכן דער מענטש איז פון געבוירן־אָן נישט גלייך, לויט וועלכן ער ווערט לכתחילה איינגעטיילט אויף קלאַסן. עס זענען דאָ „פּאַריער"־מצורעים. אַ פּאַריער מעג זיין ווי קולטורעל, ווי געבילדעט — פאַרפאַלן, אַ „מצורע" איז ער, און אַ נחות־דרגא מוז ער בלייבן ביזן טויט אַריין, און אַפילו אויף יענער וועלט וועט ער אַזוי באַהאַנדלט ווערן...

און וואָס האָפט די אייראָפּעיִשע מענטשהייט צו געפינען אין כינע? וויל זי אָננעמען די כינעזישע רעליגיע פון שינטאָיִזם (גלויבן אין די זיידעס און עלטער־זיידעס), איר פילאָסאָפיע פון פּאַסיווקייט און פון פאַרלייגן די הענט? אָדער אפשר איז די אייראָפּעער אַזוי צום האַרצן דער וועלטבליק, לויט וועלכן דאָס פוילע שלאָפן איז הייליקער און וויכטיקער איידער דאָס וואַך זיין?

און מיינט דען אייראָפּע, אַז יאַפּאַן וועט ברענגען די אויסלייזונג? אַז די ישועה קען קומען פון דעם כיטרען פּיפּיקן פאָלק, וואָס גלייבט אין אַזיע און אין אייראָפּע, אָבער וואָס גלייבט קודם־כל — אין דער רויער פיזישער קראַפט און אין די רעכט פון דער פויסט?

און אפשר שטרעבט די אייראָפּעיִשע עליטע אויפצוגראָבן די קולטור פון נבוכדנצר און פון סנחריב און מיט זייערע שטיינערנע טאַפעלן אונטערשפּאַרן די פאַלנדיקע אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע?

אַזיע ווערט קעניג! — דאָס איז דער מאָדישער רוף אין דער ליטעראַטור, אין דער פילאָסאָפיע. אָבער מיר זעען דערין סנאָביזם. און לאָמיר זאָגן: טיף־צעפוילטן אייראָפּעיִשן סנאָביזם, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די היסטע־רישע שרייערס און נאָכלויפערס, וואָס טרייבן אַ שווינדל מיט זיך אַליין.

ביי די ברעגן פון מיטללענדישן ים איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק געשאַפן געוואָרן די פעלזנפעסטע און אייביקע קולטור. אויף די בערג פון יהודה איז אַראָפּ די נבואה. דאָרט איז געהאַמערט געוואָרן די מאָראַל. דאָרט איז אַנטשטאַנען דער ספר, וואָס קען ראַטעווען און אויפהייבן די מענטשן.

אָבער יענעם ספר פאַרוואַרפט מען. זיינע אידעען וויל מען נישט אָנערקענען. מען יאָגט זיך גלייכער נאָך דעם „פּראָשעק" פון די אינדישע קי...

## געפּלאַצט אַ „קולטור״־לעגענדע

די לעצטע וואָכן האָט געפּלאַצט אַ „קולטור״־לעגענדע. ס׳האָט געפּלאַצט די לעגענדע, אַז עמעץ־איינער האָט קולטור. ס׳האָט געפּלאַצט די לעגענדע, אַז מוסאָליני האָט קולטור.

ווי יעדע לעגענדע, האָט אויך די דאָזיקע לעגענדע נישט געהאַט קיין יסוד. אָבער ווי יעדע לעגענדע, האָט אויך די דאָזיקע לעגענדע געהאַט פליגל.

זי איז געווען ווייט און שטאַרק פאַרשפּרייט.

דאָ און דאָרט האָט איר געקענט הערן, אַז ס׳איז אומדערלאָזבאַר צו שטעלן אין איין ריי דעם איטאַליענישן פאַשיזם מיט דעם דייטשן נאַציזם, אַז ס׳איז אומדערלאָזבאַר צו וואַרפן אין איין טאָפּ דאָס שוואַרצע און דאָס ברוינע העמדל, אַז עס איז זייער און זייער נישט גערעכט אַוועקצושטעלן אויף איין ברעט מוסאָליני־ן און היטלערן...

דאָ און דאָרט האָט איר געקענט הערן, אַז הגם דער איטאַליענישער פאַשיזם איז ווי אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע דאָקטרין אומסימפּאַטיש, רעאַקציאָנער, לאָזט זיך דאָך אָבער נישט פאַרלייקענען, אַז ער האָט אין זיך געוויסע עלעמענטן פון אָנשטענדיקייט און קולטור.

שוין פופצן יאָר ווי די דאָזיקע לעגענדע איז אין גאַנג.

איצט האָט זי געפּלאַצט. ווי אַ שערבעלע זיך צעפּאַלן. זי איז זיך צעפּאַלן ביי דעם אַלטן פּרובירשטיין, וואָס הייסט — אַנטיסעמיטיזם. לענגער האָט מוסאָליני דעם נסיון נישט אויסגעהאַלטן. אין איטאַליע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ראַסן־טעאָריע. קעגן די פופציק טויזנט יידן אין איטאַליע גייט אַ שאַרפע קאַמפּאַניע. יידן ווערן דערוויטערט פון עפנטלעכן לעבן. אַ ספּעציעלער אַמט איז געגרינדעט געוואָרן, וואָס דאַרף „רעגולירן״ די יידן־פראַגע. דער איטאַליענישער פאַשיזם באַמיט זיך אָפּצווישן יעדן אונטערשייד וואָס טיילט אים פונאַנדער פון זיין צווילינג־ברודער אין דייטשלאַנד.

די רוימער זענען אפשר געווען ריינע אַריער וואָס האָבן זיך אָבער צונויפּ־געמישט מיט די עטרוסקער, אַזוי, אַז זייער ריינע אַרישקייט איז גלייך געוואָרן זייער אילוזאָריש. אָבער דאַן זענען אין די צייטן פון דער רוימישער אימפּעריע

אַראָפּגעפירט געוואָרן אויפן האַלבאינדזל מחנות שוואַרצע שקלאַפן פון אַפריקע, און אויך מיט זיי האָבן די לאַטיינער זיך צונויפגעמישט. דערנאָך זענען צוליב די אַלע נייע דעראָבערונגען געפלאָסן צום האַלבאינדזל מיטגלידער פון סעמיטישע פעלקער. און דאַן — די פאַרפלייצונג פון ראַסן בעת די רוימישע אימפּעריע איז זיך פונאַנדערגעפאַלן. איבערן האַלבאינדזל האָבן דורכמאַרשירט די פאַרשידנסטע שבטים. אַפילו מאַנגאָלן האָבן נישט געפעלט. און דאַן — די פאַרשידנסטע עקס־פּאַנסיעס, די וואַנדערונגען וואָס האָבן דאָ כמעט קיין מאָל נישט אויפגעהערט.

— מיר דערקלערן אָפיציעל — איז געזאָגט געוואָרן אין דער לעצטער דע־קלאַראַציע, וואָס מוסאָליניס פּראָפעסאָרן האָבן פאַרעפנטלעכט — אַז איטאַליענער זענען ריינע אַריער...

יאָ, „אָפיציעל" לאָזט זיך יעדער אַבסורד דערקלערן. אָבער נאָך נישט ווייל אַן אַבסורד ווערט פייערלעך געחתמעט, פייערלעך פּראָקלאַמירט, פייערלעך פאַר־עפנטלעכט, הערט ער אויף צו זיין — אַן אַבסורד...

עס איז דאָ נאָך עפּעס אין דער נייער איטאַליענישער, ווולגאַרער אָפּערעטע, איבער וועלכן ס'איז כדאי זיך אָפּצושטעלן. מיר זענען געווויינט — באַזונדערס אין דער לעצטער צייט — אַז אין לענדער, ווו ס'האָט ביז לעצטנס פאַרפליכטעט די טאָלעראַנץ, די אָנשטענדיקייט, זאָל היינט די רשעות פייערן טריומפן. מיר זענען געווויינט, אַז מדינות, אין וועלכע ס'האָט ביז נעכטן געהערשט אַ יידן־פריינדלעכער קורס, זאָלן פּלוצעם אַרויף אויף די רעלסן פון אַנטיסעמיטיזם. אָבער צו אַזוינס, וואָס קומט איצט פאָר אין איטאַליע, זענען מיר נישט געווויינט.

דייטשלאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לאַנד פון יידנהאַס. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. די אַלטע מושלים האָבן געמוזט אָפּטרעטן. און צוזאַמען מיטן פריערדיקן סיסטעם איז אויך פאַרביי די פריערדיקע שיטה פון טאָלעראַנץ.

אין פּוילן האָבן זיך די לעצטע יאָרן פאַרשטאַרקט די אַנטי־יידישע טענדענצן. דאָ שטייט נאָך אַפילו אַלץ דער זעלבער רעזשים ביים רודער. דער נאָך־מאַי־רעזשים. אָבער דאָ איז עפּעס אַנדערש געשען. פּילסודסקי איז געשטאָרבן. די יורשים ווילן מיט כלערליי מיטלען זיך ביי דער מאַכט דערהאַלטן. די יורשים „אינטערפּרעטירן".

אין איטאַליע דויערט דער זעלבער רעזשים. די זעלבע פּערזאָן שטייט ביי דער מאַכט.

אין יאָר 1934 האָט מוסאָליני אין זיינער אַ רעדע אויסגעלאַכט די ראַסן־טעאָריע ווי אַן אומזיניקע דאָקטרין.

נאָך אין פעברואַר היינטיקס יאָר איז אין אָפיציעלן אָרגאַן פון איטאַליענישן

אויסערן־מיניסטעריום „אינפאָרמאַציאָנע דיפּלאָמאַטיקאָ" דערשינען אַ דערקלע־רונג, וואָס איז בלי־ספק אינספּירירט געוואָרן דורך דעם „דוטשע", אַז איטאַליע פאַרטראָגט נישט און וועט נישט פאַרטראָגן דעם אַנטיסעמיטיזם, און אַלע קלאַנגען וואָס ווערן פאַרשפּרייט אין אויסלאַנד מכּוח דעם, זענען פאַלש און אויסגעזויגן פון פינגער.

מוסאָליני האָט אויך וויכטיקע מלוכה־אַמטן אָנגעטרויט יידן אָדער פּערזאָנען וואָס זייער נישט־אַרישע אָפּשטאַמונג איז אַ זיכערע. זיין פינאַנץ־מיניסטער איז אַ צייט געווען דער ה׳ יונג, זיין וויצע־מיניסטער פאַר אויסערן־ענינים — דער ה׳ סוריק, זיין פאַרטרויונגס־מאַן אין ווירטשאַפטלעכע פראַגעס — דער פירשט וואָלפּאַ; זיין פריינדין, די פרוי וואָס האָט אים אין אַ באַדייטנדיקער מאָס גע־האָלפן אַרויפשטייגן צו דער מאַכט, איז מאַדאַם מאַרגאַריטאַ סאַרפאַטי, פון דער היים — לעווי...

מיר לעבן איצט אין ווערימדיקע צייטן, אין צייטן ווען דאָס פייגן־בלעטל פון בושה איז מער נישט „מאָדערן", אין צייטן, ווען דער ציניזם שטשירעט זיינע ציין, אָבער אַפילו אין אַזעלכע צייטן שלאָגט בלי־ספק דעם רעקאָרד פון אומ־היימלעכסטן ציניזם דער יעניקער, וואָס טוישט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק זיינע קליידער און פון אַ געשווירענעם אַנטי־ראַסיסט ווערט ער — פון דער העלער הויט — דער פּרעדיקער פון דער ראַסן־טעאָריע...

ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי: פון דער העלער הויט. פאַקטיש האָט דער אַנטיסע־מיטישער קורס אין איטאַליע נישט אָנגערוקט אָן סיבות. ער איז נישט אַרויס־געשפּרונגען פון ים־שוים, ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון פּאָליטישן אָפּשוים.

עס איז בויטיק געווען — נאָך דעם וויזיט פון ענגלישן קעניגלעכן פּאָר אין פּאַריז, וואָס איז מיט אַזוי פיל פּאַראַד אַריבער — אַ פרישער אַקט, וועלכער זאָל עפנטלעך דעמאָנסטרירן, ווי גוט עס פונקציאָנירט די אַקס רוים־בערלין.

ס׳איז נויטיק געווען אַן אַקט וואָס זאָל דעמאָנסטרירן, אַז בערלין און רוים זענען אויף טויט און לעבן מיט זיך געבונדן, אַז געמיינזאַם איז נישט בלויז זייער פּאָליטיק, נאָר אויך זייער „קולטור", אַז אייניק איז נישט בלויז זייער אויסערן־קורס, נאָר אויך זייער אינערלעכער קורס.

דער ראַסיזם איז אויך געקומען צוליב וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון. איר פרעגט: וואָסער שייכות האָט ראַסיזם מיט ווירטשאַפט? — ס׳האָט יאָ אַ שייכות. דורך דעם וואָס מ׳וועט פילדערן און ליאַרעמען מכּוח דעם ראַסיזם — אַזוי גלייבט מוסאָליני — וועלן די איטאַליענישע מאַסן דערווייל פאַרגעסן אין די פיינלעכע ווירטשאַפטס־פּראָבלעמען.

איטאַליע שטייט אויף דער שוועל פון אַ פינאַנציעלער און ווירטשאַפטלעכער

קאַטאַסטראָפּע. די מלוכה־חובות האַלטן אין איין וואַקסן. אויב אין יאָר 1934, ביים אויסברוך פון דער מלחמה קעגן אַביסיניע, האָט דער בודזשעט־דעפיציט אין איטאַליע באַטראָפן צוויי און אַ האַלבן מיליאַרד ליר, באַטרעפט ער איצט גאַנצע פערציק מיליאַרד. דער האַנדלס־דעפיציט שטייגט. אַביסיניע האָט נאָך פאַרגרע־סערט דעם „גלאַנץ" פון דער אימפּעריע, אָבער צום פּראָפיט איז נאָך ווייט, גענוי אַזוי איז נאָך ווייט צום פּראָפיט פון — שפּאַניע. מיט יעדן טאָג ווערן פאַרבראַקט אַלס פרישע קריגס־מאַטעריאַלן. איטאַליענער גייען אָפּ אין בלוט. און דער נצחון פון גענעראַל פראַנקאָ איז נאָך אַלץ אין דער פאַנטאַזיע... „ביז די זון וועט אויפ־גיין, וועט דער טוי אויפעסן די אויגן"...

און הגם אין אַן אַרטיקל אין דער רוימישער צייטונג „טריבונאַ" איז פאַריקע וואָך געזאָגט געוואָרן, אַז דער אַנטי־יידישער קורס אין איטאַליע וועט זיין מיט אַ „מאָס", וויסן מיר דאָך פון דער דערפאַרונג, אַז דאָ קאָן די „מאָס" נישט דער־האַלטן ווערן. דאָ איז פאַראַן נאָר אַן אָדער־אָדער: אָדער יידן ווערן באַטראַכט ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אָדער זיי ווערן געבראַכט צו אַ מצב פון רעכטלאָזיקייט און דערנידעריקטייט. קיין דריטער וועג איז נישטאָ. ווען דער משחית קריגט פרייע הענט, זאָגט ער קיין מאָל נישט גענוג. האָס און ליידנשאַפט איז שווער איינצו־שלעפערן, אָבער זייער גרינג אויפצוּוועקן.

אין איטאַליע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ראַסן־טעאָריע. לאַנגע יאָרן איז מוסאָליני געווען היטלערס לערער. איצט האָבן זיך די ראָלן געטוישט. היטלער ווערט דער רבי פון מוסאָליני.

אָבער וואָלטן די איטאַליענישע פאַשיסטן געהאַט כאָטש אַ קליין ביסל זין פאַר הומאָר אָדער וואָלטן זיי געגלייבט, אַז ביי זייערע מאַסן איז נאָך נישט אין גאַנצן צוגערויבט געוואָרן די פעיִקייט צו דענקען, וואָלטן זיי אויפן וועג פון ראַסיזם נישט אַוועק.

אויב די ראַסן־תורה איז בכלל אין איראָפּע אַ בלאָף, איז זי אַ בלאָף איבער אַלע בלאָפן אין איטאַליע.

איטאַליענער האָבן זיך אין משך פון יאָרהונדערטער געמישט. געמישט מיט די פאַרשידנסטע ראַסן. מיט די פאַרשידנסטע פעלקער. נאָר אַזוי אַרום איז איטאַ־ליע אַנטשטאַנען.

איר קענט נאָך היינט אין איטאַליע באַגעגענען פאַרשטייערס פון פאַרשידנ־סטע טיפּן. איר קענט דאָרט טרעפן אַזעלכע, וואָס האָבן די שטריכן פון די אַפרי־קאַנער נעגערס. איר קענט טרעפן אַנדערע, וואָס וועלן אייך דערמאָנען אין „אונדזערע" סעמיטישע אַראַבער. איר קענט דאָרט באַמערקן די פאַרשידנסטע טיפּן, די פאַרשידנסטע מינים, און גאָר אַ קליין הייפל פאַרמאָגט די מכלומרשטע שטריכן פון איטאַליענער.

אַפילו מוסאָליני אַליין האָט נישט קיין איטאַליענישע שטריכן אין זיין געזיכט.
וואָרום ווער זענען די איטאַליענער און ווי אַזוי זענען איטאַליענער אַנטשטאַנען? — אַמאָל האָט אויפן האַלבאינדזל פון די אַפּענינען, וואָס ווערט היינט גערופן איטאַליע, געוווינט דאָס פאָלק פון די עטרוסקן. אַ פאָלק פון ריינע נישט־אַריער. דאַן איז דער האַלבאינדזל דעראָבערט געוואָרן דורך די לאַטיינישע שבטים.
נאַטירלעך: נאָך נישט דורך דעם סערווירטן יידישן „מעניו" וועט געלונגען צו לייזן די דאָזיקע שוועריקייטן. אָבער עפּעס אַנדערש קען דורך איר געלונגען. עס קען געלונגען צו פאַרטויבן די מאַסן, אָפּווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט, האַמעווען זייער בונט און אויפברויז...
און ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ „ציל", ווערן אַלע מיטלען כּשר.
ווען מ'דאַרף באַווייזן אַ פּאָליטישן זשעסט אָדער נאַרקאָטיזירן דאָס „פאָלק", איז מען גרייט — אָן אַ פּינטל צו טאָן מיטן אויג — אַרויסצונעמען פון פּראָפּאַגאַנדע־אַרסענאַל דאָס סאַמע פאַרזשאַווערסטע געווער...

אָט אַזאַ איז דער פאַשיזם. אינעם פּראָגראַם פון פאַשיזם איז נישטאָ דאָס וואָרט: מענטשלעכקייט. עס איז דאָ דאָס וואָרט: מאַכט. און עס ווערט דאָרט געזאָגט: מאַכט איז וויכטיקער ווי מענטשלעכקייט. וויכטיקער ווי אַלץ.
אין צענטער פון דער פאַשיסטישער דאָקטרין שטייט — די מלוכה. די מלוכה איז דער אָפּגאָט, דער מולך, צוליב די כּלומרשטע אינטערעסן פון דער מלוכה איז פאַר דריי יאָר נויטיק געווען אָנצוהייבן אַ בלוטיקן, אַכזריותדיקן קריג קעגן אַביסיניע. צוליב די אינטערעסן פון דער „מלוכה" איז איצט נויטיק צו דערקלערן אַ מלחמה קעגן די יידן.
אין דער שיטה פון פאַשיזם איז דאָ דער היתר צו מאָרדן, צו פּייניקן, צו באָדן זיך אין בלוט און טרערן פון אומשולדיקע, אויב נאָר דורך דעם קען עטוואָס „געווינען" די אימפּעריע און עס קען דורך דעם וואַקסן דער פּרעסטיזש פון „פירער".
דער פאַשיזם אַנערקענט נישט די מאָראַל, וואָס איז אַבסאָלוט. ער אַנערקענט נישט אייביקע עטישע פּרינציפּן. זיין „מאָראַל" איז די „מאָראַל" פון וואָלף אין וואַלד: דאָס, וואָס נוצט פאַר מיר, איז גוט, איז גערעכט...
און דערפאַר איז נאַיִוו און גרונדלאָז צו רעדן וועגן אַ „קולטורעלן" און נישט־„קולטורעלן" פאַשיזם.
ס'איז נישטאָ קיין „קולטורעלער" פאַשיזם. גענוי ווי עס איז נישטאָ קיין איידעלער אַכזר און קיין הומאַניטאַרער תּלין.

# קעניגן, טאַלאַנטן, פּאַראַדן

אין קאַפע, ווו מיר זענען געזעסן, איז שוין געווען האַלב־לײדיק. די געסט האָבן, צוליב דער שפּעטער שעה, ביסלעכווייז זיך אַרויסגערוקט. אָבער מיין שכן ביים טישל האָט נאָך גאָרנישט געהאַלטן ביים אַוועקגיין. ער האָט פּאַמעלעך גע־זופּט די האַלב־שוואַרצע קאַווע, געוואָרפן אַ בליק דאָ אין די צייטונגען, וואָס זענען פאַר אים געלעגן, דאָ אויף מיר, און ווייטער געצויגן זיינע חקירות אויף דער זעלבער טעמע:

— נו, יאָ. טאַקע דער וויזיט פון ענגלישן קעניגלעכן פּאָר אין פּאַריז... די צייטונגען הערן נאָך נישט אויף צו שרייבן וועגן דעם פּאַראַד. עס גייען נאָך אַלץ באַריכטן וועגן די טואַלעטן פון קעניגלעכן פּאָר, וועגן די זאַלן אין וועלכע דער קעניג און די קעניגין האָבן געוווינט. וועגן די מאַלצייטן וואָס זיי האָבן געגעסן, וועגן די ניואַנסן פון די שמייכלען וואָס האָבן זיך אויף זייערע ליפּן געגליטשט. עס פעלן נאָך אַלץ אַרטיקלען וואָס באַהאַנדלען די פּאָליטישע באַ־דייטונג פון דאָזיקן באַזוך, די וויכטיקייט פון די קאָנפערענצן וואָס זענען אין פּאַריז אָפּגעהאַלטן געוואָרן צווישן די ענגלישע און פראַנצויזישע מיניסטאָרן. אָבער צי דאָס אַליין שליסט שוין טאַקע אָפּ די באַדייטונג פון דער דאָזיקער וויזיט? — צי זענען נישטאָ אין דער דאָזיקער וויזיט נאָך אַנדערע מאָמענטן, וואָס פאַרדינען אונטערגעשטראָכן צו ווערן?...

שטעלט זיך פאַר, צי וואָלט נאָך אַפילו מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק מעגלעך געווען, אַז די וועלט־דעמאָקראַטיע זאָל זיין דער הויפּט־צד אין אַ שׂמחה, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן לכּבוד אַ קעניג? — צי וואָלט מעגלעך געווען, אַז אַלע עכטע דעמאָקראַטן, רעפּובליקאַנער און אַפילו סאָציאַליסטן, זאָלן אַ קעניג־לעכן באַזוך באַטראַכטן ווי אַ גרויס געשעעניש און גרויסן יום־טוב? — וואָלט עס מעגלעך געווען, אַז ראַדיקאַלע צייטונגען זאָלן מיט רעספּעקט און וואַרעמקייט שרייבן וועגן די פייערלעכע באַגריסונגען לכּבוד אַ מלך און אַ מלכּה?

נעמט אין האַנט די לעצטע נומערן פון „עוור״, דער אָרגאַן פון די ראַדיקאַלן אין פראַנקרייך, פון „פּאָפּולער״, די סאָציאַליסטישע צייטונג אין פּאַריז. זעט מיט וואָסער פרייד דאָ ווערט באַשריבן די אויפנאַמע לכּבוד דעם געקרוינטן פּאָר־

שטייער פון ענגלאַנד. זעט מיט וויפל ענטוזיאַזם דאָ ווערט גערעדט, וואָס דער קעניג איז — נישט געפּאַנגען, ווי אין ליד וועגן די „דריַי גראַנאַדירן" פון היינע — נאָר וואָס ער לעבט, וואָס ער שמייכלט, וואָס ער געפינט זיך אין די מויערן פון פּאַריז, די שטאָט ווו באַריקאַדן זענען אין די גאַסן געבויט געוואָרן פאַר 150 יאָר און פאַר הונדערט און פאַר זיבעציק, באַריקאַדן צום קאַמף קעגן דער דינאַס־טיע און קעגן די פּאָרשטייערס פון דער דינאַסטיע...

דו שמייכלסט. אָבער מיך גלוסט גאָרנישט צו שמייכלען פון דעם פּאַראַדאָקס. מיך פאַרדריסט. מיך פאַרדריסט פאַר וואָס די געשיכטע איז אויף אַזעלכע, נישט אויף אַנדערע רעלסן אַוועק. פאַר וואָס גראָד „די זין פון פּאָלק" זענען קומענדיק צום רודער אויסגעוואַקסן צו פינצטערע אימפּעריאַליסטן און אומהיימלעכע פּאָלקס־שונאים, פאַר וואָס דווקא די רעדע פון ענגלישן קעניג האָט פאַרמאָגט עכט־דעמאָקראַטישע און ערלעך־פרידלעכע אַקצענטן. מיך פאַרדריסט פאַר וואָס איך — אַלס דעמאָקראַט און רעפּובליקאַנער — בין מחויב מיטצוזינגען דעם מאָנאַר־כיסטישן הימן „גאָד סייוו דהי קינג" — היט דעם קעניג... איך האָב זיך אַפילו די מעלאָדיע, ווי דו זעסט, אויסגעלערנט... ס'איז דאָך אין די איצטיקע טעג דער הימן פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע געוואָרן; דאָס ליד פון אונדזער קאַמף און טרייסט און האָפענונג...

מיין שכן האָט זיך פאַרהאַקט. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט אין אַ ביטע־רער גרימאַסע. ער האָט אַ זופּ געטאָן די האַלב־שוואַרצע קאַווע. נאָך אַ קורצער פּויזע האָט ער ווייטער גערעדט:

— אָבער ס'איז נישט בלויז דער מאָנאַרכיסטישער רעזשים וואָס רופט אין מיר אַרויס רעפלעקסן. מיך האָט פאַראינטערעסירט אויך דער העלד פון דער שמחה. דזשאָרדזש דער זעקסטער. גוט. ענגלישער קעניג. אָבער אַ חוץ קעניג, אַ חוץ, הייסט עס, אַזאַ, וואָס די קרוין איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה, וואָס איז ער נאָך? — עפּעס אַ פּערזענלעכקייט? — עפּעס אַ הערשער־פּערזענלעכ־קייט? — עפּעס אַ מאַן מיט טאַלאַנטן?...

כ'האָב מיר פאַרשאַפט דאָס בוך וואָס דער אָפיציעלער ביאָגראַף פון ענגלישן הויף האָט לעצטנס וועגן אים אָנגעשריבן. כ'האָב דאָס בוך איבערגעלייענט. „דהי ראָמאַנסעס אָף דהי ראָיאַל פעמילי". איך האָב זיך פון דאָרט דערוווּסט אַז דזשאָרדזש דער זעקסטער איז אַ גוטער פאַמיליע־מענטש, אַז ער האָט ליב צו זאַמלען מאַרקעס, אַז ער שפּאַצירט גערן אין די פרימאָרגנס אַליין אין זיין גאָרטן. כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז אויך ווען ער איז נאָך געווען פּרינץ פון יאָרק — דאָס הייסט, איידער ער איז אַרויפגעשטיגן אויפן טראָן — האָט ער געפירט אַ צוריק־געצויגן לעבן, געווען ווייט פונעם גערויש פון דער עפנטלעכקייט. כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז דזשאָרדזש דער זעקסטער איז אייגנטלעך אַ טיפּ פון אַן ענגלישן בעל־הבית, מיט זין פאַר זאַכלעכקייט, מיט ערנסטער באַציִונג צו זיינע אָפיציעלע

פליכטן, אַזאַ וואָס היט זיך אויסצומישן פּריוואַטע נייגונגען מיט אָפיציעלע פליכטן... דאָס איז ער, זיין מאַיעסטעט דזשאָרדזש דער זעקסטער. טאַלאַנטן ? — באַגאַבונג ? — דער אָפיציעלער ביאָגראַף דערמאָנט נישט עפּעס אַזוינס. דזשאָרדזש דער זעקסטער פאַרמאָגט נישט אַזוינס. ער שטרעבט זיך גאָר נישט אָן עפּעס באַזונדערע טאַלאַנטן אַרויסצווייזן. אים איז גוט מיט דעם וואָס ער איז : אַ דורכשניט־מענטש.

און — צי איז דען נישט אויך די ענגלענדער גוט דערמיט ?...

וואָלט זיי אפשר בעסער געווען ווען דזשאָרדזש דער זעקסטער זאָל יאָ זיין אַ טאַלאַנט, זאָל יאָ באַזיצן ווייט־גייענדיקע אַספּיראַציעס, זאָל יאָ זיין אַ הערשער־פּערזענלעכקייט ?...

וואָלט זיי אפשר בעסער געווען ווען דזשאָרדזש דער זעקסטער זאָל כאָטש עפּעס פון דער באַגאַבונג פאַרמאָגן פון די דיקטאַטאָרן פון אונדזער תקופה ?...

וואָרום וואָס מיר זאָלן וועגן די גרויזאַמע טיראַנען אין אונדזער דור נישט זאָגן, אָבער — הערשער־פּערזענלעכקייטן זענען זיי דאָך, טאַלאַנטן, מיט גרויסע אָפּט אומגעווינלעכע פעיִקייטן, באַשאַנקען...

און אויב אַזוי — צי לייכט נישט דורך די געשעענישן וואָס וויקלען זיך פאַר אונדזערע אויגן, בכלל, די רעוויזיע צו דעם טאַלאַנט ?...

אין די אַמאָליקע צייטן איז דער פרומער ווּנטש פון יעדע טאַטע־מאַמע געווען אויסצוהאָדעווען באַגאַבטע קינדער ; אין די אַמאָליקע צייטן איז דער אידעאַל פון יעדן פאָלק געווען אַרויסצוגעבן פון זיך וואָס גרעסערע און וווּנדערלעכערע זשעניס ; אין די אַמאָליקע צייטן איז די אַמביציע פון יעדן לאַנד געווען, אַז אין זיין שפּיץ זאָל שטיין אַן אומגעווינלעכער מענטש — לעבן נאָך איצט ביי וועמען עס־איז אַזעלכע ווּנטשן, אַזעלכע אידעאַלן, אַזעלכע אַמביציעס ? — איז נישט קלאָר אַז די טאַלאַנטן ברענגען נישט קיין גוטס דער מענטשהייט, נאָר בלויז שלעכטס ? — איז נישט קלאָר, אַז די טאַלאַנטן פירן אונדז מיט יעדן טאָג אַלץ נענטער צום אָפּגרונט ? — וואָלט אונדז נישט אַ סך בעסער געווען און וואָלט נישט פיל רויִקער און שטילער געפלאָסן אונדזער לעבן היינט צו טאָג, ווען מיט דער וועלט זאָלן אָנפירן אַ ביסל ווייניקער „זשעניס" און אַ ביסל מער אָנשטענדיקע, באַשיידענע דורכשניט־מענטשן ? — וואָלטן נישט די פעלקער וואָס זענען „געבענטשט" געוואָרן מיט „גרויסע" פּערזענלעכקייטן, גערן זיי אַלעמען אויסגעטוישט אויף אַ... דזשאָרדזש דעם זעקסטן ?

גליקלעכע פעלקער האָבן נישט קיין געשיכטע — זאָגט דאָס אַלטע קלוגע וואָרט. איך וויל דערצו צוגעבן : גליקלעך זענען די פעלקער, וואָס מיט זיי פירן אָן מענטשן וועלכע האָבן נישט די אַמביציע צו מאַכן געשיכטע...

וואָרום נאָר מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק האָבן אַפילו קינדער געוווּסט : קעניגן מוזן דורך יעדן איבערצייגטן רעפּובליקאַנער און ראַדיקאַל באַטראַכט ווערן

ווי פאַראַזיטן, ווי געשפּענסטער פון אַלטע, אָפּגעלעבטע רעזשימען, ווי פּיינט פון פאָלק. קעניגטום באַדייט — טראַדיציע. קעניגטום איז פאַרבונדן מיט ירושה, מיט דינאַסטיע, מיט פּריווילעגירטע קלאַסן. און די מאַסן, ווען זיי ווילן ווירקלעך זיין פריי און גליקלעך, מוזן קודם-כּל צוטרעטן צו שטורעמען די טראָנען.

וואָס איז אין אונדזערע טעג געשען מיט דער דאָזיקער — דורך יאָרהונדערטער אויסגעהאָדעוועטער — אַנטי־מאָנאַרכיסטישער טעאָריע ?...

וועסטו איצט געפינען עפּעס אַ סך מענטשן אין דער מחנה פון די דעמאָקראַטן, וואָס זאָלן האַלטן, אַז דער מאָנאַרכיסטישער רעזשים איז דער קוואַל פון אַל דאָס בייז ?

זענען נישט — ווי אויף צו להכעיס — גראָד די קעניגן אין אונדזער דור די סימפּאַטישע הערשער־געשטאַלטן ? — זענען נישט היינט די מלכים אין זייער גרויסער מערהייט וואַרעמע פאָלקספריינד ? — צי האָט אונדזער איינער עפּעס פאַרצוואַרפן די מלכים אין ענגלאַנד, שוועדן, דענעמאַרק, בעלגיע, האָלאַנד ? — ווערן נישט די רעכט פון די פאָלקמאַסן געשענדט און ברוטאַל מיט די פיס געטראָטן דווקא אין יענע לענדער, ווו די מאָנאַרכן זענען פון זייערע טראָנען געוואָרן אַראָפּגעשליידערט, אָדער ווו — אַזאַ פאַל איז אין איטאַליע — דער קעניג איז אין גאַנצן אין שאָטן פאַררוקט געוואָרן ? — האָבן מיר עפּעס אַ סך נחת דערלעבט פון די איינפאַכע זין פון פאָלק ווען זיי האָבן צו דער מאַכט זיך אַרויפגעריסן ? — איז אונדז ווירקלעך ליבער דער „דוטשע" מוסאָליני, דער „פירער" היטלער, דער פויערים־זון סטאַלין, ווי זיין מאַיעסטעט דער קעניג פון גרויס בריטאַניע ? — איז עס נישט איינער פון די אויסטערלישסטע פאַראַדאָקסן פון אונדזער צייט, וואָס בעת דער „פירער" איז געוועזן צו גאַסט ביים „דוטשע" איז אַ פינצטערער קאָשמאַר באַפאַלן די מענטשהייט, דאַקעגן ווען זיין מאַיעסטעט דער קעניג האָט זיך קיין פאַריז געלאָזט, איז אַ שטראַל פון מונטערקייט אַריינגעדרונגען אין די געמיטער פון אַלע פרייהייט־ליבנדיקע מענטשן ? — צום טייוול, קענסטו מיר מעגלעך זאָגן, צו וואָס אַזוי פיל ענערגיע איז אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער פאַרטאַכלעוועט געוואָרן אין קאַמף קעגן די קעניגן ?...

גליקלעך זענען די פעלקער וואָס זייערע פירערס האָבן נישט אין זיך דעם ערנסטן פּאַטאָס פון דערלייזערס, גליקלעך זענען די פעלקער וואָס זייערע הערשערס טראָגן זיך נישט אַרום מיט דער מיסיע צו ראַטעווען די ציוויליזאַציע, און מיטן גלויבן אין זייער „היסטאָרישער" שליחות...

ווי משונהדיק מיין געדאַנק זאָל אין דיינע אויערן נישט קלינגען, אָבער איך מיין, אַז אין דער גאַנצער, איצט געפּלאָנטער און צעפּייניקטער וועלט, דאַרף זיך טראָגן דער רוף : געגוג מיט די גרויסע פּערזענלעכקייטן. אויף כּפּרות דאַרפן מיר די „אויבערמענטשן" פון ניטשעס שניט, זאָל לעבן די מיטלמעסיקייט !... זאָל לעבן דער דורכשניט־מענטש מיטן גוטן, אָנשטענדיקן שׂכל־הישר !...

איך ווייס וואָס דו וועסט מיר זאָגן: דער וויזיט פון ענגלישן קעניגלעכן פּאָר האָט נאָר אַ סימבאָלישע באַדייטונג. דאָ איז נישט געגאַנגען אין דער פּערזאָן פון קעניג. עס איז געגאַנגען אין דעם אַקט פון ענגליש־פראַנצויזישער פריינדשאַפט, וואָס איז אַזוי אַרום מאַניפעסטירט געוואָרן. אָבער צי טאַקע די צערעמאָניע אַליין איז נישט עלול אין אונדז אַרויסצורופן מחשבותן? — זע: די מענטשן נויטיקן זיך אין סימבאָלן בכדי אַריינצוברענגען אין די פראַנצויזן און ענגלענדער געפילן פון קעגנזייטיקער פאַרבינדונג, בכדי צו באַווייזן דער וועלט אַז די ענגליש־פראַנצויזישע פריינדשאַפט איז פעסט און אומדערשיטערט איז ווייניק געווען אויסצוטוישן נאָטעס, אָפּצוהאַלטן געשפּרעכן, פאַרעפנטלעכן אָפיציעלע קאָמוניקאַטן, אַ פּאַראַד איז נויטיק געווען. אַ דריי־טאָגיקע פייערלעכקייט. טענץ אין די גאַסן. דאָס בעט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן און 360 קאָסטיומען פאַר דער ליאַלקע פון די קעניגלעכע קינדער...

און קען זיין, אַז איינער פון די מוראדיקע פעלערן וואָס די דעמאָקראַטיע איז באַגאַנגען איז טאַקע געווען דאָס, וואָס — זי האָט אין די לעצטע יאָרן נישט גערעדט צו דער פאַנטאַזיע פון די מאַסן, נישט געבויט אויף דער פאַרשטעלונג־קראַפט און אויף דער מענטשלעכער נייגונג צו ראָמאַנטיק, און נאָר געבויט אויף דער לאָגיק...

מ׳האָט געזאָגט: די מענטשן אין אונדזער דור זענען אויסגעטריקנט געוואָרן, ראַציאָנאַליסטיש — און זע: זיי דאַרפן סימבאָלן, זיי דאַרפן פייערלעכע צערעמאָניעס, זיי דאַרפן פּאַראַדן...

מיין שכן האָט נאָך ווייטער געוואָלט רעדן. אָבער ס׳איז געווען שפּעט. די קעלנערס האָבן מידע געגענעצט. מיין שכן האָט נערוועז אויסגעזופּט די האַלב־שוואַרצע קאַווע.

# די גרויסע פּראַגע־צייכנס פון אונדזער צייט

די גרויסע פּראַגע־צייכנס פון אונדזער צייט — אַזוי און נישט אַנדערש וואָלט איך זיי אָנגערופן. אַזוי וואָלט איך אָנגערופן דעם פּראָפעסאָר פון רוימישן רעכט אויפן קראַקאָווער אוניווערסיטעט, רפאל יעקב טאָובענשלאַג, וועלכער האָט פּאָרי־קע וואָך אַדורכגעמאַכט די טויף־צערעמאָניע אין דער ניעשאַווער קירך. אַזוי וואָלט איך אָנגערופן די פינף זין פון יידישן באַראָן קאָנער אין בודאַפּעסט, וועלכע האָבן ערשט נישט לאַנג זיך אָפּגעשמדט. אַזוי וואָלט איך אָנגערופן דעם אינדוסטריע־לער ה׳ ליבערזאָן פון בוקאַרעסט, וואָס איז איצט אַריבער צום קריסטנטום.

דאָס זענען די האַרבע, די קאָמפּליצירטע, די משונהדיקע פּראַגע־צייכנס פון אונדזער דור.

פּראַגע־צייכנס זענען אויף קיין האָר נישט געווען פאַר אונדז די משומדים פון די אַמאָליקע און אַפילו פון די לעצטע צייטן. מיר האָבן צו די אָפּטריניקע זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג, מיר האָבן צו זיי זיך באַצויגן מיט עקל, מיר האָבן מיט זיי זיך געמיאוסט — אָבער מיר האָבן זיי פאַרשטאַנען. מיר זענען, ווי מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז געווען אין שטאַנד אַריינצוקוקן און זען, וואָס עס טוט זיך אויף דעם דנאָ פון זייער האַרץ, זען די קוואַלן פון פאַרראַט, מיר האָבן גענוי געוווּסט צוליב וואָס די יידישע אמונה האָט פּלוצעם אויפגעהערט די דאָזיקע נפשות צו „געפעלן״, פאַר וואָס ס׳איז זיי מיט אַ מאָל „ענג״ געוואָרן צווישן יידישן פאָלק, צוליב וואָס זיי האָבן אַלע פעדים מיטן יידנטום איבערגעריסן.

אָבער מיר פאַרשטייען נישט און קענען נישט פאַרשטיין, אין נאָמען פון וואָס דער פּראָפעסאָר טאָובענשלאַג האָט אין חודש יולי פון יאָר 1938 די שמד־צערע־מאָניע אַדורכגעמאַכט, אין נאָמען פון וואָס די פינף זין פון באַראָן קאָנער אין אונגאַרן האָבן כּלערליי אָנשטרענגונגען אונטערגענומען כּדי איצט זיך אַרונטער־צוקריגן אונטער די פליגל פון פּריווילעגירטן גלויבן. אין נאָמען פון וואָס דער אינדוסטריעלער ליבערזאָן אין רומעניע האָט זיך היינט געזאָלט באַשפּריצן אויף פּראַוואָסלאַוונע...

מיר פאַרשטייען נישט וואָסער שטויסקראַפט עס האָט די דאָזיקע נפשות צו זייער שריט געטריבן.

איבערצייגונג? — לאָמיר נישט מיסברויכן מיטן דאָזיקן וואָרט, ווען עס איז די רייד וועגן משומדים. די, וואָס האָבן דעזערטירט פון די רייען פון יידישן פאָלק, זענען קיין מאָל נישט געווען פילבאָר און סובטעל פאַר פּראָגעס פון איבער־צייגונג. — צי האָט איר געענדערט דעם גלויבן אויס איבערצייגונג? — האָט מען אַ מאָל געפרעגט דעם „טוב שבמשומדים”, דעם בעסטן צווישן די געשווירן, דעם פּראָפ. כוואָלסאָן. און כוואָלסאָן האָט דערויף ציניש געענטפערט: — נו, אַוודאי. ווייל כ׳האָב זיך איבערצייגט אַז ס׳איז אַ סך באַקוועמער צו זיין פּראָפעסאָר אין פּעטערבורג איידער מלמד אין אײשישאָק...

דערפאַר טאַקע איז אונדז שווער תופס צו זיין די שמד־דערשיינונגען, ווען זיי טרעטן אויף היינט אַרויס, „לוינט” דען נאָך דער טויף־שיַין? — טריומפירט דען נישט דער אַריער־פּאַראַגראַף? — גיסט זיך דען נישט אויס אויף די משומ־דים — ביזן פערטן דור — דער זעלבער מוראדיקער צאָרן, די זעלבע באַליידי־קונגען און בזיונות, וואָס אויף ריכטיקע יידן? — זענען דען אין דייטשלאַנד אי־אין עסטרייך די משומדים נישט דערוויטערט געוואָרן פון זייערע אַמטן, גענוי ווי די יידן? — און זענען דען די משומדים געשאָנעוועט געוואָרן אין די גאָגאָ־געזעצן אין רומעניע? — ווערן זיי נישט אויסגעשטעלט צו פאַרפאָלגונגען און רדיפות אין די אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין אונגאַרן? — צי ווערן זיי אפשר געשאָנעוועט אין פּוילן? — ווערט דען נישט אויך אין פּוילן פון טאָג צו טאָג די לופט אַלץ ענגער פאַר די אָפּטריניקעס? — שרייען נישט טאָג־איַין טאָג־אויס פון טאָן־געבנדיקע פּוילישע צייטונגען אַראָפּ די לאָזונגען, אַז משומדים מוזן פּונקט ווי יידן באַטראַכט און באַהאַנדלט ווערן? — האָט זיך נישט ערשט פאַר אייניקע וואָכן אָפּגעשפּילט די געשיכטע מיטן משומד גלח פּודער, וועלכער האָט באַקומען קלעפּ אין אַ זונטיק אין דער קירך, ווייל — „ער איז אַ ייד”? — וועט זיך דען געפינען אין די אַלע מקומות ווו דער ראַסיזם הוליעט, צו מאָל, אַן אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט, וואָס זאָל איינשטימען גיכער צו פאַרזיכערן דעם קאָפּ פון אַ משומד, ווי פון אַ פּשוטן ייד? — וואָס טראַכטן בכן ביי זיך דער פּראָפעסאָר טאַובענשלאַג, די ברידער קאַנער, דער איג־דוסטריעלער ליבערזאָן?...

אמת איז: אַ תשובה־שטרעמונג איז אַרויסגעטראָטן. אומקערנדיקע שטייען אויף די שליאַכן. היים־קערנדיקע, אָבער — טראָץ אונדזערע אַלע דערוואַרטונגען — דער אומקער־פּראָצעס האָט נישט אָנגענומען די פאָרם, וואָס ער האָט באַדאַרפט אָננעמען. ער איז נישט אויסגעוואַקסן צו דעם פאַרנעם, צו וועלכן ער האָט באַ־דאַרפט אויסוואַקסן. און דאָס אומפאַרשטענלעכסטע: אויף די שליאַכן שטייען אויך... אַוועקגייענדיקע.

אין יאָר 1933, אין יאָר ווען דער היטלעריזם האָט דעראָבערט די מאַכט, בכן אין יענעם יאָר, ווען אַלע אילוזיעס זענען, דאַכט זיך, צערונען, ווען די משומדים האָבן דייטלעך דערהערט, אַז צי זיי ווילן יאָ, צי זיי ווילן נישט, ווי יידן וועלן זיי באַטראַכט ווערן — האָבן אַרום טויזנט יידן זיך געשמדט אין דייטשלאַנד.

דער שמד ווערט כּמעט ווי נישט טאָלערירט אין איצטיקן דייטשלאַנד. ער גיט נישט די געטויפטע די מינדסטע רעכט. ער שיצט נישט קעגן דער הוליגאַניקער זאַווערוכע. און דאָך געפינען זיך נאָך היינט מנוּוולים אין היטלער־לאַנד וואָס לויפן אַריבער צום שׂונא.

די פראַגע איז: פאַר וואָס? — פאַר וואָס האָבן דער פראָפ. טאַובענשלאַג, די ברידער קאַנער, דער אינדוסטריעלער ליבערזאָן, געטאָן, וואָס זיי האָבן געטאָן? — פאַר וואָס דויערט נאָך בכלל די שמד־באַוועגונג?...

אין די אַמאָליקע צייטן האָט דער משומד דערהערט דעם טונקעלן אינערלעכן רוף, אַז ער איז אַ ייד, ערשט אויף דער עלטער. ער אַליין האָט זיך אין זיין אָפּשטאַם דערמאָנט. אויפן קראַנקן־בעט האָט היינריך היינע שורות פון חרטה געשריבן. היינט דרייען זיך די משומדים אַרום דאָס גאַנצע לעבן ווי אויפן עולם־התוהו. זיי שטרענגען זיך אָן אינעם שורש פאַרגעסן, אָבער כּסדר, אויף שריט און טריט דערמאָנט מען זיי: יידן זענט איר, יידן!...

דער פּוילישער משומד לעאָ בעלמאָנט האָט מיט יאָרן צוריק אין אַ מאָמענט פון איינזאַמקייט זיך באַקלאָגט, אַז ער פילט זיך פאַרשטויסן, פון יידן דערווייטערט, פון פּאָליאַקן באַשפּיגן. לעאָ בעלמאָנט האָט דאַן אָנגעשריבן זיין אומעטיקן פערז: „זשידאָווסקי פּאָליאַק, פּאָלסקי זשיד״... דאַן איז עס נאָר אַ שטימונג אַ פאַרביילויפנדיקע געווען. איצט איז דאָס נישט מער קיין שטימונג. איצט איז דאָס אַ שטיק פון דער משומדישערווירקלעכקייט. אייגנטלעך: זייער גאַנצע ווירקלעכקייט...

די משומדים פון די אַמאָליקע, און אַפילו פון די לעצטע צייטן האָבן געהאַט דעם שאַנס צו מאַכן אַ קאַריערע. פאַר די געטויפטע זענען אַלע טויערן געשטאַנען אָפן. די טויערן, וואָס זענען פאַר יידן געווען פאַרהאַקט און געשלאָסן. די געטויפטע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אַרויפצושטייגן צו הויכע אַמטן, צו באַקומען פעטע קאָנצעסיעס. אַריינצודרינגען אין די ספערן פון דער הערשנדיקער געזעלשאַפט. און דערצו האָבן דאָך די רענעגאַטן געשטרעבט. דער גאָלדענער קאַלב איז זייער אָפּגאָט. צוליב דעם גאָלדענעם קאַלב, צוליב געַנוס, האָבן זיי מיט אַ לייכטן געוויסן אַל דאָס טייערע און הייליקע אָפּגעוואָרפן.

מיר פאַרשטייען דעריבער זייער גוט — ווען מיר זאָלן אַלס ביישפּיל אויסרעכענען כאָטש אייניקע נעמען פון דעם פּראָפעסאָרן־קרייז אין פּוילן — פאַר

וואָס דער פּראָפעסאָר פון היסטאָריע אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט מאַרצעל האַנדעלסמאַן איז פון יידנטום אַוועק, פאַר וואָס דער פּראָפעסאָר פון אַדמיניס־טראַטיוון רעכט טאַדעוש נוסבוים־הילאַראָוויטש האָט מיט יידן איבערגעריסן, פאַר וואָס דער פּראָפעסאָר פון פּאַלאָניסטיק אויפן לעמבערגער אוניווערסיטעט און מיט־גליד פון דער פּוילישער ליטעראַטור־אַקאַדעמיע, יוליוש קליינער, איז צום הערשנ־דיקן גלויבן אַריבער... דאָס זענען משומדים פון אַלטער דאַטע. אין דער צייט, ווען זיי האָבן דעם טויף־שייַן זיך פאַרשאַפט, איז ער נאָך ווירקלעך געווען אַן ערשטקלאַסיקע סגולה צו קאַריערע, איז ער נאָך מיט רעכט אָנגעגאַנגען ווי אַן איינטריט־קאַרטע קיין אייראָפּע.

דאָ איז נישט בלויז אונדזער יידישער צוגאַנג צו משומדים. נישט נאָר יידן האָבן נישט און קענען נישט האָבן קיין הויכע מיינונג וועגן די „אידעאַליסטישע" מאָטיוון, וואָס האָבן מכּלומרשט געשטויסן די רענעגאָטן צו זייער פּאַראַט. אויך אין דער וועלט האָט מען — אַפילו דאַן, ווען משומדים זענען ליבלעך אויפגע־נומען געוואָרן — אָפּגעשאַצט זייער „ערלעכקייט" און „אויפריכטיקייט". אין דער גלענצנדיקער דערציילונג „מערעסי" (משומדים) פון פּוילישן שריפטשטע־לער גאַוואַלעוויטש (אָנגעשריבן געוואָרן אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט), פאַר־טרויט זיך איינער אַ משומד.

— מיר, אונדזער משפּחה, האָט זיך פון דער יידישער אמונה אָפּגעטרייסלט, ווייל מיר האָבן געוואָלט מאַכן וואָס גרעסערע געשעפטן. מיין פאָטער האָט זיך געטויפט, ווייל ער האָט געוואָלט באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף אַ קוילן־גרובן; מיינע קוזינקעס האָבן געוואַרט מיטן אָפּשמדן זיך, ביז ס׳האָט זיי אַמבעסטן גע־לוינט; מיין פעטער האָט זיך געשמדט, ווייל זיין קאָנקורענט האָט זיך געטויפט. מיין פעטער האָט דאַן געטראַכט ביי זיך: אויב דער שמד לוינט פאַר יענעם, לוינט ער אויך פאַר מיר...

בכן: לוינען, לוינען, לוינען — דאָס איז געווען די דערהויבענע „אידעע", וואָס האָט די פאַררעטערס מיט איר רייץ געכּישופט...

שמד איז שטענדיק געווען אַ „געשעפט", אַ פּראַקטישע קאָמבינאַציע.

עס וואָלט, נאַטירלעך, נישט געלוינט די דאָזיקע פראַגע עפנטלעך אַוועקצו־שטעלן, ווען דאָ זאָל זיך האַנדלען בלויז וועגן די פּאָר אויסגערעכנטע פאַרשוינען. אָבער די זאַך שטעלט זיך אַנדערש פאַר. עס איז, ליידער, פאַראַן היינט צו טאָג אַ שמד־באַוועגונג. דאָס איז דער אמת, און מ׳האָט נישט קיין זין אים צו פאַר־הוילן. דער שמד האָט אין דער תקופה פון אַריער־פּאַראַגראַף זיך נישט אָפּגע־שטעלט.

אונדזערע אַלע אויסרעכענונגען האָבן ליידער זיך נישט באַשטעטיקט.

מיר האָבן דערוואַרט, אַז דורך די פאַרשאַרפטע גזירות אויף יידן און אויף די אַלע, וואָס ציִען זייער שורש פון יידן, וועט דער תשובה־שטורעם אויפטרייסלען אויך די, וואָס זענען פון יידנטום אַוועק, וועט אַ כוואַליע פון חרטה אַרויפשלאָגן אין די רייען פון די אָפּטריניקע, וועלן דערוויטערטע און פאַרפרעמדטע דעם וועג צום יידנטום אָנהייבן זוכן. מיר האָבן דערוואַרט, אַז על־כל־פּנים דאָס אַריבערלויפן צו דער מחנה פון פאַרפאָלגערס און אונטערדריקערס וועט אין אַזאַ צייט פון פורעניות, אויפהערן.

אין רומעניע זענען אין די טרויעריקע גאָגאָ־חדשים צענדליקער יידן אַוועק פון יידישן גלויבן, דאָס העסלעכע דעזערטירן האָט נאָך איצט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

אין אונגאַרן בושעוועט — נישט געקוקט אויף דעם אָנגענומענעם אַנטי־יידישן געזעץ — אַ מוראדיקע שמד־עפּידעמיע. מ׳שטופּט זיך אין דער ריי, כּדי צו באַקומען דאָס ביסל טויפוואַסער.

מ׳ווייסט סיי דאָ, סיי דאָרט, אַז משומדים זענען נישט מער פּריווילעגירט; מ׳ווייסט סיי דאָ, סיי דאָרט, אַז משומדים זענען איצט אונטערגעוואָרפן אונטער די זעלבע פאַרפאָלגונגען און רדיפות, וואָס יידן; מ׳ווייסט סיי דאָ, סיי דאָרט, אַז משומדים ווערן היינט גלייך ביים לעבן אין כּף־הקלע געשליידערט — און סיי דאָ, סיי דאָרט, האַלט דאָך כּסדר אָן די באַוועגונג פון שמד.

דאָס הייסט נישט, אַז מיר באַדויערן דאָס דאָזיקע פּסולת, וואָס איז אָנגעפאַלן און פאַלט אָפּ. דאָס יידישע פאָלק וואָלט בלי־ספק געווען פיל גרעסער אין צאָל, ווען די שמד־עפּידעמיעס אין פאַרשיידענע צייטן וואָלטן נישט אָפּגעריסן פון אונדז הונדערטער און טויזנטער אָבער געזונטער, אָן אַן ערך געזונטער, איז דאָס יידישע פאָלק אָן זיי.

עס איז דאָ אַ פּונק אמת אין דער באַהויפּטונג אַז דער שמד איז אייגנטלעך געווען אַ מין נוצלעכער, נוצן־ברענגענדיקער אויסוואַל, דאָס, וואָס ווערט אין דער וויסנשאַפט גערופן: סעלעקציע. דורכן שמד איז פאָרגעקומען אין די רייען פון דער יידישער מחנה אַן אָפּקלייַב־פּראָצעס. דער ווילדער אָנוווּקס, די, וואָס זענען קליין און שפּלדיק, שוואַך און פאַלש, זענען פון דער יידישער מחנה אַוועק.

מיר וועלן אויך די לעצטע וויינען אויף די משומדים אין פּוילן. אין אַ שיינער געזעלשאַפט וועט זיך פון היינט אָן געפינען דער פּראָפ. טאַובענשלאַג. דאַכט זיך, אין קיין שום לאַנד האָבן יידן אין די לעצטע צענדליקער יאָרן נישט געליטן אַזוי פיל צרות און ליידן פון די משומדים, ווי אין פּוילן. פונעם „זויבערן" אינטערנאַציאָנאַלן אָפּטריניקן־געזינדל, האָבן אינעם לעצטן דור די פּוילישע משומדים זיך אַרויסגעוויזן, ווי די סאַמע פאַרדאָרבנסטע און געמיינסטע. יעזשי אָר

קען אָנגיין אַלס זייער גייסטיקער פּאַטער. דער משומד יעזשי אָר, וואָס איז דער מיטאַרבעטער פון דער אַנטיסעמיטישער „דוואַ גראָשע" געווען. דער משומד וואָס איז נישט מיד געוואָרן צו פאַבריצירן די סאַמע בייזוויליקסטע בלבולים קעגן פאָלק פון וועלכן ער אַליין האָט געשטאַמט. דער משומד, וואָס האָט אַ שפּאָרן חלק אינעם יידישן בלוט וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין די ערשטע מלחמה־יאָרן. דער משומד, צוליבן וועלכן נישט איין ייד איז געפירט געוואָרן צו דער תליה...

נאָר אין די צייטן פון פאַר דעם אַריער־פאַראַגראַף איז גילטיק געווען דאָס וואָרט, אַז דער דעוויז פון די משומדים איז: „ס׳גוט צו לעבן צווישן גויים און צו שטאַרבן צווישן יידן"... אָבער קען דען דאָך דאָס גאַנצע וואָרט היינט זיין אַקטועל? — איז נאָך ווירקלעך היינט אַ תיקון צו לעבן צווישן גויים, ווען מ׳איז נישט קיין ריינער אַריער?...

די משומדים זענען די גרויסע, די האַרבע, די משונהדיקע פראַגע־צייכנס פון אונדזער צייט.

עס איז ריכטיק, אַז דאָס זענען גראָבהויטיקע נפשות, וואָס זענען צום סאַמע נידעריקסטן שמוץ גרייט זיך אַראָפּצוקייקלען; עס איז ריכטיק, אַז דאָס זענען נפשות, וואָס זענען בכלל טעמפּ פאַר פראַגעס פון געוויסן, און זיי זענען נישט בכוח צו שפּירן צו מאָל דעם פאַרברעכן פון אַ רעליגיע און נאַציאָנאַלן פאַרראַט; עס איז ריכטיק, אַז דאָס זענען קריפּלען, אויסגעליידיקטע פון וועלכן עס איז איב־האַלט און געפיל און אידעאַל... אָבער — אין געשעפט־זאַכן אָריענטירן זיי זיך דאָך זיכער. ווו איז בכן דאָס „געשעפט" וואָס זיי מאַכן?...

סיידן — מ׳זאָל טאַקע זאָגן, אַז די איצטיקע משומדים קלערן טאָג און נאַכט נאָר פאַר זייערע אור־אייניקלעך, אַז זיי האָבן אהבת־נפש ליב די אור־אייניקלעך, אַז פאַר די אור־אייניקלעך גייט אַוועק זייער גאַנצע זאָרג, וואָרום — לויט דעם אַריער־פּאַראַגראַף — וועט דאָך נישט קיינער פריִער, נאָר ערשט די אור־אייניק־לעך זיין אין שטאַנד צו געניסן פונעם שמד פון פּראָפעסאָר טאַובענשלאַג, פון די ברידער קאַנער, פון אינדוסטריעלער ליבערזאָן...

# יום־כּיפּור אויף אַ שיפל אין מיטן תּמוז

## 1

ער איז געווען מיאוס, שרעקלעך — מיאוס, מוראדיק — מיאוס. אָבער בײַ מיר האָט זײַן מיאוסקייט נישט אַרויסגערופן קיין אַנטיפּאַטיע. גראָד די שיינע זענען על־פּי רוב נישט אינטערעסאַנט. אין אונדזער זכּרון קריצן זיך שטאַרק אײַן מיאוסע שטריכן, אָבער כאַראַקטעריסטישע, איידער אַ שיין און באַנאַל פּנים. אונטער אַ מיאוסע מאַסקע באַהאַלט זיך אָפט אַ דיכטערישע נשמה. עמעץ אַ וויסנשאַפט־מאַן האָט באַוויזן, אַז דער אינטערעסאַנטסטער טיפּ איז דער מענטש פון מיטלער וווקס, מיט אַ ביסל ברוטאַלע און שאַרף־געצייכנטע מיאוסע שטריכן.

און אַזאַ איז ער טאַקע געווען.

זײַן נאָמען? כ׳האָב נישט געוווסט און כ׳ווייס אויך איצט נישט. קיינער קען עס נישט זאָגן. כ׳האָב אים גערופן „סעניאָר”, וואָס איז דער טײַטש אויף שפּאַניש „הער”. הגם מיר האָבן צווישן זיך נישט גערעדט שפּאַניש, פלעגט ער דאָך צווישן איין וואָרט און צווייטן אַרײַנפלעכטן אַ גאַנצע פלאַכטע פון זײַן געבורטשפּראַך. „אָטשענטאַ אי אָטשאָ” — פלעגט ער זאָגן — אַכט און אַכציק יאָר מעגסטו לעבן אין דער פרעמד, אָבער דאָס לאַנד פון די קינדער־יאָרן ווערט פאַרבלייבן אין דײַן געמיט...

דען שוין זינט אַ לאַנגער צײַט געפינט זיך דער דאָזיקער סעניאָר אין אַ פראַנצויזישן דאָרף. ערגעץ בײַ דער בעלגישער גרענעץ. ער פאַרנעמט זיך דאָ מיט אַריבערשיפן די פויערים אין שטאָט און די שטאָטישע — אין דאָרף. מען האָט מיר וועגן אים די פאַרשידנסטע מעשׂיות דערציילט. מען האָט מיר די שטויבענדיקסטע פאַקטן איבערגעגעבן. איינס האָט סותר געווען דאָס צווייטע. אָבער דאָס איז זיכער: אַ מערקווערדיקע פיגור. האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו אים און עטלעכע טעג פאַרברענגט מיט אים.

ווו געפינט מען סעניאָרן? אויף זײַן שיפל. ער טרעט פון שיפל זעלטן וועןאַראָפּ. שטענדיק אויפן וואַסער, שטענדיק נאָענט פון וואַסער, שטענדיק אין וואַסער. סעניאָר האָט זיכער געמוזט געבוירן ווערן אין אַ שיפל, און אין אַ שיפל וועט ער אַוודאי שטאַרבן. ער טראָגט אין זײַן האַרץ אַ גרויסע און מעכטיקע ליידנשאַפט — דער טײַך.

סעניאָר איז נישט זייער צוטריטלעך. דאָס הייסט: אַריינזעצן זיך אין זיין שיפל — ביטע זייער. אָבער ער איז אַ שווייגער. ער קען אָפילו אין מיטן רעדן פלוצעם אַנטשוויגן ווערן. אַ גרויסן טאַלאַנט מוז מען באַזיצן, כדי סעניאָרן צו מאַכן רעדעוודיק.

איך האָב געוווּסט, אַז איינס פון די מיטלען אים אַרויסצורייסן פון זיין מעלאַנכאָלישן שוויגן איז — דערקלערן אים: איך בין אַ „כודיאָ", איך בין אַ ייד... דעמאָלט גיבן זיך פלוצעם אַ צינד אָן זיינע אויגן, זיין פּנים ווערט בלאַס, און דער ברוטאַלער סעניאָר באַקומט אַ שעמעוודיקן, דעליקאַטן אויסדרוק.

ער האָט מיר איין מאָל געזאָגט:

— דער טייך לערנט מיך שוויגן. ער רעדט אויך נישט. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז ער האָט קיין שפּראַך נישט. פאַר מיר איז דאָס לשון פון טייך טיף, ווי אַ מיסטעריע. אומבאַקאַנט, געהיימנישפול. אַ מדינה פון מיראַזשן. מען זעט דאָ ביי נאַכט זאַכן, וואָס עקסיסטירן נישט. מען הערט אַ טומל וועלכן מען קען נישט דערקלערן. און מען ציטערט, נישט ווייסנדיק פאַרוואָס... דער ים הילכט, שרייט, שווערט זיך. איך פאַרטראָג אים נישט. דאָס טייכל אָבער פליסט רויִק, שטיל, סודותדיק... איך בין דערצויגן געוואָרן ביי די ברעגן פון אַ טייך אין דער שפּאַנישער שטאָט טאָלעדאָ, נעבן די מילדע שטראָמענדיקע טונקעלע וואַסערן פון דער טאַכאָ...

טאָלעדאָ! — האָט ער זיך געגעבן אַ גראָב איין אין שיפל — זי איז אַרויפגעוואָרפן אויף די סאַמעט־בערג פון קאַסטיליע און אפשר זענען די בערג אַרויפגעוואָרפן אויף איר, ווער קען עס וויסן?... די טאַכאָ וויקלט זיך אַרום איר ווי אַ שלאַנג... אין טאָלעדאָ האָב איך פאַרברענגט מיין קינדהייט, און פון דאָרט בין איך אַוועק, הגם איך בענק אַזוי נאָך איר.

און מער האָט ער שוין אין יענעם טאָג גאָרנישט גערעדט.

אַן אַנדערש מאָל האָב איך אים פאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן:

— אַ וווּנדער אויף איך, סעניאָר! בענקען אַהין און — שטעקן דאָ, אין אַ ווייטן, פרעמדן, דאָרף!

ער האָט מיר געענטפערט:

— איך האָב געמוזט אַוועק. דו ביסט דאָך אַ „כודיאָ" (צו יעדן ייד זאָגט סעניאָר „דו"...), דו גלייבסט דאָך אין „גראַנדע דעוס דעל איסראַעל", אין גרויסן גאָט פון ישׂראל — דו דאַרפסט מיך פאַרשטיין. די קירכעס פון טאָלעדאָ, די מויערן, די שטיינער, האָבן מיר קיין רו נישט געגעבן. זיי האָבן אויף מיר אַ גרויל אָנגעיאָגט. נעבן דעם אַריינגאַנג צו דער קאַטעדראַלע געפינען זיך די אינ־

קוויזיציע־געפאַנגענישן און די טאָרטור־קעלערס, יענע אונטערערדישע פּיַין־קאַמערן מיט די דיקע ווענט און שווערע געקאָוועטע, אייזערנע, טירן...

ער האָט גענומען אין זיינע הענט די וויאָסלעס און זיי געוויגט אין וואַסער:

— אין טאָלעדאָ איז דאָ אַ שמאָל געסל וואָס איז אין גאַנצן באַהאָנגען מיט אייזערנע קרייצן. מער זעסטו דאָרטן גאָרנישט. קרייצן און לאַמטערנס. דורך דעם דאָזיקן געסל פלעגט מען די פאַרדעכטיקטע מאַראַנען (אַנוסים) טרייבן פון דער געפאַנגעניש צום טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע. איך בין אויך אין יענעם געסל פון ליידן געגאַנגען און כ'האָב געזען די אומגליקלעכע — ווי מען פירט זיי צו די שייטער־הויפנס, נאַקעטע, באָרוועסע, מיט בלוטיקנדיקע לײַבער, האַלב־פאַר־חלשטע, האַלב־צעמישטע פון יסורים, איך האָב געזען מיינע זיידעס...

איך האָב געזען ווי מ'צווינגט זיי זיך צו וואַרפן אויף דער ערד פאַר יעדן קירכנבילד וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַס. מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די קעלערס, און איצט פּייניקט מען זיי. וואָס די מחבלים פון דער אינקוויזיציע קענען אַלץ אָפּטאָן! מיט פייערצינגער, מיט די גרויזאַמסטע מכשירים, צוואַנגען, קייטן, רינגען, שרויפן, אייזערנע האַלדזבענדער, רייסן זיי שטיקער פלייש פון די לײַבער, באַגיסן מיט קאָכעדיק וואַסער, רייסן, פליקן, שענדן...

איך האָב געזען די קירכעס וואָס זענען אַמאָל געווען שולן; שולן, וואָס האָבן זיך אָנגעהערט יידישע תפילות. איצט שטייען זיי פאַרשעמטע, פאַרגראָבן אין צער. מיך האָבן כסדר נאָכגעיאָגט די זיפצן, די ווײ־געשרייען, די געוויינען פון די אומגליקלעכע. זיי זענען צו מיר דערגאַנגען פון יעדן ווינקל. פון יעדן באַהאַלטענער לאָך. איך האָב אויף מיין אייגענער הויט נאָך אַ מאָל איבערגעלעבט די ליידן פון מיינע זיידעס. זייער בלוט, זייערע טרערן האָבן זיך אין מיר איינגעזאַפּט. איך האָב געזען ווי זיי זשאַווערן אויף די אייזערנע סלופּעס און קייטן.

די גאַסן און די מויערן פון טאָלעדאָ האָבן מיין קינדהייט צוגערויבט, די פרייד, די זאָרגלאָזיקייט. זיי האָבן מיך געטריבן אין אַ צושטאַנד פון מעלאַנכאָליע. איך האָב עס מער נישט געקענט פאַרטראָגן.

און איך בין אַנטלאָפן...

— אָבער סעניאָר, אַ וווּנדער אויף אייך; פאַר וואָס זענט איר אַוועק אין דאָזיקן איינזאַמען פּראָנצויזישן דאָרף? פאַר וואָס נישט זיין צווישן יידן, און פאַר וואָס זאָלט איר נישט ווערן אַ כודיאָ ווי איך, ווי די אַלע וואָס גלויבן אין „גראַנדע דעוס"? און אַפילו שפּאַניע איז דאָך שוין היינט אַ פריי לאַנד וווּ מען קען צוריקקערן צום גלויבן פון די עלטערן.

זיין מויל האָט זיך פאַרקרומט ווייטיקלעך.

— אָ, איר פאַרשטייט נישט! — האָט ער געזאָגט — איך בין אַ מאַראַן, און אַ מאַראַן מוז איך בלייבן. אַזאַ איז מיין באַשטימונג. איך מוז ווייטער ציִען די טראַדיציע פון מיין פאַמיליע. אין איינער אַ שפּאַנישער שטאָט געפינט זיך אַ „יידנ־

באַרג״. דאָס איז אַ באַרג פון יידישע ביינער, וואָס מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון די אינקוויזיציע־קעלערס, אויפגעקליבן פון אונטער די שייטער־הויפנס, אויסגע־גראָבן פון אַלטע יידישע בית־עלמינס. דאָס איז אַ שווידערלעכע מצבה און — איך בין איינער פון יענע ביינער־קופּקעס פון יידנבאַרג. איך קען שוין מיין צורה נישט ענדערן. אַזאַ מוז איך בלייבן. אַ ייד אין געהיים. אַ ייד — אַ מאַראַן... איר קענט דאָס נישט פאַרשטיין... פאַר די „כודיאָס״ איז דאָס פרעמד...

ער האָט ווידער אַ פאַכע געטאָן מיט די וויאָסלעס:

— גענוג מיט די זכרונות! עס וועט קומען אַ טאָג און איך וועל קראַנק ווערן, דער מוח וועט אויפהערן צו פונקציאָנירן, טראַכטן, אומזיניקע בילדער וועלן נאָר פאַרביילויפן. און דאָס וועט זיין מיין לעצט געפיל, דאָס מוז עס זיין: מיין קער־פּער ווערט פאַראייניקט מיט די ביינער פון „יידנבאַרג״...

ער איז אַראָפּ פון שיפל. אַ בלויער הימל איז איבער אונדז געהאָנגען. פון דער וויטנס האָבן זיך געהויבן מאַיעסטעטישע ברוינע בערג. סעניאָר האָט מיך באַגלייט צו דער כאַטע, וווּ איך האָב איינגעאָרדנט מיין ציטווייליקע דירה.

און איך זע נאָך איצט ווי מיר גייען אין מיטן די טומאַנעס פון זומערדיקן שטויב, און זיין פּנים איז געשניצט שאַרף, ווי אַ רעליעף, מוראדיק מיאוס און שרעקלעך — נאַיִוו.

סעניאָר איז געווען איינגעקורטשעט. ער האָט געמורמלט אַ ניגון.

צו ערשט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס מוז אַוודאי זיין אַן אַלטע שפּאַ־נישע מעלאָדיע. אָבער ביסלעכוויז האָב איך דערקענט, עס איז דער ניגון פון „כל נדרי״...

אין זיין מויל האָט די אומעטיקע מעלאָדיע באַקומען אַ דאָפּלט טרויעריקן קלאַנג. ער האָט געקוקט אויפן וואַסער, און זיינע אויגן זענען געוואַקסן. ווי עפּעס וואָלט געשוועבט פאַר זיי אין חלל. ער איז, דאַכט זיך, געווען פאַרחלומט. און אויך די מעלאָדיע איז געקומען פון חלום.

זיינע אויגן זענען נאָך מער פאַרשטאַרט געוואָרן. מן־הסתּם, שווימט פאַר אים אויף אַ בילד, אַ סצענע, אַ פּנים, און פאַרקוקנדיק זיך אין דעם, פּליסטערט ער אַלץ כסדר דעם ניגון, ווי אַ פאַרכישופטער, ווי אַ געפייניקטער. און ער וואַרפט קאָנווולסיוו מיט די ברייטע פּלייצעס.

— דו הערסט — האָט ער זיך אָנגערופן — דאָס איז דאָס געבעט פון הייליק־סטן טאָג פון איסראַעל, פון טאָג פון פאַרגעבונג...

ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף פון אָרט. אין זיין געשטאַלט האָט גע־וואָרפן אַ לאַנגן שאָטן.

— ווייסט, מאָרגן איז ביי מיר דער טאָג פון פאַרגעבונג...

— מאָרגן יום־כּיפּור? סעניאָר, איר האָט אַ טעות! מיר האָבן איצט תּמוז. די יידן פייערן דעם הייליקסטן טאָג פון ישׂראל ערשט אין סוף זומער...

— איך בין אַ מאַראַן. ביי אונדז ווייסט מען נישט פון קיין געזויע, אָנגעצייכנטע דאַטעס. אויך ביי מיינע עלטערן אין הויז זענען די ימים־טובים אויסגעפאַלן פאַרשידן. און איך פייער דעם הייליקסטן טאָג דאַן — ווען דער טייך פליסט רויִק, ווען די כוואַליעס רוישן צום מערסטן סודותפול, ווען די גאַנצע נאַטור איז פול מיט לויטערער פאַרגעבונג, ווען די וואַסערן וויגן זיך ווי די מעלאָדיע פון דער גרויסער תפילה „כל נדרי"...

ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען. זיין געשטאַלט האָט אויסגעזען מאַסיווער ווי אַלע מאָל. ער האָט דערציילט:

— ביי אונדז אין הויז! פויערים זענען זיי און עלנטע מענטשן, און זיי פילן דאָך: זיי זענען קינדס־קינדער פון אנוסים. זיי דינען צום „גראַנדע דעוס", אין גאָס ווייסט מען נישט דערפון. אין גאָס נעמט מען זיי אָן פאַר קריסטן. אונדזער פאַמיליע מישט זיך נישט צונויף מיט די קריסטן, מויערן פון שׂינאה טיילן אונדז אָפּ — אָבער אַלץ גייט צו בסוד. אונדזער פירער איז אַ גרייז־גרויער פאַטריאַרך, ער פירט מיט אונדז, „מאַרענאָ" (מורינו) רופן מיר אים. אונדזערע תפילות זענען צעקאַליעטשעט, צעברעקלט. אָבער מיר זאָגן די ווערטער „כל נדרי" און „שמע ישׂראל" און נאָך און נאָך. אונדזער יום־כּיפּור! אין דרויסן שטייען אַ סך פון אונדז ביי די אָפענע וואַרשטאַטן און אַרבעטן ווי אין פּראָסטן וואָכנטאָג, כּדי עס זאָל אויף אונדז קיין חשד נישט פאַלן. מיר גיבן אַכטונג, מיר טוישן זיך אַלע פאָר מינוט און מיר גייען אַריין אין דער אינעווייניקסטער שטוב, וווּ עס שטייט אונדזער גאַנצע פאַמיליע, פעטערס, מומעס, שוועסטערקינדער און מען איז מתפּלל צום הימל אויף די זינד, וואָס מיר האָבן געזינדיקט, און מיר פאַסטן, מיר נעמען גאָרנישט אין מויל אין יענעם טאָג. בלויז ווען די גלחים דרייען זיך פאַרביי אונדזער הויז — קייען מיר מיטן לײדיקן מויל...

— איצט מוזסטו — האָט ער זיך געווענדט צו מיר — מוזסטו מיך איבערלאָזן אַליין. איך מוז בלייבן איינזאַם מיט מיינע נאָכדענקענישן אין דאָזיקן הייליקן אָוונט, איינזאַם אין מיין ווידוי...

און צו מאָרגנס פאַר טאָג האָט ער אָנגעקלאַפּט אין מיין פענצטער:

— כּודיִאָ! גיכער, גיכער!

— קום, שנעלער! — האָט ער מיך געצויגן ביי דער האַנט — דער טאָג איז קורץ און די תפילות זענען אַ סך... זאָלסט זען ווי שיין דער טייך איז, ווי מילד עס וויגן זיך די כוואַליעס, געגנוי אַזוי ווי דער ניגון פון „כל נדרי"... קום שנעלער, היינט איז דער הייליקער טאָג פון איסראַעל!...

2

סעניאָר האָט זיך אַריינגעזעצט אין שיפל. אַ בלויער פאַרטאָג איז אויפגעגאַנגען. דער טייך איז געפלאָסן מילד. סעניאָר האָט אַרויסגענומען אַן אַלטן מאַראַנישן סידור, ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און גענומען שעפּטשען תּפילות...

איך האָב זיי נישט פאַרשטאַנען. עפּעס האָב איך דערהערט ווען־נישט־ווען די ווערטער „שמע ישׂראל", עפּעס האָב איך דערשפּירט גיכער אינטויִטיוו, אַז ער בעט אויף פאַרגעבונג צום „גראַנדע דעוס", צום גרויסן גאָט פון ישׂראל. אָבער עס איז געווען שפּאַניש. און דערצו איז דאָס נישט געווען אַ הויך געבעט, נאָר אַ געפּליסטער. אַ תּפילה בלחש.

לאַנגע שעהען זענען פאַרביי. מיר האָט אָנגעהויבן צו ווערן לאַנגווייליק. איך האָב אים געזאָגט:

— אָבער וואָס האָט דאָס פאַר אַ זין זיך אָפּצוטיילן פון גאַנצן יידישן פאָלק און פייערן די ימים־טובים לויט אַן אייגענעם חשבון און לויט אַן אייגענער צייט־רעכענונג?

אַ ביטערער שמייכל האָט זיך געגליטשט אויף זיינע ליפּן. ער האָט מיך אַדורכגענומען מיט זיין שאַרפן בליק.

— איך בין אַ מאַראַן — האָט ער זיך אָפּגערופן — און דאָס באַדייט אַז איך בין אַ זון פון יענע, וואָס האָבן דורך צוואַנג פאַרלוירן די אָנגעהעריקייט מיט די כודיִאָס (יידן). און מיר, מאַראַנען, מוזן טראָגן אונדזער גורל. ציִען אונדזער טראַדיציע. אַזעלכע זענען מיר, אַזעלכע מוזן מיר בלייבן.

און ער האָט ווייטער אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן אויפן וואַסער און ווייטער געצויגן זיין דאַווענען. עפּעס וואָס האָט אויפגעשיינט אַרום זיינע העל־בלויע אויגן. עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו פרימאָרגן־טוי.

שפּעטער אַ ביסל, ווען דער טאָג האָט זיך געשטעלט, זענען אָנגעקומען פויערים. די גוטמוטיקע פראַנצויזישע פויערים פון דאָרף.

— נעם, סעניאָר, די וויאָסלעס, און פיר אונדז אַריבער אין שטאָט!

סעניאָר האָט האַסטיק איבערגעהאַקט זיינע תּפילות. דאָס מויל האָט זיך פעסט פאַרמאַכט.

ער האָט אַ זיפץ געטאָן.

— ניין, מיינע טייערע, איר קענט זיך וואַרפן אין טייך און אַריבערשווימען צום נאָענטן ברעג. איך וועל היינט די וויאָסלעס אין האַנט נישט נעמען. איך פיל זיך נישט גוט.

עס האָט ווייניק־וואָס געהאָלפן די פּויערים, וואָס זיי האָבן אַליין געוואָלט אַרבעטן מיט די וויאָסלעס. ער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן. מיט אים מוז זיין שיפל רוען!

— און פאַר וואָס נישט בעסער זאָגן דעם אמת צוליב וואָס איר פּאָרט הייגט נישט? — האָב איך אים געפרעגט, נאָך דעם ווי די פּויערים זענען אַוועק.

— דאָרט, אין מיין שפּאַנישער היים, ביי מיינע עלטערן אין הויז, היט מען זיך אויך דערמיט. נאָר נישט אָפן, נאָר נישט פריי! דו ווייסט, וואָס מיין מאַמע פלעגט טאָן אין טאָג פון יום־כּיפּור? — זי האָט ספּעציעל אַרויסגעשטעלט טעפּ פאַר דער טיר אין דרויסן, כּדי מען זאָל מיינען, אַז אין שטוב איז מען פאַרנומען מיטן קאָכן, און עס זאָל קיינעם נישט איינפאַלן וואָס עס קומט דאָרט באמת פאָר...

זיינע אויגן האָבן זיך צעגליט. ער האָט איצט אויסגעזען אַנדערש ווי אַלע מאָל. זיין מיאוסקייט איז ערגעץ־ווו אַוועק. און זיין אויסדרוק איז געווען דער אויסדרוק פון אַ טרוימער און מעלאַנכאָליקער צוגלייך. האָסט דערפילט: אין אים זיצט אַ גרויסער סוד. דער סוד פון דורות יידן, וואָס האָבן ביי נאַכט זיך גע־שלייכט דורך פינצטערע גאַסן אין ערגעץ־ווו. פאַרפאַלן געוואָרן אין פאַרבאָרגענע קעלערס, כּדי אָפּצוריכטן אַ סדר.

ער האָט געזאָגט:

— אין דער היים איז דאָס געווען דערהויבענער. דאָרט איז געשטאַנען דער אַלטער „מורינו" און אויך געזאָגט תּפילות. ער האָט שטאַרק אַקצענטירט אונדזע־רע מאַראַנען־געבעטן. זיין תּפילה האָט כּולל געווען דאָס גאַנצע געוויין און דאָס גאַנצע ביטערניש פון עולם.

— אָבער נישטאָ קיין צייט — האָט ער נערוועז איבערגעהאַקט דעם שמועס און ווידער גענומען מישן די בלעטער פון סידור און ציִען דעם איינטאָניקן ניגון.

ער האָט אין מיטן טאָג אַרויסגענומען ברויט און וואַסער און אַוועקגעשטעלט אויף זיין קאַסטן.

— דאָס מוז אַזוי ליגן. דאָס מוזן זען די פּויערים. זיי טאָרן נישט וויסן, אַז איך פאַסט הייגט. אַלץ מוז געמאַכט ווערן — אין געהיים...

ער האָט זיך באַוועגן נערוועז. ער האָט זיך געפונען אין אַ פיבער־צושטאַנד. ער האָט געגליט.

איך בין געזעסן, זיך צוגעקוקט צום דאָזיקן פאַרוואָגלטן אייניקל פון די שפּאַנישע אנוסים, און געטראַכט.

איך האָב געטראַכט וועגן דער מאָדנער סיטואַציע אין וועלכער איך געפין זיך און וועגן וועלכער עס האָט זיך מיר קיין מאָל נישט געחלומט. יום־כּיפּור אויף אַ שיפל אין מיטן תּמוז?...

אָבער איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי עפּעס אַ מיסטעריע קומט פאָר. זאָל זיין, אַז דאָס איז פאַרקריפּלטע יידישקייט. סעניאָר ווייסט גאָרנישט פון די אמתע יידישע מינהגים. בלויז שוואַכע שפורן פון דער טראַדיציע זענען ביי אים פאַר־בליבן.

אָבער — זיי זענען פאַרבליבן.

נישט געקוקט אויף דער אינקוויזיציע, נישט געקוקט אויף די עינויים, נישט געקוקט אויף די הונדערטער יאָרן, וואָס זענען בכּוח געווען אָפּצומעקן יעדן חותם פון יידישקייט...

עס מוז דאָך עפּעס ווונדערלעכס שטעקן אין דעם דאָזיקן זון פון טאָלעדאָ. בירושה איז צו אים איבערגעגאַנגען דאָס געפיל פון שׂינאה צו די טונקעלע קירכע־מויערן אין שפּאַניע. בירושה פילט ער זיך אַ ברודער מיט מיר — ער זאָגט מיר דווקא „דו״ — הגם אַזאַ ירושה־טראַדיציע איז דאָך אַזוי סודותפול...

זעט, ווי ער האָט זיך פּלוצעם אויפגעשטעלט, ווי ער פאַרמאַכט די אויגן מיט דביקות, ווי ער לאָזט פּלוצעם אַרויס אַ שטאַרקן געשריי „אחד״! וויפל מי און אַרבעט האָבן די גלחים אָנגעווענדט אויסצוּוואָרצלען דאָס מינדסטע פּיצל יידיש־קייט אויף דער שפּאַנישער ערד, מען האָט יסורים אָנגעטאָן פאַר דער קלענסטער „עבירה״, מען האָט געבּישטערט און געזוכט, מען האָט צו די שייטער־הויפנס געשלעפּט, צו זיילן געבונדן, צו טשוועקעס צוגעקלאַפּט...

וווּנדערט זיך נישט פאַר וואָס ער באַהאַלט זיין יידישקייט! הונדערטער יאָרן זענען זיינע זיידעס געווען געצוווּנגען זיך אויסצובאַהאַלטן. איצט דאַכט זיך זיי, אַז דאָס געהערט צום יידישן דין: נישט געבן זיך צו דערקענען אַלס ייד, זיין פאָרזיכטיק און היטן זיך...

און אַזאַ שטאַרקער ווייטיק כאַפּט דיך אָן קוקנדיק אויף אים. עס איז אַ טראַ־גישעסיטואַציע. זי דערמאָנט אין יענע צייטן, ווען די תפילה פון „כּל נדרי״ איז געשאַפן געוואָרן.

און אָט הייבט סעניאָר אָן ברומען דעם ניגון פון דעם יום־כּיפּורדיקן געבעט...

— דו ווייסט, כּודיאָ — קערט ער זיך אום צו מיר — אַ שטיק האָב איך געמוזט אַנטלויפן פון מיין געבורטלאַנד צוליב די דאָזיקע קלאַנגען...

שטעל דיר פאָר: אַלטע בלינדע בעטלערס שטייען פאַר די טירן פון די שענק און זינגען אַלטע שפּאַנישע באַלאַדעס מיטן כּל־נדרי־ניגון.

שלעפערס אין די גערטנער שפּילן אָפּ די דאָזיקע מעלאָדיע...

אַ מאָל גאָר טראָגט זי זיך צו דיר אַראָפּ פון אַ פענצטער אין אַ שיינעם אַריסטאָקראַטישן פּאַלאַץ פון די גראַנדן...

איך האָב עס נישט געקענט פאַרטראָגן. מיין בלוט האָט אויפגעקאָכט. מיין געזונט איז רויִנירט געוואָרן. אַלץ ווערט פאַרשוועכט. שולן זענען קירכעס געוואָרן. און קלאַנגען פון אונדזער הייליקסטער תפילה ווערן אין די שענק געשענדט. די פאַרצווייפלונג האָט זיך אַריינגעגנבעט אין מיין האַרץ.

פאַרשטייסט? איך האָב געמוזט אַוועק.

דאָרט איז נישט מיין היימלאַנד. אמת, איך בענק צו די קאַסטילישע סאַמעט־בערג און עס ציט מיך צו די זילבערטייכן. אָבער — פאַרוואָגלט מוז איך זיין פון מיין פאָטערלאַנד.

גענוי, ווי איך קען נישט קומען צו אייך, עכטע „כודיִאָס”. איך בין אַ מאַראַן. איך קען אין ערגעץ נישט געפינען קיין רו. סיידן דאָ אויפן טייך...

דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן. אַ כמאַרע האָט זיך צעלייגט איבערן הימל. אַ רעגנדל האָט גענומען טריפן.

# פון דער ווייַטנס פינקלען מלחמה-פייַערלעך...

פון דער ווייטנס פינקלען מלחמה־ פייערלעך. אויף די אַביסינישע שלאַכט־פעלדער שפּילן זיך אָפּ גרויזאַמע קאַמפן. די ליימיקע כאַטעס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קוילן־מאַגאַזינען. די היילן אין די וויסטענישן זענען שפּיטעלער געוואָרן. די נאַקעטע, פעלזיקע בערג ווערן מיט מתים פאַרשאָטן.

דערווייל רירט אונדז דער קריג נישט אָן. דערווייל זענען מיר נאָר — צושויערס. אָבער געפאַרן הענגען אויף איבער אונדז. אַ מלחמה־שטימונג פילט זיך אין דער לופט. די רו איז ביי אונדז צוגערויבט געוואָרן. מלחמה־זאָרגן עסן זיך איין אין געמיט.

עפּעס, ווי די גאַנצע בלוט־וואַקכאַנאַליע וואָלט זיך אָפּגעשפּילט אָט דאָ נאָענט פון אונדז: מיר ווייסן פון דערפאַרונג: די מלחמה־פייערלעך אַנערקענען נישט קיין געאָגראַפיע, אַנערקענען נישט קיין גרענעצן. פונקען צעפליִען זיך, און צינדן זיך אָן. קיין שום אָרט איז נישט זיכער. ביי אַ קריג קען מען בלויז וויסן, ווו ער הייבט זיך אָן, אָבער נישט — ווו ער וועט זיך ענדיקן.

און נישט מען וויל און נישט מען קען אין די היינטיקע טעג וועגן עפּעס אַנדערש רעדן, ווי וועגן — מלחמה.

דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון גאַז־אַלאַרעם־פּרווון אין וואַרשע. די שטאָט האָט זיך פאַרגראָבן אין פינצטערניש. מיר זענען געזעסן — אַ גרופּע יידן — און געהערט ראַדיאָ. מיר האָבן איינער דעם צווייטן נישט געזען, אַ קנויל פינצטערניש האָט אונדז פאַרוויקלט. אָבער מיר האָבן געפילט: יעדער איינער פון אונדז לעבט איבער געגנוי דעם זעלבן ציטער און פחד.

ס׳איז געווען, ווי מיר וואָלטן זיך אַלע געפונען אין אַ טריבונאַל אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. די ריכטערס וואַרפן קוים געציילטע ווערטער. אָבער פון זייער אָפּגעהאַקטן שווייגן, און פונעם קריצן פון זייערע פעדערס שפּירסטו, אַז דאָ ווערט אַ טויט־אורטייל געחתמעט איבער מיר, איבער דיר.

הייבט איינער פון אונדז אָן רעדן וועגן מלחמה. צו קיין אַנדערער טעמע איז זיכער אונדזער געמיט איצט נישט מסוגל.

ער איז זייער פּעסימיסטיש געשטימט. ער זאָגט:

— אַן אומזין אָט דאָס גאַנצע ציטערן אונדזערס! און סוף־כּל־סוף איז מלחמה אַ מענטשלעכע זאַך. מענטשן רופן אַרויס דעם קריג. און איך וועל אייך זאָגן: מענטשן מוזן האָבן אַ מלחמה. מענטשן קענען אָן מלחמה נישט לעבן. מענטשן פאַרלאַנגען מיטן גאַנצן האַרץ מלחמה.

אַ צווייטער פון אונדזערע פריינד, זייער אַ גוטמוטיקער, וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט העלע אויגן, פּרוווט אויך איצט נישט אַריינפאַלן אין יאוש. ער וויל אָפּווענדן די דאָזיקע שוואַרצע מיינונג.

— עס וועט ליכטיק ווערן — רופט ער זיך אָפּ — און איר וועט ווערן אָפּטימיסטישער אַ ביסל...

אָבער יענער ווערט נישט נתפּעל. ער נעמט אויפוויקלען זיין דעה.

— דאָס איז ביי מיר אַ זיכערע זאַך, די מענטשן ווילן אַ קריג. ווייל — וואָלטן זיי אים געהאַסט, וואָלט דאָך קיין קריג נישט געווען.

מען ווייסט גאַנץ גוט: אַ מלחמה איז אַ בלוט־וואָקכאַנאַליע. אַ מאַסן־שחיטה. מיליאָנען פאַרלירן זייער לעבן. מיליאָנען קומען אום אויף די פאַרשידנסטע גרויליקע אופנים. און דאָך איז עס פון די לייכטסטע זאַכן אַריינצוטרייבן אַ פאָלק אין אַ קריגס־שטימונג.

צי רעדט נישט היינט אין אַלע לענדער די יוגנט מיט באַגייסטערונג וועגן אַ נייעם קריג? די יוגנט בענקט נאָך מלחמה.

אין איטאַליע קומען פאָר מאָביליזאַציע־פּאַראַדן. די מלחמה־לוסט וועקט די ענערגיע. אויך פּרייוויליקע גייען. די מיליטאַריסטישע שטימונג האָט באַהערשט די מוחות.

די קאָרעספּאָנדענטן מעלדן: „מוסאָליני האָט אויפגערייצט די מלחמה־אַפּעטיטן פון פאָלק״. דערין טאַקע גייט עס. אינעם מענטש שפּרודלט דער לוסט צו קריג. און ער איז גרייט אויסצולאָדן זיין ענערגיע ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט...

דער דאָזיקער פּעסימיסט האָט זיך גענומען צו הילף אויך אויטאָריטעטן. ער האָט דערציילט, אַז דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער ל. ס. ראָסטען קומט צו די זעלבע נישט־היימלעכע אויספירן. אינעם מענטש איז באַהאַלטן אַ מערדער. מיר זענען צוגעגרייט פּסיכאָלאָגיש אונטער געוויסע אומשטענדן צו ווערן רוצחים. וואָס, איר וועט אויפמישן דעם „לא תרצח״, איר וועט באַווייזן, אַז דאָס איז קעגן דער מאָראַל? נו, איר פאַרגעסט, אַז די אַלע אַרגומענטן רעדן צום שׂכל. דאַקעגן די קריגס־תאווה איז אַן אינסטינקט. זי איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַרן המון. אַפילו די בעסערע מענטשן קענען זיך זעלטן פון איר באַפרייען. פּראָפ׳ פרויד איז גאָר אין דער מיינונג, אַז וואָס מער ציוויליזירט דער מענטש איז, אַלץ אַ גרעסערער מערדער איז ער. אין זיין ווערק „וועגן מלחמה און טויט״

שרייבט ער, אַז די שוואַרצע פון אויסטראַליע און די בושמענער פון דרום־אַפריקע זענען ווייניקער רוצחים אין זייער נאַטור, ווי די „קולטורעלע״ פעלקער פון אייראָ־פּע. ביי די ווילדע שבטים איז אַ מנהג, אַז צוריקקומענדיק פון שלאַכטפעלד — אַפילו נאָך אַ נצחון — מוזן זיי תשובה טאָן, אָפּזאָגן אַ רייע תפילות און בעטן פאַרגעבונג אויפן בלוט, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן. ווייל בעצם איז ביי זיי מאָרד אַ פאַרברעכן און זיי פאַראורטיילן אים.

— פאַר מיר איז עס קלאָר: אינעם מענטש זיצט אַ מעכטיקע ליידנשאַפט צו מאָרד.

זיכער: צום קריג שטויסן עקאָנאָמישע אינטערעסן. זייער אָפט שפּילן אַ ראָל די אימפּעריאַליסטישע אַפּעטיטן. די הערשערס ווילן זיך ראַטעווען פון באַנקראָט און צינדן אונטער די וועלט. אָבער דאָס אַלץ קען געשען נאָר דערפאַר, ווייל די מענטשן פּראָטעסטירן נישט געגנוג העפטיק קעגן קבר, וואָס ווערט פאַר זיי גע־גראָבן, ווייל בעצם ווערט אַזוי אַרום באַפרידיקט זייער רציחה־אינסטינקט.

אפשר פאַלן אויך היינט די אַביסיניער אַריין אין סענטימענטן. מוסאָליניס זעלנער זענען זיכער פריי פון די דאָזיקע „פאַראורטיילן״. זיי זענען „ציוויליזירט״... אין דער איטאַליענישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס איז דערשינען אונטערן פאַשיסטישן רעזשים, באַצייכנט מוסאָליני די מלחמה אַלס:

„אוצר פון ענטוזיאַזם, די מוטער פון די עטישע ווערטן, די מאָראַלישע מיס־טעריע פון מענטש...״

דער פּעסימיסט האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזוי פיל אַרגומענטן פאַר זיין טעזע. אָבער ער האַלט, אַז דאָס איז איבעריק. מיר זענען שוין זיכער איבערצייגט. קין איז געוואָרן פאַרשאָלטן. דער ערשטער מערדער אויף דער וועלט האָט זיין גאַנץ לעבן געליטן צוליב זיין אומפאַראַנטוואָרטלעכער און פאַרברעכערישער טאַט, אָבער ער האָט די קללה אַרויפגעוואָרפן אויף די שפּעטערדיקע דורות. מיר גייען אין לעבן מיט קינס צייכן.

אונדזער גרופּע האָט וואָס אַן אמת זיך נישט געלאָזט איבערצייגן. מילא, צי דער מענטש איז גוט צי שלעכט — איז שוין אַן אַלטע פראַגע. מעגלעך זענען גערעכט די, וואָס זאָגן, אַז עס איז פיל לייכטער צו אָרגאַניזירן די מענטשן צו שלעכטע מעשׂים, איידער צו גוטע. פיינט האָבן איז פּאָפּולערער ווי ליב האָבן. „שׂנאת חינם״ איז אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג. די באַוועגונגען פון שׂינאה ציִען נאָך זיך מאַסן אָנהענגערס. דערין שטעקט דער סוד, פאַר וואָס די דעמאַ־גאָגן האָבן דערפאָלג. זיי זענען גוטע מאַסן־קענערס. זיי ווילן נישט דעם מענטש דערציִען. זיי נעמען אים אַזוי ווי ער איז. און איזן איז ער — שלעכט.

אָבער צום קריג האָט דאָס קיין שייכות נישט. גראָד אין דער מלחמה ווילן די מענטשן נישט גיין. צום קריג איז די מענטשן שווער צו שלעפּן.

טאָקע די מיליטערישע פּאַראַדן, דאָס קלאַפּן אין די טאַצן און שאַלן אין די

טראָמפּייטן, טאַקע דאָס איז דער בעסטער באַווייז אַז עס איז נויטיק צו פ אַ ר־ ט ו י ב ן די מענטשן, כּדי זיי צו פירן אויפן פראָנט.

די מאַסן בונטעווען זיך קעגן קריג. זיי האַסן די מלחמה־אַטמאָספער. דאָס פאָלק וועט נישט מיטן גוטן ווילן פּאָכען מיט די בלאַנקע שווערדן, אָבער מענטשן זענען שוואַך. און די דעמאַגאָגן און די „דוטשעס" ווירקן, ווי מיט סוגעסטיע. די צייטונגען ווערן איינגעשפּאַנט אין דער פּראָפּאַגאַנדע. מען בראַקט די גרעסטע שקרים. מען קלערט אויס זאַכן, וואָס זענען נישט געשטויגן נישט געפלוילן, כּדי אויפצורייצן די גאַס קעגן „שׂונא". און די מאַסן זענען גלייכגילטיק. און זיי גייען אין שפּאַן. די מלוכה־פירונג שטייט איַין אין שלעכטע הענט. די הערשערס זינדיקן. די קאַריעריסטן.

און נישט אויף די מיליאָנען מענטשן דאַרף געוואָרפן ווערן די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט.

געדענקט איר די פרייד, וואָס האָט געלויכטן פון די אויגן ווען די וועלט־מלחמה איז פאַרענדיקט געוואָרן און אַ בשׂורה פון שלום האָט זיך געטראָגן? מענטשן זענען זיך געפאַלן אויף די העלדזער. מען האָט זיך געקושט. מען איז געווען גליקלעך. מען האָט געשווירן: „קיין מאָל מער קיין קריג" — און מען האָט עס געמיינט ערלעך.

און זאָל געשען דאָס ווונדער, און זאָל היינט אין רוים אָפּגעשטעלט ווערן די העצע, וואָס גייט פון אויבן, זאָל דער איטאַליענישער ראַדיאָ־ספּיקער דערקלערן:

— מיר באַטראַכטן דעם אַביסינישן קריג פאַר אַ פאַרברעכן. קיינער קען נישט זיגן. ביידע צדדים פאַרלירן. עס איז אַ חרפּה צו פירן אַ שחיטה. דאָס איז באַר־באַריש...

צי וועט נישט דאָס פאָלק אין ווענעדיק און אין גענואַ אַרויס אויף די גאַסן און טאַנצן פון שׂמחה? צי וועלן נישט די דזשאָוואַניס און אַלבערטאָס זיך האַלדזן און זינגען פון פרייד...

פון דער ווייטנס פינקלען מלחמה־פייערלעך.

גראָד בושעוועט די דאָזיקע ווילדע שחיטה אין 20סטן יאָרצייט פון דער וועלט־מלחמה.

דער ווערסאַילער טראַקטאַט, וואָס האָט פאַרענדיקט דעם קריג, האָט געזאָלט אָנהייבן אַ נייע תּקופה פון פרידן. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן איז גע־ווען איינער פון די שאַפערס פון דאָזיקן טראַקטאַט. ווילסאָן דער אידעאַליסט! ער האָט געוואַגט צו מיינען, אַז די וועלט־מלחמה וועט זיין דער לעצטער קריג אויף דער ערד. אַ גרויסער מאמין אין דער פעלקערבונד־אידעע, איז ער אַזוי מאָדנע זיכער געווען, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע וועט פאַרהיטן פון קריג. די וועלט וועט

אויפהערן צו זיין אַן אַרענע פון וועלף. מיטן כּוח פון אַ טראַקטאַט וועט געענדערט ווערן דער כאַראַקטער פון די הערשערס. מיט איין מאָל קען דער סימבאָל פון מאַכט ווערן אַ שלום-צווייגל.

ווילסאָן איז נישט געווען קיין דענקער. עס האָט אים געפעלט דער טאַלאַנט אַריינצודרינגען אין דער טיפקייט פון אַ זאַך. ווילסאָן האָט נישט געהאַט ספקות. גענוג איבערצושטעלן די שרייפלעך — האָט ער געמיינט — און דער גאַנצער מעכאַניזם איז פאַרראַכטן.

אַ טעות. אַ פאַלשע פאָרשטעלונג. ווילסאָן האָט זיך אויסגעמאָלט אַן אידעאַל: יעדער מענטש איז גוט און שיין. די מאַכטהאָבערס האָבן אין זינען דאָס וווּיל פון לאַנד. און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ איבערקערעניש קען נישט קומען דורכן כּוח פון אַ פּאַראַגראַף. פון אַלע איבערקערענישן איז די איבערלעכע איבער־קערעניש די שווערסטע. דערצו איז נויטיק — אַ מאָראַלישער ווידערגעבורט.

עפּעס דאַרף פאַרריכט ווערן אינעם האַרץ פון די מענטשן. דאָס בויען דאַרף אין זייערע אויגן געווינען אַ גרעסערע צוציִונגס-קראַפט, ווי דאָס פאַרניכטן. דאָס האַרמאָנישע לעבן מוז זיך זיי אויסווייזן שענער, ווי דער אַכזריותדיקער מאָרד.

און דער שלום דאַרף מער לאָקן און רייצן, ווי די מלחמה.

ווי לאַנג דער קריג האָט נאָך אין זיך צוציִונגס-קראַפט, ווי לאַנג ער פאַר־כּישופט מיט פריש-דעראָבערטע טעריטאָריעס, ווי לאַנג די הערשערס באַנעמען נישט זייער מאַכט-פראַגע — מאָראַליש — אַזוי לאַנג מוז די מלחמה זיין אַ כּסדר־דיקער רעפריין, און אַלע ווילסאָנס חלומות זענען געווען נישט מער ווי — מיראַזשן.

צי איז מלחמה אַ פאַטום?

פאַטאַליסטן זאָגן, אַז יאָ. אָבער מיר גלייבן נישט די פאַטאַליסטן. דער שאַפער פון איסלאַם מחמד האָט אַריינגענומען דעם פאַטאַליזם אין זיין רעליגיע. און ער האָט צו די פאַטאַלסטע מלחמות און צו די פאַטאַלסטע שחיטות געבערענגט. מיר זאָגן: דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן די רעכט פון אויסוויילן. דער מענטש קען אַנטשיידן אין וועלכן וועג זיך צו לאָזן און וועלכן וועג אויסצוקלייבן. נישטאָ קיין פאַטום.

און עס איז מערקווירדיק:

גראַד די גרעסטע מלחמה-פירערס פון אייראָפּע האָבן נישט געגלויבט אין דער ווירקזאַמקייט פון אַ מלחמה. און אַפילו נישט אין איר נויטווענדיקייט.

זיי האָבן געבעטן אויף דער מינוט, ווען זיי וועלן קענען אַריינרוקן די שווערד אין דער שייד, און — לאָמיר זאָגן — אַוועקזעצן לייענען אַ ביכל...

צו סענטימענטאַל, זאָגט איר?

אָבער אָן אַ ביסל צומיש פון סענטימענטאַליזם ווערט די געשיכטע זייער לאַנגווייליק.

צעזאַר, דער רוימישער העלד פון דער פויסט, האָט געזאָגט, אַז עס איז נישט גענוג צו הערשן מיט קראַפט. מלחמות זענען אַ ווערק פון טייוול. דער פּאָזיטיווער פאַקטאָר אין לעבן פון די פעלקער איז דווקא דער שלום.

און אַפילו נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט זיין גאַנצן רום דעראָבערט אויפן שלאַכט־פעלד, האָט נישט איין מאָל געטופעט מיט די פיס און געשליידערט זיין דריַיעקיקן הוט צו דער ערד, הלמאי אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן אַזוי פיל מלחמות צו פירן.

— איך בין אַן אומגליקלעכער מענטש — האָט ער געזאָגט — איך בין מקנא מיין אייניקל. וואָרום ער וועט מער נישט דאַרפן דעם באַגנעט, ער וועט זיין מאַכט בויען — אויף פרידן...

אַליין אַ קריגס־העלד, אַליין פאַרטאָן אין שלאַכטן, און ער פילט דאָך, אַז נישט דאָס איז דער עיקר, אַז אַ גייסט פון אַ נייער אָרדענונג וועט אויפגיין. אירע פריינ־ציפּן וועלן נישט זיין בלויז — פרייהייט, ברידערלעכקייט, גלייכהייט, דאָס איז ווייניק. נאָך עפּעס איז נויטיק. דאָס, פון וועלכן די פירערס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן צום ווייניקסטן גערעדט. נישט דאַנטאָן, נישט ראָבעספּיער. דער אידעאַל פון די הערשערס דאַרף זיין: שלום. פאַר יעדן פרייז — פרידן.

די היסטאָריקערס זאָגן, אַז אַזעלכע מחשבות באַפאַלן די מלחמה־העלדן דאַן, ווען זיי פילן זיך שוואַך. קען זיין. אָבער גראָד דאַן זענען זיי סימפּאַטיש און גערעכט.

דער ראַדיאָ־ספּיקער איז קענטיק געווען זייער אויפגערעגט. זיין שטים האָט נישט אָפּגעקלונגען מיט דער זעלבער זיסקייט, וואָס אַלע מאָל. ער האָט געוואָרפן ווערטער, אָפּט אָן וועלכן עס איז לאָגישן צוזאַמענהאַנג. גענוג, אַז דו האָסט גע־הערט: עס איז די רייד וועגן גיפט־באָמבעס, וועגן לופט־אַטאַקעס, וועגן די „שיינע" פּערספּעקטיוון, וואָס דערוואַרטן אונדז.

— אַ טאָג קען קומען — זאָגט ער — און די איצטיקע „פאָרשטעלונג" וועט מער נישט זיין קיין פיקציע, דער שונא וועט אָנרוקן, און ער וועט שטיין מיט זיינע אַעראָפּלאַנען איבער אונדזער שטאָט אין משך פון יאָרן, פון יאָרן...

אַ ציטער נעמט אונדז אַרום. מיר שווייגן. און די שטומקייט און דאָס פינצ־טערניש דריקן.

אין מיטן דערינען ווערט רויִשיק אין ראַדיאָ־קעסטל.
עס הערן זיך זעלנער־לידער.

סאָלדאַטן מאַרשירן אויפן פראָנט, און ריטמיש מעלאָדישע פעלד־געזאַנגען אויף זייערע ליפּן...

דער ראַדיאָ־ספּיקער שפּירט אַ פּנים, וואָסער מורא ער האָט אָנגעיאָגט אויפן עולם. און ער וויל אונדז אַמוזירן מיט מלחמהדיקע געזאַנג־נומערן.

אָבער גראָד די דאָזיקע הילכיקייט רעגט אונדז נאָך מער אויף. דער ראַדיאָ איז טאַקע אַ גאַנץ ווילע, אַ גאַנץ נוצלעכע דערפינדונג. אָבער איצט איז ער שעדלעך. שעדלעך פאַר די נערוון. פאַרן געזונט. זאָל מען אים אָפּשטעלן!

בלייבן מיר זיצן. מיר זעען נישט איינער דעם צווייטן. אָבער אָן שום ספק: מיר זענען אַלע פאַרמרה־שחורהט. מיר זענען דערשלאָגן.

מיר געדענקען: נאָכן שליסן דעם שלום האָבן מענטשן געשוווירן מער נישט צו פירן קיין קריג. די וועלט־מלחמה האָט געברענגט אַ חורבן. איר בילאַנס איז אַ שוידערלעכער. זי האָט געברענגט פאַרוויסטונג אין אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן. קעגן דער מלחמה איז געפירט געוואָרן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע. עס איז אַנטשטאַנען אַ ספּעציעלע ליטעראַטור, וועלכע מיר רופן „אַנטי־מלחמה־ליטעראַטור". דאָס בוך פון רעמאַרק „אויפן מערב קיין נייעס" איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן. יאָ, דער קריג איז אַן אומזין! דאָס בלוט פון די אומגעקומענע שרייט פון דער ערד. פּראָפיטירן פון אַ פעלקער־מאָרד קענען נאָר די וואָפן־פאַבריקאַנטן. בלויז זיי. פאַר דער וועלט איז עס אַן אומגליק. צו די באַליבטסטע שרייבערס האָבן געהערט די, וואָס האָבן צום שאַרפסטן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט קעגן בלוטיקן שגעון: צווייג און האַשעק, באַרביס און רען...

און נאָר געציילטע סקעפּטיקערס האָבן דעמאָלט איראָניש געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף דעם מאַסן־ענטוזיאַזם און געזאָגט: נישט לאַנג וועט דויערן און די באַגייסטערונג וועט זיך אויסלעשן. עס וועט קומען עמעצער און וועט רופן צו קריג. און גיך וועט דער עולם פאַרגעסן אין אומגליק, ער וועט שרייען „הוראַ!" און אַריינפאַלן אין אַ קריגס־פּסיכאָז.

אַ סך „שווערע" זינד וואַרפט אונדז פאַר דער ראַסיזם. צו איין „זינד" זענען מיר זיך אין גאַנצן מודה: עס איז אמת — מיר זענען פּאַציפיסטן.

אפשר אונטערשיידן מיר זיך דערין ווירקלעך פון די „איידעלע" און נאַטירלעכע אַריער. אַזאַ איז אונדזער נאַטור. אַזאַ איז אונדזער פּסיכיק: בלוט רופט אַרויס אין אונדז עקל.

און זאָל מען דאָס אָנרופן ווי מען וויל. ביי אונדז איז דווקא דאָס: שטאַרקייט.

די וויזיע פון אייביקן פרידן געהערט צו די יידישע נביאים.

דער אידעאַל פון „לא ישׂא גוי אֶל גוי חרב" איז דער אידעאַל פון יידישן נביא.

אָבער ביי די נביאים גייט אַזאַ פּראָצעס נישט לייכט. זיי זעען די שווערייקייטן. טראַקטאַטן קענען דאָ ווייניק וואָס העלפן. פרידן קען קומען דאַן, ווען די

מענטשן וועלן אים מיטן גאַנצן האַרץ באַגערן, ווען עס וועט דערצויגן ווערן אַ נייער טיפּ מענטש.

אַ טיפּ, וואָס וועט גלייבן אינעם העראָיִזם פון שלום, אין דער העלדישקייט פונעם באַהערשן די רציחה־אינסטינקטן, אַ טיפּ, וואָס וועט דערזען דעם שיינעם און געבענטשטן כּוח פון גערעכטיקייט און וועט שטרעבן אים איינצופירן אין לעבן.

איצט קערט זיך די וועלט אָפּ פון דעם נביאישן אידעאַל. „לא ישא גוי אֶל גוי חרב״? — דאָס איז יידיש, פּאַציפיסטיש, דאָס איז שוואַכקייט. די וועלט ליבט זיך אין אַנדערע, אין מער „ריטערלעכע״ אידעען. זי טרינקט זיך אין בלוט. זי פאַר־וואַרפט דאָס נביאישע וואָרט.

אָבער אַ פאַרמאַטערטע, אַ צעשלאָגענע, אַ צעקאַליעטשעטע, וועט זי נאָך צו אים זיך אומקערן.

## סער משה מאָנטעפיאָרע
### צו זײַן 150סטן געבורטסטאָג

1

עפּעס ווי אַ נאָענטער, היימישער גרוס פון די קינדער־יאָרן האָט אַ קלאַפּ געטאָן דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון סער משה מאָנטעפיאָרע.

געדענקסט. האָסט אַ מאָל געזען זיין בילד באַצירט מיט אַ גאָלדענער ראַם. אַ פּאָר וואַרעמע מילדע אויגן האָבן דיך געצערטלט מיט זייער בליק. אָבער נאָך נישט דאָס האָט געוועקט דיין קינדערישע פאַנטאַזיע. עפּעס די גאַנצע געשטאַלט האָט אויסגעזען אַזוי מאָדנע, מאָדנע דער לבוש, מאָדנע דער הויכער, אויפגעשטעלטער קראַגן... און די אויפשריפט! ביים זיידן האָט זיך אונטער אַלע בילדער געפונען דאָס וואָרט „רבי״... און דאָ — אַזאַ פרעמד אויסטערליש וואָרט: „סער״. „סער משה מאָנטעפיאָרע״...

און אַז דו האָסט געפרעגט ביי עלטערע:

— ווער איז דאָס דער סער?

האָט מען געענטפערט:

— דאָס איז אַ גרויסער יידישער פירשט, מיט דעם טיטל „סער״ האָבן אים טאַקע געקרוינט די גויִים ביי וועלכע ער איז געווען שטאַרק אָנגעזען, דאָס איז געווען אַ גרויסער יידישער שתדלן, אַ נדיב...

און אויב אַפילו האָסט נישט גוט פאַרשטאַנען די דערקלערונג פון די דערוואַקסענע מענטשן, אָבער שוין דאָס בלויז, וואָס ער איז געווען יידישער פירשט, אַ ייד, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר מלכים ושרים, איז גענוג געווען ער זאָל אין דיין פאַנטאַזיע אויסזען ווי אַ ווונדער־געשטאַלט פון אַ מעשׂהלע, ווי איינע פון יענע פיגורן וואָס לעבן אין דער קינדערישער וועלט פון לעגענדעס.

און מאָדנע. די געלעגנהייט פון זיין 150סטן געבורטסטאָג האָט אַרויסגערופן ביי דיר מחשבות וועגן דער פערזענלעכקייט מאָנטעפיאָרע, און ווידער דאַכט זיך דיר, אַזוי ווי דעמאָלט ווען דו ביסט נאָך אַ קינד געווען, אַז ער איז איינער פון יענע מעשׂהלעך־העלדן...

עס איז היינט מער נישט אין דער מאָדע דער טיפּ שתדלן, וואָס מאָנטעפיאָרע איז געווען זיין פּאָרשטייער, און עס גייט אויך אונטער די נדיבות, וואָס מאָנטע־פיאָרע האָט געפירט מיט אַזאַ וואַרעם יידיש האַרץ, און עס איז אויך אַ ווייטער, ווייטער אָפּקלאַנג אָט די גאַנצע האַרמאָנישע פערזענלעכקייט, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. עס שמעקט מיט אַלטע צייטן. עס שמעקט מיט — לעגענדע.

זיין געבורט־אָרט איז געווען די איטאַליענישע שטאָט ליוואָרנאָ. דאָרט איז ער געקומען אויף דער וועלט אום ט׳ חשון תקמ״ח ביי אַ מיוחסדיקער, אָנגעזעענער משפחה, אָבער אויפגעהאָדעוועט געוואָרן און אויפגעוואַקסן איז ער אין ענגלאַנד — אין לאָנדאָן.

די תקופה איז דאַן אַ שטורמישע. עס האַלט אָפּ זיין זיגרייכן מאַרש איבער דער וועלט נאַפּאָלעאָן. עס קראַכן אַלטע סיסטעמען, עס באַנקראָטירן אַלטע באַ־גריפן. און אויך אין דער יידישער וועלט שטורעמט עס. מען רעדט וועגן גלייכ־באַרעכטיקונג. מען שמועסט און מען גלייבט, אַז נאַפּאָלעאָן וועט איינוואַרפן די געטאָ־מויערן...

דער יונגער מאָנטעפיאָרע שטייט נישט אין אַ זייט פון די געשעענישן. ער פאַרטראַכט זיך איבער דער אויפברויז־צייט אין וועלכער אים קומט אויס צו לעבן און ער פילט, אַז ער האָט עפּעס וואָס צו זאָגן אין די אַלע ענינים, ער וואָלט גערן געוואָלט זיך טיילן מיט זיינע מיינונגען.

טיילן זיך... און מיט וועמען? איז אפשר נישט גלייכער זיך אויסצורעדן מיט זיך אַליין, איז אפשר נישט בעסער פירן איבער זיך אַליין אַ קאָנטראָל און שמועסן מיט זיך?

און נאָך אין די יונגע יאָרן הייבט רבי משה מאָנטעפיאָרע אָן צו פירן אַ טאָגבוך.

טאָג־ביי־טאָג האָט דאָ מאָנטעפיאָרע פאַרצייכנט נישט אַזוי זיינע פּאַסירונגען, ווי זיינע אינערלעכע איבערלעבענישן; ער האָט אַזוי פאַרשריבן זיין לעבנסוועג במשך פון אַ קנאַפּן יאָרהונדערט. ווייל לאַנג האָט געלעבט רבי משה מאָנטעפיאָרע. 100 יאָר.

עס איז אַ זעלטן טאָגבוך פון אַ זעלטענעם מענטש. אַ מאָנומענט.

זעסט פאַר זיך אַ מענטש וואָס האָט פיל געאַרבעט אויף זיך, וואָס האָט כסדר געשטרעבט צו שטייגן העכער, געזאָרגט אויף פאַרפולקאָמען די מידות, צו דער־גרייכן די מדרגה פון שלמות.

ער האָט כסדר געזאָרגט וועגן זיין אינערלעכן לעבן. הגם די דאגות הפרנסה

שלינגען אים איין, עס איז אין אָנהויב ניינצנטן יאָרהונדערט. עס בליט אויף דער האַנדל. דער יונגער מענטש ווערט אַן אָנגעשטעלטער ביי סוחרים. ער אַרבעט שווער. נאָך עטלעכע יאָר געלינגט אים צו באַקומען דאָס רעכט צו זיין אַ מעקלער אויף דער לאָנדאָנער בערזע. עס האָבן דעמאָלט בלויז צוועלף יידן געהאַט דאָס רעכט צו זיין מעקלערס אויף דער בערזע. מאָנטעפיאָרע גליקט עס זייער אָפּ, און אין אַ קורצער צייט ווערט ער אַן עושר.

אָבער דער באַנקיר מאָנטעפיאָרע פאַרגעסט נישט אינעם אָנגעשטעלטן מאָנ־טעפיאָרע. אין טאָגבוך רעדט ער אָפט וועגן יענע יאָרן אין וועלכע ער האָט שווער געאַרבעט אויף זיין פּרנסה. דאָס איז געווען זיין לעבנסשול. ער איז פון איר אַרויס רייף, געהאַרטעוועט.

און עס איז אינטערעסאַנט און באַלערנדיק צו לייענען, ווי אָט דער אָנגעזעע־נער לאָנדאָנער באַנקיר פאַרצייכנט זיך בפרטות אין וועלכן טאָג ער האָט געדאַוונט בציבור און אין וועלכן ער האָט צוליב אַ רייע סיבות נישט געקענט גיין אין שול, ווי ער דערציילט, אַז זיין קאָנטאָר פאַרמאַכט ער פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, מעג ער צוליב דעם פאַרלירן אַ הון מיט געלט.

אויך דאָס עפנטלעכע לעבן אין ענגלאַנד פאַראינטערעסירט אים. די ענגלישע מלוכה פירט אין יענע יאָרן אַ האַרטן און פאַרביסענעם קאַמף מיט נאַפּאָלעאָנען. מאָנטעפיאָרע טרעט אַריין אין דער אַרמיי אַלס פרייוויליקער. ער דערדינט זיך צום הויפּטמאַן טיטל. און וויפל איניציאַטיוו און ענערגיע ער אַנטוויקלט נאָכן אַהיימקומען פון מיליטער! ער ווערט באַרימט אַלס גרויסער מומחה אין פינאַנץ־ענינים. די רייכסטע אַקציעס־געזעלשאַפטן יאָגן זיך אים צו מאַכן פאַר זייער פאַר־זיצער. ער ווערט פּרעזידענט פון דער גרעסטער פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט. ער באַרגט געלט דער ענגלישער רעגירונג, ער ווערט איינשטימיק אויסגעקליבן פאַר לאָנדאָנער שעריף, ער ווערט באַשאָנקען מיטן הויכן אַדל־טיטל „סער״...

און ער איז דערביי אַ ייד, אַ גאַנצער, אַ הייסער ייד. ער איז אַדורכגעגליט מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, ער איז פול מיט פאַרערונג פאַר דער יידישער אמונה, פאַר דער גרויסער יידישער פאַרגאַנגענהייט און ווען ער דערפילט אין זיך אַ בענקשאַפט צו זען ארץ־ישׂראל, נעמט ער אונטער אַזאַ רייזע נישט קוקנדיק אויף די געפאַרן, וואָס זענען דאַן געווען דערמיט פאַרבונדן. ער איז געטריי זיין אינערלעכן רוף און פאָרט מיט זיין פרוי יהודית, זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערין, אַ מוסטער פון אַן עניוותדיקער און פרומער יידישער טאָכ־טער.

פאָרט די אָנגעזעענע און רייכע יידיש־ענגלישע פאַמיליע. זי וואַנדערט איבער ווייטע לענדער, איבער מדבריות. נישט איין מאָל זיפצן אָפּ דיביידע מענטשן: אָך, סאַראַ רייזע... און די היץ גליט און מערדערס לויערן אויף די וועגן. וועלן זיי זיך צוריקקערן? מיושבדיקע און גוטע מענטשן ראָטן זיי אויפצוגעבן זייער

פלאַן. אָבער אַן אומגעוויינלעכער באַגער זיצט אין דער פאַמיליע מאָנטעפיאָרע: זען דאָס הייליקע לאַנד.

ענדלעך! געקומען די אויסגעבענקטע מינוט! מאָנטעפיאָרע און זיין פרוי רייטן אויף קעמלען ווען זיי דערזעען פון דער ווייטנס ירושלים. אַ ים מיט געפילן ברויזט אין זיי אויף. און זיי גייען אַראָפּ פון די קעמלען, קושן ממש די ערד און רייסן זיך קריעה.

יאָ, אין ירושלים וויל דער פּאַשאַ האָבן גרויסע מחזקות מיט מאָנטעפיאָרע, ער האָט געהערט, דער פּאַשאַ, אַז דאָס איז אַ רייכער ייד, און ער פאַרבעט אים צו זיך אין פּאַלאַץ, און ער וווּנדערט זיך, פאַר וואָס דער ייד וווינט אין אָרעמען יידישן קוואַרטאַל.

און מאָנטעפיאָרע ענטפערט:

— איך האָף, אַז כ'וועל שטענדיק לעבן און אויך שטאַרבן צווישן מיינע ברידער, יידן.

ער איז זיך טאַקע משתדל פאַר די יידן אין ארץ־ישׂראל, ער לאָזט זיי איבער באַדייטנדיקע סומעס געלט אויף ישיבות און תלמוד־תורהס און געזעגענענדיק זיך מיט זיי פאַרשרייבט ער ביי זיך אין טאָגבוך:

היינט הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין מיין לעבן. איך נעם אויף מיר מקדיש צו זיין מער צייט לטובת די אָרעמע און צו דאַוועוענען בציבור אין שול אַ חוץ שבת און יום־טוב אויך מאָנטיק און דאָנערשטיק...

און מיט ברען וואַרפט זיך מאָנטעפיאָרע אין געראַנגל פאַר יידישער גלייכ־באַרעכטיקונג אין ענגלאַנד. אַ שווערער קאַמף. אָבער מאָנטעפיאָרע שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר שוועריקייטן, און ביסלעכווייז ווערן אָפּגעשאַפט די באַגרענעצונגען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

ווידער דערוועקט זיך אין אים אַ בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד. עס איז אַפילו נישט לאַנג ווי ער האָט עס געזען. דאָס איז געווען אין יאָר תקפ"ז. איצט איז סך־הכּל תקצ"ח, אָבער אַזאַ טבע האָט שוין ארץ־ישׂראל, זי ציט, זי רופט צו זיך אירע פאַרוואָגלטע קינדער...

דאָס מאָל באַגלייט שוין דער פאַמיליע מאָנטעפיאָרע אויך זייער סעקרעטאַר, דער באַרימטער ד"ר לעווי, אַ דאַנק וועמען מאָנטעפיאָרעס טאָגביכער זענען שפּע־טער דערשינען.

יענער יאָר, תקצ"ח, איז געווען אַן אומגליקלעך יאָר פאַר ארץ־ישׂראל. עס איז אויסגעבראָכן דער דרוזן־ און אַראַבער־אויפשטאַנד, ביי וועלכן עס זענען אומ־געקומען הונדערטער יידן. און דערנאָך — די גרויסע ערד־ציטערניש און דער הונגער. דער יידישער ישוב אין ארץ־ישׂראל וואַרט אָפּ רבי משה מאָנטעפיאָרע מיט דעם גרעסטן אומגעדולד.

און ער קומט. ער טרייסט, ער צערטלט, ער מונטערט די געמיטער, ער טיילט

געלט, אינטערעסירט זיך מיט קאָלאָניזירן יידן אויפן ארץ־ישׂראלדיקן באָדן, טראָגט אָנטקעגן הילף.

בפּרטיות באַשרייבט דאָס אַלץ רבי משה מאָנטעפיאָרע אין זײַן טאָגבוך. און אויך די פּשוטע און טעגלעכע פאַקטן באַקומען דאָ דעם הויך פון אַ לעגענדע.

אין יאָר ת״ר (1840) ווערט טונקל די זון פון יידישן לעבן אין סיריע צוליבן עלילת־דם אין דמשק.

און דאָ בליצט אויף די גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט. דאָ פלאַקערט אויף זיין מסירת־נפש פאַר יידן. אַ שווידערלעכער בילבול האָט פאַרפינצטערט דאָס יידישע לעבן אין סיריע. עס איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ קריסטלעכער מאָנאַך מיט זיין דינער, און גראָד פאַר פּסח — צי איז דאָס אַ קנאַפּער באַווייז אַז דאָס האָבן אים די יידן געפאַנגען כּדי צו צאַפּן זיין בלוט צו די מצות?

ברעכט אויס אַ מוראדיקער פּאָגראָם אין דמשק. און דער המון כאַפּט אָן איי־נעם אַ יידן און ווייזט אויף אים אָן. אָט דאָס איז ער, דער מערדער! און מען שלעפּט אים צום פּאַשאַ און מען גיט דעם אומשולדיקן יידן פינף הונדערט שמיץ און מען פּייניקט אים אויף אַן אַכזריותדיקן אופן:

— זאָל דער ייד זיך מודה זיין און מען וועט אים שענקען די שטראָף?

און די אינקוויזיציע־טאָרטורן האָבן געבראָכן דעם כאַראַקטער ביים ייד. יאָ, ער איז זיך מודה: ליבע פּייניקערס, אַלץ איז אמת, און האָט רחמנות, פאַרלייכ־טערט די יסורים... וואָס, מיטבאַטייליקטע, זאָגט איר, זענען אויך געווען? זאָל זיין...

און זיבן יידן זענען אַרעסטירט געוואָרן אונטער דער שרעקלעכער שולד פון דערמאָרדן דעם מאָנאַך.

אָבער די זיבן יידן האָבן איבערגעטראָגן די עינויים און געשוויגן, העלדיש געשוויגן.

האָט דאַן ביים פּאַשאַ אויפגעקאָכט דער צאָרן. און דאָס בלוט האָט זיך צע־יושעט. אַזעלכע חוצפּהדיקע יידן! און ער האָט באַפוילן זיך אַריינצורייסן אין אַ יידישער שולע און צו בינדן אַלע שילערס. אַזוי אַרום וועלן די עלטערן זיך מוזן מודה זיין! און ווען אויך דאָס טייוולאָנישע מיטל האָט נישט באַוויזן אַרויסצו־פּרעסן די בויטיקע דערקלערונגען, האָט אַ באַנדע פון 600 סאָלדאַטן זיך געוואָרפן אויפן יידישן קוואַרטאַל און גערויבירט, געשלאָגן, חרוב געמאַכט יידישע לעבנס און יידישע הייזער.

סאַראַ איינגעשפּאַרט פאָלק! — האָט געקריצט מיט די ציין דער פּאַשאַ. ניין, מען טאָר נישט נאָכגעבן. זאָל מען זיך ווידער נעמען צו יענע זיבן אַרעסטאַנטן,

שמיץ, שרויפן, אייזנס, מיט אימפּעט, מיט קוראַזש, טוט, קינדערלעך, אייער אַרבעט...

און דער שׂטן האָט טריומפירט:

די זיבן יידן האָבן זיך מודה געווען...

די עלילת־דם־העצע האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אין די שכנותדיקע לענ־דער. יידן האָבן געלעבט אין שרעק, אין טויטציטער.

און אַ בריוו איז אַוועק פון יידישן געטאָ אין דמשק צום „שׂר ואלוף" רבי משה מאָנטעפיאָרע. צעבראָכענע און פאַרוויינטע יידישע שטימעס האָבן גערופן צום יידישן שתדלן נאָך הילף.

טראַגישע טעג לעבט דאַן איבער מאָנטעפיאָרע. די יידישע ליידן גיבן אים נישט קיין רו. זיי מאַטערן און פּייניקן זיין האַרץ.

און מיט געוואַלדיקער מסירת־נפש און גרויסן יידישן פּאַטאָס איילט רבי משה מאָנטעפיאָרע צו ראַטעווען די יידן אין סיריע.

ער ווענדט אָן זיין גאַנצן איינפלוס ביי דער ענגלישער רעגירונג זי זאָל איינ־טערווענירן לטובת די אומשולדיקע יידן און צווינגען די סירישע מאַכט אָפּצו־שטעלן די העצע. ער שטעלט זיך פאַר דער קעניגין וויקטאָריאַ, וועלכע אַכט אים זייער, און וויקלט־אויף פאַר איר די מגילה פון יידישן ליידן. צוזאַמען מיט ראָט־שילדן גייט ער צום אויסערן־מיניסטער. רבי משה מאָנטעפיאָרע לעבט אין יענע טעג בלויז פאַר די יידן אין דמשק. ער אָרגאַניזירט פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, וועקט דאָס געוויסן פון דער וועלט.

און לסוף לאָזט ער זיך אַוועק צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון די יידישע קהילות אין פראַנקרייך, אַדאָלף קרעמיע, אויפן אָריענט צו העלפן די יידן פון דמשק.

## 2

די אַרבעט פון מאָנטעפיאָרע לטובת די יידן פון דמשק, אויף וועלכע עס איז געוואָרפן געוואָרן אַ שוידערלעכער עלילת־דם, איז אַ רומפול קאַפּיטל פון שטאָל־צער און מסירת־נפשדיקער יידישער השתדלות.

ער לאָזט זיך אויפן אָריענט צוזאַמען מיט זיין פרוי יהודית, מיט זיין סע־קרעטאַר לעווי און מיטן פאָרשטייער פון די יידישע קהילות אין פראַנקרייך, אַדאָרף קרעמיע.

ער געדענקט נישט אין יענע טעג אין זיינע געשעפטן, אין זיין גרויסן באַנק־הויז. געקומען אַ שעה, ווען דער יחיד מוז זיך אָפּזאָגן פון זיינע אייגענע פריוואַטע אינטערעסן, ווען ער מוז בלויז געדענקען אין כלל.

אויפן וועג שטייגט מאָנטעפיאָרע אָפּ אין אַלעקסאַנדריע. אַ דאַנק זיין אינטער־

ווענץ רופט דער ענגלישער דיפּלאָמאַט אין אַלעקסאַנדריע באַלד צונויף אַ זיצונג פון די קאָנסולן פון פראַנקרייך, פּרייסן און רוסלאַנד. אויפן טיש ליגט איין פּראַגע, וועלכע עס האָט אַרויסגערוקט דער יידישער סער פון ענגלאַנד — דער ענין דמשק.

דער עלילת־דם ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן ערשט־וויכטיקן פּאָליטישן פּראָבלעם.

און ר׳ משה מאָנטעפיאָרע באַזוכט צוזאַמען מיטן ענגלישן קאָנסול דעם הערשער מאַכמעד אַלי פּאַשאַ.

וואָס ער פאַרלאַנגט פון זיין מאַיעסטעט? זאָל ער די יידישע דעלעגאַציע פאַרשטיין, זאָל ער דערזען די אומזיניקייט פון דער באַשולדיקונג. עס האָט די דעלעגאַציע קיין שום פּאָליטישע צילן נישט. זי האָט בלויז איין גלייַענדיקן פאַרלאַנג: אָפּראַטעווען די יידן, איבער וועלכע עס פּאָכעט מיט זיינע ריזיקע פליגל דער טויט. זיי זענען אין גאַנצן אומשולדיק. זיי מוזן ווערן באַפרייט.

און מאַכמעד אַלי פּאַשאַ זאָגט צו זיך איבערצוטראַכטן.

גייען אַריבער וואָכן אין שווערן וואַרטן. קרעמיע איז זיך שוין מייאש. ער פאַרלירט די האָפענונג צו קענען עפּעס אויפטאָן. נאָר מאָנטעפיאָרע אַרבעט מיט אומגעווייַנלעכער ענערגיע. ער גלייבט אינעם נצחון פון אמת.

און עס קומט אַ פריידיקער, אַ ליכטיקער טאָג: די אַרעסטירטע יידן ווערן באַפרייט.

אין דער גאַנצער יידישער וועלט ווערט אויפגענומען די דאָזיקע ידיעה מיט באַגייסטערונג. מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנט מען דעם נאָמען פון מאָנטעפיאָרע, דעם גרויסן שתדלן.

נישט לאַנג לאָזט מען רוען דעם יידישן שׂר.

— קום, ראַטעווע אונדז... — רופן צו אים די יידן פון רוסלאַנד.

פינצטער איז זייער לעבן. אויפן צאַרישן טראָן זיצט אַ בלוטיקער טיראַן, ניקאָלאַי דער ערשטער. דאָס איז איינער פון די ביטערסטע פיינד, וואָס האָבן ווען עס איז דערקלערט אַ קאַמף דעם יידישן פאָלק. מיט די אַכזריותדיקסטע גזירות האָט ער באַשטימט צו פאַרפייניקן די רוסישע יידן.

און עס ווענדן זיך די פאַרפאָלגטע נאָך הילף צום גרויסן שתדלן. נאָר ער איז דער איינציקער פאַר וועלכן דער רשע ניקאָלאַי ווועט האָבן אַ ביסל רעספּעקט.

— איך קום — ענטפערט זיי אַ דערשיטערטער מאָנטעפיאָרע — און הלוואַי זאָל גאָט העלפן, אַז מיין רייזע זאָל אייך ברענגען נוצן און לייכטער מאַכן אייער שווערן גורל...

מיט וואָס פאַר אַ קעניגלעכן כבוד און מיט וויפל ברכות עס נעמען אויף די רוסישע יידן ר׳ משה מאָנטעפיאָרען. זיי פילן, אַז דאָ איז נישט געקומען עפּעס אַ פרעמדער, עפּעס אַ יידישער „אַריסטאָקראַט" אויף אוידיענצן. זיי פילן, אַז דאָס

איז זייערס אַן אייגענער ייד, מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. און ער דערשיינט פאַר זיי ווי אַ לעגענדאַרער מלאך־המושיע.

און מאַנטעפיאָרע רוט נישט ווען ער קומט אָן קיין פעטערבורג. ער גייט צום בילדונג־מיניסטער און האַלט אָפּ אַ קאָנפערענץ מיטן מיניסטער. זאָלן די הערן נישט זיין אַזוי שלעכט, זאָלן זיי פאַרשטיין, אַז אויך די יידן זענען מענטשן, אַז אויך זיי האָבן דאָס רעכט צו לעבן און צו אָטעמען!

אָבער עס זענען טעמפּ די צאַרישע מיניסטאָרן. און זיי זענען גרויסע רשעים. און ביטערע יידנפיינד.

— עס זענען די רוסישע יידן נישט ווערט אַזאַ חסד — ענטפערט מאָנטע־פיאָרען דער בילדונג־מיניסטער אָוואַראָוו. זיי זענען אָפּגעשטאַנענע און פינצטערע, זיי גלייבן אין אַלץ וואָס שטייט אין תלמוד...

דאָ פלאַקערט אויף דער יידישער שטאָלץ אין מאָנטעפיאָרען. אַלץ וואָס גע־פינט זיך אין תלמוד — ענטפערט ער מיט אויפרעגונג — איז הויך און דערהויבן... און אין אַ לענגערער רעדע פאַרטיידיקט ער דעם תלמוד און די פרומע יידן.

ניין, מיט די מיניסטאָרן וועט ער גאָרנישט מאַכן. דאָס זעט ער קלאָר. ער וועט זיך בכן שטעלן פאַרן צאַר.

און ניקאָלאַי נעמט אויף דעם ענגלישן גרויסן ייד. און ער הערט אים אויס. אָבער אויך זיין ענטפער קלינגט ווי די תשובות פון זיינע מיניסטאָרן. די יידן — זאָגט ער ציניש — מוזן זיך צו ערשט פאַרדינען אויף רעכט...

צי האָט מאָנטעפיאָרעס רייזע קיין רוסלאַנד געבראַנגט ווירקלעך נוצן די געפייניקטע און געדרודפטע רוסישע יידן? וואָלט דאָס געשען, וואָלט באמת ניקאָלאַי געווען אַ סימפּאַטישער דעספּאָט, אויף וועמען אַ רעדע פון אַ יידישן שתדלן איז בכוח צו ווירקן... ניין, נישט דורך רייד ווערט ווייך דאָס האַרץ פון אַ רשע. און די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד איז געבליבן פּונקט אַזוי ביטער, פּונקט אַזוי קלאָגעדיק, ווי פריִער.

דאָס איינע בלויז: עס איז געוואַקסן דער יידישער פּרעסטיזש, דער יידישער אָנזען. דער צאַר ניקאָלאַי גיט אָפּ כבוד אַ יידן — דאָס אַליין איז שוין דאַן געווען אַ גרויסע זאַך.

אויף זיין וועג צוריק שטייגט אָפּ מאָנטעפיאָרע אין ווילנע און אין וואַרשע. דאָס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב פאַר יידן. און צווישן די גויִים האָט מען דערהערט:

— אַ יידישער קעניג איז געקומען צו פאָרן...

די שענסטע מענטשן זענען אַרויס הינטער דער שטאָט מקבל־פּנים זיין מאָנ־טעפיאָרען. מען האָט לכבוד אים געשריבן שירים. מאַסן מענטשן זענען געשטאַנען אויף די גאַסן און אויסגעשריגן: ברוכים הבאים!

מען דערציילט, אַז אין ווילנע האָט אַ שייגעצל נאָכגעשריגן מאָנטעפיאָרען

„זשיד״. מאָנטעפיאָרע האָט דערויף רעאַגירט אויף אַ מאָדנעם אופן. נעמלעך: ער האָט צוגעוואָרפן דעם שייגעצל אַ מטבע. אויף דער פאַרוואונדערונג פון זיינע באַגלייטערס, האָט ער געענטפערט:

— דאָס שייגעצל האָט דאָך מיך גערופן מיט דעם נאָמען וואָס איז פאַר מיר אַ שטאָלץ, נו, קומט אים נישט קיין געלט דערפאַר?...

ר׳ משה מאָנטעפיאָרע צעטיילט אַ סך געלט אויף צדקה אין ווילנע און אין וואַרשע. ער לאָזט איבער גרויסע נדבות אויף פאַרשידענע רעליגיעזע אינסטי־טוציעס.

און ווען ער פאַרלאָזט ווילנע, שטעלט ער זיך אויף אין זיין קאַרעטע און געזעגנט זיך מיטן פאַרזאַמלטן המון:

— איך פאָר פון אייך אַוועק. מיין האַרץ וועט אָבער שטענדיק זיין מיט אייך. ווען מיינע ברידער איז שלעכט, איז מיר אויך שלעכט. בשעת זיי וויינען — וויין איך אויך...

אָט אַזוי זאָגט ער, מאָנטעפיאָרע, און אַזוי פילט ער. תכלית שינאה האָט ער פיינט פאָזע און זשעסט. לויטער און פשוט איז זיין וואָרט. ווי לויטער און פשוט עס איז געווען אָט די גרויסע יידישע פערזענלעכקייט.

עס געדענקען די יידן אין רוסלאַנד און אין פוילן לאַנג נאָך ר׳ משה מאָנ־טעפיאָרען. אָבער אויך ער טראָגט זיי שטענדיק אין האַרץ. אויך צוריקקומענדיק קיין לאָנדאָן זעצט ער פאָר זיין שתדלנות לטובת די יידן אין צאַרס מלוכה.

און ווידער — ארץ־ישׂראל.

ער איז שוין געווען דאָרט צוויי מאָל. אָבער ווידער דערוועקט זיך אין אים אַ בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד. און טאָ איז וואָס, אַז די רייזע איז שווער און פול מיט מכשולים? די יסורים פון ארץ־ישׂראל זענען אים ליב...

זיבן מאָל האָט מאָנטעפיאָרע געזען ארץ־ישׂראל.

און יעדעס מאָל איז זיין רייזע פאַרבונדן מיט שתדלנות און נדיבות. יעדעס מאָל ברענגט ער דעם ישוב אין ארץ־ישׂראל טרייסט און האָפענונג.

אָט פועלט ער אויס ביים סולטאַן אַ דערלויבעניש אויף צו בויען אַ יידישן שפיטאָל אין ארץ־ישׂראל (עס האָבן דאַן יידן נישט געטאָרט זיך דאָ בויען הייזער), און אָט באַמיט ער זיך צו גרינדן פרישע אינסטיטוציעס...

אין 1860 פייערט ר׳ משה מאָנטעפיאָרע זיין גאָלדענע חתונה. צוזאַמען מיט אַ סיום הספר.

עס איז דאַן געפערלעך קראַנק זיין פרוי יהודית. זיין געטרייע לעבנס־באַ־גלייטערין. אירע טעג זענען געציילטע. און אָט דעם הייסן באַגער האָט זי: זען ווי איר מאַן שרייבט די לעצטע אותיות אין ספר...

ער פילט זיך פאַראייניזאַמט ר׳ משה מאָנטעפיאָרע נאָכן טויט פון זיין פרוי. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, אָבער גיך קומט ער צו זיך. נישטאָ קיין צייט! מען דאַרף אַזוי פיל טובות טאָן יידן! מען דאַרף נאָך אַזוי אינטענסיוו אַרבעטן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע.

און אין טיפן עלטער מאַכט ער אַ רייזע קיין רומעניע, כּדי צו אינטערווענירן לטובת די דאָרטיקע יידן.

דער גרייז־גרויער מאַן פירט אַדורך זיין אַקציע מיט דערפאָלג. עס בליצט אויף פאַרן אונטערגאַנג דער גרויסער און שטאָלצער שתדלן.

און ער נעמט אונטער נאָך אַנדערע שתדלנות־רייזעס אין פאַרשידענע לענדער. זיין הונדערטסטער געבורטסטאָג ווערט געפייערט מיט גרויס פאַראַד. פון דער גאַנצער וועלט קומען אָן צום באַרימטן יידן צענדליקער טויזנטער טעלעגראַמעס, ברכות־באַגריסונגען און מתנות. די קעניגין וויקטאָריאַ און די העכסטע מלוכה־לייט קומען אים גראַטולירן.

אַ דעלעגאַציע פון לאָנדאָנער מאַגיסטראַט דערלאַנגט אים אַ גאָלדענע קייט פון וועלכער עס איז אַראָפּגעהאָנגען אַ מגן־דוד מיט דער איניציאַל „מ״.

אָבער ער האַלט נאָך נישט זיין שליחות פאַר געענדיקט. איצט וויל ער פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָבן אַן אוידיענץ ביים סולטאַן. נאָך נישט מיטן באַפרייען די אַרעסטירטע ווערט דער ווייטאָגלעכער ענין דערליידיקט. דאָ מוז זאָגן זיין דעצידירנדיקער וואָרט דער סולטאַן!

די יידן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל נעמען אויף מאָנטעפיאָרען מיט גרויס כּבוד. זיי מאַכן אים שטורמישע און האַרציקע אָוואַציעס. אָבער אויך די טערקישע רעגירונג באַערט דעם באַרימטן ענגלישן מלוכה־מאַן.

נישט אַזוי לייכט איז אָנצוקומען צום סולטאַן. נישט יעדן גאַסט וויל זיין הויכקייט זען! מאָנטעפיאָרען העלפט ווידער דער ענגלישער קאָנסול.

און ענדלעך קומט דער טאָג פון דער אוידיענץ.

אין יענעם טאָג פאַרשרייבט מאָנטעפיאָרע אין זיין טאָגבוך:

— „זיבן אַ זייגער האָבן מיר פאַרלאָזט אונדזער שטוב. דער צוג איז באַשטאַנען פון אַ קאַרעטע געשפּאַנט פון פיר פערד, אַ קאַרעטע געשפּאַנט אין צוויי פערד, אַכט מענטשן מיט פאַקלען אין די הענט, צוויי רייטערס און אַ חופּה פאַר יעדער קאַרעטע. הינטער אַלע איז געגאַנגען נאָך אַ וואַך פון דריי פּערזאָן. אין דער ערשטער קאַרעטע בין איך געזעסן אָנגעטאָן אין מיין גאַלאַ־מונדיר, מיט ה׳ פּיזניי, דעם ענגלישן דאָלמעטשער. אין דער צווייטער — זענען געזעסן די סעקרעטאַרן... די גאַסן זענען געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אַ סך יידישע הייזער זענען געווען באַלויכטן. ווען מיר זענען אַראָפּגעשטיגן פון די קאַרעטעס, האָט די ערנוואַך וואָס איז געשטאַנען לכּבוד אונדז אין שלאָסהויף, פּרעזענטירט דאָס געווער״...

דאָס איז דער סטיל פון זיין טאָגבוך. פשוט און בפרטותדיק באַשרייבט מאָנ־טעפיאָרע זיינע פּאַסירונגען.

דער סולטאַן נעמט אויף דעם יידישן שתדלן זיצנדיק אויף אַ קאַנאַפּע.

צום צייכן פון באַגייסטערונג שאָקלט ער צום יידן מיטן קאָפּ. און מאָנטע־פיאָרע האַלט פאַר אים אַ לאַנגע רעדע. אָבער דער עיקר זענען אין איר בלויז עטלעכע ווערטער: גיב רעכט די יידן, הויכער הערשער!

מאָנטעפיאָרעס אָקציע ווערט געקרוינט מיט דערפאָלג. עס קומען די רעזול־טאַטן נאָך דער אוידיענץ. דעם 8טן נאָוועמבער 1840 גיט דער סולטאַן אַרויס אַ „פירמאַן", אַ געזעץ, אין וועלכן ער פאַראורטיילט דעם עלילת־דם, צוליב דעם — שרייבט ער — וואָס מיר האָבן ליב די אונטערטאַנען פון אונדזער מלוכה, קענען מיר נישט דערלויבן, אַז מען זאָל יאָגן און דריקן דאָס יידישע פאָלק איבער בלבולים, וואָס האָבן נישט קיין גרונד". אין דאָזיקן געזעץ גיט אויך דער סולטאַן די טערקישע יידן גלייכבאַרעכטיקונג.

דער „פירמאַן" פון סולטאַן מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין דער גאַנצער וועלט. אין דער יידישער ווי אין דער נישט־יידישער. דער יידישער כבוד ווערט געהויבן.

איצט אָטעמט ער אָפּ, מאָנטעפיאָרע. געקומען די צייט צוריקצוקערן זיך קיין לאָנדאָן. דער יידישער ישוב אין דער ענגלישער רעזידענץ באַגריסט מאָנטעפיאָרען האַרציק. אויך די ענגלישע הויכע קרייזן האָט זיין מסירת־נפשדיקע אָקציע אַרויס־גערופן גרויס אַכטונג. די קעניגין וויקטאָריאַ דריקט אויס עפנטלעך אַ דאַנק דעם סער מאָנטעפיאָרע פאַר זיין „אָנגעשטרענגטער מי לטובת זיינע געיאָגטע ברידער".

ביי זיין בעט וואַכט ביז דער לעצטער מינוט זיין איבערגעגעבענער סעקרע־טאַר ד"ר לעווי. און ער שילדערט זיינע לעצטע מינוטן:

„צווי אַ זייגער ביי נאַכט איז אים שלעכט געוואָרן. דער דאָקטער האָט גע־זאָגט, אַז ער האָט מורא, אַז ער וועט נישט דערלעבן ביז אינדערפרי. איך האָב אים פאָרגעלייענט די תפילות פון „מעבר יבוק". ער האָט זיך איינגעהערט אין יעדן וואָרט און נאָכגעזאָגט...

דאַן זענען אַריינגעקומען זיינע קרובים און מתפללים פון זיין שול און בית־המדרש. אַלע האָבן געזאָגט די תפילה: „אלקי נשמה שנתה בי", און דערנאָך „שמע ישראל"... דער גוסס האָט מיטגעזאָגט...

ר' משה מאָנטעפיאָרע האָט אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה".

די ידיעה וועגן ר' משה מאָנטעפיאָרעס טויט רופט אומעטום אַרויס טיפן טרויער. גאַנץ לאָנדאָן באַטייליקט זיך אין זיין לוויה. דער שטאָטראַט האַלט אָפּ

אַ טרויער־זיצונג און דער לאַנדאָנער לאָרד מער באַערט אין אַ רירנדיקער טרויער־רעדע דעם אָנדענק פון „וויכטיקסטן בירגער פון לאַנד".

פּופּציק יאָר זענען שוין אַריבער נאָך מאָנטעפיאָרעס טויט. אָבער אין זכרון פון די פאָלקמאַסן איז די דאָזיקע וווּנדער־געשטאַלט נאָך אַלץ לעבעדיק.

עס וועבט זיך די לעגענדע מאָנטעפיאָרע...

גאָר אימפּאָזאַנט זענען אַריבער די פייערלעכקייטן אין ראַמסענעיט, די ווינ־שטאָט פון מאָנטעפיאָרע, ווו עס איז געשטאַנען זיין פּאַלאַץ.

די גאַנצע שטאָט איז געווען הערלעך אילומינירט, דעקאָרירט מיט פענער און גירלאַנדן. ריזיקע טראַספּאַרענטן האָבן געטראָגן די אויפשריפטן: „ערע דעם ווילטעטיקער פון דער מענטשהייט", „דאָס פּאָלק אַכטעט דיך". פייערלעכע פּראָ־צעסיעס האָבן זיך געצויגן איבער די גאַסן מיט מוזיק־אָרקעסטערס.

און עס האָבן די צייטונגען מיט באַגייסטערונג געשריבן וועגן דעם „פּרינץ פון ישׂראל"...

ט"ז אָב תרמ"ה האָט דאָס גרויסע יידישע האַרץ אויפגעהערט צו קלאַפּן.

## און ווו איז דער העלד?

לעבט ער נאָך, הייסט עס, אַלפרעד דרייפוס, דער באַרימטער קאַפּיטאַן פון דער דרייפוס־טראַגעדיע? אַט אַזאַ ידיעה איז די טעג פאַרבייגעלאָפן אין די צייטונגען: קאַפּיטאַן דרייפוס איז אַלט געוואָרן 75 יאָר. און פיל פיל מענטשן האָבן זיכער געצויגן מיט די אַקסל און זיך געפרעגט מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק:

— אַזוי גאָר, לעבט נאָך דער קרבן פון דעם שרעקלעכן בלבול?

פאַרגעסן איז היינט דער מענטש וואָס האָט אויפגעשטורעמט די וועלט, וואָס זיין נאָמען האָבן קינד־און־קייט געטראָגן אויף די ליפּן, צוליב וועמען ס׳האָט זיך געגאָסן בלוט אין די גאַסן פון פראַנקרייך, און דאָס ערשט נישט לאַנג. סך־הכל מיט פערציק יאָר צוריק האָט אַ גאַנצע וועלט געלעבט אין שפּאַנונג און זיך אַ וואַקל געטאָן צוליב דעם יונגן יידישן קאַפּיטאַן.

עס איז נישט געווען קיין ווינקל אין דער וועלט, ווו מען האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צום גורל פון אַלפרעד דרייפוס. די איידעלע פּערזענלעכקייטן האָבן גענומען דאָס וואָרט, די געוויסנס האָבן אויפגעוואַכט. די ליידנשאַפטלעכע אמת־זוכערס האָבן מוטיק געררופן צו פּראָטעסט. דאָס איז אַ געמיינער בלבול! דרייפוס איז נישט געשטאַנען אין שפּיאָנאַזש־דינסט פון דער דייטשער מלוכה. דאָס פראַנצויזישע געריכט האָט אים בייזוויליק פאַראורטיילט אויף פאַרשיקונג. דער מאַרטירער קומט אָפּ גלות, ער פוילט אויף דער ווייטער פאַרוואָרפענער טייוול־אינדזל בלויז דערפאַר ווייל ער איז אַ ייד.

וואָס פאַר אַ שטורעם עס איז אַריבער אין דער גאַנצער וועלט צוליב די ליידן פון יידישן קאַפּיטאַן! עס האָט זיך אַנטוויקלט אַזאַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט, וואָס קלינגט היינט ווי אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע פון יענע צייטן, ווען מענטשן זענען נאָך געווען פילבאַר אויף עוולות, ווען געוויסנס האָבן זיך נאָך אַ ריר געטאָן צוליב אומשולדיקע ליידן. עס זענען אַנטשטאַנען אין פראַנקרייך און אין אַלע אַנדערע לענדער צוויי לאַגערן: דרייפוסאַרן און אַנטי־דרייפוסאַרן. און זייער געראַנגל איז געווען איינער פון די דראַמאַטישסטע געראַנגלען, וואָס זענען ווען עס איז פאַרגעקומען, אַ געראַנגל צווישן ליכט און פינצטערניש.

עס האָבן די רשעים דווקא געוואָלט זען דעם פאַררעטער אינעם ייד. אַ ייד מוז דאָך זיין אַ פאַררעטער... זאַכלעכע באַווייזן, דאָקומענטן? עס האָבן די שליחים

פון טייוול אָנגעגורט זייערע לענדן און געפעלשט פּאַפּירן, געפעלשט אונטער־שריפטן, און די שאָוויניסטישע בייזע כּוחות האָבן געליאַרעמט און געהעצט און געבילט, אַ שאַנדפלעק איז געוואָרפן געוואָרן אויפן גאַנצן יידישן פאָלק, און די אַנטיסעמיטן האָבן געיובלט פון טריומף.

און דאָס וועט בלייבן איינער פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פונעם מענטש. גראָד אין אַזאַ פאַרסמטער לופט האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך געוואָרפן אינעם קאַמף פאַרן אומשולדיקן ייד, וואָס האָבן מיט ברען און באַגייסטערונג אונטערגענומען זיין פאַרטיידיקונג און זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר די שוועריקייטן און שטעכיקע דערנער, וואָס ליגן אויפן וועג צו גערעכטי־קייט.

און דערביי איז אויפפאַלנדיק און כאַראַקטעריסטיש פאַרן צייטגייסט פון 40 יאָר צוריק דאָס, וואָס די ריטער פון דער געשענדטער גערעכטיקייט זענען על־פּי רוב געווען — גוֹיִים...

צווישן די אָפיצירן פון פראַנצויזישן גענעראַל־שטאַב האָט זיך געפונען איי־נער, וואָס האָט באַשלאָסן פונאַנדערצופלאָנטערן דעם קנויל ליגנס און פעלשונגען, וואָס איז געהאָנגען איבערן דרייפוס־פּראָצעס. אָט דער דאָזיקער פּולקאָווניק פּיקאַר — כּדאַי צו פאַרגעדענקען זיין נאָמען — האָט מיטן מאָמענט, ווען ער האָט זיך איבערצייגט אַז עס זענען נישטאָ קיין שום אמתע דאָקומענטן, וואָס זאָלן באַווייזן די שולד פון דעם פאַרמישפּטן, נישט גערוט און געגאַנגען אין קאַמף פאַרן אמת. וואָס דרייט מען עס אַ קאָפּ? — איז ער אַרויס מיט דער דערשיטערנדיקער רעוועלאַציע — נישט דער ייד דרייפוס איז דער שפּיאָן, אין דער אמתן איז ער גאָר אַן אונדזעריקער, אַ פראַנצויזישער, מיר איז געלונגען צו אַנטדעקן זיין ריכ־טיקן נאָמען: מאַיאָר עסטערהאַזי — אַזוי הייסט ער, דער פּאַקטישער פאַררעטער...

זענען די רעאַקציאָנערן אַרויס פון די כּלים. אויך אים, פּיקאַרן, דאַרף מען פאַרשיקן אויף דעם טייוול אינדזל, זאָל ער צוזאַמען מיטן פאַררעטער דרייפוס אָפּקומען זיינע זינד לגבי דעם פאָטערלאַנד... און די העצע איז טאַקע געגאַנגען אונטער דער אַלטער און אייביק־נייער פּאַראָל — דאָס פאָטערלאַנד איז אין געפאַר!

אָבער דער פּונק איז געוואָרפן געוואָרן. און יענע, פאַר וועלכע מענטשלעכ־קייט איז נישט קיין פּוסטער באַגריף, האָבן אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטן קאַמף פאַרן אמת. עטלעכע יאָר איז די דרייפוס־אַפערע געווען די צענטראַלע פּאָליטישע פראַ־גע אין פראַנקרייך. די דרייפוס־אַפערע איז געווען די טעמע פון די פּאַרלאַמענט־דעבאַטן. צוליב דער דרייפוס־אַפערע זענען געפאַלן קאַבינעטן און מיניסטאָרן. דער ליידנדיקער יידישער קאַפּיטאַן איז געוואָרן אַ געשטאַלט, מיט וועלכער עס האָט געלעבט די גאַנצע וועלט, פאַר וועמען מיליאָנען הערצער האָבן געקלאַפּט, האָבן געבעטן פאַר זיין באַפרייַונג.

און אַפילו ווען אַלע מיניסטאָרן און דעפּוטאַטן זענען שוין געווען טיף איבער־צייגט, אַז דאָ איז געשען אַ מוראדיקער יוסטיץ־סקאַנדאַל, האָבן זיי דאָך אויך נישט געוואָגט צו באַנייען דעם פּראָצעס און רעהאַביליטירן דעם אומשולדיקן. די מאַכט מוז תמיד בלייבן גערעכט! אויף דער מלוכה־פירונג טאָר נישט געוואָרפן ווערן דער מינדסטער פלעק. וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט דאָ דאָס לעבן פון אַ יחיד?

און דאַן האָט אויפגעהויבן זיין שטים דער באַרימטער פראַנצויזישער שרייבער עמיל זאָלאַ. ער איז אַרויס פון זיין שטילן אַרבעט־קאַבינעט און זיך געוואָרפן אין ברען פון קאַמף.

זאָלאַ האָט פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען אַ שאַרפן פּראָטעסט אין דער פאָרעם פון אַן אָפענעם בריוו צום פּרעזידענט פון דער רעפּובליק: „זש'אַקיז" — איך באַשולדיק... איך באַשולדיק די מיניסטאָרן, די גענעראַלן, די מיליטער־ריכטערס, די רעגירונג, אייך אַלע מיט אַנאַנדער, אַז איר האָט אָפּגעטאָן דאָס ערגסטע פאַרברעך קעגן מענטשלעכקייט און אַלס קרבן דערפון איז געפאַלן דער אומשולדיקער געפאַנגענער אויפן טייוול־אינדזל... איך באַשולדיק אייך אין צביעות, אין רשעות, אין שקר...

זאָלאַס שטאַרקער פּראָטעסט האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם. אויף דער באַשולדיקונג־באַנק איז אַוועקגעזעצט געוואָרן גאַנץ פראַנקרייך. און אין די שוואַרצע נשמות פון די הערצער האָבן איצט אויפגעקאָכט אַ ווילדער גרימצאָרן און זיי האָבן געשאַרפט זייערע פיילן קעגן זאָלאַן. ער האָט באַליידיקט די אַרמיי, דאָס געריכט, מען מוז אים מישפּטן. דער גרויסער שריפטשטעלער איז געוואָרן באַשמוצט און באַשפּיגן און באַוואָרפן מיט זידלערייען.

און עס איז געקומען דער קוריאָז: זאָלאַ דער באַשולדיקער איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט אַלס באַשולדיקטער אינעם באַליידיקן דעם כבוד פון פראַנקרייך.

זאָלאַ האָט פון זיינס נישט אָפּגעטראָטן. פאַר זיין אויפגאַבע האָט ער באַטראַכט: טראָגן צו זיין פאַלק דעם פונק פון מענטשלעכקייט.

אָבער די לויטערע פערזענלעכקייט ווערט פאַרמישפּט. די גערעכטיקייט זיגט נישט. זאָלאַ ווערט פאַרשריַען אַלס פאַררעטער. ער איז געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון פראַנקרייך. אָבער ער בלייבט גאַנץ. ער ווערט נישט צעבראָכן, ער זעט, אַז גערעכטיקייט איז נישט קיין סחורה, אָבער ער וואַרפט זי נישט אַוועק. נישט בלויז דרייפוסן — רופט ער אויס — האָט מען פאַרשיקט אויפן טייוול־אינדזל, אויך דאָס געוויסן פון פראַנקרייך געפינט זיך דאָרט געפאַנגען...

און סוף־כל־סוף האָט דער קאַמף געמוזט ברענגען רעזולטאַטן. די אַנטי־דרייפוסאַרישע פּאָזיציעס זענען אויפגעטרייסלט געוואָרן. מ'האָט ענדלעך באַשלאָסן צו באַטראַכטן אויף ס'ניי דעם פּראָצעס. מ'האָט אַראָפּגעברענגט קיין פּאַריז דעם גע־

פאַנגענעם פונעם טייוול־אינדזל, אַן אויסגעמאַטערטן, אַן אָפּגעצערטן. ווידער האָבן די שונאי־ישׂראל געוואָרפן שטיינער. אָבער אַזעלכע אויפריכטיקע רעפּובליקאַנער, ווי קלעמאַנסאָ, זשאָרעס און אַנדערע, די בעסטע מענטשן וואָס דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט פאַרמאָגט, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט עקשנותדיק און מיט פרישער ענערגיע אונטערגענומען אינעם קאַמף פאַר דער באַפרייַונג פונעם אומשולדיקן ייד. און — דער קאַמף איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. דרייפוס איז גע־וואָרן באַפרייט. פונעם יידישן קאַפּיטאַן איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן דער גרויזאַ־מער בלבול.

און דאָס, וואָס האָט נאָך דעמאָלט בעתן פּראָצעס אָפּגעשטעלט, איז געווען די פראַגע: און ווו איז דער העלד אַליין, ווו איז דרייפוס?

דער גאַנצער געראַנגל האָט זיך געפירט אַרום אים, ער האָט אָנגעצונדן דעם גרעסטן און שענסטן קאַמף פאַר דער גערעכטיקייט, אָבער — ווו איז ער, דער העלד? ווי אַזוי פאַרטיידיקט ער זיין כבוד? צי פּאַסט אים די ראָלע, וואָס דער גורל האָט פאַר אים צוגעקליבן?

שיין און רירנדיק איז אין זיינע ליידן געווען עמיל זאָלאַ, שיין און רירנדיק, ווי דער פאַרשלאָגענער געוויסן, וואָס רייסט זיך צו דער וועלט ווי די אידעע וואָס האָט זיך אין אים באַזעצט, וואָס האָט זיך איינגעזאַפּט אין זיין בלוט און מאַרך. און ווו איז די אידעע וואָס דרייפוס האָט געדאַרפט ברענגען צום אויסדרוק מיט זיינע ליידן, וואַרפן פאַר די פיס פון דער געמיינער העצערישער און יידן־פיינד־לעכער באַנדע?

ער שטייט פאַר די ריכטערס. ער דערציילט זיי וועגן זיין לעבן. ער איז רייך, ער האָט געהאַט אַמביציעס זיך אַרויפצושלאָגן הויך אין זיין מלוכה־דינסט. ער איז געווען שטאָלץ אויף זיין שיינעם, עלעגאַנטן אָפיציר־מונדיר. אַז ער איז אַ ייד האָט ער זיך קיין מאָל נישט אינטערעסירט. וואָס האָט אים דאָס געקענט אָנגיין? ער איז כּולו פראַנצויז. ער שווערט זיך ביי אַלע הייליקייטן, אַז ער איז אומשול־דיק. אָבער ער שרייט קיין מאָל נישט אַרויס זיין שאַרפן צאָרן און זיין אינערלעכן וויי אין וועלכן עס זאָל זיך הערן דער וויי פון דורות יידן. וואָרום וואָס דאַרפן באַדייטן זיינע ליידן? די אַלע יסורים זענען אויף אים געקומען נאָר צוליב זיין יידישקייט, און ער אַליין ווייסט דאָך דערפון אַזוי ווייניק. ער פילט בלויז, אַז אים פערזענלעך איז געשען אַן עוולה, ער פילט בלויז די אייגענע פערזענלעכע ווייטיקן.

דרייפוס ליידט אָן אַ טעם, אָן אַ זין, אָן אַ פאַרוואָס. אַלע, וואָס האָבן געקעמפט לטובת אים, האָבן כאָטש געהאַט אַן אידעע, וואָס האָט אין זיי אויפגעפלאַקערט, וואָס האָט זיי געגעבן מוט און שווונג. בלויז ער איינער, דער סאַמע העלד, שטייט פאַרן געריכט אין אַ שטייפער אָפיצירישער פּאָזע, מיט דער פענסנע אויף דער נאָז, און חזרט איבער קאַלט און רויִק: איך בין אומשולדיק. איך, קאַפּיטאַן פון

דער פראַנצויזישער אַרמיי, הייב נישט אָן צו וויסן פאַר וואָס מען האָט אויף מיר געוואָרפן אַזאַ פאַלשע באַשולדיקונג.

ער פילט נישט, אַז אין זיין פערזאָן ווילן די ריכטערס זען אַ פאַרשטייער פון פאָלק ישראל. ער קען עס נישט פילן. ער איז צו יידן פרעמד. ער איז פון יידן אָפּגעריסן.

דער קאַפּיטאַן דרייפוס האָט אין זיינע ליידן נישט געזען קיין המשך פון די ליידן פון דורות יידן. ער האָט אין זיין מאַרטירערטום נישט געזען דעם גורל פון יידישן פאָלק. און דערפאַר איז ער אַפילו אין זיין מאַרטירערטום געבליבן בלאָס. איינזאַם. עס איז אין זיין טרויער־מעלאָדיע נישט צו דערהערן דעם שוואַכסטן אָפּקלאַנג פון די וווּנדערבאַרע געשטאַלטן פון די העראָישע מענטשן, וואָס האָבן מיט שטאָלץ און מיט יידישן פייער אַריבערגעטראָגן די ווייטיקן אין אַלע צייטן און תקופות.

עפּעס האָט מען אים אין איין העלן פרימאָרגן אַרויסגעריסן פון זיין שטוב, עפּעס האָט מען אים באַוואָרפן מיט שמוץ, עפּעס האָט מען אים פאַרשיקט אויף אַ פאַרפּעסטעטן אינדזל...

פאַר וואָס?

— פאַר גאָרנישט אין דער וועלט — ענטפערט דרייפוס.

אַז דערפאַר האָט זיך אויף אים אויסגעגאָסן אַזאַ צאָרן, ווייל ער איז אַ ייד, דאָס האָט ער נישט געוווּסט. און אַפילו ווען ער איז דאָס יאָ שפּעטער געוויר געוואָרן פון די יידנפיינד — האָט ער עס אויך נישט פאַרשטאַנען, נישט באַגריפן. ער איז געבליבן דער שטייפער קאָרעקטער אָפיציר מיט דער פּענסנע אויף דער נאָז. אַ קליין, ענג מענטשל.

און דאָס איז אפשר דאָס טראַגישסטע אין דער גאַנצער טראַגעדיע פון דריי־פוסן. און דאָ דאַרף מען אויך זוכן דעם סוד פאַר וואָס דרייפוס איז אַזוי פאַר־געסן און פאַררוקט אין אַ ווינקל, פאַר וואָס מען זעט אים נישט און מען הערט נישט פון אים אין דער יידישער וועלט.

אַ מענטש איז פינף יאָר געפייניקט געוואָרן אויף אַ טייוול־אינדזל, און צו מאָל נישט געוווּסט פאַר וואָס ער ווערט געפייניקט. איבערצייגונגען? ער האָט זיי נישט. און ווי אַזוי קען ער דערזען אַן אידעע אין זיינע ליידן, אויב אים פעלט בכלל אַן אידעאַל?

ער איז אויך נישט אַרויס פון קאַמף קיין געשטאַרקטער און געקרעפטיקטער. פאַרקערט, די זינלאָזע ליידן האָבן אים צעבראָכן און צעשמעטערט. דאָס אַלץ. ער איז דעריבער גלייך פאַרשווּנדן פון דער עפנטלעכקייט. ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו דערציילן פון דעם גלויבן וואָס האָט באַדאַרפט אין אים אויפגיין, פון דער

לויטערקייט אינעם גיהנום פון יסורים, פון דער דערהויבונג וואָס ער האָט באַ־דאַרפט אַדורכלעבן.

אין זיין בוך „די פאַמיליע אָפּענהיים" שילדערט דער באַקאַנטער יידיש־דייטשער שרייבער לעאָן פויכטוואַנגער די טראַגעדיע פון די דייטשע יידן אונטערן נאַצישן רעזשים. און דאָס, וואָס דערשיטערט צום טיפסטן איז, וואָס די דאָזיקע יידן וויסן נישט צו מאָל אין זייער רוב צוליב וואָס זיי ליידן.

ווען נישט „דאָס אויפוואַכנדע אַרישע דייטשלאַנד" וואָלטן זיי כּלל נישט געוווסט, אַז זיי זענען זין פון אַלטן יידישן שטאַם. עפּעס דאָרט דער עלטער־זיידע האָט געטראָגן אַ באָרד און געגאַנגען אין שול, אָבער פאַר זיי איז דאָס אַלץ פרעמד. אַ שטיק עקזאָטיק.

די אַלע יידן, וואָס טרעטן אויף אין דער „פאַמיליע אָפּענהיים" קוקן אויף זיך נאָך דער נאַצישער איבערקערעניש מיט אַזעלכע משונהדיקע אויגן. איז דאָס אַלץ ווירקלעכקייט? וואָס איז דאָ געשען? פאַר וואָס קומט זיי אַזאַ באַהאַנדלונג? זענען זיי דען יידן? האָבן זיי דען נישט איבערגעריסן מיט זייער פאָלק, מיט זיין פאַרגאַנגענהייט, מיט זיין טראַדיציע? האָבן זיי נישט געזוכט אינהאַלט ביי דעם פאָלק מיט וועלכן זיי ווינען צוזאַמען און האָבן זיי נישט אָנערקענט די פרעמדע קולטור? זענען זיי נישט מיט איר געבונדן מיט טויזנטער פעדים?

„מיר זענען דאָך גאַנצע דייטשן" — דערקלערן זיי, פונקט ווי עס האָט דער־קלערט דער קאַפּיטאַן דרייפוס: „איך בין דאָך אַ גאַנצער פראַנצויז"...

דרייפוס דער מאַרטירער? ניין, באין־אופן נישט מאַרטירער. מאַרטירערס זענען געווען און זענען יענע יידן, וואָס טראָגן אַריבער זייערע ליידן מיט שטאָלצן יידישן באַוווסטזיין און גרויסן יידישן פּאַטאָס. יענע וואָס וויסן דעם זין פון זייערע צרות. דרייפוס איז געווען אַן אומגליקלעכער מענטש. אומגליקלעך דערפאַר, ווייל ער האָט נישט אין זיין טראַגעדיע געזען דאָס העראָיש־יידישע. ווייל ער האָט געליטן אַלס קאַפּיטאַן און נישט אַלס ייד.

די דראַמאַטישע געשיכטע פון די לעצטע יאָרן איז אַ געשיכטע אָן אַ העלד.

## אַנדערע צייטן, אַנדערע לידער

— **א**יך מוז אייך זאָגן — ווענדט זיך צו מיר מיין פריינד — אַז איך הער אויף גלייבן אינעם חוש פאַר דערווירקלעכקייט פון די פובליציסטן, אַז איך הער אויף גלייבן אין זייער פעיִקייט אויפצופאַסן און באַלייכטן די געשעענישן וואָס דער טאָג רוקט אָן...

דאָס איז נישט קיין נייער נוסח אין מיין פריינדס לשון. אַלע מאָל קומט ער צו מיר מיט אַ גאַנצן פּאַק טענות צו דער יידישער פובליציסטיק. ער איז אַן אומגעהויער שווערער און תמיד אַנגעברוגזטער מענטש. און אַזעלכע וואָלט ער אויך געוואָלט זען די צייטונג־אַרטיקלען.

און דאָך האָב איך אים ליב אויסצוהערן. ווייל אַזוי כּלאחר־יד אים אָפּפּטרן און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, קענסטו פאָרט נישט. זעסט אים ווי ער זיצט און טענהט, אַז אין דער איצטיקער שווערער תקופה פאַר יידן מוזן אַלע פּראָגעס באַהאַנדלט ווערן דורך דער פובליציסטיק בכּובֿד־ראש, אַז די איצטיקע צייט פון כּאָאָס און בהלה פאַרלאַנגט פון דער פירערס פון דער עפנטלעכער מיינונג אַ שטאַרק געפיל פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און וויל דער פובליציסט אַרויסרופן צו זיך צוטרוי אין זיין אַנאַליז פון די דערשיינונגען, טאָר ער קיין שום געדאַנק נישט אַרויסזאָגן אָן אַ לאַנגן אינערלעכן קאָנטראָל און ישוב־הדעת — זעסט אים, אַ פאַרכמורעטן, אַ פאַרזאָרגטן, צוליב דעם, וואָס היינט אָדער נעכטן האָט דער אָדער יענער פובליציסט געשריבן עפּעס אַ נישט געהעריק אַדורכגעטראַכטן געדאַנק, באַמערקסטו זיין אומעטיקן אויסדרוק פון פנים, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פאַר אים צוליב דעם אונטערגעגאַנגען און, אויב אַפילו דו שמייכלסט, האָסטו אָבער רעספּעקט פאַר אַ לייענער, וואָס נעמט אַזוי ערנסט דעם שרייבער.

און דאָס געהערט אויך צום נוסח פון זיין רעדן. תמיד פאַרענדיקט ער אַזאַ מין שמועס מיט די ווערטער:

— און איך מוז ווידער זאָגן, וואָס איך האָב אייך שוין אַנומלט געזאָגט: ביים אַריינגאַנג אין דער אַמאַליקער פלאַטאָנישער אַקאַדעמיע פאַר פילאָסאָפן אין גריכנלאַנד האָט זיך געפונען די אויפשריפט: „פאַר נישט־מאַטעמאַטיקערס איז דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן”. אויך אין די רעדאַקציעס וואָלט מען באַדאַרפט אויפהענגען

די וואָרענונג: „פאַר נישט־דענקענדיקע איז דער אַריינגאַנג פאַרווערט״. נײן, נישט דאָס שיינע, גלאַטיקע שרייבן איז דער עיקר. הויפּזאַכלעך מוז גענומען ווערן אין אַכט: די פעיִקייט פון פּובליציסט צו דענקען, אויפצופּאַסן אַ געשעעניש, צו באַלייכטן די אַקטואַליטעטן פון דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער וועלט.

און ווי אַנגעכמורעט ער איז געווען דאָס היינטיקע מאָל בעתן רעדן מיט מיר!

— אַ שרעק! — האָט ער אויסגערופן און זיין פּנים האָט זיך אַזש פאַרקרימט פאַר וויטיק — זיי זיצן די פּובליציסטן יעדן טאָג אין זייער „בייגעסן־פאַבריק״, כ׳מיין אין דער רעדאַקציע, און זעען נישט ווי די וועלט אַרום זיי ענדערט זיך. זיי האָבן פאַרלוירן דעם חוש אויפצופּאַסן תּקופות. אַלץ איז ביי זיי איין לאַנגער טאָג. דאָס לעבן קלאַפּט פאַר זיי מיט אַן איינטאָניקער מעלאָדיע, און זיי זעען נישט, ווי דורות פאַרגייען און דורות קומען, און זיי באַמערקן נישט, ווי אַלטע קאָלירן בלאַקירן אָפּ און פרישע נעמען שימערירן...

און ער ציט אַרויס, מיין פריינד, עטלעכע צייטונגען מיט אָפּשאַצונגען וועגן דעם טומל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אַרום דעם מינדערהייטס־טראַקטאַט.

— נעמט, לייענט! — זאָגט ער, און שפּרייט אויס די בלעטער — מען זוכט די כּוונות פון דעם אָדער יענעם שריט. מען וויל איינלערנען פּשט אין די רייד פון דעם אָדער יענעם מלוכה־מאַן. אַנדערע קומען גאָר און קייען איבער נאָך אַ מאָל, וואָס עס איז געשריבן אין מינדערהייטס־טראַקטאַט. און דער לייענער געפינט זיך אין אַ פּלאָנטער, אין אַ לאַבירינט. די אייגנטלעכע לאָגישע באַלייכטונג פון דער גאַנצער זאַך פעלט, איז נישטאָ.

זאָל מען נישט קוועטשן מיט די פּאַראַגראַפן און פּראָזעווען מיט דערקלערונגען. זאָל מען נישט פאַרציִען אַ טונקעלן שלייער איבער דער געשיכטע.

זאָל מען זאָגן:

עס איז געווען אַזאַ און אַזאַ תּקופה מיט 15 יאָר צוריק. דעמאָלט האָט אין דער פּאָליטיק געהערשט דער גייסט פון ווילסאָן. דער דאָזיקער ווילסאָן איז געווען פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אָבער בעצם איז ער געווען אַ פּרינץ פון אַ שיינער, אויסגעפּאַנטאַזירטער וועלט. ער האָט געגלויבט אין דעמאָקראַטיע, אין פרייהייט, אין מענטש. און דערפאַר איז זיין אידעאַל געווען אויפלעבן די פאַרקנעכטע פעלקער, פאַרזיכערן די רעכט פון די באַוואולטע מינדערהייטן. ער איז זיכער געווען אַז אַזוי אַרום וועט אים געלונגען צו באַפרייען די וועלט פון געשפּענסט פון רשעות און קריג. און, ווי אַ ריכטער, האָט ער געקענט זיין סביבה אָנשטעקן מיט זיין פּאַטאָס. דערפאַר האָט מיט 15 יאָר צוריק, ביים שליסן דעם שלום, ביים אונטערשרייבן דעם מינדערהייטס־טראַקטאַט, זיך געצויגן איבער דער גאַנצער וועלט אַ מעלאָדיע פון פרידן און אידילישן לעבן.

אָבער עס איז אַריבער אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און אַנדערע שטימונגען האָבן באַהערשט די מלוכה־פירערס. אַנדערע צייטן האָבן אויפגעלעבט. ווילסאָן איז גע־

וואָרן פֿאַרעלטערט. איבער זיינע פֿאַנטאַזיעס האָט אַ לץ געטריבן אַ ווילדן חוזק...

אָט די 15 יאָר, דאָס זענען אַ גאַנצע עפּאָכע אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. מעסט נישט דעריבער די היינטיקע געשעענישן מיט דער מאָס פֿון יענער „אַלטער" צייט! דער דור וואָס האָט דעמאָלט דעצידירט אין עפּנטלעכן לעבן איז שוין היינט שוואַך און אוממעכטיק, אומפֿעיִק צו מעשׂים, די הענט ציטערן שוין ביי אים, און מאָרגן וועט ער אין גאַנצן אַוועקפֿאַלן אין אַ פּאַראַליז... און דער איצטיקער דור לעבט מיט אַנדערע באַגריפֿן, אים לאָקן און רייצן אַנדערע אידעאַלן, ער וויל זיך לאָזן אויף אַנדערע וועגן.

זאָל מען שרייבן:

מיט 15 יאָר צוריק איז געווען אַ מאָדע אויף אידעאַליזם און גוטע באַגערן. די מאָדע האָט אַראָפּגעברענגט אויף די פּאָליטישע קאָנפֿערענצן ווילסאָן. און די וועלט, וואָס איז דעמאָלט געווען אויסגעמאַטערט נאָך דער מלחמה, האָט זיך אונ־טערגעוואָרפֿן אונטער די קאַפּריזן פֿון יענער שטרעמונג.

היינט איז מיט יענע אינהאַלטן אויס. מען הערט נישט מער ווי מאַכט און מאַכט... געשיכטע איז מאַכט, רעכט איז מאַכט. אַזוי דאַרף עס זיין, אַזוי מוז עס זיין. מ׳לאַכט. שלום? אַלע מענטשן ברידער? דאָס איז גוט פֿאַר ביכער, דאָס איז שיין פֿאַר דרשות, דאָס איז ווויל פֿאַר יענעם ווייטן פֿאַרנעפּלטן יאָר — 1919... איצט איז דאָס לעבן רעאַליסטיש. אייזן מוז מען האָבן, און ברוטאַלן כּוח — און ווער עס איז אַ שטאַרקער, דער געווינט. „כּל דאלים — גבר". אָט מיט דעם גלויבן איז אַדורכגעדרונגען די היינטיקע וועלט. איינער מאַכט דאָס אויף אַ ברוטאַלן אופֿן, אַ צווייטער טוט דאָס צירלעך־מאַנירלעך, אָבער עס איז היינו הך, עס איז דער ציַיטגייסט...

— און איך מוז אייך ווידער זאָגן — פֿאַרענדיקט מיין פֿריינד — וואָס איך האָב אייך אַנומלט געזאָגט. דאָס איז אומבאַדינגט נויטיק. אויפֿהענגען אין די רע־דאַקציעס די וואָרענונג: „פֿאַר נישט־דענקענדיקע איינטריט פֿאַרבאָטן". אַ קאָנ־טראַסט, אַ פֿרישן ווינט דאַרף מען קענען דערשפּירן, „דערטאַפּן"... די טעג פֿון יאָר 1919 זענען ביים היינטיקן טאָג שוין אַ ווייטע געשיכטע מיט אַן אַנדערן ציַיטגייסט. אַנדערע צייטן, אַנדערע לידער.

און ער האָט רעכט דער דאָזיקער ייד:

אַ ווייטע געשיכטע מיט אַן אַנדערן ציַיטגייסט...

דעם צופֿאַל האָט זיך פֿאַרוואָלט דווקא אין די היינטיקע טעג מיר צו געבן אין האַנט אַ זאַמלבוך, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק לכּבוד וודראָ ווילסאָן, די פֿיגור, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פֿון דער וועלט מיט 15 יאָר צוריק.

אין אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, זכרונות, ווערט אַרומגערעדט די באַדייטונג, דעם ווערט פון פּרעזידענט ווילסאָן.

און אַ געשיכטע פון טויזנטער יאָרן צוריק האָט זיך פאַר מיר געוויקלט.

אַ געשיכטע פון אַ מענטש, וואָס האָט געוואָלט אָפּשאַפן מלחמות, וואָס האָט געגלויבט אין כּוח פון וואָרט, אין דער ווירקונג פון טאָן — און וואָס ווונדערלעך — דער דאָזיקער מענטש האָט נישט געשריבן קיין לידער, נאָר געטריבן פּאָליטיק.

אַ געשיכטע פון אַ מענטש, וואָס האָט אַזוי שיין געגלויבט אין דער דעמאָ־קראַטיע. אַלע צרות, האָט ער געהאַלטן, קומען פון די אַבסאָלוטע הערשערס. זיי מאַכן די אינטריגעס, זיי פאַרסמען דאָס לעבן. צוליב זיי ברעכן אויס מלחמות, צוליב זיי שיטן זיך אומגליקן אויף די קעפּ פון די מענטשן. און וויל מען אָפּ ראַטעווען די וועלט, איז דאָ איין עצה: אַראָפּוואַרפן די מלכים, די אַבסאָלוטע הערשערס פון זייערע באַקוועמע פאָטעלן, צעברעכן זייער מאַכט, באַשטימען אומע־טום פּאַרלאַמענטן, פאָלקס־וואַלן, לאָזן די פעלקער אַליין קומען צום וואָרט. און דאַן וועט ערשט זיין אָרדענונג...

און דער דאָזיקער מענטש איז אַזוי זיכער געווען, אַז ווען דאָס פאָלק וועט האָבן אין יעדן לאַנד דאָס רעכט צו ווילן זיינע פּרעזידענטן און פאַרשטייערס און פירערס, וועט עס געבן זיינע שטימען פאַר די בעסטע, קלוגסטע און שענסטע מענטשן, אַז ער האָט זיך מיט ברען און ענטוזיאַזם אַריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר אַדורכפירן אין לעבן זיינע אידעאַלן.

און אַ חוץ אין דעמאָקראַטיע האָט ער געגלויבט אין נאַציאָנאַלער גלייכבאַ־רעכטיקונג. זאָל מען נאָר באַפרייען די נאַציעס וואָס זענען פאַרשקלאָפּט, און זיי וועלן אַוודאי קענען פאַרזיכערן די פרייהייט פון יענע פעלקער וואָס וווינען אין זייערע מדינות. ווייל עס וועלן דאָך די באַפרייטע געדענקען, אַז ערשט נעכטן האָבן זיי אַליין אויך געטראָגן קייטן...

עס איז אינטערעסאַנט דער פּאַראַלעל, וואָס איין שרייבער פירט אַדורך צווישן ווילסאָנען און דעם באַרימטן נאָרוועגישן שריפטשטעלער קנוט האַמסון, וועלכע האָבן ביידע אין אַ יאָר באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. דער ערשטער — פאַר שלום, דער צווייטער — פאַר ליטעראַטור.

אַ דרייסטער און אינטעליגענטער פאַרגלייך. די העלדן פון די האַמסונס־דער־ציילונגען זענען פרעמדע צווישן מענטשן, איינזאַמע מיט זייער ליבע צו מענטשן. פערזענלעכקייטן אָן קאָמפּראָמיסן. קנוט האַמסון האָט ביי זיין גאַנצער פאַרחלומט־קייט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר מעשׂים. ער האָט ליב קעמפערס וואָס האָבן ברייטע פּלייצעס, מענטשן וואָס קענען — טאָן.

דאָס איז האַמסונס אידעאַל. און זיין טראַגעדיע, דער טראַגיזם פון זיינע העלדן איז, וואָס זייער אידעאַל איז צו ווייט און גרויס. און פּאָרט גלייבט ער, אַז ווען ער וועט גיין צווישן די מענטשן און רעדן צו זייער געוויסן, וועט ער

עפּעס אויפטאָן. הגם פון דער צווייטער זייט ווייסט ער, אַז די וועלט, וואָס מאָלט זיך אים אויס, וואָס ער באַגערט, לעבט בלויז אין אים אַליין.

איינער האַמסונס אַזאַ העלד איז ווילסאָן.

זעסט אים ווי ער זיצט אין פּאַלאַץ, אין ווערסאַי; פון איין זייט דער האַרטער, דער לעבנס־רייפער און ציניש־קלוגער קלעמאַנסאָ, פון דער אַנדערער זייט — דער אַדוואָקאַט און דעמאַגאָג, דער מענטש פון מאָמענט, לויד דזשאָרדזש.

און עס קוקט אויס ווי אַ שפּיל פון גורל: אַ נאַיִווער וואַנדערנדיקער טרוימער אין דער סביבה פון צוויי כיטרע דורכגעטריבענע געשעפט־לייט — פּאָליטיקערס.

און ווייל ער איז געווען דער פאָרשטייער פון גרויסן און רייכן אַמעריקע, האָט די גאַנצע פעלקער־קאָפּעליע געמוזט צושפּילן צום טאַקט, פאַרזשמורען די אויגן און זאָגן אַזעלכע ווערטער, וואָס זענען עלול געווען אים צו פאַרשאַפן נחת־רוח; אַזעלכע ווערטער, ווי: שלום, אמת, יושר...

איז דאָס געווען דער גרעסטער ליגן וואָס איז ווען עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך מלוכה־מענער.

און אַזוי שטייט ער פאַר דיר אין אַלע אָפּשאַצונגען: אַן איינזאַמער מענטש. ער טראַכט אַנדערש, ער לעבט אין אַ וועלט פון אַבסטראַקטע פאָרשטעלונגען. און ער מיינט: ער שאַפט באמת אַ גליקלעכע עפּאָכע פאַר דער וועלט, אַ צייט, ווען די הערשערס וועלן באַטראַכטן די מאַכטפראַגע מאָראַליש.

ערשט נעכטן האָט אַזאַ מענטש געלעבט? ערשט מיט 15 יאָר צוריק האָט אַזאַ וועלט געזאָלט אויפגעבויט ווערן?

יאָרהונדערטער, דאַכט זיך, טיילן אונדז אָפּ פון יענע טעג. היינט זענען מיר עדות פון דער צעשטערונג פון יענע האָפענונגען, פון דער פאַרניכטונג פון יענע פּלענער, פונעם קראַך פון יענע אילוזיעס.

און ווי זאָגט מיין פריינד:

לעבט ניכטער, היינט איז אַן אַנדער צייטגייסט.

# 600 פּילאָסאָפן האָבן געשריגן הוראַ

צי איז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּילאָסאָפן־קאָנגרעס, וואָס איז איצט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּראָג און אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 600 פאַרטרעטערס פון כמעט אַלע לענדער, געווען אָרעם אין דעבאַטן, שפּאָרעוודיק אין רייד? ניין. דאָס גראָד נישט. די אַלע טיפע סענטענצן וועגן דער חכמה פון שווייגן האָבן, ווייזט אויס, די הערן פּילאָסאָפן געשאַפן בלויז פאַר אַנדערע...

און אפשר דערפאַר זענען די פאָרשטייערס פון דער הייַנטיקער פּילאָסאָפיע זיך צונויפגעקומען אויף זייער קאָנגרעס אין די לויטערע זוניקע טעג פון סוף־זומער, ווייל אין די טעג איז מען עפּעס מער ווי שטענדיק מסוגל צו באַאָבאַכטונגען און באַטראַכטונגען און צו קעגנזייטיקע מיינונג־אויסטוישן.

און די דענקערס האָבן גענומען דאָס וואָרט.

האָסט געגלויבט צו הערן באַלד ביים דערעפענען די באַראַטונגען אַ פּראָטעסט־וואָרט קעגן דער כוואַליע פון גייסט־פינצערניש און געדאַנקען־ווילדקייט, וואָס האָט זיך צעבושעוועט אויף דער וועלט, אַ פּראָטעסט־אויסדרוק קעגן די, וואָס האָבן אָנגענומען ביים קאָלנער געלערנטע און פאָרשערס און אַרויסגעשליידערט זיי פון זייערע וואַרשטאַטן און קאַבינעטן, קעגן די, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַ באַרבאַרישע העצע קעגן אינטעלעקטואַליזם און גייסט בכלל.

און אויב דער דרך־הקאָנגרעסן איז נישט, האָסטו געטראַכט, זיך צו עפענען מיט פּראָטעסט־שטימעס, וועט דאָך אָבער דער פאָרזיצער אויסדריקן רעספּעקט פאַר די קרבנות, מיטגעפיל פאַר די פּאָטענטאַטן פון גייסטיקן לעבן, וואָס זענען פּאָגראָמירט געוואָרן דורך כאַמעס, מיט אַזאַ ציניזם, מיט אַזאַ וואַנדאַליזם און גראָבקייט.

און עס וועט דאָך זיכער דער חשובער פאָרזיצער אין זיין דערעפענונגסרעדע וואַרפן שאַרפע ווערטער קעגן דער הייַנטיקער טעראָר־צייט, קעגן די רדיפות אויף אומשולדיקע מענטשן, וואָס קומען פאָר אין סאַמע ציוויליזירטסטע צענטערס פון אייראָפּע, קעגן די שענדלעכע ראַסן־טעאָריעס, וואָס פאַרפּלייצן די וועלט מיט רשעות.

אָבער האָסט זיך אַנטוישט. ביטער אַנטוישט. נישט מען האָט קיין רעספּעקט

אויסגעדריקט. נישט מען האָט קיין ווירדיקע שטים פון פּראָטעסט געהערט.

מען האָט צו מאָל די ראַסיסטישע פילאָסאָפן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זאַל, נישט באַליידיקט. מען האָט גאָר געפּרוווט מיט זיי אָנקניפּן אינטימע חברי־שע באַציִונגען און זיי מיט אַ מאָדנער רויִקייט פון געוויסן געטיילט כבודים.

און דאָך — האָסטו ווייטער געגלויבט, אַז אין לויף פון די דעבאַטן וועט זיך אַזאַ שטים אויפהייבן.

און האָסט דערפאַר מיט נייגער געלייענט די באַריכטן פון פילאָסאָפן־קאָנגרעס.

אויף דער טריבונע אין פּראָג זענען געשטאַנען פילאָסאָפן פון די פּאַר־שידנסטע לענדער. מען האָט זיך געקאָכט אין היציקע דעבאַטעס.

מען האָט זיך געמוּטשעט למשל איבערן פּראָבלעם: וואָס פאַר אַ רעגיר־פאָרעם איז די קליגסטע און בעסטע, און מען האָט זיך געחקרנט איבער דער פראַגע: דער קריזיס פון דער דעמאָקראַטיע.

ריכטיק. די דענקערס האָבן אין אַזעלכע שטייגער־ענינים וואָס צו זאָגן. נאָך דער אַלטער גריך פּלאַטאָן האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון רעגיר־סיסטעמען. און ער האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ מלוכה, אין וועלכער עס זאָלן הערשן די פילאָסאָפן, ווייל נאָר זיי וועלן קענען רעגירן לויט די פּרינציפּן פון ערלעכקייט, יושר און מענטשלעכקייט, ווייל נאָר זיי זענען באַרופן צו מאַכן אָרדענונג אין דער וועלט.

אָבער — צי וועגן אַזאַ דיסקוסיע האָסטו געחלומט?

דרינגסט אַריין אינעם אייגנטלעכן זין פון דער גאַנצער דעבאַטע, מוזסטו אונטער דעם פאַרפּלאָנטערטן פראַזן־געדריי דערזען אין אייגהייטלעכן, איין פשוטן פאַרלאַנג:

— יעדער פון די רעדנערס האָט געשטרעבט צו פאַרטיידיקן זיין אייגענע מלוכה, צו אידעאַליזירן זיין אייגן פאָטערלאַנד.

דאָס שפּיל האָט אויסגעזען ווי אויסרעזשיסירט. נאָך אין דער היים האָט דער הערשער איקס געמאַכט אַ באַשטעלונג ביי זיין פילאָסאָף, וואָס פאַר אַ רעדע ער האָט צו האַלטן. אַזאַ באַשטעלונג האָט אויך געמאַכט דער פּרעזידענט איגרעק און דער מיניסטער פלוני אלמוני — און איצט קוים געקומען, קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, פירן זיי אויס גענוי די באַשטעלונגען. די „גייסט־אויטאָריטעטן" זענען גוטע פונקציאָנאַרן...

עס האָבן זיך אין דער פּאָלעמיק באַטייליקט קלאַסישע דעמאָקראַטן און קלאַסישע פאַשיסטן. און נישט אין די פילאָסאָפישע טראַקטאַטן דאַרף מען זיך גריבלען, פאַר וואָס די פאַרטיידיקערס פון דער דעמאָקראַטיע זענען תמיד געווען

פאָרשטייערס פון דעמאָקראַטישע לענדער און די מליצי־יושר פון דיקטאַטור־דעלעגאַטן — פון דיקטאַטאָרישע מלוכות...

אַט שטייט אויף דער טריבונע דער איטאַליענישער פילאָסאָף באַרדעראַ. שלום! — רופט ער אויס — אַן עק נעמט עס שוין מיט דער דעמאָקראַטיע, מיט דער אידעע פון פרייהייט און ליבעראַליזם. דאָס דעמאָקראַטישע סיסטעם לעבט נישט בלויז איבער אַן איבערברוך־תקופה, עס איז איבער הויפּט שוין אַ גוסס. און קיין שום איינשפּריצונגען וועלן אים שוין נישט דערהאַלטן ביים לעבן. די דעמאָקראַטיע טויג נישט מער, זי נוצט נישט מער. אין די אַלע שווערע צייטן וואָס די מענטשהייט האָט לעצטנס אַדורכגעמאַכט, האָט זיך ענדגילטיק אַרויסגעוויזן איר אוממאַכטיקייט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען די רעוואָלוציע פון דער דעמאָקראַטיע. היינט האָט איר מאָראַל באַנקראָטירט. דער ליבעראַליזם הן אין גייסט הן אין דער ווירטשאַפט מוז קאַפּיטולירן. די ווירטשאַפט פון אַ פאָלק איז נישט קיין פּריוואַט־זאַך. די אינדוסטריע, דאָס באַנקוועזן, די אַרבעט, דער קאַפּיטאַל — דאָס אַלץ איז נאָך אַ טייל פון דעם גאַנצן, פונעם אָרגאַניזם. און דער אָרגאַניזם איז די נאַציע, דער שטאַט. די וועלט איז מיד, יאושדיק געשטימט, די וועלט וואַרט אויף דערלייזונג, און דאָס וואָרט פון דערלייזונג, דאָס גליק קען בלויז קומען דורך מוסאָליניס אידעע וועגן „קאָרפּאָראַטיון שטאַט". אַלע אַנדערע אויפפאַסונגען קענען נאָר ברענגען אַ תוהו־ובוהו.

האָבן פונקט קאַפּויער געזאָגט די פראַנצויזישע דעלעגאַטן פּראָפ' באַש און פּראָפ' באַרטעלעמו:

— אַ בייזער חלום אויף זיין קאָפּ! דער פּאַשיזם קען ראַטעווען? אַ חוזק חשובע דעלעגאַטן! אַ קריזיס אין דער דעמאָקראַטיע? זיכער. און קעגן דעם דאַרף מען זוכן אַן עצה. אָבער עס איז קלאָר, אַז די דעמאָקראַטיע וועט געזונט ווערן. דען דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ איז נאָך אַלעם דער געזינטסטער און בעסטער. די ערגסטע דעמאָקראַטיע וועט נאָך אָפּטאָן ווייניקער פעלערן און ווייניקער געמיינהייטן איידער דער בעסטער דיקטאַטאָר. די דיקטאַטור קען נאָך די וועלט אַריינשליידערן אין אַ תהום פון פינצטערניש און מאָראַלאָזיקייט. אין פראַנקרייך לעבן די אידעאַלן פון דעמאָקראַטיע, פון פרייהייט. די פראַנצויזן פילן זיך נאָך אַלץ מיט זיי גליקלעך. און וואָס איז דער מער און דאָס חשיבות מיטן דאָזיקן מוסאָליני? זיין קאָרפּאָראַציע־שטאַט איז שוין אַן אַלטע המצאה, נאָך פונעם פּרימיטיוון מיטל־עלטער, און עס איז באמת אַ רעאַקציאָנערער, אַ קליינקעפּלדיקער איינפאַל.

נאָכן אָפּטימיסטישן הימן פאַר פראַנקרייך, פאַרדאַן, פאַר... דער דעמאָקראַטיע, האָט אַריינגעטראָגן זיין וואָרט דער אַמעריקאַנער דענקער פּראָפ' מאָנטאַני:

— נו, יאָ. אַוודאי ליבעראַליזם. פון אַלע סיסטעמען איז עס דער בעסטער. אָבער עפּעס קלאַפּט נישט אין דער מאַשין, עפּעס איז קאַליע געוואָרן. מען דאַרף

אומבאַדינגט פאַרריכטן, רעגולירן, אויסבעסערן. ווייל מען ראַטעווען די דעמאָ־קראַטיע, איז דאָ נאָר איין מוסטער: פּלאַנווירטשאַפט. פּיפּטי־פּיפּטי. די ווירט־שאַפט דאַרף זיין אַ העלפט קאַפּיטאַליסטיש, אַ העלפט קאָמוניסטיש. דער דאָזי־קער נייער ליבעראַליזם וועט צוריקברענגען יענע גוטע פּראָספּעריטי־צייטן. אַלע וועלן ווידער פּראָפּיטירן, אַלע וועלן ווידער געבענטשט ווערן מיט ווילשטאַנד.

איז דער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר מאַנטאַני אַ פּאַרטיידיקער פון אַ נייעם טיפּ ליבעראַליזם? זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער ראשית־כּל און דער עיקר און הויזטזאַכלעך — אַ פּאַטריאָט פון רוזוועלטן, אַ הייסער אָנהענגער פון די ווירט־שאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען, וואָס ווערן אַדורכגעפירט אין זיין לאַנד, אין אַמעריקע.

ניינצן רעדנערס האָבן זיך אין דער גרויסער דעבאַטע באַטייליקט. אַזוי דער־ציילן די באַריכטן. און יעדער האָט געלויבט זיין קרעמל.

איז דאָס געווען אַ גייסטיקע שלאַכט? איז דער קאַמף געפירט געוואָרן אין נאָמען פון גייסט און אין זיינע אינטערעסן?

דיין איינדרוק איז אַן אַנדערער. דיין איינדרוק איז:

אַז אינעם חלל פון קאָנגרעס־זאַל אין פּראַג האָט פּאַר יעדן פון די פילאָסאָפן־פּרעלעגענטן געשוועבט — אַ בענקל...

און יעדער פון די רעדנערס האָט בחוש געזען ווי זיינע ווערטער ווערן סטע־נאָגראַפירט, נאָטירט, שיפרירט און אַהינגעשיקט צו זיין מאַיעסטעט.

און זיין מאַיעסטעט וועט צופרידן שמייכלען לייענענדיק אַזאַ רעפעראַט. און ער וועט קאָקעטיש דריקן די האַנט פונעם פילאָסאָף נאָכן אַהיימקומען פון פּראַג און שעלמיש אַ ווונק טאָן מיט די אויגן:

— כע־כע, ווייל דערפילט דיין שליחות. האָסט תמיד געדענקט ווו דו וווינסט, האָסט תמיד געהאַט אויפן זינען, אַז דו דאַרפסט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פאַר מיר, פאַר מיר... האָסט געשריגן „הורא״ פאַר מיין כבוד. און זיין מאַיעסטעט ווייסט צו באַצאָלן און צו באַפרידיקן זיינע טרייע דינערס.

און דער פילאָסאָף וועט באַקומען נאָך אַ שטיקל אויסגעבעטלטן עולם־הזה.

די דעלעגאַטן פון דייטשלאַנד האָבן אין דער דעבאַטע וועגן דעמאָקראַטיע קיין מאָל קיין אַנטייל נישט גענומען. אַזוי האָט באַשלאָסן דער פירער פון זייער דעלעגאַטן־גרופּע, אַ יונגער פּראָפעסאָר פון יענאַ. און — דיסציפּלין איבער אַלעס!

דערפאַר האָבן זיי גערעדט אַן אַנדערש מאָל ביים באַטראַכטן די טעמע „פאָלק און מענטשהייט״.

אמתע מזיקים די דאָזיקע פילאָסאָפן: אַזאַ אַבסטראַקטע טעמע, אַ פילאָסאָ־פישע דערקענטעניש. און אויף די פאַרהאַנדלונגען אין פּראַג איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערדיש, ממשותדיק פּראָבלעם.

דאָ האָט דער פּרעזידענט פון דער פּלענאַרער זיצונג, דער פילאָסאָף פון היטלער־לאַנד, פּראָפעסאָר ווילי העלפּאַק, געפונען אַ געלעגנהייט נאָכצושיקן זיינע הערשערס אַ רעכטע פילאָסאָפישע טעאָריע, וואָס זאָל באַווייזן פאַר דער וועלט, אַז זיי האָבן געהאַנדלט לויט דער „העכערער עטיק" און לויטן „העכערן" מאָראַלישן סטיל.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— פון גרויסער וויכטיקייט איז, עס זאָל הערשן אַ האַרמאָניע צווישן פאָלק, באָדן און בלוט. נישטאָ קיין אַנדער געמיינשאַפט ווי דאָס פאָלק. אַ פאָלק, דאָס איז אַ גרופּע פון אַ געוויסער ראַסע. און אַ פאָלק, אויב עס האָט נאָר אַן אמתע קולטור, ווי, למשל, דאָס דייטשע פאָלק, מעג זיין נישט טאָלעראַנט צו די איבעריקע מענטשן. מער: עס מוז זיין אומטאָלעראַנט. עס מוז רודפן און פאַר־פאָלגן די איבעריקע בירגערס וואָס געהערן נישט צום פאָלק.

און אַ צווייטער דעלעגאַט פון דייטשלאַנד, דער באַרימטער דענקער ניקאָליי האַרטמאַן, האָט עפּעס געפּלאָנטערט באַרירנדיק די ראַסן־פראַגע. עפּעס קען מען, האָט ער געזאָגט, מיט דער אידעע וועגן דער נאָרדישער ראַסע ווייט נישט אַוועקגיין, אָבער לסוף האָט ער דערקלערט:

— די איצטיקע דייטשע ראַסן־פּאָליטיק איז אין גאַנצן ריכטיק. די דייטשן האָבן זיך צו פיל פאַרמישט מיט אַנדערע פעלקער און זיי מוזן זיך אָפּרייניקן פון פרעמדע עלעמענטן. אַלץ וואָס די היינטיקע רעגירערס טוען איז כשר וישר.

אַזוי האָבן די פאָרשטייערס פון דייטשלאַנד געשריגן „הוראָ" פאַרן „דריטן רייך".

און דער קאָנגרעס האָט געהערט, רויִק זיך צוגעהערט, האָט ווער כאָטש גע־פּרוּווט אָפּוועגדן די אויספירן פון די ראַסיסטישע פילאָסאָפן? האָט ווער כאָטש געוואַגט זאָגן, אַז באַרעכטיקן באַרבאַרישע מעשים איז נישט עטיש, נישט פילאָ־סאָפיש, על־כל־פּנים נישט מענטשלעך?

יאָ, עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טשעכישער דענקער און געזאָגט, אַז אייגנט־לעך דאַרף מען גאָרנישט דיסקוטירן איבער דער פראַגע „פאָלק און מענטשהייט", ווייל... זיין מלוכה, טשעכיע, האָט שוין פאַרענטפערט די פראַגע.

דער אַמעריקאַנער האָט געהייסן זיך גיין לערנען ביי אַמעריקע, דער ענגלענ־דער האָט אַלעמען געשיקט צו ענגלאַנד אין חדר אַריין...

און עס האָבן אָפּגעהילכט איבערן גרויסן קאָנגרעס־זאַל פאַרשידענע הוראָ־אויסרופן.

און אומזיסט האָסטו געוואַרט אויף אַ מאָמענט, ווען עס וועט קומען דאָס שיינע, דאָס גרויסע, אַ מאָמענט, ווען די פאָרשטייערס פון פילאָסאָפישן געדאַנק

וועלן זיך דערמאָנען, אַז זיי דאַרפן בעצם רעפּרעזענטירן די וועלט פון גייסט און נישט זייערע באַזונדערע לענדער און מלוכהלעך, ווען זיי וועלן פאַרגעסן אין זייער פּריוואַט־לעבן און פּראַקטישע צוועקן און בלב תמים אָנהייבן זוכן דעם אמת.

אַזאַ מאָמענט איז נישט געקומען.

לאַיאַלע קליינבירגערס, חניפהניקעס און עקלהאַפטע קריכערס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קאָנגרעס. קיינער פון די פּאַרשטייערס פון דער אָביעקטיווער, אַבּסטראַקטער וויסנשאַפט האָט אין דער איצטיקער געפאַר־צייט פאַר דער קולטור קיין פּיצל מוט נישט אַרויסגעוויזן, קיין ברעקל עקשנות נישט דערהאַלטן, מיט קיין פונק פון כאַראַקטער נישט אַ בליץ געטאָן.

און האָסט דערזען זיי אַלעמען אין זייער נאַקעטקייט. קיין איינער פון זיי איז נישט פעיִק צו קעמפן פאַר זיינע איבערצייגונגען. פאַר אַ טאָפּ לינזן וועט ער זיי אַלע טאָג ענדערן און צופּאַסן צום „הערשנדיקן פאַרלאַנג".

און אַן עקל באַהערשט דיך צו די אַלע 600 פּחדנותדיקע בויכקריכערס, צו די אַלע 600 מאָראַליש־געפאַלענע הורא־שרייערס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער העסלעכער קאָמעדיע.

זיי, די אינטעלעקטואַליסטן? זיי, די מענטשן פון גייסט?

נישט אַלע ביי אונדז קענען אַזוי לייכט זיך איינלעבן מיטן דאָזיקן געדאַנק. די פּראָגער שאַנדשפּיל טוט זיי וויי.

אָט דאָס ביסל נאַיִווע, וואָס האָבן לאַנגע יאָרן געלעבט מיט דער בענקשאַפט צו דער „חכמה" פון דער נישט־יידישער וועלט, מיטן גלויבן אין די הויכקייטן פון „זייער" קולטור, שטייען איצט פאַרלוירן און ציִען מיט די אַקסלען:

— איז דאָס געווען בלויז אַן אילוזיע, אַז עס איז דאָ אַ וועלט־געוויסן? איז דאָס געווען נישט מער, ווי אַן איינרעדעניש, אַז די וויסנשאַפט ווערט נישט פאַרברענט אין פייער פון די האַרמאַטן, ווערט נישט דערדריקט אינעם געפּילדער פון די גאַסן־קריגערייען, אין דער גרויקייט פון דער אַלטעגלעכקייט. און אַז די פּריסטער פון דער וויסנשאַפט, די מענטשן פון גייסט, זענען וויַיט פון דער נידעריקער פּראַזאַיִק און קענען שיצן די גייסטיקע ווערטן?

די, וואָס האָבן ביז איצט נישט געזען דעם אמת, ווערן איצט, נאָכן קאַטאַסטראָפאַלן קראַך פון דער אידעאַלער וועלט וואָס האָט געלעבט אין זייער פאַנטאַזיע, פּלוצלינג זעעוודיק.

זיי זעען, אַז די אַלע באַרימטע פילאָסאָפן און אויטאָריטעטן האָבן בלויז איין שטאַנדפּונקט: לאָמיר לעבן און הנאה האָבן. לאָמיר זיך נישט מאַכן דאָס לעבן

צו שווער. זאָל יעדער „פלאַנצן זיין קרויט", ווי עס האָט אַ מאָל געזאָגט איינער אַזאַ מאָראַליש־צעפוילטער פילאָסאָף.

און מען דאַרף אפשר בעצם זיין צופרידן, וואָס אין איינעם פון די לויטערע, זוניקע, סוף־זומער־טעג, איז ענדלעך אַראָפּגעריסן געוואָרן די מאַסקע פון די „מענטשן פון גייסט" און עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די העסלעכע סצענע:

600 באַרימטע פילאָסאָפן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט פאַר קריכערס און צבוע־קעס, פאַר געדונגענע משרתים פון כלערליי פאַרטייען און רעזשימען, 600 פילאָ־סאָפן האָבן געשריגן „הוראַ!".

# אַט ווי אַזוי מען ווערט
# אַ געצנדינער אין 20סטן יאָרהונדערט

נישט די ביאָגראַפיע פונעם איצט־פאַרשטאָרבענעם דייטשן גענעראַל לודענ־דאָרף איז און קען זיין פאַר אונדז אינטערעסאַנט; נישט די געשיכטע פון זיין קאַריערע און נישט די פראַגע, צי האָט ער געלעבט בשלום מיט הינדענבורגן אָדער האָט ער מיט אים אַ קאָנקורענץ־קאַמף געפירט, איז און קען זיין פאַר אונדז וויכטיק; פונעם לעבן פון גענעראַל לודענדאָרף נעמט אונדז אָן אָט וואָס: לודענדאָרף איז געווען דער פאָנטרעגער פון געצנדינסט. לאַנג, איידער דער היטלעריזם איז געקומען צו דער מאַכט, האָט לודענדאָרף דערקלערט מלחמה דעם תנ״ך, מלחמה דעם רעליגיעזן מאָנאָטעיִסטישן בליק, מלחמה דער רעליגיע פון קריסטנטום, וואָס איז דאָך פון יידישן געדאַנק באַאײַנפלוסט געוואָרן, מלחמה קעגן אַלץ וואָס האָט אַרויפגעפירט די מענטשן צו אַ העכערן שטאַפּל פון קולטור. גענעראַל לודענדאָרף האָט אַרויסגעגעבן אַ צוויי־וואָכנשריפט פאַר געצנדינערישער פּראָפּאַגאַנדע. פון די שפּאַלטן פון דער דאָזיקער צייטונג איז אָפן געגאַנגען דער רוף — צו אומקער צו עבודה זרה און אויפצולעבן דעם קולט פון דער אַלט־גערמאַנישער געצנדינעריי.

און לודענדאָרף האָט דער ערשטער געוויזן דעם ביישפּיל. אין זיין וווינונג האָבן זיך געפונען פיגורן פון אָפּגעטער וואָס שטאַמען פון יענער צייט, ווען די דייטשע שבטים זענען נאָך געווען עובדי־אלילים. ער האָט געברענט אָן „אייביק פייערל״ לכּבוד די נאַטור־קרעפטן. עס זענען געשטאַנען סימבאָלישע געשטאַלטן, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט דעם כּוח פון דער זון, פון דער לבֿנה און פון די שטערן און לודענדאָרף און זיין פרוי האָבן אין די פרימאָרגנס מיט פאַרערונג געקניט פאַר דער גאַלעריע אָפּגעטער און צו די דאָזיקע „וועלט־באַשעפערס״ תּפילות אָפּגעריכט.

לודענדאָרף איז געווען דער אידעאָלאָג פון געצנדינסט אין אונדזער צייט.
און דערויף איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן.

ווי אַזוי ווערט מען אַ געצנדינער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? — דאָס איז די פראַגע וואָס גליטשט זיך ביי יעדן פון אונדז אַראָפּ פון די ליפּן.

מיר שמייכלען ווען מיר לייענען וועגן פאַרשידענע עובדי כּוכבים ומזלות פון די אַמאָליקע צייטן. מיר לאַכן ווען מיר לייענען וועגן די מענטשן פון פאַר־לאָפענע דורות, וואָס האָבן געגלויבט אין דער גבורה פון דער זון, אין דעם כּוח פון פייער, אין דער מעכטיקייט פון בעל און כּמוש, פון צעוס און יופּיטער. מיר מוזן אויסברעכן אין אַ געלעכטער לייענענדיק די באַקאַנטע געשיכטע פון תּרחן, וואָס אין זיין זאַל זענען געווען אויסגעשטעלט די פאַרשידנסטע געטשן און פאַר יעדן געטש — אַ שיסל מיט עסן, אָבער ווען אַברהם וואַגט צו צע־שטערן די געטשן־פיגורן, פאַלט תּרח אַריין אין ביטערן גרימצאָרן און ליאַרעמט, אַז מ׳האָט אים זיינע הייליקטימער צעבראָכן...

מיר לאַכן, אָבער מיר פאַרשטייען דאָך די אַמאָליקע געצנדינערס.

מיר פאַרשטייען, אַז... זיי האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען.

דאָס זענען געווען דורות פון גייסטיקער פרימיטיווקייט.

און טאַקע ווען עס ווערן געוואָרפן די פונקען פון יידישן רעליגיעזן געדאַנק, קומט פאַר אַ געוואַלדיקע איבערקערעניש אין דער וועלט, די געוואַלדיקסטע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. די אויגן עפענען זיך ביי די געצנדינערס. ווו פריִער, ווו שפּעטער — די עבודה זרה ווערט אָפּגעוואָרפן. דער מאָנאָטעיִזם, דער גלויבן אין איין גאָט דרינגט אַריין אין ווילדן וואַלד, און אויב אַפילו נישט אין זיין אָריגינעלער, עכטער פאָרעם, אויב אַפילו מיט אַ ריי צומישן פון דער פרעמד — אָבער צו דעם פרימיטיוון גלויבן אין זיין מאַיעסטעט דעם געטש, קומט ענדגילטיק אַן עק.

פּראָקלאַמירן געצנדינסט אין אונדזער צייט, אַרויפזעצן אויפן טראָן די זון און די שטערן איצט, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נאָך דעם טריומף פון דער לערע, וואָס איז אַרויס פון ירושלים — דאָס מוז אויסקומען פאַר אונדז אַלע שטאַרק ווונדערלעך.

ווי אַזוי ווערט מען, ווי אַזוי איז מען פעיִק, ווי אַזוי איז מען מסוגל היינ־טיקע צייטן צו ווערן אַ געצנדינער?...

דריי שטריכן פון לודענדאָרפס כאַראַקטער קענען אונדז די זאַך דערקלערן.

דאָס ערשטע: עריק פאָן לודענדאָרף איז געווען דער מענטש פון מלחמה, זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער אַז עס איז געווען אַ פעריאָד אין זיין לעבן, און דווקא אין פרידן־צייט ווען ער איז אַפילו אין מונדיר געשלאָפן. ער האָט קיין מאָל מיטן מונדיר זיך נישט געוואָלט שיידן. זיין טרייע באַגלייטערין איז געווען — די שווערד. מיט דער שווערד האָט ער זיך געשפּירט צום בעסטן. און אַ פאַקט איז, אַז אין יעדער מאָרד־אַקציע, אין יעדער שפיכת־דמים, וואָס האָט זיך נאָר אָפּגעשפּילט אין דייטשלאַנד אין די לעצטע עטלעכע יאָרצענדליק — איז

לודענדאָרף געווען באַטייליקט. לודענדאָרף ווערט באַטראַכט פאַרן גרויסן מיליטער־פירער פון דער גרויסער וועלט־מלחמה, אָבער ער האָט דאָך אויך קלענערע מלחמהלעך, אַפילו פוטשן אין לאַנד בישט אויסגעמיטן. וואָרום בלוט — בלוט־פאַרגיסונג — איז זיין לייִדנשאַפט געווען, זיין שטאַרקסטע שיכּרות.

ביי דער ענדע פון וועלטקריג, ווען אַלע סימנים האָבן שוין, דאַכט זיך, עדות געזאָגט, אַז פאַר דער דייטשער אַרמיי האָט אָנגערוקט די קאַטאַסטראָפע און עס איז אַן אומזין צו פירן ווייטער די מוראדיקע שחיטה — האָט לודענדאָרף באַאין־אופן נישט געוואָלט דעם קריג איבעררייסן. ער האָט דערקלערט אַז ער מוז האָבן פרישע 200 טויזנט זעלנערס. ער מוז נאָך פרישע צוויי הונדערט טויזנט לעבנס אומברענגען. די צאָל פון די מיליאָנען, וואָס זענען אין האַרמאַטן־פלייש פאַרוואַנדלט געוואָרן, איז פאַר אים נאָך אַלץ געווען צו קליין. און דאָס איז געשען נישט דערפאַר ווייל לודענדאָרף האָט טאַקע באמת אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דאָס פאָטערלאַנד און געוואָלט דערפירן צום נצחון, אַפילו פאַר אַזאַ טייערן פּרייז. עס האָט אַ מאָל עמעצער וועגן לודענדאָרפן געזאָגט: ער איז געווען גענעראַל מער ווי פּאַטריאָט — און דאָ שטעקט דער אמת. דער מיזבח פון דער מאָרד־אַוואַנטורע — דאָס איז זיין מיזבח געווען.

לודענדאָרף איז דער טעאָרעטיקער פון דער „טאָטאַלער מלחמה”, דאָס איז ער דער פאָטער פון דעם אויפטו, אַז אַ מאָדערנע מלחמה קען זיך נישט אָפּשפּילן בלויז אויפן פראָנט און זיין די זאַך בלויז פון די מיליטער־לייט. אַ מלחמה אין אונדזער צייט מוז זיין טאָטאַל. דאָס הייסט: די גאַנצע באַפעלקערונג מוז זיך אין דער קריגס־אַקציע באַטייליקן, מוז אין דער אייזערנער קלעם פון מאָרד און טויט ווערן אַריינגענומען...

אַ מייסטער פון רציחה־קונסט.

זיין אידעאַל איז אַלע מאָל געווען: אויפשטעלן אַ דייטשלאַנד וואָס איז מיט קריג פאַרשיכּורט, וואָס אָטעמט מיט קריג און מאַרשירט צו קריג...

און איינער אַזאַ, וואָס מלחמה איז זיין אָפּגאָט, מוז דעם תנ״ך האָסן, ער מוז האָסן די אַנטי־בלוט־אידעאָלאָגיע, וואָס איז דורכן תנ״ך פּראָקלאַמירט געוואָרן. ער מוז האָסן די טרוימען פון אייביקן פרידן, וואָס זענען אַריין אין אַלע רעליגיעס וואָס ציִען פון תנ״ך זייער וואָרצל.

איינער אַזאַ מוז זיך פילן בעסער אין דער געזעלשאַפט פון די אַלטע בלוט־דורשטיקע גערמאַנישע אָפּגעטער, אין דער געזעלשאַפט פון וואָטאַן און דאָנאַר, ווי אין דער ספערע פון ישעיה הנביא און זיינע פּאַציפיסטישע באחרית־הימים־אילוזיעס.

דאָס צווייטע: גענעראַל לודענדאָרף איז געווען אַ מענטשן־פיינד. ניין. נישט בלויז — אַ יידן־פיינד. מער, ברייטער: אַ מענטשן־שׂונא.

אין זיין שפּראַך־אוצר האָט בכלל נישט עקסיסטירט דאָס וואָרט „מענטש״. ער איז בייז געווען, צו וואָס דאָס וואָרט עקסיסטירט בכלל.

ווען איר לייענט די ביכער, וואָס לודענדאָרף האָט געשריבן, זיינע זכרונות, זיינע אַרטיקלען, איבערצייגט איר זיך, אַז די וועלט פון מענטשלעכע געפילן איז קיין מאָל נישט געווען פאַר לודענדאָרפן וויכטיק. בילדלעך אויסגעדרוקט מוז דאָס קלינגען אַזוי: אַז דער מענטש האָט אַ האַרץ, אַז ער פילט טרויער און פרייד, צופרידנקייט און עלנט, איז פאַר לודענדאָרפן נישט געווען אינטערעסאַנט. וויכטיק איז פאַר אים געווען די הויך פון מענטש, צי האָט ער ברייטע פּלייצעס, צי קען ער שנעל לויפן, רייטן, קורץ: וואָסער מונדיר איז פאַר אים צוגעפּאַסט, וואָסער אָרט קען ער פאַרנעמען אין פּולק...

די מענטשלעכע מאַסן זענען פאַר אים געווען — שרייפלעך, פּענדלעך אין זיין צוג, פיגורן צום דערפּאָלג פון זיין אַוואַנטורע...

דאָס האָט זיך געגרענעצט שוין באַלד מיט פּאַטאָלאָגיע. דער ציל פון אַלע 65 מיליאָן דייטשן, פון אַלע זייערע פרויען און קינדער, איז לויט לודענדאָרפס „הייליקסטער״ איבערצייגונג געווען — שטאַרבן, שטאַרבן פאַר אים, פאַרן רום פון זייער גענעראַל עריך פאָן לודענדאָרף...

אַז מענטשן זענען באַשאַפן געוואָרן צו לעבן, אַז מענטשן זענען אויף דער וועלט געקומען צו גליק, צו פרייד, אַז „מענטש״ איז אַ גרויס וואָרט — דאָס איז קיין מאָל לודענדאָרפן נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן.

פּערזאָנען, וואָס האָבן אים נענטער געקענט, דערציילן, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געשמייכלט. זיין פּנים איז אַלע מאָל געווען טריב, פינצטער; פון זיין רויטן אָנגעגאָסענעם קאַרק האָט געשלאָגן אַ ברוטאַלע אומהיימלעכקייט. אַלע מאָל אַזוי. אַ מענטשן־פיינד קען נישט לאַכן.

זיי גיבן אויך צו, אַז ער איז נישט אין שטאַנד געווען דערשיטערט צו ווערן אויפן אָנבליק פון מענטשלעכן נויט און פּיין. אים האָט קינדישער געלעכטער נישט געפרייט. אים האָט קינדישער טרער נישט פאַרטרויערט.

און אויב אַ מענטשן־שונא איז קאָנסעקווענט, מוז ער ווערן אויך דער קעגנער פון די אַלע וועלט־אָנשויונגען וואָס רופן צו ליבשאַפט צום מענטש, צו אַכטונג פאַרן מענטש, און וואָס דערקלערן, אַז דער מענטש איז הייליק...

אויב אַ מענטשן־פיינד איז קאָנסעקווענט, מוז ער פּראָטעסטירן קעגן דער לערע, וואָס רופט צו באַטראַכטן יעדן מענטש פאַר — אַ מענטש מיט אַ נשמה.

ער מוז אָננעמען דעם „גלויבן״ וואָס האָט אין זיך דאָס מינדסטע ברעקל אַכטונג נישט פאַרן מענטש, נישט פאַר מענטשלעכע נשמות און נישט פאַר טיפע מענטשלעכע איבערלעבענישן...

דאָס דריטע: ווען מען פלעגט צו לודענדאָרפן רעדן וועגן מאָראַל, איז ער אַלע מאָל אַריינגעפאַלן אין כּעס. „איך בין נישט קיין מאָראַליסט — פלעגט ער זיך אָנצינדן — רעדט נישט צו מיר וועגן דאָזיקן פאָראורטייל!..

און דער זין פון זיינע אַלע קאַמפן איז ווירקלעך געווען: אויסרייסן די מאָראַל מיטן וואָרצל.

די מאָראַל האַמעוועט. די מאָראַל זאָגט: טו נישט דעם צווייטן דאָס, וואָס דו ווינטשסט זיך נישט, אַז מען זאָל עס דיר טאָן. די מאָראַל... אָבער וואָס עס איז אַזוינס מאָראַל, האָט אויך לודענדאָרף געוווסט. און ער איז דערפאַר געוואָרן דער אַנטי־מאָראַליסט פון אונדזער דור.

ער האָט געהאַלטן, אַז דער מענטש דאַרף דינען צו די כּוחות פון דער נאַטור. און אויך צו די נאַטירלעכע כּוחות, וואָס זענען פאַראַן אין מענטש גופא. מען מוז דינען צו די אינסטינקטן, און אויב זיי זענען רוי און ווילד, וואָס מאַכט עס אויס! — דער, וואָס איז שטאַרק, דער האָט רעכט, דער וואָס האָט די מאַכט, דער האָט רעכט. דער שוואַכער איז דער אומגערעכטער. אומגערעכט דערפאַר, ווייל ער איז שוואַך.

מער ווי כּוח, ווי רויע שטאַרקע פויסט — איז — לויט דער מיינונג פון לודענדאָרף — אויף דער וועלט נישטאָ.

אין די ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק דורך דעם יידישן היסטאָריקער און דענקער יאָסעפוס פלאַוויוס, קענט איר גע־פינען זייער טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן דער געצנדינערײַ. יאָסעפוס פלאַוויוס האַלט מיט רעכט, אַז יעדער געצנדינער מוז זיין אין תוך אַן אַנטי־מאָראַליסט. דער געצנדינער קוקט אַרויף צו זיין אָפּגאָט. אָבער ווי אַזוי איז דער אָפּגאָט פאָרגעשטעלט אין די מיטאָלאָגישע דערציילונגען? — צי האָט דער אָפּגאָט אַליין אַכטונג פאַר דער מאָראַל? — קעמפן ניט די אָפּגעטער איינע קעגן די אַנדערע, טוען זיי נישט אָפּ אַלע מעשים תעתועים, נאַרן זיי נישט אָפּ איינער דעם צווייטן, שווינדלען זיי נישט, רויבן זיי נישט, פאַרראַטן זיי נישט? — און קען מען פאַר־לאַנגען פון דעם מענטש, אַז ער זאָל זיין בעסער און עטישער, ווי עס זענען זיינע אָפּגעטער?...

יאָסעפוס פלאַוויוס האָט טיף דורכגענומען דעם גוואַלדיקן אונטערשיד צווישן דעם יידנטום, די אמונה אין גאָט, אין דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאַציע, די די פיל־געטערײַ.

יאָ, די עטישע אָפּגעטעמפּטקייט פון לודענדאָרפן האָט אים געפירט אויפצו־לעבן די עבודה זרה אין אונדזער דור. די עטישע אָפּגעטעמפּטקייט האָט אים — שוין אין יאָר 1923 — געשטויסן צו שליסן אַ בונד מיטן אויפוואַכנדיקן נאַציזם. פאַר ביידע איז דער אידעאַל — אויפבויען אַ וועלט אַן וועלכע עס איז מאָראַ־לישע פּרינציפּן; פאַר ביידע זעט אויס צו זיין אַ שעדלעכער יידישער אויפטו,

דער געדאַנק, אַז שטאַרק איז נאָר דער מענטש וואָס זיין לעבן שטייט אין האַר־מאָניע מיט די מאָראַלישע פאָדערונגען; פאַרביידע איז דער פּראָגראַם: „באַ־פרייען זיך פון דער יידן־קנעכטשאַפט" — אייגנטלעך אַ רעזולטאַט פון זייער חשק אומצוקערן זיך צום עטישן כאַאָס און ווירוואַר...

די פאָרמולע קען לייכט געשאַפן ווערן:

— דער, וואָס איז פאַרליבט אין פאַרניכטונג און מאָרד, דער, וואָס „מענטש" איז פאַר אים אַ שרייפל אין דער אימפּעריאַליסטישער צי אַוואַנטוריסטישער מאַשין, דער, וואָס מאָראַל איז פאַר אים אַ פּוסטער, לעכערלעכער באַגריף — דער מוז — אויב ער איז נאָר קאָנסעקווענט — אַרויף אויפן וועג פון געצנ־דינסט...

דער, וואָס וואַרפט אָפּ דאָס לעצטע ביסל לויטערע, שיינע און ערלעכע וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין דער וועלט, דער מוז דעם לעצטן שריט מאַכן: צום ווילדן, פּרימיטיוון געצנדינסט זיך אומקערן...

און עס איז נישט קיין אונטערשייד צי ער הייסט לודענדאָרף אָדער ער טראָגט אַן אַנדערן נאָמען, צי ער איז אַ דייטש אָדער ער געהערט צו אַן אַנדערער נאַציע, צי ער האָט אָפּן דעם שניט מיט דער אָפיציעלער רעליגיע געמאַכט אָדער לפנים גייט ער נאָך מיט דעם צערעמאָניאַל, וואָס פאַרפליכטעט אין לאַנד און טריפט מיט „פרומע" בוימאייל־פראַזן, אין זיינע טיפע טיפענישן איז ער — אַ געצנדינער...

לודענדאָרף איז אַזאַ טיפּ.

ער ווייַזט ווי אַזוי מען קען ווערן אַ געצנדינער אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

ער ווייַזט ווי אַזוי עס קען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַנטשטיין אַ באַ־וועגונג פאַר אומקער צו עבודה זרה...

## די פאַרבאָרגענע היילן אין פּאַריז

אַ מאָל האָט מען געזאָגט: די סודות פון פּאַריז. דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז אין דער וועלטשטאָט פּאַריז זענען דאָ גרויסע נישט־דערגרונטעוועטע גע־היימנישן און אַ טיפער, נישט־דערגרונטעוועטער רייץ. היינט שמעקט פונעם דאָזיקן וואָרט מיט פאַר־מלחמהדיקן ראָמאַנטיזם און פאַרבייגעלאָפענער סענטי־מענטאַליטעט. היינט זאָגט מען: די היילן פון פּאַריז.

מיט באַשרייבונגען פון די פּאַריזער היילן זענען איצט פול די פראַנצויזישע צייטונגען.

דער אויבן אָן איז פאַר די דאָזיקע באַשרייבונגען אַוועקגעגעבן. די סאַמע ערשטע זייט. אָבער אייגנטלעך איז דאָך נישט דאָס זייער אָרט. אייגנטלעך וואָלטן דאָך די שילדערונגען זיך באַדאַרפט געפינען הינטערן שטריך. אינעם ווינקל וווּ עס דרוקט זיך דער טעגלעכער ראָמאַן פון דער צייטונג.

ווי אַן אויסצוג פון אַ שפּאַנענדיקער קרימינעלער נאָוועלע זעט דאָס אַלץ אויס.

...מיט אַ מאָל פאַלט די פּאָליציי אַריין אין אַ געשעפט מיט אַלטע אַנטיק־זאַכן. עפּעס אַ חשד איז דאָ אויפן אייגנטימער פון דעם אַנטיקוואַר. אָבער דער חשד איז טונקל, און די פּאָליציי ווייסט פּאַקטיש אַליין נישט, וואָס זי קלערט דאָ אויסצוגעפינען. זי נישטערט צווישן די בראָנדז־פיגורן און פאַרשטויבטע מטבעות. דערנאָך לאָזט זיך די פּאָליציי אַראָפּ אין קעלער. ווידער דאָס זעלבע. מאָדעלן פון דער צייט פון מאַדאַם פּאָמפּאַדור, בעכערס פון וועלכע עס האָט גע־טרונקען נאַפּאָלעאָן דער גרויסער. און די פּאָליציי האַלט שוין ביים אַוועקגיין. דאַן גיט עפּעס איינער אַ קלאַפּ אין דער וואַנט. בלייבט ער שטיין פאַרוווּנדערט: אַזוי דין איז די וואַנט. איצט טרעט שוין די פּאָליציי נישט אָפּ. די וואַנט ווערט אומגעוואָרפן. און וואָסער אויסטערליש בילד עס אַנטפּלעקט זיך פּלוצלינג! פונעם קעלער פירט אַ וועג צו לאַנגע אונטערערדישע היילן, אין די היילן איז פינצטער, אָבער ווען די פּאָליציי שפּאַנט דאָרט אַריין מיט עלעקטרישע לעמפּלעך, בלייבט זי אויף ס'נײַ שטיין, ווי געפּלעפט. ריזיקע געווער־סקלאַדן שטעלן מיט זיך פאָר די היילן. טויזנטער ביקסן ליגן, קוילן־וואַרפערס, באָמבעס, רעוואָלווערן. אַפילו

טייוול־מאַשינען. כּלי־משחית אין זייערע פאַרשידנסטע גרויליקסטע געשטאַלטן. און דאַן: אַ שפּיטאָל איז דאָ אין די היילן, אַ שפּיטאָל מיט אַלע נויטיקע אייַנ־ריכטונגען און מעדיקאַמענטן, ווו די „אייגענע" פאַרווונדעטע ווען גלייך קענען געניסן פון מעדיציניַשער הילף. און ווייטער: אַ תּפיסה מיט קאַמערן, מיט קעמער־לעך, מיט מוראדיקע טאָרטור־ און פּייַן־מיטלען, אַ תּפיסה וואָס דערמאָנט אין די קעלער־טורמעס פון דער אינקוויזיציע... און ווען די פּאָליציי וואַרפט אַ בליק אין די בריוו און דאָקומענטן וואָס זענען דאָ פאַרבאַהאַלטן, ווערט קלאָר ווער עס האָט איינגעאָרדנט אַזעלכע קילאָמעטער־לאַנגע, פאַרבאָרגענע היילן און ווער עס האָט אָנגעזאַמלט די וואָפן־אַרסענאַלן. אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט, זי רופט זיך: „ווייסע קאַפּטורן". זי האָט אָרגאַניזירט אַ פאַרשווערונג קעגן דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע. זי האָט בדעה געהאַט אויסצופירן אַטענטאַטן אויף די פירנדיקע מלוכה־מענער פון איצטיקן פראַנקרייך. אויף לעאָן בלום. אויף פּרעמיער שאָטאַן. זי האָט געפּלאַנט צו פאַרכאַפּן די מאַכט און אייַנפירן אַ רעזשים פון מאָנאַרכיסטישער דיקטאַטור. און זי האָט גענאָסן פון דער הילף פון די פאַ־שיסטישע מלוכות.

ווען מען קוקט זיך גוט איין אין די ביקסן און רעוואָלווערן, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן אין דער הייל, דאַן צווייפלט מען נישט מער, אַז זיי זענען פון איטאַליעניַשן אָדער דייטשן אָפּשטאַם...

דורך די פינצטערע היילן האָבן זיך געריכט אַריינצושפּאַצירן קיין פּאַריז אַלע פינצטערע געשפּענסטער.

פון די פאַרבאָרגענע היילן האָט אין איינעם אַ טאָג באַדאַרפט אין פּאַריז אַרויסקריכן, ווי פון אַ מייַזנלאָך — די רעאַקציע.

די רעאַקציע אין פראַנקרייך האָט שוין אין דער לעצטער צייט געמאַכט אַ שפּאָר ביסל אָנשטרענגונגען צו פאַרכאַפּן די מאַכט. זי האָט דאָס צו ערשט גע־פּרווּוט טאָן אויפן שטייגער פון היטלערן. דער היטלעריזם איז אין דייטשלאַנד אַרויפגעשטיגן מיט האַלב־„לעגאַלע" מיטלען. היטלער האָט פאַרשטאַנען צו שלאָגן די דעמאָקראַטיע מיט איר אייגענעם געווער, מיט פּראָפּאַגאַנדע און אַנימאַציע, און ער האָט ביי די פּאַרלאַמענט־וואַלן און די פאָלקס־אָפּשטימונגען אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות. אין אַזאַ וועג האָט אויך דער פראַנצויזישער פאַשיזם געפּרווּוט זיך אַוועקלאָזן. ער האָט אויפגעשטעלט דעם פראַנצויזישן היטלער דע־לאַ־ראָק. ער האָט געשטיצט דעם פאַרשוין מיט די גרויסע פירער־אַספּיראַציעס — דאָריאָ. אָבער פראַנקרייך איז נישט דייטשלאַנד. פראַנצויזן לאָזן זיך נישט אַזוי לייכט באַטויבן און פאַרבלענדן. יעדן פאַל: זיי ווערן נישט נתפּעל אויפן אָנבליק פון מונדירן און טופּענדיקע שטורעם־אָפּטיילונגען. דע־לאַ־ראָק איז אַראָפּגעשווענקט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך פון פּאָליטישן לעבן. דאָריאָ האָט ביי די לעצטע

צוגאָב־וואַלן געליטן אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה. אין פּאַריז האָט די רעאַקציע געמוזט בויען היילן. ווי הייל־גזלנים אונטערגעגראָבן. אַרויפּרייטן אויפן קאַרק פון פּאָלק. „איר קענט נאָר מיט געוואַלד אויף אונדז אַרויפּרייטן — האָט נאָך מיט 100 יאָר צוריק געזאָגט דער באַקאַנטער פראַנצויזישער פּאָליטיקער טיערס אויפן אַדרעס פון דער רעאַקציע — וואָרום מיר אונדזער אַקסל וועלן קיין מאָל נישט בויגן".

אָבער פּאַרכאַפּן די מאַכט אין פראַנקרייך מוז זיין די אַמביציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע.

אָן שום איבערטרייבונג קען געזאָגט ווערן: פאַלט פראַנקרייך — פאַלט אייראָפּע.

דער זיג פון דער רעאַקציע אין פראַנקרייך וואָלט געווען דאָס וויטיקלעכ־סטע, וואָס די אייראָפּעיִשע דעמאָקראַטיע קען דערלעבן. דאָס וואָלט באַטייט: די קאַטאַסטראָפע פאַר דער גאַנצער דעמאָקראַטיע.

וואָרום מען מוז וויסן: פון פראַנקרייך קומען די אידעען פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן ליבעראַליזם.

פאַר 150 יאָר איז פראַנקרייך אַרויס אויפן זוניקן וועג פון מענטשלעכקייט. אין אַ יולי־טאָג פון יאָר 1789 איז אין פּאַריז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער פּראָ־גראַם פון — פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט. גלייך אינעם ערשטן טאָג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט דער קלוגער דיכטער פון דייטש־לאַנד, געטע, געזאָגט: „אין פּאַריז הייבט זיך היינט אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר דער מענטשהייט". און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. עס ווערט אין פראַנקרייך אָנגע־נומען די דעקלאַראַציע פון מענטשנרעכט. די דעקלאַראַציע, וואָס פאַרזיכערט אַלע מענטשן — אָן אונטערשייד פון געבורט, רעליגיע, נאַציע — גלייכע באַ־האַנדלונג, וואָס פירט אַדורך דעם פּרינציפּ פון רעספּעקט פאַר דעם מענטש אַלס מענטש, וואָס רופט אַרויס צום לעבן יענע גרויסע קולטור, וואָס הייסט: פרייהייט פון דער פּערזענלעכקייט. אין יענע היסטאָרישע טעג קומט פאַר עפּעס אויסער־געוויינלעכס אויף די גאַסן פון פּאַריז. די פראַנצויזן לאָזן אַרויס אין דער וועלט אַ מחנה טייבעלעך, צו וועלכע עס זענען געווען אָנגעהאַנגען צעטעלעך: „ברידער! מיר זענען פריי. דעראָבערט איר אַלע די פרייהייט, אַזוי ווי מיר האָבן זי דער־אָבערט".

און אַזעלכע פרייהייטס־טייבעלעך פליִען אַרויס פון פּאַריז אין משך פון גאַנצן פאָריקן יאָרהונדערט.

פראַנקרייך פון ניינצנטן יאָרהונדערט איז דאָס פראַנקרייך פון שטורעם און באַריקאַדן, פון אויפשטאַנד און האַרטן געראַנגל, אָבער נישט אין קיין קלענערער

מאָס — דאָס פראַנקרייך מיטן פרייהייטס־שמייכל אויפן פּנים, דאָס פראַנקרייך וואָס צעטראָגט איבער דער וועלט די שענסטע, די איידלסטע אידעאַלן פון מענטשלעכקייט...

אַ קייט פון רעוואָלוציע־אויסברוכן ציט זיך: אַ רעוואָלוציע אין 1830. אַ רעוואָלוציע אין 1848. דאָס פילבאַרע און טעמפּעראַמענטפולע פאָלק פאַרטיידיקט זיינע רעכט. אויב אין היינטיקן פרייהייטלעכן פראַנקרייך גענייסט פון אַלגע־מיינער אָנערקענונג דער ייד לעאָן בלום, איז דאָך אַ פאַקט, אַז אויך אין פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט איז אין פראַנקרייך געווען אַ יידישער מלוכה־מאַן און מיניסטער פון ענלעכן גרויסן פאַרנעם. אַדאָלף קרעמיע איז זיין נאָמען. און אין יענע צייטן, ווען די מאַסן האָבן דעצידירט, איז קרעמיע אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן ביים מלוכה־רודער.

ביטער שניידן אָפּ די הערשערס, וואָס רעכענען זיך נישט מיטן ווילן פון פאָלק. אָט, למשל, נאַפּאָלעאָן דער דריטער פּרווט אין מיטן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט צו שפּילן דעם שטאַרקסטן מאַן און פראַוּוען דעספּאָטיזם. אָבער דער קאָמעדיאַנטישער קייזער פאַרענדיקט נישט זיין לעבן אויפן טראָן. ער ווערט אַוועקגעשטויסן פון דער מאַכט. — אַן אַנדערער עפּיזאָד, וואָס זאָגט אַזוי פיל וועגן פראַנצויזישן פאָלקס־כאַראַקטער: איינער אַ געוויסער גענעראַל בולאַנזשע וויל מיט אַ יאָר 40־50 צוריק מאָביליזירן די אַנטי־רעפּובליקאַנישע עלעמענטן אין פראַנקרייך. ער וויל געקרוינט ווערן אַלס „פירער". און אים דאַכט זיך אויס, אַז ער האָט דערפּאָלג. פּאַריז איז אינעם גענעראַל פאַרליבט. אָבער אין דער אמתן זענען זיינע נצחונות געווען שטאַרק אילוזאָרישע. און דער גענעראַל בולאַנ־זשע פאַרשטייט ענדלעך, אַז ער וועט גאָרנישט דערגרייכן. ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד. ער פאָרט אַריבער קיין בריסעל. און דאָרט שיסט ער זיך אַריין אַ קויל אין קאָפּ... אַזוי מוז פאַרענדיקן אין פראַנקרייך איינער, וואָס האָט דווקא דעם חשק געהאַט צו ווערן פירער!...

אַ מאָמענט טרעט אַריין אַ פויזע אין דער פרייהייטס־טראַדיציע פון פראַנק־רייך. די דרייפוס־אַפּערע. מיטן יידישן קאַפּיטאַן דרייפוס איז פאַרבונדן אַ דער־שיטערנדיקע דראַמע אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך. ווען דרייפוס ווערט פאַראורטיילט, פייערט דאָרט איר שוואַרצן טריומף די גאַנצע רעאַקציע. דאָס איז פאַר איר דער וועג צו דערפירן דעם ליבעראַליזם צו אונטערגאַנג און ליקווידירן די מענטשלעכע פרייהייט מיט די מענטשלעכע רעכט צוזאַמען. אָבער גראָד דער פאַל דרייפוס טרייסלט אויף די איידעלע גייסטער פון פראַנקרייך. זאָלאַ, פראַנס, זשאָרעס, קעמפן פאַר דער באַפרייונג פון אומשולדיקן יידישן קאַפּיטאַן, אָבער דער קאַמף איז באמת ברייטער און טיפער. עס ווערט געקעמפט פאַר די פאַר־שווערכטע אידעען פון עכטער דעמאָקראַטיע און פאַר די געשענדטע באַגריפן פון רעכט.

די דרייפוס־פּאַרטיידיקערס זיגן. דער אומשולדיקער יידישער קאַפּיטאַן קומט צוריק פון דער טייוול־אינדזל, ווו ער איז געווען פאַרשיקט. און אין יענעם טאָג, ווען דרייפוס באַקומט צוריק די אַראָפּגעריסענע עפּאָלעטן צו זיין מונדיר, פאַר־שווינדט די רעאַקציע אין שאָטן. די דעמאָקראַטיע שלאָגט זיך אַרויף אויף אַלע געביטן פון לעבן. דער אַנטיסעמיטיזם באַנקראָטירט. עס וואַכט אויף די טראַ־דיציע פון פרייהייט. און פּאָפּולער ווערן די ווערטער פון באַקאַנטן פראַנצויזישן פּאָלקס־טריבון נאַמבעטאַ: „אַ פראַנצויז זיין — באַטייט: ליב האָבן די פּערזענ־לעכע פרייהייט; אַ פראַנצויז, וואָס הערט אויף ליב צו האָבן די פרייהייט, טויפט זיך אָפּ אויף דייטש אָדער אויף רוסיש"... שוין באַלד אַלט די ווערטער; און זיי האָבן נאָך אַלץ דעם אייגענעם מעטאַלענעם קלאַנג, דעם אייגענעם זין.

וואָלט דער פאַשיזם געפּרוווט קומען צו דער מאַכט אין פראַנקרייך מיט לעגאַלע וועגן, דאַן וואָלט דער גורל פון דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע נישט געדאַרפט אַרויסרופן דעם מינדסטן אומרו. אין דער פראַנצויזישער צייטשריפט „וואַנדיד" האָט זיך מיט אַ צייט צוריק געפירט אַן אינטערעסאַנטע אַנקעטע מכּוח דער צוקונפט פון פאַשיזם אין פראַנקרייך. עס האָבן אין דער אַנקעטע אָנטייל גענומען דענקערס, שריפטשטעלערס און פּאָליטיקערס. און ביי קליינע חילוקי־דעות זענען אַלע געקומען צום אויספיר, אַז דער פראַנצויז וועט מיט די היינט־מאָדישע שאָוויניסטישע טענדענצן נישט לאָזן זיך אָנשטעקן. ער וועט זיך נישט אָנשטעקן, ווייל ער וועט נישט מסכּים זיין אויפצוגעבן דאָס לעצטע ביסל קולטור, ווייל ער באַציט זיך מיט אָרגאַנישער פאַראַכטונג צו דער טעאָריע, אַז דער מענטש איז גאָרנישט און די אַבסטראַקטע מלוכה איז אַלץ, אַז פרייהייט איז אַ פאָראורטייל, אַ לוקסוס... די פראַנצויזישע מאַסן וועלן אָפּוואַרפן דעם רעזשים פון טאָטאַליטאַריזם, ווייל זיי באַטראַכטן די דיקטאַטור פאַר זייער גרעסטן שונא און ווייל זיי פאַרטראָגן נישט און וועלן נישט פאַרטראָגן דעם רעזשים, ביי וועלכן די אָרגאַניזאַציע איז אַן אָפּגאָט און די מענטשן ווערן פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן און לעבעדיקע מאַשינען... דאָס פראַנצויזישע פאָלק וועט אויך נישט לאָזן זיך אַריינציִען אין דער נעץ פון ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, ווייל עס איז צו קלוג, צו הומאַניטאַריש, און צו פאַרנונפטיק, אַז עס זאָל זיך פאַרוויקלען אין דעם טונקעלן היטלעריסטישן „מיסטיציזם" און נאָכפּלאַפּלען די אַלע באַרבאַרישע טעאָריעס וועגן ראַסן־איינהייט און בלוט אַלס די נשמה פון פאָלק.

און כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פראַנצויזישער מענטאַליטעט און פראַנצוי־זישער קולטור איז, וואָס אין דער פראַנצויזישער שפּראַך איז נישטאָ קיין וואָרט פאַרן באַגריף „פירער"...

פירערשאַפט, טאָטאַליטאַריזם — דאָס שטייט אין שרייענדיקער סתירה צו אַלץ וואָס איז עכט פראַנצויזיש — אָט צו אַזאַ רעזולטאַט איז די אַנקעטע דערגאַנגען.

אָבער טאַקע דערפאַר האָט אין פאַריז דער פאַשיזם אַראָפּגענידערט אין די היילן. טאַקע דערפאַר האָט ער אָנגעזאַמלט ריזיקע געווער־אַרסענאַלן. טאַקע דערפאַר האָט ער באַצייטנס געבויט גרויל־תּפיסות, ווו עס זאָל מיט טאָרטור־מכשירים דערשטיקט ווערן די ירושה פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע...

דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז דערשיטערט. מיט שרעק און אומרו קוקן די פראַנצויזן אויפן גורל פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. צי וועט די פראַנצויזישע דעמאָקראַטיע פאַרמאָגן גענוג מוט און גענוג מאָראַלישע דיסציפּלין כּדי ענדגילטיק צו ליקווידירן די נעסטן פון רעאַקציע און ענדלעך באַפרייען פראַנקרייך פון דער פאַשיסטישער פלאָג?

עס דערמאָנט זיך אין אַ קלוג וואָרט פון קלעמאַנסאָ: „די דייטשן — אַזוי האָט קלעמאַנסאָ אַ מאָל געזאָגט — האָבן אָרדענונג אומעטום אין די גאַסן, אין די באַנען, אין דער פאַרוואַלטונג, און נאָר נישט אין די קעפּ“...

לאָמיר האָפן, אַז גראָד פראַנקרייך וועט איצט האָבן די נויטיקע „אָרדענונג אין קאָפּ“, אַז זי וועט אויסראָטן מיטן וואָרצל דעם פּאָליטישן אַוואַנטוריזם, און די אומהיימלעכע הייל־געשיכטע וועט פאַרשריבן ווערן אין דער היסטאָריע פון פראַנקרייך אַלס געשעעניש, נאָך וועלכער די פראַנצויזישע דעמאָקראַטיע איז אַרויס געשטאַרקט און געמוטיקט.

# טאַיאָ־קיוּ־קיאַוּ

דאָס זענען כינעזישע ווערטער. אין אונדזער ביטערער צייט מוזן מיר אַלע מאָל אָנהייבן שטודירן אַ פרישע פרעמדע שפּראַך, מוזן מיר אַלע מאָל איבער נייע מאַפּעס זיך זעצן און נייע טערמינען קנעלן. פאַר צוויי יאָר, למשל, איז פּלוצלינג פאַר אונדז געוואָרן אַקטועל אַביסיניש. אין אונדזער זכּרון זענען מיט יעדן טאָג איינגעקריצט געוואָרן אַלץ מער אויסדרוקן און נעמען פון וויטן עקזאָטישן מלכות אַביסיניע. עטלעכע חדשים האָט געדויערט דער איטאַליעניש־אַביסינישער קריג, און אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט האָט יעדער פון אונדז, דאַכט זיך, אויסגעלערנט אָפּערירן מיט אַ טוץ אַביסינישע ווערטער, אָפּגערעדט דערפון, אַז יעדער פון אונדז האָט גאַנץ געטרײַ געוווסט צו דערציילן, אַז דער נאָמען פון אַביסינישן נעגוס איז היילע סעלאַסיע, אַז זיין מוטיקסטער פירשט הייסט ראַס דעסטאַ, און אַז די אַביסינישע רעזידענץ איז אַדיס אַבעבאַ. דערנאָך — איז אַרויפגעשווומען שפּאַניע אין מיטלפּונקט פון דער אויפמערקזאַמקייט. מיר לערנען אין די לעצטע חדשים שפּאַניש. אַן אינטערעס מוז פאַר אונדז האָבן די בלוטיקע דראַמע וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דער שפּאַנישער ערד. אַן אינטערעס מוז האָבן, וועלכע אַרמיי עס זיגט אויף די ברעגן פון גוואַדאַלקיוויר, צי האַלט זיך דאָס העלדישע מאַדריד. און לייענענדיק די נייעסן פון שפּאַנישן פראָנט, זאַפּט זיך דערווייל, ווילנדיק נישט־ווילנדיק, אַריין אין אונדזער מוח וואָס נישט איז פונעם שפּאַנישן שפּראַך־אוצר און פון דער שפּאַנישער געאָגראַפיע... אָבער — טעמפּאָ איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער תקופה, וואָס מיר מאַכן אַדורך.

מיר האָבן נאָך צו מאָל נישט באַוויזן פאַרטיק צו ווערן מיט דער שפּאַנישער לעקציע, און שוין זענען מיר געצוווּנגען צו קענען כינעזיש. פון אָנהויב איז אונדז שווער איבערצוחזרן די ווילד־פרעמדע, אויסטערליש־צונויפגעשטעלטע ווערטער. אָבער מיר האָבן זיך צוגעוווינט. היינט שווימען מיר שוין, ווי געניטע, אין די געלע כינעזישע וואַסערן פון האָאַנג־האָ און יאַנג־טסע־קיאַנג. מיר דרייען זיך, ווי היימישע, אין די קרומע געסלעך און הינטערגעסלעך פון שאַנכײַ און נאַנקין. צוזאַמען מיט די זיילן רויך וואָס זענען אַרויס פון כינעס שטעט און דערפער, פאַר אונדז, איראָפּעער, צו אַ קנויל פון כינעזישע אויסדרוקן. אויס־

דרוקן, וואָס טראָגן אין זיך עפּעס פון דער ווייטקייט און עפּעס פון דער נאָענט־קייט, וואָס עס האָט פאַר אונדז כינעס טראַגישער גורל...

טאַיאָ־קיו קיאָו באַטייט אין כינעזיש: מיר, יידן.
טאַיאָ־קיו־קיאָו באַטייט: די סעקטע וואָס ציט אַרויס די אָדערן.
אָבער מען דאַרף די באַצייכענונג נישט שלעכט פאַרשטיין.
דאָס איז נישט קיין באַליידיקונג אויפן אַדרעס פון יידישן פאָלק.
די כינעזער מיינען נישט מיט דעם דאָזיקן וואָרט צו זאָגן, אַז די יידן ציִען אַרויס די אָדערן ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג...
צו אַזאַ „איינפאַכן" און „קלוגן" געדאַנק זענען נאָך די אַזיאַטישע כינעזערס נישט דערגאַנגען.
פאַרקערט: אין כינע לעבט זיך די יידן אינעם רעכטלעכן זין — גאָרנישט שלעכט. די באַציִונג צו דער יידישער באַפעלקערונג איז דאָרט אַ מענטשלעכע, אַ פריינדלעכע, אַ טאָלעראַנטע. די יידישע באַפעלקערונג געניסט פון פולער גלייכבאַרעכטיקונג, זי ווייסט נישט פון רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פאַרפאָלגונגען. עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז דער גרינדער פון דעם נייעם כינע, דער ערשטער פּרעזידענט פון דער מאָדערנער כינעזישער רעפּובליק, סון־יאַט־סען, האָט גערופן די כינעזערס זיך צו באַציִען מיט אַכטונג צו זייערע יידישע שכנים.
אויב אָבער די יידן ווערן אין כינע גערופן „די אָדערן־ציִערס" — איז עס דערפאַר, ווייל יידן עסן נישט דעם גיד הנשה פון דער בהמה.
פון אַלע טראַדיציעס און דינים וואָס זענען פאַר יידן הייליק און טייער, האָט גראָד דער איסור פון גיד הנשה די כינעזערס זיך געוואָרפן אין אויג.
עפּעס איז דווקא דאָס פאַר זיי אויסגעקומען, ווי דער מערקווירדיקסטער און צום שטאַרקסטן כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער יידישער רעליגיע.
טאַיאָ־קיו־קיאָו — אַזוי ווערן זינט יאָרהונדערטער די יידן גערופן אין דער כינעזישער היסטאָריע, אין דער כינעזישער ליטעראַטור.
און פון די דאָזיקע „טאַיאָ־קיו־קיאָו" קומען איצט אָן נישט זייער פריילעכע גרוסן.
צוליב דער מערדערישער קריג, אין וועלכער יאַפּאַן איז אַרויס קעגן כינע, ווערן רויִנירט אַ סך יידישע עקזיסטענצן.
בלויז אין שאַנכיי, למשל, זענען פאַרניכטעט געוואָרן צענדליקער יידישע פאַרמעגנס.
אָבער נאָך אַ גרעסער געפאַר האָט פאַר די יידן אָנגערוקט: צוזאַמען מיט די יאַפּאַנישע פאָלקן, וואָס מאַרשירן אַריין אויף דער כינעזישער טעריטאָריע, מאַר־שירט דאָ אויך אַריין די אַנטיסעמיטישע העצע. יאַפּאַן איז די פאָן־טרעגערין

פון פּאַשיזם אין אַזיע. יאַפּאַן איז די פאַרבינדעטע פון היטלער־לאַנד. און צווישן אייראָפּעיִשן פּאַשיזם און אַזיאַטישן פּאַשיזם איז נישטאָ קיין שום וועזנטלעכער אונטערשייד. דאָ ווי דאָרט איז דער פּאַשיזם — רויבעריש, אימפּעריאַליסטיש, בלוטדורשטיק. דאָ ווי דאָרט — איז ער אויך אַנטיסעמיטיש.

און דעריין דאָס דאָפּלטע אומגליק, וואָס איז איצט אַראָפּגעפאַלן אויף די כינעזישע יידן: זיי ווערן פאַרוווּנדעט פון באָמבעס און... פּאַפּיר. די דעראָבערטע כינעזישע ערטער זענען ממש פאַרפלייצט מיט העץ־אויפרופן קעגן יידן. די מאַסן ווערן אָנגערייצט. פאַר די מאַסן ווערט אָנגעוויזן: דער ייד איז אייַער שׂונא; שלאָגט דעם ייד, באַרויבט דעם ייד, און איר וועט ווערן געראַטעוועט.

טאַקע איצט ווערט אין די יאַפּאַנישע העץ־פּראָקלאַמאַציעס דעם וואָרט „טאַיאַ־קיוּ־קיאָוּ" צוגעגעבן די באַדייטונג, וואָס עס האָט קיין מאָל נישט געהאַט און וועגן וועלכן די כינעזערס האָבן קיין מאָל נישט געחלומט.

—„די יידן טרייבערן נישט בלויז די בהמה; זיי צעטרייבערן אויך אונדז, אָרעמע אַזיאַטן — זיי זענען די אָדערן־ציִערס פון היינט און פון שטענדיק, פון אָקס און פון מענטש"...

ווייניק זאָרגן האָבן מיר מיט זיך אַליין, מיט היימישע אייראָפּעיִשע יידן; איז געקומען אַ פרישע דאגה: כינעזישע יידן...

איבער די יידן פון כינע הענגט אַ געהיימנישפולער נעפּל. מיט אַ דיקער מויער איז כינע געווען — דורך לאַנגע צייטן — אָפּגעצוימט פון דער אַרומיקער וועלט; מיט אַ נישט ווייניק דיקערער מויער זענען אויך די כינעזישע יידן געווען פון אונדז אָפּגעטיילט...

אוממעגלעך איז פעסטצושטעלן שוין בלויז, פון וואַנען זענען יידן געקומען קיין כינע, ווען זענען זיי קיין כינע אַריינגעדרונגען, וואָס האָבן זיי אין כינע געזוכט און ווער האָט זיי דאָרט אַהין געשטויסן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס מיינען, אַז אַ יידישער קיבוץ האָט אין כינע עקזיסטירט שוין אין די אַלטע תנ"ך־צייטן, און די, וואָס זענען אין דער דאָזיקער מיינונג, ציטירן די ווערטער פונעם נביא ישעיהו, וועלכער האָט אין קאַפּיטל מ"ט צווישן די אַלע פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע יידן וואָס וועלן אין דער צייט פון אויס־לייזונג זיך אומקערן צוריק קיין ארץ־ישׂראל — דערמאָנט אויך, אַז עס וועלן צום יידישן לאַנד זיך אָוועקלאָזן די, וואָס זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין „ארץ סינים" — און דאָס מיינט דאָך: כינע.

עס זענען דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן די איבערצייגונג, אַז די אַלט־געזעסענע כינעזישע יידן ציִען זייער שורש פון די עשׂרת השבטים, און אַ טעות, זאָגן זיי, זענען באַגאַנגען די אַלע, וואָס האָבן געקלערט די עשׂרת השבטים אויסצוגעפינען

אין אַנדערע ערטער. נישט ערגעץ אַנדערש נאָר קיין כינע זענען אַוועק די רעשט־לעך פון די צען יידישע שבטים, ווען דאָס מלכות ישׂראל איז זיך פונאַנדער־געפאַלן.

אָבער עס זענען פאַראַן אַנדערע, וואָס האַלטן, אַז יידן זענען אַריינגעדרונגען קיין כינע ערשט אין די „שפּעטערדיקע" תּקופות (דאָס מיינט אויך — שוין 1500 יאָר), און עס האָט זיי געצויגן צום דאָזיקן ריזיקן לאַנד די אויסזיכט אויף אַ בליִענדיקן האַנדל און בליִענדיקער אינדוסטריע.

ווי דאָס זאָל נישט זיין, דער יידישער ישוב אין כינע ציילט שוין אַ סך, אַ סך הונדערטער יאָרן.

אָבער אין דער געשיכטע פון דער יידישער פאַרשפּרייטונג, מוז דער דאָזיקער ישוב פאַרנעמען גאָר אַ באַזונדער אָרט.

אין אַלע צייטן זענען דאָ די יידן נישט אויסגעשטעלט געווען פונעם פּאָלי־טישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן.

אַראַבישע רייזנדיקע פון מיטל־עלטער האָבן אין זייערע רייזע־ביכער איבער־געגעבן, אַז זיי האָבן אין די געדיכטעטענישן פון לאַנד באַגעגנט אָט די יידן, וואָס די הויט פון זייער פּנים איז געל, די אויגן קרומלעך, די ליפּן גראָב, און וואָס זענען געקליידט אין גרויע כינעזישע מאַנטלען. און — לויט די דאָזיקע שילדע־רונגען — האָבן די יידן דאָן פאַרנומען וויכטיקע מלוכה־אַמטן אין כינע און געלעבט אין גרויסן וווילטאָג און כּבוד. עס זענען געווען יידישע מאַנדאַרינס — הויכע באַאַמטע, אַרמיי־קאָמאַנדירן, און אַוודאי און אַוודאי — באַדייטנדיקע אינ־דוסטריעלער און סוחרים.

אַ ביסל וועגן דער וויכטיקער ראָל וואָס די יידן האָבן געשפּילט אין דער עקאָנאָמיק פון כינע, האָט אויך צו דערציילן רבי מנשה בן־ישׂראל, דער באַרימ־טער פירער פון האָלענדישן יידנטום. אין זיין ספר „מקווה ישׂראל", וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט אַן ערך 300 יאָר צוריק, וואַרפט ער אַן טשעקאַווע פּרטים וועגן די יידן, וואָס וווינען אין כינעס גרעסטער שטאָט — פּעקין.

אָבער עס מוז צוגעגעבן ווערן, אַז גייסטיק איז דער יידישער ישוב אין כינע אַלע מאָל געשטאַנען אויף אַ נידעריקער שטופע.

אין דער פאַרגאַנגענהייט פון יידן אין כינע איז נישט פאַרצייכנט געוואָרן צו מאָל איין פּעריאָד פון גרויסן גייסטיקן אויפשטייג.

מיר האָבן נישט געהערט פון גרויסע יידישע גייסטער, וואָס זאָלן האָבן ווען עס איז — אין כינע געלעבט; מיר האָבן נישט געהערט פון שאַרפע יידישע מוחות, וואָס זאָלן האָבן אין כינע געווירקט; מיר האָבן נישט געהערט פון וויכ־טיקע יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זאָלן אין כינע האָבן באַרייכערט דאָס יידישע שאַפן.

עפּעס איז געשטאַנען אַ פּרעכטיקער שול־בנין אין דער שטאָט קאַי פונק־פּי

— די אַלטע רעזידענץ פון דער האַנאַן־פּראָווינץ — עפּעס זענען איבער די פּראָווינצן פונאַנדערגעוואָרפן גרעסערע און קלענערע יידישע קהילות, עפּעס גע־פינען זיך דאָרט שטיינער מיט אינטערעסאַנטע העברעיִשע און כינעזישע אויפ־שריפטן, אָבער — דאָס אַלץ. שפּעריש איז דער יידישער ציבור אין כינע קיין מאָל נישט געווען. אין זיין פאַרגאַנגענהייט פעלט דאָס בלאַט פון רום.

און דאָס איז נאָך מער וווּנדער, ווען מען געדענקט, אַז אין אַזיע איז דאָך געשטאַנען דאָס וויגל פון דער גייסטיקער יידישער קולטור, אין אַזיע איז דער פאָדעם פון יידישן שאַפן געוועבט געוואָרן אַפילו דאַן, ווען ארץ־ישראל האָט פאַרלוירן די זעלבשטענדיקייט, אין אַזיע איז אַנטשטאַנען דאָס ריזנווערק פון יידישן גייסט — דער תלמוד.

פון בבל, און שפּעטער אויך פון פּערסיע, זענען געוואָרפן געוואָרן צו דער יידישער וועלט פונקען פון גייסט.

פון דאַנען איז אָנגעוויזן געוואָרן אַ וועג פאַרן יידנטום.

און עס איז דאָך געווען אַ מאָל אַ צייט אין דער יידישער געשיכטע, ווען מען האָט מורא געהאַט, אַז מיט דעם חורבן פון די יידישע קיבוצים אין אַזיע זאָל נישט, חלילה, צו גרונד גיין דאָס יידישע שאַפן און עס זאָל נישט איבער־געריסן ווערן די גאָלדענע קייט פון יידישער שאַפערישקייט.

כינע איז אַ יוצא מן הכלל.

דאָ איז קיין מאָל, אמת, קיין ירידה־פּעריאָד נישט געווען, וואָרום דאָ איז אויך קיין מאָל קיין צייט פון אויפשוווּנג און גלאַנץ נישט געווען.

דאָ געפינט זיך די יידישע קולטור זינט דורות אינעם זעלבן מצב פון וועלקן.

אַ רעטעניש? — ניין, ענטפערן די פאָרשערס. דאָס איז די שולד פון יידישן ישוב גופא. דער יידישער ישוב אין כינע האָט זיך נישט באַמיט דעם קאָנטאַקט מיט דער איבעריקער יידישער וועלט צו דערהאַלטן. דער יידישער ישוב אין כינע האָט זיך פאַרשלאָסן הינטער דער דיקער כינעזישער מויער און איבער־געריסן מיט אַלץ, וואָס וואָלט אים געקאָנט דערמאָנען, אַז אַ חוץ אין כינע, גע־פינען זיך נאָך יידן אין אַנדערע מקומות, איבערגעריסן מיט אַלץ, וואָס וואָלט אים געקאָנט אָנרעגן צום שאַפן און האָבן אויף אים אַ פרוכטבאַרע השפעה. דער יידישער ישוב אין כינע האָט דעם ווילן נישט פאַרמאָגט צו ציִען זאַפטן פונעם יידישן בוים, ער האָט פאַר זיך צוגעקליבן די ראָל פון אַן איינצלנעם צווייגל, אים איז אין דער ראָל גוט געגאַנגען, אָבער אַן איינזאַם צווייגל — אַזאַ איז דאָס אומפאַרמיידלעכע נאַטור־געזעץ — מוז פאַרטריקנט ווערן און פאַרדאַרן.

געוויס. די אָפּגעזונדערטקייט און שטרענגע איזאָלירטקייט פון יידישן ישוב אין כינע האָט אין אַ גרויסער מאָס געווירקט אויף זיין שוואַכער גייסטיקער

אָפּהענטיקייט. אָפּגעריסן פון יעדן יידישן צענטער, האָט דער יידישער ישוב גע־מוזט דערטרונקען ווערן אין געלן ים פון הונדערטער מיליאָנען כינעזערס. אָבער די איינציקע סיבה איז דאָס נישט געווען. לויט אונדזער מיינונג איז נישט ווייניק שולדיק אין דער אומשאָפערישקייט און נישט אַקטיווקייט פון די כינעזישע „בני ישׂראל" טאַקע — כינע...

וואָס טוט כינע שוין זיבט יאָרטויזנטער? — זי דרימלט.

דאָס כינעזישע פאָלק געהערט צו די עלטסטע פעלקער אין דער וועלט. עס איז אַ פאָלק מיט אַ סך אינטעליגענץ. מיט אַלטער, קלוגער קולטור. מיט אַ רייכער ציוויליזאַציע. כינע האָט אַ מאָל איבערגעשטיגן מיט אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט די איראָפּעיִשע לענדער. כינע וואָלט אויך היינט געקענט איבערשטייגן איראָפּע. זי האָט ריזיקע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן. זי ציילט 450 מיליאָן מענטשן. און אויב די כינעזערס זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן דערפונדן דעם קאָמפּאַס און לאַנג פאַר גוטענבערגן אויסגעטראַכט די דרוק־קונסט, וואָלטן זיי אויך היינט געקענט זיך דערהייבן צו גרויסע לייסטונגען. אָבער די 450 מיליאָן כינעזערס זענען פאַרזונקען אין דרימל.

עפּעס געפינען זיך אין כינעזישן בלוט אַזעלכע קייקעלעך, וועלכע די וויסנ־שאַפט קען אַנדערש נישט אָנרופן, ווי פּאַסיווקייט־קייקעלעך.

די מענטשן אין כינע האָבן פאַרלוירן דעם דראַנג צו אַקטיווקייט.

און פּאַסיוו איז ביי זיי געוואָרן אַפילו דער וועלטבליק, די פילאָסאָפיע. מיט פאַרלייגטע פיס זענען אויך געזעסן די דענקערס פון כינע. זיי האָבן זיך איינגע־קוקט אינעם לויף פון די מוטנע וואַסערן און אין די ביכער, וואָס זיי האָבן גע־שריבן, איינגעגראָבן אַזוי פיל אומעט, אַזוי פיל סקעפּטיציזם און אַזוי פיל פאַר־שלעפערנדיקע טענער.

נישטאָ קיין מער קליגערע זאַך — זאָגט יאַנג־טסע, איינער פון די כינעזישע פילאָסאָפן — ווי פאַרקנוילן דעם קערפּער, פאַרמאַכן די אויגן און פאַרוויגן זיך צום דרימל.

כינע איז דאָס לאַנד פון אַלטער חכמה, אָבער אויך פון שרעק, פאַרנאַכלעסי־קייט און מוראדיקער פּאַסיווקייט.

און די דאָזיקע טיפּיש־כינעזישע עצלות איז, משמעות, אַריין אויך אינעם בלוט פון די כינעזישע יידן.

אויך ביי די יידן אין כינע איז געליימט געוואָרן דער ווילן צו מעשׂים. עס איז אָפּגעטויט געוואָרן די אקטיווקייט, און עס איז פאַרשווונדן יעדער שפּור פון אימפּעט און שאַפונגס־ענערגיע.

אין די לעצטע יאָרצענדליקער איז אַ פרישער שטראָם יידישע אימיגראַנטן אַריינגעדרונגען קיין כינע. עס זענען אויך געקומען יידן פון איראָפּעיִשע לענדער.

פון צאַרישן רוסלאַנד. אַ ביסל אויך פון פוילן. נאָך דער היטלער־איבערקערעניש, ווען אַ סך דייטשע יידן האָבן זיך געלאָזט אויף די וואַנדער־שליאַכן, האָט קיין כינע עמיגרירט אויך אַ באַדייטנדיקע צאָל פּליטים פון דייטשלאַנד.

אַ פילפאַרביקער יידישער קיבוץ איז אַנטשטאַנען אין כינע.

דאָס יידישע לעבן איז אימפּולסיוו, פולבלוטיקער געוואָרן.

און ווער ווייסט, אפשר וואָלט איצט דאָרט געקענט פאַרריכט ווערן דער היסטאָרישער פעלער פון דורותדיקער יידישער פּאַסיווקייט.

אָבער — טרויער־גרויסן קומען אָן. יאַפּאַן האָט אָנגעהויבן אַ קריגמאַרש קעגן כינע. יאַפּאַן וואַרפט איבער די כינעזישע שטעט באָמבעס און אַנטי־יידישע פּראָקלאַמאַציעס. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין כינע נעמט דער יאַפּאַני־שער קריגצוג מיט יעדן טאָג אָן אַלץ מער די פאָרעם פון אַ קרייצצוג.

## סעניאָר אַבראַהאַם, גיב מיר טאַבעלעס!...

אין מוזעום פון טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק זענען לעצטנס אויס־געשטעלט געוואָרן די אַסטראָנאָמישע טאַבעלעס, מיט וועלכע קאָלאָמבוס האָט זיך באַנוצט בעת זיינע רייזעס קיין אַמעריקע. דאָס זענען טאַבעלעס פון גרויסן וויסנשאַפטלעכן און היסטאָרישן ווערט. זיי האָבן זיך — אַזוי צו זאָגן — פאַר־דינט געמאַכט פאַר דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. אַ דאַנק די מאַטעמאַטישע און אַסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען, וואָס די טאַבעלעס אַנטהאַלטן, האָט קאָלאָמבוס נישט פאַרלוירן די אָריענטאַציע אין זיינע לאַנגע וואַסער־נסיעות, אַרויסגעראַטע־וועט נישט פון איין געפאַר און דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט דערגרייכט.

מילא. זענען די דאָזיקע טאַבעלעס גאַנץ אינטערעסאַנטע און גאַנץ מיוחס־דיקע. אָבער אויב מיר שטעלן זיך גענויער אָט אויף אָט דעם דאָקומענט פון פאַרצייטנס, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט אַ גאָר נאָענטע שייכות מיט יידן. אַז די אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז געקניפּט און געבונדן מיט יידן, איז אַ באַ־קאַנטע זאַך. אַ סברא, אַז פאַר יידיש געלט איז פינאַנסירט געוואָרן קאָלאָמבוסעס עקספּעדיציע. אַז מיט יידן האָט עפּעס וואָס צו טאָן דער וווּקס און אויפשוווּנג פון אַמעריקע, איז אויך גענוג באַקאַנט. אָבער אַ פאַקט איז: אַפילו די אַסטראָ־נאָמישע טאַבעלעס מיט וועלכע קאָלאָמבוס האָט זיך באַנוצט, זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אַ ייד. געהייסן האָט ער: אַברהם זכותא (זאַקוטאַ).

אַ זעלטן פאַרבנרייכע פערזענלעכקייט דערשיינט פאַר אייך, ווען איר פרישט אויף דעם ווייט־אָפּגעקלונגענעם, האַלב־פאַרגעסענעם נאָמען. אַ ריז פון געדאַנק. מיט גרויסן יידישן וויסן, מיט פילזייטיקן אינטערעסן־קרייז. פילאָסאָף, היסטאָ־ריקער, אַסטראָנאָם, געאָגראַף.

אַ שפּאַנישער ייד איז געווען אַברהם זכותא.

אָבער ער האָט נישט געלעבט אין דער צייט פון בליענדיקן יידישן וויל־שטאַנד אין שפּאַניע; ער לעבט שפּעטער, אין דער צייט פון בין־השמשות, אין די יאָרן, ווען די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע רוקט אָן פאַרן שפּאַנישן יידנטום. ער לעבט אין דער תקופה פון גירוש.

ער איז איינער פון די לעצטע דרײַ וואָס האָבן אין שפּאַניע אָפּגעשלאָסן דעם דור פון יידישן רום און זשעני.

אויב יצחק אַברבנאל איז דער לעצטער מלוכה־מאַן פון גרויסן סטיל, דער לעצטער וווּנדערלעך־האַרציקער פאָלקס־לערער, וועלכן דאָס שפּאַנישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן; אויב רבי יצחק אבוהב איז דער לעצטער גאון און טיפער תלמוד־קענער, וועלכער איז צווישן די שפּאַנישע יידן אַרויסגעטראָטן — איז רבי אַברהם זכותא דער לעצטער אוניווערסאַלער מענטש, דער לעצטער רעפּרע־זענטאַנט פון גייסטיקן אומרו און אַלזייטיקער באַגאַבונג.

ווו, אין וועלכער שטאָט, האָט זיך געפונען דאָס וויגאָרט פון אַברהם זכותא? — אוממעגלעך דאָס פעסטצושטעלן מיט דער גאַנצער גענויקייט. היינט באַגעגנט איר אים אין טאָלעדאָ, מאָרגן — אין סאַלאַמאַנקאַ, איבערמאָרגן — אין סאַראַ־גאָסאַ... אין טאָלעדאָ ווערט ער פאַררעכנט צו די בעסטע תלמידים אין דער ישיבה פון רבי יצחק אבוהב; אין סאַלאַמאַנקאַ בליצט ער אויף, ווי דער באַדייטנדיקסטער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם אין שפּאַניע; אין סאַראַגאָסאַ איז ער פּראָפעסאָר אויפן אוניווערסיטעט, ער פאַרנעמט די קאַטעדרע פון אַסטראָנאָמיע און געאָ־גראַפיע, און צו די לעקציעס פון ייד אַברהם זכותא הערן זיך אויפמערקזאַם צו די וויסנשאַפטמענער פון דעמאָלטיקן שפּאַניע, הערן זיך צו קריסטלעכע און מחמדאַנישע גייסטלעכע; און די ווערק פון ייד אַברהם זכותא ווערן איבערגעזעצט אין לאַטיין און גריכיש.

זכותא באַגרענעצט זיך נישט, וויל זיך נישט באַגרענעצן צו איין וויסנ־שאַפטלעכן געביט. זיין תקופה שטייט אויף דער שוועל פון רענעסאַנס. און דער אידעאַל פון יענעם דור, וואָס ווערט אין דער היסטאָריע אָנגערופן „רענעסאַנס", איז: אַלץ באַזיצן. מיטן געדאַנק אַרומכאַפּן אַלע דערשיינונגען פון וועלט און לעבן. מיטן געדאַנק און אינטויִציע אַריינדרינגען אין אַלע צווייגן פון דער וויסנ־שאַפט.

אָבער הגם פאַרקערפּערטער אומרו, הגם שפּאַניעס באַרימטער געלערנטער און פּראָפעסאָר, איז דאָך אַברהם זכותא מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה — אַ ייד. ער פאַרבאַהאַלט נישט זיין יידישן אָפּשטאַם. ער שטרייכט אונטער מיט שטאָלץ זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. ער לעבט אויך — שטייענדיק שוין אויף די שפּיצן פון זיין וויסנשאַפטלעכער קאַריערע — אין דער וועלט פון יידישער גייסטיקייט. און ווי דאָס דרינגט אַרויס פון אַ רייע שטעלן פון זיינע כתבים, לאָזט זכותא קיין מאָל נישט אַרויס דאָס יידישע ספר פון האַנט.

און נאַטירלעך: ער טיילט דעם גורל פון די יידישע מאַסן. אַט רוקן אָן טעג פון ביטערניש. דער גלח טאָרקוועמאַדאַ געווינט דעם איינפלוס אויפן קעניגלעכן הויף. דער פאַנאַטיקער פינצטערער פאָדערט אַרויסצוגעבן אַ געזעץ, וואָס זאָל פאַרווערן די יידן צו בלייבן אין שפּאַניע און וואָס זאָל געבן וווינרעכט נאָר די,

וואָס וועלן איבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן. און — די רשעות פייערט איר שוואַרצן טריומף. דער קעניג פערדינאַנד און זיין פרוי איזאַבעלאַ שרייבן אונטער די גירוש־גזירה. אַ בייזער שטורעם פאַריאָגט די יידן פונעם לאַנד, ווו זיי לעבן שוין זיבנט הונדערטער יאָרן, ווו זיי האָבן די קולטור אַנטוויקלט, דיווירטשאַפט געבויט, ווו אין יעדן שטיין און אין יעדער מויער איז אַ שטיק יידישע געשיכטע איינגעקריצט. דער בייזער שטורעם שאַנעוועט נישט קיינעם. אין וואַנדערצוג זענען געצוווּנגען זיך צו שטעלן די יידישע מאַסן. אין וואַנדערצוג געפינען זיך די לעצטע דריי גרויסע יידן, וואָס פאַרענדיקן דאָס רומפולע יידיש בלאַט אין שפּאַניע: דער טאַלאַנטירטער פינאַנס־מיניסטער צו יענער צייט, דער שאַרפסטער גאון צו יענער צייט און דער באַדייטנדיקסטער אַסטראָנאָם צו יענער צייט...

אָבער אויפן וועג טיילט זיך דער גלות־מאַרש פונאַנדער. עס פאַלן רירנדיקע געזעגענונגס־ווערטער. עס פאַלן טרערן. ווי עס וואָלטן די מענטשן געפילט, אַז זיי וועלן זיך מער אין לעבן נישט זען. דאָן יצחק אַברבנאל וואַנדערט אויס מיט אַ מחנה גולים קיין איטאַליע. די אַנדערע צוויי לאָזן זיך מיט אַ גרעסערער צאָל פּליטים קיין פּאָרטוגאַל.

אַ זייער וואַרעמע אויפנאַמע באַקומט זכּותא אין דער פּאָרטוגאַלישער רעזי־דענץ, ליסאַבאָן.

מ׳האָט דאָ פון אים אַ סך געהערט.

**און באַלד הייבן אָן צו זכּותא שטראָמען די וויסנשאַפטלערס פון פּאָרטוגאַל.** אויך דער קעניג פאַרבעט אים צו זיך אויפן הויף. דער קעניג יאָהאַן דער צווייטער האָט אַן אינטערעס נישט נאָר פאַר די פראַגעס און פּראָבלעמען פון דער ערד; ער איז אויך נייגעריק עפּעס צו וויסן וועגן דער זון, וועגן דער לבֿנה און די שטערן. און מיטן ייד זכּותא האָט ער געהן ליב אַ שמועס צו טאָן מכּוח די „הויכע" ענינים.

אַבֿרהם זכּותא לעבט מיט דער אילוזיע, אַז אין פּאָרטוגאַל וועט ער ענדלעך געפינען אַ מקום־מנוחה און האָבן די מעגלעכקייט פאָרצוזעצן זיין וויסנשאַפט־לעכע אַרבעט.

עס איז די אילוזיע מיט וועלכער עס לעבן אַלע שפּאַנישע פּליטים.

אָבער — גיך באַווייזט זיך דער שוידער פון דער ווירקלעכקייט. ווייסט זיי דער טייַוול, די דאָזיקע מושלים פון פּאָרטוגאַל, צוליב וואָס זיי האָבן מיט אַ מאָל געענדערט דעם קורס! אין איין טאָג דערשיינט אַ באַפעל: די איינוואַנדערערס פון שפּאַניע מוזן אַוועק.

און אַ נייער פּיין עפנט זיך פאַר די פּליטים. זייער ווייניק מלוכות זענען פאַראַן, וואָס ווילן די יידן צו זיך אַריינלאָזן. די הערשערס פון פּאָרטוגאַל ווילן אָבער נישט וואַרטן. זיי האָבן קיין צייט נישט. זיי פירן אַדורך די „עוואַקואַציע" מיט רוצחישן ווילקיר. מ׳זעצט די יידן אַריין אין שיפן. מ׳לאָזט זיך מיט די יידן

אַוועק אין מיטן ים. די כוואַליעס ברויזן. די שיפּס־קאַפּיטאַנען לאַכן ווילד, סאַדיס־טיש, די יידן ווערן געוואָרפן אין וואַסער אַריין.

אַ קליינע גרופּע האָט דאָס גליק צו ראַטעווען זיך פון געפאַר. צווישן די „גליקלעכע" געפינט זיך — רבי אַברהם זכותא. אויך זיין זון. זיי איז נימאס דאָס בלוטיקע איראָפּע. זיי לאָזן זיך אַוועק קיין אַפריקע. אין וועג פאַלן זיי אַריין צו רויבערס אין די הענט. וואָס אין יענער הפקר־צייט באַטייט — געפינען זיך אין דער מאַכט פון רויבערס, איז איבעריק צו דערקלערן. דאָס באַטייט — קיין מאָל מער נישט אַרויס אויף דער פריי. אָבער אַ דאַנק דער חכמה און שאַרפזין פון זכותא, קומען די געפאַנגענע אַרויס גאַנץ. זיי דערגרייכן ביז צפון־אַפריקע. ביז טוניס.

דאָ, אין טוניס, וויל זכותא זיך פאַררוקן אין דער איינזאַמקייט. זינט אַ לענגערער צייט שוין טראָגט ער זיך אַרום מיטן געדאַנק צו שרייבן די געשיכטע פון יידישן פאָלק. אַ כראָניק פון די סאַמע עלטסטע צייטן — פון וועלט־באַשאַפונג — ביז צו זיין תקופה. און צי מוז נישט ענדלעך איצט דער פּלאַן פאַרווירקלעכט ווערן? — צי דאַרף נישט אַזאַ געשיכטע־ספר האָבן אַ דאָפּלטע באַדייטונג פאַר די געשלאָגענע, געראָדפטע יידן? — קען דען נישט אַזאַ ספר אויפהייבן דעם מוט ביי די געפּלאָגטע? — באַווייזט דען נישט, מוז דען נישט באַווייזן אַזאַ כראָניק, אַז יידן זענען אַן אַלט פאָלק, אַז יידן האָבן איבערגעלעבט שוין נישט איין תקופה פון אויפשווידערנדיקן עלנט, און אַז זיי האָבן דאָך דערהאַלטן דעם סוד און ווונדער פון זייער עקסיסטענץ?...

מיט אַ רירנדיק באַשיידענעם טאָן דערקלערט ער אין דער הקדמה צום דאָזיקן ספר, אַז ווען מ'זאָל דאָ און דאָרט געפינען עפּעס נישט גענוי, זאָל מען אין אַכט נעמען, אַז — „די גזירות־שמד, די געפאַנגענשאַפט, די גירושים, האָבן אים אין דער אַרבעט געשטערט...".

אָבער אַ פאַקט איז, אַז מיט זיין „ספר היוחסין" האָט רבי אַברהם זכותא דעראָבערט פאַר זיך אַ שטענדיקן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי איינער פון די עלטסטע געשיכטע־שרייבערס און געשיכטע־פאָרשערס.

איר פילט נאָך היינט, ווי געציטערט עס האָט די האַנט פון זכותא, ווען ער האָט געשריבן די און יענע שורות. איר פילט עס צום שטאַרקסטן אַרויס פון די שטעלעס, ווו עס איז די רייד וועגן גרויסע פאָלקס־אומגליקן. און איר מוזט באַוווּנדערן: ער — אַליין אַ נע־ונדניק — נעמט אויף זיך די אויפגאַבע צו ברענ־גען טרייסט און האָפענונג צו די ליידנדיקע. ער רופט — נישט אַריינצופאַלן אין הילפלאָזיקייט. די שילדערונג פון דער שרעקלעכער יידישער קאַטאַסטראָפע, אויף וועלכער ער האָט מיט די אייגענע אויגן געקוקט אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, ווערט ביי אים פאַרענדיקט אַזוי: „...און זאָל דער אַלמעכטיקער צונויפזאַמלען אַלע אונדזערע פּליטים און בויען וואָס גיכער דעם בית־המקדש. זאָל דאָס זיין,

גאָט, דיין ווילן!...". נישט דער טאָן פון ווייטיק דאָמינירט, טיפער ווי דער ווייטיק, ווי דער צער, איז — די גרויסע, גליִענדיקע האָפענונג.

אָבער — נאָך נישט טוניס איז דאָס לעצטע וואַנדער־אָרט פון זכותא. די אַנטי־יידישע כוואַליע שפּאַרט אָן אויך קיין אַפריקע. דער אַלטער זכותא מוז ווידער נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. אַ ניי קאַפּיטל וואַגלעניש און אַ נייע סטאַציע: טערקיי. די לעצטע. ענדגילטיק די לעצטע. אין טערקיי ווערט אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון לעצטן פון די דריי גרויסע שפּאַנישע יידן.

בכן. אַ לעבן פון פּלאָג, פון ליידן, פון מאַטערניש און וואַנדערונגען. אָבער וואָסער נוצן, וואָסער קאָלאָסאַלער נוצן, די וועלט האָט פונעם דאָזיקן לעבן געהאַט!

איינער אַ געלערנטער האָט לעצטנס ריזיקירט צו זאָגן: ווען נישט די וויסנ־שאַפטלעכע אויפטוען פון אַברהם זכותא, וואָלט צו יענער צייט נישט פאָרגעקומען די גוואַלדיקע באַוועגונג צו אַנטדעקן נייע שטיקער וועלט און דעראָבערן פרישע שטחים ערד.

אָט וויל קאָלאָמבוס זיך אַוועקלאָזן אין אַ ווייטער ים־רייזע. ער האָט אַ גאַנצן פּלאַן וועגן אַנטדעקן אַ נייעם וועג קיין אינדיע. אָבער אים זענען נויטיק געוויסע אַסטראָנאָמישע אָנווייזונגען צו דער דאָזיקער נסיעה אויפן אַטלאַנטישן אָקעאַן. און קאָלאָמבוס קלאַפּט אָן צו אַברהם זכותא. ער וויקלט פאַרן ייד אויף זיין פּלאַן, ער דערציילט, וואָסער באַדייטונג זיין עקספּעדיציע וועט האָבן פאַר שפּאַניע, דאָס לאַנד וואָס זיין בירגער איז דאָך אויך זכותא, און ער בעט ביים ייד:

— סעניאָר אַבראַהאַם! אַרבעט פאַר מיר אויס מאַטעמאַטישע, אַסטראָנאָמישע טאַבעלעס!...

און סעניאָר אַבראַהאַם זעצט זיך צו דער אַרבעט. ער מאַכט פאַר קאָלאָמבוסן טאַבעלעס. קאָלאָמבוס דערמאָנט זכותאס טאַבעלעס אין זיין טאָגבוך.

און צי איז דען סעניאָר אַבראַהאַם געקומען צו הילף בלויז קאָלאָמבוסן? — דער ביסקאָפּ פון סאַלאַמאַנקאַ דאָן גאָנזאַלאָ דע וויווערא האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ מומחה אויפן געביט פון אַסטראָנאָמיע. ער האָט אויך עפּעס וואָס וועגן אַסטראָנאָמיע געשריבן. געשריבן... מיט די הענט פונעם ייד. זכותא האָט פאַר־פאַסט אַ ספּעציעל ווערק מיט אַסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען פאַרן ביסקאָפּ, און פון דאַנען האָט דאָן גאָנזאַלאָ דע וויווערא געשעפּט זיינע ידיעות און קענט־שאַפט.

מיט די עצות פון סעניאָר אַבראַהאַם האָט זיך אויך פּאָרטוגאַל באַנוצט. דער באַוווּסטער פּאָרטוגאַלישער רייזנדער וואַסקאָ דאַ גאַמאַ פאַרברענגט — ערב זיין גרויסער רייזע אַרום דער וועלט — שעהען לאַנג אין דער געזעלשאַפט פון

אַברהם זכותא. דער יידישער געלערנטער אַרבעט פאַר אים אויס אַן אַסטראָנאָמישע סטרעלאָבע פון מעטאַל. די ערשטע סטרעלאָבע פון מעטאַל אין דער וועלט. און אויב וואָסקאָ דאַ גאַמאַס נסיעה איז אַריבער מיט דערפאָלג, איז עס, אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געשען, אַ דאַנק די אָנווייזונגען פון אַברהם זכותא.

זכותאס לייסטונגען פאַר דער דעמאָלטיקער וויסנשאַפט און דעמאָלטיקע ים־רייזנדערס זענען פון ערשט־ראַנגיקן ווערט. אָבער אין טאָג פון בושעווענדיקן צאָרן איז, ווי געזאָגט, פּלוצלונג פאַרשוווּנדן פון אַלעמענס זכרון דאָס צעטל פאַרדינסטן און אויפטועז פונעם ייד. אַברהם זכותא מוז היימלאָז אַרומבלאָנקען איבער די וועלט־שליאַכן. פאַר אַברהם זכותא איז נישטאָ קיין אָרט אין די אַלע לענדער, וואָס זענען אַ דאַנק אים אויסגעוואַקסן און רייך געוואָרן. אַברהם זכותא איז אַלעמענס אויסגענוצטער, אַלעמענס עקספּלאָאַטירטער, אַלעמענס פאַרגעסענער.

שטייען איצט די אַלטע אַסטראָנאָמישע טאַבעלעס אין טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק.

זיי שטייען ווי אַן אַלט־יאָריקער עדות און לעבעדיקער באַווייז פון אַן אַלט־נייער, אייביק־אַקטועלער געשיכטע.

מ׳קען זיין פריי פון וועלכער עס איז נאַציאָנאַליסטישער מעגאַלאָמאַניע און נאַציאָנאַליסטישער איבערטרייבונג, און דאָך קען מען — צוהערנדיק זיך צו דער שטים פון די פאַקטן — מיט אַ רויִק געוויסן פעסטשטעלן, אַז עס איז פּאַקטיש נישטאָ קיין איין וויכטיקע דערגרייכונג פון דער מענטשהייט, וואָס זאָל נישט האָבן צו פאַרדאַנקען אירע יסודות אונדז, יידן.

מיר זענען די פּיאָנערן פון קולטור געווען. מיר האָבן דער וועלט אַ רעליגיע און דעם אָנהויב פון עטיק געגעבן. מיר האָבן די גרונד־פּרינציפּן פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן אויסגעטראַכט. מיר האָבן די לערע, אויף וועלכער אַלע הייניטיקע ציוויליזירטע מלוכות זענען אויפגעבויט, געשאַפן. מיר האָבן דער וועלט דעם באַגריף פון סיסטעם און רעכט געגעבן. אַפילו דאָס אַזוי גערופענע רוימישע רעכט איז פון יידן באַפרוכפּערט געוואָרן. מיר האָבן די מענטשן שרייבן און לייענען אויסגעלערנט.

מיר זענען אויך די לערערס געווען אויפן געביט פוןווירטשאַפט. צווישן יידן זענען די ערשטע מענטשן מיט ברייטע ידיעות אין האַנדל און פינאַנסן דערשינען. מיר האָבן דאָס ערשטע וועקסל געשריבן. מיר זענען די מומחים אין אויסטויש, אין אימפּאָרט און עקספּאָרט געווען. פון דער עקאָנאָמישער שולע פון ייד ריקאַרדאָ האָבן געלערנט סיי די קאַפּיטאַליסטן, סיי די מאַרקסיסטן.

מיר האָבן ווייטע טעריטאָריעס פאַר דער מענטשהייט אַנטדעקט. אַ יידישער מאַראַן האָט דער ערשטער געטראָטן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. יידישע אונטער־

נעמערס זענען די דעראָבערערס פון האָלאַנדס קאָלאָניעס אין אַזיע געווען. אַ ייד האָט פאַר ענגלאַנד איר טעריטאָריע אין מערב־אַפריקע דערוואָרבן.

ביי יידן האָבן אַלע געלערנט ווי אַזוי צו גיין באַרג אַרויף. פון יידן האָט די וועלט געלערנט מעדיצין. פון יידן האָט זי געלערנט מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע. פון יידן האָט זי געלערנט דאָס, וואָס איז, דאַכט זיך, צום ווייטסטן דעם יידישן וועזן — טעכניק. ביי אַ ייד האָט דער דייטשער גראַף צעפּעלין די צעפּעלין־דער־פינדונג אָפּגעקויפט. אַ יידישער געלערנטער, האַבער, האָט די גאַנצע מאָדערנע כעמיע־וויסנשאַפט געשאַפן. פון אַ געדאַנקען־בליץ פון אַ יידישן פיזיקער, הערץ, קומט דער ראַדיאָ.

מיר זענען די ערשטע געווען, וואָס האָבן די מענטשן אָנגעוויזן אויפן ווערט פון אַרבעט; אָבער מיר זענען אויך די ערשטע, וואָס האָבן געברענגט דעם געדאַנק פון אַ רו־טאָג אין וואָך. דער קריסטלעכער זונטיק, דער מחמדאַנישער פרייטיק — אַלץ איז אַ פּלאַגיאַט פון יידישן שבת.

מיר זענען די ערשטע געווען וואָס פון זייער אַרבעט זענען די עגיפּטישע פּיראַמידן אַנטשטאַנען. מיר האָבן שפּעטער געקנאָטן דאָס ליים און די ציגל פאַרן רוימישן קאָלאָסעום. דורך אַ ייד איז אויך געבויט געוואָרן דער העכסטער וואָלקן־קראַצער אין היינטיקן ניו־יאָרק...

אויף אַלע פאַקולטעטן פון אַלע אוניווערסיטעטן אין גאָר דער וועלט קנעלט מען אונדזערע טעאָריעס. אין דער ליטעראַטור פון יעדן פאָלק און אין יעדער שפּראַך איז דאָ אַן ערשט־קלאַסיקער יידישער צושטייער. מיר זענען די אויס־קעמפערס פון יעדער אומאָפּהענגיקייט געווען. און אויב יוגאָסלאַוויע, למשל, איז היינט אַ פרייע מלוכה, איז עס דאָס פאַרדינסט פון יידישע פּאָליטיקערס. און אויב שלעזיע, למשל, געהערט היינט צו פּוילן, איז עס די לייסטונג פון ייד שמעון אַשכּנזי...

אַז די קריסטלעכע עוואַנגעליע איז דורך יידן געשריבן געוואָרן, איז גענוג באַקאַנט. אָבער נישט וויניקער אמת איז, אַז אַ ייד האָט אויך דעם אַראַבישן קאָראַן, פאַר מחמדן דעם אַנאַלפאַבעט, געשריבן...

מיט יאָרהונדערטער אַרבעט פון יידישן גייסט און יידישן מוח איז פול יעדער בלאַט אין דער וועלט־קולטור און אין דער וועלט־ציוויליזאַציע...

און — אַלס שׂכר פון דאָס אַלץ — לאָזט מען אונדז פון אונדזערע אייגענע אויפטוען נישט געניסן. מיר, די קולטור־טרעגערס, ווערן אין קיין שום לאַנד נישט פאַרטראָגן. מיר, די וועלט־באַרייכערערס, ווערן אומעטום פאַר אָרעמע־לייט אויסגעשטעלט. די אַקעראייזנס, וואָס מיר האָבן אויסגעשמידט, ווערן אומעטום אין שווערדן פאַרוואַנדלט קעגן אונדז...

— סעניאָר אַבראַהאַם, גיב מיר טאַבעלעס!...

און סעניאָר אַבראַהאַם גיט. און אַ „דאַנק" קריגט ער. אוי, קריגט ער!...

# מאַקדאָנאַלד

דער מענטש פון צוויי עפּאָכעס. אַזוי און נישט אַנדערש דאַרף אָנגערופן ווערן דער איצט־פאַרשטאָרבענער ענגלישער מלוכה־מאַן ראַמזיי מאַקדאָנאַלד. דער מענטש, וואָס אין אים זענען פאַרקערפּערט געוועזן די טענדענצן און שטרע־מונגען פון צוויי פאַרשידענע תקופות.

אַרום דער פּערזאָן פון ראַמזיי מאַקדאָנאַלד זענען געפירט געוואָרן העפטיקע קאַמפן. די קעגנגעזעצלעכסטע מיינונגען זענען וועגן אים געוואָרן אַרויסגעזאָגט. ווער עס האָט אים באַטראַכט פאַר אַן אידעאַליסט, ווער — פאַר אַ פאַררעטער. פאַר וועמען ער איז געווען — אַ מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, פאַר וועמען — אַ קאַריערעסט. אָבער אין ליידנשאַפט פון קאַמף איז פאַרזען געוואָרן דער עיקר. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד האָט געלעבט אויף דער שוועל פון צוויי יאָרהונדערטער. זיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אויסגעפאַלן אין די לעצטע צוויי יאָרצענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין די ערשטע פיר יאָר־צענדליקער פון איצטיקן יאָרהונדערט. און ווייל ער האָט אַן אַקטיוון אָנטייל גענומען אין די געשיכטלעכע פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך אינעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט אָפּגעשפּילט, און ווייל ער האָט זיך לייכט געלאָזט פאַרשלינגען פון די טענדענצן פון יעדן יאָרהונדערט, און ווייל ער האָט סוף־כל־סוף זיך נישט גע־רעכנט צו די גלייכצייטיקע כאַראַקטער־מענטשן, איז ער ממילא געוואָרן די פאַר־קערפּערונג פון צוויי תקופות.

פאַררעטער? — אידעאַליסט? — ווי לעכערלעך די דאָזיקע ווערטער מוזן קלינגען, ווען מען באַטראַכט מאַקדאָנאַלדן אין דער ראַם פון דער גרויסער געשיכטלעכער דראַמע, אין וועלכער ער האָט אַ ראָל געשפּילט.

זיין יוגנט. „איך בין אויפגעוואַקסן — שרייבט מאַקדאָנאַלד אַליין וועגן זיך — אין יאָרן, ווען פאַרביקע שמעטערלינגען זענען אין קרייז געפלויגן...".

איר קענט נישט זאָגן, אַז די וועלט זאָל דעמאָלט — אין לעצטן פערטל פון נײַנצנטן יאָרהונדערט — יאָ מיט זיך האָבן פאָרגעשטעלט אַ גן־עדן התחתון.

ווען איר וואַרפט אַ בליק אויף דער פּאָליטישער מאַפּע פון יענעם פּעריאָד, באַ־מערקט איר אַ סך שוואַרצע, פינצטער־שוואַרצע פינטעלעך. אַ צאַריש רוסלאַנד. אַ רעאַקציאָנער־קייזערלעך דייטשלאַנד. אין אַ גאַנצער רייע לענדער געפינט זיך די מאַכט אין דער האַנט פון ברוטאַלע דעספּאָטן. אָבער איר מוזט דאָך מודה זיין: מאַקדאָנאַלד האָט רעכט. פאַרט געווען „אַ צייט פון פאַרביקע שמעטערלינ־גען". אַ צייט פון שיינע אידעען, גרויסע האָפענונגען און פאַרביקע חלומות. אַ צייט, וואָס האָט געאָטעמט מיט העראָיזם, מיט קאַמף. אַ צייט ווען די מענטשן אין גאָר דער וועלט זענען פול געווען מיט גלויבן אין די שיינע טעג, וואָס וועלן היינט־מאָרגן אָנרוקן פאַר אַלע אונטערדריקטע און באַעוולטע.

און ראַמזיי מאַקדאָנאַלד ווערט די פאַרקערפּערונג פון יענעם גרויסן, גליִען־דיקן גלויבן.

ער קומט פון אַ פישער־הייזל. פון אַ פאַמיליע, וואָס שטעלט נישט צו קיין פּאָליטישע פירערס פאַר ענגלאַנד, וואָס שטעלט נאָר צו — פּראָלעטאַריערס פאַר די ענגלישע קוילן־גרובנס, פאַר די פאַבריקן אין מאַנטשעסטער און ליווערפּול. אין אָרעמקייט און נויט גייט פאַרביי די קינדהייט פון ראַמזיי מאַקדאָנאַלד. די אָרעמקייט באַגלייט אים אויך אין זיין ווייטערדיקן לעבנסוועג. מאַקדאָנאַלד פאַר־לאָזט דאָס פישער־הויז. ער וואַגלט איבערן לאַנד. ער זוכט באַשעפטיקונג. אָט איז ער אין אַ פאַבריק. אָט — אין אַ געשעפט. אָבער — צי איז מאַקדאָנאַלד דערשלאָגן, מוטלאָז? — ניין. דאָס נישט. ס'איז דאָן נישט קיין צייט פון פאַר־צווייפלונגס־שטימונגען. מאַקדאָנאַלד קומט אָן קיין לאָנדאָן. ער ברעכט זיך אַדורך אַ וועג. באַזיצט קוים די בילדונג פון אַן עלעמענטאַרער שולע, און ער וואַקסט דאָך אויס אַלס באַדייטנדיקער זשורנאַליסט. מאַקדאָנאַלד איז פעיִק, באַגאַבט. אָבער מער ווי דאָס: ער גלייבט. ער טראָגט אין זיך דעם ווילן צו אויפשטייג. צו עקשנותדיקן קאַמף פאַר אַנדערע. פאַר אַ בעסער, גערעכט לעבן.

ראַמזיי מאַקדאָנאַלד טרעט אַריין אין דער ענגלישער אַרבעטער־פּאַרטיי, די אַזוי גערופענע: „לייבאָר־פּאַרטיי". גענויער: ער איז איר גרינדער. ביז צו יענער צייט עקזיסטירט נישט אין ענגלאַנד קיין אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועַ־גונג. עס איז דאָ די באַקאַנטע „פאַביאַן־פּאַרטיי". אָבער זי האָט גיכער אַ ראָמאַנ־טישן כאַראַקטער, און עס געהערן צו איר ווייניק אַרבעטערס און דאָס רוב אינטע־לעקטואַליסטן, ווי, למשל, בערנאַרד שאָו, אָועלס און אַנדערע. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד אָרגאַניזירט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין ענגלאַנד. ער איז דער פירער, און אויך — דער טעאָרעטיקער. אַ דאַנק זיין איינפלוס אַנטשליסט זיך די ענגלישע אַרבעטער־באַוועגונג אונטערצונעמען פּאָליטישע אַקציעס, אַרויסשטעלן אַן אייגענע ליסטע צו די פאַרלאַמענט־וואַלן, און בכלל אַרויסטרעטן מיט אַ פּאָליטישן פּראָ־גראַם. בעת די וואַלן צום פּאַרלאַמענט אין יאָר 1906 נעמט די אַרבעטער־פּאַרטיי צום ערשטן מאָל אָנטייל אינעם עלעקטאָראַלן פאַרמעסט. מאַקדאָנאַלד פירט דורך

די קאַמפּאַניע מיט דערפאָלג. עטלעכע פערציק אַרבעטער־דעפּוטאַטן גייען מיט אַ מאָל אַריין אין פּאַרלאַמענט. 1906 איז אַ וויכטיקע דאַטע אין דער היסטאָריע פון ענגלישן פּאַרלאַמענטאַריזם.

אינעם בוך פון באַקאַנטן יידיש־פראַנצויזישן שריפטשטעלער אַנדריי מאַרואַ וועגן ענגלישן קעניג עדוואַרד דעם זיבעטן, געפינט איר אַן אינטערעסאַנטע שיל־דערונג וועגן דעם ערשטן אַריינמאַרש פון די ענגלישע סאָציאַליסטן־דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט. אין אַן אַנדער לאַנד וואָלט אַזאַ געשעעניש אַרויסגערופן אַ שטיקל פּאַניק און צערודערונג, אָבער ענגלאַנד האָט דעם פאַקט אויפגענומען רויִק, מיט פאַרשטענדעניש און מילדן שמייכל. מאַרואַ דערציילט, אַז די נייע ענגלישע דעפּוטאַטן האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך צו האַלטן. זאָלן זיי אַרויס־טרעטן, ווי אַרבעטער־פאָרשטייערס, אָדער זאָלן זיי זיך באַמיִען צו מאַכן דעם איינדרוק פון דזשענטלמענער? — אַ סך זענען געקומען אין פראַק און צילינדער, אָבער אַ טייל זענען געווען אָנגעטאָן אין טאָג־טעגלעכע, גרויע מאַרינאַרקעס. די אַרבעטער־דעפּוטאַטן האָבן זיך געריכט צו הערן שפּאָטישע באַמערקונגען. אָבער ווי איבערראַשט זענען זיי געוואָרן, ווען די דעפּוטאַטן פון אַנדערע פּאַרטייען, לאַנג־יאָריקע דזשענטלמענער, האָבן צו זיי זייער פריינדלעך זיך באַצויגן. אויך דער קעניג עדוואַרד אַליין האָט מיט די אַרבעטער־פאָרשטייערס זיך צונויפגע־רעדט אין אַ גאַר האַרציקער פאָרעם... די דעפּוטאַטן פון דער לייבאָר־פּאַרטיי ווערן, ווי גלייכבאַרעכטיקטע, איינגעגלידערט אין פּאַרלאַמענט.

אָבער ראַמזיי מאַקדאָנאַלדן גייט נישט בלויז וועגן זיצן אין די באַקוועמע פּאַרלאַמענט־פאָטעלן.

אים גייט וועגן אויסקעמפן רעאַלע זאַכן.

דעמאָקראַטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, קענען נאָך אין יענע יאָרן קעמפן...

שוווּנג, איניציאַטיוו, ענטוזיאַזם, פאַרמאָגט די דעמאָקראַטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, אין פּוילן, אין איטאַליע און אין אַנדערע לענדער.

און ווען דער ענגלישער קעניג, טאַקע דער אויבן דערמאָנטער עדוואַרד דער זיבעטער, באַשטימט צוליב „פריינדשאַפט־צוועקן" זיך צו טרעפן מיטן צאַר ניקאָליי אין רעוועל, הייבט ראַמזיי מאַקדאָנאַלד אויף אַ גרויסן פּראָטעסט־אַליאַרעם. ער פאַרעפנטלעכט אַן אומגעוויינלעך שאַרפן אַרטיקל אונטערן נאָמען „אַ באַליידיקונג פאַר ענגלאַנד". ער שרייבט, אַז עס איז אַ סקאַנדאַל, דאָס אַ קעניג פון אַ ליבע־ראַלער מלוכה זאָל פראַווען פריינדשאַפט מיטן צאַר ניקאָליי. ווער איז ער דאָס, דער מעדאַלן באַהאָנגענער רוסישער קייזער? — פרעגט מאַקדאָנאַלד אין זיין אַרטיקל, און ער ענטפערט: — אַ טיראַן, אַ מערדער, אַ דעספּאָט פון אַ לאַנד, ווו עס הערשט באַרבאַריזם, אַנטיסעמיטיזם, און ווו די תּפיסות זענען פול מיט פּאָליטישע אַרעסטאַנטן... מאַקדאָנאַלד אָרגאַניזירט אַ שטורמישע אַקציע קעגן דאָזיקן „פּאָליטישן ראַנדעווו": ער רופט צונויף פּראָטעסט־מיטינגען פון ראַדיקאַלן

און אַרבעטערס, און ער שרעקט זיך אויך נישט אָפּ, ווען מען גיט אים אָנצו־הערן, אַז „זיין מאַיעסטעט דער קעניג" איז צוליב דעם פול מיט גרימצאָרן... אין נאָמען פון אַן אידעע, קען מאַקדאָנאַלד שטעלן אַלץ אין קאָן, זיין קאַריערע, זיין רעפּוטאַציע...

און בעת אין יאָר 1914 ברעכט אויס דער וועלטקריג, דערשיינט ווידער ראַמזיי מאַקדאָנאַלד, ווי דער מענטש פון גרויסן ציווילן מוט. גענוי ווי זשאָרעס אין פּאַריז, ווי ליבקנעכט אין בערלין, הייבט ער אויף זיין שטים קעגן דער בלוטבאָד, אין וועלכער די מענטשן ווערן אַריינגעיאָגט. מאַקדאָנאַלד נעמט אָן אַן אַנטשלאָסענע שטעלונג קעגן דער מלחמה. ער ווערט פאַרשריגן פאַר אַ שפּיאָן; מ׳רופט אים אין די בלעטער: „קרעציקער, מצורע"; מען שליסט אים אויס פון קלובן, צו וועלכע ער געהערט; קינדער לויפן אים נאָך אין גאַס און שרייען „פאַררעטער"; מ׳דאַרף פילן, און פאַרשטיין, וואָס דאָס אַלץ באַדייט פאַר אַ לאָיאַלן ענגלישן בירגער — און לאָיאַל זענען דאָך אויך די ענגלישע סאָציאַליסטן — אָבער מאַק־דאָנאַלד האָט אין זיך דעם כּוח צו שטיין איינער אַליין קעגן אַלע...

זיין כּוח איז עס? — אַוודאי. אָבער עס איז אויך דער כּוח פון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין יענע יאָרן, דער כּוח פון אַ באַוועגונג, וואָס אירע פירערס און מיטגלידער זענען גרייט צו ליידן פאַר זייערע איבערצייגונגען...

און אין דער פּאָזיציע פון ערלעכקייט צו זיך אַליין, פאַרבלייבט אויך מאַק־דאָנאַלד אין די נאָך־מלחמה־יאָרן. אין די ערשטע, נאַטירלעך. עס איז פעלקער־פריילינג. אַ נייער וואַריאַנט פון יענע „פאַרביקע שמעטערלינגען", וועגן וועלכע מאַקדאָנאַלד האָט אין דער יוגנט געשריבן. די מענטשן ניכטערן זיך אויס פון דער מלחמה־שכּרות. די דעמאָקראַטיע שפּילט דאָ און דאָרט די ערשטע פידל. דורכן אָפּגעבן די שטים אויף די דעמאָקראַטישע ליסטעס, גלייבן די מענטשן צו לייגן ציגל פאַר אַ נייעם מאָרגן. און אין ענגלאַנד דערגייט די לייבאָר־פּאַרטיי סוף־כּל־סוף צו דער מאַכט. אין יאָר 1924 שאַפט ראַמזיי מאַקדאָנאַלד דעם רעגי־רונגס־קאַבינעט. דער ערשטער פּרעמיער־מיניסטער אין דער בריטישער אימפּע־ריע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ פישער־הייזל!...

מאַקדאָנאַלד אַלס פּרעמיער באַמיט זיך ווירקלעך אַדורכצופירן אַ רייע דעמאָ־קראַטישע פּאָסטולאַטן. ער לייגט געוויכט אויף סאָציאַלע רעפאָרמעס. ער ברענגט אַריין אַן אויפריכטיקן פרידן־טאָן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דייטש־לאַנד ווערט אַריינגענומען אין פעלקער־בונד. מיטן ראַטן־פאַרבאַנד ווערן איינ־געשטעלט גוטע באַציִונגען.

מאַקדאָנאַלד ווייזט אויך אַרויס סימפּאַטיע פאַרן יידישן אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל. ער האָט מיטגעפילט פאַר דער יידישער גלות־מאַרטיראָלאָגיע. ער דריקט אויס זיין באַוווּנדערונג פאַר די דערגרייכונגען פון די יידן.

און — די דראַמאַטישע פּאַסירונגען פון די לעצטע 10־15 יאָר וויקלען זיך

מיט טעמפאָ און אומגעווײנלעכער געשפּאַנטקייט. מאַקדאָנאַלדס קאַבינעט פאַלט. מפּלות פון דער לייבאָר־פּאַרטיי. און ווידער נצחונות. אין יאָר 1929 איז מאַק־דאָנאַלד אויף ס׳ניַי ביי דער מאַכט. איין יאָר, נאָך אַ יאָר — און — אַנדערער מאַקדאָנאַלד דערשיינט. מאַקדאָנאַלד הייבט אָן פירן אַן אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיק. ער, דער אויסגעשפּראָכענער דעמאָקראַט, דער פאָלקס־טריבון, פירט אַדורך פאָלקס־פיינטלעכע געזעצן, אַנטי־אַרבעטער־פאַראָרדענונגען. ער גיט ענדלעך אַ קלאַפּ מיט דער טיר. ער גייט אַוועק אין גאַנצן פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, שפּאַלט די פּאַרטיי. שאַפט אַ רעגירונג צוזאַמען מיט די קאָנסערוואַטיוון, די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע רעגירונג״, אַ קאַבינעט אין וועלכן די קאָנסערוואַטיוון האָבן פּאַקטיש די דעה. ער פרייט זיך, וואָס כאָטש די אילוזיע פון מאַכט איז אין זיין האַנט פאַרבליבן, וואָס כאָטש אַ צאַצקעלע האָט מען אים איבערגעלאָזט: נאַ, שפּיל זיך, רעד דיר איַין, אַז דו רעגירסט ווייטער!...

און ווי עס ענדערט זיך דער דאָזיקער געוועזענער קעמפער פאַר פרייהייט און מענטשן־רעכט!

ער ווערט דער „אידעענלאָזער פאַרבויגער״, דער פּאָליטיקער אָן ליניע און חוט־השדרה.

סאַראַ מאָדנע פּאָליטיק ער פירט, למשל, לגבי דייטשלאַנד. מאַקדאָנאַלד — דער אַמאָליקער אַליאַרעם־אויפהייבער צוליבן צונויפטרעף פון ענגלישן קעניג מיטן צאַר — מאַכט היטלערן די פאַרשידנסטע קאָנצעסיעס. ער שליסט מיט היטלער־דייטשלאַנד דעם פיר־פּאַקט. ער ציט דער ערשטער אַרויס היטלערן פון דער איזאָלירונג. מאַקדאָנאַלד פּראָטעסטירט נישט קעגן דעם בושעווענדיקן דייטשן טעראָר, קעגן דעם הוליענדיקן ראַסיזם, קעגן דעם קורס פון רשעות און טיראַני. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד פירט אַן אָפענע פּראָ־דייטשע פּאָליטיק. מיט זיין טאַקטיק העלפט ער באַגראָבן דעם פעלקער־בונד און מאַכט היטלערן גרויס און פעט.

אַזאַ איז ראַמזיי מאַקדאָנאַלד אין דער צווייטער תקופה פון זיין לעבן.

אָבער — צי איז אַ צווייטע תקופה אַריינגעטראָטן בלויז אין מאַקדאָנאַלדס לעבן? — צי איז דען נישט דער זעלביקער בין־השמשות אַריינגעטראָטן אין דער גאַנצער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, אין דער גאַנצער דעמאָקראַטישער מחנה, און צי איז נישט מאַקדאָנאַלד נאָר — די שאַרפע פאַרקערפּערונג פונעם דאָזיקן בין־השמשות, וואָס האָט אָנגערוקט פאַר דער דעמאָקראַטיע?...

מאַקדאָנאַלדס פריינד און חברים האָבן אים אין די לעצטע יאָרן פאַרשריגן אַלס פאַררעטער — אָבער איז דען דאָס דאָזיקע צעשיידן מיט די אַלטע פרייהייטס־אידעאַלן געווען זיין פערזענלעכע זינד, זיין פערזענלעכער פאַרראַט? — איז דען דאָס נישט דער טראַגישער ריס פון דער גאַנצער אייראָפּעיִשער דעמאָקראַטיע?...

מאַקדאָנאַלד איז דעמאָנסטראַטיוו אויסגעשטיגן פון דעמאָקראַטישן טראַמווײַ, אָבער זענען דען פאַרבליבן געטריי דער דעמאָקראַטישער אידעע אַ סך פון די, וואָס זענען יאָ ווייטער געפאָרן אינעם זעלביקן טראַמווײַ ?...

„מאַקדאָנאַלד דער אָנזעצער" — ווי פּאַטעטיש דאָס קלינגט ! — אָבער האָט דען נאָר איין מאַקדאָנאַלד אָנגעזעצט ? — זענען דען נישט די זעלביקע אָנזעצערס אַ סך אַנדערע, הגם זיי האָבן נישט עפנטלעך געגעבן קיין גט דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג ?...

און אויב עס זענען ביי דער דעמאָקראַטישער שילד פאַרבליבן די אַלע פאַרטייען, וואָס האָבן אין דייטשלאַנד גערופן צו שטימען פאַר דער קאַנדידאַטור פון יונקער הינדענבורג אַלס פּרעזידענט און אַזוי אַרום געעפנט טיר און טויער פאַרן היטלעריזם, טאָ איז וואָס ? — הייסט דאָס נישט — באַנקראָט ? — הייסט דאָס נישט — קאַפּיטולאַציע ? — באַדייט דאָס נישט — פאַרטאַכלעוועט, לייכטזיניק פאַרטאַכלעוועט דעם גרויסן קאַפּיטאַל פון פאָלקס־צוטרוי, וואָס די דעמאָקראַטיע האָט געהאַט ?

„מאַקדאָנאַלד האָט אָפּגעמעקט די גאַנצע הערלעכקייט און ערלעכקייט פון זיין לעבן" — אַזוי איז וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם ענגלישן מלוכה־מאַן געשריבן געוואָרן. אָבער האָט דען די דעמאָקראַטיע עפּעס אַנדערש געטאָן די לעצטע יאָרן, ווי — געמעקט, געשטראָכן די בלעטער פון העראָיזם אין איר געשיכטע ? — זענען דען נישט צו קליינגעלט געמאַכט געוואָרן שיינע, באַפליגלטע אידעען ? — צי זענען נישט אין אַ בלינד געסל פאַרבלאָנדזשעט יענע דעמאָקראַטן, וואָס בעת זיי זענען געשטאַנען ביי דער מאַכט האָבן זיי מיטן ראַדיאָ פאַר אַגיטאַציע־צוועקן זיך נישט געוואָלט באַנוצן, ווייל דאָס וואָלט געווען „פּאַרטייִישקייט" ? — צי האָבן נישט טאָג־איין, טאָג־אויס געשענדט די דעמאָקראַטישע אָנשויונג יענע „דעמאָקראַטן", וואָס האָבן שטילשווייגנדיק זיך צוגעקוקט צו בושעוועדיקע אַנטי־יידישע העצעס און צו כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידן ? יענע „דעמאָקראַטן", וואָס האָבן אין אַ זיסן דרימל זיך פאַרנויגט ביים אויפקום פון פינצטערן שאָוויניזם ? יענע „דעמאָקראַטן", וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם ? — צי איז נישט פאַרקריפּלט געוואָרן דער דעמאָקראַטישער פּראָגראַם דורך די, וואָס האָבן אַ שאַנס געהאַט דעם פאַשיזם צו באַקעמפן, און אים נישט באַקעמפט, אדרבא, געהאָלפן — מיט זייער טעמפּקייט — מגדל צו זיין די פאַשיסטישע בעסטיע ?...

מאַקדאָנאַלד דער פאַררעטער — אָבער וואָס איז דער באַלאַנס פון אַ סך דעמאָקראַטישע שריט און טאַטן אין די נאָך־מלחמה־יאָרן, אויב נישט — איין מוראדיקער, איין שרייענדיקער פאַרראַט ?...

עס מוז צוגעגעבן ווערן: אין אַ נייער תקופה טרעט איצט אַריין די דעמאָ־קראַטיע.

די דעמאָקראַטישע באַוועגונג אָרגאַניזירט זיך היינט פון דאָס ניי.

די לעצטע געשעענישן האָבן געגעבן אַ האַרטע לערע, און דאָ און דאָרט ווערן געמאַכט פּרוּוון אומצוקערן זיך צום אַמאָליקן שווונג.

ווי נאָך אַ פּאַריונגערונגס־אָפּעראַציע זעט איצט אויס די דעמאָקראַטיע. אין אַ גאַנצע רייע לענדער, און אויך אין פּוילן.

אָבער אַריינגיין אין אַ נייער, אין אַ דריטער תקופה, איז שוין פּאַר מאַק־דאָנאַלדן געווען אוממעגלעך. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד איז געווען מיד, אויסגעמאַטערט. זיבעציק־יאָריק. אויגן־קראַנק. קורצזיכטיק. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד איז געשטאָרבן.

## אַז עק צו דער אומווירדיקער קאָמעדיע!

מיר לייענען מיט סאַטיספאַקציע די לעצטנס אַלס אָפטערע דערקלערונגען פון פאַרשידענע אינטעלעקטועלע און הויכשול־פּראָפעסאָרן קעגן דער שאַנד פון דער געטאָ־פאַראָרדענונג. מיר לייענען די דאָזיקע פּראָטעסט־דערקלערונגען מיט דאָפּלטער סאַטיספאַקציע, ווייל אין זיי ווערט די מיטל־עלטערלעכע גזירה, וואָס איז געווענדט קעגן יידן אויפגעפּאַסט ווי אַ זאַך, וואָס איז נוגע נישט בלויז יידן, ווייל אין זיי ווערט געזאָגט, אַז דער אַנטי־יידישער קרייצצוג באַדייט גלייכצייטיק אַ קרייצצוג קעגן דער מענטשהייט און קעגן די עלעמענטאַרסטע פּרינציפּן פון דער עטיק, ווייל אין זיי ווערט פאַרטיידיקט נישט בלויז די יידישע שטעלונג, נאָר עס ווערט אויך אין שוץ גענומען דאָס לעצטנס אַזוי פאַרשוועכטע וואָרט: קולטור, דער לעצטנס אַזוי פּראָפאַנירטער באַגריף: מענטשלעכקייט. אָבער מיר מיינען, אַז אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין, ווי ביז איצט, וועלן מער אַזעלכע פּראָטעסט־דערקלערונגען נישט גענוג זיין. אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין ווי ביז איצט, און אויב עס וועלן נאָך אַלץ פאַרבלייבן מענטשן פון אײדעלן גייסט און פילבאַרן געוויסן, דאַן וועלן מיר אין איין העלן פרימאָרגן לייענען אין די צייטונ־גען אָט אַזאַ דערקלערונג:

— „מיר, אונטערגעשריבענע פּראָפעסאָרן, וויסנשאַפטס־מענער, דענקערס, שריפטשטעלערס, דיכטערס, דערפינדערס — די לעצטע אין דער משפחה אינטע־לעקטועלע און פען־מענטשן, וואָס זענען פאַרבליבן געטריי די אידעען פון מאָראַל און קולטור, די לעצטע, וואָס טראָגן הויך די פאָן פון מענטשלעכקייט, די לעצטע, וואָס האָבן אין דער היינטיקער צייט פון פאַרקויפלעכקייט נישט פאַרקויפט זייער וואָרט, זייער געדאַנק, זייער טאַלאַנט — געפונען זיך געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיט פאָלגנדיקער דעקלאַראַציע:

נאָך אַ לענגערן מיינונגס־אויסטויש, נאָך אַן אויספירלעכער קאָרעספּאָנדענץ צווישן אונדזערע מיטגלידער אין די פאַרשידענע מדינות, זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז אין דער איצטיקער וועלט וואָס ווערט פאַרפלייצט פון באַרבאַ־ריזם, קענען מיר מער נישט יוצא זיין מיט סתם פּראָטעסטן.

מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן איבערצורייסן אונדזערע אַלע טעטיקייטן. מיר

האָבן באַשלאָסן צו צעברעכן אונדזערע פעדערס און מער נישט צו שרייבן; צו שליסן די לאַבאָראַטאָריעס און מער נישט צו פאָרשן; מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אונדזערע אַקאַדעמישע קאַבינעטן.

מיר האָבן באַשלאָסן אַזוי צו טאָן אַ שטיקל צייט — ביז עס וועט נישט אָפּפאַלן די כוואַליע פון באַרבאַריזם און מיר וועלן קענען זיכער זיין אַז די פרוכטן פון אונדזער מי וועלן נישט אַריינפאַלן אין די נישט־ריכטיקע הענט.

מיר פאַרשטייען, אַז עס וועלן זיך געפינען אַזעלכע וואָס וועלן אונדז פאַרן דאָזיקן באַשלוס קריטיקירן; עס וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן זאָגן, אַז דאָס איז אַ פאַרצווייפלונגס־שריט; עס וועלן זיך אויך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן אונדז נאָכשרייען: „דעזערטירערס!״...

אָבער אַן עדות איז אונדזער געוויסן: מיר קענען נישט אַנדערש.

מיר קענען מער רויִק נישט קוקן, ווי אונדזערע ווערק ווערן פאַרקריפּלט; מיר קענען מער רויִק נישט זען, צו וואָסער תּכלית עס איז אויסגעשטעלט אַלץ, פאַר וועלכן מיר האָבן אַרבעטספולע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, אונדזער טאַלאַנט, אונדזער ענטוזיאַזם אַוועקגעגעבן...

די ביכער, וואָס מיר שרייבן ווערן געלייענט, אָבער פרעמדע, פּסולע כּוונות ווערן אין זיי אַריינגעגעבן, די אַנטדעקונגען, וואָס מיר מאַכן ווערן אויסגענוצט, אָבער צו פרעמדע, טריפהנע צוועקן; די פאָרשונגען צו וועלכע מיר דערגייען, ווערן אָנגעווענדט, אָבער צו פרעמדע, מיאוסע צילן, צילן, וואָס זענען אונדז צו מאָל אויפן רעיון נישט געקומען, וועלכע מיר האָבן צו מאָל אין חלום נישט געזען!

דאָס איז אַ סאַדיזם, וואָס שטייגט איבער מיט זיין גרויזאַמקייט אפשר דעם סאַדיזם פון דער אינקוויזיציע.

דאָס איז, ווי דו וואָלסט געזען, ווי דיין קינד ווערט ביי דיר צוגערויבט, דאָס קינד אין וועלכן דו האָסט אַלע דיינע טרוימען געוואָלט פאַרווירקלעכן, און עס ווערט — דיר אויף די אויגן — פאַר אַ גזלן, פאַר אַ רוצח דערצויגן!

און דאָס וויטיקלעכסטע: קעגן דער פאַרקריפּלונג, וואָס ווערט איבער אונדזערע ווערק באַגאַנגען כּל־זמן מיר לעבן, האָבן מיר נאָך כאָטש די מעגלעכקייט צו פּראָטעסטירן. ערגער איז, טרויעריקער איז, וואָס מיר ווערן געשענדט אַפילו — נאָכן טויט.

אין אונדזער צייט ווערן פאַרשטאָרבענע אינטעלעקטואַלן פון קבר אַרויסגע־צויגן; אין אונדזער צייט ווערן פאַרשטאָרבענע פּען־מענטשן אונטער אַ קאָמאַנדע געשטעלט; אין אונדזער צייט מוזן פאַרשטאָרבענע דענקערס נאָכזאָגן יעדן שפּרוך, וועלכן יעדער גאַסניונג און יעדער אַפּעריסט לייגט זיי אַריין אין מויל...

די קולטור־וועלט רעדט מיט אויפרעגונג וועגן די באַנדיטן פון אַלטערטום, וואָס פלעגן אין די קברים פון די פּרעהס זיך אַריינקריגן, בכדי פון דאָרטן

אַרויסצוגנבֿענען דאָס גאָלד און זילבער, און אַפילו אַרויסרייסן פון מויל פון די טויטע קעניגן די גאָלדענע ציין. די קולטור־וועלט דערמאָנט די דאָזיקע אונטער־וועלט־לייט מיט פאַראַכטונג, און רופט זיי אָן מיטן ריכטיקן נאָמען: וואַנדאַלן. אָבער ווערט דען נישט אָן ענלעכער וואַנדאַליזם געטריבן אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט? — אָדער אפשר איז מיט אינטעלעקטואַלן דערלויבט צו טאָן דאָס, וואָס עס איז נישט דערלויבט צו טאָן מיט — קעניגן?...

מיר וועלן אַלס ביישפּיל באַהאַנדלען דעם גורל פון אונדזערע קאָלעגן, וואָס זענען באַשעפטיקט אין דער ליטעראַטור, הגם מיר געפינען פאַר נויטיק אונטער־צושטרייכן, אַז דעם זעלביקן גורל טיילן היינט צו טאָג אַלע מענטשן פון גייסט, און נישט דווקא די שריפטשטעלערס. עס וועט זיך דאָך קיינער נישט וווּנדערן, ווען מיר וועלן דאָס ערשטע אָרט אויפן געביט פון פאַרקריפּלונג אָוועקגעבן — היטלער־דייטשלאַנד. אָט אַזוי איז דאָס געווען: די היטלער־גדולים האָבן די ערשטע צייט נאָך דעם, ווי זיי האָבן דעראָבערט די מאַכט, זיך געפונען אין אַ שטיקל פאַרלעגנהייט, די היטלער־גדולים האָבן לשם דעם דערפאָלג פון זייער פּראָגראַם באַדאַרפט פאַרן דייטשן פאָלק באַווייזן, אַז די וואָרצלען פון היטלעריזם שטעקן טיף אין דער דייטשער ליטעראַטור. ווי אויף צו להכעיס אָבער זענען דווקא די באַדייטנדיקע פאָרשטייערס פון דער דייטשער ליטעראַטור ווייט געווען פון אַלץ, וואָס דער נאַציזם פּראָקלאַמירט. יאָ, אַ פאַרלעגנהייט. אָבער גיך איז אויסגעפונען געוואָרן אַן אויסוועג. פעלשונגען, פאַרקריפּלונגען זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג און איבער אַלץ — ציניזם. און — מיטן כּוח פון שווינדל איז פאַר אַ היטלעריסט געקרוינט געוואָרן דער ריז פון דער דייטשער ליטעראַטור, געטע. פאַר אַ היטלעריסט איז געקרוינט געוואָרן דער פרייהייטס־דיכטער שילער, ווי אַ היטלעריסט ווערט אַפילו באַטראַכט דער אויסגעשפּראָכענער יידן־פריינד, דער מחבר פון דער באַקאַנטער פילאָסאָפישער דראַמע „נתן דער חכם", לעסינג. אין היטלער־לאַנד שפּאַצירן זיי היינט אַלע דריי געאָרעמט, געטע, שילער, לעסינג. אַלע דריי טראָגן אין לאַץ אַ האַקנקרייץ, און אַלע 3 ליאַרעמען זיי: — „הייל היטלער!"...

פאַר אייך איז דאָס, קען זיין, אַ קאָמיש בילד, פאַר אונדז אָבער, וואָס שטייען שוין ביים וואַרשטאַט פון שאַפן, איז דאָס אַ טראַגעדיע. ווו נאָך טרעט אַרויס שאַרפער די שענדונג פון מענטשן? — ווו נאָך טרעט זי אַרויס טראַגישער, דייטלעך־טראַגישער?...

אונדז פעלט די גאַראַנטיע, צי אויך מיר וועלן צום זעלביקן חוזק, צו די זעלביקע קאָמעדיאַנטן, נישט אויסגעשטעלט ווערן.

וואָרום אויף דער דאָזיקער הפקרות און הימל־שרייענדיקער אַפערע וואַגט נישט היינט בלויז נאַצי־דייטשלאַנד.

מיר זענען אויפגעציטערט געוואָרן לייענענדיק לעצטנס וועגן דעם פּאָגראָם,

וואָס איז אין פּוילן, למשל, אויסגעפּירט געוואָרן איבער דער שריפטשטעלערין עליזאַ אָזשעשקאָוואַ.

אין אַ רייע רעאַקציאָנערע פּוילישע צייטשריפטן האָבן זיך באַוויזן אַרטיקלען, אין וועלכע עס ווערן געמאַכט די פאַרשידנסטע אַקראָבאַטישע באַמיִונגען פאַרצושטעלן אָזשעשקאָוואַן פאַר אַ... רעאַקציאָנערע שריפטשטעלערין, אַפילו, פאַר אַן אַנטיסעמיטקע.

נישט אמת — ווערט אין די דאָזיקע אַרטיקלען געזאָגט — אַז אָרזשעשקאָוואַ איז געווען אַ יידן־פריינדין; זי האָט פאַקטיש געהערט צו אונדז, אין אונדזער לאַגער געשטאַנען, אין „נאַראָדאָווען" לאַגער; זי האָט פאַקטיש געשריבן יידן־פיינדלעכע דערציילונגען...

(„פאַקטיש!)...

דאָס איז דאָך אַ פעלשונג, וואָס מוז די רויִקסטע צווישן אונדז, די פלעגמאַטישסטע, פון געדולד אַרויספירן!

אָזשעשקאָוואַ אַ יידן־פיינדין? — צי איז דען נישט אָזשעשקאָוואַ דווקא די שריפטשטעלערין, וואָס האָט אין איר גאַנצער ליטעראַרישער און פובליציסטישער טעטיקייט אָפּגעהיטן דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון עלעמענטאַרן הומאַניטאַריזם, וואָס דערלויבט נישט קיינעם צו באַליידיקן, קיינעם צו באַוווּלען? — צי האָט נישט אָזשעשקאָוואַ אין אירע ווערק אַרויסגעבראַכט זעלטן־באַחנטע יידישע געשטאַלטן און זעלטן לויטערע יידישע כאַראַקטערן? — צי האָט זי נישט אין איר דערציילונג „גדליה" מיט רירנדיקער וואַרעמקייט געצייכנט אַ טיפּ פון אַן אָרעמען יידישן הענדלער, וואָס פירט אַ לעבן פון הונגער, נויט און רדיפות, און וועלכער פאַרלירט דאָך נישט, טראָץ אַלעם, די האָפענונג אויף שענערע און זוניקערע טעג; וועלכער גייט אין דער וועלט מיט אַ שטראַל פון אינערלעכן בטחון און מיטן גלויבן, אַז אַ צייט פון יושר און ליבשאַפט וועט נאָך אָנרוקן פאַר די מענטשן? — צי איז זי נישט אין איר נאָוועלע „רינגען" אַרויסגעטראָטן מיטן רוף אָפּצווישן אַלע קליינלעכע עגאָיִסטישע אונטערשיידן צווישן מענטש און מענטש, צווישן נאַציע און נאַציע, און דערזען דאָס, וואָס איז פאַר אַלע מענטשן געמיינזאַם?

האָט נישט אָזשעשקאָוואַ אויסגעלאַכט מיט טיפן צער די גיפט־פאַרשפּרייטערס שוין בלויז מיט אירע ווערטער, אַז — „ווער מיר זאָלן דאַ, אויף דער ערד נישט זיין, וואָסערע עס זאָלן נישט זיין אונדזערע נעמען און מלבושים, איין בשותּפותדיקער הימל וועט סיי ווי צונויפשמידן אַלע בית־עלמינס?" — צי איז נישט אָזשעשקאָוואַ די אומפאַרגלייכלעכע שילדערין אין דער וועלט־ליטעראַטור פון יידישן ווי און פון דער אומעטיקער יידישער ווירקלעכקייט? — אמת, די יידן זאָגן וועגן אָזשעשקאָוואַ, אַז ביי איר גאַנצער סימפּאַטיע פאַרן יידישן מענטש, האָבן איר דאָך געפעלט זייער פיל ידיעות וועגן יידישן לעבן, אַז זי איז געווען

אַ צו באַגייסטערטע אָנהענגערין פון אַסימילאַציע און גאָר ווייניק זין געהאַט פאַר דער יידישער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. אָבער — מאַכן פון אָזשעשקאָוואַ אַן אַנטיסעמיטקע, שרייבן, אַז ווען עליזאַ אָזשעשקאָוואַ וואָלט היינט געלעבט, וואָלט זי געזאָגט „אָווּשעם" צו אַלץ, וואָס ווערט קעגן די יידן אָפּגעטאָן — געוואַלד געשריגן, וויפל צביעות, וויפל שווינדל, וויפל אומפאַרשעמטער ציניזם שרייט אַרויס פון די פּרווון „גלייכצושאַלטן" די דאָזיקע איידעלע שריפטשטע־לערין!...

אָבער פאַר דער „פּאָליטיק" איז דאָס נויטיק, פאַרן „געשעפט", פאַר די אינ־טערעסן פון דער „פּאַרטיי" — און איז דען דאָ וועלכע עס איז מאָראַלישער אָפּהאַלט פאַר די לייט, וואָס האָבן זיך אין אונדזער צייט אַרויפגעריסן צו אָנ־פירנדיקער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט?...

מיר — אונטערגעשריבענע פּראָפעסאָרן, וויסנשאַפטס־מענער, דענקערס, שריפטשטעלערס, דיכטערס, דערפינדערס — ווילן נישט אַדורכמאַכן דעם זעלבן „גלגול", וואָס די איידעלע פּוילישע שריפטשטעלערין מאַכט איצט — 25 יאָר נאָך איר טויט — אַדורך. מיר ווילן נישט, אַז פון אונדזערע ווערק זאָלן אַרויס־געכאַפּט ווערן בייזוויליקע ציטאַטן. מיר ווילן נישט איינגעשפּאַנט ווערן אין רייט־וואָגן פון פאַרשייטן כוליגאַניזם. מיר ווילן ליבערשט — אין גאַנצן אונדזער שאַפן איבעררייסן און אַן עק!

דען פאַלש וואָלט דאָך געווען צו מיינען, אַז דאָס איז נאָר דער גורל פון די שריפטשטעלערס אין דער איצטיקער צייט פון פאַרווילדונג.

מיר אַלע זענען צום זעלביקן גזר־דין נידון געוואָרן.

מיר אַלע ווערן אין דאָזיקן גהינום געבראָטן.

אַלע זענען מיר הפקר.

מיט יעדן טאָג שלאָגט זיך אין דער וועלט אַרויס מער די איבערצייגונג, אַז דער אַעראָפּלאַן איז דערפונדן געוואָרן נאָר כּדי אַראָפּצושליידערן באָמבעס פון דער הייך, אַז דער ראַדיאָ איז געשאַפן געוואָרן נאָר כּדי צו פאַרפּעסטן די לופט מיט העץ־פּראָפּאַגאַנדע. מ'וויל דאָך אונדז שוין באַלד נישט גלייבן, אַז דער אַעראָפּלאַן האָט באמת געזאָלט באַקוועמער מאַכן דאָס מענטשלעכע לעבן, אַז דער ראַדיאָ האָט בעצם באַדאַרפט די מענטשן פאַרברידערן, אַז די טיפוס־באַקצילן זענען אַנטדעקט געוואָרן, כּדי די מענטשן צו ראַטעווען און נישט צו — טויטן...

מיר וווּנדערן זיך נישט, ווען פונעם מויל פון אַ סך פּשוטע מענטשן גליטשן זיך היינט אַרויס ביטערע קללות קעגן די גרויסע דערפינדער. מיר וווּנדערן זיך נישט מער, פאַר וואָס אין פאַבריקן יאָרהונדערט, גלייך נאָך דעם ווי די ערשטע מאַשינען זענען אויסגעבויט געוואָרן, האָבן די מאַסן מיט צאָרן און שטורעם זיך געלאָזט קעגן די מאַשינען און זיי געוואָלט צעשמעטערן. די מאַסן האָבן אינסטינק־טיוו דערפילט צו וואָסער אומגליק די „ווונדער פון דער טעכניק" וועלן ברענגען

און וואָסער פּאַטום זיי וועלן ווערן פאַר דער מענטשהייט. מיר וווּנדערן זיך נישט, אָבער — מיר ווילן נישט פאַרשאַלטן ווערן...

אייניקע פון די אונטערגעשריבענע האָבן די לעצטע יאָרן זייער גאַנצן מאַרך און שווייס אַוועקגעגעבן אַ נייער דערפינדונג. דער דערפינדונג פון טעלעוויזיע. די טעלעוויזיע קען צוגרייטן אַ רעוואָלוציע אין דער וועלט־וויסנשאַפט. וואָסער געניאַלע אַנטדעקונג: מ׳וועט נישט בלויז הערן פון דער וייטנס, מ׳וועט אויך — זען... דו וועסט שטיין ביים טעלעפאָן, און וועסט גלייכצייטיק זען דעם מענטש, מיט וועמען דו פירסט דאָס געשפּרעך... דו וועסט זיצן ביים ראַדיאָ, און גלייכצייטיק זען דעם ספּיקער, דעם פּרעלעגענט, די מוזיקערס...

אייניקע פון די אונטערגעשריבענע האָבן שוין אַפילו געשאַפן די נויטיקע אַפּאַראַטן, וואָס דאַרפן די טעלעוויזיע־דערפינדונג רעאַליזירן. נאָך עטלעכע עקס־פּערימענטן, נאָך עטלעכע אויספאָרשונגען זענען נויטיק, אָבער מיר האָבן צו זיך געזאָגט: האַלט!... זאָל די טעלעוויזיע נישט דערפינדן ווערן!... ווייל שוין זענען צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די ערשטע וואָס גרייטן זיך אויסצונוצן די ווונדערלעכע טעלעוויזיע־דערגרייכונגען זענען — די מיליטער־פירערס... די טעלעוויזיע וועט זיי העלפן צו זען די אַרמיי פון שונא פון דער ווייט. די מלחמה, וואָס וועט געפירט ווערן מיט דער הילף פון טעלעוויזיע, וועט מער נישט זיין קיין „בלינדע" מלחמה. זי וועט זיין גרוילעכער, מערדערישער, מ׳וועט שיסן „אויף זיכער"...

מיר גיבן אונדזער טאַלאַנט אַוועק כּדי צו ברענגען אַ ברכה פאַר די מענטשן. אין נאָמען פון הומאַניטאַריזם האָט זיינע ביכער געשריבן לעסינג. צום אידעאַל פון מענטשן־פאַרברידערונג האָט מיט אירע ווערק געשטרעבט צו דערפירן אַזשעשקאָוואַ. די אידעע פון וועלט־דערנענטערונג איז טייער געווען דעם ערשטן ראַדיאָ־דערפינדער, הערץ. אַן ענטוזיאַזם פאַר גלייכהייט און פרידן האָט געלעבט אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע איצט־געשענדטע אינטעלעקטועלע. זאָל נעמען אַן עק צו דער דאָזיקער אומווירדיקער קאָמעדיע!

מיר, אונטערגעשריבענע וויסנשאַפטס־מענער, פּראָפעסאָרן, דענקערס, שריפט־שטעלערס, דיכטערס, דערפינדערס, וואָס זענען געטריי געבליבן דעם פּראָגראַם פון מענטשלעכקייט און קולטור, ווילן נישט אין טייוולס משרתים פאַרוואַנדלט ווערן...

מיר צעברעכן אונדזערע פעדערס, מיר שליסן אונדזערע לאַבאָראַטאָריעס, מיר פאַרהאַקן אונדזערע קאַבינעטן"...

יאָ. אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין ווי ביז איצט, און אויב עס וועלן נאָך אַלץ פאַרבלייבן אינטעלעקטועלע מיט פילבאַרן געוויסן און מיט מוט צו דענקען קאָנסעקווענט — דאַן וועלן מיר — פריִער צי שפּעטער — אָט אַזאַ דערקלערונג אין די צייטונגען געפינען...

# דאָס אומהיימלעכע רעטעניש פון מאָסקווער פּראָצעס

— זענט איר זיך, אַלזאָ, מודה אין די פאַרברעכנס, וואָס ווערן אייך פאָרגע־וואָרפן אין באַשולדיקונגס־אַקט ?

— יאָ, מיר זענען זיך מודה. אָבער מיר האַלטן פאַר נויטיק צוצוגעבן, אַז מיר זענען באַגאַנגען נישט בלויז די פאַרברעכנס, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין באַשולדיקונגס־אַקט, מיר האָבן אָפּגעטאָן נאָך אַ סך אַנדערע געמיינקייטן...

— הייסט עס: איר זענט פאַררעטערס, אין שפּיאָנאַזש־דינסט פון פרעמדע מלוכות געשטאַנען...

— אַנטשולדיקט, ה׳ ריכטער. פאַררעטערס — איז אַ צו שוואַכער אויסדרוק. מיר פאַרמאָגן נישט דאָס וואָרט, וואָס קען כאַראַקטעריזירן אונדזער נידערטרעכ־טיקע טעטיקייט. מיר זענען באַנדיטן. ערגער, ווי באַנדיטן. מערדערישער, ווי באַנדיטן. שעדלעכער, ווי באַנדיטן. מיר האָבן זיך קעגן 100־מיליאָניקן אַרבע־טער־פאָלק פון ראַטן־פאַרבאַנד געוואָרפן. מיר האָבן געוואָלט צעשטערן דאָס געניאַלע ווערק פונעם געניאַלן סטאַלין. מיר זענען פאַר געלט פון פרעמדע מלוכות גרייט געווען אָפּצוגעבן שטיקער פון דער ראַטן־מדינה. מיר האָבן סאַבאָטאַזש געטריבן. קאַטאַסטראָפעס אַרויסגערופן. בהמות אין שטאַלן פאַרגיפטעט. שטיקלעך גלאָז און טשוועקעס אין די שפּייז־פּראָדוקטן אַריינגעטאָן...

— איר ווערט אָנגעקלאָגט אין פרווון צו דערמאָרדן לענינען, סטאַלינען; איר זענט די שולדיקע אינעם טויט פון גאָרקי, פון גאָרקיס זון...

— ה׳ ריכטער. מיר מוזן פּראָטעסטירן קעגן דעם טעקסט פון דער אָנקלאָגע. בלויז גאָרקין האָבן מיר אומגעבראַכט? — בלויז גאָרקיס זון? — און אַנדערע גוטע באָלשעוויקעס זענען דען נישט פון אונדזער גיפט געטויט געוואָרן? — זענען מיר דען נישט די גרעסטע מערדערס אין דער געשיכטע פון דער מענטש־הייט? — טראָגן מיר דען נישט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויך פאַר דעם טויט פון, פון... נו, פון וועמען נישט?...

— קענט איר מעגלעך באַגרינדן די טעאָרעטישע יסודות פון אייער טעראָר־אַקציע?

— טעאָרעטישע יסודות!... אָבער האָבן דען באַנדיטן אַ טעאָריע? — איר

באַנוצט זיך, ח׳ ריכטער, מיט צו אײדעלע אויסדרוקן. מיר זעזען די נידעריקסטע פון די נידעריקסטע. די אויסוואָרפן. די עקלהאַפטסטע, שמוציקסטע אויסוואָרפן, וואָס זענען ווען עס איז אַרויסגעטראָטן צווישן מענטשן...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

נייך. דאָס איז נישט קיין אויסגעטראַכט בילדל; אַזאַ און אַנדערע ענלעכע פאַנטאַסטישע שווידער־בילדלעך האָט צוגעשטעלט די ווירקלעכקייט פונעם מאָס־קווער פּראָצעס.

אָט טאַקע דער דאָזיקער שאַבלאָן, וואָס האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט אויף די מאָסקווער גרויל־פּראָצעסן — דער שאַבלאָן פון „זיך מודה זיין״, פון באַ־שפּייען דעם אייגענעם נאָמען, די אייגענע ערע, די אייגענע פאַרגאַנגענהייט, פון לייגן זיך אויפן בויך פאַר דעם טיראַן, וואָס האָט די בייטש אין האַנט — דאָס איז — דאָס סאַמע אומהיימלעכסטע און דערביי דאָס סאַמע אינטריגירנדיקסטע רעטעניש פון סאָוועטישן קאָשמאַר.

אינעם ערשטן מאָמענט, אינעם טאָג, ווען די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן, האָט זיך אויסגעדאַכט: דאָס מאָל — ביים איצטיקן פּראָצעס — וועט עס שוין מער די רעזשיסאָרן פון דער מערדערישער שוישפּיל אַזוי לייכט און גלאַטיק נישט גיין. דאָס מאָל וועט שוין דער שאַבלאָן פּלאַצן... אינעם ערשטן טאָג פון פּראָצעס האָט קרעסטינסקי זיך אַרויסגעבראָכן פון אַלגעמיינעם כאָר, אָפּגעוואָרפן די באַשולדיקונגען און דערקלערט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט אונטער־געשריבן בעת דער אויספאָרשונג, איז פון אים אַרויסגעפּרעסט געוואָרן מיט געוואַלד. אָבער באַלד נאָך קרעסטינסקיס אומגעריכטער דערקלערונג, איז די זיצונג פון געריכט איבערגעריסן געוואָרן. און אויפן צווייטן טאָג האָט שוין קרעסטינסקי אין אַלץ... זיך מודה געווען. און אויך דער נייער מאָסקווער פּראָ־צעס, דער פּראָצעס נומער דריי, איז אַוועק לויט דעם שאַבלאָן.

היטלעריסטישע אַגענטן געווען? — געוועזן. דעם באַלשעוויזם געוואָלט ליק־ווידירן? — געוואָלט. צום פאַשיזם זיך פאַרקויפט? — פאַרקויפט.

און ביי יעדן פון אונדז מוז אויסוואַקסן די פראַגע: פאַר וואָס באַגיין איבער זיך און איבער דעם אייגנעם נאָמען אַזאַ מוראדיקן פאָגראָם די אָנגעקלאָגטע אויפן מאָסקווער פּראָצעס? פאַר וואָס דערציילן זיי וועגן זיך אַזעלכע מעשׂיות פון גרויל? פאַר וואָס שמירן זיי זיך אויס אין דער שרעקלעכער בלאָטע?

ווייל זיי זענען טאַקע שולדיק — ענטפערן די אָפיציעלע סטאַליניסטישע אויסגאַבן. אָבער דער דאָזיקער ענטפער איז געניי אַזוי פאַלש און געניי אַזוי

ציניש, ווי די גאַנצע בלוטיקע שפּיל, וואָס רופט זיך: מאָסקווער פּראָצעס. דער באַשולדיקונגס־אַקט איז פאַבריצירט געוואָרן דורך די סאָוועטישע מושלים דאָס איז קלאָר פאַר יעדן מענטש, וואָס פאַרמאָגט נאָך נאָרמאַלע חושים אין דער איצטיקער תקופה פון שיגעון. דער פּראָצעס קעגן בוכאַרין, ריקאָוו און חברים האָט מיט זיין לעכערלעכקייט און שרייענדיקן אומזין נאָך איבערגעשטיגן די אַלע ביז־איצטיקע אינסצעניזאַציעס. לויט דעם דאָזיקן פּראָצעס קומט אויס, אַז די טעאָרעטיקערס און פירערס פון באָלשעוויזם זענען אַלע (אַ חוץ איין סטאַלין) געווען באַצאָלטע אַגענטן פון דער געהיימער צאַרישער פּאָליציי, די אָכראַנע... מיר גלייבן נישט, אַז עס זאָל זיך אין דער וועלט געפינען צו מאָל איין מענטש מיט אַ ברעקל געזונטן פאַרשטאַנד, וואָס זאָל האַלטן, אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז דאָס ווערק פון... צאַרישע פּאָליציי־אַגענטן.

אַ רעטעניש זענען די מאָסקווער פּראָצעסן. אַ רעטעניש זענען די סיבות צוליב וועלכע זיי ווערן „געמאַכט", וואָרום אויך סטאַלין און זיין קליקע דאַרפן דאָך פאַרשטיין, אַז מיט אַזעלכע פּראָצעסן ווערט פאַר דעם ראַטן־פאַרבאַנד אויס־געגראָבן אַ קבר. אָבער דאָס אומפאַרשטענדלעכסטע אין די מאָסקווער פּראָצעסן איז דאָס אומפאַרשטענדלעכע „מודה זיין זיך" פון אַלע — אָן אויסנאַם — אָנגע־קלאָגטע...

פּרוּוון אייניקע דערקלערן דאָס שוואַרצע געהיימניש אַזוי: נאַרקאָטישע מיט־לען ווערן אָנגעווענדט קעגן די אָנגעקלאָגטע. מיט דער הילף פון ספּעציעלע געטראַנקען, אָדער איינשפּריצונגען ווערט ביי די מענטשן אָפּגעטויט דער מוט, דער ווילן, די זעלבשטענדיקייט פון דענקען און האַנדלען; מיט דער הילף פון ספּעציעלע געטראַנקען אָדער איינשפּריצונגען, ווערן די מענטשן פאַרוואַנדלט אין ליאַלקעס, אין מאַריאָנעטקעס, וואָס באַוועגן זיך ווען מ׳הייסט זיי זיך באַוועגן, רעדן, ווען מען הייסט זיי און וואָס מ׳הייסט זיי; מיט דער הילף פון נאַרקאָטיק, ווערן די באַשולדיקטע — אָט די „אינסטרומענטן", וואָס מיר זעען אין מאָסקווער געריכט־זאַל און אויף וועלכע סטאַלין שפּילט אויס זיין גראָבן, טעמפּן קאָנצערט...

דער פראַנצויזישער „זשור", למשל, האָט פּאַריקע וואָך איבערגעגעבן, אַז צו אים זענען דערגאַנגען ידיעות וועגן אַ געהיים רייצמיטל, וואָס ווערט איינגע־שפּריצט אין די באַשולדיקטע. דאָס זאָל זיין אַ מיטל, וואָס ווירקט באַטויבנדיק. נאָך דער איינשפּריצונג איז מען אין גאַנצן, ווי אָן אַ קאָפּ. מ׳וויל גאָרנישט. מ׳פאַרלאַנגט מער גאָרנישט. מען חזרט נאָר איבער — געדאַנקענלאָז — די ווער־טער, וואָס יענער לערנט אויס. און צום פּראָצעס קומען די „טראָצקיסטן" טאַקע נאָך אַזאַ נאַרקאָטיזירונגס־פּראָצעס...

אָבער די דאָזיקע השערה איז ווייניק איבערצייגנדיק.

אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן, ווי עס האַלט זיך און ווי אַזוי עס פירט זיך אויף אַן אָנגעקלאָגטער איבער וועלכן די נאַרקאָטיזירונגס־אָפּעראַציע איז בלי ספק געמאַכט געוואָרן.

דאָס איז געווען דער „באַרימטער” וואָן־דער־ליובע, דער העלד פונעם היס־טאָרישן פּראָצעס פאַר אונטערצינדן דעם רייכסטאַג.

פון וואָן־דער־ליובען האָט די טעמפּקייט גלייך געשלאָגן: בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען איז ער געזעסן שטום. נאַרישעוואַטע געשמייכלט און האָט ער ווען געעפנט דאָס מויל, איז נאָך פעסטער געוואָרן די איבערצייגונג, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ נאַרקאָטיזירטן...

די מאָסקווער באַשולדיקטע מאַכן נישט קיין איינדרוק פון וואָן־דער־ליובעס. דאָס שטרייכן אונטער אַלע קאָרעספּאָנדענטן. אויב אַפילו זיי זיינען טריב און אומעטיק, אויב אַפילו מ׳פילט אַז מאָמענטנווייז באַהערשט זיי אַן אַפּאַטיע — איז דאָס נאָך אַלץ נישט קיין גענוגנדיקע באַשטעטיקונג פאַר די אַלערליי סענסאַציעס מכוח „געהיימע נאַרקאָטישע איינשפּריצונגען”...

באַמיִען זיך אַנדערע אַרונטערצורייסן דעם שלייער פון די מאָסקווער זעלבסט־באַשולדיקונגען מיט דער תשובה: טאָרטור.

דאָס הייסט: די אָנגעקלאָגטע זענען געפּייניקט, צעפּייניקט געוואָרן.

דורך גרויזאַמע עינויים, דורך דראַקאָנישע, סאַדיסטישע מיטלען, זענען זיי געצווונגען געוואָרן צו דערקלערן דאָס, וואָס זיי האָבן דערקלערט.

מ׳האָט פאַריקע וואָך געקענט זיך אָנלייענען אין דער וועלטפּרעסע מיט די פאַרשידנסטע באַשרייבונגען וועגן די טאָרטור־קעלערס פון דער נ.פּ.או. און נאַטיר־לעך: שווער צו קאָנטראָלירן וויפל אמת איז דאָ אין די דאָזיקע שילדערונגען און וויפל פאַנטאַזיע.

איינער האָט געשריבן, אַז די קאַמערס פון דער ג.פּ.או. דאַרפן אייגנטלעך אָנגערופן ווערן: „פאַבריקלעך פון זיך מודה זיין”. ווי פעסט און אַנטשלאָסן און אומבויגזאַם מען זאָל נישט זיין פאַר דעם „אַריינגיין” אין די דאָזיקע קאַמערן — אַרויסקומען מוז מען — צעבראָכן, שפּלדיק־פּחדנותדיק, הכנעהדיק־פּלאַטערנ־דיק...

אַ צווייטער האָט געגעבן אַ מער אויספירלעכע שילדערונג, נעמלעך: די באַשולדיקטע זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין קאַמערן, ווו די היץ איז געוואַלדיק גרויס (איבער 50 גראַד), ווו בלענדנדיקע רעפלעקטאָרן לייכטן. נאָך אַ נאַכט „פאַרברענגען” אין אַזאַ „היציקער” קאַמער, איז אוממעגלעך מען זאָל נישט געבראָכן ווערן פיזיש און גייסטיק. אין אַזאַ קאַמער האָט טאַקע געזאָלט זיצן

קרעסטינסקי נאָך דעם, ווי ער האָט אינעם ערשטן טאָג פון פּראָצעס אומ־דערוואַרט אָפּגעלייקנט די באַשולדיקונגען. דאָס איז געווען די „סיבה", צוליב וועלכער ער האָט גלייך צו מאָרגנס געענדערט זיין טאָן. אָבער ווי געזאָגט: די אַלע, וואָס באַשרייבן די דאָזיקע גרויל־קאָמערן, האָבן זיי אַליין נישט געזען. און שווער צו וויסן וויפל אמת עס איז דאָ אין די דאָזיקע ווערסיעס.

נענטער צום אמת זענען, דאַכט זיך, די באַהויפּטונגען פון טראָצקי. לעוו טראָצקי האַלט, אַז קעגן די באַשולדיקטע ווערן אָנגעווענדט נישט אַזוי וויט פיזישע טאָרטור־מיטלען, ווי דווקא — פּסיכישע, מאָראַלישע. לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס געפינען זיך אין זיין באַזיץ, ווערן די אָנגעקלאָגטע רעוואָלוציאָנערן עטלעכע מאָל אין טאָג אַוועקגעפירט צום אָרט, ווו עס קומען פאָר די עקזעקוציעס. די אָנגעקלאָגטע מוזן זיך אויסדרייען מיטן פּנים צו דער מויער. פון הינטער זייערע פּלייצעס דערהערן זיך קנאַלן, פלוטאָנגען סאָלדאַטן מאַרשירן... די אָנגעקלאָגטע זענען זיכער: זייער סוף האָט שוין אָנגערוקט. נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע, מ׳וועט פאַלן טויט... אָבער נאָך אַ שעה „וואַרטן" אויפן טויט, ווערן די אָנגעקלאָגטע אָפּגעפירט צוריק לעבעדיקע אין דער תּפיסה. אָבער שפּעטער חזרט זיך איבער די זעלבע גרויזאַמע סצענע, ווידער ווערן די אַרעסטאַנטן אָפּגעפירט צום אָרט פון דער עקזעקוציע, און ווידער קלאַפּט אומרויִק דאָס האַרץ, און ווידער הילכן אָפּ קנאַלן, און ווידער... טראָצקי גלייבט, אַז עס זענען גענוג עטלעכע אַזעלכע „דערשיסונגס־רעפּעטיציעס", און די אַרעסטאַנטן זאָלן פונאַנדערגעבראָכן ווערן. דאָס זענען מער „ווירקזאַמערע" מעטאָדן, ווי ברענען דאָס לייב מיט אָנגעגליטע צוואַנגען, שטעכן נאָדלען אין די שפּיץ־פינגער אַריין „מעטאָדן", וואָס זענען אָנגעווענדט געוואָרן דורך די אינקוויזיטאָרן אין די צייטן פון מיטל־עלטער.

די אינקוויזיציע!... ווי טרויעריק דאָס זאָל נישט זיין צו הערן פאַר אַ היינטיקן מענטש, וואָסער געהינומדיקן שײַן דאָס זאָל נישט וואַרפן אויפן גאַנצן מישטיינס געזאָגטן „מאַרש פאָרויס" פון דער מענטשהייט, אָבער עס מוז דאָך געזאָגט ווערן, אַז גראָד די אַקטן פון דער מיטל־עלטערלעכער אינקוויזיציע קענען אונדז העלפן זיך פונאַנדערקלייבן אין דעם מאָסקווער פּלאָנטער. איר וועט אין די אינקוויזיציע־דאָקומענטן אָנטרעפן עפּיזאָדן, וואָס זעען אויס צו זיין אויסשניטן פון די איצטיקע משונהדיקע מאָסקווער פּראָצעסן און משונהדיקע אַליין־באַשולדיקונגען. אין די קעלערס פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָט אַ מאָל (אין יענע ווילדע, באַרבאַרישע צייטן...) איינער אַן אַרעסטאַנט „זיך מודה געווען", אַז ער פלעגט אַלע מאָל פרייטיק צו נאַכטס זיך באַגעגענען מיטן ט י י וו ל, זיי פלעגן ביידע צוזאַמען אויסטרינקען גלעזער בלוט און זאָגן געהיימנישפולע שפּרוכן. דער דאָזיקער אַרעסטאַנט האָט מיט דער גרעסטער גענויִקייט געשילדערט אַפילו דאָס אויסזען פון טייוול, און געזאָגט, אַז דער טייוול האָט דעם עק פון אַ פוקס... דאָס איז די זעלבע „גענויִקייט", מיט וועלכער די הייַנטיקע אָנ־

געקלאָגטע אין מאָסקווע דערציילן וועגן זייערע „אונטערהאַנדלונגען" מיט היט־לערן און יאַפּאַנישן קייזער...

מ׳קען, מ׳קען ביי מענטשן אַרויסקוועטשן די אומזיניקסטע, די אַבסורדאַלסטע דערקלערונגען...

נאָך אַן ענטפער ווערט געגעבן: טעראָר.

קעגן די אָנגעקלאָגטע רעוואָלוציאָנערן ווערט אָנגעווענדט גרויזאַמער טעראָר, דער גרויזאַמסטער, וואָס קען נאָר געמאָלט זיין.

מ׳דראָט די אָנגעקלאָגטע, אַז אויך זייערע פרויען און קינדער וועלן אַריינ־געצויגן ווערן אין דער בלוטיקער אָפּרעכענונג, אויך זייערע פרויען און קינדער וועלן מיטן לעבן באַצאָלן, אויב זיי, די אָנגעקלאָגטע, וועלן זיך נישט „מודה זיין". מ׳זאָגט צו די אָנגעקלאָגטע:

— האָרכט איר אונדז, פירט איר זיך אויף אַזוי ווי מיר פאַרלאַנגען — וועלן מיר אייַערע פאַמיליעס נישט טשעפּען. אייַערע קינדער וועלן אַפילו ווייטער קענען פאַרנעמען די פּאָסטנס און אַמטן, וואָס זיי פאַרנעמען. ווידערשפּעניקט איר אָבער — דאַן ווייסט: דער קאָפּ וועט אַראָפּפאַלן אויך פון אייַערע נאָענטע, פון די נאָענטסטע!...

אַזאַ ראַפינירטע אַכזריות איז קעגן אָנגעקלאָגטע אויסגענוצט געוואָרן שוין נישט דורך איין טיראַן.

און די באַשולדיקטע רעוואָלוציאָנערן פון מאָסקווע גיבן זיך אונטער. זיי ווילן נישט מיטשלעפּן נאָך זיך זייערע פאַמיליעס. זאָלן כאָטש זייערע פרויען און קינדער נישט אָנגערירט ווערן!

עס זענען פאַראַן מאָמענטן, ווען אין די באַשולדיקטע וואַכט אויף דאָס געפיל פון בונט. דאָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַ סך מאָל אויך בעת דעם לעצטן מאָסקווער פּראָצעס. זיי פּרוּוון אָפּלייקענען עפּעס, אָפּוואַרפן עפּעס, אויסלאַכן עפּעס. אָבער באַלד בלייבן זיי ווידער זיצן רעזיגנירט. מעגלעך, אַז אין זייער געדאַנקט שווימט דאַן אויף דאָס בילד פון זייערע פרויען און קינדער, איבער וועלכע עס פּאָכעט די שווערד און וואָס וועלן דאַרפן מיטן לעבן באַצאָלן פאַר יעדן איבעריקן וואָרט, וואָס וועט דורך זיי איצט אַרויסגעזאָגט ווערן. און זיי גיבן איבער אַלץ אַ מאַך מיט דער האַנט. פאַרפאַלן. די פאָטער־ליבע זיגט. די מענטשן גיבן זיך אונטער.

וואָרום נישט די רעוואָלוציאָנערע אַליין זיצן אין מאָסקווע אויף דער באַשול־דיקונגס־באַנק; צוזאַמען מיט זיי זענען אויף אַ טיעוולאָבישן אופן מיטגעצויגן גע־וואָרן אויך זייערע פרויען, זייערע קינדער, זייערע נאָענטע. און נאָר דורך דעם,

וואָס די באַשולדיקטע וועלן „זיך מודה זיין״ — אַזוי ווערט זיי געזאָגט — וועלן זיי „אויסקויפן״ דאָס לעבן פון זייערע פאַמיליעס...

אָבער — וויפל השערות מיר זאָלן אַליין נישט אָנקלייבן — דאָס רעטעניש בלייבט ווייטער רעטעניש. דאָס אומהיימלעכסטע רעטעניש פון די אומהיימלעכע מאָסקווער פּראָצעסן.

דאָס דאָזיקע רעטעניש וואַרפט אַ טונקעלן שאָטן אויף די טיראַנען, וואָס האָבן היינט די מאַכט אין ראַטן־פאַרבאַנד און וואָס צווינגען מיט טאָרטור און טעראָר זייערע קרבנות אָפּצוגעבן די „געווונטשענע״ דערקלערונגען; אָבער דאָס דאָזיקע רעטעניש וואַרפט אויך אַ טונקעלן שאָטן אויפן גאַנצן סיסטעם, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין מאָסקווע, דער סיסטעם ביי וועלכן עס האָט אַן אָרט, אַזאַ רוצחישע יוסטיץ, אַזעלכע אינקוויזיציע־פּראָצעסן, אָט דער גאַנצער ריזיקער שווינדל, וואָס ווערט מיט אומדערהערטן ציניזם פאַבריצירט. און מען טאָר דאָך נישט פאַרגעסן: דער דאָזיקער סיסטעם איז אויפגעשטעלט געוואָרן סיי דורך די איצטיקע באַשולדיקערס, סיי דורך די איצטיקע באַשולדיקטע, סיי דורך די, וואָס באָדן זיך איצט אין בלוט, סיי דורך די, וואָס שמירן זיך איצט אויס מיט בלאָטע...

# די שפּראַך פון נייעם מאָסקווער פּראָצעס

דאָגן אייניקע:

— דער נייער מאָסקווער גרויל־פּראָצעס איז אַ ווייטערדיקער אַקט פון דער בלוטיקער אָפּרעכענונג פון דער סטאַליניסטישער קליקע מיט דער גוואַרדיע אַלטע רעוואָלוציאָנערן. פאַר דעם דיקטאַטאָר זענען די אַלטע באַלשעוויקעס די, וואָס האָבן די רעוואָלוציע געמאַכט, די רעוואָלוציע אויסגעטראָגן אין די יאָרן פון אויפגאַנג, זייער נישט באַקוועם. אומבאַקוועם זענען אויך די אַלטע באַלשעוויקעס פאַר דער גאַנצער סאָוועטישער ביוראָקראַטיע. די קליקע, וואָס פאַרנעמט איצט אַלע מלוכה־אַמטן אין ראַטן־פאַרבאַנד, וויל זיך פון די אַמטן נישט לאָזן פאַר־יאָגן. פאַרקערט. זי וויל מיט די פּאָסטנס וואָס זיכערער זיך פילן. זי וויל אַלץ באַקוועמער זיך אויסשפּרייטן אין די ווייכע און גוט־באַצאָלטע מלוכה־פּאָטעלן. דאָס איז אַ קליקע, וואָס האָט די רעוואָלוציע נישט געמאַכט, וואָס האָט בלויז פון איר געגנאָסן און וויל וואָס מער געניסן. דאָס איז אַ קליקע, אָן רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע, אָן רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן. איר איינציקער „אידעאַל״ איז: פאַר־בלייבן דער פּריווילעגירטער קלאַס, און טאַקע פאַר דער דאָזיקער ביוראָקראַטיע, וואָס אין איר שפּיץ שטייט סטאַלין, איז זייער נישט געווונטשן, אַז אין מאָסקווע צי אין לענינגראַד זאָלן זיך נאָך אַרומדרייען אַזעלכע, ווי זינאָוויעוו און קאַמע־ניעוו, אַזעלכע ווי סיבריאַקאָוו און פּיאַטאַקאָוו, אַזעלכע ווי בוכאַרין און קרעס־טינסקי, רעוואָלוציאָנערן מיט אויפּברויז, רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן פאַרן נייעם רוסלאַנד געליטן, געבלוטיקט און אין וועלכע עס לעבן נאָך אַנדערע אידעען, אַ חוץ — די „אידעע״ צו זיצן ביים רודער, באַקומען גרויסע פּענסיעס און געניסן פון פּריווילעגיעס. דאָס הייסט נישט, אַז בוכאַרין און ריקאָוו, געגנוי ווי די העלדן פון די פריִערדיקע שוידער־פּראָצעסן, האָבן טאַקע געפּרוווט מיט כּוח אַראָפּוואַרפן די רעגירנדיקע ביוראָקראַטיע, די אָפּאָזיציע איז שוואַך, אָנמאַכטיק, און אַן אומ־זין צו גלייבן צו מאָל אין אַ טייל פון דעם, וואָס דער באַשולדיקונגס־אַקט וואַרפט איר פאָר.

אָבער פאַר דער רעגירנדיקער ביוראָקראַטיע איז געפערלעך אַפילו אַן אָפּאָזי־ציע, וואָס איז שוואַך און צעבראָכן. בוכאַרין און ריקאָוו זענען געפערלעך אַפילו

ווען זיי שווייגן. זייער שטומקייט רעדט. זייערע נעמען דערמאָנען, מאָנען. מ׳האָט אַזאַ בוכאַרין אָדער ריקאָוו געקענט זען אין גאַס און מ׳האָט געקענט אַריינפּאַלן אין מחשבות וועגן דעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט באַדאַרפט זיין און וואָס זי איז אין דערווירקלעכקייט. דאָס האָט נישט געטויגט. דאָס האָט אָנגעיאָגט אומרו אויף דער רעגירנדיקער קליקע. און דעריבער: דער נייער פּראָצעס. און דערי־בער: די טייוולאָנישע פּרוּוון צו קאָמפּראָמיטירן אַפילו די רעוואָלוציאָנערע פאַר־גאַנגענהייט פון די רעוואָלוציאָנערן.

דער באַשולדיקונגס־פּראָצעס זאָגט, אַז שוין ביים אויסברוך פון דער רעוואָ־לוציע, זענען די דאָזיקע אַלטע באָלשעוויקעס געווען באַצאָלטע אַגענטן פון פרעמדע מלוכות. דאָס דאַרף די נעמען שענדן. דאָס לעצטע ביסל פּיעטעט פאַרניכטן. דאָס לעצטע שטיקל פאַרערונג וואָס לעבט נאָך אין אַ סאָוועטישן בירגער פאַר די וועטעראַנען פון דער רעוואָלוציע... (אַזאַ מיינונג ווערט אויסגעצ־דריקט דורך די „מענשעוויקעס”, די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס זענען היינט אין דער עמיגראַציע).

זאָגן אַנדערע:

— ניין. נישט די ביוראָקראַטיע האָט אָרגאַניזירט די נייע טייוולאָנישע שוי־שפּיל. די ביוראָקראַטיע ווינטשט זיך עס זיכער. אָבער נישט זי האָט די מאַכט עפּעס אַזוינס אויסצופירן. דאָס איז בלויז די אַרבעט פון „אים” אַליין, די אַרבעט פון יאָסיף דזשוגאַשווילי סטאַלין.

סטאַלין וויל דער דיקטאַטאָר בלייבן; און ער זוכט כּלערליי מיטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיינע קאָנקורענטן.

וואָרום מען מוז וויסן: דער באָלשעוויזם איז אַוועק אויפן וועג פון דיקטאַ־טור. מכלומרשט הייסט דאָס, די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אָבער פאַקטיש איז דאָס: די דיקטאַטור פון עמיצן, וואָס רעגירט איבער דעם פּראָלעטאַריאַט...

אָבער אויפן אַמט פון דיקטאַטאָר זענען נאָך לענינס טויט געווען אַ גאַנצע מחנה בעלנים.

דער ערנסטער קאַנדידאַט איז געווען לעוו טראָצקי.

טראָצקי איז געווען פּאָפּולער צווישן די מאַסן. ער איז אַ גלענצנדיקער רעד־נער און גלענצנדיקער שריפטשטעלער. ער האָט אָרגאַניזירט די רויטע אַרמיי אין די יאָרן פון בירגערקריג, ער האָט זייער פיל פון פּערזענלעכן צויבער און פּערזענלעכן שאַרם. קעגן טראָצקין זענען דעריבער געגאַנגען סטאַלינס ערשטע אַטאַקעס.

אָבער דאַן האָט נאָך סטאַלין נישט געוואַגט צו באַפלעקן מיט בלוט פון אייגענע קאָלעגן דאָס נייע רוסלאַנד. טראָצקי האָט געמוזט פון ראַטן־פאַרבאַנד

אַוועק. סטאַלין האָט געגלויבט, אַז טראָצקי איז אַזוי אַרום „אומשעדלעך” געוואָרן. ער האָט זיך אַנטוישט. פון דער ווייטנס שליידערט לעוו טראָצקי שאַרפע פיילן. ער שרייבט די בייסנדיקסטע קריטיק קעגן איצטיקן רעזשים און קעגן איצטיקן דיקטאַטאָר.

און דעריבער באַנוגנט זיך נישט מער סטאַלין מיט „פּאַרשיקן”, מיט „אַרעס־טירן”, כל־זמן דיין קעגנער לעבט, ביסטו קיין מאָל מיט אים נישט „זיכער”. דאָס זיכערסטע, דאָס ראַדיקאַלסטע איז: אַ קויל אין קאָפּ. דאַן ווערסטו מיט איין מאָל פון דיין קאָנקורענט פּטור...

דערצו איז סטאַלין לעצטנס אַריינגעפאַלן אין אַ פּוריע פון שרעק. אַ געשפּענ־סטער־קראַנקייט, קען מען דאָס אָנרופן. דער סאַמער שטילסטער, סאַמע אונטער־טעניקסטער, סאַמע שפּלדיקסטער אַלטער רעוואָלוציאָנער, וואַרפט אויף אים אָן אַ מורא. סטאַלין זוכט פּרעטעקסטן פון זיי אַלעמען פּטור צו ווערן. און דערפאַר פאַלט אַזאַ ברוטאַלע, אומברחמנותדיקע פויסט אויף די העלדן פון דער רעוואָלו־ציע. דערפאַר ווערן באַשמוצט און ווי שענדלעכע פאַררעטערס פאַרשריגן די, וואָס האָבן די ערשטע פונאַנדערגעוויקלט די פּאַרטיי־פאָן און וואָס זענען געווען פּאָפּולער און אָנערקענט צווישן פאָלק. דערפאַר איז דעם פאָריקן זומער אַראָפּ־געהאַקט געוואָרן דער קאָפּ פון מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי און אַנדערע גענעראַלן וואָס זענען באַליבט געווען צווישן דער אַרמיי און וועלכע דאָס מיליטער האָט געקענט אין איינעם אַ טאָג אַרויפהייבן. דערפאַר ווערן פאַרטיליקט די אַלע וואָס זייער רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט און אינטעליגענץ שטייגט אַריבער זיין, סטאַלינס, רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט און זיין, סטאַלינס, אינטעליגענץ. דער דיקטאַטאָר וויל בלייבן קאָנקורענצלאָז. איינער אַליין אויפן פּראָנט. (אַזוי דער־קלערט דאָס רעטעניש פון די מאָסקווער פּראָצעסן דער פראַנצויזישער „זשורנאַל דע דעבאַ”).

זאָגן ווידער אַנדערע:

— אומבאַדינגט צו פלאַך איז די דאָזיקע באַהויפּטונג. אומבאַדינגט צו אויי־בערפלעכלעך. פּערזענלעכע שטרייטן שפּילן פאַרט נישט אַזאַ גרויסע און דעצי־דירנדיקע ראָל אין דער דראַמע, וואָס איר נאָמען איז: געשיכטע. עס שפּילן אַלע מאָל אַ ראָל וועזנטלעכע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. און אַזעלכע זענען טאַקע דאָ אין איצטיקן רוסלאַנד.

די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן טרעטן קודם־כל אַרויס אויפן געביט פון דער אויסערן־פּאָליטיק.

ווי אין יעדן לאַנד, זענען אויך אין ראַטן־פאַרבאַנד פאַראַן צוויי אָריענטאַ־ציעס: אַ פּראָ־דייטשע אָריענטאַציע און אַ פּראָ־פעלקערבונד־אָריענטאַציע.

די אַלע, וואָס זענען אין דער לעצטער צייט אַוועקגעזעצט געוואָרן אין מאָסקווע אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, די, וואָס זיצן איצט אויף דער באַשול־דיקונגס־באַנק, די אַלע זענען אָנהענגערס פון דער פּראָ־דייטשער אָריענטאַציע.

זיי האַלטן, אַז פאַר יעדן פּרייז דאַרף דער ראַטן־פאַרבאַנד קומען צו אַ פרידלעכן הסכם מיט היטלער־דייטשלאַנד און יאַפּאַן.

זיי גלייבן, אַז נאָר אַזוי אַרום וועט דער ראַטן־פאַרבאַנד זיין געזיכערט פון געפאַר און האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצורופן אַ וועלט־רעוואָלוציע. זייער חשבון איז מער־ווייניקער אַזאַ: דייטשלאַנד און יאַפּאַן וועלן פריִער אָדער שפּעטער אָנ־צינדן אַ פייער אין דער וועלט. דער קריג וועט אויסברעכן. געפינט זיך ראַטן־פאַרבאַנד אין פרידלעכע באַציִונגען מיט דיביידע מלוכות, דערהאַלט זי אין דער צייט פון קריג אַ נייטראַלע פּאָזיציע. זי „מישט" זיך נישט. זאָל היטלער באַפאַלן וועמען ער וויל, ראַטן־פאַרבאַנד קוקט זיך צו: זי באַמיט זיך נאָר אַרויסצוציִען אַ וואָס גרעסערן נוצן פון דער סיטואַציע. זי נוצט אויך אויס דעם כאַאָס און העלפט צו צום אויסברוך פון אַ רעוואָלוציע אין פאַרשידענע לענדער. גייט אָבער רוסלאַנד מיט דעם פעלקערבונד, מיט פראַנקרייך, מיט ענגלאַנד — וועט זי פאַלן דער קרבן פון ערשטן דייטשיש־יאַפּאַנישן אָנפאַל, און אַ קריג איז דאָך אַ בלינדע זאַך; ווער קען עס וויסן, אויף וועמענס זייט דער זיג וועט זיין?...

אַזוי טראַכטן די אָנהענגערס פון דער פּראָ־דייטשער אָריענטאַציע.

סטאַלין און זיין מחנה זענען אין אַ פאַרקערטער מיינונג. זיי האַלטן, אַז מיט היטלער־דייטשלאַנד און יאַפּאַן איז אוממעגלעך צו שליסן אָפּמאַכן, אַז די אידעע פון דער וועלט־רעוואָלוציע מוז באַקומען „אורלויב" אויף אַ געוויסער צייט, אַז אין סאָוועטישן אינטערעס ליגט דווקא צו גיין מיט פראַנקרייך און ענגלאַנד...

אין דעמאָקראַטישע לענדער ווערן מיינונגס־פאַרשידנהייטן טאָלערירט. אָט, למשל: טשעמבערליין — אָנהענגער פון פּראָ־איטאַליענישע טענדענצן אין ענג־לאַנד, אַ. אידען — אָנהענגער פון דער זשענעווער פּאָליטיק. צי פאַלט וועמען איין אַ. אידענען דערפאַר צוצוציִען צו אַ פּראָצעס? אָבער אונטער אַ רעזשים פון דיקטאַטור ווערן מענטשן, וואָס דענקען אַנדערש און זאָגן אַנדערש... צום ווענטל געשטעלט.

אַ בילבול איז טאַקע, אַז די אָפּאָזיציע האָט געפּלאַנט צו פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם; אַ שקר־בילבול איז טאַקע, אַז זי האָט געוואָלט צוריק איינפירן דעם קאַפּיטאַליזם אין ראַטן־פאַרבאַנד און אָפּגעבן שטיקער לאַנד היטלערן; אָבער אמת איז, אַז די אָפּאָזיציע איז אומצופרידן פון דער אָפיציעלער אויסערן־פּאָלי־טיק, אַז זי האָט געוואָלט פאַרזעצן די טראַדיציאָנעלע סאָוועטישע פריינדשאַפט מיט דייטשלאַנד, און אַפילו מיטן היטלעריסטישן דייטשלאַנד; אַז זי האָט גע־האַלטן, דאָס אין צענטער פון אַלץ, וואָס ראַטן־פאַרבאַנד טוט, דאַרף שטיין דער הויפּט־ציל: אַרויסרופן — אין דער צייט פון דער פרישער מלחמה — אַ רעוואָ־

לוציע אין דער וועלט... (דאָס איז די מיינונג פון באַרימטן ענגלישן פּובליציסט, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „טיימס", וויקהעם סטיד).

זאָגן אַנדערע:

— מ'מוז נישט דווקא אָננעמען אַז צווישן דער אָפּאָזיציע און דער אָפּיציע־לער „גענעראַל־ליניע" זענען דאָ מיינונגס־פאַרשידנהייטן בנוגע די וועגן, אין וועלכע עס מוז גיין די אויסערן־פּאָליטיק פון ראַטן־פאַרבאַנד. עס זענען פאַראַן קעגנזאַצן, שאַרפערע, טיפערע, און דווקא — בנוגע דעם, וואָס ס'קומט פאָר אין לאַנד.

צוואַנציק יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע באַווייזט זיך דאָס ווייטיק־לעכע: עס איז ליקווידירט געוואָרן די אידעע צוליב וועלכער דער סאָציאַליזם איז אין ראַטן־פאַרבאַנד געשאַפן געוואָרן. אָנשטאָט דער גלייכהייט, זענען שוין איצט דאָ העכערע און נידעריקערע עקאָנאָמישע שיכטן; וואָס דאַרפט איר מער: אַפילו דער פּראָלעטאַריאַט טיילט זיך שוין אויף פאַרמעגלעכע און נישט־פאַרמעג־לעכע שיכטן. ווייטער: אָנשטאָט דער לאָזונג — „דער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט קיין פאָטערלאַנד" — ווערט איצט באַזונגען די „ליבע צום טייערן פאָטערלאַנד", ווערט אַרויפגעהויבן דער אַלטער בירגערלעכער, לאַקריץ־פּאַטריאָטישער אידעאַל, אַז עס איז זיס, אַן ערע, און אַ כּבוד — צו „שטאַרבן פאַר דעם פאָטערלאַנד". די וועטעראַנען פון דער רעוואָלוציע, די, וואָס האָבן זיך אַלץ אַנדערש פאָרגע־שטעלט, פילן זיך טיף געקרענקט און ביטער אַנטוישט. זיי קריצן מיט די ציין זעענדיק, ווי דער ראַטן־פאַרבאַנד טרעט אָפּ טריט ביי שריט פון די פריִערדיקע פּרינציפּן, ווי אַלע אַמאָליקע לאָזונגען ליגן אין חורבות און ווי דער סאָציאַליזם ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ וויסטן באַלאַגאַן, אמת: זיי קריצן מיט די ציין אין דער שטיל, אָבער סטאַלין ווייסט: זיי שטעלן מיט זיך פאָר דאָס מאַטעריאַל, וואָס קען נאָך אַ מאָל אויסברעכן. סטאַלין ווייסט: די דאָזיקע מענטשן גלייבן נישט, קענען נישט גלייבן, אַז ער איז דער „זשעני", די „לייכטנדיקע זון" פון דער רעוואָלוציע. סטאַלין פאַרשטייט: זיי האַלטן, אַז באמת איז ער דער קברן און די פינצטערע נאַכט פון דער רעוואָלוציע. און דעריבער — פאַרטיליקט ער די אַלטע גוואַרדיע, דעריבער רוימט ער זי מיט אַזוי פיל ציניזם און אַכזריות אָפּ פון וועג... (אַזוי איז נוטה צו זאָגן טראָצקי).

זאָגן ווידער אַנדערע:

— דאָס איז אַ שפּיל, און די שפּיל האָט אַ זין. און דער זין איז: — אָנווייזן די מאַסן פון ראַטן־פאַרבאַנד, ווער עס איז דער פאַקטיש „שולדיקער" אין די

שוועריקייטן, אין וועלכע דער ראַטן־פאַרבאַנד פאַרפּלאָנטערט זיך אַלץ מער...

דאָס איצטיקע רוסלאַנד געפינט זיך אין אַ זייער אומהיימלעכער פּאָליטישער סיטואַציע; זי געפינט זיך אין אַ שטאַרק אומגינסטיקער עקאָנאָמישער לאַגע. די מאַשין קלאַפּט נישט. אין דער אינדוסטריע הערשט אַ כאַאָס. די אַלע „פּיאַטילעט־קעס" האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל. 20 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע — און ברויט איז נאָך אַלץ נישטאָ צו דער זעט. און אין די דירות פילט זיך אַ שרעקלעכער מאַנגל. און אין אַזאַ אַמעריקע צי ענגלאַנד אָדער אַפילו פראַנקרייך — לענדער מיט בורזשואַזע סיסטעמען — לעבט זיך נאָך אַלץ דעם אַרבעטער בעסער, באַקוועמער און פריילעכער ווי אין ראַטן־פאַרבאַנד. די מאַסן זענען אומ־צופרידן. מ'מוז אָפּווענדן זייער צאָרן. אין די פאַשיסטישע לענדער דערפילן די ראָל פון שׂעיר לעזאזל די יידן. אין רוסלאַנד דערפילן די זעלביקע ראָל די... טראָצקיסטן. אויב קיין קעגנערס זענען אַפילו נישטאָ, ווערן זיי מיט גוואַלד „פאַבריצירט". זיי זענען „בויטיק". דעם דאָזיקן דעמאַגאָגישן ציל דינען טאַקע די אינסצעניזירטע פּראָצעסן. ווייסט איר, פאַר וואָס ראַטן־פאַרבאַנד מאַרשירט נישט פאָרויס? — ווייסט איר, פאַר וואָס אין דער אינדוסטריע הערשט אַ מהומה, פאַר וואָס קאַטאַסטראָפעס קומען פאָר, פאַר וואָס נאָך אַלץ און טראָץ אַלץ זעט איר אויס, אַזוי ווי איר זעט אויס? — ווייל טראָצקי לאָזט נישט, די טראָצקיסטן פירן סאַבאָטאַזש, ווייל בוכאַרין האָט אָרגאַניזירט אַ קולאַקן־אויפשטאַנד... מיט איין וואָרט: די פּראָצעסן ווערן אָרגאַניזירט כּדי צו דערגרייכן אַן עפעקט און סוגעסטיאָנירן די אַרבעטער־מאַסן, די מאַסן, וואָס האָבן אַזוי פיל גרונד צו זיין פאַרביטערט... (אַזוי גלייבט דער „עוור").

זאָגן מיר:

— געוויס איז דאָ אַ פּונק אמת אין די אַלע אויבן געבראַכטע באַהויפּטונגען. אָבער דער גאַנצער אמת איז אין זיי נישטאָ. דער גאַנצער אמת איז: די מאָסקווער גרויל־פּראָצעסן, די בלוטיקע עקזעקוציעס, זענען די אומפאַרמיידלעכע קאָנסע־קווענצן פון דעם סיסטעם, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין מאָסקווע.

דער סיסטעם האָט געבויט גלייך פון די ערשטע טעג זיין מאַכט אויף טעראָר; דער סיסטעם האָט זיך געשטיצט אויף דעם פּרינציפּלאָזן פּרינציפּ, אַז מענטשלעך בלוט איז הפקר; דער סיסטעם האָט באַלד פון אָנהויב געצייכנט זיין וועג מיט בלוט...

און דערצו: דער דאָזיקער סיסטעם האָט פאַרלייקנט, אַז דער מענטש האָט אַ נשמה, אַז דער מענטש האָט רעכט צו אינדיווידועלער פרייהייט און אַז עטיק איז דער יסוד, אויף וועלכן אַ מענטשלעכע געזעלשאַפט מוז געבויט ווערן. אונ־טער דעם דאָזיקן סיסטעם איז דער מענטש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געווערק־

צייג צו דער מאַשין, אין אַן אויטאָמאַט אָן אייגענעם ווילן און געוויסן. די באָל-שעוויסטישע רעוואָלוציע איז אַנטשטאַנען ווי אַ באַוועגונג קעגן דער הערשאַפט פון די צאַרישע תּלינים, אָבער אַליין האָט זי איבערגענומען זייער פיל פון די מעטאָדן און זייער פיל פון דער גרויזאַמקייט פון יענע תּלינים...

„מאָראַל — איז אַ קליינבירגערלעכער פאָראורטייל" — דאָס איז געווען די מאָראַל פון די באָלשעוויסטישע טעאָרעטיקערס און פירערס; און אָט זענען די רעזולטאַטן, צו וועלכע דער סיסטעם האָט דערפירט...

און עס איז נישט וויכטיק וואָס איצט זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק בוכאַרין און ריקאָוו און דער הערשער איז סטאַלין; עס איז נישט וויכטיק וואָס יאַגאָדאַ איז היינט דער אָנגעקלאָגטער, און דער אָנקלאָגער איז זיין פאַרטרעטער אין דער „טשעקאַ", דער נייער שעף יעזשאָוו. אַלע זענען זיי פון איין ליים גע־קנאָטן. און אַלע מוזן זיי זיין די העלדן פון דער בלוטיקער וואַקכאַנאַליע.

אויב עס איז ווער אַ בעלן זיך אָוועקצושטעלן מיט דעם זייגער אין האַנט און וואַרטן ביז סטאַלין אַליין וועט אָנגעקלאָגט ווערן, אַז אויך ער האָט פאַרראַטן דעם... סטאַליניזם, קען ער דאָס טאָן. אַזאַ שעה מוז קומען. דאַנטאָן און ראָבעס־פּיער, די פירערס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, זענען נאָך אַלץ די קלאַסישע ביישפּילן.

דאָס איז דער אומפאַרמיידלעכער אָפּגרונט אין וועלכן עס מוז זיך אַראָפּ־קייקלען די באַוועגונג. יעדע באַוועגונג וואָס פאַרוואַרפט פון איר פּראָגראַם די פּרינציפּן פון עטיק און מעכאַניזירט דעם מענטש.

אַזאַ איז די שפּראַך פון נייעם מאָסקווער פּראָצעס.

# קאַרל ראַדעק און חברים
## (אַרום דעם מאָסקווער פּראָצעס)

אין די טעג, ווען קאַרל ראַדעק איז געשטאַנען פאַרן העכסטן מיליטערישן טריבונאַל אין מאָסקווע, און דערציילט גרויל־געשיכטעס וועגן זיין טעטיקייט אין די לעצטע יאָרן, האָב איך געהאַט פאַר זיך ראַדעקס באַקאַנט בוך „פּאַרטרעטן און פּאַמפלעטן". אין מאָסקווע האָט קאַרל ראַדעק דערקלערט, אַז ער איז אַ שפּיאָן און טעראָריסט, אַז ער האָט געשטרעבט צוריק איינצופירן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַז ער האָט געוואָלט צעברעכן דעם סאָציאַליזם און די סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען, אַז ער האָט אַלע כּוחות אָנגעווענדט כּדי צו ברענגען היטלערן קיין רוסלאַנד; אָבער פונעם בוך, וואָס איז פאַר מיר געלעגן, האָט גערעדט אַ גאַנץ אַנדערער ראַדעק. עס האָט גערעדט ראַדעק דער רעוואָלוציאָנער. דער באַגייסטערטער באַזינגער פון די אָקטאָבער־קאַמפן. דער בויער און שאַפער פון ראַטן־פאַרבאַנד.

אין מאָסקווע האָט קאַרל ראַדעק געזאָגט: „איך האָב זיך פאַרבונדן מיט יאַפּאַן און דייטשלאַנד, כּדי צו ברענגען וואָס שנעלער די מפּלה פון ראַטן־פאַרבאַנד"; אין זיין בוך שרייבט ראַדעק: „דאָס נייע רוסלאַנד האָט אַדורכגעהאַקט דעם פראָנט פון וועלט־קאַפּיטאַליזם, אין שאַרפן גלאַנץ האָט זיך באַוויזן דער רויטער שטערן פון די סאָוועטן, כּדי צו באַפרייען די מענטשהייט". איך מוז מודה זיין, אַז נאָך יעדן באַריכט פון מאָסקווער פּראָצעס, וואָס איך האָב געלייענט אין צייטונג, האָב איך געכאַפּט אַ בליק אין ראַדעקס בוך, און איך האָב אַזוי אַרום אַדורכגעפירט אַ זייער כאַראַקטעריסטישע קאָנפראָנטאַציע פון קאַרל ראַדעק מיט... קאַרל ראַדעק.

צי האָט עס זיך ראַדעק געקענט פאָרשטעלן? — צי האָט ער אויף אַ מאָמענט צו מאָל געקענט צו זיך צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער סיסטעם, וועלכן ער האָט געהאָלפן בויען און באַפעסטיקן וועט זיין קאָפּ פאָדערן; אַז די רעוואָלוציע, פאַר וועלכער ער האָט זיין לעבן אָוועקגעגעבן, זיין טאַלאַנט, זיין ענטוזיאַזם, וועט אין איינעם אַ יאַנואַר־טאָג אין 1937 זיך צעשרייען אין אַלע פאַבריקן, אין אַלע זאַוואָדן, אין אַלע צייטונגען און אויף אַלע פאַרזאַמלונגען. זיך צעשרייען אין די

העכסטע טענער: „דער פּאַשיסטישער הונט, די גיפטיקע שלאַנג ראַדעק, מוז דערשאָסן ווערן!" — קאַרל ראַדעק האָט אַדורכגעמאַכט אַ לעבן פון שטורעם און קאַמף. ראַדעק איז אַ ייד, און ער הייסט פאַקטיש סאָבעלזאָן. און ער שטאַמט פון גאַליציע, פון טאַרנאָוו, פון אַן אָרעמער יידישער היים אין טאַרנאָוו. נאָך אין די שוליאָרן האָט קאַרל ראַדעק זיך פאַרנומען מיט קאָנספּיראַטיווער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אַלס ייִנגל פון זעכצן יאָר פירט ער שוין אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטערס, פאַרשפרייט אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציעס, און האַלט פלאַם־פייערדיקע רעדעס פאַר די מאַסן. ער ווערט דערפאַר דערוויטערט פון שול. אָבער קיין שום דראָונג און קיין שום געפאַר איז נישט בכוח אַוועקצוציִען דעם ברויזנדיקן סאָבעלזאָן־ראַדעק פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. ער טרעט אַריין צו ערשט אין די רייען פון פּפּ״ס. אין קראָקע אַרבעט ער אַ שטיקל צייט צוזאַמען מיט דאַשינסקין. ער שרייבט אין די פּ.פּ.ס.ישע אָרגאַנען און אָרגאַניזירט סאָציאַליסטישע קרייזלעך. דערנאָך קומט ער קיין קאָנגרעס־פּוילן. און ווידער — קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט. און אַלס „באַלוינונג" — תּפיסה.

קאַרל ראַדעק זיצט אין „פּאַוויאַק" אין וואַרשע. אין אַרעסט־צייט ווידמעט ער זיך דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, און ער זעצט אויך איבער אויף פּויליש אַ רייע מאַרקסיסטישע ווערק. שפּעטער וואַנדערט ער איבער דייטשלאַנד, איבער דער שווייץ. ער וואַנדערט, ווי דער אומעטום פאַרטריבענער, אומעטום — וואַגלענדיקער „אייביקער ייד". אָבער מיט יידן און יידנטום האָט קאַרל ראַדעק ווייניק צו טאָן. פאַר יידן וויזט ראַדעק קיין שום אינטערעס נישט אַרויס, זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פאַרנעמט — דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט, די וועלט־רעוואָלוציע. ער דערלעבט אויך די רעוואָלוציע. אויב נישט די וועלט־רעוואָלוציע, אָבער אויף דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד דערוואַרט ער זיך. צוזאַמען מיט זיין לערער און פריינד לענין קומט ער אין יאָר 1917 קיין רוסלאַנד אין פאַרפּלאָמבירטן וואַגאָן. באַלד הייבט ראַדעק אָן צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין דער סאָוועטישער רעגירונג. ער וואַקסט אויס צו איינעם פון די וויכטיקסטע טאָנגעבערס און וואָרטפירערס. ראַדעק איז אַן אומגעוויינלעך טאַלענטירטער דיפּלאָמאַט, אָבער ער פאַרמאָגט אויך אַ נישט קלענערן שריפטשטעלערישן טאַלאַנט. קאַרל ראַדעקס פעדער איז ערשטקלאַסיק. שאַרף, בייסיק, סאַרקאַסטיש. מיט זיין שאַרפזין און גייסטרייכן הומאָר דערמאָנט ראַדעק אין יידיש־דייטשן שריפטשטעלער לודוויג בערנע. נישט קיין וווּנדער, וואָס אין רוסלאַנד איז ראַדעק דער אָפיציעלער, דער פירנדיקער פּובליציסט. זיינע אַרטיקלען וועגן דער אויסערן־פּאָליטיק ווערן באַטראַכט ווי די אָפיציעלע מיינונג פון דער רעגירונג. ראַדעק איז אויך אַ צייט־לאַנג סטאַלינס פּאָליטישער סעקרעטאַר און ער זעצט אים איבער אויף רוסיש די אויסלענדישע צייטונגען.

אין אַלע לענדער ווו ראַדעק קומט ווערט ער אויפגענומען, ווי דער אָפּי־

ציעלער פאָרשטייער פון דער ראַטנמאַכט, און מיר געדענקען נאָך גוט דעם פאַראַד, וואָס מען האָט מיט ראַדעקן געפּראַוועט, ווען ער האָט פאַר דריַי יאָר געמאַכט אַ באַזוך אין פּוילן.

„איר מאַיעסטעט די געשיכטע האָט גרויסע קאַפּריזן" — שרייבט ראַדעק אין זיין בוך; און אָט לעבט ער אַליין איבער אירן אַ קאַפּריז; ראַדעק שטייט פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל, ער ווערט געמישפּט פאַר „פאַרראַט", „שפּיאָנאַזש", ער שטייט אין אָנבליק פון דער סטאַליניסטישער עקזעקוציע.

ווי געטריי די היסטאָריע חזרט זיך איבער! — אַזוי מוזסט איר צו זיך זאָגן אין די טעג פון שווידערלעכן מאָסקווער פּראָצעס.

אַזוי פיל מאָל שוין זענען געמאַכט געוואָרן פאַרגלייכן צווישן דער באָלשע־וויסטישער און דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; און אָט איז ווידער אַ פאַרגלייך. אָט איז נאָך איין שטריך צו דער ענלעכקייט פון בילד.

דאָס, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין מאָסקווע, האָט זיך שוין אַ מאָל אָפּגעשפּילט אין פּאַריז מיט 143 יאָר צוריק.

„דער טריבונאַל האָט זיך געעפנט. די ריכטערס האָבן פאַרנומען אַן אָרט אַרום דעם גרינעם טיש. דער מישפּט האָט זיך אָנגעהויבן...

דער טריבונאַל האָט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ גע־שפּענסט, וואָס איז דורשטיק צו בלוט. זען טויט — איז געוואָרן זיין נאָרמאַלסטע פונקציע. טעראָר — איז געוואָרן זיין אויסדרוק...

דער טריבונאַל האָט געמישפּט אָן מישפּט... די רעוואָלוציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בלוט־דורשטיקע בעסטיע. מ'האָט געשניטן מענטשלעכע קעפּ. מ'האָט געקעפּט די מענטשן, וואָס האָבן די רעוואָלוציע געשאַפן און מיט איר אָנגעפירט"...

ניין, דאָס איז נישט קיין שילדערונג פון איצטיקן רוסלאַנד. דאָס איז אַ ציטאַט פון אַ געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַזוי שרייבט טהיער, אַזוי שרייבט אָלאַר. אַזוי שרייבן די היסטאָריקערס פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויפגעפרעסן אירע אייגענע העלדן. צו דער גיליאָטינע זענען אָפּגעפירט געוואָרן די גרעסטע פּערזענלעכקייטן, די ליב־לינגען פון פאָלק. דאַנטאָן איז אומגעקומען. דעמאָלען איז אומגעקומען. זיי זענען געקעפּט געוואָרן אויפן באַפעל פון ראָבעספּיער, אַ חבר פון די אַלטע יאָרן, וואָס האָט זיך אָבער איבער אַלעמען אַרויפגעהויבן, און אַלעמען פאַרצוקט. די רעוואָ־

לוציע איז אַרויסגערופן געוואָרן מיט אַ פֿאַרצווייפֿלטן געשריי נאָך גערעכטיקייט, זי איז דערקלערט געוואָרן, ווי אַ קאַמף פֿאַר גערעכטיקייט, אָבער זי האָט געטראָטן מיט די פֿיס די גערעכטיקייט, זי האָט זיך געטרונקען אין בלוט און געוואָרפן אַ גרויל מיט אירע הונדערטער גרויזאַמע עקזעקוציעס.

די שפּיל גייט אַריבער. טראָצקי האָט געראַטעוועט זיין לעבן; אָבער קאַמעניעוו און זינאָוויעוו זענען דערשאָסן געוואָרן. און דער קאַמעניעוו־מאָרד איז נישט דער לעצטער. די בלוט־דורשטיקייט פֿון הערשער איז נישט געשטילט. אַ נייער אומגעלומפּערטער פּראָצעס ווערט איניסצעניזירט. אויך די קעפּ פֿון ראַדעק, סאָקאָלניקאָוו און אַנדערע רעוואָלוציאָנערן מוזן פֿליִען. דער דיקטאַטאָר איז דורשטיק, און ער מוז זיך מיט אַלעמען אָפּרעכענען אויף אַ שוידערלעכן און גרויזאַמען אופֿן.

דאָס זעלבע בלוטיקע שטיק געשיכטע, אָבער מיט עפּעס איז פּאָרט אַנדערש דאָס בילד.

אין פּאַריז, מיט 143 יאָר צוריק, האָבן די העלדן זיך נישט געשפּיגן אין פּנים אַריין.

זיי האָבן זיך נישט „מודה" געווען אין די טעמפּע פֿאַרברעכנס, וואָס זענען זיי פֿאָרגעוואָרפֿן געוואָרן.

דאָרט האָבן די מענטשן מוט געהאַט.

ווי אַזוי, למשל, האָט זיך דאַנטאָן געהאַלטן פֿאַרן געריכט? — דער באַרימטער פֿראַנצויזישער שרייבער ראָמען ראָלאַן האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע וועגן דאַנטאָנען, וואָס איז געשטיצט אויף געשיכטלעכע מאַטעריאַלן. און אַן אומפּאַרגעסלעכן איינדרוק מוז דאָ מאַכן די סצענע פֿון דאַנטאָנס מישפּט. דער פּאָרזיצער וואַרפֿט אים פֿאָר אומגעפֿער דאָס זעלבע, וואָס ווערט איצט פֿאָרגעוואָרפֿן ראַדעקן: „דו האָסט פֿאַרראַטן די רעפּובליק, דו האָסט זיך פֿאַרבונדן מיט אונדזערע שונאים"... אָבער דאַנטאָן לאָזט נישט אַראָפּ דעם קאָפּ, ער שרייט צום פּאָרזיצער: „תּלין! ווען ביסטו פֿאַרפּליכטעט צו ליפֿערן מיין קאָפּ?" — און ער לאַכט: „אויסוורפֿן! קוקט מיר גלייך אין פּנים! דאַנטאָן — אַ פֿאַררעטער פֿון דער רעפּובליק? — פֿראַנקרייך וועט אַזוי גיך נישט אַראָפּשלינגען אַזעלכע שקרים!" און דאָ ווענדט זיך דאַנטאָן פּלוצים צום פּובליקום, וואָס איז פֿאַרזאַמלט אין געריכט: „פֿאָלק! זיי דערמאָרדן אונדז, זיי שחטן דיך מיט מיר צוזאַמען; פֿאָלק! לאָמיר פֿאַרניכטן דעם טיראַן וואָס רעגירט!" — דאַנטאָן ווערט אַרויסגעפֿירט מיט צוואַנג פֿון געריכטזאַל, אָבער זיין שטימע רייסט זיך דורך צום פּובליקום, זי רייסט זיך אויך דורך דורות צו אונדז.

און ווי נעבעכדיק זעען אויס לגבי אַזאַ דאַנטאָן די זיבעצן רעוואָלוציע־העלדן, וואָס פֿאַרנעמען די באַשולדיקונגס־באַנק אין מאָסקווע!

אַלע זענען זיך „מודה". אַלע וואַרפן אויף זיך אַ שאַנדפלעק.
דאָס איז דאָס גרעסטע רעטעניש פונעם דאָזיקן גאַנצן שווינדל.
וואָרום גלייבן, אַז ראַדעק און זיינע חברים זענען טאַקע היטלערס אַגענטן — וואָלט געווען דער משונהדיקסטער אַבסורד. דאָס איז אַ באָבע־מעשה. דאָס איז אַ מיאוסער ליגן, וואָס איז קאָמיש פונקט אַזוי ווי ער איז סאַדיסטיש. דערין גלייבט אפשר בלויז דער נייער דור אין רוסלאַנד, וואָס ווייסט ווייניק וועגן די לייסטונגען פון די איצטיקע באַשולדיקטע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און מיט וועלכן מען קנעלט טאָג־איַין טאָג־אויס, אַז בלויז איינער איז פאַרבליבן געטריי דער אידעע פון לענינען — איין סטאַלין, וואָס האַלט טאַקע די מאַכט אין זיינע הענט. מיר קענען דאָס נישט באַנעמען מיט אונדזערע הערצער און מוחות. מיר פילן, אַז דאָ פירט דער דיקטאַטאָר אַ ציניש אויסראָטונגס־קאַמף קעגן די, וואָס פאַרמאָגן אַ פיל גרעסערע רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט און אַ ביסל מער בילדונג און קולטור, ווי ער אַליין. מיר פילן, אַז דאָס וויל דער רוסישער ראָבעספיער פאַרטיליקן אַלע פיאָנערן און חברים פון די אַמאָליקע יאָרן, כּדי אַליין צו דערהאַלטן די מאַכט אין די הענט. אָבער נישט צום פאַרשטיין און אויסטערליש־שטוינענדיק איז, פאַר וואָס שליידערן די קרבנות נישט צוריק די באַשולדיקונג? פאַר וואָס זאָגן זיי נישט, אַז זיין אַ קעגנער פון סטאַלין, באַדייט נאָך נישט — זיין אַ היטלעריסטישער אַגענט? פאַר וואָס דערקלערן זיי נישט, אַז מען קען זיך באַציִען סקעפּטיש צו סטאַלינס שריט, און דערביי אויך האַסן היטלערן און זיין אַ פריינד פון אַרבעטער־פאָלק? — פאַר וואָס וואַרפן זיך די דאָזיקע אויסגעפּרוווטע קעמפערס אַזוי הינטיש־הכנעהדיק אויף די קני און פאַר וואָס לאָזן זיי זיך אַזוי מאָראַליש צעקוועטשן?

נו יאָ. מיר פאַרשטייען: ג.פּ.או., „טשעקאָ". די באַשולדיקטע ווערן געצוווּנגען אָפּצוגעבן זייערע דערקלערונגען. עס האָבן אויך קורסירט קלאַנגען, אַז קאַמעניעוו און זינאָוויעוו האָבן פאַרן פרייז פון זייער מאָראַלישער דערנידערונג געמיינט דאָס לעבן צו ראַטעווען, און מעגלעך, אַז מען האָט זיי טאַקע צוגעזאָגט, אַז אויב זיי וועלן זיך מודה זיין, וועלן זיי באַגנעדיקט ווערן. אָבער צי לאָזט זיך אויך ראַדעק אָפּנאַרן? — צי האָט ער דען נישט געזען דעם שווינדל, וואָס איז געטריבן געוואָרן קעגן קאַמעניעוו און זינאָוויעוו? — קאַרל ראַדעק אין דער ראָל פון אַ וואַן־דער־לובע, קאַרל ראַדעק אַלס אַ ליאַלקע אין אַ קאָמעדיאַנטישן טעאַטער־פּראָצעס — דאָס איז דאָס אומפאַרשטענדלעכסטע, דאָס געהיימנישפולסטע אין די מאָסקווער פּראָצעסן. דאָס איז אויך פאַר די רעוואָלוציאָנערע העלדן דאָס שענדלעכסטע: גרויסע קעמפערס, און זיי שטאַרבן דאָך מיט אַ קליינעם, ניבזהדיקן טויט.

די היינטיקע צייטונג מעלדעט ווידער אינעם זעלביקן שאַבלאָן־נוסח: סערע־בריאַקאָוו איז זיך מודה, פּיאַטאַקאָוו דערציילט וועגן זיינע פאַרראַט־פּלענער. איך מיש אויף ראַדעקס בוך. איך געפין דאָרט אַזאַ שורה: „מ׳קען נישט אויסבויען אַ געזעלשאַפט מיט בלויזע גוואַלד־מיטלען, נישט האָבנדיק קיין שום לייטנדיקע אידעע״... ווי ריכטיק דער דאָזיקער געדאַנק איז. אָן אַן אידעע קען קיין שום געזעלשאַפט נישט עקזיסטירן. מען האָט געקענט זיין אַ קעגנער פון ראַטן־פאַר־באַנד, אָבער עס האָט זיך דאָך אויסגעוויזן, אַז די רעגירונג אין סאָוועטן־רוסלאַנד שטרעבט צו עפּעס. איצט ווערט אַלץ אַרונטערגעריסן. איין „אידעע״ פאַרבלייבט נאָר, און זי ווערט צעפּויקט אויף אַלע מיטינגען און אין אַלע ביכער: „סטאַלין איז דער גרעסטער מענטש פון דער עפּאָכע, סטאַלין איז די זון פון דער וועלט״... אָבער דאָס איז נישט און קען נישט זיין קיין שאַפערישער און לייטנדיקער געדאַנק. דאָס איז נאָר איינער פון די אומצייליקע שווינדלערייען מיט וועלכע אונדזער צייט איז רייך.

## סטאַלינס וועגן
### (אַרום די מאָסקווער פּראָצעסן)

די באַוואָרעניש מוז געמאַכט ווערן גלייך פון אָנהויב: סטאַלינס וועגן זענען געהיימנישפולע. נישט דער שרייבער פון די שורות און נישט דער לייענער פון די שורות קענען זיי באַגרייפן און דערגרונטעווען. אָבער אין די לעצטע טעג איז איבער סטאַלינען זייער פיל געשריבן געוואָרן אין דער וועלט. עס איז געשריבן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַזוי אומפאַרשטענדלעכן און אַזוי קאָשמאַרפולן מאָסקווער פּראָצעס.

עס זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו וואַרפן אַ שײַן איבער סטאַלינס פּערזאָן און איבער סטאַלינס כאַראַקטער. און דער עיקר צו פאַרענטפערן די פראַגע, וואָס וואָרט דאָך אומזיסט אויף אַן ענטפער: וועמען איז דער פּראָצעס נויטיק? — צוליב וואָס, צו וועלכן צוועק, איז די קאָמעדיע אינסצעניזירט געוואָרן? — ווער איז געוואָרן זאַט פונעם בלוט פון קאַמעניעוו, זינאָוויעוו און חברים, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אייניקע חדשים צוריק און ווער דאַרף זאַט ווערן פונעם בלוט פון קאַרל ראַדעק, סאָקאָלניקאָוו און חברים, קעגן וועלכע עס ווערן איצט פרישע דראַקאָנישע אורטיילן צוגעגרייט?

דער פּראָצעס קומט פאַר אויפן באַפעל פון סטאַלין; וואָלט סטאַלין דעם פּראָצעס נישט פאַרלאַנגט, וואָלט ער נישט פאַרגעקומען; וואָס, בכן, מיינט סטאַלין? וואָס איז אויסן דער סאָוועטישער דיקטאַטאָר און וועלכער ציל שטייט פאַר אים?...

אין עטלעכע ענגלישע צייטונגען זענען די פאַריקע וואָך אויפגעמישט געוואָרן די בלעטער פון סטאַלינס ביאָגראַפיע. ווי עס וואָלטן די זשורנאַליסטן גערעכנט, אַז דורך די ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן וועט לייכטער זיין צו דערקענען דעם טיפ און דעם כאַראַקטער. אָבער אין סטאַלינס פאַרגאַנגענהייט איז נישטאָ קיין שום אויסערגעוויינלעכס. אומגעפער אַזאַ רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט האָט געהאַט טראָצקי, געװיס אַזעלכע יאָרן פון נויט האָט אַדורכגעמאַכט ראַדעק, געוויס אַזאַ עפּאָכע פון שטורעם און פאַרשיקונג האָט איבערגעלעבט קאַמעניעוו; סטאַלין (זיין אייגנטלעכער נאָמען: יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש דזשוגאַשווילי) איז אַ

שוסטערס אַ זון פון גרוזיע. ער האָט אין דער יוגנט געלערנט אין אַ גלחים־סעמינאַר. ער האָט זיך צעבונטעוועט. ער האָט קיין גלח נישט געוואָלט פאַרבלייבן. ער איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט געאַרבעט אין די אומלעגאַלע אַרבע־טער־קעמערלעך אין צאַרישן רוסלאַנד. ער האָט געהאַט פאַרשידענע פּסעוודאָני־מען: „סאָשאַ", „דאַוויד", „קאָבאַ". צווישן 24סטן און 34סטן לעבסיאָר איז ער זעקס מאָל געווען אַרעסטירט. — אָבער צי זענען דאָס אַלץ פאַקטן, וועלכע מיר געפינען בלויז אין סטאַלינס לעבן, און צי קענען זיי זאָגן עפּעס ספּעציפישס וועגן דעם איצטיקן הערשער פון אַ זעקסטל טייל וועלט?...

דאָס איינציקע, וואָס לאָזט זיך אַרויסזאָגן פון סטאַלינס פאַרגאַנגענהייט איז, אַז סטאַלין איזווירקלעך אַ „מאַן פון שטאָל", אַן אַנטשיידענער, ענערגישער, אַנט־שלאָסענער אין זיינע האַנדלונגען. סטאַלינס נערוון האָבן אויסגעהאַלטן אַ גלענצ־דיקן עקזאַמען אין יענער נאַכט, ווען ער האָט אויסגעפירט זיין אָנפאַל אויפן צאַרישן פּאָסטוואַגאָן און צוגענומען דאָס געלט פון דער צאַרישער קאַסע פאַר דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אָבער אויך אין לעבן פון יוזעף פּילסודסקי, למשל, איז דאָ אַן ענלעך קאַפּיטל. פּילסודסקי האָט אָרגאַניזירט אַן אַטענטאַט אויף אַ רוסישן פּאָסטוואַגאָן ביי דער סטאַציע בעזדאַני. און נישט בלויז פּילסודסקי. אַ צווייטער פּוילישער קעמפער, מאַנטוויל־מירעצקי האָט אויסגעפירט אַן אָנפאַל אויף דער באַן ביי ראַגאָוו. נישטאָ אין סטאַלינס פאַרגאַנגענהייט עפּעס אַזעלכס, וואָס זאָל זיין כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר אים אַליין. און זייער ווייניק קענען אויך דעריבער זאָגן די בלעטער פון סטאַלינס ביאָגראַפיע ווען זיי ווערן איצט געעפנט.

אַרום סטאַלינס כאַראַקטער האָבן זיך אָנגעקליבן די פאַרשידנסטע לעגענדעס און די קעגנזעצלעכסטע מיינונגען; איר קענט וועגן אים לייענען, אַז ער איז אַ „באַנדיט פון קאַווקאַז, מיט נייגונגען פון אַ באַנדיט", איר קענט אָבער אויך לייענען, אַז סטאַלין איז בטבע סענטימענטאַל און אין די פרייע שעהען האָט ער גערן ליב צו הערן סענטימענטאַלע מוזיק. עמיל לודוויג האָט באַזוכט פאַר עטלע־כע יאָר סטאַלינען, ער האָט מיט אים געפירט אַ לענגערן געשפּרעך — און ער דערציילט, אַז ער האָט אייגנטלעך איבערגעלעבט אַ שטיקל אַנטוישונג. איך האָב דערוואַרט — שרייבט לודוויג — צו זען פאַר זיך עפּעס אַ „קניאַזש", אַ פירשט, אַ שטרענגן, אַן אָפּשטויסנדיקן, אָבער איך האָב נאָר דערזען אַ דיקטאַטאָר, וועמען איך וואָלט אָן מורא אָנגעטרויט מיינע קינדער. איך האָב בכלל דערזען פאַר זיך אַן אַנדערן סטאַלין, ווי דער, וואָס האָט געלעבט אין מיין פאַנטאַזיע. איך האָב געלייענט, אַז סטאַלין האָט אַ געשטופּלט פּנים און צוליב דעם באַווייזט ער זיך נישט אין דער עפנטלעכקייט; אָבער איך האָב קיין שטופּלען אויף זיין פּנים נישט באַמערקט. איך האָב געלייענט, אַז אַ ראָטע קאָזאַקן היט סטאַלינען, אַז סטאַלין פאָרט צוליב פאָרזיכטיקייט אַלע טאָג אַריין דורך אַן אַנדער טויער אין קרעמל, און אַז סטאַלין האַלט ווי אַ סולטאַן זיין 15־יאָריקע פרוי אונטערן שלאָס. איך

האָב זיך איבערצייגט, אַז אין דעם אַלעם איז קיין שפּור אמת נישטאָ... — אָבער לודוויג גיט דאָך צו, אַז ער האָט באַמערקט זייער פיל אומהיימלעכס און פינצ־טערס אין סטאַלינס בליק, אין סטאַלינס געלעכטער. ער האָט דערפילט, אַז נישט געקוקט, וואָס סטאַלין ווערט פּראָקלאַמירט אַלס „פריינד פון די אַרבעטער־מאַסן", זיצט דאָך אין אים פּאַקטיש אַ פאַראַכטונג צו מענטשן, און אויב די מענטשן וואָגן אַנדערש צו זאָגן, אָדער אַנדערש צו גלייבן ווי ער באַפעלט, דאַן מוזן זיי ריקזיכטלאָז פאַרטיליקט ווערן — ער האָט דערשפּירט אין אים — אַ דיקטאַטאָר, אַ דיקטאַטאָר, וועלכן עס ציט נישט צו געלט, צו פאַרגעניגנס, וועלכער וויל באַפעסטיקן די סאָציאַליסטישע מלוכה, אָבער פאַר וועלכן מאַכט איז אַ גרויסע, אַ וויכטיקע זאַך.

דעם שאַרפסטן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן סטאַלינען האָט אַרויסגערוקט סטאַ־לינס געוועזענער חבר און מיטאַרבעטער, לעוו טראָצקי.

ביז דעם יאָר 1917 האָבן זיך דיביידע באַלשעוויסטישע פירערס נישט גע־קענט. אָבער אין די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן האָבן זיי אַנטוויקלט אַ געמיינזאַמע אַרבעט פאַרן ראַטן־פאַרבאַנד. הגם עס זענען דאָ מענטשן, וואָס האַלטן, אַז שוין דעמאָלט האָבן זיי געפירט מיט זיך אַ קידער־ווידער. טראָצקי און סטאַלין זענען צוויי קעגנזעצלעכע נאַטורן. טראָצקי איז אַן ענטוזיאַסט, אַ רעדנער, אַ מענטש פון סטיל און בייסנדיקן וויץ. אים איז פרעמד די טרוקנקייט און שטאָלענע קאַלט־קייט פון סטאַלין.

כּל־זמן לענין האָט געלעבט, איז דער אַנטאַגאָניזם צווישן טראָצקי און סטאַ־לין נישט אַרויסגעשוומען אין דער עפנטלעכקייט. אָבער נאָך לענינס טויט האָט די שׂינאה זיך צעפלאַקערט. נאַטירלעך: עס האָבן דאָ געשפּילט אַ ראָל טעאָרע־טישע חילוקי־דעות בנוגע די ריכטליניעס פון דער פּאַרטיי. אָבער אויך דער פּער־זענלעכער מאָמענט האָט נישט געפעלט. עס איז אַ קאַמף פאַר מאַכט. סטאַלין וויל די מאַכט נישט טיילן מיט טראָצקין. ער וויל דעם ריוואַל אין גאַנצן אַרויסשטויסן און — סטאַלין זיגט. סטאַלין זיצט היינט צו טאָג אין קרעמל, אין מאָסקווע, און טראָצקי איז — אין גלות, אין מעקסיקע.

אין זיינע ביכער מאָלט טראָצקי סטאַלינען אין די שוואַרצסטע פאַרבן. טראָצקי איז פאַרביטערט, ער האָט צוליב וואָס צו זיין פאַרביטערט און ער שליידערט אַזוי פיל ביטערקייט, גאַליקייט און שטעכיקייט אין זיין קעגנער. ער קריטיקירט שאַרף סטאַלינס מאַשין, וואָס איז בלינד און דערשטיקט אַן איינזען יעדן איינעם, וואָס שטעלט זיך איר אין וועג. ער שרייבט די פאַרניכטנדיקסטע קריטיק, און אויף דער פראַגע: וואָס וויל סטאַלין? — וואָס איז ער אויסן מיט זיינע פּראָצעסן קעגן די וועטעראַנען פון דער רעוואָלוציע און מיט זיינע בלוטיקע עקזעקוציעס?

— ענטפערט טראָצקי: סטאַלין וויל יחוס. ער איז געקומען צו דער מאַכט, ער האָט די מאַכט פאַרכאַפּט. וויל ער באַרעכטיקן און זיך אַרויסשטעלן פאַרן פאָטער פון דער רעוואָלוציע. זאָלן אַלע שאַפערס און בויערס פון ראַטן־פאַרבאַנד פאַרשריגן ווערן ווי „היטלעריסטישע אַגענטן", זאָלן זייערע אַלעמענס נעמען אויסגעמעקט ווערן פון די הערצער און פון די ביכער, זאָל מער נישט דערמאָנט ווערן קיינער פון דער אַלטער באָלשעוויסטישער גוואַרדיע, זאָל — בלייבן נאָר ער אַליין, ער, דער איינציקער. ער, סטאַלין!

די אַמעריקאַנער אייניקלעך — זאָגט טראָצקי — פון אַן עלטער־זיידן אַ קאָטאָרזשניק, וואָס זענען אָבער אַליין אויסגעוואַקסן פאַר מאַגנאַטן און באַנקירן, וועלן געבן מי־יודע וויפל, ווען איינער וועט קענען דערפירן זייער שטאַם צו אַ וועלכן עס איז קעניג אין ענגלאַנד אָדער ערגעץ אַנדערש... אַ סך אַזעלכע „אויפגעקומענע" מאַגנאַטן־אייניקלעך האָבן זיך שוין אַן עצה געגעבן מיט דער געשיכטע — און אויפן זעלבן וועג לאָזט זיך סטאַלין. אין די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן האָט סטאַלין אַ גאַנץ קליין אָרט פאַרנומען. צווישן די אַלע מיניסטאָרן, וואָס האָבן אין אָקטאָבער 1917 געהאַלטן די מאַכט אין דער האַנט, איז סטאַלין געשטאַנען אויפן לעצטן פּלאַץ. קאַמעניעוו, זינאָוויעוו, טאָמסקי, זענען געווען פיל מער באַרימט צווישן די אַרבעטער־מאַסן און אין דער וועלט. דערפאַר — די גרויזאַמע, די בלוטיקע אָפּרעכענונג. אַלע וועטעראַנען — אין קבר אַריין!

די לעצטע טעג האָט טראָצקי אָנגעגעבן נאָך אַ מאָטיוו צו די דאָזיקע פּראָצעסן. טראָצקי האַלט, אַז אויך דער אַנטיסעמיטישער מאָמענט שפּילט דאָ אַ ראָל. די רוסן ווילן קאָמפּראָמיטירן די יידן, וואָס האָבן געהאָלפן בויען און באַפעסטיקן דאָס נייע רוסלאַנד, און עס איז לחלוטין נישט קיין צופאַל, וואָס סיי אין קאַמע־ניעוו־פּראָצעס, סיי אין ראַדעק־פּראָצעס, איז דער פּראָצענט אָנגעקלאָגטע יידן אַזאַ גרויסער.

גראָד דער לעצטער מאָטיוו קלינגט אַ ביסל אומגלויבלעך. זענען טאַקע די פּראָצעסן אַן אויסדרוק פון אַנטיסעמיטיזם? — טראָצקי איז פאַרביטערט, און מען קען צו זיינע דערקלערונגען נישט צוביגדן די פולע וואָג. אָבער טראָצקי קען, ווי זעלטן ווער, די פאַרהעלטנישן אין ראַטן־רוסלאַנד, די הערשערס פון ראַטן־פאַרבאַנד, און זיינע ווערטער פאַרדינען, יעדן פאַל, אויפמערקזאַמקייט.

נאָך אַן אַרטיקל, וואָס האָט זיך לעצטנס באַוויזן און וואָס פּרוּווט אויפקלערן דאָס רעטעניש פון מאָסקווער פּראָצעס, דאַרף דערמאָנט ווערן.

דאָס אַרטיקל האָט זיך באַוויזן אין „סאָצ. וויעסטניק", אָרגאַן פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, „מענשעוויקעס", וואָס זענען אין דער עמיגראַציע.

דאָס איז אַן אויספירלעכער בריוו פון אַ באָלשעוויסטישן טוער אין רוסלאַנד,

וואָס באַהאַלט זיך אונטערן פסעוודאָנים „אַלטער באָלשעוויק״. די רעדאַקציע פון „וויעסטניק״ באַגלייט די קאָרעספּאָנדענץ מיט פאָלגנדיקער באַמערקונג: „דער אויסערגעוויינלעכער אינטערעס פון בריוו וועלכן מיר דרוקן באַשטייט דערין, וואָס ער דערלויבט אַריינצוקוקן אין די הינטער־קוליסן פון קרעמל... פאַרשטייט זיך, אַז מיטטיילונגען פון אַזאַ מין, קענען פון אונדז נישט קאָנטראָלירט ווערן, און דעריבער לאָזן מיר זיי פולשטענדיק אויף דער אַחריות פון די קאָרעספּאָנדענטן. אָבער טאַקע פון באָלשעוויסטישע קרייזן פלעגט אונדזער אָרגאַן נישט איין מאָל באַקומען זייער ווערטפולע אינפאָרמאַציעס״.

און איר געפינט טאַקע אינטערעסאַנטע פּרטים אינעם דאָזיקן בריוו.

עס ווערט דאָ דערציילט, אַז אין רוסלאַנד עקזיסטירט ווירקלעך אַ שטאַרקע אַנטי־סטאַליניסטישע אָפּאָזיציע. נישט קיין באָבע־מעשה זענען, בכן, זייער פיל פאַקטן, וואָס שווימען אַרויס בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען. צווישן די אַרבע־טער־מאַסן ברויזט אַ בונט קעגן סטאַלינס אַליין־הערשאַפט און קעגן זיין דיקטאַ־טור. אַפילו די, וואָס דעמאָנסטרירן מכלומרשט זייער טרייהייט צו סטאַלינען, וועלן אים מאָרגן ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרראַטן. צי האָט דען נישט ראַדעק אַליין בעת דעם קאָמעניעוו־פּראָצעס געפאָדערט אַ טויט־אורטייל פאַר די „פאַשיסטישע הינט״, און דערביי אַליין געווען אַ פירער פון דער אַנטי־סטאַלין־אָפּאָזיציע? — סטאַלין שפּירט דעם פאַרראַט אין דער לופט. ער שפּירט עס צווישן זיינע נאָענטע. ער לעבט דעריבער ווי אין קאָשמאַר. ער וואַרפט אַרויף אויף זיינע קעגנערס די סאַדיסטישע באַשולדיקונגען. ער מאַכט זיי פאַר „געסטאַפּאָ־אַגענטן״, און שיסט זיי אויס. ער וויל אַז מען זאָל אים חנפענען. דאָס באַרויִקט אַ ביסל זיין געמיט. איז טאַקע די רוסישע פּרעסע אָנגעפּאַקט מיט עקלהאַפטער, מיאוסער, געצנדינערישער חניפה צום מעכטיקן דיקטאַטאָר. אַזוי האָבן געשריבן צאַרישע קנעכט וועגן צאַר, אַזוי האָבן געשריבן סולטאַנישע הייפזינגערס וועגן „דורכ־לייכטיקן סולטאַן״. דער דיקטאַטאָר לעבט אין פחד, און ער קנוילט זיך און דרייט זיך, און ווערט פינצטערער און בלוטיקער פון טאָג צו טאָג.

אין די אַלטע כראָניקעס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ווערט דערציילט, אַז נאָך דעם, ווי דער רעוואָלוציאָנער דאַנטאָן איז געקעפּט געוואָרן דורך זיין אַמאָליקן חבר ראָבעספּיער, האָט אַן אַלטע פרוי זיך אַרומגעדרייט אויף די פאַריזער גאַסן און געוויינט:

— ווי, ווי! איך זע שוין ווי מען פירט צום געריכט אויך דעם בלוט־דורש־טיקן ראָבעספּיערן, ווי מען באַשולדיקט אים, אַז ער אַליין ברענגט שאָדן פאַר די מלוכה־אינטערעסן און טרייבט סאַבאָטאַזש קעגן דער רעפּובליק...

די פרוי איז אַרעסטירט געוואָרן. מ׳האָט זי אָפּגעפירט צו ראָבעספּיערן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.
אָבער גראָד די דאָזיקע אומנאָרמאַלע פרוי האָט דאָך אַ שאַרפן בליק געוואָרפן אין דער צוקונפט.

דרייט זיך שוין אפשר אַזאַ פרוי מיט אַזעלכע „נבואות" אַרום אויך אויף די גאַסן פון מאָסקווע ?...

## עפּיזאָדן פון דער בלוטיקער רוסישער דראַמע

אין מערץ 1917 איז זינאָוויעוו געקומען קיין פּעטערבורג. ער איז געקומען צוזאַמען מיט לענינען. בעת די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, האָבן זיי זיך ביידע געפונען אין דער שווייץ, אין ציריך, ווו עס איז אונטער זייער רעדאַקציע דער־שינען דער אָפיציעלער פּאַרטיי־אָרגאַן. די פּלאַמען, וואָס האָבן זיך צעפלאַקערט אין רוסלאַנד האָבן אין זיי אַריינגעברענגט אַן אומרו. לענין און זינאָוויעוו זענען אַרויס פון געדולד. זיי האָבן געפיבערט און געגליט. זיי האָבן געזוכט אַ וועג קיין פּעטערבורג, זיי האָבן געוואָלט פון ציריך אַנטלויפן; זיי האָבן דאָס געפּרוווט טאָן מיט דער הילף פון די אַלע מיטלען, וואָס זענען זיי אַזוי גוט באַקאַנט געווען, זיי, די אַלטע, אויסגעפּרוווטע רעוואָלוציאָנערן.

אָבער עס זענען דאַן געווען מלחמה־יאָרן. די וועגן קיין רוסלאַנד זענען גע־ווען געשלאָסן. אַ פאַלשער פּאַס, אַ פאַלשער דאָקומענט, אַפילו אַ פּערוקע אויפן קאָפּ, האָבן קנאַפּ־וואָס געקענט העלפן.

דאַן איז זינאָוויעוו געפאַלן אויף דער המצאָה אָנצוקניפּן אונטערהאַנדלונגען מיט דער דייטשער רעגירונג, אַז זי זאָל אַרויסגעבן אַן אָפיציעלע דערלויבעניש די רעוואָלוציאָנערן אַדורכצופאָרן דורך דייטשלאַנד.

דאָס זענען געווען די ערשטע דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען פון דער אויפקומענדיקער סאָוועטישער רעגירונג.

די דייטשע מאַכט איז איינגעגאַנגען אָפּצוגעבן די פירערס פון דער רעוואָ־לוציע אַ באַזונדערן „פאַרפּלאָמבירטן" וואַגאָן, נישט קאָנטראָלירן זייערע פּעסער, זייער באַגאַזש — און די רייזע איז צו שטאַנד געקומען.

מיט בלומען זענען לענין און זינאָוויעוו באַגריסט געוואָרן אויף די רוסישע וואָקזאַלן, מיט ענטוזיאַסטישע אויסרופן און וויוואַט־אויסגעשרייען.

צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין די גאַסן.

אין מערץ 1917 איז זינאָוויעוו געקומען קיין רוסלאַנד אַלס דער אָנערקענטער און באַליבטער פירער; אין אויגוסט 1936 איז זינאָוויעוו דערשאָסן געוואָרן דורך די זעלבע כּוחות, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט און צום לעבן אַרויסגערופן.

זינאָוויעוו און קאַמעניעוו האָבן געהערט צו די שאַפערס און בויערס פון ראַטן־פאַרבאַנד.

ביידע זענען געווען יידן. דער ריכטיקער נאָמען פון קאַמעניעוו איז געווען ראָזענפעלד, און פון זינאָוויעוו — אָפּפעלבוים. אָבער אין זייער לעבן האָט דער יידישער אָפּשטאַם קיין ראָל נישט געשפּילט. קאַמעניעוו און זינאָוויעוו האָבן זייער ענערגיע און אַרבעט אַוועקגעגעבן דעם רוסישן סאָציאַליזם, דער רעוואָלוציע. זיי האָבן דעם זיג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע צוגעגרייט און באַפעסטיקט.

דער יידישער אָנטייל אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז בכלל אַ שפּאַר ביסל איבערגעטריבן געוואָרן. אין דער רעאַקציאָנערער פּרעסע איז די רעוואָלוציע אויסגעוואַקסן פאַר אַ ווערק פון יידן. אונטער יעדן רוסישן נאָמען האָט מען מיט אַלע כּוחות זיך געמאַטערט אויסצוגעפינען אַ יידישע נאָז, כּדי צו קאָמפּראָמיטירן דאָס יידנטום אַלס אַ צעשטערנדיקן עלעמענט. פּאַקטיש אָבער איז דער פּראָצענט יידן־רעוואָלוציאָנערן ווייט נישט געווען אַזאַ גרויסער. די יידן האָבן לחלוטין געפעלט אין די ערשטע בונטן, וואָס זענען אויסגעבראָכן קעגן צאַריזם, זיי האָבן געפעלט, למשל, אין באַרימטן דעקאַבריסטן־בונט; ערשט אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט וואַרפן זיך איינציקע אין די אומלעגאַלע אַרבעטן און קאַמפן, זיי ווערן דערצו געשטויסן דורך דער שרעקלעכער נויט וואָס הערשט אויף דער יידישער גאַס, דורך דער שפלות און גרויזאַמער רעכטלאָזיקייט. לאַזאַר גאָלדענבערג, אַ פּאָבלאָסקער ייד, איז איינער פון די ערשטע יידישע קעמפערס אינעם געראַנגל פאַר דער באַפרייונג פון רוס־לאַנד. ער ווערט פאַר זיין טעטיקייט פאַרשיקט אין סיביר, ער פוילט אין טורמעס, ער ווערט געפּייניקט דאָפּלט, אַלס רעוואָלוציאָנער און אַלס ייד. נאָך אים קומט טשודנאָווסקי. וועגן טשודנאָווסקיס מוט האָבן קורסירט מעשׂיות און אַפילו לידער צווישן די אַרבעטער. בעת ער איז געזעסן אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און געוואַרט אויף אַ זיכערן טויטאורטייל, האָט ער פון דאָרטן אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו זיינע חברים. דער בריוו איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דאָס איז געווען אַ מין צוואָה. פאַרן טויט, רופט דאָ טשודנאָווסקי, אַז די קעמפּערס זאָלן זיך נישט אָפּשרעקן און נישט אַריינפאַלן אין אַפּאַטיע, נאָר גיין כּסדר צום נצחון. ער אַליין געפינט זיך שוין אין די שאַרפע נעגל פון די צאַרישע סאַטראַפּן, אָבער דער מוט איז ביי אים נישט אַראָפּ. — שפּעטער שווימען אַרויס נאָך יידישע נעמען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג: טעטעלמאַן, אַקסעלראָד, טראָצקי, קאַמעניעוו, זינאָוויעוו און אַנדערע.

אין די נייע אויסגאַבעס פון די רוסישע ענציקלאָפּעדיעס, וועלן שוין מן־הסתּם קאַמעניעוו און זינאָוויעוו מער נישט פיגורירן אָדער זיי וועלן באַצייכנט ווערן

אַלס „פֿאַררעטערס״ און „היטלעריסטישע אַגענטן״, אָבער אין די ביז־איצטיקע ענציקלאָפּעדיעס פֿאַרנעמען די דערשאָסענע באָלשעוויסטישע פֿירערס אַ באַדייטנ־דיקן אָרט.

ווי רייך איז די פֿאַרגאַנגענהייט פֿון לעוו באָריסאָוויטש קאַמעניעוו! שוין אַלס יונגער גימנאַזיסט געהערט ער צו די אומלעגאַלע קרייזן. אין עלטער פֿון 21 יאָר ווערט ער פֿאַרמישפּט אויף דריטהאַלבן יאָר תּפֿיסה. נאָכן אָפּקומען די שטראָף אַנטלויפֿט ער קיין אויסלאַנד. ער איז איינער פֿון לענינס נאָענטסטע מיטאַרבע־טערס. נישט געקוקט אויף די דראָענדיקע געפֿאַרן, באַווייזט זיך פֿלוצלינג קאַמע־ניעוו ווידער אין רוסלאַנד. ער רעדאַגירט אין פּעטערבורג דעם באָלשעוויסטישן אָרגאַן „פּראַוודאַ״. די זשאַנדאַרמען פֿאַלן אויף זיינע שפּורן. קאַמעניעוו ווערט פֿאַרשיקט קיין סיביר. ער קומט צוריק ערשט אין יאָר 1917, ווען קערענסקי שטייט שוין ביי דער מאַכט. אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע פֿאַרנעמען סטאַלין און קאַמעניעוו די זעלביקע שטעלונג אין רוסלאַנד. זיי שטייען ביידע אין סאַמע שפּיץ פֿון דער פּאַרטיי. קאַמעניעוו און סטאַלין זענען אַ שטיק צייט געווען די אָפֿיציעלע פֿאָרשטייערס פֿון סאָוועטישן רעזשים. איינער אָן דעם צווייטן האָט זיך נישט גערירט. קאַמעניעוו איז בטבע געווען אַ נאָכגיביקער, פֿעיִק אויף אונ־טערהאַנדלונגען; סטאַלין איז געווען דער מענטש מיט פֿאַרביסנקייט און האַרטער עקשנות, אָבער ביידע האָבן זיך דערגאַנצט.

דערנאָך קומט קאַמעניעווס גרויסער פּאָליטישער אויפֿשטייג. ער ווערט דער ערשטער פֿאָרזיצער פֿון „ווציק״, דער העכסטער אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי־עקזע־קוטיוו, ער איז דער דעלעגאַט פֿון סאָוועט־רוסלאַנד צו פֿאַרשידענע שלום־אונטער־האַנדלונגען. אַפֿילו ווען קאַמעניעוו טרעט אַרויס שפּעטער קעגן סטאַלינען, קען זיך דאָך סטאַלין נישט דעצידירן גלייך אים „אומשעדלעך״ צו מאַכן. קאַמעניעוו איז נאָך אין יאָר 1927 רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין רוים. טראָצקי שרייבט אין זיין „געשיכטע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע״: „קאַמעניעוו איז געווען באַשאָנקען מיט אַ גרויסן חוש פֿאַר פּאָליטישע באָאָבאַכטונגען. ער האָט אין זיך פֿאַראייניקט פֿאַרשידענע פֿעיִקייטן: אַ רעדנער, אַ זשורנאַליסט, אפֿשר נישט אַזאַ גלענצנדיקער ווי אַ דענקענדיקער, אַ טעאָרעטיקער און ערשטקלאַסיקער מייסטער פֿון פּראָפּאַ־גאַנדע״...

אַ מער שטורמישן טיפּ האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט זינאָוויעוו. אין דער געשיכטע פֿון באָלשעוויזם איז זיין ראָל מעגלעך אַ נאָך מער באַדייטנדיקע. גריגאָר זינאָוויעוו איז אין דער פּאַרטיי גערופֿן געוואָרן „גרישקאַ, דער טייוול״. זיין אומגעווייינלעכע געשיקטקייט האָט אַרויסגערופֿן שטוינונג און פֿאַרבליפֿט סיי אָנהענגערס, סיי קעגנערס. אין דער רעוואָלוציע פֿון יאָר 1905 האָט זינאָוויעוו באַוויזן וווּנדער פֿון מוט. איינער אַליין האָט ער אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, קעגן אים זענען געווען אויסגעשטעלט גאַנצע מחנות פֿון „שפּיצלעס״

און זשאַנדאַרמען, קעגן אים זענען אָבער אַלע פאַרבליבן אָנמאַכטיק. מיט דער זעלבער באַוועגלעכקייט צייכנט ער זיך אויס אין דער עמיגראַציע. ער איז אָנגעגאַנגען פאַר איינעם פון די פּעיִקסטע און געשיקסטע מענטשן פון דער רעוואָלוציע. זינט 1917 שטייט ער אויף די ערשטע פלעצער אין ראַטן־פאַרבאַנד. ער גרינדעט דעם „קאָמאינטערן", די צענטראַלע פון דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ער איז אַן איינפלוסרייכער מיטגליד אין „פּאָליטביוראָ". זינאָוויעוו איז דער טאַלאַנטירסטער אַגיטאַטאָר ביי די באָלשעוויקעס. ער האָט פאַרמאָגט די געבוירענע אינטויִציע פון אַן אַגיטאַטאָר. אַ גוטער מאַסן־רעדנער, האָט ער אַלע מאָל געקענט אויסגעפינען דאָס כּישוף־וואָרט, וואָס מאַכט אַן עפעקט אויף די מאַסן און צינדט אָן זייער פאַנטאַזיע.

קאַמעניעוו און זינאָוויעוו זענען אויסגעוואַקסן אַלס די צענטראַלע פיגורן פון דער רעוואָלוציע. זיי זענען געווען די יעניקע, וואָס האָבן געמאַכט געשיכטע, די געשיכטע פון נייעם רוסלאַנד.

זיי האָט אויך די רעוואָלוציע באַצאָלט אַלס „דאַנקבאַרקייט" — אַ קויל אין קאָפּ.

טראָצקי זיצט אין דער נאָרוועגישער הויפּטשטאָט אָסלאָ. ער איז פאַרביטערט. ער זאָגט, אַז די אַלע באַשולדיקונגען, וועלכע דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל אין מאָסקווע האָט געוואָרפן קעגן קאַמעניעוו, זינאָוויעוו און די איבעריקע פערצן דערשאָסענע באַרימטע רעוואָלוציאָנערן, האָבן נישט קיין שום רעאַלן יסוד. ער זאָגט, אַז עס איז לעכערלעך פאַרצוואָרפן אַזעלכע מענטשן פאַרראַט־פּלענער. ער זאָגט, אַז דאָס איז אַ נקמה־אַקט מצד די, וואָס שטייען איצט ביי דער מאַכט אין רוסלאַנד און ווילן זי אַליין דערהאַלטן אין די הענט. אָבער טראָצקי איז אָנמאַכטיק. ער קען זיין פאַרביטערונג נישט פאַרקערפּערן אין טאַט. ער קען בלויז שרייבן. זינט עטלעכע יאָר איז דאָס זיין איינציקע באַשעפטיקונג.

טראָצקי איז אַ בייסיקער פּאָלעמיסט. ער האָט ערשט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען „סטאַלינס שול פון פעלשן געשיכטע". דאָ ווערן אַרויסגעפירט גאָר אָנגעזעענע סטאַלין־פאַרערערס וואָס רייסן איצט דאָס פלייש פון טראָצקי. אָבער טראָצקי טוט איינס: ער ברענגט אויסצוגן פון זייערע אַרטיקלען, וואָס זיי האָבן געשריבן אַ מאָל, ווען טראָצקי איז געווען אויפן פערד. די דאָזיקע אַרטיקלען זענען אָנגעפּאַקט מיט עקלהאַפטער און מיאוסער חניפה צו דעם דאַן מעכטיקן באָלשעוויסטישן קאָמאַנדיר — טראָצקי. צו די אַרטיקלען זענען צוגעגעבן וויציקע און בייסיקע באַמערקונגען. עס איז דאָ אין זיי גאַליקייט, שטעכעדיקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט הערט זיך אַ באַהאַלטענער וויגעשריי.

דער געוועזענער פירער פון דער רויטער אַרמיי גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון זיין מצב, פון זיין היימלאָזיקייט, ער ליידט און איז פול מיט יסורים צוליב דעם וויסטן סך־הכּל, וואָס עמעצער האָט געמאַכט פון זיין לעבן, פון זיינע קאַמפן...

ווי פרעמד טראָצקיס אידעען זאָלן אייך נישט זיין, ווי ווייט איר זאָלט נישט שטיין פון זיינע צילן און האָפענונגען, אָבער איר פאַרטראַכט זיך איבער דער גרויסער מענטשלעכער טראַגעדיע, וואָס וויקלט זיך פאַר אייך.

יאָ, דאָס איז אַ מענטשלעכע, נישט קיין יידישע טראַגעדיע. פאַלש איז צו זען אין דער לעצטער בלוטיקער רוסישער דראַמע וועלכע עס איז אַנטי־יידישע אַקצענטן.

אמת: טראָצקי איז אַ ייד; פון די לעצטע זעכצן דערשאָסענע זענען צוועלף געווען יידן; אָבער עס זענען פאַרבליבן נאָך אַ רייע אַנדערע יידן אויף די העכ־סטע, חשובסטע אַמטן אין ראַטן־פאַרבאַנד.

גיכער דערהערט איר דאָ אַן אַלטן געשיכטלעכן קלאַנג.

דאָס, וואָס איז פאַרגעקומען אין מאָסקווע, איז שוין אַ מאָל פאַרגעקומען — אין פאַריז מיט 142 יאָר צוריק.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויפגעפרעסן אירע אייגענע העלדן.

פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל אין פאַריז זענען פאַרבייגעגאַנגען די, וואָס האָבן מיט אייגענע הענט געשטורעמט די מויערן פון דער באַסטיליע־תּפיסה, די, וואָס האָבן געשאַפן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָגראַם, די, אָן וועלכע די רעוואָ־לוציע וואָלט נישט אויסגעבראָכן.

צו דער גיליאָטינע זענען דורכן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל אָפּגעפירט גע־וואָרן די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון דער רעוואָלוציע, די ליבלינגען פון פאָלק, ווי דאַנטאָן, דעמאָלען און אַנדערע.

זיי זענען אומגעקומען אויפן באַפעל פון ראָבעספּיער, אַ חבר פון די אַלטע יאָרן, וואָס האָט זיך אָבער איבער אַלעמען אַרויפגעהויבן און אַלעמען פאַרצוקט.

די רעוואָלוציע איז אַרויסגערופן געוואָרן מיט אַ פאַרצווייפלטן געשריי נאָך גערעכטיקייט, די רעוואָלוציע איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ קאַמף פאַר גערעכ־טיקייט, אָבער די זעלבע רעוואָלוציע האָט געטראָטן מיט די פיס די גערעכטיקייט, זיך געטרונקען אין בלוט און געוואָרפן אַ גרויל מיט אירע הונדערטער שוידער־לעכע עקזעקוציעס.

די מענטשן האָבן זיך פאַרמאָסטן גרויס, אָבער זיי זענען געווען קליין — און עס איז אַנטשטאַנען אַ טראַגישער פלאָנטער און משונהדיק בלוטיקער קנויל.

דער זעלבער „רוסישער" פּראָצעס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר 142 יאָר אין פאַריז.

און דאָרט איז צום סוף צוגעקומען נאָך איין „עפּיזאָד״:

אויך ראָבעספּיער, דער אַלמאַכטיקער ראָבעספּיער איז געשטעלט געוואָרן פאַרן טריבונאַל און געקעפּט געוואָרן.

די רעוואָלוציע האָט מיט אַלעמען שוידערלעך און גרויזאַם זיך אָפּגערעכנט.

אויב איר ווילט, קענט איר דערהערן אין די גרויסע און אויפטרייסלענדיקע דראַמעס אַן אורטייל, וואָס איז נאָך ביי אונדז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די אַלטע צייטן:

— „על דאַטפת אַטפוך״...

דער וועג פון בלוט, פון רעוואָלוציע און טעראָר האָט זיך זיינע מערקוויר־דיקע, אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענצן.

די העלדן פון דער רעוואָלוציע פאַלן דורך אַ מוראדיקן געשיכטלעכן אורטייל — אַלס אירע אייגענע קרבנות...

# אין האָטעל „קאַרלטאָן" אין פּרעשבורג

אין האָטעל „קאַרלטאָן", אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער גרענעץ־שטאָט פּרעשבורג, געפינען זיך איצט אַ רייע עסטרייכישע עמי־גראַנטן. צווישן זיי — די אַלמנה פון קאַנצלער דאָלפוס, אייניקע מיניסטאָרן פון שושניגס לעצטן קאַבינעט, געזעלשאַפטלעכע טוערס, קאַטוילישע ווירדן־טרעגערס, עטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זשורנאַ־ליסטן, אירענאַ האַראַנד און אַנדערע. (פון די צייטונגען)

דער ערשטער אָוונט היינט, ווי זיי זיצן אַלע צוזאַמען אין גרויסן זאַל פון האָטעל. קרוב צוויי וואָכן זענען שוין פאַרביי נאָך יענעם פאַטאַלן פרייטיק צו נאַכט, ווען זיי האָבן פלוצלינג זיך דערוווּסט, אַז עסטרייך איז געוואָרן אויס עסט־רייך, אַז זייער פאָטערלאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דייטשער פּראָווינץ, אַז היטלערס מיליטער מאַרשירט אויף ווין.

קרוב צוויי וואָכן געפינען זיי זיך שוין דאָ, אינעם דאָזיקן האָטעל. און דאָך — האָבן זיי ווי אויסגעמיטן זיך צו טרעפן און צונויפצורעדן. דאָס געפיל פון חרפּה האָט יעדן איינעם געשטיקט, דאָס געפיל פון מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער עסטרייכישער טראַגעדיע, און עס איז אומהיימלעך געווען מיט די בליקן צו מאָל זיך צו באַגעגענען...

אָבער היינטיקן אָוונט זיצן זיי אַלע צוזאַמען. מיט יעדן טאָג פאַרווישט זיך אַלץ מער דאָס, וואָס טיילט זיי פונאַנדער. זיי זענען אַלע היימלאָז. אַלע — אָן אונטערשיד — פּליטים. און עס ווילט זיך טאַקע רעדן וועגן דעם גורל, וואָס איז פאַר אַלע דאָ געמיינזאַם. עס ווילט זיך באַרירן, וואָס מען וועט קענען מיט זיך טאָן מאָרגן, ווען די אַזוי אויך קליינע געלט־סומעס, וואָס מען האָט באַוויזן מיט זיך מיטצונעמען אין דער לעצטער מינוט, וועלן שוין זיין אויסגעשעפּט. עס ווילט זיך רעדן מכּוח דעם לאַנד, אין וועלכן מען זאָל זיך איצט אַוועקלאָזן אין דער עמיגראַציע. אָבער — מען רעדט נישט וועגן דער צוקונפט. דאָס געשפּרעך דרייט זיך אַרום דער פאַרגאַנגענהייט.

אין גרויסן זאַל פון האָטעל „קאַרלטאָן" ליגן די לעצטע צייטונגען פון ווין. די „נייע פרייע פּרעסע", דער „נייער ווינער זשורנאַל", דער „ווינער טאַגעבלאַט".

און דער אַנטלאָפענער מיטאַרבעטער פון דער „נייער פרייע פּרעסע" בלעטערט די צייטונגען. ער בלעטערט נערוועז. ער קנייטשט. און מיט יעדן קנייטש פון בלאַט, שנײַדן זיך אײַן אַלץ טיפערע קנייטשן אין זיין פּנים. ער זאָגט, אַז אים ווערט אַלץ שווערער צו דערקענען זיין צייטונג. די צייטונג אין וועלכער ער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט. די „נייע פרייע פּרעסע" האָט דאַן פאַרקערפּערט מיט זיך אַ שטיק אייראָפּעיִשע קולטור. די טריבונע געווען פון וועלכער גאַנצע דורות האָבן זייער פּאָליטישן און ליטעראַרישן וויסן געשעפּט. די אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך אַזוי גלענצנדיק אַריינגעפּאַסט אין ווינער לעבן. ווינער צייטונגען, הגם זיי זע־נען אין דער דייטשער שפּראַך, זענען דאָך אַ שפּאָר ביסל אַנדערש געווען פון די בערלינער בלעטער. נישט געווען אַזוי לאַנגווייליק. אַזוי „זאַכלעך". פאַר דער ווינער צייטונג בלייבט כאַראַקטעריסטיש דער פעליעטאָן. דער פעליעטאָן מיט דעם באַזונדערן אַראָמאַט, מיט דער באַזונדערער גראַציעזקייט, אַ געמיש פון אינטימקייט און וויץ, פון ערנסט און לייכטער, שפּילעוודיקער מעלאָדיע. און איצט — ביטע, פּרוווט נאָר איבערלייענען דעם היינטיקן נומער! אויף דער ערשטער זייט — אַ קוויטש, אויף דער צווייטער — אַ קוויטש, און דאָס זעלבע אויף דער דריטער, אויף דער פערטער. אויך די אַרטיקלען ליאַרעמען. און די טעמפּקייט, די טעמפּקייט. ער וואָלט באַדאַרפט זיך אויפהייבן פון קבר, דער אַמאָליקער באַרימטער רעדאַקטאָר פון אונדזער צייטונג, דער אַלטער בענעדיקט, און זען, ווער עס פאַרטרעט אים אין יאָר 1938, ווער עס שרייבט אויף זיין אָרט די לייט־אַרטיקלען, און ווי אַזוי זיי זענען געשריבן!...

— איינער פון די היטלער־„ווונדער" — רופט זיך אָפּ מיט שפּאָס אַ צווייטער זשורנאַליסט — פרילינג אין דרויסן, אָבער אין היטלערס מדינה גרינען נישט די בלעטער; זיי זענען ברוין, ווי אין קאַלאַמוטנעם האַרבסט...

אַ שמייכל לויפט מיט אַ מאָל פאַרביי איבער דעם גרויסן זאַל פון האָטעל „קאַרלטאָן". אָבער גיך ווערט ער פאַרגליווערט. ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער, בלייבט ער שטעקן אין חלל, עמעצער דערמאָנט דעם נאָמען: ענאָן פרידעל. דער באַקאַנ־טער דיכטער פרידעל איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אַלע דאָ האָבן אים געקענט. ווער האָט אין ווין נישט געקענט דעם דאָזיקן האַרציקן, טייערן פרידעל? — ער איז געווען — אַזוי צו זאָגן — דער מענטש פון ווין. די שיינע, צאַרטע בלום פון ווין. דאָס ליד פון דער לידער־שטאָט. אַזאַ בלום האָט לאַנג נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם בייסיקן נאַצי־קלימאַט. פרידעלס ביכער, פרידעלס ווינער לייכטער טאָן, זיין הומאָר!... מוזיק איז געווען אַפילו אין זיינע ערנסטע אָפּהאַנדלונגען. איינער הייבט אָן ברומען פרידעלס אַ ליד. די מעלאָדיע איז גראָד אַ פריילעכע. אָבער דאָ וואַרפט זיך אָן אַ כמורנע שטימונג. זי ברענגט דעם קלאַנג פון אַ לעבן, וואָס איז פאַרביי, פון חלומות, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן, און ווער ווייסט, צי זיי וועלן נאָך אַ מאָל זיך אומקערן...

— איך פאַרטראַכט זיך לעצטנס — נעמט דאָס וואָרט אַ פּליט, אַ פּירשט, — אַז אייגנטלעך שאַצט מען אין דער וועלט נישט ריכטיק אָפּ דאָס אומגליק, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף עסטרייך. איר קענט דאָ און דאָרט הערן: היטלערס אָקו־פּאַציע פון עסטרייך איז אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דעם וועלט־שלום, אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער ענגלישער פּאָליטיק, פאַר דער פראַנצויזישער. אָבער — צי איז עס נישט קודם־כּל אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער עסטרייכישער באַפעלקערונג? — נישט פּאַריז איז דאָך פּאַקטיש געטראָפן געוואָרן, נישט לאָנדאָן, נאָר — ווין... מיר זענען די קרבנות פון דער טראַגעדיע. די זעקס מיליאָן עסטרייכישע בירגערס, וואָס זענען איצט אַרונטער אונטער דעם שטיוול פון נאַצי. די זעקס מיליאָן מענטשן, וואָס האָבן נאָך נעכטן אַ לאַנד געהאַט, פריי געאָטעמט, און האָבן היינט מער קיין לאַנד נישט און פרײַען אָטעם... וואָרום צי די וועלט וועט פאַלן אונטער דער האַק פון נאַציזם, איז נאָך, נאַטירלעך, אַ גרויסער ספק, אָבער עסטרייך איז שוין געפאַלן. אונדזער חורבן איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אומהיימלעכער גרינטלעכקייט...

די ווערטער פאַלן אין זאַל ווי שטיקער בלײַ. זיי פאַלן ווי אַ משׂא אין די הערצער. די היימלאָזע שווייגן. אַזוי איז דאָך די זאַך: קודם־כּל — אונדזער טראַגעדיע, אונדזער ווייַ, אונדזער עלנט...

אָבער די שטילקייט ווערט איבערגעריסן דורך דעם פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אמת איז טאַקע — זאָגט ער — אַז אויף אונדז איז אַראָפּגעפאַלן די האַק. אָבער קענען מיר צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז דער תּלין וועט אייביק ביי דער מאַכט שטיין? — „פאָרטונאַ וואַריאַביליס" — דער גורל ענדערט זיך... היטלערס וואָרט איז זיכער נישט דאָס לעצטע וואָרט אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דער נאַצי־סיסטעם וועט האָבן דעם זעלבן קורצן קיום, וואָס אַלע אַנ־דערע דעמאַגאָגישע, טיראַנישע סיסטעמען. ניין. דער האַס איז נישט קיין סטאַבי־לער מאָמענט אין דער וועלט־געשיכטע. דער האַס פאַרשפרייט זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ פייער, ער קען שפּילן אויף די נידעריקע אינסטינקטן פון דער טעמפּער, אומבאַוווסטזיניקער פון די, נאָך מלחמה־, פאַרטעמפּטער מאַסע, אָבער — ער מוז סוף־כּל־סוף פאַרלירן זיינע שאַרפע, שפּיציקע ציין... מיר האָבן נישט איין מאָל שוין געלייענט אין דער געשיכטע: נאָך תּקופות, אין וועלכע עס האָט געבושעוועט די שׂינאה, האָבן אָנגערוקט צייטן, ווען איידעלע אידעען זענען אַריינ־געדרונגען אין די גייסטער און נשמות. מיר מוזן דעם האַס באַקעמפן. נישט אַריינ־פאַלן אין רעזיגנאַציע. נאָר די האָפענונג אויסטראָגן, אַז נייע פריילעכע טעג וועלן קומען. אמת: דורך דער טעכניק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געוואַקסן די פּראָפּאַגאַנדע פון די שׂינאה־לאָזונגען. דער ראַדיאָ קען מיט שׂינאה פאַרגיפטן אין איין און דעם זעלבן פּערטל שעה מיליאָנען מענטשן, אָבער מען דאַרף דאָך נישט פאַרגעסן, אַז אויך די ידיעה: אַז דער נאַצי־סיסטעם האָט געפּלאַצט! — וועט

דורך דעם ראַדיאָ פונאַנדערגעטראָגן ווערן אין אַלע עקן פון דער וועלט צו מיליאָנען מענטשן... די טעכניק וועט איינגעשפּאַנט ווערן אין דער דינסט פון — מענטשלעכקייט...

אין אַנדערער מיינונג איז אַ ווינער שריפטשטעלער. אַ פּאַרטריבעטער, מיט מידע, אויסגעלאָשענע אויגן. ער אָפּאָנירט: איך האָב אויך, געווי ווי איר, ליבע פריינד, די ניכטערקייט, אַז שינאה איז נישט קיין שטענדיקע אַטראַקציע פאַר די מאַסן. איך בין איבערצייגט, אַזוי ווי איר, אַז פריער צי שפּעטער וועט די אויס־ניכטערונג קומען, און נאָך דעם יובלען וועט אַנטשטיין דער קאַצן־יאָמער. דער קלוגער שניצלער האָט אַ מאָל געשריבן: „וויר שפּילען איממער; ווער עס ווייסט עס, איזט קלוג" — אינעם לעבן קומט פאַר אַ שטענדיקע שפּיל צווישן גוטן און בייזן, און עס ווענדט זיך, ווער עס איז גובר, אַ מאָל האָט די אייבערמאַכט דאָס גוטע, אַ מאָל — דאָס בייזע... אָבער איך מוז פאַר אייך דערקלערן, אַז דאָס איז אונדז שוין דערעסן געוואָרן. יעדן פאַל, מיר פערזענלעך איז שוין גענוג דערעסן דער כּסדרדיקער אַרויף און אַראָפּ. איך האָב געלייענט בוכקהאַרדטס געשיכט־לעכע באַטראַכטונגען. ממש מיט מאַטעמאַטישער גענויקייט באַווייזט ער, אַז נאָך יעדער עפּאָכע פון פינצטערניש האָט אין דער געשיכטע אָנגערוקט אַן עפּאָכע פון ליכט — אָבער איז דען אָנגענעם אַלץ כּסדר אַדורכצומאַכן פון אָנהויב? — מיט הונדערט יאָר צוריק האָבן די עסטרייכערס געלעבט אונטער אַ דעספּאָטישן רע־זשים. דער רעאַקציאָנערער פירשט מעטערניך האָט אין קלעם געהאַלטן די מענטשן. גוט. האָט יענער רעזשים באַנקראָטירט. מעטערניך איז פאַרביי. שטראַלן פון פרייהייט זענען אַריינגעדרונגען קיין עסטרייך... אָבער שטעלט אייך פאָר: איצט — ווידער אַרויסטרעטן צום קאַמף. ווידער איבערחזרן די אַלטע פראַזע, אַז אַלע מענטשן שטאַמען פון איין פאָטער, אַז דער קאָליר פון בלוט איז רויט ביי אַלע ראַסן גלייך, איצט ווידער אַפּעלירן צו די געפילן פון גערעכטיקייט, פון יושר, פון קולטור, ווידער בויען באַריקאַדעס, כּדי... כּדי וואָס? — כּדי צו וויסן — אַז נאָך דער פריש־דערוואָרבענער פרייהייט וועלן ווידער וואָלקנס זיך אַראָפּלאָזן, וועט ווידער אַ נעפּל זיך פאַרציִען, וועט ווידער עמעצער אויפשטיין און די מענטשן פאַרשקלאַפן... דאַנקע שיין! איך קען מער אין דער שפּיל זיך נישט באַטייליקן. זי איבלט מיך. זי איבלט שרעקלעך...

אָבער דערנאָך פאַרשפּינט זיך אַ שמועס איבער די לעצטע געשעענישן. עס ווערן געשטעלט אין אַ זייט די רעפלעקסן. יעדער איינער פון די אָנוועזנדיקע פּאָליטישע פירערס רוקט אַרויס אַ באַשולדיקונגס־אַקט. אָבער אַ מאָדנע זאַך: דאָ, אין גרויסן זאַל פון האָטעל „קאַרלטאָן" אין פּרעשבורג, באַשולדיקן נישט די

פאַרטיי־פירערס איינער דעם צווייטן. דאָ באַשולדיקן זיי — זיך. דאָ קלאַפּן זיי זיך אין האַרץ אויף אַליין־באַגאַנגענע זינד.

דער מיניסטער פון שושניגס קאַבינעט האַלט, אַז די עסטרייכישע זעלבשטענ־דיקייט איז צו גרונד געגאַנגען שוין אין יענעם פעברואַר 1934, ווען קאַנצלער דאָלפוס האָט בלוטיק אונטערדריקט די פרייהייטס־באַוועגונג אין ווין, ווען ער האָט פונאַנדערגעלאָזט די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, ווען ער האָט ליקווידירט די דעמאָקראַטיע און אַזוי אַרום פאַרניכטעט די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס וואָלטן געקענט אין מאָמענט פון סכּנה די זעלבשטענדיקייט שיצן... עס איז מיר זייער לייד — ווענדט זיך דער מיניסטער צו דער אַלמנה דאָלפוס — ערווירדיקע מאַדאַם דאָלפוס, דאָס צו זאָגן אין אײַער אָנוועזנהייט, דער קאַנצלער האָט זיכער דאָס בעסטע געמיינט, אָבער נישט דאָס בעסטע געטאָן...

דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער מאַכט פאָרווורפן דער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. געווען צייטן, ווען ווין איז געווען „רויט”, די סאָציאַליסטן האָבן לייכט געקענט דעראָבערן די מאַכט. אָבער די סאָציאַליסטן האָבן זיך באַ־נוגנט בלויז מיט דער אָנפירערשאַפט אין קאָמונאַלן לעבן. די רעאַלע מאַכט, די פּאָליטישע מאַכט, האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר עמעצן אַנדערש, פאַר דער רע־אַקציע. די סאָציאַליסטן האָבן אין ווין אויסגעבויט פּרעכטיקע אַרבעטער־קוואַר־טאַלן, אָבער די אמת־נײַע געזעלשאַפט האָבן זיי נישט אויסגעבויט. און ווען זיי זענען אין בלוטיקן פעברואַר 1934 אַרויס אין גאַס קעמפן פאַר דער פרייהייט, איז שוין געווען צו שפּעט... דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער מיינט, אַז גרויס זענען די זינד, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז באַגאַנגען אויך אין דייטשלאַנד, און בכלל „זענען מיר נישט ווייניק שולדיק אינעם איצטיקן וועלט־קאָשמאַר”...

עס נעמט אויך דאָס וואָרט אירענאַ האַראַנד. זי רעדט שטיל, אָבער אירע ווערטער האָבן אַ שטאַרקע, שלאָגנדיקע קראַפט. זי זאָגט, אַז זי איז צופרידן צו הערן ווי די פּאַרטיי־פירערס מאַכן אַ חשבון־הנפש מיט זיך אַליין אָבער זי מיינט, אַז דאָס איז נאָך נישט דער אויפריכטיקער חשבון־הנפש, וואָס מוז געמאַכט ווערן אין איצטיקן מאָמענט. הלמאי זאָל מען לייקענען: די נאַצי־געפאַר באַדראָט די גאַנצע וועלט. די נאַצי־געפאַר איז אָבער נישט בלויז געווענדט קעגן דער אומ־אָפּהענגיקייט פון עסטרייך, צי קעגן דער אומאָפּהענגיקייט פון טשעכאָסלאָוואַקיע. די נאַציס באַדראָען די מענטשלעכקייט. און דאָס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן. דאָס מוז אַקצענטירט ווערן. און עס מוז אַ פאַקט בלייבן, אַז דער דערפאָלג פון דער נאַצי־אָפענסיווע נעמט זיך אַ שטיק דערפון, ווייל די נאַציס האָבן זייערע אַקציעס אָנגעהויבן מיט אַ העצע קעגן יידן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיי געהאָלפן מאַרשירן פאָרויס. צוליב דעם אַנטי־יידישן פּראָגראַם האָבן זיי דעם און יענעם

אויסגעדאַכט צו זײַן „סימפּאַטיש". קעגן ייִדישן אײַנפלוס קעמפט דער היטלעריזם ? — קעגן „ייִדישן" קאַפּיטאַליזם, קעגן „ייִד"־סאָציאַליזם ? — אַדרבא, מהיכא־תיתי ! — אָט אַזאַ „אַדרבא" האָט זיך געלאָזט הערן אויך אין אונדזער עסטרײַך. אונדזער ווינער אַנטיסעמיטיזם איז געווען נאַטירלעך, אַ ביסל פּאַרזיסט, אַ ביסל פּאַרמוזי־קאַלישט, מיט „אַפּפּעל־שטרודעל" געמישט — אָבער דווקא דער אַנטיסעמיטיזם האָט אין עסטרײַך צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דעם זיגרײַכן נאַצי־מאַרש. אויב די ווינער מאָסן ליאַרעמען איצט „הייל", אויב דאָס „פֿאָלק" איז באַגײַסטערט פֿון היטלערס טריומף, איז עס דערפֿאַר, ווײַל דאָס „פֿאָלק" זעט אין „פֿירער" קודם־כּל דעם אַנטיסעמיט, דעם ייִדנפֿײַנט, די בײַטש קעגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, און — אייראָפּע איז באַדראָעט אויף דער ערשטער ריי דערפֿאַר, ווײַל נאָך נישט אַלע פֿאַרשטייען, אַז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם איז גלײַכצײַטיק דער קאַמף פֿאַר מענטשלעכער באַפֿרײַונג, אַז אונטערשטיצן די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג — באַדײַט — עפֿענען טיר און טויער פֿאַרן מאַרשירנדיקן געצנדינסט.

אירענאַ האַראַנד וואַרפֿט דאָ איר שאַרפֿן בליק אויפֿן גלח, וואָס זיצט אין ווינקל און האָט אין געשפּרעך קיין אָנטייל נישט גענומען.

— איבערנעמען וועלכע עס איז אַנטיסעמיטישע לאָזונג באַדײַט — אויסגראָבן אַ קבר פֿאַר דעם לעצטן ביסל פֿרײַהייט און מאָראַל, וואָס איז נאָך אין אייראָפּע געבליבן. מײַנע פֿרײַנד, מ׳הייבט אָן בײַ דעם ייִד, מ׳מאַכט מיט ייִדן די „רעפּעטי־ציע", אָבער מ׳ענדיקט מיט דער מענטשהייט. אַזאַ איז די לאָגיק פֿון די געשעע־נישן, און וואָלטן מיר געווען קלוג, און וואָלטן מיר ווירקלעך בדעה געהאַט צו ראַטעווען אייראָפּע פֿון דעם גורל, וואָס איז איצט געפֿאַלן אויף עסטרײַך, וואָלטן מיר, די עסטרײַכישע פּליטים, די „ריינע אַריערס", באַדאַרפֿט איין זאַך טאָן : אין אַלע לענדער וואָרענען, מאָנען, פֿאָדערן, אויסרופֿן : ווילט איר נישט דערלאָזן צו דער עקספּאַנסיע פֿון נאַציזם, ווילט איר די אָפֿענסיווע פֿון באַרבאַריזם אָפּשטעלן, ווילט איר נישט אַז אונדזער גאַנץ שטיק ערד זאָל פֿאַרסאָלדאַטעוועט ווערן — דאַן דערקלערט אַ קאַמף אויף טויט און לעבן דעם אַנטיסעמיטיזם, דעם געפֿער־לעכסטן מיקראָב, וואָס פֿאַרשפּרייט די נאַצי־עפּידעמיע !...

אירענאַ האַראַנד רעדט. אין גרויסן זאַל פֿון האָטעל „קאַרלטאָן" אין פּרעש־בורג הילכן אָפּ אירע ווערטער ווי האַמערקלעפּ.

אין דרויסן רייסט די אויגן אויף דער פֿאַרטאָג.

## צוריק צו דער געלער לאַטע

דאָס איז, נאַטירלעך, אַן אומרעכט. דאָס איז קעגן דער גערעכטיקייט. דאָס איז קעגן דער מענטשלעכקייט. דאָס איז קעגן יעדן באַגריף פון מאָראַל. דאָס איז אַפילו קעגן דער קאָנסטיטוציע. אָבער דאָס איז — אַ פאַקט. דעם 5טן אָקטאָבער 1937 איז דעם פּוילישן יידנטום אָנגעהאָנגען געוואָרן די מיטל־עלטערלעכע געלע לאַטע. נאָר נאַיִווע מענטשן קענען צו זיך צולאָזן די אילוזיע, אַז די געטאָ־בענק פאַר יידישע סטודענטן זענען עפּעס אַ באַזונדערער אָפּשניט אין דער אַלגעמיינער רעכטלעכער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן, אַז מיט די בענק האָט זיך עס אָנגעהויבן און מיט די בענק וועט זיך עס ענדיקן. ווי האָט געשריבן די „אַבעצע״ גלייך נאָכן דערשיינען פון דער געטאָ־פאַראָרדענונג: „דער געטאָ אויף די הויכשולן איז נאָר דער ערשטער עטאַפּ״... ליידער. מיר מוזן אין דעם פאַל געבן רעכט דעם „אַבעצע״. דאָס איז אַן אָנהויב...

אינעם „דזיעננִיק נאַראָדאָווי״ איז שוין היינטיקע וואָך אַרויסגערוקט געוואָרן דער פאָרשלאָג צו שאַפן אַ „טעריטאָריאַלן געטאָ״ פאַר די יידן אין פּוילן, מיט אַנדערע ווערטער באַדייט דאָס: אַרויסרופן אַלע בייזע געשפּענסטער פון מיטל־עלטער, אויפפרישן דעם גאַנצן אומהיימלעכן קלאַפּערגעצייַג, איינפירן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך באַזונדערע גאַסן פאַר יידן, איינשליסן די יידישע באַפעלקערונג אין ענגע געטאָ־מויערן.

נאָך מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט מען זיך מיט אַזעלכע שענדלעכע פּלענער געשעמט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט; נאָך פאַר אַ שטיקל צייט צוריק האָט מען זיך מיט אַזאַ ניבול־פּה זשעני׳רט; איצט — פאַלט דער לעצטער פייגנבלאַט אַרונטער. די צייט־טענדענצן (און די טענדענצן פון נאָך עמעצן אַנדערש) זענען גינסטיק פאַר אָט די אַלע פאָרשלאָגן. וואָס אַ מאָל העזהדיקער און פאַרשייטער ווערט די לאָזונג: צוריק צו דער געלער לאַטע!...

עס איז אַ גורל־שעה אין דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום.

אויף דער וואָגשאָל ליגן אונדזערע רעכט אַלס מענטשן און בירגערס.

געוויס. דאָס ערשטע וואָס מוז געטאָן ווערן איז — פּראָטעסטירן. ברענגען צום אויסדרוק די געפילן פון ברויזנדיקן צער און צאָרן. דער דריי־מיליאָניקער יידישער קיבוץ אין פּוילן קען נישט און טאָר נישט אויפנעמען די נייע געטאָ־געזעצן מיט שטילשווייגן. שרייען — איז, אמת, דאָס געווער פון די שוואַכע. אָבער דאָס איז אַן אַלט יידיש געווער. אַזוי צו זאָגן: דאָס היסטאָרישע יידישע וואָפן. הגם די ערשטע וואָס האָט אונדז געראָטן זיך צו באַנוצן מיטן דאָזיקן מיטל איז גראָד געווען אַ רוימישע פרוי. אַ מטרוניתא פון רוים. זי האָט אונדז די עצה געגעבן: „לכו והפגינו״ — גייט און פּראָטעסטירט!...

אָבער נאָך נישט מיט דער פּראָטעסט־אַקציע אַליין שליסט זיך אויס אונדזער אויפגאַבע אין מאָמענט פון איבערברוך.

נאָך עפּעס דאַרף צוגעגעבן ווערן:

— נעמט און פאַרטראַכט זיך.

עס מוז אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט אָפּגעגעבן ווערן בכלל דעם ענין געטאָ. דאָס וואָרט איז אַ מאָל געשטאַנען אין צענטער פון דער יידישער עפנטלעכקייט. דאָס וואָרט איז אָבער שוין געהאַט פאַרשוואונדן. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס געהערט שוין אין גאַנצן צו דער פאַרגאַנגענהייט. מיר האָבן אַ טעות געהאַט. איצט מוזן מיר וויסן, וואָס געטאָ איז, וואָסער באַדייטונג דער געטאָ האָט אין דער יידישער געשיכטע און וואָסער ראָל דער געטאָ האָט פאַרנומען אין יידישן לעבן.

וואָס אַן אמת: עס איז זייער לייכט זיך אויסצומאָלן דאָס בילד פון געטאָ. דאָס ערשטע בעסטע היסטאָריע־בוך פון מיטל־עלטער שטעלט אייך צו גענויע באַשרייבונגען. דאָס איז אומגעפער אַזוי געווען:

מ׳האָט זיך דאָ און דאָרט פאַרמאָסטן נישט צו לאָזן דעם יידנטום לעבן. מ׳האָט דאָ און דאָרט באַשטימט מיט אַלע וועגן און מיטלען עס צו פאַרפייניקן. דער געטאָ האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין איינער אַזאַ „גלענצנדיקער" מיטל. די גייסטלעכע, די קריסטלעכע גייסטלעכע זענען די ערשטע מיט דעם פּראָיעקט אַרויסגעטראָטן. זיי האָבן מכלומרשט זייער פּלאַן מאָטיווירט מיט רעליגיעזע טעמים. זיי האָבן געטענהט, אַז מ׳מוז איזאָלירן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון אירע יידישע שכנים, אַז מען קען נישט דערלאָזן אַז קריסטן זאָלן וווינען צוזאַמען מיט יידן, אַז מ׳מוז זיך זאָרגפעלטיק אויסהיטן פון די „שעדלעכע יידישע איינפלוסן"... אַזוי האָבן די גייסטלעכע געזאָגט. אַזוי האָבן זיי אָבער נישט געטראַכט. ווייל די אייגנטלעכע כוונה פון די געטאָ־בויערס איז געווען: שענדן דעם יידישן כבוד, טרעטן די יידישע ווירדע, צונעמען ביים ייד די פרייהייט פון באַוועגונג און פאַרדינסט, צוגזלנען ביים יידישן מענטש דאָס רעכט צו אָטעמען פרייע לופט...

ווו איז אַנטשטאַנען דער ערשטער געטאָ? — די היסטאָריקערס מיינען, אַז ווענעדיק, די שיינע איטאַליענישע שטאָט ווענעדיק, האָט געמאַכט דעם אָנהויב. דאָרט איז פאַר די יידן — דאָס ערשטע מאָל — געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערער פערטל. דאָרט איז ביים אַריינקומען צו דער יידנגאַס אויפגעשטעלט געוואָרן אַ טויער מיט אייזערנע טירן. דאָרט האָט מען צו די יידן געזאָגט: מיר, די הערן פון דער שטאָט, זענען די בעלי־בתים פון אייַער יעדן קער און ווענד אין דער ענגשאַפט, הינטער דעם פאַרריגלטן טויער, מוזט איר זיך שטיקן, אין דער ענג־

שאַפט מוזט איר אייערע טעג און נעכט פאַרברענגען; און אויב איר וועט דאָ דערשטיקט ווערן — וועלן מיר האָבן אונדזער ציל דערגרייכט... אין ווענעדיק איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע תּפיסה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אָבער זי האָט נישט לאַנג געקענט שטאָלץ זיין אויף איר „בכורהשאַפט”. גיך זענען ענלעכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויסגעבויט געוואָרן אין אַלע אייראָפּעיִשע לענדער.

אין אַ בוך, וואָס עס האָט וועגן געטאָ אָנגעשריבן דער שריפטשטעלער פערדינאַנד גרעגאָראָוויוס, געפינט איר אַ רייע שוידער־עפּיזאָדן. די יידן פון געטאָ זענען ווי שקלאַפן באַטראַכט געוואָרן. און אַזוי ווי די שקלאַפן זענען זיי געוואָרן באַהאַנדלט. די רעכט אויף פרייער באַוועגונג האָט געפעלט צו מאָל אין דער מינדסטער מאָס. דער ייד האָט געמוזט האַנדלען מיט דעם, וואָס דער שׂררה האָט אים געהייסן האַנדלען. ער האָט געמוזט, למשל, זיך פאַרנעמען מיט באָרגן געלט אויף צינזן, ווייל צו דעם האָט אים דער שׂררה געצוווּנגען. דערצו זענען צוגעקומען די גרויליקסטע טאַטן, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך נאָר אויסמאָלן. אַט האָט זיך דעם שׂררה געוואָלט אַ בלוטיקן שפּאַס טרייבן, איז ער אַראָפּגעפאָרן צום געטאָ און דאָרט אַ שוידער־פּאָגראָם אויסגעפירט. אַט האָט זיך אים פאַרגלוסט, האָט ער באַפוילן, אַז די יידן זאָלן אַלס צייכן פון שאַנדע טראָגן אַ געלע לאַטע, אָדער גאָר רויטע (צי געלע) שפּיציקע (צי פלאַטשיקע) הוט. אַט איז אים אַ חשק אָנגעקומען, איז ער „גרויסמוטיק” געוואָרן און איינגעלאַדן די יידן צו זיך אין שטאָט. די יידן מעגן, הייסט עס, פאַרלאָזן די געטאָ, אָבער — אין שטאָט איז מיט די יידן פאָרגעקומען אַ „פאַרווייליונג”, אַ חוזק־שפּיל, וואָס האָט זיך על־פּי רוב פאַרענדיקט מיט — קרבּנות... דער טייוול אַליין וואָלט שוין צינישער נישט געווען צו מענטשלעכע יידן.

אָבער צי איז דען דאָס אַלץ, וואָס לאָזט זיך זאָגן וועגן געטאָ? — צי איז ווירקלעך די געשיכטע פון געטאָ בלויז די געשיכטע פון רדיפות און בילבולים, פון גזירות און גירושים? — צי לאָזט זיך ווירקלעך אויסשעפּן די געשיכטע פון געטאָ מיט דער בלויזער פאַרצייכענונג פון די פאַקטן פון טרויער און שאַנד?

אויב מען פאַרלייענט זיך אין די פּרטים וועגן לעבן אין געטאָ, וואַקסט פאַר אונדז אויס אויך אַ גאַנץ אַנדער בילד, וואָס בלייבט נישט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש פאַרן געטאָ.

איר דערוויסט זיך נישט בלויז, ווי אַזוי די קריסטלעכע וועלט האָט זיך באַצויגן צו יידן; איר דערוויסט זיך אויך, ווי אַזוי יידן האָבן אויפגענומען די רדיפות און פּאָגראָמען.

עס וואַקסט אויס אַ בילד, וואָס שטעלט אָפּ, וואָס דערשיטערט.

מ׳האָט מיטן געטאָ געמיינט די יידן צו דערנידעריקן. מ׳איז מיטן געטאָ אויסן געווען ביי דער יידישער באַפעלקערונג אָפּצוטויטן דעם ווילן צו לעבן און די קראַפט פון אויסדויער; אָבער — די געטאָ האָט אַ העראָישן ווידערשטאַנד גע־שטעלט די פּלענער פון פאַרניכטונג.

ווען די וועלט איז צום ייד געווען פיינדלעך, האָט דער ייד געפונען דעם וועג צו זיך.

דער ייד פון געטאָ האָט אינעם אייגענעם יידישן קרייז זיך איינגעשלאָסן, אין דער אייגענער יידישער לערע זיך פאַרטיפט, אַלטע יידישע האָפענונגען גע־גלויבט.

דאָס איז אַ פאַקט: אין געטאָ האָט קיין מאָל נישט געהערשט דאָס געפיל פון געפאַלנקייט. די הכנעה, די שפלות. פאַרשטייט זיך: די יידן האָבן דעם געטאָ נישט געקענט אָפּשאָפן. דערצו האָבן געפעלט די נויטיקע מיטלען און נויטיקע כּוחות. אָבער די יידן האָבן עפּעס אַנדערש געטאָן. זיי האָבן דעם געטאָ באַקעמפט. באַ־קעמפט אין זיך. צוליב דער רשעות וואָס האָט געבושעוועט פון דרויסן, איז ביי קיין שום ייד דאָס געפיל פון זעלבסטאַכטונג נישט צוגערויבט געוואָרן.

פאַרקערט: וואָס ענגער פון דרויסן איז געווען, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן דער יידישער כּוח, אַלץ מער איז געשטיגן דער מוט צו פירן די גרויסע יידישע מלחמה קעגן דער וועלט, קעגן דער אומרעכט פון דער וועלט...

וואָס מער באַליידיקונגען עס זענען געפאַלן אויפן ייד אין געטאָ, אַלץ פעסטער איז געוואָרן די אַכטונג פון ייד פאַר זיך אַליין...

איר קענט עס לייענען דאָ און דאָרט אין די געטאָ־שילדערונגען: דווקא אינעם יום־טוב, ווען די געטאָ איז פאַגראָמירט געוואָרן דורך צעיושעטע כוליגאַנעס, האָט דער ייד מיט דער טיפסטער התלהבות געזאָגט „אתּה בחרתּנו". דווקא דע־מאָלט האָט ער, ווי נאָך קיין מאָל נישט, מבטל געמאַכט די גרויסקייט און מאַכט פון זיינע פאַרפאָלגערס, דווקא דעמאָלט, האָט ער דעם אָפּשוילעכסטן עקל צו די פאַרפאָלגערס געשפּירט...

וואָרום הגם צעשלאָגן, הגם אַ שקלאַף, האָט דער געטאָ־ייד קיין מאָל נישט מקנא געווען די שׂררהס, וואָס האָבן איבער אים די מאַכט. ער האָט אויך נישט געפילט קיין קינאה צו די אַלע, וואָס געהערן צום „אָפיציעלן" גלויבן און האָבן דערפאַר דאָס רעכט צו אָטעמען פריי. אַדרבא, מ׳איז אין געטאָ געווען גליקלעך, וואָס מ׳רעכנט זיך נישט צום פאָלק פון די פרעמדע. מ׳האָט געפילט, אַז מ׳איז נישט מיט די פייניקערס גלייך אויף גלייך. מ׳איז געווען שטאָלץ אויף די ווונדער, מען האָט דאָס אין די תּפילות אַרויסגעזאָגט: מ׳האָט דאָס פאַרן שפּרינגען אויפן שייטערהויפן אויסגעשריגן. באַליידיקן זיך? — פילן זיך פאַרשעמט? — אָבער צי קען מען זיך דען באַליידיקן פון אַ חיה־רעה?

דער שטאָלץ פונעם געטאָ־ייד!...

אויך זייער פיל קריסטלעכע שריפטשטעלערס זענען דערשטוינט געבליבן שטיין פאַר דער וווּנדער־דערשיינונג.

ביים באַרימטן ענגלישן שרייבער וואַלטער סקאָט, למשל, באַגעגנט איר אַזאַ טאָן פון באַוווּנדערונג.

דאָס ווערט אונטערגעשטראָכן אין זיינע היסטאָרישע דערציילונגען פונעם לעבן אין מיטל־עלטער. עפּעס ווירקט דער געטאָ אויפן ענגלישן שריפטשטעלער, ווי אַ נישט־דערגרונטעוועטע יידישע געהיימניש: ווי אַזוי האָט נאָך דער ייד פון געטאָ געקענט אויפהייבן זיין קאָפּ? — פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען דער מוט צו וואַרפן אַ שפּיזיקן, טראָציקן אָפּגרונט־טיפן בליק אויף זיינע פאַרפאָלגערס? — ווער האָט אים שטעלן אַ האַרטנעקיקן, שטאָלענעם ווידערשטאַנד געלערנט?

אָבער אפשר איז דאָס רעטעניש פאַר וואַלטער סקאָט. פאַר אונדז איז דאָס פאַרשטענדלעך.

דער ייד האָט אויך אין די ענגע, שטיקנדיקע געטאָ־געסלעך דערהאַלטן די איבערצייגונג, אַז די יידישע אידעען האָבן וואָס צו געבן דעם יידישן מענטש; ער איז פאַרבליבן געטריי דער לערע, דער אייגנאַרטיקייט, דער גרויסער טראַדי־ציע פון יידנטום; מער: ער האָט אין זיך געטראָגן דעם גלויבן, אַז די אידעען פון יידנטום פאַרדינען אויך צו זיין די לייט־אידעען פון דער גאַנצער מענטשהייט. און אינעם טאָג, ווען די מענטשן וועלן אויפהערן בלאָנדזשען, וועלן זיי זיכער דערזען דעם צויבער, וואָס גייט פון יידישן מענטש: ער איז פאַרבליבן מיטן געדאַנק, אַז יידישער גייסט איז שטאַרקער ווי גוייִשער פויסט...

דער ייד אין געטאָ איז אין אַלע צייטן נישט געווען איינזאַם.

מיט אים איז געווען דער יידישער ספר. מיט אים — די יידישע פאַרגאַנגענ־הייט. מיט אים — די יידישע צוקונפט...

די קייט פון יידישן שאַפן איז דאָ ווייטער געוואָרן געצויגן. מען האָט דאָס פאַר אַן ערן־אויפגאַבע פאַר זיך באַטראַכט. ריזן פון גייסט האָבן אין געטאָ גע־לעבט. די יידישע ספרים־שאַנק איז באַרייכערט געוואָרן מיט גרויסע אוצרות. סוף־כל־סוף איז דאָך כמעט אַלץ, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דער יידישער גייסטיקער וועלט אין משך פון די לעצטע זיבן־אַכט הונדערט יאָר — אַ פּראָדוקט פון יידן, וואָס האָבן אין געטאָס, אין דושנע, ענגע געסלעך, געלעבט...

פינצטער איז געווען אין דער געטאָ, אָבער פון יידנס אינערלעכקייט איז ליכט געגאַנגען, און יידישער כאַראַקטער האָט געפינקלט.

צוריק צו דער געלער לאַטע. אין אַזאַ פאַזע טרעט איצט אַריין דאָס יידנטום אין אַ רייע לענדער. היטלער־לאַנד האָט געוויזן דעם ביישפּיל.

זאָל מען אויך אונטער די ווערטער פאַרשטיין:

— צוריק צו דער אינערלעכער שטאַרקייט פון געטאָ.

— צוריק צו דער פעלדזן־פעסטקייט פון אַלטן געטאָ־ייד.

זאָל דאָס באַדייטן:

— אין דער צייט פון דערשיטערונג קערט זיך אום דאָס פאָלק צו דעם אַלעם, אַ דאַנק וועלכן דער אַמאָליקער געטאָ־ייד האָט געקענט בלייבן אינערלעך פריי; אין דער צייט פון דערשיטערונג וואַרפט דאָס פאָלק אָפּ די לערעס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַרשפּילט אין באַנקראָט, שטויסט דאָס פאָלק אָפּ די פאַלשע אָפּגעטערס; אין דער צייט פון דערשיטערונג הייבט דאָס פאָלק אויף דאָס עכטע, דאָס גרויסע, דאָס היסטאָריש יידישע...

די נייע געטאָ־פאַראָרדענונגען טאָרן נישט צערודערן אונדזערע נערוון, טאָרן נישט אויף אַ רגע אַפילו אָפּשוואַכן דעם מוט.

מיטן זשעסט פון אַן אַלט פאָלק, וואָס האָט שוין אַלץ געזען און אַלץ איבער־געלעבט, מוזן מיר צו זיך זאָגן:

— די געשיכטע גייט איבער. אָבער זי גייט איבער מיט אַלע פּרטים. אויב דעם און יענעם פאַרגלוסט זיך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויפצולעבן דאָס געטאָ־געשפּענסט, דאַן זענען מיר גרייט, מיר טרעטן אַריין אין געטאָ נישט מיט אומעט, און נישט געבראָכן. מיר טרעטן אַריין מיט פּאַטאָס, מיט הערויִזם, דער זעלבער הערויִזם וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער געטאָ פון מיטל־עלטער...

וואָרום ביי אונדז איז קיין מאָל די געלע לאַטע נישט געטראָגן געוואָרן דורך קליינע, שפּלדיקע מענטשעלעך; ביי אונדז איז אַלע מאָל די געלע לאַטע געטראָגן געוואָרן — דורך גרויסע, שטאָלצע יידן!...

# „מכשפה לא תחיה״

דאָס איז אַ פּסוק אין חומש: „מכשפה לא תחיה״...

דאָס איז אַ באַפעל צו פאַרניכטן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט יעדן מין כּישוף און אויסצוראָטן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט די אַלע שוואַרץ־קינסט־לערס, וואָס טרייבן אַ העסלעכן שווינדל קעגן די גלויביקע מענטשן און נאַרן אָפּ די מאַסן מיט נישט זייער ערלעכע און נישט זייער זויבערע מיטלען...

דאָס איז אַן אָפּקלאַנג פון יענעם גרויסן קאַמף, וואָס דאָס יידנטום האָט אין די אַמאָליקע צייטן אונטערגענומען קעגן דעם געצנדינסט און קעגן אירע טרייע באַגלייטערינס: דער כּישוף, די מאַגיע...

דאָס איז אַן אָפּקלאַנג פון אַ היסטאָרישן געראַנגל, וועלכן דאָס יידנטום האָט געפירט גלייך נאָך זיין דערשיינען אויף דער וועלט־אַרענע, אַ געראַנגל, וואָס האָט דעם ציל געהאַט — דערהייבן די מענטשן צו אַ העכערן שטאַפּל פון קולטור...

דאַכט זיך, אַז דער באַרימטער פראַנצויזישער דענקער רענאַן האָט עס גע־זאָגט: ווען יידן זאָלן קיין אַנדערע פאַרדינסטן פאַר דער מענטשהייט נישט האָבן, ווי נאָר דער איינער פאַרדינסט: זיי זענען אין אַ טעמפּער, פרימיטיווער וועלט אַרויסגעטראָטן צום קאַמף קעגן דער פּלאָג פון די מכשפים און מכשפות — וואָלטן שוין צוליב דעם אַליין די יידן באַדאַרפט פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט צווישן די קולטור־פעלקער.

„מכשפה לא תחיה״...

אַ פּסוק אין חומש. אָבער מיר גייט לעצטנס דער פּסוק נישט אַרויס פון זינען. ממש, ער פאַרפאָלגט מיך.

איך ווייס אייגנטלעך נישט פאַר וואָס. אין קעלן איז איצט פאָרגעקומען אַ פּראָצעס. דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעכער, סענסאַציאָנעלער פּראָצעס. פאַרן דייטשן געריכט איז געשטאַנען — אַ מכשפה.

אַלץ האָבן זיי דאָרט אין היטלער־לאַנד. קיין בייז אויג זאָל זיי נישט פאַר־שאַטן. אַפילו מכשפות...

מען מוז וויסן, אַז אין די נאָך־מלחמה־יאָרן האָט זיך אין דייטשלאַנד שטאַרק

צעבליט די צויבעריי־קונסט. אַ צייט פון הענקערס געווען, פון נויט, פון שאַרפן קריזיס. דערצו איז צוגעקומען — די אַנטוישונג נאָכן פאַרשפּילטן קריג, די מאַסן־פאַרצווייפלונג. אַלץ איז געווען ווי צעפלאָסן און געגאַנגען אין אַן אומבאַשטימטער, קריטישער צוקונפט; אַזאַ באָדן איז אַלע מאָל גינסטיק פאַר אַפעריסטן, שאַרלאַטאַנען און ווירקלעך: גיך האָט עס דאָרט גענומען ווימלען מיט קאָמעדיאַנטן, אַוואַנטוריסטן, „העלזעערס". אַ טייל זענען געוואָרן באַלד אַראָפּגעשוווענקט, אָבער אַנדערע, מער פיפיקע, האָבן זיך אַרויפגעהויבן פון די מוטנע וואַסערן, געשווומען מיט דער ברודיקער כוואַליע, און ווייט, ווייט דערשווומען...

עס איז, למשל, באַקאַנט דער נאָמען: האַנוסען. עריך האַנוסען איז אין יענע יאָרן געווען דער אָפּגאָט פון די ברייטע מאַסן. צו זיין אויפנעם־זאַל אין בערלין האָבן געשטראָמט מענטשן פון אַלע עקן לאַנד. האַנוסען איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן ערשט־קלאַסיקן שטערן־זעער און ערשט־קלאַסיקן טרעפער. ווי אַזוי ער האָט זיין רום דערוואָרבן? — גאָר פשוט. אַ גוטער מאַסן־פסיכאָלאָג, האָט ער די מאַסן־פאַרביטערונג געקענט אויסנוצן פאַר זיך. ער האָט איין מאָל גערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג. און ווען דער זאַל איז שוין געווען איבערפולט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און דערקלערט: „איך וועל אייך אַ ישועה ברענגען. איך וועל נסים באַווייזן. איך בין דער גייסט. איך בין די גרויסקייט. איך בין די קראַפט"... אַ פאָר געדונגענע בראַוואָ־פּאַטשערס האָבן געמאַכט שטימונג. און — האַנוסען איז אין אַ גאָר קורצער צייט אויסגעוואַקסן אין דער פאַרשטעלונג פון המון, ווי — אַ צויבערער; די מאַסע, די לעכצנדיקע, פאַרביטערטע מאַסע איז געוואָרן היפּנאָטיזירט פון זיין דרייסטן, זיכערן טאָן. ער קען, ער האָט די מעגלעכקייט מופתים צו באַווייזן, ער גיט דעם גאַנצן, דעם פולן צוזאָג. זאָל לעבן האַנוסען!...

טאַקע אין יענע יאָרן איז אויך אויפגעגאַנגען דער שטערן פון דער מאַדאַם עלזאַ.

די מאַדאַם עלזאַ האָט איר קאַריערע אָנגעהויבן ווי אַ פּראָווינציעלע קאָרטן־לייגערין; אָבער אַ דאַנק איר דורכגעטריבנקייט און חוש פאַר פּראַקטישקייט איז זי שנעל פּאָפּולער געוואָרן, ווי איינע פון די „גלענצנדיקסטע" צויבערינס פון דייטשלאַנד.

מאַדאַם עלזאַ האָט דעם המון גענומען.

זי האָט אים געקענט סוגעסטיאָנירן.

זי האָט געקענט אָנטרעפן אויפן פּילבאַרסטן נערוו, האָט געקענט דעם אָנשטעל מאַכן, די פּאָזע, די טעאַטראַלע זשעסטיקולאַציע, אָן וועלכער קיין שום מכשף און קיין שום מכשפה קענען נישט אויסקומען.

די מאַדאַם עלזאַ איז אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט געוואָרן. זי איז דורך אַ חסר־דעהדיקן איבערגלויבן אַרויפגעשטיגן. זי איז דורך מענטשלעכע צרות גע־וואָרן געקרוינט און געזאַלבט.

ס׳האָבן זיך צווישן אירע אָנהענגערס געפונען אפשר אויך אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך מעגלעך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פונעם שווינדל וואָס ווערט קעגן זיי געטריבן, אָבער עס זענען דאָ מאָמענטן, ווען מען וויל זיך לאָזן אָפּנאַרן. ווען מען טראַכט ביי זיך: באַדיי זיך לאָזן פאַרבלענדן — אַבי אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, און עפּעס זאָל געשען!

בפרט, אַז מאַדאַם עלזאַ האָט איר צויבער־קונסט פאַרבונדן אויך מיט פּאָלי־טיק. מאַדאַם עלזאַ האָט גאָר פרי דערשנאַפּט, אַז די צוקונפט געהערט צו דער היטלער־פּאַרטיי. זי האָט דעריבער זיך געשטעלט צו דער דינסט פון די נאַציס. זי האָט דערקלערט, אַז די כּישוף־צייכנס, וואָס געפינען זיך אין איר באַזיץ, „זאָגן אָן" דעם נצחון פון היטלערן. זי האָט נאָך ענטוזיאַסטישער פּראָקלאַמירט דעם נאָענטן נצחון פון די היטלער־לייט נאָך די וואַלן פון יאָר 1932, ווען די וואַל־צעטלען האָבן גערעדט מיט אַ גענוג קלאָרער און דייטלעכער שפּראַך... מאַדאַם עלזאַ האָט געזאָגט: „איצט זע איך באַשיימפּערלעך, אַז מיינע „פאַרבינדעטע פון גהינום", די שטערנס, וואָס טרויען מיר אָן זייערע סודות, די „קרעפטן", וואָס פּליסטערן מיר גרויסע געהיימנישן, אַלע צוזאַמען באַגריסן דעם „פירער", פון אַלץ לייען איך אַרויס: טריומף, מאַכט פאַר די „ברוינע העמדלעך"...

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז פאַר די נאַציס איז די אַקציע פון מאַדאַם עלזאַ געווען אויף דער האַנט.

עס וועט נאָך אפשר אַ מאָל אויסגעפאָרשט ווערן וואָסערן אָנטייל די מאַדאַם עלזאַ האָט גענומען אינעם וווּקס פון דער נאַצי־באַוועגונג; אָבער שוין איצט קען מען ריזיקירן און זאָגן, אַז די פּאָפּולערע מכשפה איז געווען איינע פון די זיילן פון דער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע".

די קאַריערע פון דער מאַדאַם עלזאַ איז אַזוי טיפּיש פאַר דער צעטראָגנקייט און כאַאָס פון אונדזער דור.

ווען די היטלעריסטן נעמען איבער די מאַכט, פּאַסט מאַדאַם עלזאַ אין גאַנצן צו איר „כּישוף" צום פּראָגראַם פון דער נאַצי־פּאַרטיי. דאָס קומט איר, נאַטירלעך, זייער לייכט אָן: זי פאַרשפּאָרט דערצו די מינדסטע אָנשטרענגונג צו מאַכן. אָט דערקלערט זי: „די ׳געהיימע קרעפטן׳ העלפן צו דעם נייעם דייטשלאַנד, די ׳גע־היימע קרעפטן׳ זענען אַנטציקט פונעם איינפירן דעם אַריער־פּאַראַגראַף, די ׳גע־היימע קרעפטן׳ וועלן בכלל צופרידן זיין פון אַלץ, וואָס וועט געטאָן ווערן אין דריטן רייך"...

די „געהיימע קרעפטן" און דער היטלעריזם — דאָס איז אַזאַ מין בשותּפות־דיקע אַקציעס־געזעלשאַפט...

און די דירעקטאָרין פון דער געזעלשאַפט איז, נאַטירלעך, זי: די מאַדאַם עלזאַ...

נישט קיין ווּנדער, וואָס די מאַדאַם עליזאַ געניסט טאַקע אין דער ערשטער צייט פון פּריווילעגיעס, אַלע אָרגאַניזאַציעס ווערן ליקווידירט. אַלע סעקטעס — פאַרווערט. בלויז מיט דער מאַדאַם עליזאַ פאַרטשעפּעט מען נישט. אַדרבא, זאָל די כּישוף־מאַכערין אויספּאָמפּען ביי די מאַסן דאָס לעצטע ביסל פאַרשטאַנד! זי דער־ציט גוטע היטלעריסטן, די מכשפה!...

אָבער לעצטנס האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַן אומפריינדלעכער ווינט. נישט־גינסטיק איז געוואָרן די שטימונג פאַר דער מאַדאַם עליזאַ. אין היטלער־לאַנד מוז נאָר איין באַוועגונג זיין. אין היטלער־לאַנד מוז מען נאָר אין „פירער" גלייבן. מ'האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער מכשפה, מ'וויל זי ליקווידירן.

איז זי די טעג געשטאַנען פאַרן געריכט.

אַ בילד פון צעפוילטקייט, דעמאָראַליזאַציע און שרעקלעכער טעמפּקייט איז אַרויסגעשפּרונגען.

דער ריכטער האָט געפרעגט, צי איז זי, די מאַדאַם עליזאַ, זיך מודה אין דעם, וואָס דער באַשולדיקונגס־אַקט וואַרפט איר פאָר?

— ס'איז אמת, כ'בין אַ צויבערין, אָבער כ'האָב זיך געפילט באַרופן דערצו. כ'בין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט גייסטער, מיט „געהיימע קרעפטן"... כ'האָב געשפּירט אַז איך באַזיץ דעם כּוח צו טרעפן, צו זאָגן די צוקונפט, צו קוקן אין די שטערן...

— אָבער, פרוי עליזאַ, וואָסערע באַווייזן קענט איר צושטעלן פאַר דער ריכ־טיקייט פון אייערע ווערטער?

— אָט דעם איינעם וויכטיקן באַווייז: טויזנטער, צענער טויזנטער מענטשן האָבן אין מיר געגלויבט...

און טאַקע די דערקלערונג פון די עדות זענען דאָס אומהיימלעכסטע אינעם אומהיימלעכן מכשפה־פּראָצעס.

די עדות, צווישן וועלכע עס זענען אַרויסגעטראָטן מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן, האָבן מיט פאַרערונג גערעדט וועגן די „ווּנדער" פון דער מאַדאַם עליזאַ.

איינער האָט מיט פולן ערנסט דערציילט, ווי אַזוי די „מייסטערין עליזאַ" פלעגט אַרויסרופן אירע „פאַרבינדעטע קרעפטן", ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף איר באַפעל — „אַלע זענען געקומען, אַלע ה' ריכטער!"...

אַ צווייטער האָט איבערגעגעבן, אַז ער האָט אין איינער אַ נאַכט אַליין מיט די אייגענע אויגן געזען ווי אַ פּאָר שטערנס האָבן אַראָפּגעוווּנקען „ספּעציעל" צו דער מאַדאַם עליזאַ...

אַ דריטער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וועט נישט דערלאָזן אָנצורופן די

כּישוף־סעאַנסן פון דער מאַדאַם עלזאַ — שווינדל־סעאַנסן, ער וועט נישט דער־לאָזן, וואָרום ער איז איבערצייגט אין זייער עכטקייט...

די געריכט־פאַרהאַנדלונגען זענען שוין פאַרענדיקט, אָבער קיין אורטייל איז נאָך נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, די נאַצי־ריכטערס שלעפּן בכּיוון אָפּ מיטן אור־טייל, ווי עס ווייזט אויס, איז מען נאָך אין די הויכע פענצטערס נישט דעצידירט, וואָס מיט דער כּישוף־מאַכערין צו טאָן. פון איין זייט איז טאַקע אומדערלאָזבאַר, אַז מ'זאָל אין דריטן רייך גלייבן אין נאָך עמעצן אַ חוץ אינעם „פירער"; אָבער פון דער אַנדערער זייט — איז שווער ביי זיך צו פועלן פונאַנדערצולאָזן אַזאַ פריינדלעכע באַוועגונג. די מאַדאַם עלזאַ קען צו נוץ קומען. פונעם גלייבן אין עלזאַס כּישוף ביז דער אמונה אין די נאַצי־טעאָריעס — איז סוף־כּל־סוף נישט אַזאַ ווייטער מהלך...

מיר קען די זאַך נישט אַרויס פון זינען. די מכשפה, דער פּראָצעס, די עדות־דערקלערונגען — אַלץ באַמבלט זיך מיר אין מוח, און וואַקסט אויס צו עפּעס אַ גרויסן סימבאָל.

ווער האָט עס געזאָגט, אַז אונדזער היינטיקער דור איז פריי פון איבער־גלויבן, אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן מער נישט קיין אָרט די אַלטע, פּרימיטיווע קונצשטיק? — אַ ליגן! היינט, און אפשר ד ו ק א היינט, איז די צייט פון די שוואַרצקינסטלערס...

אוי, דער דאָזיקער שרעקלעכער כּישוף, וואָס אין זיין קלעם געפינט זיך אונדזער דור!

אוי, די דאָזיקע מכשפים און מכשפות, וואָס האָבן אַריינבאַקומען אין זייערע הענט די אָנפירונג מיט אונדזער וועלט!...

מ'גלייבט נישט בלויז אין דער מאַדאַם עלזאַ; מ'גלייבט אויך אין אַנדערע, נישט ווייניקער ראַפינירטע, שאַרלאַטאַנען...

דער באַקאַנטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער זשול ראָמען האָט לעצטנס אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער זאָגט אַרויס אַ זייער אינטערעסאַנטע מיינונג וועגן דער באַגעגעניש צווישן מוסאָליני און היטלער, וואָס האָט אַרויסגע־רופן אַזאַ אויפרודערונג אין דער וועלט. זשול ראָמען האַלט, אַז די גאַנצע אויפ־רודערונג איז נישט באַרעכטיקט. מוסאָליני און היטלער האָבן קיין שום בונד נישט געשלאָסן. זיי האָבן נישט געקענט שליסן. די אינטערעסן פון די ביידע דיקטאַטאָרן גייען זיך שאַרף פונאַנדער. אָבער מוסאָליני און היטלער זענען מיט זייער באַגעגעניש עפּעס אַנדערש אויסן געווען. מוסאָליני און היטלער האָבן דעם פּאַראַד געמאַכט, כּדי אַרויפצוּוואַרפן אַ היפּנאָז אויף זייערע פעלקער און אויך כּדי צו היפּנאָטיזירן די וועלט. אַזוי רעדן זיך צונויף צוויי מכשפים. עס איז אמת,

מירביידע האָבן זיך פיינט, מיר ביידע זענען קאָנקורענטן, אָבער פאַר דער טובה פון אונדזער ביידנס אונטערנעמונג, דאַרפן מיר אַ מאָל דורכפירן אַ בשותּפותדיקן כּישוף־סעאַנס, וואָס זאָל מאַכן אַ רושם אויף די צושויערס און אַ דאַנק וועלכן אונדזער גאַנצע כּישוף־קונסט קען ווירקן...

ווו איר זאָלט זיך נישט קערן און ווו איר זאָלט זיך נישט ווענדן — איר וועט אומעטום באַגעגענען כיטרע, פּיפּיקע פּאַרשוינען, וואָס שווינדלערישער כּישוף איז ביי זיי אַ מיטל צו דער קאַריערע; און הגם יעדער איינער פון זיי באַנוצט זיך מיט אַן אַנדערן מין כּישוף, זענען זיי דאָך אַלע אויסן מיטן כּוח פון צויבער־שטעקעלע צו ציִען נאָך זיך די מאַסן...

דורך מכשפים ווערט אונדזער וועלט צום אָפּגרונט געפירט.

דאָס יידנטום האָט נאָך אין די אַמאָליקע צייטן דערקלערט: „מכשפה לא תחיה"... דאָס יידנטום האָט גערופן צו באַקעמפן און אויסצוראָטן דעם כּישוף פון דער וועלט. אָבער אין אונדזער דור ווערט פאַרנאַכלעסיקט דער אַלטער יידישער באַפעל. אַפילו די, וואָס ווייסן וואָס פאַר געפאַר די כּישוף־מאַכערס שטעלן מיט זיך פאַר דער צוקונפט פון דער מענטשלעכער קולטור — אַפילו זיי פעלט דאָך די אַנטשלאָסנקייט, דער דעצידירטער ווילן אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן די שאַרלאַטאַנען. מ'מאַכט די מכשפים קאָנצעסיעס, מ'איז גליקלעך ווען דער, צי יענער שוואַרצקינסטלער טוט אַ שמייכל — און מעג דער שמייכל זיין ווי פאַלש און ווערעמדיק...

ביטע, מאַדאַם עלזאַ, טרייבט וויטער אייַער שווינדלערישע צויבערקונסט. אייַער סעזאָן, אייַער צייט...

## וואָס איז מיט דיר, קליינער האַנס ?...

מיט קינדער מוז מען זיין פּאָרזיכטיק — אַזוי ווערט געזאָגט אין די פּעדאַ־גאָגישע ביכער — פון קינדער טאָר מען קיין קאַטאָוועס נישט טרייבן, וואָרום אויב עס איז אמת אַז אַ קינד איז שטיפעריש, צעשפּילט, נאַיִוו, איז אָבער אַ בפירושער ליגן, אַז דאָס קינד איז לייכטגלויביק, יעדן פּאַל לייכטגלויביק אין אַזאַ מאָס, ווי עס רעכענען די דערוואַקסענע...

אַ קינד וועט זיך נישט לאָזן לייכט אָפּנאַרן.

אַ קינד איז נייגעריק, עס וויל אַלץ וויסן, גענוי וויסן, מיט אַלע פּיטשעווקעס וויסן, און עס וועט טופּען אין דער ערד און מאַכן געוואַלדן, אויב עס וועט פילן, אַז מען זאָגט אים אַ ליגן.

איבער יעדער דערשיינונג שטעלט זיך אָפּ דאָס קינד, אַפילו איבער אַ דערשיי־נונג, איבער וועלכע איר גייט אַריבער אין גאַנצן גלייכגילטיק. דאָס קינד רייסט זיך אַרויף אויף אייער שויס, און עס מאַטערט און פרעגט און פרעגט:

— פאַר וואָס ?...

און טרויעריק איז, אויב איר פּרוּווט די קינדישע קשיות אָפּפּטרן מיט סתּם־תּירוצים. טרויעריק פאַרן קינד, וואָרום טרערן נעמען גלייך פינקלען אין די קינדישע אויגעלעך. אָבער אויך טרויעריק פאַר אייך, ווייל דאָס קינד וועט אייך נישט אָפּלאָזן, עס וועט כּסדר איבערחזרן זיינע פראַגעס און אָן רחמנות אייך מאַטערן...

אין דער דייטשער פּראָווינץ־שטאָט אָלדענבורג איז זיך פאַרלאָפן די געשיכטע מיטן קליינעם האַנס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אָפּקלאַנג אין גאַנץ דייטשלאַנד און איז דערגאַנגען אַפילו צו היטלערן אַליין.

אין דער אַלגעמיינער שול אין אָלדענבורג איז פאָרגעקומען אַ לעקציע.

אַ פּראָטעסטאַנטישער גלח האָט מיט דייטשע קינדער געקנעלט רעליגיע.

מען דאַרף וויסן: אין די דייטשע שולעס ווערן ביים היינטיקן טאָג צוגעלאָזט צום רעליגיע־אונטעררי‏כט נאָר „גלייכגעשאַלטעטע" גלחים. אויך דער גייסטלע־

כער פון אָלדענבורג איז אַזאַ. ער האָט סימפּאַטיעס פאַרן נאַצי־רעזשים, פאַר דער ראַסן־טעאָריע און בכלל פאַרן אָפיציעלן קורס. דער גייסטלעכער פון אָלדענבורג איז אַפילו אַן אָנהענגער פון נייע ענדערונגען, וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן אין די רעליגיעזע אָנשויונגען פון דייטשן פאָלק. אַנומלט איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט געזאָגט, אַז דאָס קריסטנטום אין זיין איצטיקער פאָרעם מוז אַרויסגעשלאָגן ווערן פון די דייטשע קעפּ. מען מוז פאַר יעדן פּרייז באַפרייען דאָס קריסטנטום פון די יידישע עלעמענטן. מען מוז אומבאַדינגט אַדורכ־פירן די דאָזיקע נייע „רעפאָרמאַציע", מיט דער זעלביקער עקשנות, וואָס לוטער האָט בשעתו רעפאָרמירט די קריסטלעכע קירך... אויסצוגן פונעם דאָזיקן רעפּע־ראַט זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „פעלקישען בעאָבאַכטער" אונטערן קאָפּ: „אויך אין אָלדענבורג פאָדערט מען אַ באַנייטע רעליגיע". אויך אין אָלדענבורג!...

אין דער שולע האָט דער גלח דערציילט פאַר די קינדער דעם אינהאַלט פון אַ רייע קאַפּיטלען אין „אַלטן טעסטאַמענט" אין וועלכע עס איז די רייד וועגן משה רבנו, יציאת־מצרים, עשׂרת־הדברות...

נאַטירלעך: דער גלח פון אָלדענבורג האָט צוגעגעבן זיינע אייגענע קאָמענ־טאַרן און באַמערקונגען. פּרעה איז נישט געטאַדלט געוואָרן. דער גלח האָט גע־רעדט מיט טיפער סימפּאַטיע וועגן עגיפּטישן קעניג, וואָס האָט שוין מיט טויזנ־טער יאָרן צוריק געקעמפט קעגן יידן און יידישן איינפלוס. פיל צייט האָט דער גלח אָוועקגעגעבן אויך דעם פאַקט, וואָס די יידן האָבן אָנגעבאָרגט זילבער און גאָלד ביי די עגיפּטער, און דאָס זילבער און גאָלד מיטגענומען מיט זיך. אַזעלכע זענען זיי די יידן! — איז דער גלח אַריינגעפאַלן אין פּאַטאָס — צו רויב זענען די יידן פעיִק!...

מיט אַ נידעריקער שטים און מיט בלאַסע, זייער בלאַסע ווערטער האָט דאַקעגן דער גלח גערעדט וועגן די עשׂרת־הדברות.

גאַנץ קנאַפּ באַגריף האָבן זיך די קינדער געקענט שאַפן וועגן זייער זין און באַדייטונג.

אָבער לסוף האָט דער גלח צוגעגעבן:

— משה איז דורך גאָט אויסגעקליבן געוואָרן צו דערפילן אַ געשיכטלעכע פונקציע און צו פּראָקלאַמירן געבאָטן, וואָס זענען אויך אַריינגענומען געוואָרן אין קריסטלעכן גלויבן...

דאָ איז אויפגעשטאַנען פון אָרט דער קליינער האַנס, אַ יינגל פון אַ יאָר ניין, און געפרעגט:

— איז משה געווען אַ ייד?

דעם גלח האָט דאָס אַ זעץ געטאָן. ער האָט געענטפערט הייזעריק, ווי ער וואָלט די ווערטער געוואָרגן אין זיך:

— אַ ייד, אָבער דאָס הייסט: אַן אַנדערער ייד, אַ ביבלישער ייד...

האַנס האָט נישט אָפּגעלאָזט.

— אָבער צו וועלכער ראַסע ווערט דער דאָזיקער משה פאַררעכנט?

ניין. ער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ קלאָץ־קשיא, דער גלח. זיינע ליפּן האָבן פאַרבאָרגן אַן אומזיכער שמייכעלע. אָבער אַרויסדרייען זיך פון דעם אומ־באַקוועמען עסק איז געווען אוממעגלעך. ער האָט אָפּגעענטפערט: — פאַרשטייט זיך, אַז צו דער יידישער ראַסע.

דער קליינער האַנס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. ער האָט שוין דעם גלח מער נישט געהערט. ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דער וואַנט.

און דאָ אייגנטלעך הייבט זיך ערשט אָן די געשיכטע מיט האַנסן.

האַנס איז אַוועק אַהיים. זיין פאָטער איז אַ פּאָסט־באַאַמטער אין אָלדענבורג. מען האָט זיך געזעצט צום מיטאָג. אָבער האַנס איז צו צום פאָטער.

— פּאַפּאַ! — האָט האַנס אויסגערופן — פאַר וואָס האָט דער ליבער הער גאָט אויסגעקליבן דעם ייד משה און מיט אים זיך צונויפגערעדט און דורך אים געגעבן די צען געבאָט? — פאַר וואָס, פּאַפּאַ?

פאַרן פּאָסט־באַאַמטן האָט דער גאַנצער געדאַנק געקלונגען משונהדיק. אַ רגע איז ער געווען ווי צעמישט:

— פון וואַנען ווייסטו דאָס, האַנס?

— דער גלח האָט דאָס אונדז היינט דערקלערט. משה איז געווען אַ ביבלישער ייד, אָבער דאָך אַ מיטגליד פון דער יידישער ראַסע...

דער פּאָסט־באַאַמטער האָט אומבאַהאָלפן אַ צי געטאָן מיטן אַקסל:

— אַז דער גלח זאָגט, איז ריכטיק אַזוי.

אָבער האַנסן האָט זיך דער ענטפער אויפן שׂכל נישט געלייגט:

— וואָס הייסט דאָס, אַז עס איז ריכטיק אַזוי? — ווייסן מיר דען נישט, אַז יידן זענען שווינדלערס און פּאַראַזיטן? האָט מיר דער פּאַפּאַ די פאַריקע וואָך נישט פאָרגעלייענט פון דער צייטונג, אַז יידן האָבן נישט קיין גלויבן, קיין געפיל, קיין ערע, אַז יידן זענען פאַררעטערס און שפּיאָנען, אַז אַלע גנבים קומען פון יידן, אַלע מערדערס שטאַמען פון יידן? צי האָט מיר נישט די מאַמע געזאָגט, ווען מיר זענען געגאַנגען אין גאַס און געוואָלט אַריינגיין אין אַ געשעפט עפּעס קויפן, אַז ביי אַ ייד טאָר מען נישט קויפן, ווייל דער „פירער" וויל נישט, אַז מיר זאָלן ביי יידן קויפן? פאַר וואָס האָט זיך מיטן ליבן הער גאָט נישט צונויפ־גערעדט אַ דייטש, פאַר וואָס נישט דער „פירער", פאַר וואָס דווקא אַ ייד, פאַר וואָס דווקא — מאָזעס?...

דאָ האָט זיך שוין די מאַמע אַריינגעמישט:

— גענוג. צייט צו עסן.

האַנס האָט זיך אָנגעפּגעט. ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. אָט באַלד, און ער וועט נעמען העשען אויפן קול:

— פאַר וואָס איז דער פּאַפּאַ אַזאַ שלעכטער? — פאַר וואָס וויל ער מיר דאָס נישט דערקלערן?...

און האַנס האָט זיך נישט באַרויִקט. זיין מוח'ל האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דעם „מאָזעסן״:

— פאַר וואָאָאָס?...

אַן עקשן איז ער, דער קליינער האַנס, און אויף צו מאָרגנס האָט ער פאַר־טרויט זיינע ספקות פאַר די חברים פון זיין קלאַס.

— ווירקלעך אומפאַרשטענדלעך! — האָט עולם קליינוואַרג באַשטימט.

און עס איז געבליבן במוסכם צו פרעגן ביים דירעקטאָר.

דער דירעקטאָר האָט אָנשטאָט אויפצוקלערן אָנגעהויבן דעקלאַמירן:

— אונדזער „פירער״ איז גרויס, אונדזער „פירער״ באַפרייט אונדז פון יידישן איינפלוס, אונדזער „פירער״ שאַפט אַ גרויס נאַציאָנאַל דייטשלאַנד...

האַנס האָט זיך פאַרקרימט אין אַ גרימאַסע, ווי עס וואָלט אים עמעצער אַ טראָט געטאָן אויפן פוס:

— און דער ליבער הער גאָט, פאַר וואָס האָט ער זיך אָפּגעקליבן אַ ייד?...

דער דירעקטאָר בויגט זיך איין צום קליינעם האַנס. דער קאַרק פון דירעקטאָר איז אָנגעגאָסן מיט בלוט און חזיר־שמאַלץ. דער קאַרק ברענט איצט פון כעס:

— האַנס, דער פּראָפעט משה איז געווען אַ ייד, אָבער יידן זענען נישט דאָס פאָלק פון פּראָפעטן. יידן זענען טייוולאָנים. ווען דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו אַלץ פאַרשטיין.

און ווען האַנס זאָגט, אַז דאָס איז דאָך אומפאַרשטענדלעך און ער פּאָדערט ווייטער אַ קלאָרן ענטפער, שפּרינגט אויף דער דירעקטאָר, און זיין קאַרק קאָכט פון צעיושעטער רציחה. ער שרייט. ער זידלט האַנסן. סאַראַ חוצפה דאָס איז, סאַראַ שענדלעכקייט! דער קליינער האַנס שפּירט אויף זיך דעם גאַנצן גרימצאָרן פון דער „פּעדאַגאָגיק״, אָבער זיין פאַרלאַנג צו דערוויסן זיך דעם אמת, שטייגט נאָך מער. קיינער קען אים דאָס נישט אויפקלערן. אַלזאָ: אַ סוד איז דאָ דערין. און צו סודות פילן קינדער נאָך אַ גרעסערע נייגעריקייט.

איז ער אַוועק אין דער רעדאַקציע פון אָלדענבורגער לאָקאַל־צייטונג.

דער רעדאַקטאָר האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער.

— איך וויל וויסן דאָס, וואָס מען פאַרבאַהאַלט פאַר מיר! — האָט האַנס געזאָגט, און שיִער נישט געוואָלט זיך צעכליפּען.

דער רעדאַקטאָר האָט געקוקט מיט חשד אויף זיין קליינעם גאַסט. האַנס איז אָבער געזעסן אין אַזאַ פּאָזיציע און ער האָט געהאַט אַזאַ אומשולדיקן אויסדרוק אויפן פּנים, אַז עס איז שווער געווען אים חושד צו זיין אין בייזוויליקע כּוונות.

דער רעדאַקטאָר פון דער אַלדענבורגער צייטונג איז באַקאַנט אַלס געבילדע־טער מענטש. ער האָט געענדיקט דריי פאַקולטעטן. דער רעדאַקטאָר האָט פאַר האַנסן געהאַלטן אַן אויפקלערנדיקע לעקציע:

— איך האָב נאָך מיט אַ יאָר צוריק אין מיין לייט־אַרטיקל געשריבן: מיר מוזן פעסטשטעלן די קווינטעסענץ פון דער אידעאָלאָגיע. מיר מוזן זיך אָפּטרייס־לען סיי פון מאָזאַישן סיני, סיי פון קריסטלעכן גאָלגאָטאַ. קוים וועלן מיר זאָגן יעדן טאָג אין דער פרי די ליטורגיע „פאָטער אונדזערער, וואָס דו ביסט אין הימל", דאַן וועט זיין שלום מיט אונדזער אַריער־פּאַראַגראַף. גערעכט איז געווען געטע, וואָס האָט אַרויסגעוויזן הינדישע שטימונגען. רעכט האָט געהאַט שאָפּענ־הויער, וואָס האָט געשריבן וועגן דער מינדערווערטיקייט פון קריסטנטום, גערעכט איז געווען פרידריך ניטשע, וואָס האָט זיין גאַנצע פילאָסאָפיע מאָביליזירט קעגן דער קריסטלעכער קולטור, און זיכער האָט רעכט געהאַט אונדזער קלוגער טעאָ־רעטיקער טשעמבערליין...

דער קליינער האַנס זיצט מיט אַ האַלב אָפן מויל. ער פינטלט מיט די אויגן. אָבער ער האָט פונעם רעדאַקטאָרס מענה־לשון ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט:

— אָבער, ה׳ רעדאַקטאָר, פאַר וואָס, פאַר וואָס דווקא מאָזעס?...

— אונדזער גערמאַנישע קולטור מוז אַבסאָלוט זעלבשטענדיק זיין. דו פאַר־שטייסט?

— איך פאַרשטיי נישט.

— וואָס איז מיט דיר, האַנס? דו פאַרשטייסט נישט?...

— איך פאַרשטיי נישט.

האַנס קוקט טרויעריק, קאַלט, פאַרביסן. ער איז קליין. אונטערן רעדאַקטאָרס שטרענגן בליק ווערט ער נאָך קלענער. אָבער זיין פראַגע איז גרויס. כּסדר גרויס.

איז אַריבער אַ טאָג, זענען אַריבער צוויי, אָבער דער „פאַרוואָס" איז האַנסן נאָכגעגאַנגען און געמאָנט.

האַנס איז ענדלעך געפאַלן אויפן געדאַנק אַוועקצושרייבן אַ בריוו צום „פירער" אַליין.

די טעג האָט דער קליינער האַנס געשיקט זיין בריוו צום גרויסן „פירער".

מיר ווייסן: דער „פירער" האָט זיך לייכט אַן עצה געגעבן מיט מיליאָנען דערוואַקסענע, אָבער צי וועט ער אויך האָבן דעם זעלבן דערפאָלג ביים קליינעם האַנס?...

# עשׂרת השבטים, יידן, ענגלענדער

ס'הייבט זיך נישט אָן. סאיז נאָך נישט אַזוי שווער און לאַנגווייליק אין אונדזער וועלט. ווען מ׳שטרענגט זיך נאָר אַ ביסל אָן, קען מען אַפּילו היינט אויסגעפינען אַ שפּאָר ביסל פריילעכע קוריאָזן.

אָט, למשל, ליטעראַטור וועגן יידן. אין אונדזערע מקומות זענען דאָס רוב ביכער, וואָס ווערן געשריבן וועגן יידן אין פרעמדע שפּראַכן, פול מיט העצע און גיפט. אין אונדזערע מקומות ווערן אין אַזעלכע ביכער די יידן באַשמוצט, געשענדט, אָבער אין ענגלאַנד דערשיינען גראָד אין דער איצטיקער צייט ביכער, ווו עס ווערן געמאַכט כּלערליי אָנשטרענגונגען צו באַווייזן, אַז — ענגלענדער זענען... יידן...

אַ גאַנצע רייע שריפטשטעלערס — צווישן זיי, געלערנטע, היסטאָריקערס, פאָרשערס — באַמיִען זיך דווקא היינט אַריינצוברענגען אין מיליאָנען ענגלענדער דעם גלויבן, אַז זיי, און נאָר זיי, זענען די אמתע, די ריכטיקע יידן...

ס׳איז נאַטירלעך דאָ אין דעם פאַקט אַ שטיקל סאַטיספאַקציע. אין דער עת־צרה, וואָס דאָס יידישע פאָלק לעבט איצט איבער, אין דער צייט, ווען דאָ און דאָרט ווערט דער יידישער כּבוד צו דער ערד דערנידעריקט, פּרווון גאָר ענגלענדערס זיך צו יחוסן מיט זייער יידישן אָפּשטאַם. ווי נאָך קיין מאָל, איז היינט דער ענגלישער ביכערמאַרק פאַרפלייצט מיט אויסגאַבעס, וואָס שטרייכן אונטער די יידיש־ענגלישע קרובהשאַפט. אָבער אַ חוץ דער סאַטיספאַקציע, שלאָגט אויך פון דער זאַך — די קוריאָזיטעט.

## בריטישע איזראַעליטן

די איצט־דערשינענע ביכער זענען — אַזוי צו זאָגן — פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור. די מחברים שטעלן זיך מיט זייערע חיבורים אַ ציל. און נעמלעך: דערווערבן פרישע מיטגלידער פאַר דער פעדעראַציע פון די בריטישע איזראַעליטן.

די פעדעראַציע פון די בריטישע איזראַעליטן ווערט פאַררעכנט צו די שטאַרקסטע ענגלישע פעדעראַציעס. זי האָט אָפּטיילונגען אין שטעט און שטעטלעך, מיליאָנען מיטגלידער ציילט זי.

דאָס איז אַ באַוועגונג, וואָס אירע מיטגלידער גלייבן באמונה שלימה, אַז ענגלענדערס זענען איזראַעליטן, אַז דאָס ענגלישע פאָלק פאַרדינט באַטראַכט צו ווערן, ווי... דאָס יידישע פאָלק אין דער וועלט.

די מיטגלידער פון דער דאָזיקער פעדעראַציע זענען נישט נאָר „מענטשן פון דער גאַס", באַיווע, לייכטגלייביקע ענגלענדערס, אמת: אויך אַזעלכע זענען צווישן די „בריטישע איזראַעליטן" פאַראַן. אָבער פעדעראַציע־מיטגלידער זענען אויך גרויסע ענגלישע פּאָליטיקערס, באַקאַנטע געלערנטע, באַוווּסטע שריפטשטעלערס. די פאַמיליעס פון דער העכסטער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע. די באַרימטע קעניגין וויקטאָריאַ האָט אַליין געפירט אַן אַגיטאַציע לטובת דער באַוועגונג. און אויך הייגט זענען מיטגלידער פון דער קעניגלעכער פאַמיליע הייסע אָנהענגערס פון די „בריטישע איזראַעליטן".

איר וועט אין דער מיטגלידער־רשימה פון די „בריטישע איזראַעליטן" גע־פונען אַ רייע פּראָמינענטע פערזענלעכקייטן. מלוכה־מענער, פירערס פון דער ענגלישער אַרמיי און פלאָט. לאָרד באַלפור האָט צו דער פעדעראַציע אָנגעהערט. דער שאַפער פון פּלאַן פון אַ יידישער מלוכה, לאָרד פּיל.

## אייניקלעך פון די עשׂרת השבטים?...

אינעם סטאַטוט פון דער פעדעראַציע פון די „בריטישע איזראַעליטן" געפינט זיך איין פונקט: יעדער מיטגליד גלייבט, אַז ער, ווי בכלל דאָס ענגלישע פאָלק, איז דאָס פאָלק פון איזראַעליטן.

הונדערט יאָר, און נאָך העכער, איז שוין אַלט אָט די טעאָריע, וואָס איז אין ענגלאַנד פּאָפּולער, וואָס ווערט איצט פון טאָג צו טאָג פּאָפּולערער, אַז די ענגלענ־דערס שטאַמען פון די עשׂרת השבטים.

גענוי, מיט גרויס־פּרעציזקייט, דערקלערן די טעאָרעטיקערס פון דער ברי־טיש־איזראַעליטישער באַוועגונג זייערע לייענערס: נאָך פאַר חורבן־ירושלים איז פאָרגעקומען דער חורבן פון מלכות ישׂראל. די רעזידענץ פון מלכות ישׂראל, שומרון, איז באַזיגט געוואָרן. אַשור האָט דאָס קעניגרייך פאַרוואַנדלט אין אַ וויסטעניש און פאַרטריבן די עשׂרת השבטים.

אָבער זינט דאַן איז פאַרלוירן געגאַנגען יעדער שפּור נאָך די צען שבטים. זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אַשור. נאָר וואָס עס איז ווייטער מיט זיי געשען, ווייסן מיר נישט. צי האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, צי זענען זיי ערגעץ ווו אַוועק, צי האָבן זיי געלייגט דעם יסוד פאַר אַ נייער מלוכה — מיר ווייסן נישט. זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען.

פאַרשידענע מענטשן זענען שוין אין דער יידישער געשיכטע אַרויסגעטראָטן צו אַנטדעקן די עשׂרת השבטים. די מעשׂה מיט די פאַרלוירענע יידן — איז איינס

פון די אינטריגירנדיקסטע רעטעניש אין אונדזער היסטאָריע. געווען אַזעלכע, וואָס זענען זיכער געווען, אַז ערגעץ אויף די ברעגן פון טייך סמבטיון עקזיס־טירט אַ מלוכה פון די דאָזיקע בני־ישׂראל. און נאָך היינט לעבן מקובלים, וואָס פּרוּוון אויסגעפינען דורך פאַרשידענע מיטלען די פאַרלוירן געגאַנגענע צען שבטים.

די ענגלענדערס, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע פון די „בריטישע איזראַעליטן" פאַרזיכערן, אַז די עשׂרת השבטים דאָס זענען זיי...

צווישן די באַגרינדערס פון דער דאָזיקער טעאָריע געפינען זיך געלערנטע פון גרויס פּרעסטיזש, ווי פּראָפעסאָר סמיט, פּראָפעסאָר סעים. אויך פּראָפעסאָר דייווידסאָן איז זיכער, אַז די בריטן שטאַמען פון די בני־ישׂראל. איז טאַקע אינ־טערעסאַנט צו וויסן אויף וואָס דער גלויבן שטיצט זיך. די איצט־דערשינענע, זייער אָריגינעלע ליטעראַטור אָפּערירט מיט גאָר אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן.

## דאָס פאָלק פון דער ביבל

די אַרגומענטן, וואָס די „בריטישע איזראַעליטן" ברענגען פאַר זייער טעאָריע, לאָזן זיך פונאַנדערטיילן אין דריי קאַטעגאָריעס. איין קאַטעגאָריע אַרגומענטן קען באַצייכנט ווערן, ווי שׂכלדיקע. די צווייטע קאַטעגאָריע אַרגומענטן איז אָנגע־שפּאַרט אויף נישט־יידישע קוועלן. די דריטע קאַטעגאָריע אַרגומענטן איז געבויט אויף יידישע ספרים.

די שוואַכסטע פון די דריי קאַטעגאָריעס ראיות איז טאַקע די, וואָס פּרוּווט רעדן צום שׂכל. מיטן שׂכל לאָזט זיך אַזאַ זייער שׂכלדיקע זאַך נישט באַווייזן.

די ענגלענדערס זאָגן, אַז פאַרן פאַקט, אַז זיי שטאַמען פון די בני־ישׂראל, רעדט זייער צוגעבונדנקייט צום תנ"ך. אין ענגלאַנד איז צווישן פאָלק די ביבל דאָס באַליבטע ספר. דער ענגלענדער רירט זיך נישט אין וועג אַריין אָן דער ביבל. לאָזט נישט פאַרבייגיין אַ טאָג, אין וועלכן ער זאָל נישט אַריינבליקן אין דער ביבל; שרייבט זעלטן אַ בריוו, וואָס זאָל נישט זיין באַווירצט מיט אַ פּסוק פון דער תורה. אויך די רעדעס פון די מיניסטאָרן זענען פאַרפלאָכטן מיט ציטאַטן פון תנ"ך, אָפּגערעדט דערפון, אַז די אַרטיקלען און ביכער וואָס ווערן געשריבן אין ענגליש, זענען אָפט מאָל פול מיט פּסוקים.

דאָס איז טאַקע אַ גאַנץ מערקווערדיקער פאַקט. אָבער נישט ווייניקער פּאָפּו־לער צווישן די פאָלקס־מאַסן, איז אויך די ביבל אין אַמעריקע. און מ'קען אויס־געפינען אַ גאָר אַנדערע סיבה, פאַר וואָס די ענגלענדערס זענען אַזוי צוגעבונדן צום תנ"ך. ענגלאַנד איז קריסטלעך, אָבער נישט קאַטויליש. אין ענגלאַנד ווערט נישט דער פּויפּסט פאַרערט, און די קריסטלעכע אמונה, וואָס פאַרפליכטעט אין ענגלאַנד, גרייכט מער צו די אַלטע קוואַלן פון וועלכע דאָס קריסטנטום האָט גע־שעפּט, בכן: צום תנ"ך.

אָבער בויען אויפן סמך פון דער דאָזיקער ביבל־ליבשאַפט אַ טעאָריע, אַז די ענגלענדערס זענען יידן, איז נאָך ווייט נישט גענוגנדיק. דאָס האָבן אַפילו די „בריטישע איזראַעליטן" פאַרשטאַנען.

## „אַללאַה נעבי" און די פּיראַמידע

אויב אָבער קעגן שׂכל הינקט שטאַרק אונטער די דאָזיקע גאַנצע טעאָריע, זענען אָבער זייער אינטערעסאַנט און ממש סענסאַציאָנעל די אַנדערע צוויי קאַטעגאָריעס אַרגומענטן.

ווי געזאָגט, שטיצט זיך אײן סעריע ראיות אויף נישט־יידישע קוועלן. מיר וועלן דאָ אייניקע — פון די פריש־דערשינענע חיבורים — ציטירן.

מיט טויזנטער יאָר צוריק האָט געלעבט דער אַראַבישער פילאָסאָף איבן ראַסרי. ער איז אין זיין צייט באַקאַנט געווען ווי אַ גרויסער אַסטראָלאָג. ער האָט דערקלערט, אַז קוקנדיק אין די שטערן קען מען „פאָרויסזאָגן" אַ סך זאַכן וואָס וועלן שפּעטער פאַסירן. די מענטשן אין יענעם דור האָבן צוגעבונדן וואָג צו די „טרעפּעניש" פון איבן ראַסרי. און אָט האָט דער דאָזיקער פילאָסאָף אין זיינע ווערק געשריבן, אַז אין אַ סך יאָרהונדערטער אַרום וועט אַ מאַן פון יידישן פאָלק באַזיגן ירושלים, ער וועט אַריין אין דער שטאָט צו פוס און זיין נאָמען וועט זיין „גאָטס נביא"... אין אַראַביש קלינגט דאָס וואָרט „גאָטס נביא" — אַללאַה נעבי". דער ענגלישער גענעראַל, וואָס האָט בעת דער וועלט־מלחמה מיט צוואַנציק יאָר צוריק, דעראָבערט ירושלים, האָט געהייסן אַלענבי, „אַלענבי" קלינגט זייער ענלעך צו „אַללאַה נעבי". הייסט עס, אַז דער אַראַבישער טרעפער האָט געטראָפן. גענעראַל אַלענבי איז טאַקע אַריין קיין ירושלים צו פוס. אָבער דער אַראַבישער טרעפער האָט דאָך אויך געשריבן, אַז דער דאָזיקער דעראָבערער וועט זיין אַ ייד, און אַלענבי איז דאָך געווען אַן ענגלענדער, דערפון — זאָגן טאַקע די ענגלישע געלערנטע — איז געדרונגען, אַז ענגלענדערס זענען יידן, און אויב אַזוי, איז דאָך גענעראַל אַלענבי אויך געווען אַ ייד. וואָסער שאַרפזיניק פשטל !...

אָבער נישט בלויז מיט אַראַבישע טרעפערס באַנוצן זיך די „בריטישע איזראַעליטן". זיי האָבן זיך אויך גענומען צו הילף די פּיראַמידן פון אַלטן מצרים.

אין אַמאָליקן מצרים זענען אויסגעבויט געוואָרן פּאַלאַצן, אין וועלכע ס'האָבן זיך געפונען די קברים פון די פרעהס. די דאָזיקע קברים־פּאַלאַצן, די פּיראַמידן, זענען אַ מוסטער פון בויקונסט. איינע פון די וווּנדערלעכסטע פּיראַמידן איז אויסגעבויט געוואָרן אין עגיפּטישן דערפל גיזאַ. זי שטייט נאָך דאָרט ביזן היינטיקן טאָג. ס'געפינען זיך געלערנטע וואָס האַלטן, אַז אין דער דאָזיקער פּיראַמידע זענען פאַראייביקט געוואָרן די סודות פון דער אַמאָליקער אַלטערטום־וועלט. די פּיראַמידע רעדט, הייסט עס, מיט דער שפּראַך פון סימבאָלן. זי איז פול מיט אויפ־

שריפטן אויף די ווענט. די אויפשריפטן זענען, נאַטירלעך, געמאַכט אינעם כּתב פון די אַלטע עגיפּטערס. דער אַזוי גערופענער היעראָגליף־כּתב. נאָך נישט אַלע אויפשריפטן פון דער דאָזיקער פּיראַמידע זענען איבערגעלייענט געוואָרן. נאָך נישט אַלע געהיימנישן פון איר בוי זענען אַנטפּלעקט געוואָרן. אָבער די טעאָרע־טיקערס פון דער פעדעראַציע פון די „בריטישע איזראַעליטן" פאַרזיכערן, אַז אַ רייע אויפשריפטן און מאַלערייען אין דער דאָזיקע פּיראַמידע באַווייזן, אַז שוין אין דער וועלט פון אַלטערטום האָט מען געוווסט, אַז ענגלענדערס מיט די בני־ישׂראל זענען נאָענטע קרובים און גאָר נאָענטע מחותּנים.

צי די דאָזיקע אויפשריפטן אין דער עגיפּטישער פּיראַמידע לייענען זיך טאַקע אַזוי, ווי עס זאָגן עדות די ענגלישע געלערנטע, איז שווער צו באַשטימען. דאָס זענען געהיימנישפולע צייכנס, און געענוי ווי עס איז אוממעגלעך זיך אין אַ שטרייט אַריינצולאָזן וועגן דער צאָל שטערנס אויפן הימל, אַזוי איז אוממעגלעך צו דיסקוטירן וועגן דער כּוונה און טייטש פון צייכנס, וואָס זענען — ביז איצט יעדן פאַל — פאַר אונדז פאַרבליבן אומפאַרשטענדלעך...

## ראיות „קלאָרע", „איבערצייַגנדיקע"

מיר גייען איבער צום בינטל יידישע אַרגומענטן, וואָס די ענגלישע מחברים וואַרפן אָן בכדי צו באַווייזן, אַז זיי זענען די אייניקלעך פון די צען פאַרלוירענע יידישע שבטים.

די „בריטישע איזראַעליטן" זענען אין דער מיינונג, אַז מ׳ק ע ן אין די רייד פון די נביאים געפינען אַ גאַנץ געענויען ר מ ז, אַז ענגלענדער זענען יידן.

קודם־כּל: די נביאים האָבן נביאות געזאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט אין די קומענדיקע צייטן זיין שטאַרק און מעכטיק, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט האָבן גרויסע איינפלוסן אין דער וועלט, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט איבער פעלקער און לענדער הערשן. אָבער דאָס יידישע פאָלק איז נישט שטאַרק און נישט מאַכטיק, עס האָט נישט קיין איינפלוס, עס הערשט נישט איבער לענדער, דאָס הערשער־פאָלק אין דער איצטיקער צייט זענען די ענגלענדערס. און אויב אַזוי, איז „קלאָר" ווי דער טאָג, אַז מכּוח זיי איז די רייד אין די ספרי הנביאים, און נישט מכּוח יידן...

ענגלענדערס זענען נישט בלויז בריות אויסצוטייטשן פּאָליטישע אַקטן. ענג־לענדערס זענען נישט בלויז מייסטערס צו דרייען מיטן גראָבן פינגער אין דער פּאָליטיק. אויך אין דער ביבל טייטשן זיי און טייטשן.

און אויב דער „פונדאַמענט" איז נאָר געלייגט געוואָרן, דאָס הייסט, אויב די ענגלישע געלערנטע האָבן נאָר אַוועקגעשטעלט דעם כּלל, אַז דאָס „מעכטיקע פאָלק" וועגן וועלכן די נביאים רעדן, זענען די ענגלענדערס, איז דאָך שוין נישט

שווער אויסצוגעפינען פסוקים, ווו זיי, און ד ו ק א זיי און זייער צוקונפט ווערן באַהאַנדלט.

אָט, למשל, געפינט זיך אין ספר בראשית די הבטחה, אַז ישׂראל וועט אויס־וואַקסן צו אַ מעכטיק פאָלק. „והפריתי אותך במאד מאד״ — און איך וועל דיך, ישׂראל, מאַכן זייער און זייער פרוכטבאַר — ווערט דאָרט געזאָגט. און נאָך ווערט דאָרט געזאָגט: „ואברהם היה יהיה לגוי גדול״... — און אַברהם וועט ווערן אַ גרויס און מעכטיק פאָלק. און די פירערס פון די „בריטישע איזראַעליטן״ פרעגן: „איז מעגלעך, אַז מ׳זאָל נישט אונדז, די ענגלענדערס, דערמיט מיינען? — זענען מיר נישט די הערשערס, די מעכטיקע הערשערס פון דער וועלט? — און איז נישט דער פרעמדער נאָמען, וואָס איז אונדז שפּעטער צוגעטשעפּעט געוואָרן, נאָר אַ צופאַל, און באמת זענען מיר — די קינדער פון אַברהם, יצחק ויעקב?...

נאָך שטאַרקערע ראיות ווערן געבראַכט פון ישעיהו. דער נביא ישעיהו האָט געזאָגט, אַז ישׂראל וועט נאָך אַ מאָל זיין אַ גרויסע מאַכט איבער די ימים: „אפתח על שפיים נהרות״ און אַזוי ווייטער. דאָס זעלביקע אויך אין תהילים: „ושׂמתי בים ידי ובנהרות ימיני״ — דאָס הייסט, אַז יידן וועלן זיין די הערשערס איבער די ימים. און איז נישט די בריטישע אימפּעריע די הערשערין איבער די וואַסערן, האָט זי נישט אויסגעשפּרייט איר מאַכט איבער די אָקעאַנען, איז זי נישט, אַלזאָ, די אימפּעריע, אויף וועלכער עס איז נאָך אין די אַלטע צייטן אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז אַ געוואַלדיקע מאַכט וועט זיך געפינען אין איר האַנט?...

אָט אַזוי ווייטער אין זעלביקן נוסח גייען די ראיות פון דער דאָזיקער קאַטע־גאָריע. אין ספר דברים שטייט, אַז ישׂראל וועט זיין אַן „עם סגולה״, אַן אויסגע־קליבן פאָלק („עם סגולה מכל העמים אשר על פני האדמה״); אין ירמיהו שטייט, אַז ישׂראל וועט אויסוואַקסן צו אַ ריזיקער מיליטערישער קראַפט, אין ישעיה שטייט, אַז ישׂראל וועט אָנפירן מיטן וועלט־האַנדל — פאַר די „בריטישע איזראַע־ליטן״ איז קלאָר: אין די אַלע פּסוקים רעדט זיך נאָר וועגן ענגלאַנד, וואָרום ענג־לאַנד איז די פירנדיקע אימפּעריע, די גרויסע מיליטערישע מאַכט, די קאָלאָסאַלע האַנדלסמאַכט!...

### דוד המלך און קעניג דזשאָרדזש

אַ פראַגע בלייבט אָבער: אין די דאָזיקע אַלע פּסוקים רעדט זיך דאָך פאָרט וועגן ישׂראל און נישט וועגן ענגלאַנד?...

אמת: די „בריטישע איזראַעליטן״ גיבן צו, אַז אין יענער צייט זענען די ענגלענדער טאַקע געווען בני־ישׂראל, „ענגלענדערס״ — האָבן זיי ערשט שפּעטער זיך אָנגעהויבן רופן. אָבער אין תנ״ך ווערט דאָך פאָרט אָפט אָזאַ „ענדערונג״ וואָס וועט אַריינטרעטן אין דער געשיכטע נישט דערמאָנט.

איבער דער דאָזיקער קשיא האָבן שוין אַ סך ענגלישע געלערנטע זייערע קעפּ געבראָכן.

און ענדלעך איז אויסגעפונען געוואָרן אַן ענטפער. אין קאַפּיטל ס״ה אין ישעיה ווערט געזאָגט „ולהבדיל יקרא שם אחר...״ טייטשן דאָס אויס די ענגלענדערס אַזוי, אַז דאָ איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז ישׂראל וועט אין די שפּעטערדיקע צייטן באַקומען אַן אַנדערן נאָמען (שם אחר).

אַ דערקלערונג ווערט אויך דורך די „בריטישע איזראַעליטן״ געגעבן, פון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט „בריטאַניע״. דער אָריגינעלער היסטאָרישער נאָמען פון די ענגלענדערס איז „בריטן״, און פון ענגלאַנד: „בריטאַניע״. „בריט״ — איז לויט זייער מיינונג אַ העברעיִש וואָרט. דאָס איז ברית. און דאָס ווייזט טאַקע, אַז די אָריגינעלע שפּראַך, מיט וועלכער די בריטן האָבן אַ מאָל גערעדט איז געווען — העברעיִש...

די ענגלישע געלערנטע ווייסן אויך איבערצוגעבן, אַז לויט אַ טראַדיציע, וואָס האָט געהערשט צווישן די אַלטע בריטן, האָט דער שבט דן, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט די צען שבטים פון ארץ־ישׂראל, זיך אַריבערגעכאַפּט קיין אייראָפּע און געקומען אין היינטיקן דענמאַרק. זיי האָבן טאַקע דאָס לאַנד אָנגעגערופן „דענמאַרק״, ד״ה די מדינה פון שבט דן. פון דענמאַרק האָבן זיי זיך אַריבערגעכאַפּט אויף די בריטישע אינדזלען. דאָ האָט אויך געזאָלט קומען ירמיהו הנביא, דאָ האָבן אויך געזאָלט קומען שפּעטער די טעכטער פון קעניג פון יהודה צדקיהו.

נישט בלויז דאָס ענגלישע פאָלק איז דאָס פאָלק פון איזראַעליטן, נאָר אויך דאָס קעניגלעכע הויז ציט זיין שטאַם פון מלכות בית־דוד. דער איצטיקער ענגלישער קעניג דזשאָרדזש דער זעקסטער איז לויט די דאָזיקע אויסרעכענונגען, דער הונדערטסטער דור נאָך דוד המלך. געננוי: דער הונדערטסטער!...

## און ווער זענען מיר?...

און אויב אַזוי — אויב די ענגלענדערס זענען עס לויט די דאָזיקע ראיות ברורות (נאָך וועלכע עס ווערט, וואָס אַן אמת, גאָרנישט נישט קלאָר...), די אמתע יידן, טאָ וואָס זשע זענען מיר?...

וועגן דעם איז די מיינונג פון די „בריטישע איזראַעליטן״ געטיילט.

ס׳זענען דאָ אַזעלכע, וואָס לאָזן אויך אונדז צו צום „שותּפות״, וואָס זאָגן, אַז די ענגלענדערס זענען די רעשטן פון מלכות ישׂראל, מיר דערקעגן זענען די רעשטן פון מלכות יהודה, אָבער די קינדער פון אַברהם, יצחק ויעקב זענען מיר ביידע...

ס׳זענען אָבער דאָ אַנדערע, וואָס זאָגן, אַז „יידן״ זענען נאָר די ענגלענדערס אַליין, דאָס „יידישע פאָלק״ איז נאָר דאָס ענגלישע פאָלק אַליין, און מיט אומ־

רעכט רופן מיר זיך „ישׂראל״ און לײדן און באַקומען קלעפּ צוליב אונדזער ייִדישקייט...

דאָס ענגלישע לעבן איז רייך אין קוריאָזן. די ענגלישע טעאָריעס זענען רייך אין קוריאָזן. אָבער, דאַכט זיך, אַז דער סאַמע גרעסטער קוריאָז איז אָט די טעאָריע פון די „בריטישע איזראַעליטן״, וואָס פאַרזיכערט, אַז ייִדן — דאָס זענען זיי...

# קאַריערע
## (נאָכן טויט פון לאָרד רידינג)

דאָס איז געווען אַ נייעס, דאָס האָט באַדייט אַן איבערברוך, אַ גייסטיקע איבערקערעניש:

יעדער קען אַרויפשטייגן. יעדער איינער קען מאַכן אַ קאַריערע.

יחוס? אָפּשטאַם? — מהיכא־תיתי. אין די בריוו איז יעדן אַריסטאָקראַט דערלויבט, ווי ביז איצט, זיך אונטערצושרייבן מיטן פולן, הויך־קלינגענדיקן טיטל. אין דער חתימה קען יעדער אָנגעבן זיין גראַפישן, באַראָנישן צי לאָרדישן אָפּשטאַם. אָבער אין לעבן, אין גאַס, אין דער פּאָליטיק, דעצידירט דאָס מער נישט. פאַר אַלעמען שטייען אָפן די טויערן צו פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג. פאַר אַלע, וואָס זענען פעיִק, טאַלענטירט, ענערגיש.

אַ דעראָבערונג פון דער דעמאָקראַטיע איז דאָס געווען. אַ טריומף פון דעמאָקראַטישן געדאַנק און פון דער דעמאָקראַטישער אידעע.

דעם ערשטן שטאַרקן ביישפּיל פון אַ קאַריערע פון אַ פּאָלקסמענטש האָט אין דער נייער אייראָפּע באַוויזן נאַפּאָלעאָן. פון אַן אָרעמער היים איז ער געקומען, און דערצו פון דער האַלב־ווילדער אינדזל קאָרסיקאַ. אויף די פּאָרטרעטן פון זיינע זיידעס האָט ער נישט געזען קיין פּאַרביקע מונדירן, באַהאָנגענע מיט מעדאַלן און אויסצייכענונגען. און ער איז דאָך געוואָרן — נאַפּאָלעאָן. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיין אייגענעם לעבנסוועג די טעאָריעס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זיין צייט. אויב עס איז אמת, אַז יחוס איז גאָרנישט און אָפּשטאַם איז גאָרנישט, דאַן זאָל טאַקע די טעאָריע ווערן אַ רעאַלער פאַקט. און זאָל די נייע תקופה פון אים אָנהייבן! נאַפּאָלעאָן ווערט אימפּעראַטאָר. נישט קעניג. דאָס איז געווען וואָס האָט אים געמאַכט אַזוי שטאַרק. אַזוי נייַ. קעניגטום איז — טראַדיציע. קעניגטום איז פאַרבונדן מיט פאַרגאַנגענהייט, מיט ירושה. אימפּעראַטאָר הייסט — אַ מענטש „אָן אַ טאַטן", וואָס באַזיצט די מאַכט. דאָס איז אין תוך אַ רעוואָלוציאָנערער באַגריף. נאַפּאָלעאָן איז דער ערשטער מלוכה־מאַן פון דער נייער אייראָפּעיִשער דעמאָקראַטיע, איר ערשטער העלד, הגם ער אַליין איז געווען אַ דיקטאַטאָר...

אין אַמעריקע האָבן די גרויע מענטשן פון פאָלק געמאַכט אַזעלכע פאַנטאַס־טישע קאַריערעס נאָך פריִער. דאָרט אַהין איז פריִער אַריינגעדרונגען דער גייסט פון נײַהייט. אַ יונג לאַנד. קיין אַריסטאָקראַטיע איז נישט געווען אין אַמעריקע. אַלע זענען געווען גלייך, אַלע — היימלאָזע איינוואַנדערערס, אָן פאַרגאַנגענהייט, אָן אַ נאָמען. און אַמעריקע איז געוואָרן דאָס לאַנד פון גוואַלדיקע מעגלעכקייטן. אַ פּשוטער ערד־אַרבעטער, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר פּרעזידענט, אַ צווייטער, אַ ייִנגל, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ ליכטפאַבריק און געדרייט קנויטן, איז אויסגעוואַקסן פאַרן פּאָפּולערסטן אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט: בענדזשאַמין פראַנקלין.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַן איבערקערעניש אין די מוחות פון די אייראָפּעיִשע מענטשן. די אַלטע פאָראורטיילן האָבן געקראַכט. די דעמאָקראַטיע האָט אַרויסגעע־שלעפּט די מענטשן פון „שניידער־געסל" און זיי געזאָגט:

— שטייגט אויף! די געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט אין „טויזנט און איין נאַכט" וועגן דעם געקריוודעטן שוסטער, וואָס איז געוואָרן געקרוינט אַלס סולטאַן, מוז נישט בלייבן אַ מאָלערישער ליגן. זי קען ווערן אַן אמת. היינט זענט איר טאַקע גאָרנישט, אָבער מאָרגן קענט איר ווערן אַלץ!

צי האָט אויך די דעמאָקראַטיע געעפנט די טויערן פון פּאָליטישער קאַריערע פאַר ייִדן? — אָפיציעל יאָ. אָבער פאַקטיש איז פאַר אַ ייִדן ווייטער געווען שווער אַרויפצוקלעטערן צו מאַכט. שווער, אָבער נישט אוממעגלעך.

דער ייִד האָט געמוזט גרעסערע מכשולים באַזיגן. ער האָט געפילט אויף זיך מער שטעכנדיקע בליקן און געהערט שאַרפערע זידלווערטער פון פיינד און נישט־פאַרגינערס — אָבער אַ ייִד אַ מלוכה־מאַן ווערט אַ רעאַלער פאַקט אין די פריי־הייטלעכע מערב־אייראָפּעיִשע לענדער.

דאָס איז נישט מער יענער טיפּ ייִדישער מלוכה־מאַן, וואָס איז באַקאַנט פון מיטל־עלטער: אַ ייִד אַן עושר, וואָס האָט זיך איינגעקויפט אין קרובהשאַפט צו מלכות דורך די הלוואות, וואָס דער פירשט צי דער קעניג האָבן ביי אים אַלע מאָל גענומען. דאָס איז נישט מער דער טיפּ פון יענעם ייִדישן מיניסטער פון פירשטנ־טום ווירטעמבערג, יוסף זיס אָפּענהיימער, וועמען דער הערצאָג האָט אויך דער־הויבן צוליב די פינאַנסיעלע פעיִקייטן און עשירות פונעם ייִדן.

דאָס זענען מלוכה־לייט, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אַ דאַנק זייער אומגעוויינ־לעכן פּאָליטישן טאַלאַנט.

אַדאָלף קרעמיע פון פראַנקרייך, דניאל מאַנין פון איטאַליע און בנימין ד'איזראַעלי פון ענגלאַנד — דאָס זענען די ערשטע דריי פון דער ייִדישער גאַס, וואָס האָבן געמאַכט אַ וווּנדערלעכע פּאָליטישע קאַריערע.

קרעמיע איז אויך אַלס פראַנצויזישער מיניסטער געבליבן אַ ייִד מיט אַ

וואָרעם יידיש האַרץ, אַ קעמפּער פאַר יידישע רעכט; מאַנין איז פאַרשלונגען גע־וואָרן דורך דער מלוכה־אַרבעט און אין זיין אַנגעהעריקייט צום יידנטום אין גאַנצן פאַרגעסן; ד׳איזראַעלי איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, אָבער זיין פאָטער האָט אים נאָך אין דער יוגנט איינגעשריבן צווישן די מיטגלידער פון דער אַנגליקאַנישער קירכע. דאָך איז ד׳איזראַעלי דורך זיין גאַנצן לעבן געווען שטאָלץ אויף זיין יידישן אָפּשטאַם.

די ערשטע דריי, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער אייראָפּעיִשער פּאָלי־טיק און גלייכצייטיק דריי רעפּרעזענטאַנטן פון אַ פאַרשידענער באַציִונג צום יידנטום: גאַנצע יידן, האַלבע יידן און פערטל יידן.

ווען האָט אין ענגלאַנד דער „מען אָוו די סטריט״, דער מענטש פון דער גאַס, באַקומען אַן אַריינטריט אין די מלוכה־סאַלאָנען? — אַ ביסל שפּעטער ווי ערגעץ אַנדערש. דער ענגלענדער איז פאַרליבט אין טראַדיציע, דער ענגלענדער איז קאָנ־סערוואַטיוו, און דאָ האָבן די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס לאַנג אָפּגעהיטן די רעכט פון זייער „בלוי בלוט״.

אָבער אויך דאָ ברעכט זיך צוזאַמען די אַריסטאָקראַטישע אָרדענונג. דער מיטלקלאַס באַקומט די דעה. די פּריווילעגירטע משפּחות פאַרלירן זייער גלאַנץ. נייע נעמען באַווייזן זיך, און נייע מענטשן שווימען אויף.

עס קומט, למשל, דזשאָזעף טשעמבערליין. ער געהערט נישט צו קיין איינער פון די רעגירנדיקע משפּחות. זיין טאַטע איז געווען אַ שוסטער. אַן ערלעכער אַרבעטמענטש. דער יונגער טשעמבערליין פאַרנעמט זיך מיט האַנדל. ביי טאָג מיסחרט ער מיט אייזן און אין די אָוונטן בילדעט ער זיך אויף די קורסן. ער איז אַ דעמאָקראַט און פאַרקערט אין די ליבעראַלע קרייזן. ער ווערט צו ערשט בירגערמייסטער אין אַ פּראָווינץ־שטאָט. ער באַווייזט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע טאַ־לאַנטן, ער ווענדט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויפריכטיקן טאָן, און ער ווערט אויסגעקליבן אין פּאַרלאַמענט. ער ווערט פירער פון די ליבעראַלן. צי איז טשעמבערליין אַ דעמאַגאָג? — ער איז נאָר רירעוודיק, פול מיט סימפּאַטיע, אַ פּערזענלעכקייט.

עס באַווייזט זיך אַסקוויט, דער באַרימטער ליבעראַלן־פּאָליטיקער. איינער פון די בעסטע ענגלישע פּאַרלאַמענטאַריערס. אַ זון פון אָרעמע עלטערן. נישט געווען צו מאָל קיין געלט אים צו שיקן אין שול. אַליין זיך אַרויפגעאַרבעט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן שטודירט ער אויפן אָקספאָרדער אוניווערסיטעט. דערנאָך זיך פאַרנומען מיט אַדוואָקאַטור. און דאַן — זיך אַריינגעוואָרפן אין פּאָליטיק. דער פּאַרלאַמענט דערפילט אין דאָזיקן „קינד פון דער הינטערגאַס״ אַ געבוירענעם פּרעמיער. פריינד און קעגנערס ווערן נתפּעל פון זיין אַרבעטזאַמקייט און כאַראַק־

טער־מעלות. מען פאַרגלייכט אים מיט באַלפורן. ביידע זענען באַדייטנדיקע אינ־טעלעקטואַליסטן. שוין אַזאַ פאַרגלייך איז געווען אַ גרויסע גייסטיקע רעוואָלוציע. דער פריש־אויפגעקומענער ווערט געשטעלט אין איין רייע מיט אַן אַריסטאָקראַט פון דור־דורות!

עס שווימט אויף דער צויבערער לאָיד־דזשאָרדזש. ווי טשעמבערליין, איז ער אַ שוסטערס אַ זון. אויפגעהאָדעוועט אין אָרעמקייט און נויט. אַ גלענצנדיקער רעדנער, ציט ער די מאַסן נאָך זיך. ער קענט אויסגעצייכנט זייער פסיכיק. ער ווייסט אַלע מאָל אויסצוגעפינען דאָס שלאָגוואָרט, וואָס זאָל פאַנגען און באַצויבערן די נשמות. ער איז אומגעווייגלעך טאַלאַנטירט. און ער פילט אין משך פון דער וועלט־מלחמה מיט דער פּאָליטיק פון דער בריטישער אימפּעריע.

עס קומען נאָך אַנדערע אומבאַקאַנטע.

עס קומט לאָרד רידינג, דער איצט פאַרשטאָרבענער גרויסער מלוכה־מאַן. אַ לאָרד!... זיין טאַטע, רופוס אייזיקס, דער קבצן פון יידישן קוואַרטאַל אין לאָנ־דאָן וואָלט זיכער געלאַכט, ווען מען זאָגט אים, אַז זיין זון וועט נאָך אַמאָל זיין אַ לאָרד און אַ מאַרקיז. ווי שווער איז געווען רידינגס יוגנט! אַ צייט איז ער אַ מאַטראָז, ער טוט די שווערסטע אַרבעטן אויף דער שיף. אין פרייע שעהען בילדעט ער זיך. רידינגס וועג צו דער פּאָליטישער קאַריערע איז ווייט נישט אויסגעלייגט מיט רויזן. נישט קיין „בלוי בלוט" פליסט אין זיינע אָדערן. און נישט, צו מאָל, קיין ריין ענגליש. ער איז אַ ייד און אַקצענטירט עס אָפט. דער הויכער אויפשטייג פאַרדרייט אים נישט דעם קאָפּ. אַ פונק פון יידישער ווירדע איז אין אים פאַר־בליבן, אינעם קבצנישן ייִנגל, וואָס האָט די ווונדערלעכסטע קאַריערע דערגרייכט, וואָס איז געוואָרן וויצע־קעניג פון ענגלאַנד, האָט אַרויסגערופן אין אַלע קרייזן באַוווּנדערונג מיט זיין פאַרבנרייכע פערזענלעכקייט, מיט זיין אינטעליגענץ, שוווּנג און פאַנטאַזיע.

מען קען היינט ווייטער מאַכן קאַריערעס אין איבערבראָך־מאָמענטן; אין צייטן, ווען די לאַגע איז אומזיכער און קריטיש, ווען אַלץ פליסט, איז אומבאַהאָלפן און גייט אין עפּעס אַן אומבאַקאַנטער צוקונפט — איז אַוודאי לייכט אַדורכצושלאָגן זיך צו די העכסטע שטאַפּלען פון מאַכט און רום.

די נאָך־מלחמהדיקע יאָרן זענען רייך אין אַזעלכע מעשהלעך.

אָבער נישט די פּעיִקע, די טאַלאַנטירטע, זענען די העלדן פון די דאָזיקע מעשהלעך, נאָר די אַוואַנטוריסטן, די שאַרלאַטאַנען.

גאָרנישטן דראַפּן זיך אַרויף, אַ דאַנק שווינדל און דורכגעטריבענער דעמאַ־גאָגיע.

אַ שטובן־מאָלער אַ הערשער? — ווי לעגענדאַריש אַזאַ קאַריערע איז, ווי

צויבערפול! אָבער עקלהאַפט ווערט זי, ווען מען פאַרטראַכט זיך, אַז זי איז נישט דעראָבערט געוואָרן נאָך ערלעכער אָנשטרענגונג, גרויסע פאַרדינסטן און עכטן טאַלאַנט, נאָר דורך שווינדל, טעראָר און סקאַנדאַל.

די נאָך־מלחמה־תקופה איז נישט מער די צייט פון קאַריערע, נאָר פון — קאַריעריזם.

די צייט פון דעגענעראַטן און שמוציקע נפשות, וואָס קלעטערן מיט וועגן פון שאַנטאַזש און רויער ברוטאַליטעט...

די צייט פון פאַרדאָרבענע אונטערוועלט־פאַרשוינען, וואָס נוצן אויס די נאַיִוו־קייט און לייכטגלויביקייט פון די מאַסן און גייען צו פּאָליטישער מאַכט דורך פאַרברעכנס און בלוט, דורך אַוואַנטורע און באַנדיטיזם...

די איצטיקע געשיכטעס פון די פאָלקסמענטשן, וואָס וואַקסן אויס העלדן, קלינגען נישט מער פאַנטאַסטיש. עס זענען שוידערלעכע געשיכטעס פון גרויל און געפאַלנקייט.

מיט לאָרד רידינגען איז אָפּגעשטאָרבן איינער פון די לעצטע, וואָס האָבן געמאַכט אַ קאַריערע דורך טאַלאַנט, איידעלע פאַרדינסטן און עכטער גרויסקייט.

# זיין מאַיעסטעט דער שקר

נישט געשטויגן, נישט געפלויגן! עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! נישט געווען אין שפּאַניע קיין אינקוויזיציע, נישט געווען קיין שייטער־הויפנס און מען האָט דאָרט יידן אין די פלאַמען נישט געוואָרפן...

ס׳הייסט: געווען איז זי עפּעס יאָ. די אַלטע כראָניק־שרייבערס דערמאָנען די אינקוויזיציע. אין היינטיקן שפּאַניע דרייען זיך אַרום לעבעדיקע דאָקומענטן פון יענעם ווײי און מאַרטירערטום: די אַנוסים. אָבער — איבערטריבן איז געוואָרן די גאַנצע געשיכטע, אומגעוויינלעך איבערטריבן...

נישט קיין מאָרדקעלער איז געווען די אינקוויזיציע. נישט קיין הייל פון באַרבאַריזם און רציחה. נאָר — אַן אינסטיטוציע אין נאָמען פון גערעכטיקייט, אין נאָמען פון מאָראַלישקייט און פון הייליקע פאָלקס־אינטערעסן. די גרויס־אינ־קוויזיטאָרן זענען נישט קיין מערדערס, נאָר שיינע פּערזענלעכקייטן. מ׳האָט גע־שאָכטן אין נאָמען פון אַ גרויסער אידעע, מ׳האָט פאַרברענט מיט פאַרגלאָצטע אויגן, מ׳האָט געבראָטן מיט ערנסטקייט און דביקות...

ס׳הייסט: עס האָט אַזוי געטראָפן, און מ׳האָט געריסן שטיקער פון פרויען און קינדער. מ׳האָט גליִענדיקע אייזנס געוואָרפן אויף זייערע קעפּ. מ׳האָט צו מיט סמאָלע באַשמירטע סלופּעס צוגעבונדן, מילא, וואָס עס קען זיך אַלץ טרעפן!

אָבער — וואָס פאַר אַן אָנגענעמען ריח יענץ בלוט האָט געהאַט! ווי שמעקע־דיק ס׳איז געווען די סמאָלע! ווי זיס און מעלאָדיש די ווײי־געשרייען, ווי צויבער־פול — די יציאת־נשמה!...

דאָס איז די נייסטע „חכמה” צו וועלכער עס זענען דערגאַנגען צוויי אייראָ־פּעיִשע געשיכטע־פאָרשערס.

דאָס איז זייער נייסטע אַנטדעקונג.

אַזוי מער־ווייניקער שרייבן די היסטאָריקערס לוי בערטראַן און פּעטריע, דער ערשטער אַ פראַנצויז, דער צווייטער — אַ האַלבער ענגלענדער, אין זייער „נײַע געשיכטע פון שפּאַניע”, וואָס איז לעצטנס דערשינען.

עס ווערט באַוויזן אין דער דאָזיקער געשיכטע, אַז שפּאַניע איז געווען אַ לאַנד פון לויטער צדיקים, לויטער הייליקע, לויטער ריטערס און לויטער מענטשנפריינד.

שווער איז אָבער מיט דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אַפילו שולקינדער ווייסן, אַז אַזאַ גרויליק שעכטהויז האָט עקזיסטירט. די אינקוויזיציע איז דער שוואַרצער פלעק פון שפּאַניע. זי דערציילט וועגן ליידן און רדיפות פון טויזנטער אומשולדיקע מענטשן. זי דערציילט פון אַ גרויסן יידישן קיבוץ, וואָס איז פּלוצלינג געצוווּנגען געוואָרן צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטאַרקע און שרייענדיקע אָנקלאַגע קעגן דער „גערעכטיקייט" און „ריטערלעכקייט", אין וועלכע עס האָט געלעבט מכּלומרשט דאָס שפּאַנישע פאָלק.

מאַטערן זיך אַ ביסל די ביידע היסטאָריקערס. אָבער זיי געפינען דאָך אַן אויסוועג. ממש מזיקים. אַקראָבאַטן. איבער דער גאַנצער לאָגיק אַזוי אַריבערצושפּרינגען איז ממש אַ קונסט.

די צוויי היסטאָריקערס זענען קודם־כּל מלמד זכות: ערשטנס, זאָגן זיי, זענען די זינד פון די שפּאַניערס נישט אַזוי שווער. די יידן זענען זיך אַליין שולדיק. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט די אַראַבישע שבטים פון שפּאַניע, די מאָרן, און אַרויסגערופן אַ בונט קעגן די שפּאַנישע קריסטלעכע מושלים. קורץ: די יידן האָבן פאַרראַטן די שפּאַנישע מלוכה און צווייטנס — צווייטנס, איז דאָס אַ יידישער קוויטש אַזאַ, אַ היסטערישער גוואַלד, צו מאַכן פון איינצלנע עפּיזאָדן אַ טראַגעדיע. עפּעס האָט מען דאָרט געשאָכטן אַ פּאָר „יידעלעך", און אַ וועלט טומלט זיך עס מיט זיי, אַ וועלט קאָכט און רודערט און אַ וועלט מיינט, אַז דאָס שפּאַנישע פאָלק איז טאַקע שלעכט, און נעמט און פאַראורטיילט עס. נישט די שפּאַניערס האָבן געמאַכט אַן אינקוויזיציע אויף די יידן, נאָר יידן האָבן דערמאָרדעט דעם גוטן נאָמען פון שפּאַניע. די יידן האָבן אָפּגעטויט דעם צוטרוי און גוטן קרעדיט, פון וועלכן דאָס איידעלע, פרומע שפּאַניע האָט אומעטום באַדאַרפט געניסן...

און ביטערע טרערן פאַרגיסן נעבעך ביידע היסטאָריקערס אויף דער נקמה פונעם „שיילאָק־פאָלק" אין די אָרעמע שפּאַניערס.

די היסטאָריקערס פון זיין מאַיעסטעט דעם שקר.

מיר ווערן אַוועקגעשטעלט אין אַ מערקווערדיק טראַגישער לאַגע:

מיר מוזן אונטערנעמען אַ שוץ־אַקציע פאַר אונדזער מאַרטירערטום. מיר ווערן געצוווּנגען מיט דער הילף פון דאָקומענטן און היסטאָרישע ראיות צו באַווייזן, אַז — מיר האָבן געליטן, מיר זענען געשלאָגן געוואָרן, מיר זענען אויף די שייטערהויפנס געוואָרפן געוואָרן. מיר האָבן גאָרנישט איבערטריבן.

עס איז אַ ליגן אַז יידן האָבן געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן די שפּאַנישע קריסטלעכע מושלים. יידן האָבן זיך לאָיאַל באַצויגן צו די הערשערס. אין דער רעגירונג פון קעניגלעכן פּאָר פערדינאַנד און איזאַבעל, האָט דעם אַמט פון פינאַנץ־

מיניסטער פאַרנומען דער ייד דאָן יצחק אַברבנאל. אויף זיין אויפריכטיקן פּאַטריאָ־טיזם האָט קיינער דעם מינדסטן שאָטן נישט געוואַגט צו וואַרפן. אינעם באַפעל, וואָס דאָס דאָזיקע קעניגלעכע פּאָר האָט אַרויסגעגעבן אויף אַרויסצוטרייבן די יידן פון שפּאַניע, ווערט קיין וואָרט נישט געזאָגט, אַז די יידן ווערן פאַרטריבן צוליב זייער פיינטלעכער באַציִונג צו דער מלוכה. יאָ, איין פאַרברעכן ווערט דערמאָנט אינעם גירוש־ווערעדיקט: יידן זענען יידן, זיי אָנערקענען אַן אַנדערע רעליגיע... בלויז דאָס, און איז דען צו גלייבן, אַז די שפּאַנישע הערשערס האָבן געהאַט אַ מער „רעאַלן" און „קאָנקרעטן" פאָרוואורף און אים נישט געוואָלט אָנגעבן?!

און אַ שקר איז אויך, אַז שפּאַניע איז דאָס לאַנד פון לויטער צדיקים און מענטשנפריינד. גראָד די שפּאַנישע דעספּאָטן האָבן באַזיצט די ווילדסטע רציחה־אינסטינקטן. דאָס שפּאַניע פון די אינקוויזיציע־צייטן האָט זיך געטרונקען אין טייכן מענטשלעך בלוט.

עס איז געווען דאָס לאַנד פון טאָרקוועמאַדאַ. דער גלח טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ דער גרויס־אינקוויזיטאָר, האָט פאַקטיש געהאַט די דעה איבער דער מלוכה. ער האָט אויסגעאיבט זיין איינפלוס אויף דער קעניגין איזאַבעל, ער איז דער איני־ציאַטאָר פונעם באַרבאַרישן גירוש־פּלאַן.

טאָרקוועמאַדאַ האָט פאַרברענט אַכט טויזנט יידן אויף די שייטער־הויפנס. די פאַרטיידיקער פון שפּאַניע דערקלערן, אַז טאָרקוועמאַדאַ קען נישט באַטראַכט ווערן פאַר אַ רוצח, ער האָט פאַרברענט צוליב רעליגיעזע מאָטיוון. ער האָט פאַר־ניכטעט די מענטשלעכע קערפּערס, כּדי צו ראַטעווען זייערע נשמות. וואָס פאַר אַן „אָריגינעלע" פאַרטיידיקונג! דער פאַרברעכער איז, הייסט עס, נישט געווען אַ בלויזער מערדער, ער איז אויך געווען... משוגע דערצו. אַ פּסיכאָפּאַט. צי ווערט ער נישט דערפאַר נאָך מער שעדלעך און נאָך מער געפערלעך?

די כראָניקערס פון די אַלטע צייטן דערציילן וועגן טאָרקוועמאַדאַן, אַז ער איז קיין מאָל נישט דערשיטערט געוואָרן ביים אָנבליק פון די אוממענטשלעכע ליידן פון זיינע קרבנות. ער איז פאַרבליבן אײַז־קאַלט. גלייכגילטיק, ווי אַ מאַרמאָר־סטאַטוע. ער פאַרדינט צו זיין אַ מוסטער אין דעם פאַרברעכערס־געזינדל. דער גרויזאַמסטער רוצח פון 15טן יאָרהונדערט, דער טייוולאָנישסטער יעזויט.

שפּאַניע — שרייבט דער געלערנטער פאַמבאָנאַ — וואָלט באַדאַרפט היינט עפענען אַ פּאַטאָלאָגישע קליניק, כּדי צו פאָרשן וועלכע פינצטערע כּוחות עס האָבן געווירקט אין די נשמות פון טאָרקוועמאַדאַ און זיינס גלייכן...

די געשיכטע פון שפּאַניע איז בכלל די געשיכטע פון רציחה און פאַנאַטיזם. דער באַנדיט געהערט צו די פּאָפּולערסטע טיפּן אויף דער אַנדאַלוזישער ערד. דער באַנדיטיזם האָט זיך צום שטאַרקסטן פאַרשפּרייט אין יענע צייטן, ווען שפּאַניע

איז געווען אַ גרויסמאַכט. דעמאָלט זענען די באַנדיטן אויך געזעסן אויפן טראָן.

פּאַר די שפּאַניערס איז פרעמד געווען דער באַגריף פון טאָלעראַנץ. שפּאַניע פּאַרמאָגט נישט קיין היסטאָריקער מיט אַ וועלטנאָמען. אַ היסטאָריקער מוז זיין מסוגל צו דערגרונטעווען זיך אין דער פּסיכיק פון אַנדערע פעלקער. אַ היסטאָריקער מוז פאַרמאָגן דעם חוש פאַר אַנאַליז. דער שפּאַניער איז דערויף נישט פעיִק.

אין די יאָרן פון איזאַבעל און פיליפּ דעם צווייטן האָבן די שפּאַניערס פאַרלוירן בכלל די פעיִקייט צו דענקען. זיי האָבן געקוקט אויף זיך, ווי אויפן העכסטן פאָלק אין דער וועלט. אויף זיי ליגט די אויפגאַבע צו מאַכן פון שפּאַניע אַ פעסטונג פון קריסטנטום. זיי מוזן אָטעמען מיט שינאה צו די אַנדערש־גלויביקע יידן און מאָרן. פאַנאַטיזם איז ביי זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געבענטשטע פאָלקס־אייגנשאַפט.

די שפּאַנישע קאַטאָליקן האָבן צו מאָל נישט געפרוּווט די יידישע גייסטלעכע צו רופן אויף אַ דיספּוט. אין אַנדערע לענדער זענען אַזעלכע וויכּוחים אָפּט איינסצעניזירט געוואָרן. קומט צו אונדז, לאָמיר זיך אַדורכשמועסן, לאָמיר פאַרגלייכן אונדזערע רעליגיעזע בליקן!... פאַרן שפּאַניער איז שוין בלויז דער געדאַנק וועגן אַ דיספּוט געווען „אַפּיקורסות״, קיין שום פראַגע טאָר נישט זיין. די שפּאַנישע אַנשויונג איז די גערעכטע. זי איז ווויל. זי איז גוט. ווייל — זי איז דאָך שפּאַניע.

צוליב דער דאָזיקער גייסטיקער באַגרענעצטקייט איז שפּאַניע פאַרבליבן הינטערשטעליק לגבי די אַנדערע אייראָפּעיִשע פעלקער. ווען ערגעץ אַנדערש האָבן שוין געבלאָזן ווינטן פון פרייהייט, האָט נאָך איבער שפּאַניע געהערשט דער סאַמע מיטל־עלטער. מען איז געזונקען אין פינצטערניש, מ׳האָט געראָדפט די „פרעמדע״ און „אומגלויביקע״. מען האָט זיך כּסדר אַרומגעטראָגן מיט דער שווערד און מיטן קרייץ. אין שפּאַניע איז די אינקוויזיציע אָפּגעשאַפט געוואָרן ערשט אין פאַריקן יאָרהונדערט. דאָ דויערט צום לענגסטן דער סאַדיזם.

דער טאָג פון אָקסנקאַמף איז דער נאַציאָנאַלער יום־טוב ביי די שפּאַניערס. די פאָרשטעלונג פון טויט און בלוט איז די באַליבטסטע פאָרשטעלונג ביים שפּאַנישן מענטש.

מאַסנוויִז זאַמלען זיך דאָ די מענטשן אויפן אָקסנקאַמף־ספּעקטאַקל. מיט די פרויען און קינדער קומען זיי. און די לאָרנעטן נעמען זיי אַרויס, און פאָלגן פאַרכּישופטע נאָך דעם קאַמף צווישן מענטש און חיה, און דאָס בלוט יושעט, זידט, קאָכט.

די אינקוויזיציע איז די קללה, וואָס הענגט איבער דער שפּאַנישער געשיכטע.

זי האָט געווילדעוועט נישט בלויז אין שפּאַנישן פאָטערלאַנד. אומעטום, ווו דער שפּאַניער איז געקומען, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט די טאָרטור־מכשירים. די שפּאַניערס האָבן די ערשטע אַריינגעדרונגען אין די אַמעריקאַנישע לענ־

דער, און זיי האָבן די אַמעריקאַנישע ערד רויט געמאַכט פון בלוט. די אַלטע פעל־קער זענען פאַרניכטעט געוואָרן. דער טרויעריק באַרימטער טיראַן גאַמעז האָט די תּפיסות אָנגעשיט מיט באַצילן פון טיפוס, כּדי די אַרעסטאַנטן זאָלן וואָס שנע־לער אויסשטאַרבן. די בעסטיאַלישקייט איז דערגאַנגען ביז דער אַכזריותדיקסטער משוגעת. פונקט ווי אין שפּאַניע.

ווי עס האָבן אָנגעקוואָלן די שפּאַניערס, קוקנדיק אויף די יידן וואָס ווערן געבראָטן אין פייער, ווי געוואַקסן זיי זענען פון סאַדיסטישער צופרידנקייט! בלויז אין קאָלאָסעום אין רוים האָבן אין די צייטן פון טיטוס זיך אָפּגעשפּילט אַזעלכע ווילדע סצענעס. דער מאַרקיז דע ווילאַר באַשרייבט אַן אינקוויזיציע־אַקט אין טאָלעדאָ: „...זיי זענען געוואָרן פאַרברענט אויף אַ ספּעציעלער טריבונע. די קרבנות זענען פאַרן טויט געפּייניקט געוואָרן. די גלחים האָבן אויף זיי געוואָרפן פלאַקערנדיקע שטורקאַצן. דער המון האָט באַוואָרפן די „זינדיקע״ מיט שטיינער. דער המון האָט געיובלט פון פרייד״...

די אינקוויזיציע האָט געהאַט פאַטאַלע פאָלגן פאַרן שפּאַנישן פאָלק. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז פאַראָרעמט און פאַרקבצנט געוואָרן. די יידן האָבן געשאַפן דאָס רייכטום אין שפּאַניע. זיי האָבן אַנטוויקלט דעם האַנדל, די אינדוסטריע, און זינט זיי זענען אַוועק, איז שפּאַניע געגאַנגען באַנקראָט. די מעכטיקע אימפּעריע פאַלט. דער יידן־גירוש האָט צעשלאָגן די שפּאַנישע ווירטשאַפט און די שפּאַנישע קולטור. די טאָרקוועמאַדאַס האָבן פאַריאָגט די בעסטע בירגערס; די געלערנטע, די פינאַנסיסטן; די טאָרקוועמאַדאַס האָבן באַגראָבן דאָס לאַנד און מיט די אייגענע הענט געברענגט דעם חורבן אויף זיך.

די יידן זענען אומגעברענגט געוואָרן אויף די שייטער־הויפנס; אָבער אין די זעלביקע פלאַמען איז אויך אומגעקומען שפּאַניע.

און אָנשטאָט צו בראָקן די אומפאַרשעמטע שקרים, אַז שפּאַניע ליידט נעבעך צוליב דעם, ווייל די יידן האָבן איר נאָמען פאַרשוואַרצט אין דער וועלט, וואָלטן גלייכער די היסטאָריקערס בערטראַן און פעטריע, אויב זיי זענען באמת פריינד פון שפּאַניע, געדאַרפט זאָגן:

— די געשיכטע איז נישט קיין הפקרדיקע שפּיל. גערעכטיקייט איז דאָ. און אומרעכט איז זיך נוקם, ביטער נוקם. רשעות פאַרניכטעט קודם־כּל די רשעים גופא. די צוקונפט פון שפּאַניע און פון אַלע היינטיקע אייראָפּעיִשע מלוכות ליגט אין זייערע אייגענע הענט.

אָבער דאָס זאָגן נישט די צוויי היסטאָריקערס. פאַרן אמת זאָרגן די הערן צום ווינציקסטן. זיי פאַרדרייען באַוווּסטזיניק די היסטאָרישע פאַקטן. זיי דינען צו זיין מאַיעסטעט דעם שקר.

# אויב נישט בלום, איז מאַנדעל

אין דער איצטיקער פראַנצויזישער רעגירונג זיצט טאַקע נישט מער לעאָן בלום. אָבער עס זיצן דאָך ווייטער אייניקע יידן. דער אַמט פון קאָלאָניעס־מיניס־טער, למשל, איז אַנגעטרויט געוואָרן דעם ייד זשאָרזש מאַנדעל.

געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז קעגן די איצטיקע יידישע מיניסטאָרן אין דאַלאַדיע־קאַבינעט, וועלן שוין די פראַנצויזישע שאָוויניסטן נישט פירן קיין קאַמפּאַניע.

אויף ביי אונדז האָבן זיך געפונען „אַלצוויסערס", וואָס האָבן פאַרזיכערט, אַז מיטן אָפּטרעטן פון לעאָן בלום, וועט אויך אָפּטרעטן דער שוים קעגן די יידישע מיניסטאָרן אין די רעאַקציאָנערע צייטונגען. מ'האָט דאָס דערקלערט אָט אַזוי: קעגן בלומען גייט אַ העצע דערפאַר, ווייל ער איז אַ ייד און פירער פון די סאָציאַליסטן אין פראַנקרייך; אויפן אַנבליק פון „לינקן" ייד, ווערן די העצערס צעיושעט, גלייך ווי די שפּאַנישע אָקסן ווען זיי דערזעען אַ רויט טוך; אָבער אומ־באַדינגט אַן אַנדערער, אומבאַדינגט אַ בעסערער, וועט זיין דער גורל פון אַ „רעכטן" ייד, ווען אים וועט איבערגעגעבן ווערן אַ מיניסטער־פּאָרטפעל...

אַ „רעכטער" ייד איז מער נושא־חן.

אַזאַ געפינט גיכער לייטזעליקייט אין די אויגן פון בייזע גויים.

דערפאַר האָבן די „פּאַרזיכטיקע" צווישן די פראַנצויזישע יידן אויפגענומען מיט אַ געוויסער פאַרלייכטערונג די ידיעה, אַז בלום איז ענדלעך אַוועק, אַז אויב שוין יאָ אַן אייגענעם יידישן מיניסטער, איז עס נישט קיין אַנדערער, ווי זשאָרזש מאַנדעל. מאַנדעל איז דער פירער פון אַ רעכטער גרופּירונג אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט.

אָבער דאָס איז געווען אַן אילוזיע. מאַנדעל טיילט איצט דעם גורל פון בלומען. ער ווערט פאַרהאַסט, פאַרשריגן, באַליידיקט. אַן איבעריק מאָל האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער שיקזאַל איז פאַר אַלע יידן געמיינזאַם. פאַר די העצערס איז אַלץ איינס, צו וואָסער פּאַרטיי דער ייד געהערט. ער איז אַ ייד — דאָס איז גענוג. ווי האָט אונדזער ר' לייזער פעלבערג פון פשיטיק געזאָגט: — מיר געהערן אַלע צו דער פּאַרטיי פון אַברהם יצחק ויעקב...

און מ׳האָט אונדז פיינט, נישט ווייל מיר זענען „לינק״ אָדער „רעכט״, נאָר ווייל מיר געהערן צו דער דאָזיקער, און נישט צו קיין אַנדערער פּאַרטיי.

אַן אומגעהויער שאַרפע העצע גייט איצט אין אַ ריי פראַנצויזישע רעאַקציאָנערע צייטונגען, קעגן דעם יידישן קאָלאָניעס־מיניסטער.

— „דער ייד פירט פראַנקרייך צום גרונט. דער ייד פאַרראַט די אינטערעסן פון דער מלוכה״ — אָט אַזעלכע און נאָך אַנדערע ווענדונגען קענט איר אַנטרעפן אין דער געלער פּרעסע אויפן אַדרעס פון מאַנדעל.

עס איז דאָס זעלבע לשון וואָס איז געווען אין געברויך קעגן לעאָן בלום.

די עיקר־„זינד״ פון זשאָרזש מאַנדעל באַשטייט מכּלומרשט דערין, וואָס ער איז אַן אָנהענגער פון אַן ענגן פראַנצויזיש־סאָוועטישן מיליטערישן בונד. ווי אַ גאַנצע ריי באַדייטנדיקע פראַנצויזישע פּאָליטיקערס און גענעראַלן, האַלט מאַנדעל, אַז אין די אינטערעסן פון פראַנקרייך ליגט צו זיין פאַרבונדן מיט סאָוועט־רוסלאַנד אין אַ פעסטן מיליטערישן אָפּמאַך. ער זאָגט, אַז מען דאַרף אין דער פּאָליטיק אָפּטיילן „אידעען״ פון „רעאַליטעטן״. די אידעען פון ראַטן־פאַרבאַנד געפעלן נישט. אָבער מ׳מוז זיך רעכענען מיט רעאַליטעטן. אין סאָוועט־רוסלאַנד שטייט אַ שטאַרקע אַרמיי. אין סאָוועט־רוסלאַנד איז די קריגס־טעכניק געוואַלדיק אַנטוויקלט. פראַנקרייך וואָלט באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, ווען זי זאָל — צוליב די אָדער יענע „אידעיִשע״ מאָטיוון — אויפהערן דערזען די רעאַלע קראַפט, וואָס רוסלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר.

אַזוי זאָגט נישט מאַנדעל אַליין צווישן די רעכטע. אַזוי האַלטן אויך אַנדערע רעכטע פראַנצויזישע פּאָליטיקערס.

אָבער יענע צייטונגען אין פראַנקרייך, וואָס זאָגן זיך אַרויס קעגן אַן ענגן פראַנצויזיש־סאָוועטישן בונד, האָבן זיך געוואָרפן אויף מאַנדעלן, ווי אויף זייער קרבן.

מ׳פאַרשווייגט אַז מאַנדעל איז אַ „רוסאָפיל״ נישט, חלילה, דערפאַר, ווייל ער איז אויסן צו פאַרשטאַרקן רוסלאַנד, נאָר ווייל ער שטרעבט צו זיכערן די מאַכט פון פראַנקרייך; מ׳פאַרשווייגט, אַז מאַנדעל איז ווייט נישט דער איינציקער „רוסאָפיל״ אין איצטיקן קאַבינעט; מ׳ליאַרעמט: מאַנדעל וויל צוזאַמענבינדן פראַנקרייך מיט רוסלאַנד, ווייל דאָס איז אין הסכּם מיט דער „יידישער״ פּאָליטיק, ווייל מאַנדעל האָט באַקומען אַזעלכע דירעקטיוון מצד דער יידישער „וועלט־לייטונג״ (אפשר קענט איר דעם אַדרעס אַ שטייגער ?)...

דערצו איז צוגעקומען נאָך עפּעס: וואָס לענגער עס דויערט דער בירגערקריג אין שפּאַניע און וואָס באַשיינפּערלעכער עס קריכן אַרויס די טריפענע כּוונות פון איטאַליע און דייטשלאַנד, אַלץ מער מענטשן אין פראַנקרייך הייבן אָן צו פאַר־

שטייך, וואָסער געפּאַר גענעראַל פראַנקאָס נצחון וואָלט באַדייט פאַר דער זיכער־קייט פון די פראַנצויזישע גרענעצן. אַ שפּאַניע, ווו עס וועלן האָבן די דעה די טויטפיינד פון פראַנקרייך, וועט מיט אַן אייזערנעם קלעם אַרומנעמען דאָס פראַנצויזישע מאַראָקאָ, דעם גרענעץ־פּאַס, וועט גלייך אין די ערשטע טעג פון אַן אַנטי־פראַנצויזישער מלחמה אין שטאַנד זיין צו פאַרכאַפּן די פראַנצויזישע אַמוניציע־פאַבריקן, וואָס געפינען זיך נאָענט צו דער שפּאַנישער גרענעץ. נישט אַלע פראַנצויזישע רעכטע פּאָליטיקערס האָבן שוין געעפנט די אויגן. נישט ביי אַלעמען איז דאָס מלוכה־געפיל ווירקלעך גובר דאָס קלאַסן־געפיל. מאַנדעל האָט אָבער יאָ דעם מוט געהאַט אָפּצושאַצן די ווירקלעכקייט און זיך אויפהייבן איבער די קלאַסן־אינטערעסן פון דער רעכטער גרופּירונג, וואָס ער רעפּרעזענטירט און וואָס אַ מפּלה פון דער שפּאַנישער רעפּובליק וואָלט אים בעצם געווען צום האַרצן.

אָבער דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פרישן שטורעם קעגן יידישן מיניסטער. פינצטערע ציטונגען פאָדערן ער זאָל גיין אין דעמיסיע.

פאַרשטייט זיך, אַז אונטער דער העצע ליגן גאַנץ אַנדערע כוונות פאַרשטייט זיך, אַז די ראָל אין דער דאָזיקער העצע שפּילן בכלל נישט מאַנדעלס פּראָ־סאָוועטישע אָריענטאַציע און זיין געענדערטע שטעלונג בנוגע די שפּאַנישע פּראָגעס. דער „צאָרן" ברוזיט, ווייל ער איז אַ ייד, און דאָס קאָלאָניעס־מיניסטעריום, מיט וועלכן ער פירט אָן, איז ביים איצטיקן מאָמענט איינער פון די וויכטיקסטע אַמטן אין פראַנקרייך. פאַרדריסט עס. טוט עס וויי. איז עס אַ בריענדיקע נאַציאָנאַלע שאַנד און גרויסער סקאַנדאַל...

און ס'שיצט נישט זשאָרזש מאַנדעלן אין טאָג פון בייז דער פאַקט, וואָס ער איז אַ רעכטער פּאָליטיקער.

עס שיצט אים אויך נישט דער פאַקט, וואָס ער איז באַשאָנקען מיט אומגעוויינלעכע, ממש שטויגענדיקע פעיִקייטן און טאַלאַנטן.

ער איז איינער פון די געציילטע פּאָליטיקערס אין אונדזער דור, וואָס זענען אַרויפגעשטיגן צו זייער קאַריערע אָן וועלכער עס איז זכות־אָבות, אָן דער מינדסטער פּראָטעקציע; וואָס האָבן מער גאָרנישט פאַרמאָגט, ווי זייער שאַרפן מוח און געניאַלן טאַלאַנט, און נאָר אַ דאַנק די דאָזיקע נישט „אָנגענומענע" קוואַליפיקאַציעס אַדורכגעהאַקט פאַר זיך אַ וועג.

ווי עפּעס אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט קלינגט די געשיכטע פון זיין אויפשטייג. ער איז אַ זון פון אַן אָרעמען יידישן שניידער. אויפגעוואַקסן אין קבצנים־פערטל פון פּאַריז. און אויב צווישן סתם־קבצנים קען זיך נאָך אָפּגעפינען אַ פאַנטאַזיאָר, געקליידט אין שמאַטעס, וואָס חלומט וועגן אַ גלענצנדיקער מלוכה־קאַריערע, איז אָבער אַזאַ פאַנטאַזיאָר בכלל נישט בנימצא צווישן דער יידישער

אָרעמקייט. דאָ ווייסט מען: אַפילו צווישן אָרעמע און... אָרעמע זענען פאַראַן אונטערשיידן.

אָבער מיט מאַנדעלן איז געשען אָט וואָס: ער איז דאַן געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבעצן. ער האָט זיך געלאָזט איבער פּאַריז זוכן אַרבעט. אָבער פּאַריז איז גרויס, און מענטשלעכע הענט זענען דאָ צו פיל. ער איז גראָד פאַרביי דורך דער רעדאַקציע פון דער פּאַריזער טאָגצייטונג „ל'אָראָר". די אויפשריפט האָט אַראָפּגעצויגן פון שויפענצטער. מאַנדעל איז אַריין אין דער רעדאַקציע.

ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל וועגן עפּעס זיך אַדורכרעדן מיטן שעף־רעדאַקטאָר. אָבער דער שומר מעסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז פיס. דער רעדאַקטאָר האָט נישט קיין צייט צו שמועסן מיט אָפּגעריסענע אָפּגעשליסענע ייִנגלעך. דער רעדאַקטאָר איז געווען דער באַרימטער קלעמאַנסאָ. דער באַרימטער זשורנאַליסט און פירנדיקער מלוכה־מאַן.

האָט זיך דאָס ייִדישע שניידער־ייִנגל געזעצט וואַרטן אין פּאָדערהויז. ווען קלעמאַנסאָ איז אַרויס, איז ער צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט געוויזן זיינע הענט, זיי ווילן אַרבעטן — האָט ער געזאָגט — און זיי האָבן נישט ביי וואָס. קלעמאַנסאָ האָט אָפּגעענטפערט: „ליידער, נישטאָ". אָבער דאָס דרייסטע ייִדישע ייִנגל האָט אים נישט אָפּגעלאָזט:

— אַ רגע, מיין האַר — האָט ער ווי צוריקגעהאַלטן קלעמאַנסאָן. און דער ייִנגל מאַנדעל האָט פאַר קלעמאַנסאָן גענומען זאָגן אויף אויסנווייניק דאָס אַרטיקל, וואָס קלעמאַנסאָ האָט פאַרעפנטלעכט אינעם זעלבן טאָג, נישט פאַרהיפּערנדיק קיין איין וואָרט.

אַן איבערראַשטער האָט קלעמאַנסאָ זיך אָפּגערופן: „גוט, אָבער מיינע אַרטיקלען איז ווייניק צו קענען סתם אויסנווייניק. מ'דאַרף אויך קענען זאָגן פון אונטן אַרויף..."

און מיט דער חריפות און תּפיסה פון אַ ישיבה־בחור, וואָס קען אייך זאָגן וואָס אין צען און צוואַנציק בלאַט ווייטער וועט שטיין אויפן זעלבן אָרט, האָט מאַנדעל דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די קאַריערע פון ייִדישן שניידער־ייִנגל. ער איז צו ערשט אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס רעפּאָרטער אין קלעמאַנסאָס צייטונג. אָבער נישט לאַנג דערנאָך זענען אים איבערגעגעבן געוואָרן וויכטיקערע פונקציעס. און ענדלעך די וויכטיקסטע: מאַנדעל ווערט דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר פון גרויסן קלעמאַנסאָ. מאַנדעל גלאַנצט מיט אומגעהויערע פעיִקייטן. פּובליציסט, פּאָליטיקער, דיפּלאָמאַט.

אין די מלחמה־יאָרן פירט קלעמאַנסאָ אָן מיט פראַנקרייך. אָבער נישט ווייניק אמת איז דאָ אין דעם שפּרוך, אַז מיט קלעמאַנסאָן האָט צו יענער צייט אָנגעפירט

מאַנדעל. ער איז זיין רעכטע האַנט, זיין בעל־יועץ. קלעמאַנסאָ טוט גאַרנישט אָן זיין יידישן סעקרעטאַר, וועלכער האַלט זיך אָבער אין שאָטן.

אַ סברא, אַז דער שלום־טראַקטאַט, וואָס איז געחתמעט געוואָרן אין ווערסאַי, איז דאָס ווערק פון זשאָרזש מאַנדעל.

מ׳ווייסט נישט וואָס פריִער אין אים צו באַוווּנדערן: זיין בליציקע אָריענטאַציע אָדער טיפן בליק, זיין פענאָמענאַלן זכרון אָדער אייזערנעם שׂכל.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז: מאַנדעל דער פּאַרלאַמענטאַריער. מאַנדעל טרעט זעלטן ווען אַרויס מיט אַ רעדע. ער איז בכלל אַ גרויסער שוייגער. אָבער נעמט ער שוין יאָ אַ וואָרט, איז עס טיף־אַדורכגעטראַכט, קלוג, שאַרף.

פּאַר אייניקע יאָר איז אים אָנגעטרויט געוואָרן דער אַמט פון פּאָסט־מיניסטער. דאָס איז נישט גאָר קיין ערשט־ראַנגיקער אַמט אין אַ מלוכה. אָבער מאַנדעל האָט באַוויזן די קונסט צו פּאַרוואַנדלען אויך זיין פּאָסטן אַלס פּאָסט־מיניסטער אין אַ באַדייטנדיקן. ער האָט אין פּאָסטוועזן אַ רוח־חיים אַריינגעבערענגט, פרישקייט, אונטערנעמונגס־לוסט, נייע איינפאַלן... מ׳איז פּאַרוווּנדערט געבליבן פון זיין קאָלאָסאַלער אַרבעטס־קראַפט. אין אַ קורצער צייט איז ער אויסגעוואַקסן צו דער וויכטיקסטער פיגור פון רעגירונגס־קאַבינעט, צו איינער פון די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן אין פראַנקרייך.

נישט אומזיסט האָט אים איצט דעלאַדיע איבערגעגעבן די אָנפירונג מיטן קאָלאָניעס־מיניסטעריום. צוליב די אַלץ־וואַקסנדיקע דייטשע אַפּעטיטן, צוליב דעם בירגערקריג אין שפּאַניע, פאָדערן די פראַנצויזישע קאָלאָניאַל־אינטערעסן אַ באַזונדער ענערגישן, באַזונדער קלוגן, באַזונדער טאַלאַנטירטן מיניסטער. מאַנדעל איז דער ריכטיקער מאַן אויף דעם ריכטיקן פּלאַץ.

אָבער ס׳העלפט נישט דער טאַלאַנט. ס׳העלפט נישט די גרויסע וואַכזאַמקייט, וואָס מאַנדעל ווייזט אַרויס אויף זיין אַמט. ער איז אַ ייד, און די העצע בושעוועט.

די אמתע עמאַנציפּאַציע, די אמתע גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן — האָט אַ מאָל געזאָגט היינריך היינע — וועט ערשט אָנרוקן אין יענעם טאָג ווען אויך אַ נישט־פעיִקער ייד וועט קענען ווערן מיניסטער. דאָס הייסט דעמאָלט, ווען אַ ייד וועט געגעבן ווי אַ גוי, נישט דאַרפן האָבן קיין אומגעוויינלעכע טאַלאַנטן, בכדי צו ווערן אַ מיטגליד פון רעגירונגס־קאַבינעט. אָבער היינט זענען מיר נישט בלויז וויט פון יענער גלייכבאַרעכטיקונג וועגן וועלכער היינע האָט גערעדט. אַפילו אַ טאַלאַנטירטער, בפירוש געניאַלער יידישער מיניסטער ווערט נישט פּאַרטראַגן. און אַפילו ווען ער האָט זיינע אַלע טאַלאַנטן געשטעלט אין דינסט פון לאַנד.

צי דער אַסימילירטער ייד מאַנדעל באַמערקט איצט די יידישע גורל־געמיינזאַמקייט, ווייסן מיר נישט. אָבער דאַכט זיך: ער האָט די געלעגנהייט דאָס צו באַמערקן.

אַ סך אַלטע באַגריפן זענען אין אונדזער צייט געוואָרן אָפּגעבלאַקירט. אַ סך אידעען זענען אָפּגעשטאָרבן. אַ סך „קרוינען" וואַלגערן זיך אין בלאָטע.

מילא. אַזוי מוז זיין. אַזוי מוז טרעפן. אין לעבן ווערן די זאַכן כסדר אַראָפּגעשווענקט און אַרויפגעהויבן, דער אייביקער קרייז־לויף.

אָבער ווי מאָדנע איז איצט מיט די מענטשן. זיי האָבן נישט דעם מוט אָפן צו דערקלערן:

— געווען אַ מאָל, געווען און אָפּגעשטאָרבן...

עס פאַרפעלט זיי דרייסטקייט מודה צו זיין; מיר קערן זיך אָפּ און רייסן איבער מיט די אַלטע רעשטן פון דער פאַרגאַנגענהייט... פאַרקערט, מען טראָגט זיך לפּנים נאָך אַלץ אַרום מיט זיי.

און דאָס פאַרדריסט. אַ מחוצפדיקער עזותדיקער דור — און ער ליידט אויף דער ייִנגלערישער קרענק פון נישט קענען אָנרופן די זאַכן ביים ריכטיקן נאָמען.

אַזוי אַרום וואַקסט נאָך מער דער פלאָנטער און עס עסט זיך איַין טיפער דער ציניזם.

אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט „רחמנות"...

איך האָב דאָ נישט לאַנג געלייענט וועגן דער באַרעמהאַרציקייט פון מוסאָליני. עס איז איצט אויסגעפלאַסטערט געוואָרן אין איטאַליע אַ נייער אויטאָ־שאָסיי. דאָס איז אַ היסטאָרישער שאָסיי: דער וועג, אויף וועלכן די שוואַרצע העמדלעך האָבן מיט דרייצן יאָר צוריק געמאַכט דעם מאַרש אויף רוים. פוןביידע זייטן פון פאַשיסטישן שאָסיי געפינען זיך ביימער. האָט מוסאָליני אָנגעקוקט די דאָזיקע ביימער און ער איז געוואָרן טרויעריק.

ער איז געוואָרן זייער סענטימענטאַל געשטימט. ער האָט זיך אָנגערופן:

— דער שטויב וואָס טראָגט זיך פון שאָסיי איז שעדלעך פאַר די ביימער, זיי וועלקן צוליב דעם. מיר דאַכט זיך, די בלעטער זיפצן, איך קען עס נישט פאַרנעמען, דאָס גיט מיר קיין רו נישט...

אַזוי האָט געזאָגט מוסאָליני.

און ער האָט באַפוילן אָנצוטאָן די ביימער קליידער. לאַכט נישט. אַ דיקטאַטאָר

ווייסט וואָס ער וויל. מען האָט פאַר די ביימער ספּעציעל אויסגעאַרבעט אַזעלכע קליידער־פּוטעראַלן, וואָס זאָלן זיי שיצן פון שטויב. דער באַפעל איז, פאַרשטייט זיך, גלייך אויסגעפירט געוואָרן. איצט שטייען די ביימער איינגעטוליעטע אין „מונדירן". לעבעדיקע עדות פון דער גרויסער גוטסקייט פון בעניטאָ מוסאָליני און פון זיין וואַרעמער נאַטור־פריינדשאַפט.

און אַזאַ „קאָפּ" האָט די דאָזיקע סענטימענטאַלע ידיעה: מוסאָליניס רחמנות־געפילן.

אַן אינטערעסאַנטע ידיעה. אַ מאָדנע. ביז גאָר מאָדנע.

איך לייען זי איבער איין מאָל און נאָך אַ מאָל. איך מוז מודה זיין: איך לייען געדאַנקענלאָז, מעכאַניש.

וואָרום אָט האָב איך דאָך היינט און נעכטן און אייערנעכטן געלייענט גאַנץ אַנדערע „נייעסן". איך האָב געלייענט וועגן דער בלוטיקער מלחמה, וואָס מוסאָליני האָלט ביי פאַרפירן קעגן אַן אַלט שוואַך פאָלק, אָן אַ שום סיבה, אָן אַ שום פאַרוואָס, מיטן איינציקן צוועק צוצורויבן דאָס אַביסינישע שטיק לאַנד... פון הינטער יענע ידיעות האָב איך געזען אַ בלוטדורשטיקן פּרצוף, איך האָב געזען אַ הערשער אָן געוויסן. אומזיסט פאַרגאָסן בלוט האָט געשריגן און פאַרפייניקטע האָבן געקלאָגט...

און דאַן ווען ער שיקט מיליטער־קרעפטן צו מאַכן אַ שוידערלעכע שחיטה אויף אַ שוואַך אומשולדיק פאָלק, דאַן דערהערט ער, מוסאָליני, דעם זיפץ פון... ביימער, און ער ווערט גערירט.

הייסט ווירקלעך רחמנות: דערבאַרעמען זיך אויף ביימער און אַכזריותדיק פייניקן און אומברענגען מענטשן?

אַנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט — „נאַציאָנאַליזם"...

דער באַגריף איז צו אונדז איבערגעגאַנגען בירושה פון די פריִערדיקע דורות. די נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג איז אַלט, ווי אַלט עס איז די מענטשלעכע געזעל־שאַפט. דאָס איז דער ווילן פון אַ גרופּע מענטשן, פון אַ פאָלק צו בלייבן לעבן, צו דערהאַלטן די אייגנאַרטיקייט און נישט ווערן אויסגעמישט צווישן אַנדערע פעלקער און פאַרלירן די אייגענע צורה.

די, וואָס האָבן זיך גערופן נאַציאָנאַליסטן, האָבן זיך געראַנגלט קעגן איינפלוסן פון דער פרעמד, האָבן זיך פאַרטיידיקט קעגן דעם צוואַנג פון שטאַרקע און מעכטיקע. זיי האָבן געהאַט איידעלע צילן. זיי זענען געווען שיינע און איידעלע קעמפערס פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט. דער נאַציאָנאַליזם איז געווען דער אָנהאַלט פון אַ פאָלק, בעת עס האָט אַדורכגעמאַכט אַ טראַגישע תקופה און פאַר־לוירן די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט.

און אָט איז געקומען אַ צייט און עס איז אויפגעשטאַנען אַ דור, און מיר זעען און מיר הערן:

— די נאַציאָנאַליסטן זענען גראָד די שטאַרקע, די באַדריקערס, די, וואָס מאַכן די אָפענסיווע. די, וואָס זענען רעאַקציאָנער, שאָוויניסטיש. דאָ און דאָרט זענען די נאַציאָנאַליסטישע פאַרטייען פעסטונגען פון רשעות און טעראָר; פינצטערע באַנדעס, שוואַרצע קליקעס זענען מישטיינס געזאָגט די יורשים פון אַ מיצקעוויטש אין פוילן, פון אַ רוסאָ אין פראַנקרייך און אַזוי ווייטער און ווייטער...

אין דער אָרגאַניזאַציע פון נייעם פראַנצויזישן היטלער, דע לאַ ראָק, שטעקט אַ גרויסע געפאַר צוליב דעם, וואָס זי פאַררופט זיך אויף אַלטע גרויסע נעמען און אויף שטרעמונגען וואָס קענען וועקן סימפּאַטיע ביי די מאַסן. די פראַנצויזישע ליבעראַלע פּרעסע פאַרשטייט עס און קוקט דערפאַר מיט אומרו אויף איר וווקס. וואָס זאָגט דע לאַ ראָק? ער איז נישט קיין אַנטשיידענער קעגנער פון סאָציאַליזם, ער פאָדערט נאָר צו סאָציאַליזירן די בענק, ער פאַרלאַנגט סאָציאַלן גייסט און עפּעס אַ מין אייגענעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם. ער פאַרגעסט אויך נישט אין אַ צווייטער אידעאָלאָגיע, וואָס קען רעכענען אויף דערפאָלג. ער זאָגט: מען קען זיין סאָציאַל און נאַציאָנאַל צו גלייך. און ער נעמט אַריין אין זיין קוואַטש־טעאָריע נאָך אַ דריטן נאָמען, וואָס קען אים ברענגען שטימען: ער פאַרלאַנגט אויך דעמאָקראַטיע, אינערלעכע דעמאָקראַטיע, געגרינדעט אויף פאָלקס־צוטרוי און אויף די מאָראַלישע קרעפטן פון דער נאַציע. דער „קליינער מאַן", דער מענטש פון גאַס קען אַלזאָ ביי אים געפינען אַלצדינג. אין דע לאַ ראָקס קרעמל קען מען קריגן וואָס דאָס האַרץ גלוסט: אַ קאָפּ סאָציאַליזם, אַ טראָפּן נאַציאָנאַליזם, און אַפילו אויף האַרץ־חלשות אַ פּאַסטילקע דעמאָקראַטיע... און ווען ער גיט נאָך צו דעם צו אַ פּאָר פראַזן וועגן דער „היסטאָרישער אויפגאַבע פון פראַנקרייך צו שיצן די אייראָפּעיִשע קולטור", דאַן ווערט פאַרשטענדלעך די שרעק פון די פראַנצויזן פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציע פון דע לאַ ראָק, וואָס הייבט זיך ערשט אָן אויסצופּיקן.

און ביי וויפל נאָך באַוועגונגען באַמערקט איר די זעלבע טאַקטיק: דער אמתער כאַראַקטער און זין פעלט. בלויז אַן אַלט־היסטאָרישער פּאָפּולערער נאָמען שטייט אין דער פאַרטיי־שילד. ער פיגורירט כדי צוצוציִען קונים. און עס זעט אויס ווי אַ ליך וואָלט געטריבן קאַטאָוועס.

די, וואָס האָבן ליקווידירט דעם סאָציאַליזם, צעבראָכן און צעשמעטערט זיין פּראָגראַם און לערע, גראָד די וואָגן זיך צו רופן סאָציאַליסטן. די היטלעריסטן רעדן וועגן זיך ווי וועגן „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן" — קענט איר אַ מער בייזוויליקע איראָניע?

די, וואָס זייער גאַנצע טעטיקייט שטייט אין אַזאַ שרייענדיקער סתירה צו אַלץ, וואָס איז דעמאָקראַטיש און מענטשן־פריינדלעך, רופן זיך דעמאָקראַטן. אין האַרצן לאַכט מען זיך אויס פון דעמאָקראַטיע, מען טרעט זי ברוטאַל מיט די

פיס. אָבער נישט אַנדערש שטייט אַן פּאָר אונדזערע ענדעקעס — דווקא „נאַציאָ־נאַלע דעמאָקראַטן״ רופט זיי!

עס איז אַן איראָניע אין לעבן, אין דער געשיכטע — נישט די איינציקע. אָבער זי שטעכט, זי טוט וויי.

מען נעמט די שיינע ווערטער און מען קלעפּט זיי צו דאָרט, ווו זיי פּאַסן זיך צום ווייניקסטן.

און דאָס כאַראַקטעריסטישע איז וואָס מען דערקלערט זיך דערביי גאַנץ רויִק:

— דאָס וואָס עס איז פּאַרט אַ ביסל אַנדערש, דאָס איז אַ דערשיינונג פון דער צייט. עס איז מאָדיש אַזוי, עס איז לויטן צייטגייסט.

ווערט אַן אומזיניקער קולט געפּראַוועט פאַר באַגריפן פון וועלכע מען האָט זיך פון לאַנג אָפּגעזאָגט. בושעוועט אַן אמתע עבודה־זרה.

מען שאַצט נישט אָפּ און מען באַטראַכט זיך נישט איבער די אייגענע ווער־טער, מען אַנאַליזירט נישט די מעשׂים, מען געפינט אין אַלץ אַ הכשר: עס איז אַ נייער סטיל. און אויב עס איז נײַ, איז עס אינטערעסאַנט, געוווּנטשן, וויכטיק. דאָס נעכטיקע, דאָס אַלטע? — צו גאָרנישט. פונעם נעכטן קען מען בלויז נעמען דעם נאָמען, דאָס איבעריקע — אויפן פייער. מען קען אַריינגעבן אין די זאַכן אין גאַנצן אַ נייעם און סקאַנדאַליעזן אינהאַלט, מען קען זיי שענדן מיט צעפּרע־סענעם צביעות און ציניזם...

אַ באַקאַנטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער — אַנרי מאָנטערלאַן — שרייבט ערגעץ־ווו: „דאָס איז דער גרעסטער חסרון פון אַ תקופה: זי מיינט, אַז אַלטע אידעען קענען כּסדר איבערגעאַנדערשט ווערן... דאָס איז אַ סימן פון באַרבאַריזם און אין דער געזעלשאַפט זענען דאָ עלעמענטן, וואָס וועלן זיין כּסדר מאָדערן און דערביי שטרעבן זיי זיך צו קענען גרויסן: כּע־כּע, מיר טרינקען אויך פון אַלטן ווײַן״...

די מענטשן זענען איצט אַזוי קאַפּריזנע און אַזוי פאַרלוירן, אַז זיי פילן גאָר־נישט אין וואָס פאַר אַ זיגזאַג־וועגן זיי לאָזן זיך. אין דעם ווילדן כאַאָס ווערט פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל קריטיציזם.

און דערפאַר האָבן מיר היינט „סאָציאַליסטן״, וואָס דריקן אונטער יעדן פּרווו פון פרייהייט, און מיר האָבן „דעמאָקראַטן״, וואָס זענען שׂונאים פון פאָלק און פיינט פון מענטשן־רעכט, און מיר האָבן בעלי־רחמים, וואָס רייצן צו ווילדע מלחמות, און מיר האָבן מלוכה־אָרדענונגען, ווו עס הערשט די גרעסטע אומאָרדע־נונג און תוהו־ובוהו...

און מיר האָבן אויך אויף דער יידישער גאַס דאָס זעלבע בילד. און די זעלבע־מענטשן דרייען זיך אַרום און עס געפינען זיך באַוועגונגען, וואָס רופן זיך מיט הויך־קלינגענדיקע שיינע נעמען, און שענדן באַגריפן, וואָס זענען פון לאַנג אָנגעגאַנגען פאַר אַבסאָלוטע. און פירערס זענען דאָ, וואָס זאָגן: באשר בכן עס איז מאָדיש אַזוי, באשר בכן עס איז היינטצייטיק.

אַז דו, דו בטלן איינער, קענסט דאָס נישט פאַרטראָגן — איז דאָס דיין שולד, דו ביסט אַ לעבעדיקער אַנאַכראָניזם, דערפאַר קענסטו נישט אָטעמען אונדזער לופט, דערפאַר האָסטו נישט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, דו געפינסט נישט קיין דערשיינונג, וואָס זאָל דיך נישט אַריינטרייבן אין כעס — דאָס איז אַ סימן, אַז דו ביסט נישט געזונט, אַז דו ביסט נישט קיין מענטש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט...

מיטן תירוץ פון „מאָדישקייט״ וויל מען אַלץ כשרן, וויל מען אַלץ באַרעכטיקן ווייל עס איז מאָדיש, אין גאַנצן מאָדיש נישט צו געדענקען אין די עלעמענטאַרסטע פליכטן פון מענטשלעכער אָנשטענדיקייט. עס איז מאָדערן צו געבן אונטערשריפטן און זיך אויסצולאַכן פון זיי. עס איז מאָדערן ציניש צו חוזקן איבער פייערלעך געגעבענע צוזאָגן.

מיט איין וואָרט:

עס איז מאָדיש צו זיין אַ שקרן...

און אַוודאי און אַוודאי איז היינט צייטיק, ווען אָט די שקרנים רופן זיך נאָך „פירערס פון דער עפנטלעכער מיינונג״ און ווען זיי ווילן נאָך זיך אַרויפדראַפּען און מאַכן קאַריערע טאַקע מיטן כוח פון שקר, שווינדל און פאַרראַט.

# לאַכט!

— **א**יר מוזט — לאַכן!

צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט נישט — לאַכט!

אָן אונטערשייד צו וואָסער שטאַנד איר געהערט, צי איר וווינט אין שטאָט אָדער אין דאָרף, צי איר זענט אָרעם אָדער רייך, קוים באַווייזט איר זיך אין גאַס, מוז אויף אייער געזיכט שוועבן אַ שמייכל!

איר מוזט דאָס פּנים פאַרקרימען אין אַזאַ גרימאַסע, אַז אייער געלעכטער זאָל זיך מערקן דייטלעך פאַר אַלעמען.

וואָרעם אייער פליכט איז — לאַכן!...

דאָס איז די נייַסטע פאַראָרדענונג וואָס היטלער האָט אַרויסגעגעבן צום דייטשן פאָלק.

דערשינען איז דער דאָזיקער צירקולאַר גראָד — אָדער בעסער געזאָגט: דווקא — אין אַ מאָמענט, ווען די מענטשן אין דייטשלאַנד זענען ווייט נישט געשטימט צו לאַכן.

אַזוי ווייניק מאַטעריאַל צו פאַרלייכטערן דאָס געמיט פאַרמאָגט דאָך די איצ־טיקע דייטשעווירקלעכקייט!

מען האָט שוין נאָך דער אָלימפּיאַדע. מען האָט שוין אויך נאָכן פּיערלעכן קאָנגרעס אין נירענבערג. די גליקלעכע „ריינע״ דייטשן זענען דערהויבן געוואָרן צו ווערן די הערשערס און דעראָבערערס פון דער וועלט, אָבער דערווייל זענען זיי אַליין באַהערשט געוואָרן דורכן... הונגער.

די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס געפינען זיך, אַגב, אין אַ קליינער צאָל, גייען פאַר דער פאַרגרעסערטער אַרמיי און אויף קאָנסערוון אין מלחמה־צייט. פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג בלייבן איבער זייער ווייניק לעבנסמיטלען. עס ווערן איינגעפירט „באָנעס״ אויף אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. אויף די הויפּט־גאַסן אין בערלין און אין האַמבורג ציִען זיך לאַנגע רייען פאַר די שפּייז־קראָמען. פּוטער איז שוין פון לאַנג נישטאָ, אין שמאַלץ אַפילו און מאַרגאַרין, פילט זיך שוין זינט חדשים אַ מאַנגל, אָבער איצט פעלט אויס אַפילו — ברויט.

דערצו ווערן כמעט אין אַלע פאַבריקן, אין אַלע האַנדלס־אונטערנעמונגען, געשניטן די לוינען. די אַרבעטער־שכירות ווערט פאַרקלענערט, הגם דער יקרות פאַרשאַרפט זיך פון טאָג צו טאָג. אין אַ ריי פאַבריקן האָט ביי די אַרבעטערס געפּלאַצט דאָס געדולד. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ שטרייק. זיי האָבן געוווּסט: אין „דריטן רייך" טאָר מען נישט שטרייקן. מען באַקומט דערפאַר צען יאָר תּפיסה און אָן אַ שיעור יאָרן קאָנצענטראַציע־לאַגער. אָבער זיי האָבן געוואַגט. וועמען קען אָפּסטראַשען תּפיסה, אויב דאָס לעבן „אויף דער פריי" איז סיי ווי אַ גרויסע, גרויזאַמע טורמע?

צו שטורמישע דעמאָנסטראַציעס איז געקומען אין אַ רייע שטעט און שטעט־לעך פון דייטשן שלעזיע. דאָס זענען געווען אָריגינעלע דעמאָנסטראַציעס. ווייבער זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ. ווייבער זענען אַרויס צו מלחמה קעגן „אַלטן בחור". אין אַ יאַריד־טאָג איז עס געווען. די דייטשע פרויען האָבן זיך געלאָזט אויפן מאַרק מיט די קוישן. אפשר וועט דאָך זיי געלונגען עפּעס איינצוקויפן. זיי האָבן באַטירלעך גאָרנישט געקראָגן „אַ חוץ היטלער־זשעטאָנען". דאָס האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אויפרעגונג. די ווייבער האָבן געליאַרעמט: גענוג געפּאַשעט אונדז מיט טעאָריעס, מיר ווילן ברויט, מיר ווילן קאַרטאָפל! איר האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר די רעגירונג פון שאַנד און קנעכטשאַפט, די מאַרקסיסטישע פאַררעטערס פון דער נאַציאָנאַלער ערע, וועלן אַוועק, וועט מען אַלץ באַקומען און אַלץ וועט זיין ביליק, צום סוף זענען בלויז ק ע פּ ביליק געוואָרן!... די ווייבער וואָלטן זיכער צו נאָך שאַרפערע דיבורים זיך דעררעדט, אָבער זיי זענען איינ־געשטילט געוואָרן דורך גומעס און נאַגייקעס.

מיט גומעס און נאַגייקעס, און פאַרשטייט זיך מיט נאָך אַנדערע טעראָר־מיטלען, ווערט דערשטיקט די כוואַליע פון בונט, וואָס האָט איצט אַרומגעכאַפּט גאַנץ דייטשלאַנד.

אָבער די אומצופרידנקייט פאַרבלייבט דאָך. זי זידט און קאָכט אין האַרץ. זי קריכט זיך אַריין אין די פאַרביסענע ליפּן.

און אַזאַ טבע האָט זי, די אומצופרידנקייט. זי לייגט זיך אויפן פּנים, זי קוקט פון די אויגן.

ניין. אין לאַנד פון די אויפוואַכנדיקע גערמאַנער טאָרן די מענטשן נישט אַרומ־גיין פינצטער, טריבע, פאַרצוקטע.

לאַכן מוזן זיי, באַגייסטערט מוזן זיי זיין. האָפערדיק.

און די פירערס באַפעלן:

— לאַכט!

שוין בלויז זייער אויסערלעכער אויסדרוק דאַרף זאָגן: מיר זענען גליקלעך. אונדז פעלט גאָרנישט. מיר דאַרפן גאָרנישט.

און דייטשלאַנד שמייכלט.

אַט ציט זיך אַ רייע נאָך ברויט.

די מענטשן טוישן זיך איבער מיט בייז. זיי שטייען ערנסט און אָנגעשראָקן. אָבער דאָ לויפט אונטער אַ זשאַנדאַרם, ער קוקט יעדן גלייך אין די אויגן און ער טוט זיך אַ ריס:

— צום טייוול! ווי אַ לוויה־צוג זעט איר דאָך אויס! דאָס איז סקאַנדאַליעז! גרויל־פּראָפּאַגאַנדע טרייבט איר, אויסלענדערס זאָלן פאַרבייגיין און דערנאָך צע־טראָגן אין דער גאַנצער וועלט, אַז אין דייטשלאַנד הערשט אַ טרויעריקע שטי־מונג... איר ווילט קאָמפּראָמיטירן אונדזער רעגירונג, איר ווילט שענדן דאָס דייטש־לאַנד... איך באַפעל: לאַכן!

אין דער רייע אַנטשטייט אַ באַוועגונג.

עמעצער וואַרפט אַ וואָרט:

— שווער צו זיין אויפגעלייגט ביי אַ ליידיקן מאָגן.

דער רויטער קאַרק פון זשאַנדאַרם ציגדט זיך אָן:

— דאָנערוועטער! זאָפאָרט שמייכלען!

איבערן „אָגאָנעק" ציט זיך ווי איין אויגנבליק אויס אַ גרימאַסע פון אַ גע־לעכטער.

די מענטשן טוישן זיך איבער מיט פּראַגעס און באַמערקונגען:

— האַנס, נו שמייכלסט שוין?

— יאָ, איך לאַך שוין. אַ בראָך צו מיין געלעכטער.

— הילדאַ, זע נאָר, מען דערקענט אַז איך שמייכל?

— נאָך נישט. נאָך נישט — ענטפערט אָפּ הילדאַ — די אויגן אַ ביסל אָפּענער. די ליפּן נישט אַזוי פעסט צונויפגעדריקט. און דאָס מויל אַ ביסל אויסקרימען. אַט אַזוי, אַט אַזוי, גערטרודאַ.

— וואַרפט אַ בליק אויף היינריכן ווי אויסגעצייכנט ער לאַכט, ווי גלענצנדיק. ווי האָט ער עס אויסגעבאָרגט אַזאַ ערשטקלאַסיקן שמייכל?

דערנאָך ווערט ווידער שטיל. די רייע ציט זיך וואָס אַ מאָל לענגער און לענ־גער. אָבער — איצט שמייכלט די רייע. זי שמייכלט אין דער גרויער פּוסטקייט אַריין.

דער שמייכל איז די שענסטע און ליבסטע גרימאַסע פון מענטשלעכן פּנים. פּאָעטן האָבן דעם מענטשלעכן שמייכל פאַרגליכן צו אַ שטראַל פון דער זון, צו אַ בלויען פרילינגס־הימל, צו אַן אָנגענעמען וואַסער־רויש. אָבער דאָ, אין דער רייע, באַקומט דאָס לאַכן אַן אומהיימלעכן מוראדיקן אויסדרוק.

דאָ וואַרפט דער שמייכל אָן אַן אימה.

אַזאַ פאַרגליווערט געלעכטער קען זיך אויסציִען נאָר איבער אַ טויטן, צע־לעכערטן שאַרבן.

אַזוי לאַכן קענען נאָר פּאַיאַצן, וואָס מוזן שמייכלען, בעת דאָס האַרץ פאַרגייט זיך זיי אין געוויין.

היינריך היינע האָט זיך אַ מאָל געקלאָגט, אַז די דייטשן זענען דאָס לאַנג־וויליקסטע פאָלק אין דער וועלט. ער האָט געזאָגט, אַז די דייטשע נאַציע איז אַ נאַציע מיט ביר אָבער אָן געלעכטער. דער אָרעמער היינע! ער האָט נישט פאַר־שטאַנען, אַז בלויז מיטן כּוח פון איין זשאַנדאַרם־באַפעל קענען צענדליקער, הונ־דערטער דייטשן אָנהייבן שמייכלען.

די מענטשן אין דער רייע לאַכן, בלויז זייערע פינגער קראַמפּן זיך פון אויפרעגונג.

אַ מוסטער פון העכטן פּאַטריאָטיזם האָט אין דער דאָזיקער לאַך־פּאָזע באַ־וויזן די דייטשע פרעסע.

זינט עטלעכע וואָכן שוין ווערט דאָ מיטן עולם געקנעלט די קונסט פון לאַכן. זי ווערט געקנעלט אויף אַן אמת־דייטשישן אופן. זי ווערט געקנעלט מיט אמת־דייטשישער פּעדאַנטעריע.

וואָס־וואָס, נאָר דווקא די דאָזיקע לאַך־אָפּהאַנדלונגען אין די צייטונגען מוזן אַרויסרופן געלעכטער.

אַלזאָ: לאַכן איז היסטאָריש באַרעכטיקט. סאָציאָלאָגיש פעסטגעשטעלט, פּסי־כאָלאָגיש באַשטימט. און דער עיקר: מעדיציניש נוצלעך. לאַכן איז געזונט. אַ חולה מסוכּן קען ווערן געזונט פון לאַכן. זשורנאַליסט איקס ווייסט צו דערציילן, אַז זיין פרויס אַ שוועסטערקינד, אַן אַסטמאַ־ליידנדיקער, איז דורך לאַכן אויסגעהיילט געוואָרן. זשורנאַליסט איגרעק מיינט, אַז לאַכן דאַרף מען נישט בלויז אין דער שטיל, אַדרבא, מען קען לאַכן הויך. אַוודאי, נעמען אַ צו הויכן טאָן טויג נישט. דאָס איז נישט קולטורעל. אָבער בעסער העכער, איידער שטילער. הויכער געלעכ־טער איז דער האַלטונגס־זאַפּט פאַרן אָרגאַניזם. די אַמאָליקע גערמאַנער, די אור־עלטערן פון די היינטיקע דייטשן, האָבן זיך אויפגעהויבן מיט אַ געלעכטער און זיך געלייגט מיט אַ געלעכטער. אַפילו אין קריג זענען זיי געגאַנגען שמייכלענ־דיק. אַ דאַנק דעם געלעכטער פאַרשטאַרקט זיך דער בלוטדרוק. אין משוגעים־הויז איז דער געלעכטער אַ געוווּנטשענער גאַסט. אַפילו משוגעים שפּירן זיך בע־סער לאַכנדיקערהייט, אַפילו משוגעים!...

אין די אילוסטרירטע זשורנאַלן ווערן די זעלבע לעקציעס געגעבן אין בילד. גאַנצע זייטן גייען אַוועק אויף דער פראַגע מיט ספּעציעלע פאָטאָגראַפיעס, ווי אַזוי מען דאַרף שמייכלען, וועלכע פּאָזע איז שיין און וועלכע נישט. אָבער געדענ־קען מוז מען: שמייכלען שטענדיק און אַלע מאָל. אָט איז אַ פאָטאָגראַפיע — אַ לוויה קומט פאָר. איר דערקענט פון בילד: אַן אָרעמע פאַמיליע. דער איינציקער

שפייזער איז געשטאָרבן. אָבער די פאַמיליע איז דאָך נישט אומעטיק. זי שמייכלט. פון וואָס זי שמייכלט? — דאָס איז נישט וויכטיק. די אילוסטרירטע זשורנאַלן ברענגען נאָך ענלעכע בילדער. אַלע שמייכלען דאָ. די קרעמערס, די קויפערס, די בעל־הביתטעס, די באַאַמטע, די שמידן, די שוסטערס, די סאָלדאַטן. טאַקע דער שענסטער שמייכל באַצירט די סאָלדאַטן־געזיכטער. זיי זענען גליקלעך, וואָס זיי וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין האַרמאַטן־פלייש פאַרן פאָטערלאַנד. זיי זענען צופרידן, וואָס זיי וועלן וואַרפן באָמבעס אויף די שונאים פון דייטשלאַנד. הקיצור: שמייכלען, שמייכלען איבער אַלעס!

לאַכט! — אַזוי פיל סאַדיזם און טייוולאָנישס ליגט אינעם דאָזיקן דיקטאַטאָרישן צירקולאַר.

אייער פרייהייט באַרויבט, אייער מאָרגן אומזיכער, אָן ברויט, אָן אַרבעט, אָבער — איר זענט געצוווּנגען ווי גולמס, צו טראָגן אַ לאַכנדיקע מאַסקע!

אין אַ דערציילונג ביים אַלטן ענגלישן שריפטשטעלער וואַלטער סקאָט איז אַזאַ סצענע פון שוידער געשילדערט: אין מיטל־עלטער פאַסירט די זאַך. ים־רויבערס, פיראַטן, פאַלן אָן אויף אַ שיף. די פאַסאַזשירן זענען געפאַנגען. שוין לאָזן זיך אַראָפּ די העק אויף די קרבנות, אָבער פריִער מוזן די קרבנות — שמייכלען, ליגן ביי די פיס פון די רויבערס און באַווייזן אַ שמייכל פון בריִענדיקער שאַנד און ווייטיק.

אין אַ שרעקלעכער גרימאַסע, קרימען 65 מיליאָן פּנימער זיך איצט אויס אין דייטשלאַנד.

אפשר קיין שום פאַראָרדענונג, קיין שום צירקולאַר, קיין שום באַפעל פון היטלער־דייטשלאַנד, האָט ניט אין זיך געטראָגן אַזוי פיל ט ר ו י ע ר, ווי דווקא די דאָזיקע פאַראָרדענונג — צו ל אַ כ ן.

# די ערשטע יידישע צייטונג

אין אלול איז געוואָרן 250 יאָר זינט עס האָט זיך באַוויזן די ערשטע צייטונג אין דער יידישער שפּראַך.

אין האָלאַנד, אין אַמסטערדאַם, איז געשטאַנען דאָס וויגל פון דער יידישער פּרעסע.

מיט 250 יאָר צוריק איז די אַלטע האָלענדישע רעזידענץ אַמסטערדאַם געווען אַ גרויסער יידישער צענטער. אַן עיר ואֵם בישׂראל. האָלאַנד האָט אין יענער צייט געהערט צו די ווייניקע און זעלטענע מלוכות, ווו עס האָט געהערשט טאָלעראַנץ און רעליגיעזע פרייהייט, און ווו יידן זענען נישט געראָדפט געוואָרן. אין האָלאַנד האָבן געזוכט רעטונג די יידן פון גאָר דער וועלט. עס זענען קיין אַמסטערדאַם אַנטלאָפן אַ סך יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, ווען איבער זייערע קעפּ האָט געפּאָכעט די אומברחמנותדיקע שווערד פון דער אינקוויזיציע; עס האָבן קיין אַמסטערדאַם געשטראָמט מחנות יידן פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן אין די דייטשע פּראָווינצן געלעבט אין ביטערע און קלאָגעדיקע באַדינגונגען; עס זענען אויך קיין אַמסטערדאַם געקומען טויזנטער יידן פון פּוילן און אוקראַיִנע. דאָס איז געווען אין די גרויל־יאָרן פון ת״ח און ת״ט. די ווילדע קאָזאַקן־באַנדעס אונטער כמיעלניצקיס אָנפירונג האָבן זייער וועג געצייכנט מיט יידיש בלוט. זייער פיל יידן פון וואָלין, פון פּאָדאָליע האָבן געבלאָנקעט איבער פרעמדע מדינות. זיי זענען פון זייערע היימען אַנטלאָפן אין טויטשרעק, אין שוידערלעכן, אומבאַשרייבלעכן פּחד. זיי זענען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אין אַלע עקן פון דער וועלט. אַ סך האָבן געשטראָמט קיין האָלאַנד. דאָ האָבן זיי אַ נייע היים אויפגעבויט, אַ נייע פאַרב צוגעגעבן דעם פאַרשידנפאַרביקן יידישן ישוב, און מיט זייערע פעיִקייטן און ענערגיע צוגעהאָלפן אַנטוויקלען די ווירטשאַפט פון האָלענדישן מלכות חסד.

אָבער אַן אינטערעס איז פאַרבליבן ביי די אַלע עמיגראַנטן פאַר זייער אַלטן היימלאַנד. דער עיקר האָט אַזאַ אינטערעס געלעבט צווישן די פּוילישע יידן. זיי זענען געווען פול מיט זאָרג פאַרן גורל פון די ברידער און שוועסטער, וואָס זענען אין יענע חושכדיקע שטעט און שטעטלעך פאַרבליבן. זיי האָבן אויך געוואָלט וויסן, וואָס הערט זיך אין פּוילן בכלל, וואָס איז מיט די קאָזאַקן, וואָס איז מיט

די טערקן, צי נעמט שוין אָן עק צו די מלחמות, אין וועלכע דער פּוילישער קעניג האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, געגני אַזוי ווי היינט די פּוילישע יידן אין אַמע־ריקע, אין ארץ־ישׂראל, האָבן אויך דעמאָלט די פּוילישע יידן אין האָלאַנד זיך געפּילט מיט טויזנטער פּעדים געקניפּט און געבונדן מיט זייער אַלטער היים. זיי האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן אויף יעדער ידיעה, וואָס איז דורך פאַרשי־דענע וועגן אָנגעקומען פון וויטן און דערביי אַזוי־נאָענטן „דאָרט"...

און דאָן איז געפאַלן דער געדאַנק: אַרויסגעבן אַ ציטונג.

גראָד דעמאָלט, אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, באַווייזן זיך די ערשטע שוואַלבן פון דער „זיבעטער מלוכה". די מענטשן אין אייראָפּע האָבן שוין פון לאַנג גע־שפּירט אַ דורשט נאָך „נייַעס". די אַלטע גאַלן־פראַנצויזן פלעגן פאַרהאַלטן פרעמ־דע רייזנדיקע, וואָס זענען פאַרבייגעפאָרן זייער לאַנד, און ביי זיי פרעגן, וואָס עס הערט זיך עפּעס אין דער וועלט. אין מיטל־עלטער האָבן פונאַנדערגעטראָגן ידיעות די וואַנדערנדיקע זינגערס, די אַזוי גערופענע טרובאַדורן, אָדער די וואַנ־דערנדיקע קונצנמאַכערס, וואָס פלעגן אין די יאַריד־טעג זיך אָוועקשטעלן אין מיטן מאַרק און דערציילן פאַר דער נייגעריקער מאַסע, וואָס זיי האָבן געזען און געהערט דאָ און דאָרט. פון קיין ציטונג האָט מען נישט געוווסט.

ערשט אין יאָר 1615 קומט פאַר דער איבערברוך. אין ווין הייבט אָן דער־שיינען אַ וואָכנבלאַט. דאָס מאַכט אַ געוואַלדיקן רושם. דאָס צעפּלאַקערט די מענטש־לעכע פאַנטאַזיעס. דאָס געהערט צו די סענסאַציעס פון זיבעצנטן יאָרהונדערט. באַלד באַווייזן זיך ענלעכע וואָכנבלעטער אין ענגלאַנד, אין האָלאַנד, אין פראַנק־רייך. זיי האָבן דערפאָלג. זיי ווערן צעכאַפּט. אַ כראָניקער דערציילט: אין פאַריז האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס פלעגן צאָלן זייער אַ הויכן פּרייז פאַר דער ציטונג, כּדי זיי זאָלן די ערשטע באַקומען די ציטונג און דערנאָך זיך קענען באַרימען אין שטאָט, אַז — „זיי וויסן די נייַעס פריִער פאַר אַלעמען"... אַמאָליקע, פאַרצייטיקע אַמביציעס!

פאַר וואָס זשע זאָל זיך נישט געפינען אין אַמסטערדאַם אַ ייד, וואָס זאָל פּרוּוון אַרויסגעבן אַזאַ מין בלאַט־ציטונג אויך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג?

יידישע דרוקערייען פעלן נישט אין אַמסטערדאַם. עס זענען באַקאַנט די דרוקערייען פון אורי פייבוש הלוי און פון יוסף עטיאַש. זיי געהערן צו די בעסטע אין האָלאַנד. אין די דאָזיקע דרוקערייען דערשיינען אויך צוויי יידישע תנ"ך־איבערזעצונגען. איין איבערזעצונג ווערט געמאַכט דורך יקותיאל בליץ, און די צווייטע דורך יוסף וויצענהויזען. — טאַקע ביי אורי פייבוש הלוי אין דער דרו־קעריי הייבט זיך אָן דרוקן די נייע ציטונג.

יאָ, אַ ביסעלע שווער האָט געמוזט זיין מיט דער פראַגע, אין וועלכער שפּראַך זאָל די אויסגאַבע דערשיינען. שפּאַניאָליש, האָלענדיש, אָדער יידיש? — דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף יידיש. אַ שטיק צוליב דעם וואָס פאַר די יידן פון

שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט דאָן אָנגעהויבן דערשײַנען די שפּאַניאָלישע צײַטונג „גאַזעטאַ דע אַמסטערדאַם". די עמיגראַנטן פון אַנדערע לענדער האָבן גערעדט יידיש. יידיש איז געווען די שפּראַך פון די דײַטשע, פּוילישע, ליטווישע פּליטים. יידיש דאַרף בכן זײַן די שפּראַך פון דער נײַער צײַטונג.

„קוראַנטען" — אַזאַ נאָמען האָט געטראָגן די ערשטע יידישע צײַטונג.

„קוראַנטען" — איז דער טײַטש : ידיעה־ברענגער. דאָס, וואָס מען רופט הײַנט „קוריער". אין יענער צײַט איז „קוראַנטען" אַ פּאָפּולערער טיטל פאַר פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

די ערשטע יידישע צײַטונג איז דערשינען צוויי מאָל אין וואָך. דינסטיק און פרײַטיק. דער דינסטיק־נומער האָט געהייסן „דינשטאַגשי (דינסטיקדיקע) קוראַנטען" און דער פרײַטיקדיקער „פרײַטאָגשי קוראַנטען" דעם גרעסטן דערפאָלג האָט אָבער געהאַט די פרײַטיק־אויסגאַבע, און דאָס צווינגט די אַרויסגעבערס מיטצו־טיילן אין אַ טבת־נומער, אַז — „פון היום אָן ווערט נײַערט אַלע וואָך אַ „קוראַנטען" געדרוקט ווערן, דהיינו, אַלע פרײַטיק בעזרת השם". (די אָרטאָגראַפּיע ווערט דורך אונדז אין אַלע ציטאַטן מאָדערניזירט).

ווער איז געווען רעדאַקטאָר פון די „קוראַנטען" ? — דאָס איז נישט באַקאַנט. עס זענען דאָ השערות, אַז די „קוראַנטען" זענען רעדאַגירט געוואָרן דורכן גר משה בר' אַברהם אָבינו, וואָס האָט געשטאַמט פון ניקאָלסבורג. דער דאָזיקער גר איז געווען איינער פון די טיכטיקסטע מיטאַרבעטערס אין די יידישע דרוקערייען אין אַמסטערדאַם. צי ער האָט ווירקלעך פאַרנומען דעם אַמט פון רעדאַקטאָר אָדער בלויז פון קאָרעקטאָר — אָבער זײַן נאָמען איז בלי־ספק ענג געבונדן מיט דער ערשטער יידישער צײַטונג.

ווי געזאָגט, דער ערשטער נומער האָט זיך באַוויזן אין אלול תרמ"ו (1686). מיר קענען נישט פעסטשטעלן ווי לאַנג די צײַטונג האָט עקזיסטירט און וויפל נומערן עס זענען בסך־הכל אַרויס. אין דער ביבליאָטעק פון דער יידישער־פּאָרטו־געזישער קהילה אין אַמסטערדאַם געפינען זיך הונדערט נומערן, אָבער גאַנץ מעג־לעך, אַז די „קוראַנטען" זענען נאָך לענגער דערשינען, נאָר די צײַטונגען זענען אין משך פון דער צײַט פאַרלוירן געגאַנגען.

אַ מאָדנעם אײַנדרוק מוז אויף אייך הײַנט מאַכן „די באָבע פון דער יידישער פּרעסע". ווי ווײַט די „אייניקלעך" זענען פון איר אַוועק ! קודם־כל : די ערשטע יידישע צײַטונג איז געדרוקט אין רש"י־שריפט אָדער „ווײַבער־טײַטש", ווי מען רופט עס דעמאָלט. דער יידיש איז אַן אַלטער, אַ דײַטשמערישער. אַזאַ, מיט וועלכן מען האָט געשריבן פאַר 250 יאָר. דער פאָרמאַט פון דער צײַטונג איז אַ קליינער. אַ נומער באַשטייט פון פיר קליינע זײַטן.

די „קוראַנטען" האָבן געברענגט אַלגעמיינע און לאָקאַלע אינפאָרמאַציעס. אויפן ערשטן אָרט — פּאָליטישע. די גאַנצע וועלט איז דעמאָלט אויפגערודערט פון דער מלחמה, וואָס ווערט געפירט צווישן אַ רייע אייראָפּעיִשע קריסטלעכע מלוכות און צווישן טערקיי. דער דאָזיקער קריג האָט אויך אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר די יידישע עמיגראַנטן אין האָלאַנד, ווייל ער שפּילט זיך דאַן אָפּ אויף דער פּויליש־אוקראַיִנישער טעריטאָריע, און אויך, ווייל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די טערקישע נצחונות ווערט געוואָרפן אויף יידן. אַן אַלטע און אייביק־נייע גע־שיכטע: יידן טרייבן שפּיאָנאַזש. יידן פאַרראַטן. יידן באַגיסן די זעלנערס מיט קאָכעדיק וואַסער. ווי ווייניק דער נוסח פון די בלבולים ענדערט זיך!

נאַטירלעך: פון אַזאַ מלחמה מוזן די „קוראַנטען" פאַרעפנטלעכן באַריכטן. אָט לייענען מיר:

„פּוילן. לעמבערג. דעם 21־טען יולי. — דרייסיק מייל אום דער שטאָט קאַמע־ניעץ (וואָס איז דאַן פאַרנומען געוואָרן פון די טערקן), די פּאָליאַקן אַלדאָס ערדען־געוועקט און אַלע פרוכטן גאַנץ און גאָר פאַרוויסט, און מיט פייער פאַרברענט. די פּוילישע פעלקער (פּולקן) זיין (זענען) צוואַנציק טויזנט מאַן שטאַרק; און די ליטווישע פעלקער זיין (זענען) פופצן טויזנט מאַן שטאַרק; אויך זיין אין דען פּוילישן לאַגער אַנקומען (אָנגעקומען) צען טויזנט קאָזאַקן. אויך האָט דער קעניג לאָזען אויפביטן (אַרויסרופן) נאָך עטלעכע טויזנט מאַן. און אין די גאַנצע פּוילישע אַרמיי פופציק טויזנט מאַן שטאַרק, איטעל (דורכויס) באַהאַרצט און פריש פאָלק".

דאַן קומט די באַשרייבונג פון דער באַוואָפענונג:

„אויך האָבן זיי פופציק גרויסע און קליינע געשטיק ביי זיך, אויך צוועלף פייער־מערשעל (האַרמאַטן), וועלכע מען האָט געבראַכט פון קראָקוי און פון זאַ־מאָשטש און אויס דער לעמבערג. די פּוילישע פעלקער (פּולקן), די מאַרשירן אַלע מיטאַנאַנדער נאָך דען באָך (טייך) דניעסטער".

אָבער די „קוראַנטען" לאָזן זיך נישט פאַרשלינגען פון בלויז ידיעות פון פראָנט, פון דער פּאָליטיק. דאָס איז אַ צייטונג פאַר יידן. אַ גרויסע אויפמערק־זאַמקייט דאַרף געווידמעט ווערן די נייעס פון דער יידישער וועלט.

און די דאָזיקע נייעס זענען על־פּי־רוב טרויעריקע.

עס זענען באַריכטן פון גרויסע ליידן, טיפע וויינען און שוידערלעכע, אַכזריות־דיקע גזירות.

אין אַ ידיעה פון פּאָרטוגאַל דערהערט איר אַן אָפּקלאַנג פונעם פּיין, וואָס די אַנוסים שטייען דאַן אויס.

„ליסאַבאָן. דען זעקס און צוואַנציקסטן יולי. — אַלהיר (דאָ) האָט מען דריי רייכע פּאָרטוגעזן אין פאַרדאַכט געהאַלטן, דאָס זי אין געהיים יידן (דעם יידישן גלויבן) האַלטן, און מען האָט זיי דאָס לעבן געשענקט, ווען זיי העטען דעם גלויבן חס־ושלום פאַרלייקנט. אָבער זיי האָבן געזאָגט: מיר זיין (זענען) פון יהודים

געבוירן, מיר וועלן אויך אַז (ווי) יהודים שטאַרבן. און זיי זיין (זענען) אַלע דריי פאַרברענט וואָרדען״.

געוויינלעך ווערן די ידיעות אין די „קוראַנטען״ געברענגט אָן וועלכע עס איז פּירושים און דערקלערונגען. אָבער דאָ, נאָכן דאָזיקן קורצן באַריכט פון ליסאַבאָן, גיט דער רעדאַקטאָר צו אַ באַמערקונג פון זיין זייט. אַ באַמערקונג, אין וועלכער עס ברויזט אַזוי פיל יידישע פאַרביטערונג, אַזוי פיל יידישער צער און אין וועל־כער עס שלאָגט אַ טאָן פון שטאַרקער יידישער האָפענונג.

„אָבער גאָט איז איין גערעכטער ריכטער. דער וועט דאָס אומשולדיקע בלוט־פאַרגיסן צו זיינער צייט וויל ווייסן צו געפינען, אָמן סלה!״

אַ מאָל שניידט אויך אַדורך די פינצטערניש אַ שטראַל פון ליכט. אָט איז אַן אינפאָרמאַציע פון רוים. דאָרט, אין רוים, זיצט דער קאָפּ פון דער קאַטוילישער קירכע, דער פויפּסט, און ער נעמט יאָ די יידן אין שוץ קעגן די פּאָגראָמען:

„איטאַליע. דען 1־טען סעפּטעמבער. — דער פּאַפּסט האָט נאָך צוויי הונדערט סאָלדאַטן לאָזן קומען, דאָס זי (אַז זיי) זאָלן די יהודים שיצן פון דעם איבערלויף (פּאָגראָמען) פון דען געמיינעם פאָלק״.

מעלדונגען גייען דאָ פון אַלע ערטער, ווו עס אָטעמט אַ יידיש לעבן. עס פעלט אַפילו נישט קיין ידיעה פון וויטן אינדיע. אַ רייזנדער איז געקומען, און ער דער־ציילט, אַז אַ סך ווייסע און שוואַרצע יידן האָבן זיך אין אינדיע באַזעצט, „נאָך דעם, ווי ירושלים איז פאַרשטערט געוואָרן״.

זיכער. די ידיעות קומען אָן אין דער רעדאַקציע פון די „קוראַנטען״ מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. על־פּי־רוב גייען אַריבער דריי וואָכן נאָך דער פּאַסירונג, ביז דער לייענער דערוויסט זיך פון איר אין די „קוראַנטען״. אַלטע צייטן. נישטאָ קיין טעלעגראַפן־אַגענטורן. נישטאָ קיין טעלע־פאָן. קיין ראַדיאָ. אַפילו די פּאָסט מישטיינסגעזאָגט איז פּרימיטיוו. זי אײַלט זיך נישט. זי האָט צייט... מען מוז ווייסן, אַז דריי וואָכן הייסט פאַר יענער תקופה אַ קורצער צייט־אָפּשניט, און אין דעם זין קען מען דער ערשטער יידישער צייטונג קיין שום פאָרוווּרף נישט מאַכן.

די „קוראַנטען״ אינפאָרמירן פאַרהעלטנישמעסיק נישט שפּעטער פון אַלע אַנדערע צייטונגען אין יענע יאָרן.

בכלל דויערט זייער לאַנג, ביז עס אַנטוויקלט זיך די שנעלע אינפאָרמאַציע־דינסט. די לייענער פון דער צייטונג „ווינער דיאַריום״ דערוויסן זיך, אַז דער פראַנצויזישער קעניג לודוויג דער 16טער איז געקעפּט געוואָרן — אַ זאַך, וואָס איז געשען שוין אין דער ענדע פון אַכצנטן יאָרהונדערט — ערשט נאָך פיר וואָכן; וועגן נאַפּאָלעאָנס מפּלה ביי לייפּציג (אין יאָר 1812), ווערט די באַפעל־קערונג אין פּעטערבורג געוווּיר ערשט פינף וואָכן שפּעטער; די רעזאָלוציעס, וואָס ווערן אָנגענומען אויפן באַרימטן ווינער קאָנגרעס (אין 1815), דערגייען צו

די פּאַראינטערעסירטע פּעלקער ערשט אין אַ סך וואָכן אַרום און אַפילו חדשים.

בקיצור: מיר האָבן זיך מיט דער טעכנישער זייט פון אונדזערע „קוראַנטן" גאָרנישט צו שעמען.

איינס פעלט לגמרי אין דער ערשטער יידישער צייטונג: דער טייל פון אַרטיקלען. די פּובליציסטיק.

זי באַנוגנט זיך בלויז מיט — ידיעות.

אַזאַ כאַראַקטער טראָגן אויך אַלע אַנדערע אויסגאַבעס מיט 250 יאָר צוריק.

די פּובליציסטיק, דער קאָמענטאַר צו די טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען, דאָס אַרטיקל, וואָס העלפט דעם לייענער זיך צו אָריענטירן אינעם קנויל פון פּראָגעס און פּראָבלעמען — ווערט ערשט שפּעטער אַ באַשטאַנדטייל פון דער פּרעסע.

אָבער מען מוז אונטערשטרייכן: אין דער ערשטער יידישער צייטונג פילט זיך שוין דער טעמפּאָ פון אַ צייטונג. עס איז דאָ אַ חוש פאַר אַקטואַליע, און וווּ־נישט־ווו אַפילו — פאַרן סענסאַציאָנעלן.

אָט ווערט דערציילט אין אַ נאָטיץ פון לעמבערג:

„מען זאָגט, דאָס אין פּוילן, אין דער לעמבערג, זאָל זיין אַ קינד געבוירן געוואָרן מיט צוויי קעפּ, און דאָס זעלביקע קינד האָט פיר שטונדן לאַנג געלעבט. אויך האָט דאָס זעלביקע קינד פאַר זיין טויט עטלעכע ווערטער אין איינער פרעמדער שפּראַך גערעדט, אָבער קיין מענטש האָט די זעלביקע שפּראַך פאַרשטאַנען. פיל לייט זענען געקומען פאַר ווונדער דאָס זעלביקע קינד צו זען".

עס געפינען זיך דאָ ידיעות וועגן אַ גרויס געוויטער אין גענוא, וועגן אַ שרעקלעכער שׂריפה אין באַזעל, פון וועלכער דער בעל־הבית איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק זיין געטרייען הונט, וועלכער האָט אים אַרויסגעכאַפּט פאַר אַ פוס און אַרויסגעטראָגן אַ שלאָפנדיקן פון פייער. אַן אָרט גיט אויך דאָס בלאַט אָפּ פאַר באַשרייבונגען פון קאַמפן צווישן ים־רויבערס און שיף־פּאַסאַזשירן.

די „קוראַנטען" איז אַ צייטונג פאַר יידן, אָבער אַלץ וואָס איז מענטשלעך בלייבט איר נישט פרעמד. זי נאָטירט. זי פאַרצייכנט. זי וועקט נייגעריקייט.

ווו־נישט־ווו וואַרפט זיך אויך אַדורך אַן אַנאָנס. „להוי ידוע, זאָל זיין באַקאַנט, אַ נייַ ספר איז דערשינען". אַ מאָל באַמערקט איר אויך אַ מודעה וועגן אַ ליציטאַציע.

אַ צייטונג פון לויטער אינפאָרמאַציעס. פון לויטער פאַקטן, אָן באַלייכטונגען. אָבער שוין בלויז די פאַקטן שאַפן און גיבן איבער דעם טאָן, דאָס בילד פון יענער ווייטער עפּאָכע.

די „קוראַנטען" איז די ערשטע צייטונג אין דער יידישער שפּראַך.

די 250 יאָר, וואָס טיילן אונדז אָפּ פון די „קוראַנטען״, זענען אַן אויפשטייג־תקופה פאַר דער וועלטפּרעסע, און אויך פאַר דער יידישער פּרעסע.

מען קען באַטראַכטן קריטיש די פּאָזיטיווע ווערטן פון דער פּרעסע, אָבער מען קען דאָך נישט פאַרלייקענען, אַז די צייטונג געהערט צו די וויכטיקסטע און אַנטשיידנדיקסטע פאַקטאָרן אין דער איצטיקער צייט.

מיט באַזונדערער פּיעטעט דאַרף דעריבער דער יידישער לייענער און דער יידישער צייטונגס־מענטש דערמאָנען די אַלטע, אַמסטערדאַמער „דינשטאָגשי״ און „פרייטאָגשי קוראַנטען״.

## די פּעסטונג, דער אָקס — און ווו איז דער מענטש?...

צוויי מאָל האָט זיך די פּאַריקע וואָך אַרויסגעריסן אַ ווייגעשריי פון דער פּוילישער פּרעסע.

איבער צוויי זאַכן האָט די פּוילישע פּרעסע טיף געטרויערט.

צוליב צוויי פּאַסירונגען, צוויי פּאַקטן האָט זי געלאָזט ביטערע טרערן.

זי האָט קודם־כּל באַווײנט די שפּאַנישע פּעסטונג אַלקאַזאַר, וואָס איז נאָך לאַנגע פאַרביסענע קאַמפן אויפגעריסן געוואָרן די טעג דורכן שפּאַנישן רעגירונגס־מיליטער.

מען דאַרף וויסן, אַז זינט דעם אָנהויב פון די קאַמפן אין שפּאַניע, זענען אין די פּוילישע צייטונגען אַלע מיט לײַב און לעבן אויף דער זייט פון די אויפשטאַנ־דיקע גענעראַלן. מיטן אויסנאַם פון סאָציאַליסטישן „ראָבאָטניק" און אפשר אויך אַ צוויי בירגערלעכע צייטונגען, וואָס באַמיִען זיך צו באַלייכטן אָביעקטיוו די גע־שעענישן, האָבן אַלע אָנגענומען אַן אָפן־העצערישן טאָן קעגן דער שפּאַנישער דעמאָקראַטיע און קעגן איר רעפּובליקאַנישער רעגירונג. אָבער אין דער פאַרגאַנ־גענער וואָך איז די אַטאַקע קעגן דער רעגירונג פון שפּאַניע געפירט געוואָרן נישט אין נאָמען פון אידעיִשע אַנטיפּאַטיעס, נאָר אין נאָמען — פון אַלקאַזאַר, וואָס איז געפאַלן, אין נאָמען פון פּיעטעט פאַר אַלטערטימלעכע מאָנומענטן. אין נאָמען פון גרויסער הייסער ליבשאַפט צו קונסט און צו קונסט־בנינים...

אַרטיקלען־עלעגיעס, אַרטיקלען־נעקראָלאָגן זענען טאָג נאָך טאָג פאַרעפנט־לעכט געוואָרן.

אַך, דער אַלקאַזאַר, דער אַלקאַזאַר!...

ניין, פּוילישע זשורנאַליסטן, די פּוילישע עפנטלעכע מיינונג, דאָס פּוילישע פאָלק, קען נישט גלייכגילטיק פאַרבייגיין איבערן חורבן פון שפּאַניעס באַרימטן שלאָס.

אין האַרץ פון יעדן עכטן פּאָלאַק מוז זיך עפּעס אַ ריס טאָן אויף דעם גע־דאַנק, אַז פון אַלקאַזאַר איז איצט פאַרבליבן בלויז אַ באַרג רויִנען.

עס שרייבט דער „אַ.בע.סע." — ווייל די דאָזיקע אַלטערטימלעכע פּעסטונג

איז דאָס אייגנטום פון יעדן אייראָפּעער. דער אַלקאַזאַר האָט אַ ווערט פאַר דער ציוויליזירטער וועלט. פונקט ווי די פּיראַמידן אין עגיפּטן, אַזוי ווי דער פאָרום ראָמאַנום אין רוים. ער איז אויפגעבויט געוואָרן דורך די אייראָפּעיִשע קאַליפן, וואָס האָבן אַ מאָל רעגירט איבער שפּאַניע. דערנאָך אָבער איז ער אַריבער אין דער האַנט פון די שפּאַנישע קריסטלעכע קעניגן, ער איז געבונדן מיט דער געשיכטע פון קאַטוילישן, ריטערלעכן שפּאַניע, מיטן שפּאַניע פון דער הייליקער אינקוויזיציע...

עס מוז זיך אַ ריס טאָן — גיט צו דער „דזיענגיק נאַראָדאָווי״, דער אָרגאַן פון לויטער מיטגעפּיל און ליבשאַפט — ווייל מען זעט, אַז נישט דורך עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער קאַטאַסטראָפע איז אַוועק מיט דעם רויך דער הערלעכער שלאָס, נישט דורך אַן אָנגריף פון ווילדע, פּרימיטיווע באַנדעס — אַ קאַלטער באַשלוס פון דער רעגירונג אין מאַדריד האָט וועגן דעם חורבן דעצידירט. די באַלאַגערונג פון אַלקאַזאַר מוז אַרויסרופן ווייטיק און טיפע דערשיטערונג ביי יעדן עמפּינדלעכן מענטש...

עס מוז אַרויסרופן אַ ווייטיק — מישט אויף אַ בלאַט געשיכטע דער „טשאַס״ (אויך אַ צייטונג פון עמפּינדלעכע מענטשן!) — ווייל אַפילו אין מיטל־עלטער, אין יענעם מיטל־עלטער, וואָס ווערט דורך די סאָציאַליסטן און אַלערליי ראַדיקאַלן באַצייכנט אַלס „תקופה פון באַרבאַריזם״, האָט דער קעניג פון קאַסטיליע, אַלפאָנס דער 6טער, געשאַנעוועט די פעסטונג. דער קעניג אַלפאָנס האָט געשטורעמט די מויערן פון דער שטאָט טאָלעדאָ, אָבער צו דער אַלקאַזאַר־פעסטונג האָט זיך זיין האַנט נישט צוגערירט. אָ, אַנדערש האָט מען זיך געפירט אין מיטל־עלטער!...

מיר קענען נישט פאַרגעסן און אין נאָמען פון אמת וועלן מיר נישט פאַרגעסן — רופט אויס פּאַטעטיש די טריבונע פון סאַמע אמת, דער „אי.קאַ.צע.״ — אַז דער הערלעכער שפּאַנישער שלאָס איז אויסגעזעצט געוואָרן אין דער לופטן דורך דער פּאַלקספראָנט־רעגירונג. מיר מוזן די זאַך אָנרופן ביים נאָמען: דאָס איז פאַרדאָרבנקייט. דאָס וועקט שוידער ביי יעדן ציוויליזירטן מענטש. דאָס איז אַ שאַנדע פאַרן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַ פּרעכטיקער אַנטיק — איינער פון די פּרעכטיקסטע אין דער וועלט — איז געוואָרן אומברחמנותדיק צעשטויסן, צעשטורעמט, פאַרניכטעט!...

נישט דווקא אין די פּאָר אויסגערעכנטע בלעטער זענען אַזוי האַרציק באַוויינט געוואָרן די צעטרייסלטע מויערן פון דער שפּאַנישער פעסטונג — דער ווייגעשריי האָט זיך געטראָגן מיט נישט קיין קלענערער קראַפט און נישט קיין קלענערן שטורעם אויך פון אַלע אַנדערע פּוילישע אויסגאַבעס: דער אַלקאַזאַר איז געפאַלן. וויי, וויי!

אָבער נישט בלויז צוליב דער שפּאַנישער פעסטונג איז די פּוילישע פּרעסע אַריינגעפאַלן די פּאַריקע וואָך אין אַ יאָמערלעכער שטימונג.

זי האָט אויך אַ שפּאָר ביסל טרערן פאַרגאָסן אויפן גורל פון די אָקסן, נעבעך.

אמת: אָט באַלד בקרוב קומט די ישועה. אָט שוין אין דריי חדשים אַרום הייבט זיך אָן די עפּאָכע פון באַרעמהאַרציקן טויט פאַר די אָקסן. די עפּאָכע פון דער באַטויבונג. דאָס שחיטה־געזעץ איז שוין פאַרעפנטלעכט, באַשטעטיקט. אָבער — שטעלט אייך פאָר, דריי חדשים וועט זיך נאָך דער אָקס מוזן געפינען אונטער דער ממשלה פון שוחט, דריי חדשים וועט נאָך דער אָקס מוזן צאַפּלען אונטערן לאַנגן, בלאַנקענדיקן יידישן חלף, דריי חדשים וועט ער נאָך געמאַטערט ווערן דורך „בלוטדורשטיקע" יידישע הענט — צי איז דאָס נישט מסוגל אויפצוטרייסלען דאָס געוויסן פון די אַלע סובטעלע און צאַרטע מענטשן, וואָס זיצן אין די רעדאַקציע־קאַבינעטן? — אמת: דאָס זענען די לעצטע דריי חדשים. אָבער טאַקע דערפאַר — די וויטיקלעכסטע, די רירנדיקסטע!

ווי אין סלאָוואַצקיס נאַציאָנאַלער טראַגעדיע „לילאַ ווענעדאַ", האָבן די דאָזיקע הערן זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם האַרפע־אינסטרומענט און אויף זיינע סטרונעס אָפּגעשפּילט אַ הימן פון טרויער, פון עכטן „באַראַדאָוון" טרויער.

מיר האָבן אונדזערע הומאַניטאַרע פליכטן דערפילט — שרייבט דאָס נייע פּוילישע 5־גראָשנדיקע העץ־בלעטל — מיר האָבן געקעמפט פאַר אַ פולשטענדיקן שחיטה־פאַרבאָט. דאָס איז אונדז נישט געלונגען. אָבער גוט איז כאָטש, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרן, אַז דאָס פלייש, וואָס די פּוילישע באַפעלקערונג באַנוצט, וועט נישט מער קומען פון דער יידיש־ריטועלער שחיטה, ווי דאָס איז ליידער געווען ביז איצט, נאָר פון דער מאָדערן־הומאַניטאַרער באַטויבונג. צי טאַקע שוין פון איצט? — דריי חדשים נאָך מוז עס דויערן!... מיר ווינטשן זיך: זאָלן וואָס גיכער די דריי מאָנאַטן אַריבער! זאָל שוין קומען דער טאָג, ווען מיר, פּאָלאַקן, וועלן וויסן: די בהמות ווערן מער נישט געפּייניקט!...

די גוטע, די אָרעמע אָקסן! וויי, וויי!

לאָמיר האָבן דעם מוט צו זאָגן דעם אמת:

מיר — יידישע באַרבאַרן וואָס מיר זענען! — באַדויערן זייער ווייניק סיי די שפּאַנישע פעסטונג, סיי דעם פּוילישן אָקס.

מיר וויינען נישט אויפן צעשמעטערטן אַלקאַזאַר, נישט דערפאַר, ווייל עס פעלט אונדז פּיעטעט פאַר מאָנומענטן און שטומע בנינים, וואָס ווערן דורך באָמבעס רויִנירט.

נאָך אין די וויטע, פאַרנעפּלטע צייטן, ווען אין די פּוילישע וועלדער האָט זיך נאָך קיין פּיאַסט און קיין פּאָפּיעל נישט אַרומגעדרייט, האָבן מיר געדענקט,

אַז פירנדיק אַ מלחמה, טאָרן מיר נישט אונטערהאַקן דיביימער פון דעם שונאס טעריטאָריע, וואָרום — איז ביי אונדז געזאָגט געוואָרן — צי איז דען דער בוים, וואָס וואַקסט אין פעלד, דיין שונא, וואָס דו מוזסט אים באַלאַגערן?

מיר האָבן קיין טרער נישט געלאָזט אויפן אַלקאַזאַר, ווייל אונדז דערשיטערט מער די טראַגעדיע פון די שפּאַנישע מענטשן, איידער דער גורל פון די שפּאַנישע פעסטונגען; פאַר אונדז הייסן פאַרברעכערס די אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד קעגן אַ לעגאַל־אויסגעוויילטער רעגירונג, די אונטערוועלט־העלדן און טרעגערס פון פאַשיזם, וואָס האָבן דערפירט צום דאָזיקן מערדערלעכן בירגערקריג. דאַקעגן ברויזט נישט אין אונדז לגמרי אַזאַ גרימצאָרן קעגן די, וואָס מוזן זיך פאַרטיידיקן אין דער מלחמה, וואָס איז זיי מיט געוואַלד אָנגעוואָרפן געוואָרן.

אויב די שפּאַנישע קאַמפן רופן אַרויס ביי אונדז ווייטיק, איז עס קודם־כל, ווייל דאָרט שפּילט זיך אָפּ אַ גרויזאַמער, שוידערלעכער מאַסן־מאָרד, ווייל דאָרט איז די ערד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בוכשטעבלעכער בלוטבאָד אין שרעקלעכסטן זין פון וואָרט. מען דערמאָרדעט זיך אין די הונדערטער, אין די טויזנטער, אין די צענער־טויזנטער...

געננוי אַזוי טיילן מיר נישט דעם טרויער פון די פּוילישע צייטונגען איבערן ביטערן שיקזאַל פון די אָקסן און דאָס נישט צוליב דעם ווייל מיר זאָלן זיין ווייניקער הומאַניטאַר אָדער ווייניקער רחמנותדיק ווי אונדזערע שכנים — דער הומאַניטאַריזם איז בלוט און פלייש פון אונדזער קולטור, פון אונדזער עטיק.

מיר ווייזן אַרויס זייער ווייניק אינטערעס פאַרן אָקס־פּראָבלעם, ווייל — מיר זענען זיך דערין מודה: די אָקסן גייען אונדז היינט נישט אָן. זיי קענען נישט אָנגיין...

אַ זאָרג וועקן ביי אונדז די מענטשן, וואָס וועלן אין דריי חדשים אַרום, אין דער ניי־געעפנטער „באַטויבונגס־עפּאָכע״, פאַרלירן זייער עקזיסטענץ, זייער פּרנסה, און אויסגעשטעלט ווערן אויף בעטל־ברויט.

אונדז דרינגט אַדורך מיט אומעט דער געדאַנק, אַז טויזנטער פאַמיליעס וועלן צוליב דער מכלומרשטער „טובה״ פון זיין מאַיעסטעט דעם אָקס, אַרויסגעשטויסן ווערן אַכזריותדיק פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

מיר פאַרנעמען זיך נישט און רעדן נישט וועגן אָקס, ווייל עס איז צביעות־דיקער שווינדל און פרעכער, צינישער חוזק אין טעג פון וויסאָקאַ־מאַזאָוויעצק, אין טעג פון „געשעענישן״, נאָך וועלכע עטלעכע צענדליק יידן מוזן „סתם אַזוי״ אַוועק אין שפּיטאָל, אין טעג, ווען אַ דריי־מיליאָניקער מענטשלעכער קיבוץ קנוילט זיך אין זיינע וויינען און ווונדן — אין אַזעלכע טעג צו באַשעפטיקן זיך מיט בהמות־הומאַניטאַריזם און טרייבערן די פּראַגעס פון זאַדניע־פלייש.

## יידנטום וווהין?

אָט דאָס איז געווען די פראַגע, וואָס האָט אין יאָר תרצ״ח, פון וועלכן מיר בעמען היינט אָפּשייד, זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער יידישער וועלט. דאָס איז די פראַגע, וואָס האָט אינעם לעצטן יאָר אין איר גאַנצער שאַרפקייט זיך אַרויסגערוקט סיי פאַרן יידישן כלל, סיי פאַרן יידישן יחיד. דאָס איז די פראַגע, וואָס האָט טיף זיך אַריינגעשניטן אין די מוחות און הערצער און אין די געוויסנס געעקבערט.

די דאָזיקע פראַגע האָט אינעם לעצטן יאָר זיך אַריינגעריסן אויך צו די, וואָס עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז דאָס יידנטום און די פּראָבלעמען פון יידנטום זענען שוין מער נישט אין שטאַנד זיי צו „באַאומרויִקן״.

דו דאָזיקע פראַגע איז אַ מאָנענדיקע געשטאַנען אויך פאַר די, וואָס זענען מאָדנע זיכער געווען, אַז זייערע „חשבונות״ מיטן יידנטום זענען שוין ענדגילטיק „דערליידיקט״.

דאָס יידישע פאָלק מאַכט אַדורך אַ צייט, וואָס אַזאַ איז קוים צו געפינען אין די בלעטער פון אונדזער מאַרטירערטום. אַ מבול פון פּיין און לייד האָט אַראָפּגענידערט. מיר ווערן געשענדט און דערנידעריקט און באַליידיקט און געשלאָגן אין די גלות־לענדער. יידיש בלוט גיסט זיך אָן אויפהער אין לאַנד פון אונדזער האָפענונג. ווי אַזוי קען דאָס יידנטום אַרויס נישט געניזוקט פון דאָזיקן בראַנד פון פורעניות? — ווי אַזוי קענען מיר אומדערשיטערט גיין אויף דער ערד, וואָס שפּאַלט זיך אונטער אונדזערע טריט? — יידנטום וווהין? — וווהין אין אָט דער תקופה פון אומפאַרגלייכלעכן שטורעם און אומפאַרגלייכלעכן וויי?

אינעם יאָר וואָס פאַרענדיקט זיך היינט — איינס פון די גרויליקסטע, חושכדיקסטע יאָרן אין אונדזער געשיכטע — זענען צערינען כלערליי ענטפערס און כלערליי „לייזונגען״, וואָס זענען דורך כלערליי „חכמים״ אויסגעאַרבעט געוואָרן פאַר דעם יידנטום.

די לעצטע הונדערט יאָר זענען רייך אין „לייזונגען״ פון פאַרשידנסטן מין;

אָבער אַלע דאָזיקע וועגן צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון יידנטום, זענען צו איין טרעפפּונקט זיך צונויפגעגאַנגען: יידן וועלן געהאָלפן ווערן — וואָס וויניקער זיי וועלן — יידן זיין.

דורך אַ רייע „טעאָרעטיקערס״ איז אויסגעשפּונען געוואָרן די טעאָריע: אַסימילאַציע. דאָס הייסט: מישט אייך אויס, יידן, מיט די אַרומיקע פעלקער און אַרומיקע קולטורן; שטרייכט אויס פון אייער זכרון אין לעבן דעם גרויסן נעכטן פון יידישן פאָלק; שטרייכט אויס די אייגנאַרטיקייט; מעקט אָפּ דעם אייגענעם פּרצוף־פּנים; עס איז אַ ראַדיקאַל מיטל, אָבער עס וועט העלפן, העלפן...

דורך אַנדערע „דענקערס״ איז אויסגעקליגלט געוואָרן די עצם־טובה: ביל־דונג. דאָס באַדייט: בילדעט אייך, יידן, דערוועלבט אייך אַלערליי קענטענישן פון דער וועלט, לערנט אייך אויס אַלע שבע חכמות פון דער וועלט — די וועלט וועט עס וויסן ווי אָפּצושאַצן; דורך אייער גרויסער בילדונג וועט איר צו זיך אַרויסרופן אַכטונג, רעספּעקט...

פון אַנדערע „אידעאָלאָגן״ ווידער איז געקומען דער אָנווייז: פּראָגרעס. דאָס מיינט: נעמט, יידן, אַ וואָס מער לעבהאַפטן און אַקטיוון אָנטייל אין די באַוועגונ־גען, וואָס ווילן פירן די מענטשהייט צו פאָרשריט; גיט אייערע פעיִקייטן און טאַלאַנטן אַוועק פאַר די פּאָליטישע און קולטורעלע ריכטונגען, וואָס האָבן אין זייער פּראָגראַם אויפגעשריבן דאָס וואָרט: פּראָגרעס; טוט אַזוי. עס וועט אויסגיין צו אייער גוטן.

די דאָזיקע אַלע טעאָריעס זענען געווען נישט מער, ווי זייפנבלאָזן. אָבער עס זענען געווען אין די לעצטע הונדערט יאָר אויך מאָמענטן, ווען זיי האָבן אויפגעשיינט, ווען ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען „עפּעס״. אינעם פאָריקן יאָר האָבן זיי ריקזיכטלאָז, אָן רחמנותדיק געפּלאַצט.

איטאַליע איז געווען דאָס לאַנד פון ליידנשאַפטלעכער יידישער אַסימילאַציע; די יידן אין איטאַליע זענען אין זייער דראַנג צו אַסימילאַציע צום אַבסורד דער־גאַנגען, צו לעכערלעכקייט, צו קאָמיזם; אַפילו אַזאַ גוטער איטאַליענער און לאָיאַ־לער פאַשיסט, ווי דער שריפטשטעלער לוויִדזשי פּיראַנדעלאָ האָט זיך פאַרגונען אָפּצולאַכן פון דאָזיקן זינלאָזן אימפּעט פון די איטאַליענישע יידן. אין איינער פון זיינע נאָוועלן, שטעלט ער פאָר דעם טיפּ פון איינעם אַזאַ אַסימילירטן ייד פון רוים. אַ ייד אָן ווילן, אָן חוט־השדרה, אַ ייד, וואָס האָט נאָר איין וואָרט פאַר אַלע פרעמדע שטרעמונגען און פרעמדע מינהגים, וואָס רייסן זיך אַריין אין דער יידישער געזעלשאַפט: יוסאָ, גוט אַזוי... און דאָך — ס׳האָט נישט געהאָלפן. איבער די יידן פון איטאַליע גיסט זיך היינט אויס דער כוס פון ביטערניש...

דייטשלאַנד איז געווען די מדינה פון גרויסער יידישער בילדונג; דייטשע יידן האָבן זיך אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט אין דער דייטשער פילאָסאָפיע,

אין דער מעדיצין, אין דער פיזיק; דייטשע יידן זענען געווען די סאַמע אָנער־קענסטע אויטאָריטעטן אין אַלע וויסנשאַפט־צווייגן; די וויכטיקסטע קאַטעדרעס זענען יידישע פּראָפעסאָרן אָנגעטרויט געוואָרן. אָבער — די בילדונג איז נישט בייגעשטאַנען אין טאָג פון בייז דעם יידישן קיבוץ אויף די ברעגן פון ריין. דאָס לאַנגע בלוטיקע מעסער פּאָכעט.

עסטרייך איז געווען דאָס לאַנד פון שטאַרקן יידישן פּראָגרעס; יידן האָבן דאָרט געבויט די פֿאָרשריטלעכסטע באַוועגונגען, אָנגעפירט מיט די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען, אַן אַקטיוון אָנטייל גענומען אין יעדער אַרבעט, וואָס האָט באַדאַרפט די שטאָט ווין פּאַרוואַנדלען אין דער רעזידענץ פון אייראָפּעיִשן פּראָגרעס. און די „רעזולטאַטן" פון דער „אַפּערוויליקער" אַרבעט האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. ווין איז... די רעזידענץ פון ברוינער רשעות.

אייראָפּע איז אין פערטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַריין אין אַ פינצטערער, בלינדער הינטערגאַס. אָבער די ערשטע, וואָס ווערן דורך די העלדן פון דער הינטערגאַס דערנידעריקט און געטראָטן, זענען מיר. אייראָפּע צעשטויבט זיך אין פערטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויף אַ מוראדיקן אופן, זי באַשפּייט זיך אַליין און לעסטערט און שענדעט איר אייגענעם נאָמען. אָבער די ערשטע, וואָס ווערן צעשטויבט אונטער די הענט פון דער צע־ווילדעוועטער אייראָפּע, זענען מיר. אַ גרויסער טייל פון דער איצטיקער אייראָפּע וויל אונדז אָפּווישן פון דער ערד. ס'איז איינער פון די געפערלעכסטע מאָמענטן אין אונדזער טויזנט־יאָריקער עקזיסטענץ. חורבות אַרום, חורבות צווישן אונדז, און מיר טראָגן אויף אונדזערע אַקסלען דעם באַנקראָט פון כלערליי אילוזיעס.

אין יאָר תרצ"ח איז צום ערשטן מאָל — צום ערשטן מאָל פאַר די לעצטע הונדערט יאָר — פאַרשטענדלעך און קלאָר געוואָרן פאַר כמעט אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק, און אויך פאַר יענע יידן, וואָס זענען ביז איצט געווען פרעמד און אָפּגעריסן פון יידנטום, און אויך פאַר יענע, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן זיך געפלאָנטערט און בלינד געגלויבט אין די פאַרפירנדיקע פייערלעך: יידנטום וווהין? — צו זיך. צוריק צו זיך. צו דער דורותדיקער קולטור. צו דער באַשטי־מונג פון דורות.

די וועלט שטייט איבער אונדז און וויל, מיר זאָלן דווקא זיין יידן; לאָמיר זיין.

ווי אַ יאָר פון וואַקסנדיקע יידישע געפילן, פון שטייגנדיקע יידישע איבער־צייגונגען, ווי אַ יאָר פון ברויזנדיקער תשובה־כוואַליע, וועט אין דער יידישער היסטאָריע פאַרצייכנט ווערן דאָס טריבע, מיט גרויסע געשעענישן אָנגעלאָדענע, און איבערברוכן רייכע, יאָר תרצ"ח.

נישט אונדזער אויפגאַבע איז איצט אויסצורעכענען ביי וועמען אַלץ עס האָבן

אינעם דאָזיקן יאָר הרהורי־תשובה זיך דערוועקט, ווו אַלץ עס זענען תשובה־רופן זיך פונאַנדערגעגאַנגען, ווער אַלץ עס האָט דעם חשבון־הנפש מיט זיין געוויסן געמאַכט. די גאַנצע יידישע וועלט אין אויפגעטרייסלט געוואָרן.

אין בערלין און אין לאָנדאָן, אין רוים און פּאַריז, אין ניו־יאָרק און אין ירושלים — אין די פאַרשידנסטע לשונות פון דער וועלט — אין די פּילפּאַרביקסטע סטילן, אין די פאַרשידנאַרטיקסטע פאָרמען — איז אויסגעדריקט געוואָרן דער זעלבער געדאַנק: יידן מוזן געפינען דעם וועג צו זיך. יידן מוזן צוריק ווערן יידן. מיט שטאָלץ, מיט באַגייסטערונג, מיט ברען, מיט אמונה. יידן מוזן ווידער נאָענט זיך צורוקן צו די קוואַלן, פון וואַנען דאָס פאָלק האָט אין אַלע צייטן געשעפּט כּוח, אויסדויער, דויערהאַפטיקייט, און דאָס פאָלק מוז אויך אין דער איצטיקער תקופה פון קאַטאַסטראָפע נעמען דאָס קרעפטיקע, דאָס געזונטע, דאָס אינערלעך־פּאָטענציעלע.

אין מזרח און אין מערב, אין דרום און אין צפון, האָבן אָט אַזעלכע שטימעס זיך געהערט.

גענוג צו זאָגן, אַז אַפילו אין דער יידיש־וועלטלעכער באַוועגונג — די באַוועגונג, וואָס האָט נעגירט דאָס טראַדיציאָנעלע אין יידישן לעבן און געהאַט אַ דורכויס פיינטלעכע באַציִונג צו די רעליגיעזע אידעען פון יידנטום — איז אין פאַרגאַנגענעם יאָר אַריינגעטראָטן אַ טיפער איבערברוך.

נעכטיקע קעמפערס פאַר דער אַזוי געראָפענער וועלטלעכער יידישער קולטור און פאַר וועלטלעכקייט אין יידישן לעבן, האָבן אינעם פאַריקן יאָר הויך און אָפן דערקלערט, אַז די „ערזאַצן" וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרנעמען דעם „במקום־רעליגיע" — די יידישע שפראַך, די וועלטלעכע קולטור — האָבן נישט פאַרווירקלעכט און פאַרווירקלעכן נישט די האָפענונגען, וואָס זענען אויף זיי געלייגט געוואָרן, אַז יידישע טראַדיציע און רעליגיע זענען נישט אַזעלכע זאַכן, וואָס זאָלן זיך לאָזן „פאַרטרעטן", אַז יידישע רעליגיע און טראַדיציע האָבן אויפגעהאַלטן יידן טויזנטער יאָרן און אויך היינט מוזן זיי צוריק באַקומען פאַר די מאַסן זייער גרויסן, אומפאַרגענגלעכן ווערט.

דער דיכטער יעקב גלאַטשטיין האָט פאַרעפנטלעכט אַ ליד, אין וועלכן ער רופט אויס: צוריק צום געטאָ; לאָמיר פאַרהאַקן די לאָדנס קעגן די זאַווערוכעס און ווינטן פון דער וועלט; לאָמיר צוריקגיין צום יידישן ספר, צום יידישן שטייגער.

דער שריפטשטעלער י. אָפּאַטאָשו האָט גראָד די פאַריקע וואָך דערקלערט: „וואָס איז יידישקייט? — דאָס איז דאָך די הויפט־פראַגע וואָס מיר דאַרפן זיך שטעלן. די פריִערדיקע דורות אונדזערע האָבן געוווסט, וואָס יידישקייט איז. דערפאַר האָבן זיי נישט געהאַט אַזוי פיל ספקות. זיי האָבן געהאַט אויף אַלץ אַ תשובה... און מיר היינט? — מיר דאַרפן צוריק איבערנעמען דעם רעליגיעזן ציטער. מיר

דאַרפן איבערנעמען די אַלטע יידישע פּאַרפּאַנצערטקייט קעגן־איבער אַ פּיינטלע־כער וועלט... פּאַר וואָס זענען מיר געבליבן עקזיסטירן, ווו ליגט דער סוד דער־פון, וואָס דאָס קליינע יידישע פאָלק, שטענדיק פאַרפאָלגט, איז געבליבן לעבן, האָבנדיק קעגן זיך אַ גאַנצע וועלט? — עס מוזן דאָך זיין נישט נאָר אויסערלעכע סיבות, נאָר אויך אינערלעכע, סוביעקטיווע. דער פּתרון מוז דאָך ליגן אינעם ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס אַזוינס איז יידישקייט... דער יידישער כּוח ליגט אין דער גייסטיקער קולטור, וואָס טראָגט זיך לייכט אַריבער פון איין אָרט צום אַנדערן. געגנוג אַ תּפילין־זעקל אין וועלכן ער לייגט אַריין אַ סידורל. נישט נאָר אין דער מדבר האָבן יידן אויפגעשטעלט אַ משכּן; אויף אונדזער גאַנצן וואַנדער־וועג האַלטן מיר אין איין אויפשטעלן אַ משכּן"...

דער שריפטשטעלער ש. ניגער האָט דאָ נישט לאַנג געשריבן: „יאָ, עס איז אַ שטאַרקע לופט־ענדערונג אין דער פּראָגרעסיווער יידישער סביבה. מיר זענען מער שוין נישט אַזוי זיכער, ווי פריִער, אַז עס איז גוט פאַר אונדז און פאַר אונדזער יונגן דור דאָס, וואָס מיר האָבן ביז איצט גערופן מיטן נאָמען „וועלטלעכע יידישקייט"...

דאָס זענען נאָר דריַי שטימעס. דריַי שטימעס פון פאָרשטייערס און פירערס פון דער יידיש־וועלטלעכער באַוועגונג.

אָבער אויסמאָלן זיך אויפן סמך פון די דאָזיקע שטימעס און אָפּרופן דאָס בילד פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס קערט זיך באמת צוריק צום מקור און געפינט ענדלעך דעם וועג צו זיך, וואָלט דאָך נישט געווען זייער גענוי.

מ'זאָגט: „צוריק צום געטאָ", „צוריק צו דער אַלטער יידישקייט", און דאָך — צו וואָס זיך אָפּנאַרן! — גערעכט איז דאָך די באַמערקונג, וואָס ווערט פון פאַרשידענע זייטן געמאַכט: — אַזוי פיל תּשובה־שטימעס, און אין די שולן איז נישט געוואָרן קיין געדראַנג, און מחנות האָבן זיך נישט אַ לאָז געטאָן אין בית־המדרש אַריין, און אַפילו די מחברים פון די תּשובה־דערקלערונגען האָבן אויף צו מאָרגנס נאָך זייער שרייבן נישט אָנגעהויבן גיין אין שול, און אויף אַ האָר נישט געענדערט זייער וועלטלעכן לעבנס־שטייגער און זייערע וועלטלעכע גע־וווינהייטן. זיי זענען געבליבן אין טאָג־טעגלעכן לעבן און אַפילו אין זייער וועלט־אַנשויונג...

האַלבקייטן ווערן געמאַכט. קאָנסעקווענץ פעלט. דאָס וואָרט רופט נישט אַרויס נאָך זיך די טאַט. דאָס וואָרט אַליין ווערט געבויגן, פאַרבויגן, אויסגעבויגן. דאָס וואָרט ווערט צו קליינגעלט געמאַכט.

אָנשטאָט באמת איבערצורייסן מיטן פריִערדיקן לעבנס־שטייגער און ווירקלעך זיך צונויפהעפטן מיט דער עכטער יידישער קולטור און יידישער טראַדיציע, ווערן

פרישע „אויפטועך" אויסגעקליגלט דורך די זעלבע מחברים פון די תשובה־אָפּרופן. מ׳פּלאַנעוועט דאָס יידישקייט צוצוגעבן ווי אַן „עקסטראַ־ביילאַגע" צו דער וועלט־לעכער קולטור; מ׳וויל די ימים־טובים געבן אַ „מאָדערנעם אונטערשלאַג"; מ׳איז מסכים צו פייערן, למשל, אַ בר־מצווה, אָבער אויף אַ „האַלב־רעליגיעזן און האַלב־וועלטלעכן אופן"... נאָכן באַנקראָט פון פלערליי צונויפּגעשטיקעוועטע סינטעזן וויל מען מיט פרישע ספּעקולאַציעס זיך אַליין און דאָס אייגענע געוויסן באַ־שווינדלען.

דער אויבן דערמאָנטער י. אַפּאַטאָשו גיט צו אין זיין ציטירטער דערקלע־רונג: „מיר דאַרפן נישט אָננעמען און איבערנעמען אַלץ פון אַלטן יידישקייט; אַ „סינטעז" דאַרפן מיר מאַכן"...

און צו די זעלבע אויספירן קומען כמעט אַלע בעלי־תשובהניקעס. הרהורי־תשובה האָבן זיך דערוועקט אין זייערע הערצער. יידישקייט איז נישט קיין זאַך פון שיין־רעדעריי, פאַר שיין־פּלאַפּלעריי, יידישקייט איז נישט קיין ליטעראַרישע בלאָנקעניש און פּוסטע נאָגעניש, יידישקייט איז נישט קיין לייכטע, אייבער־פלעכלעכע שטימונג. יידישקייט איז — אַ בליק. אַ לעבנס־שטייגער. און עס איז אומבאַדינגט וויניק אויפצוהויבן ברעקלעך און שטיקלעך. דאָס גאַנצע, דאָס פולע, מוז גענומען ווערן.

אַ יאָר פון גרויסער תשובה־אויפטרייסלונג איז געווען דאָס יאָר תרצ״ח; און פאָרט — זענען געווען זייער וויניק אַזעלכע, וואָס האָבן דעם גאַנצן וועג צום יידנטום אַדורכגעמאַכט, וואָס האָבן דעם כוח און דעם מוט געהאַט אינערלעך צו באַפרייען און מיט זייער וואָרט און טאַט דעם איינציק־ריכטיקן ענטפער געבן אויף דער פראַגע: יידנטום וווהין?

פאַר הונדערט יאָר אַן ערך האָט דער גרויסער ייד רבי שמשון רפאל הירש פאַרעפנטלעכט זיינע ניינצן בריוו צום יידנטום. רבי שמשון רפאל הירש האָט די בריוו געשריבן אין דער צייט, ווען די אַסימילאַציע האָט טריומפירט און די רע־פאָרם־באַוועגונג האָט חורבות אָנגעמאַכט אין יידישן לעבן. ער האָט טאַקע די בריוו דער עיקר געווידמעט דער רעפאָרם־באַוועגונג, און מיט אַן אַ שיעור ביי־שפּילן פון דער יידישער געשיכטע באַוויזן, אַז די, וואָס הייבן נאָר אויף שטיקלעך און ברעקלעך פון יידנטום און פון דער יידישער קולטור, צעברעקלען דאָס יידנ־טום, צעברעקלען די אייגענע נשמה, צעברעקלען דאָס פאָלק...

אַזוי שטאַרק פאַרגלוסט זיך אונדז איבערצולייענען פאַר די נישט־קאָנסע־קווענטע בעלי־תשובהניקעס פון אונדזער צייט, אָט די בריוו פון רבי שמשון רפאל הירש, וואָס האָבן נאָך ביז היינט נישט פאַרלוירן זייער אַקטואַליטעט.

די „פרישע סינטעזן״ זענען פון דער זעלבער צווייפלהאַפטער קוואַליטעט, וואָס די אַלטע.

יידנטום וווהין? — דורך די איצטיקע קולות וברקים הערט זיך דייטלעך דער קול דממה דקה. עס הערט זיך דייטלעך דער קול, וואָס רופט די בלאָנדזשענדיקע צו יידישן אומקער. אויף דער שוועל פון נייעם יאָר פרעגן מיר: — וועט ענדלעך דער קול דממה דקה דורך די זיבעצן מיליאָן יידן דערהערט ווערן?...

# „טירערעמאַ דיריטאָ" — מיר גייען שטענדיק גלייך...

„טירערעמאַ דיריטאָ" — דאָס איז געווען די באַליבטע פראַזע פון בעניטאָ מוסאָליני. די דאָזיקע פראַזע האָט זיך געטראָגן פון כמעט אַלע זיינע רעדעס. זי האָט זיך געפונען אין אַלע זיינע דערקלערונגען.

„טירערעמאַ דיריטאָ" — מיר גייען, מיר וועלן גיין, שטענדיק גלייך...

דאָס האָט באַדאַרפט באַדייטן: דער איטאַליעַנישער פאַשיזם מאַכט נישט קיין אָפּנויג אין זיין פּאָליטיק. ער לאָזט זיך נישט אויף קאָמפּראָמיסן. ער מאַכט אָבער אויך קיינעם נישט נאָך און זאָגט נישט היינט פּונקט קאַפּויער, ווי ער האָט נעכטן געזאָגט. דער איטאַליעַנישער פאַשיזם האָט איין מאָל אָנגעצייכנט פאַר זיך אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע ליניע. און די דאָזיקע ליניע שטייט כסדר פאַר זיינע אויגן. די דאָזיקע ליניע איז זיין פּראָגראַם. נישט קיין אַנדערע.

אָבער אין יאָר 1932 האָט מוסאָליני אויף איינינקע אָוונטן זיך אַוועקגעזעצט מיט דעם יידיש־דייטשן שריפטשטעלער עמיל לודוויג, אין ווענעדיקער פּאַלאַץ אין רוים. ער האָט מיט דעם ייד לאַנגע געשפּרעכן געפירט און צווישן אַנדערן פאַר אים דערקלערט אָט אַזוי:

— די ראַסע, די ראַסן־טעאָריע!... ס'איז אַ סענטימענט, און נישט קיין רעאַ־ליטעט. אינעם באַגריף „ראַסע" איז דאָ מינימום 95 פּראָצענט סענטימענט. איך וועל קיין מאָל נישט גלויבן, אַז עס עקזיסטירט אין אייראָפּע היינט־צו־טאָג אַ ביאָלאָגישע ריינע ראַסע. עס איז אַמוזירנדיק: די אַלע, וועלכע פּראָקלאַמירן היינט די „הויכקייט" פון דער גערמאַנישער ראַסע, זענען אַליין נישט קיין עכטע דייטשן... אַנטיסעמיטיזם!... אין איטאַליע עקזיסטירט נישט קיין אַנטיסעמיטיזם. אַזאַ אומ־געלומפּערטקייט וועט ביי אונדז קיין מאָל קיין אָרט נישט האָבן. די יידישע איטאַ־ליענער זענען גוטע בירגערס און גוטע סאָלדאַטן. זיי האָבן זיך מוטיק געשלאָגן אויף די שלאַכטפעלדער. זיי פאַרנעמען פירנדיקע שטעלעס אין די אוניווערסי־טעטן, אין דער אַרמיי, אין דערווירטשאַפט...

„ס'איז אַמוזירנדיק" — אַזוי האָט מוסאָליני געזאָגט. יאָ, ס'איז ווירקלעך אַמוזירנדיק צו ציטירן היינט די דערמאָנטע ווערטער פון „דוטשע". ס'וואָלט געווען נאָך מער אַמוזירנדיק, ווען ס'זאָל זיך גראָד נישט האַנדלען אין אַ יידישן קיבוץ וואָס ווערט איצט דערפירט צו עלנט און אונטערגאַנג.

נאָך מיט אַ יאָר צוריק האָט בעניטאָ מוסאָליני געשיקט אַ דערקלערונג צו די יידן אין אַמעריקע — אַ דערקלערונג, וועלכע דער דירעקטאָר פון אַן איטאַ־ליענישער צייטונג אין ניו־יאָרק, דזשענעראָזאָ פּאָפּע, איז געווען באַפולמעכטיקט צו פאַרעפנטלעכן, אַז אין דער פּאָליטיק פון איטאַליע לגבי יידן וועט קיין שום שינוי נישט אַריינטרעטן, אַז זיי וועלן אויך להבא בלייבן פולשטענדיק גלייכ־באַרעכטיקט און ס׳זענען אַ ליגן די אַלע קלאַנגען, וואָס ווערן פאַרשפּרייט אין אויסלאַנד מכּוח אַן אַנטיסעמיטיזם אין איטאַליע.

היינט ליגן די דאָזיקע און ענלעכע פייערלעכע פאַרזיכערונגען ווי אַ שער־בעלע צעבראָכן. איטאַליע גייט אין די וועגן פון נאַצי־דייטשלאַנד. אַ גירוש־דעקרעט איז פאַרעפנטלעכט. יידישע פּראָפעסאָרן ווערן פאַרטריבן פון זייערע קאַטעדרעס. יידישע באַאַמטע ווערן דערוויייטערט פון זייערע פּאָסטנס. ווערק פון יידישע מחברים טאָרן נישט אַרויסגעגעבן ווערן. און ווי עס גייט איבער דער גוט־אינפאָרמירטער קאָרעספּאָנדענט פון פראַנצויזישן „טאַן", וועלן די רדיפות זיך נישט באַגרענעצן בלויז צו די יידישע אינטעלעקטואַלן און מלוכה־אָנגע־שטעלטע. דער גרויסער פאַשיסטישער ראָט וועט איינפירן אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר די יידן אין עקאָנאָמישן און פּראָפעסיאָנעלן לעבן.

די צייטונג „פּאָפּאָלאָ ד׳איטאַליאַ", וואָס דערשיינט אין מיילאַנד, און וואָס אויף איר ערשטער זייט פיגורירט די אויפשריפט: „רעדאַקטאָר: בעניטאָ מוסאָ־ליני" — טרייבט, צוגלייך ווי אַלע אַנדערע בלעטער אין איטאַליע, די אַנטי־יידישע העצע.

נישטאָ וואָס צו זאָגן: ס׳איז שוין איין מאָל אַ „טירערעמאָ דיריטאָ", שוין איין מאָל אַ מוסטער פון אַ „שטענדיק גלייכן וועג", פון „נישט מאַכן קיין אָפּנויגן", און פון „גרויסער קאָנסעקווענץ"...

„ראַסע און סענטימענט" — אַזוי האָט מוסאָליני געזאָגט פאַר זעקס יאָר. אָבער ס׳איז נישט צו גלויבן, אַז דערפאַר פירט היינט מוסאָליני איין דעם אַנטי־סעמי־טיש־ראַסיסטישן פּראָגראַם, ווייל ער איז געוואָרן — סענטימענטאַל...

ס׳איז גיכער צו גלויבן, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, ווייל אין די לעצטע יאָרן זענען געוואַקסן זיינע סענטימענטן — צו דייטשלאַנד.

מוסאָליני האָט זיך אָפּגערוקט פון די מערב־מלוכות. אַפילו דער לעצטער מיט אַזוי פיל פּאַראַד פּראָקלאַמירטער אָפּמאַך מיט ענגלאַנד האָט צו גאָרנישט דערפירט. איטאַליע וויל נישט צוריקציִען איר מיליטער פון שפּאַניע. איטאַליע בלייבט מיט דייטשלאַנד.

ווי די באַרימטע פּובליציסטין זשענעוויעוו טאַבואַ גיט איבער, איז דאָ אַפילו אַ געחתמעטער אָפּמאַך צווישן רוים און בערלין. אין איינעם אַ טאָג נעמלעך

וועט פלאַצן דאָס געדולד פון „פירער". ער וועט — אויף דער „איינלאַדונג". נאַטירלעך, פון די סודעטן־דייטשע — אַריינמאַרשירן מיט מיליטער אין סודעטן־געביט. דאַן, גלייך אין יענער שעה, וועט מוסאָליני, צוזאַמען מיט פראַנקאָס לעגיאַנען, זיך לאָזן צו די פראַנצויזישע קאָלאָניעס אין צפון־אַפריקע, טוניס און אַל־זשיר. דאָס דאַרף זיין די פאַרגיטיקונג, וואָס מוסאָליני וועט באַקומען פאַר זיין הסכמה צום „אַנשלוס". דאָס איז דער זין פון יענער דעפּעשע, וואָס היטלער האָט געשיקט צו מוסאָלינין נאָך זיין אָקופּירן עסטרייך: „בעניטאָ, כ'וועל עס דיר נישט פאַרגעסן"...

אָבער נאַצי־דייטשלאַנד שטעלט איצט פאָדערונגען מוסאָלינין. נאַצי־דייטשלאַנד זאָגט, אַז ס'איז אוממעגלעך, אַז צוויי מלוכות זאָלן זיין צווישן זיך אַזוי ענג פאַרבונדן און דערביי דאָך זיין „גייסטיק" ווייט. די יידן אין איטאַליע מוזן איבערלעבן דאָס זעלבע גיהנום, וואָס די יידן אין נאַצי־דייטשלאַנד.

עס מוז קומען אַן אַקט, וואָס זאָל מאַניפעסטירן פאַר דער וועלט די אַבסאָלוטע איינהייטלעכקייט צווישן רוים און בערלין.

אָפּגערעדט דערפון, וואָס פאַר היטלערן און זיינע שליחים, וואָס ווילן לעצטנס גאָר אָפט אין איטאַליע, איז פשוט אומבאַקוועם דאָרט צו דאַרפן שמועסן און זיך אונטערהאַלטן מיט די יידן אויף די הויכע אַמטן...

מוסאָליני טוט, בכן, די נאַציס „צו ליב". ער נעמט איבער זייער ראַסיסטישע תורה. ער ווייזט, אַז ער איז אַ גוטער תלמיד. בפרט, ווען אַ חוץ דאָס נושא־חן זיין ביי היטלערן, מיינט ער נאָך אַנדערע געווינסן פון דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק אַרויסצוציִען.

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין לאַנד איז אַ פאַרצווייפלטע. אַביסיניע האָט רויִנירט די איטאַליענישע פינאַנסן, און קיין ריווח גיט זי נאָך אַלץ נישט. ס'איז ערשט נויטיק פרישע מיליאַרדן אַריינצובראַקן דאָרט, כדי אַ לירע צו זען. אויך שפּאַניע קאָסט אָפּ ממון מיט דמים. יעדע וואָך ברענגען די באַנען פרישע איטאַליענישע פאַרווונדעטע פון שפּאַנישן שלאַכטפעלד און דער „נצחון" איז נאָך אַלץ אין דער פאַנטאַזיע. מאַדריד שטעלט כסדר אַ ווידערשטאַנד.

נישט קיין וווּנדער, וואָס ביי אַזאַ מצב וואַקסט די אומצופרידנקייט צווישן די מאַסן. מוסאָליני וויל אָפּציִען זייער אויפמערקזאַמקייט אין אַן אַנדערער ריכטונג. ער פּרוּווט דאָס זעלבע, וואָס מ'האָט געטאָן אין צאַרישן רוסלאַנד און וואָס מ'טוט איצט אין נאַצישן דייטשלאַנד. ער פּרוּווט פאַרטומלען די מוחות. ווען עס זענען נישטאָ קיין אַנדערע טריומפן, פייערט, ליבע אונטערטאַנען, אַ „טריומף" איבער די יידן; ס'איז נישט אַפילו אַזאַ שווערע מלחמה, אָבער זי קאָסט ביליק. אַביסיניע האָט געקאָסט טייערער.

„טירערעמאָ דיריטאָ" — מיר גייען שטענדיק גלייך. דאָס מיינט איצט: גלייך מיט נאַצי־דייטשלאַנד.

אָבער דער וועג איז דאָך נישט אַזאַ „גלייכער". ס'איז געגוג בלויז איבער־צולייענען די העץ־אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך די לעצטע טעג באַוויזן אין די איטאַליענישע צייטונגען קעגן יידן, כּדי צו באַמערקן דעם טיפן אונטערשייד, וואָס איז דאָך פאַראַן צווישן אַנטיסעמיטיזם פון רוים און פון בערלין.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַנטי־יידישער אַגיטאַציע אין איטאַליע איז איר אָרעמקייט אין אַרגומענטן.

„אַרגומענטן", „מאָטיוון" האָבן קיין מאָל נישט אויסגעפעלט אין אַ וואַקכאַנאַליע קעגן יידן. אין דער רוימישער וואַקכאַנאַליע פעלן זיי אויס. דאָס קלינגט אַ ביסל איבערגעטריבן. דאָס איז אָבער דער אמת.

מיט כּלערליי כּוחות שטרענגען זיך די פּובליציסטן אָן צו דערקלערן דעם עולם, פאַר וואָס איז פּלוצלינג געענדערט געוואָרן דער קורס בנוגע יידן. מען טייטשט אויס, מ'באַרגט אויס פון דאַנען און פון דאָרט העץ־לשון — ס'ווערט אָבער נאָך אַלעם פאָרט נישט ריכטיק. נישט בלויז פאַר אונדז, נאָר אויך פאַר איטאַליענערס.

איר וועט אין די אַרטיקלען געפינען פאַרוווּרפן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, ווי למשל, אַז „די ראָלע פון די איטאַליענישע יידן איז אַ שעדלעכע", אַז „ס'איז געקומען די צייט זיך צו באַפרייען פון אונטער דער יידישער ווירקונג", און אַזוי ווייטער און ווייטער. איר וועט אָבער נישט געפינען — יעדנפאַלס ביז איצט — קאָנקרעטע — זאָל זיין באַדיי ליגנערישע — טענות קעגן יידן.

איר וועט נישט געפינען די קלענסטע אַרגומענטירונג פאַר וואָס ווערן די יידישע פּראָפעסאָרן אַרויסגעוואָרפן פון לערן־אַנשטאַלטן, פאַר וואָס ווערן יידישע לערערס אָפּגעזאָגט, פאַר וואָס ווערן יידן געצוווּנגען צו פאַרלירן די פּרנסות... „ריינע ראַסע"? — דאָס איז צו אַלגעמיין. די אַנטיסעמיטן קענען זיך טשעפּען צום כּלל געגנוי ווי צום יחיד. די איטאַליענישע העצערס לייגן אַבסאָלוט נישט אויס זייערע טענות.

מ'מוז היינט אין רוים און אין ווענעדיק, אין פלאָרענץ און אין מילאַן פיינט האָבן די יידן. אָבער מען ווייסט נישט פאַר וואָס.

אין דייטשלאַנד איז עס אַ ביסל אַנדערש צוגעגאַנגען. דאָרט האָט מען געקענט שרייבן: יידישע פּראָפעסאָרן מוזן דערפאַר אַראָפּ פון זייערע קאַטעדרעס, ווייל זיי זענען פאַציפיסטן, דעמאָקראַטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווייל אַ ייד איז אַזאַ פאַציפיסט ווי איינשטיין, ווייל אַ ייד איז דער דעמאָקראַט פּראָפעסאָר לעסינג, ווייל יידן זענען די אַלע אַנדערע, וואָס האָבן אַרונטערגעריסן די „קדושה" פון שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם און פון דער ראַסן־מיסטיק... אָבער וואָס קען מען אין איטאַליע זאָגן? — בעל־ווערקיאַ, דער ערשטער פאַשיסטישער רעקטאָר פון רוימישן אוניווערסיטעט, דזשינאָ אַריאַס, דער באַדייטנדיקער עקאָנאָמיסט, מאַרעלי, דער גרויסער מעדיצינער, ווערן פון זייערע אַמטן דערווייטערט... צוליב וואָס?

ווייל זיי זיינען דעמאָקראַטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פאַציפיסטן? — ווייל זיי, און זייערע יידישע חברים זענען נישט קיין גוטע פאַשיסטן? — עד, אַפילו אין סאַמע מיטן סעזאָן פאַר שקר לאָזט זיך אַזאַ שקר נישט אַרויסברענגען פון מויל!...

נישט בלויז די אינטעלעקטואַלן, דער גאַנצער יידישער קיבוץ אין איטאַליע, איז געווען לאָיאַל צום פאַשיסטישן רעזשים. אַ גאַנץ שפּאַרער פּראָצענט יידן האָט אַפילו באַדייטנדיקע פאַרדינסטן פאַרן אויפשטייג פון די שוואַרצע העמדלעך. צי דאָס איז געווען גערעכט און ריכטיק געהאַנדלט אָדער נישט, דערפון רעדן מיר נישט איצט. דער עיקר: ס׳איז אַ פאַקט. אין די טעג ווען די פאַשיסטישע באַוועגונג איז נאָך געווען קליין און מוסאָליני האָט ערשט געפירט דעם קאַמף פאַר מאַכט, האָט ער געפונען שטיצע און הילף מצד אַ רייע יידן.

וואָלט מוסאָליני נאָר געוואָלט אַ רגע אַ דערמאָן טאָן זיך אין זיינע יידישע מיטהעלפערס און פריינד. ער וואָלט דאַן אַ גאַנצע גאַלעריע פון דער „העברעער־ראַסע" פאַר זיך דערזען. אַ גאַלעריע יידן, וואָס האָבן אים געהאָלפן פאַר דער פאַשיסטישער איבערקערעניש, בעת דער איבערקערעניש און נאָך דער איבער־קערעניש. יידן זענען — דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער שאַנדי, דער אינערן־מיניסטער פינדי, דער פייערדיקער אַגיטאַטאָר פון פאַשיזם שמואל דעליני, דער אונטערשטאַטס־סעקרעטאַר סואַוויטש, גענעראַל מאַדענאַ, גראַף וואָלפּי, די מאַדאַם מאַרגאַריטאַ סאַרפאַטי — פון דער היים לעווי — וואָס האָט אין מוסאָלינין אונטער־געהאַלטן דעם גלויבן אין זיין „שטערן" און אָנגעשריבן אַן ענטוזיאַסטישע ביאָ־גראַפיע פון זיין לעבן און טאַטן... און צי איז שוין טאָקע זיכער, אַז דער באַזיגער פון אַביסיניע, גענעראַל גראַציאַני און דער מאַרשאַל באַלבאָ האָבן נישט קיין יידישן בלוט־צומיש אין זייערע אָדערן?

„מוסאָליני איז שטענדיק גערעכט" — אַזוי קלינגט דער ערשטער אַרטיקל אין דער דאָקטרין פון די איטאַליענישע פאַשיסטן. אָבער דאָך איז פאַר זיי שווער דאָס צו פאַרשטיין. פּלוצלונג אָנהייבן האַסן שאַנדין און פינדאַן, דעלינין און מאַדענאַ. און נישט טאָרן אַפילו האָבן ביי זיך אין שטוב די ביאָגראַפיע פון דער פעדער פון מאַדאַם סאַרפאַטאַ — פאַר וואָס? — גרויסער דוטשע — מיר זענען דיינע געטרייע און געהאָרכזאַמע אונטערטאַנען. מיר זאָגן צו אַלץ, וואָס דו באַ־פעלסט, „יוסאָ,יוסאָ" גוט אַזוי, גוט אַזוי — אָבער פאָרט איז דאָך אונדז שווער צו באַגרייפן, פאַר וואָס מיר מוזן פון היינט אָן פיינט האָבן שאַנדין און פינדין?...

אָט די דאָזיקע פראַגע קענט איר אַרויסלייענען פון צווישן די שורות אין די אַרטיקלען קעגן יידן, וואָס דרוקן זיך אין דער איטאַליענישער פּרעסע.

דייטשלאַנד? — ס׳איז מיט כוח זיך צוגעפּאַסט צו דייטשלאַנד. ס׳איז אין איטאַליע דער אַנטיסעמיטיזם פאַבריצירט מיט געוואַלד.

ס'איז צוליב נאָך אַ זאַך אַנדערש. אין איטאַליע זענען נישט פֿאַראַן קיין אַנטיסעמיטישע טראַדיציעס. דאָס איטאַליענישע פֿאָלק איז נישט אַדורכגעפּרעסן מיט שׂינאה צו יידן.

אין דייטשלאַנד זענען אַנטיסעמיטישע טענדענצן געווען אַפילו אין די פֿאַר־נאַצי־יאָרן. נאָך אין די מילדע, קייזערלעכע צייטן האָט יאַקוב וואַסערמאַן אויסגע־שריגן אין זיין באַקאַנט בוך „מיין וועג אַלס דייטש און ייד" דעם פּיין, וואָס אַ ייד מוז אויסשטיין אין דייטשלאַנד, די כּלערליי מניעות און אָבן־נגפֿס, וואָס ווערן אים אויפֿן וועג געלייגט, ווייל ער איז אַ ייד. אין דייטשלאַנד, ווען דער ייד ראַטענאַו איז געוואָרן באַשטימט אַלס מיניסטער האָט אויפֿגעקאָכט אין די רעאַק־ציאָנערע קרייזן דער צאָרן, און ראַטענאַו איז ענדלעך דורך עטלעכע רוצחים אָפּגערוימט געוואָרן פֿון וועג... און געווען איז דאָך דאָס אין יאָר 1923.

אין איטאַליע איז לוידזשי לוצאַטי געווען פּרעמיער־מיניסטער. און ס'איז נישט געלעגן קיינעם אויפֿן זינען אים צו דערמאָרדן. ערנעסטאָ נאַטאַן איז געווען אייניקע יאָר אויבער־בירגערמייסטער פֿון רוים און מ'האָט דאָס פֿאַרטראָגן. אַ יידישער, אַפילו אַ פּרומער ייד — דזשוזעפּע אָטאַלענגי — איז געווען קריגס־מיניסטער און דאָס פֿאָלק האָט נישט „אויפֿגעברויזט". און ווי דערמאָנט: אַפילו אין מוסאָליניס צייטן זענען דאָך שוין אויך געווען עטלעכע יידישע מיניסטאָרן.

די איטאַליענישע מאַסן הערן איצט צום ערשטן מאָל דאָס וואָרט „ראַסיזם".

און איטאַליע מוז קאָסטן אַ שפּאָר ביסל מי און אָנשטרענגונג, כּדי פֿונאַנ־דערצובלאָזן אַ פּייער קעגן יידן.

„צווישן איטאַליענישן פֿאָלק האָט די העצע אַרויסגערופֿן אַ גאָר שוואַכן אָפּ־קלאַנג" — האָבן פֿאַריקע וואָך געשריבן ענגלישע צייטונגען.

אָבער — מ'וועט שוין דאָס פֿאָלק „אויסלערנען". עס ווערט געפּלאַנט צו גרינדן קורסן פֿאַר ראַסיזם און יידן־האַס. איר זענט הונגעריק? איר ווילט ברויט? — פֿאַרשרייבט אייך אויפֿן אַנטי־יידישן קורס!

„טירערעמאָ דיריטאָ" — מיר גייען שטענדיק גלייך — און דער פֿאַשיזם אין איטאַליע איז ענדלעך דערגאַנגען צו — יידן־שׂינאה קעגן ווילן פֿון פֿאָלק, קעגן שׂכל־הישר, קעגן עלעמענטאַרסטן געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט פֿאַר די יידן, וואָס זענען געווען די זיילן פֿון איטאַליענישן פֿאַשיזם. רוים און בערלין האָבן זיך אָפּגעפֿונען. וואָרום — ס'איז פּאָרט פֿון די ערשטע געבוירן־טעג געווען אַ צווי־לינג.ביידע געקומען אויף דער ערד מיטן זעלבן הויקער: פֿאַשיזם, דיקטאַטור.

# דאָס איז געווען אַ יאָר פון מאַסקעס...

אין יאָר צוויי טויזנט אָדער צוויי טויזנט פינף און צוואַנציק, אָדער גאָר צוויי טויזנט זיבן און דרייסיק, וועט דער היסטאָריקער שטודירן די געשיכטע פון יאָר 1936, מיט וועלכן די וועלט האָט זיך איצט אָפּגעזעגנט. ער וועט האָבן פאַר זיך אַ גאַנצן באַרג ביכער, צייטונגען, זשורנאַלן, ער וועט אויך האָבן פאַר זיך די פאַרשידענע אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן זיך וועגן יאָר 1936 באַוויזן אין די ערשטע טעג פון 1937. ער וועט בלעטערן, נישטערן, לייענען. ענדלעך וועט ער אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, און ער וועט זיך אַוועקזעצן ביי זיין שרייבמאַשין (אַ פעדער? — ווער וועט נאָך דעמאָלט האַלטן אַ פעדער!), און ער וועט אָנהייבן צו קלאַפּן אויף די קלאַווישן:

„איך האָב אין אַלע מיינע פאָרשונגען אָנגעווענדט דעם זעלבן מעטאָד, און איך וויל אים אויך אין איצטיקן פאַל אָנווענדן. אויב מיר ווילן דערקענען עפּעס אַ יאָר פונעם לאַנגן לויף פון דער מענטשלעכער געשיכטע, אויב מיר ווילן אַרויס־באַקומען דעם טיפסטן, פאַרבאָרגנסטן זין פון אַ יאָר, דאַן מוזן מיר איינס טאָן: אויסגעפינען אַ פאַסיקע, די ריכטיקע באַצייכענונג פאַרן דאָזיקן יאָר. דאָס, וואָס איז פאַר אים און נאָר פאַר אים ספּעציפיש. מען קען זיך, למשל, אָנלייענען מיט צענדליקער ביכער, מיט הונדערטער אַרטיקלען, און דאָך צום עיקר נישט דערגיין. ערשט איין וואָרט קען אַלץ דערקלערן. אין די אַמאָליקע צייטן האָבן דאָס די מענטשן פאַרשטאַנען. זיי האָבן, צום ביישפּיל, דאָס יאָר 1815 אָנגערופן „דאָס יאָר פון רעאַקציע". זיי האָבן דאָס יאָר 1848 באַצייכנט ווי „דאָס יאָר פון פרילינג". די דאָזיקע קורצע פאָרמולע זאָגט אַ סך, זאָגט אַלץ, באַווייזט, וואָס עס איז פאַר יענע יאָרן וויכטיק און כאַראַקטעריסטיש. די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין יאָר 1936, האָבן ליידער נישט געזאָרגט איבערצולאָזן פאַר די שפּעטערדיקע דורות דאָס וואָרט, וואָס זאָל אין שטאַנד זיין איבערצוגעבן די גרונט־שטריכן פון דאָזיקן יאָר. איך האָב איבערגעלייענט אַ באַרג אַלטע, פאַרוועלקטע בלעטער. איך האָב אָפּגעווישט דעם שטויב פון אַלטע, פאַרגעלבטע ביכער. עפּעס רעדט זיך דאָרט, אַז 1936 איז געווען אַ יאָר פון כאַאָס, פון ווילדער פּאַניק, פון פּאָליטישן אוןווירטשאַפטלעכן ווירוואַר, פון שוידער און גרויל...

אָבער צי קענען אַזעלכע באַנאַלע שילדערונגען אונדז אָנצייכענען דאָס אייגנט־

לעבע בילד? — איך זאָג: „באַנאַלע". ווייל וויפל יאָרן וועט איר עס סך־הכּל געפינען אין דער היסטאָריע, וואָס זענען נישט געווען יאָרן פון פּאַניק, בהלה און שוידער? — נאָך פון זייער אַלטע מזרח־דענקערס איז אונדז פאַרבליבן די לערע: די מענטשן צעברעקלען די צייט אויף טעג און נעכט, חדשים און יאָרן, און צוליב דעם ווערט אויך צעברעקלט דער גרויסער פּיין, וואָס ציט זיך פּאַקטיש כּסדר פון דור צו דור...

איך טראַכט איצט איבערן יאָר 1936. איך זוך די פאָרמולע. דאָס וואָרט. מיר וועלן נישט פאַרלייקענען, אַז דאָס איז געווען אַ יאָר רײַך אין פּאַסירונגען, רײַך אין דערשיטערונגען, רײַך אין בלוטיקע דראַמעס. די מענטשן האָבן זיך צו קריג געגרייט. די מענטשן האָבן שוין דאַן דעם גיהנום פון קריג געטראָגן אין זיך. די מענטשן האָבן אַפילו אין אַ רייע ערטער דעם קריג געפירט און זיך באַצייטנס געאיבט אין דער בלוטיקער שפּיל פון וואַנזין און סאַדיזם. די וועלט איז אין 1936 געווען אויסערגעוויינלעך אַקטיוו. זי האָט קיין שום טאָג נישט איבערגעלאָזט אָן אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. די צייטונגען האָבן פּשוט זיך צונויפגעדריקט פון ענגשאַפט. די זשורנאַליסטן האָבן קוים געקענט דעריאָגן די פּאַסירונגען. און דאָך — נאָך נישט דאָס אַלץ מאַלט אָפּ דאָס יאָר. איר וואָלט גאַנץ לייכט געקענט אַ סך פאַקטן פון 1936 אַריבערטראָגן אויך צו 1836, ווער שמועסט נאָך צו 1236, דאָס הייסט צום יאָר פון טיפן מיטל־עלטער — דאָרט וואָלטן זיי אַוודאי געווען אויפן ריכטיקן פּלאַץ!...

און דעריבער מיין איך, אַז איך וועל דערגיין צום פּינטל פון אמת אויב איך וועל זאָגן, אַז צום טרעפלעכסטן וועט כאַראַקטעריזירט ווערן דאָס יאָר 1936, ווען מיר וועלן עס רופן: דאָס יאָר פון מאַסקעס.

אין דער כינעזישער ליטעראַטור איז דאָס פון אַלע צייטן געווען אָנגענומען: נישט מענטשן טרעטן אויף, נאָר מאַסקעס. אַזאַ ווי ער איז דערשיינט קיין מאָל נישט דער העלד אין די כינעזישע ליטעראַרישע ווערק, ער קומט אין אַ מאַסקע. די מאַסקע איז שאַרף און עקספּרעסיוו. די מאַסקע פאַרשלייערט דאָס פּנים; זי פאַרשלייערט אויך די נשמה. דאָס איז אַ כינעזישער זשאַנער אַזאַ. אין דער ברייטער וועלט איז די דאָזיקע מאַסקעס־קולטור נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער. נישט אין דער ליטעראַטור, נישט אין לעבן. קריגסלייט האָבן אָפּן דערקלערט, אַז זיי האָבן ליב דעם קריג. רוצחים האָבן זיך מיט זייערע רציחה־ליידנשאַפטן נישט פאַרבאַהאַלטן. תּלינים האָבן זייערע תּליה־תּאוות נישט פאַרבאָרגן, המנס האָבן זייערע שפּיציקע נעגל נישט פאַרשטעקט. צי זענען דען אונטער מאַסקעס אַרויסגעטראָטן די עגיפּטישע פּרעהס, די רוימישע קאַליגולאַס, די קאָזאַקישע גאָנטאַס? — צי איז נישט פאַר אַלעמען געווען קלאָר און צי האָבן נישט אַלע געוווּסט און געפילט, אַז די דאָזיקע פאַרזעענישן און פּסיכאָפּאַטן שחטן, ווייל דער ריח פון

מענטשלעך בלוט שטעלט זיי צו הנאה, ווילדע, מערדערישע הנאה, און אַז זיי באָדן זיך אין מענטשלעכע טרערן ווייל טרערן גיבן זיי פרייד, ברוטאַלע, טיראַנישע פרייד?

אין יאָר 1936 אָבער האָט די וועלט זיך צוגעקליבן דעם כינעזישן מאַסקעס־זשאַנער. איך ווענד מיין בליק אויף צוריק. איך באַטראַכט די פיגורן, וואָס האָבן זיך דאָן באַוועגט אויף דער וועלט־סצענע. און איך זע: מאַסקעס, מאַסקעס, לויטער מאַסקעס. רשעים זענען אַלס צדיקים אַרויסגעטראָטן, מערדערס האָבן זיך אין פעל פון לעמעלעך אָנגעקליידט. רויבערס זענען ווי הומאַניסטן דערשינען. אַ שרעקלעכע אָפּנאַרערישע מאַסקאַראַדע איז אומעטום, אין אַלע לענדער געטריבן געוואָרן!

דער רוסישער שריפטשטעלער אַנדרייעוו האָט אין זיינע ווערק אַ סך מוראדיקע בילדער אָנגעוואָרפן. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן פון מענטשן, וואָס זוכן, גייען אונטער, פאַלן, ווערן פאַרשלונגען פונעם תהום פון פינצטערע, טונקעלע אינסטינקטן. אָבער צום גרוילעכסטן איז אַנדרייעווס אַ שילדערונג פון — מאַסקעס. דו זעסט: אַ פאַרזאַמלונג. מען רעדט. מען דיסקוטירט. מען באַשליסט. דו מיינסט: דאָס זענען מענטשן. דאָס רעדן מענטשן. אין איין מאָמענט באַמערקסטו: די מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן הינטער מאַסקעס. דאָס האָבן בלויז די מאַסקעס די פאַרזאַמלונג געפירט. די מענטשן זענען געשטאַנען די גאַנצע צייט און געשמייכלט אין די טיפענישן פון זייער פינצטערער נשמה. מענטשן, ווי שוואַרצע קעץ, מיט גרינע, שטעכעדיקע אויגן פון קעץ...

אַזאַ אַנדרייעוו־שוידער איז געווען דאָס יאָר 1936. איר האָט דאָ דעם סאַמע העלד פון דער מאַסקע: דעם גרויסן פירער פון די אויפוואַכנדיקע גערמאַנער. מיר קענען נאָך איצט זיך נישט באַפרייען פונעם חורבן, וואָס דער דאָזיקער אַריער־קאָמאַנדיר האָט געברענגט פאַר דער וועלט. מיר זענען נאָך איצט נישט בכוח אָפּצוּוויקלען די ווונדן און זיך שטעלן אויף די פיס. דער דאָזיקער העלד פון דער פויסט האָט אַלע געשפּענסטער פון מאָרד און טויט אויפגעלעבט. ער האָט פאַרניכטעט די קולטור. ער האָט פאַרטריבן די שענסטע פערזענלעכקייטן פון זיין לאַנד (מען האָט אויף אים ביי זיין לעבן געזאָגט, אַז ער האָט אָנשטאָט פּוטער געמאַכט האַרמאַטן...), ער האָט קעגן דעם יידישן פאָלק — דאָס פאָלק פון פיר טויזנט יאָר געשיכטע! — פונאַנדערגעבלאָזן אַ גיהנום־פייער.

אָבער צי האָט דער העלד זיך באַוויזן אין יאָר 1936 כאָטש איין מאָל אין זיין ריכטיקער געשטאַלט פון מעפיסטאָ, וואָס איז מיט אַזוי פיל קונסט געשילדערט געוואָרן טאַקע דורכן דייטשן דיכטער געטע, אַ מעפיסטאָ, וואָס קאָכט מיט ווילדן, טייוולאָנישן האַס? — ניין. דאָס איז נישט געווען „נוסח 1936". דער דאָזיקער אַריער־קאָמאַנדיר האָט אָנגעטאָן אַ מאַסקע — און נאָך וואָס פאַר אַ מאַסקע! — אַ מאַסקע פון אַ ראַסע־באַנייער, וואָס וויל ראַטעווען דעם טיפּ „אַריער", ראַטע־

זועָן די מאָראַל, ראַטעווען די „אידעאַליסטישע אידעאָלאָגיע", די קולטור, ראַטע־ווען אייראָפּע פון דער יידישער געפאַר, ער איז געשטאַנען אין אַ מאַסקע אויפן קאָנגרעס אין נירענבערג. ער איז געשטאַנען אין אַ מאַסקע פאַר דער וועלט. ער איז געשטאַנען אין אַ מאַסקע פאַר זיין פאָלק. די מאַסקע איז געווען אַזוי קונציק אויסגעפּאַרטיקט, אַז עס האָבן זיך געפונען זייער פיל צושויערס, וואָס זענען בכלל נישט געפאַלן אויפן געדאַנק, אַז דאָס איז נאָר אַ מאַסקע. גאַנץ ווייניק מענטשן האָבן דאַן, אין יאָר 1936, געזען — די שוואַרצע קאָץ הינטערן ציניש שלייער, און די גרינע טייוול־אויגן פון דער קאָץ...

און צי איז נישט געווען קיין שויפּלאַץ פון מאַסקעס דאָס שלאַכטפעלד אין שפּאַניע, טאָקע נישט בלויז פון גאַז־מאַסקעס, נאָר אויך פון בילינקע, קאָמעדיאַנ־טישע מאַסקעס? — די פאַשיסטישע גענעראַלן פון בורגאָס האָבן שפּאַניע איינ־געהילט אין רויך, זיי האָבן חדשים־לאַנג געהאַגלט מיט באָמבעס און פעטאַרדעס, זיי האָבן אויסגעפירט אָדערן־פאַרגליווערנדיקע אַכזריותן, זיי האָבן טויזנטער, צענער־טויזנטער פאָלקסברידער אומגעברענגט. און צוליב וואָס? — ווען דאָס זאָל נישט זיין אַזוי טרויעריק, וואָלט עס געווען די לוסטיקסטע קאָמעדיע פון יאָר 1936. אין די דערקלערונגען, וואָס די גענעראַלן פון בורגאָס האָבן אַרויסגע־לאָזט, האָט זיך געזאָגט, אַז דער מאַסנמאָרד ווערט אויסגעפירט אין נאָמען — פון דער ציוויליזאַציע — האַרמאַטן, אַעראָפּלאַנען און טאַנקן אין נאָמען פון דער ציוויליזאַציע!...

מיר וועלן אויפמישן אַן אַנדער קאַפּיטל. איך האָב איצט געליענט וועגן דער טראַגעדיע פון די יידן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1936. און מיר שווינדלט נאָך פאַר די אויגן מיט רויך און בלוט. איך זע צעשמעטערטע קינדער, צעשמעטערטע פרויען, פאַרברענטע הייזער, אויסגעריסענעביימער — קרבנות פון אַ ברוטאַלן, גזלנישן טעראָר. אַ לאַנד פון פרייד און געזאַנג איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ ים פון טרויער. דער מדבר האָט זיך צעבונטעוועט קעגן דער קולטור. די מדבר־מענטשן האָבן געפילט, אַז עס איז געקומען זייער לעצטע שעה, די לעצטע שעה פאַרן פעאָדאַליזם, פאַר דער אַוואַנטורע, פאַרן הפקרדיקן רויב, און זיי זענען אַרויס צו אַ גרויזאַמער שלאַכט. אָבער צי האָבן די באַנדיטן געהאַט דעם מוט צו דערקלערן, אַזוי ווי עס האָבן דערקלערט באַנדיטן אין אַלע צייטן: מיר זענען גזלנים פון וואַלד. מיר האָבן לאַנגע מעסערס אין די הענט. מיר ווילן מאָרדן, מאָרדן, מאָרדן!... ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט קלינגען — די אַראַבישע אַוואַנ־טוריסטן און אונטערצינדערס האָבן געטראָגן אַ מאַסקע פון פרייהייטס־קעמפערס. נישט בלוטדורשטיקע זענען זיי, נישט צעשטערן ווילן זיי — נאָר אַ באַפרייונגס־קאַמף פירן זיי, אַ שלאַכט פאַר „נאַציאָנאַלער אויסלייזונג"!...

און דאַן דער מאַסקעס־חוזק, די וואַקכאַנאַליע וואָס איז געטריבן געוואָרן אין

אַן אַנדער לאַנד: מענטשן־פּרעסערס, מענטשן־פּײַנט, האָבן אָנגעטאָן אַ מאַסקע פון... רחמנות. מ׳האָט געשפּאָלטן יידישע שאַרבנס מיט קלאָניצעס און דרענגער, מ׳האָט מיט ווילדער הנאה זיך געוואָרפן אויף יידישע קוישלעך מיט פּיעטרושקע, מ׳האָט ביי אָרעמע יידן דעם ביסן פון מויל אַרויסגעריסן, מ׳האָט געשלאָגן אין די גאַסן, אויף די שאָסייען, אין די באַנען. מ׳האָט אין תּפיסה געהאַלטן גרייז־גרויע זקנים דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך נישט געלאָזט דערהרגענען. רשעות און אומרעכט האָבן טריומפירט, דער מענטש האָט בכלל אויפגעהערט צו עקזיסטירן. דער מענטש האָט פאַרלוירן יעדן ווערט — און מ׳האָט צוגלייך געשאָטן מיט ציני־שע, צביעותדיקע פראַזן איבער — הומאַניטאַריזם. מ׳האָט אויפגעהויבן אַ גאַנצע באַוועגונג אין נאָמען פון מיטלייד צום — אָקס. די, וואָס האָבן מיט צופרידנקייט געזען דאָס בלוט פון אַ יידישן סטראַגאַן־הענדלער, האָבן — אַזוי האָט די מאַסקע געוויזן — נישט געקענט קוקן אויפן בלוט פון אַ ריטועל־געשאָכטענעם אָקס. די וואָס זענען פון נחת געוואַקסן אויפן אָנבליק פון פּיין פון אַ דריי־מיליאָניקן קיבוץ, האָבן אָנגעגורט די לענדן און געקענט צו רחמנות און מיטגעפיל צום אָקס און צום קאַלב. זעלטן ווען עס האָט זיך געוויזן אַזאַ אויסטערלישע מאַסקאַראַדע: וועלף, וואָס דאָס געפיל פון רחמנות איז פאַר זיי אָרגאַניש פרעמד, טראָגן אויף די לאַפּעס אַ גרויסן אָקס און גלעטן און צערטלען דעם אָקס...

גראָד ביי אַ פּוילישן שריפטשטעלער איז געמאָלן געוואָרן אַזאַ פאַנטאַסטיש בילד. סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי ברענגט אַרויס אין זיינער אַ דראַמע אַ פאַר־ברעכער־באַנדע. אָבער די פאַרברעכער־באַנדע — טראָגט מאַסקעס. די בלוט־זויגערס בלייבן נישט דערקענט. אין דער נאַכט פאַלן אָבער די מאַסקעס אַליין אַראָפּ. די מאַסקעס בונטעווען זיך. זיי קענען מער נישט זיצן אויף אַזעלכע רויע פּרצופים...

אין יאָר 1936 האָבן זיך די מאַסקעס נישט צעבונטעוועט. מען האָט פאַר־שמירט דאָס פּנים. מ׳האָט געקלאָונעוועט — און די שפּיל איז געגאַנגען.

דאָס — אַזוי וועט פאַרענדיקן דער היסטאָריקער אין יאָר צוויי טויזנט פינף און צוואַנציק אָדער גאָר צוויי טויזנט זיבן און דרייסיק — דאָס איז געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע און דערביי דאָס פּיינלעכסטע, דאָס אומהיימלעכסטע אין יאָר 1936. אין דעם האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די טראַגיק. די אַכזריות האָט זיך דאַן באַוויזן מיט באַפּוצונגען, מיט פליטערלעך, וועלף, וואָס פאַרצוקן, וואָס שאַרפן די ציין, וועלף מיט גראָבע עגאָיִסטישע פאַרלאַנגען, האָבן פאַרדעקט זייערע שאַרפע נעגל מיט זיידענע הענטשקעס, האָבן באַהאַלטן די רויבערישע אינסטינקטן אונ־טער אַ שלייער פון מאָראַל און הומאַניטאַריזם, און איינגעוויקלט דאָס טרפות אין „הייליקער אומשולד".

אין דאָזיקן מאַסקעס־יאָר האָט מען אַלע מאַסקעס געטראָגן אַ חוץ — די אייגענע, מיאוסע, עקלהאַפטע מאַסקע...

# 25 יאָר נאָכן בייליס־פּראָצעס

מיט 25 יאָר צוריק, אלול תרע״ג, איז די יידישע וועלט אין אַ פיבער־צושטאַנד אַריינגעטראָטן. עס איז ענדלעך גרויליק קלאָר געוואָרן: דער בייליס־פּראָצעס וועט פאָרקומען. מענדל בייליס וועט אַוועקגעזעצט ווערן אויף דער באַשולדי־קונגס־באַנק. דער פּראָצעס הייבט זיך אָן דעם 25סטן סעפּטעמבער.

ביז דער לעצטער מינוט האָט עס אויסגעזען אומגלויבלעך, אַז דער ווילדער פּראָצעס וועט ווירקלעך פאָרקומען, אַז אַ שטיק מיטל־עלטער וועט מיט זיין גאַנ־צער משונהדיקייט און אומהיימלעכקייט זיך איבערחזרן אין צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט, אַז אין אַן אייראָפּעיִשער מלוכה וועט אַ ייד געשטעלט ווערן פאַרן געריכט אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט דערמאָרדעט אַ קריסטלעך יינגל „צו ריטועלע צוועקן״.

אלול תרע״ג איז געווען אַ חודש פון טיפן יידישן פאָלקס־צער.

אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אין קיִעוו האָט זיך געפונען נישט בלויז מענדל בייליס. ער איז נאָר ווי דער סימבאָל, ווי דער מאַרטירערישער סימבאָל געווען. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אַוועקגעזעצט גע־וואָרן. אַ שענדלעכער בלבול איז אויפן יידישן פאָלק געפאַלן. די יידישע אמונה איז אויף אַ מוראדיקן אופן געטאַדלט געוואָרן. דער קיִעווער ייד מענדל בייליס האָט — לויט דער ליגנערישער פאַבריצירטער אָנקלאַגע — געטויט דאָס רוסישע יינגל אַנדריי יושטשינסקי, כדי מיט זיין בלוט זיך צו באַנוצן צו די פּסחדיקע מצות; בייליס האָט אויסגעפירט אַ „שליחות״ וואָס איז אים אָנגעטרויט געוואָרן מצד די יידן אין צאַרישן רוסלאַנד און אין גאָר דער וועלט.

אַן אימהדיק־פינצטערער, מיטל־עלטערלעך־מאָנסטרועלער פּראָצעס איז גע־ווען דער בייליס פּראָצעס.

נאָך 25 יאָר איז דער בייליס־פּראָצעס שוין געוואָרן אַ קלאַסישער פּראָצעס. די מאָמענטן, וואָס זענען פאַרן בייליס־פּראָצעס כאַראַקטעריסטיש, זענען כאַראַק־טעריסטיש פאַר אַלע אַזעלכע ענלעכע פּראָצעסן. די סצענעס, וואָס האָבן אויפן

דאָזיקן משפט זיך אָפגעשפּילט, שפּילן זיך אָפּ אויף אַלע אַזעלכע ענלעכע משפטים. די פיגורן, וואָס זענען פאַרן קיִעווער געריכט אַרויסגעטראָטן, טרעטן אַרויס פאַר אַלע אַזעלכע ענלעכע געריכטן. זעלטן וואָסער פאַסירונג עס ווערט נאָך 25 יאָר קלאַסיש. דער ביילִיס־פּראָצעס איז געוואָרן קלאַסיש.

ווילט איר וויסן ווער עס שטייט הינטער די קוליסן פון יעדן, אָבער טאַקע ממש יעדן פּראָצעס, אין וועלכן עס ווערט קעגן יידן אַרויסגערוקט אַ שענדלעכער און באַוווּסט־ליגנערישער בלבול? ווילט איר וויסן ווער עס פירט מיט יעדן אַזאַ פּראָצעס אָן? ווער עס רעזשיסירט און אינסצעניזירט? — בלעטערט איין מאָל און נאָך אַ מאָל אין די אַקטן פון ביילִיס־פּראָצעס און איר וועט אַלץ געוווּיר ווערן.

און נישט וויכטיק איז, וואָס דאָרט האָט זיך גראָד געהאַנדלט אין אַן עלילת־דם. פאַר די דאָרטיקע באַגריפן איז אַן עלילת־דם געווען דאָס „גרעסטע געווינס". יעדע תקופה האָט אירע בלבולים.

דער משפט קעגן ביילִיסן איז אָרגאַניזירט געוואָרן, איז צוגעגרייט געוואָרן און איז רעזשיסירט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט.

מ'האָט שוין אין יענעם טריבן אלול תרע"ג מכּוח דעם געמורמלט. היינט־צו־טאָג זענען עס נישט מער מורמלערייען. היינט איז אַ קלאָרער און זיכערער פאַקט. די דאָקומענטן און אַקטן, וואָס זענען געפונען געוואָרן אין די אַרכיוון פון צאַרישן יוסטיץ־מיניסטעריום, פון דער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג אין פּעטערבורג און פון דער געהיים־פּאָליציי אין קיִעוו, דערציילן דייטלעך: די צאַרישע רעגירונג איז געשטאַנען הינטער דעם נידערטרעכטיקן פּראָצעס.

דורך איר ווילן איז אַ ייד אָנגעקלאָגט געוואָרן אין אַ „ריטועלן מאָרד"; דורך איר ווילן זענען פאַרדעקט געוואָרן די שפּורן פון די אמתע מערדערס פון אַנדריי יושטשינסקי, און אַלע האָבן אָנגעהויבן טייטלען מיט די פינגער: ביילִיס האָט דאָס בלוט פאַרגאָסן...

דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו האָט פון זיין הויכער „יוסטיץ"־שטול געגעבן דירעקטיוון.

ער האָט געלערנט דעם פּראָפעסאָר טשאַפּלינסקי, וואָס אַלץ ער דאַרף אַריינ־שרייבן אין באַשולדיקונגס־אַקט.

און נישט בלויז דער מיניסטער פאַר די ענינים פון „יוסטיץ" איז געווען אין דער אַפּערע אַראַנזשירט. די גאַנצע צאַרישע סוויטע האָט דעם גיפט געמישט. דער גאַנצער פינצטערער אַפּאַראַט פון דער מלכות־הרשעה. דער צאַר אַליין.

דער שענדלעכער פּראָצעס איז דער שענדלעכער מאַכט נויטיק געווען.

ער איז איר נויטיק געווען צו די זעלבע צוועקן, צוליב וועלכע אַנטיסע־מיטישע רעגירונגען טרייבן אַ העצע קעגן יידן און גיבן אַרויס אַנטי־יידישע גזירות.

די צאַרישע רעגירונג איז אויסן געווען אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון

די מאַסן אין רוסלאַנד און זייערע אייגנטלעכע נויטן און אמת־ווערטיקע פּראָבלע־מען. זי איז אויסן געווען צו קאָמפּראָמיטירן און אַ טויטקלאַפּ צו געבן דער ליבע־ראַלער באַוועגונג אין לאַנד. זי איז אויסן געווען אין טייכן יידיש בלוט צו דער־טרינקען די אומצופרידנקייט פון המון.

און ווער פון די אַלע איצטיקע יורשים פון דער צאַרישער אידעאָלאָגיע איז דען נישט דאָס זעלבע אויסן? ווער שטרעבט נישט די זעלבע „צילן" (מלוכה־צילן!!) צו דערגרייכן מיט דער הילף פון בלבולים און פּאָגראָמען אויף יידן?

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען אויפן ביילים־פּראָצעס געווען די פיגורן. די פיגורן מצד דער באַשולדיקונג.

עס זענען אויפן דאָזיקן משפט געווען עדות ווי האישה וויעראַ טשעבעריאַק און אַנדערע, וואָס האָבן „אַלץ" געהערט און „אַלץ" געזען און אין זייערע דער־קלערונגען פאַרזיכערט, אַז מער ווי דעם אמת זענען זיי נישט אויס צו דערציילן. קיין אַנדערע טובה, ווי די טובה פון טייערן פאָטערלאַנד, ליגט זיי נישט אויפן זינען; עס זענען געווען עקספּערטן, וואָס זענען פּלוצלונג געוואָרן גאַנצע „למד־נים" אין יידישע אותיות. און דער עיקר — יענער הויפּט־למדן, דער רבי פון אַלע תלמוד־פעלשערס און פּאַסקוויל־שרייבערס, פּראַניייטיס, דער גלח פון טאַש־קענט, וואָס האָט געאיילט קיין קיִעוו כדי מיט פאַרגלאָצטע אויגן צו אַנטדעקן „די געהיימניש פון יידישן ריטואַל"; עס זענען געווען אַדוואָקאַטן פּאָגראָמשטשי־קעס, אַ יאַמיטיאַווסקי, אַ שמאַקאָוו, וואָס האָבן ביז צו לאַנגווייליקייט געדראָשן די פּאַטריאָטישע פראַזע און דעמאָנסטרירט מיט זייערע „נישט אינטערעסירטער" דינסט פאַרן ווויל פון פאָטערלאַנד...

מיט איין וואָרט: עס האָבן אָנטייל גענומען אין דעם דאָזיקן שפּיל פון עקל און חרפּה דאָס גאַנצע שוואַרצע געזינדל, וואָס פעלט קיין מאָל נישט אין אַזעלכע ספּעקטאַקלען.

אָבער איצט זענען פאַר אונדז באַקאַנט זאַכן וואָס זענען דאַן, מיט 25 יאָר צוריק, נישט געווען גענוג באַקאַנט. מיר ווייסן, אַז דער און יענער עדות האָבן באַקומען פאַר זייער עדות־זאָגן קעגן ביילִיסן, אַ סומע געלט אין האַנט; אַז דער און יענער עקספּערט האָבן געקריגן אַ הבטחה פון די אָפיציעלע ספערן, אַז בשׂכר זה וועלן זיי באַקומען הויכע פּאָסטנס, אַז דעם און יענעם אַדוואָקאַט האָט מען צוגעזאָגט, אַז פאַר זייער אַרבעט וועט זיי געגעבן ווערן דער שאַנס צו מאַכן גלענצנדיקע קאַריערעס אין דער מלוכה...

און מ׳קען, בכן, שאַפן אַ נייעם ווערטערבוך: וואָס איז דער טייטש „אמת", ווען ס׳זאָגט דאָס וואָרט אַרויס אַ וויעראַ טשעבעריאַק? — געלט. וואָס איז דער טייטש „קריסטנטום", ווען ס׳זאָגט דאָס וואָרט אַרויס אַ פּראַניייטיס? — אַ פּאָסטן.

וואָס איז דער טייטש „פּאַטריאָטיזם”, ווען ס׳קומט פון מויל פון אַ שמאַקאָוו? — קאַריערע.

נאָך 25 יאָר קענט איר דאָ און דאָרט, אויף דעם צי אויף יענעם פּראָצעס, ביי דער פּראָדוקציע פון דעם אָדער יענעם בלבול, באַגעגענען די אייגענע עדות, די אייגענע גלחים־יידן־קענערס, די אייגענע אַדוואָקאַטן; און הגם אונטער אַנדערע נעמען — די „אַרגומענטן” זענען פאַרבליבן די זעלבע. די „קלינגענדיקע”, „איבערצייגנדיקע” — אוי, ווי איבערצייגנדיקע! — אַרגומענטן...

ווי אַ ביישפּיל פאַר דורות זענען אָבער פאַרבליבן נישט בלויז די שוואַרצע געשטאַלטן פון ביילים־פּראָצעס. קלאַסיש איז ער געווען מענדל ביילים.

אומגעריכט האָט מענדל ביילים אין איינעם אַ טאָג זיך דערוווּסט, אַז אויף אים איז געפאַלן דער גורל צו זיין דער שליח־ציבור פון די ליידן און פּיין פון יידישן פאָלק.

ער איז געווען אַ פּשוטער ייד. אָנגעשטעלט אין אַ פאַבריק, אָבער קוים האָט ער דערזען, אַז אויף זיינע געבויגענע אַקסלען ליגט די לאַסט פון יידישן מאַרטירערטום, איז ער אויסגעוואַקסן. דער פאָלקסמענטש האָט מיט פולן באַוווּסטזיין גענומען אויף זיך די מיסיע פון אַ יידישן מאַרטירער.

מיט וווּנדערלעכן גלייכגעוויכט האָט מענדל ביילים אויסגעהערט אַלץ, וואָס... מענדל האָט אָפּגעטאָן מיטן קריסטלעכן יינגל. ער איז נישט צעטומלט געוואָרן. ער איז נישט געוואָרן צעמישט און צעשמעטערט. ער האָט זיך דערהויבן צו כאַראַקטעריש־פעסטקייט. דער פּראָקוראָר האָט אים מיט כלערליי מיטלען געפּרוווט צערודערן בעת די קרייץ־פאַרהערן, אַרויסקריגן עפּעס אַ דערקלערונג, וואָס זאָל קאָנען נוצן אַלס באַווייז קעגן אים און קעגן דעם יידישן פאָלק, אַז דער עלילת־דם איז דאָך „באַגרינדעט” — אָבער דער איינפאַכער יידישער מענטש מענדל ביילים האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די שפּיצלעך און דעם גיפט פון דער שלאַנג.

# דער געטאָ שווימט אויפֿן דונאַי

וואָס איז געוואָרן מיטן שווימענדיקן געטאָ?

אין מאָמענט, ווען די שורות ווערן געשריבן, איז נאָך דער גורל פונעם געטאָ, וואָס שווימט אויפן דונאַי, נישט באַקאַנט. מיר ווייסן נישט, ווי אַזוי עס האָט זיך פאַרענדיקט די ביישפּיללאָזע וואָגלעניש פון די 47 אומגליקלעכע יידן. צי האָט זיך אָפּגעפונען אַ מלוכה, וואָס האָט זיי צו זיך אַריינגעלאָזט, צי שלעפן זיי זיך ווייטער אויפן צעבראָכענעם שיפל אויף די וואַסערן פון דונאַי, אָדער איז, חלילה, פאַרווירקלעכט געוואָרן די דראָונג פון דער אונגאַרישער רעגירונג, אַז — אויב די פּליטים וועלן ביז די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער נישט אָפּזוכן פאַר זיך אַ לאַנד, וועלן איבערגעשניטן ווערן די שטריק וואָס בינדן דאָס שלעפּשיפל צו צום ברעג, און די „פּאַסאַזשירן" וועלן גיין צום גרונט.

מיט פיר חדשים צוריק זענען די הימלאָזע יידן אַריינגעזעצט געוואָרן אינעם שלעפּשיפל.

זיי זענען אַריינגעזעצט געוואָרן „אויף דערווייל". עס האָבן אין משך פון דער צייט זיך באַדאַרפט אויסגעפינען מלוכות, וואָס וועלן מסכים זיין זיי אויפצונעמען. אָבער „אין דער וועלט" האָט אין משך פון דער צייט גאָרנישט זיך געענדערט. די גאַסטפריינדלעכע מלוכות האָבן נישט צוגעשיקט אָפּערטעס. דערפאַר האָט זיך זייער פיל געענדערט אויפן שיפל.

מיט פיר חדשים צוריק האָט דער שווימענדיקער געטאָ געציילט 57 מיטגלי־דער. איצט ציילט ער — 47. צען זענען אומגעקומען. אומגעקומען פון די גליִענ־דיקע זון־שטראַלן. אומגעקומען פון די ווערים און אינזעקטן, מיט וועלכע דאָס שיפל איז פול. אויפגעפרעסן פון ריזיקע מייז, וואָס קריכן דאָ אַרום און טומלען אומהיימלעך טאָג און נאַכט.

און נאָך עפּעס האָט זיך געענדערט. מיט פיר חדשים צוריק האָט די אונגאַ־רישע מאַכט, וואָס צו אירע גרענעצן שלאָגט אָן דער דונאַי, מסכים געווען, אַז די פּליטים זאָלן אַרומשווימען אויפן טייך. איצט וויל די אונגאַרישע מאַכט אויך דעם דאָזיקן „אַזיל" נישט פאַרטראָגן. אַן „אולטימאַטום" איז צו די „ים־בירגערס"

אַרויסגעגעבן געוואָרן: פאַרשווינדט, אָדער מיר שניידן איבער די שטריק און שטויסן אייך מיטן שיפל צוזאַמען אין אָפּגרונט!...
וואָס איז געוואָרן מיט די 47 יידן אָן אַ היים, אָן אַ לאַנד, אָן אַ פּאַס?

אין דער נאַכט פון 15טן אויפן 16טן אַפּריל האָט זיך געעפנט דאָס קאַפּיטל פון פּיין פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן.

ביז יענער נאַכט זענען זיי נישט געשוווּמען הפקר אין די וואַסערן. ביז יענער נאַכט זענען זיי געווען ווי מענטשן גלייך. ווי אַלע מענטשן געהאַט אַ היים, אַ דאַך איבערן קאָפּ, געווען אַפילו פאַרמעגלעך. געהאַט קראָמען, וואַרשטאַטן, פאַבריקן.

אינעם שטעטל קיטזעע האָבן זיי געוווינט.

דאָס איז אַ שטעטל אין עסטרייך. אין דער עסטרייכישער גרענעץ־פּראָווינץ בורגענלאַנד.

דאָס איז די פּראָווינץ בורגענלאַנד, וואָס פאַרנעמט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע. דאָס איז די פּראָווינץ, וואָס ווערט אין דער יידישער פאַרגאַנגענהייט גערופן „שבע קהילות" צוליב די זיבן קהילות וואָס האָבן אין די זיבן בורגענלענדישע שטעט געבליט. דאָס איז די פּראָווינץ, וווּ דער יידישער ישוב איז אַלט, זינט דורות איינגעפונדעוועט, זינט דורות פאַרוואָרצלט.

אָבער אין יענער נאַכט איז דאָס בורגענלענדישע שטעטעלע קיטזעע, גענוי ווי די גאַנצע פּראָווינץ, וואָס האָט רויִק געדרימלט אויף דער גרענעץ צווישן עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיי און אונגאַרן, אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ שרעקלעך וואָרט: אַנשלוס.

די נאַציס האָבן אַריינמאַרשירט קיין עסטרייך. נישטאָ מער עסטרייך. ס'איז דאָ איין גרויס, אומהיימלעך נאַצי־לאַנד.

אינעם שטילן שטעטל האָט גלייך אָפּגעהילכט דאָס ווילדע געשריי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן טראָגן איבער עסטרייך: „יידן אַרויס!"...

אין קיטזעע איז צו מאָל קיין טערמין נישט געגעבן געוואָרן, ביז וועלכן די יידן דאַרפן מאַכן זייערע צוגרייטונגען און אָפּפאָרן. אין דער נאַכט פון 15טן אויפן 16טן אַפּריל — און געווען איז דאָס גראָד אין דער ערשטער סדר־נאַכט — האָבן נאַציס זיך אַריינגעריסן אין די יידישע וווינונגען. מיט געוואַלד אַוועקגענומען די יידן פון די יום־טובדיק געגרייטע טישן, פון די הגדות. מיט רימער געשלאָגן. גאָרנישט, די מינדסטע קלייניקייט נישט געלאָזט מיטנעמען. נאָר שטרענג באַפוילן — „קומט!"

דער פאַרטאָג האָט אָנגעהויבן גרויען. אַ צוג פון 57 יידן איז געגאַנגען איבער די גאַסן. אַ צוג אַרומגערינגלט פון שטורמיסטן.

די יידן זענען צוגעפירט געוואָרן צו וואַלד און פעלד. דאָ זענען איינער נאָכן אַנדערן „אַריבערגעוואָרפן" געוואָרן איבער דער גרענעץ. מענער, פרויען, קינדער. זאָל געשען מיט זיי וואָס עס וויל!

אָבער די גרענעץ־וואַך פון טשעכאָסלאָוואַקיי האָט רחמנות געהאַט אויף די קרבנות פון ווילקיר. זי האָט זיי צו מאָרגנס פאַרזאָרגט מיט אַ ביסל עסן און זיי אַוועקגעפירט אין דער נאָענטער טשעכישער שטאָט פּרעשבורג.

עס האָט וועד געקענט גלויבן, אַז אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי וועט מען געבן אַזילרעכט די מיט אַכזריות פאַרטריבענע יידן. אָבער אַזוי איז נישט געשען. די שווידער־עפּאָפּיי פון די יידן פון קיטזועע הייבט זיך איצט אָן.

די טשעכישע רעגירונג האָט באַשלאָסן די פּליטים נישט צו לאָזן אין לאַנד. דער מאָטיוו: עס טאָר נישט די הערן פון „דריטן רייך" געגעבן ווערן אָט אַזאַ ביישפּיל. מאָרגן קענען די דאָזיקע הערן די שפּיל איבערחזרן און גאַנצע מחנות יידן אַריבערטראַנספּאָרטירן איבער דער גרענעץ.

אָבער וואָס פאָרט טאָן מיט די יידן, וואָס זענען צו מאָל אָן אַ פּאַס און דאָקו־מענטן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען? — מ'האָט אויסגעזוכט עפּעס אַ שלעפּשיפּל, וואָס נוצט שוין צו גאָרנישט. מ'האָט די זאַך אַדורכגערעדט מיט אונגאַרן. די 57 יידן פון קיטזועע האָבן באַקומען דאָס „רעכט" זיך צו באַוועגן אויף די וואַסערן פון דונאַי.

יאָ, 57 זענען זיי געווען. היינט זענען נישטאָ מער ווי 47. זעקס און פערציק יידן און איין קריסטין. אַ בלאָנדע אַריערין, אַ דייטשע פרוי, וואָס האָט מיטן גוטן ווילן אויף זיך גענומען די לאַסט פון פּיין. זי איז די פריינדין געווען פון אַ יידישער פאַמיליע. איך משך פון יאָרן זיך מיט דער יידישער פאַמיליע איינגע־לעבט. ווען זי איז יענעם 16טן אַפּריל אויפגעשטאַנען אין דער פרי האָט זי באַ־מערקט: נישטאָ מער אירע יידישע פריינד. זי האָט זיי אָנגעהויבן זוכן. נאָך עטלעכע טעג האָט זי זיך דערוווּסט, אַז זיי שווימען אויף דעם שיפל. האָט זי די גרענעץ אַדורכגעשמוגלט און אַרויס. אַרויס צום דונאַי. אָפּגעפינען אירע יידישע פריינד. געטראָפן זיי, פאַר דער צייט פאַרעלטערטע. מיט אַזאַ טיפן טרויער אין די אויגן. זי האָט זיך צו זיי געוואָרפן אין די אָרעמס. און — נישט געוואָלט מער אָפּטרעטן. זי האָט געזאָגט, אַז אין נאַציש־בושעווענדיקן קיטזועע איז איר ענגער, אומהיימלעכער, שטיקנדיקער, ווי דאָ אויפן שלעפּשיפל, מיטן צער, מיט דעם אומעט, מיט די גרויסע, ריזיקע מייז!...

דאָס פּראָבלעם פון שווימענדיקן געטאָ האָט זיך שוין געפונען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער פּליטים־קאָנפערענץ אין עוויאַן. דורכן ה' האַרי גודמאַן פון לאָנדאָן איז זייער פיל מי און אָנשטרענג אַנגעווענדט געוואָרן, אַז די קאָנפערענץ זאָל אונטערנעמען אַנטשלאָסענע שריט צו דערליידיקן די פראַגע פון די 47 היימ־לאָזע וואָגלענדיקע יידן. אָבער, ווי עס זעט אויס, האָבן די אָנשטרענגונגען צו

גאָרנישט דערפירט. עוויאַן האָט געקרעכצט, און דער געטאָ אויפן דונאַי איז ווייטער געשווומען, ווייטער געוואָגלט, צווישן הימל און ערד, פון פּאָרט צו פּאָרט, ווי דאָס געשפּענסט פון דער איצטיקער צייט. און ענדלעך — זיך דערוואָרט אויפן געהתמעטן אורטייל פון דער אונגאַרישער מאַכט.

וואָס וועט איצט ווערן מיט דער „עקספּעדיציע״ פון די 47 מענטשן, 46 יידן פּלוס 1 ריינע אַריערין? — וועט זיך אָפּגעפינען אַ לאַנד, וואָס וועט באַוויליקן צו ראַטעווען די היימלאָזע, אָדער וועלן זיי — דורך דער אַכזריותדיקער פאַר־אָרדענונג — אַראָפּגעגליטשט ווערן אין די וואַסערן פונעם טייך, וועלכן מ׳האָט אין לוסטיקע צייטן גערופן „דער שיינער, בלויער דונאַי?״...

אפשר אין מאָמענט, ווען דער לייענער וועט לייענען די שורות, וועט ער שוין קענען דעם סוף פון דער דאָזיקער טרויעריקער עפּאָפּיי.

אָבער לאָמיר אַ רגע אָננעמען: דאָס גליק איז געשען: די 47 פּליטים האָבן אַרויסגעצויגן דאָס „גרויסע געווינס״. זיי זענען ערגעץ ווו אַריינגעלאָזט געוואָרן. צי הערט צוליב דעם די געשיכטע מיטן שווימענדיקן געטאָ אויף צו זיין איינע פון די סאַמע טריבסטע סימבאָלישע געשיכטעס פון אונדזער דור?

מיט יעדן טאָג צעוואַקסט זיך אַלץ שאַרפער דאָס פּליטים־פּראָבלעם. מיר האָבן זיך נישט וואָס צו נאַרן: דער היטלעריזם מאַרשירט נישט בלויז קאָנסעקווענט אויפן פעלד פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק. ער פירט אויס אין לעבן אַלץ, וואָס עס איז געווען אָנגעשריבן אין זיין טעאָריע פון אַנטי־יידישער מלחמה. געבעלס האָט אַ מאָל געזאָגט אין אַ רעדע: „מיר וועלן מער נישט אָפּטאָן די נאַרישקייט פון פּרעה מלך מצרים, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט די יידן מיט אַ גרויסן פאַר־מעגן. מיר וועלן זיי צווינגען דערצו, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן אונדזער לאַנד ווי „בעטלערס״. די דאָזיקע ווערטער זענען צו ערשט באַטראַכט געוואָרן ווי דעמאַ־גאָגיע. אָבער זענען היינט־צו־טאָג נויטיק נאָך מער באַווייזן, אַז געבעלס און זיינע לייט האַלטן וואָרט?...

די דעמאָקראַטישע מלוכות פירן אַ ביטערן געראַנגל קעגן די פּלענער פון דער נאַצי־מאַכט. אָבער אויב אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק זענען ווירקלעך דאָ קאָמפּליצירטע פּראַגעס, וועלכע עס איזביים בעסטן ווילן זייער שווער צו לייזן — זענען דען די שוועריקייטן פונעם זעלבן מין אויך פאַראַן אין דעם, וואָס איז נוגע די פּליטים? — זענען נישט די דעמאָקראַטישע מלוכות גענוג שטאַרק צו לייזן די פּראַגע פון די אומגליקלעכע מענטשן, וואָס זענען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג? — און — דער אויסטערלישסטער קוריאָז — איז שוין ווירקלעך נישטאָ אין קיין שום טעריטאָריע, וואָס געפינט זיך אין באַזיץ פון די דעמאָקראַ־טישע מלוכות, קיין אָרט פאַר 47 יידן, וואָס שווימען הפקר אויף די וואַסערן?...

איז קיין שום לאַנד נישט אין שטאַנד צו פאַרשאַפן אַ שטיקל אָרט, אַ דאַך איבערן קאָפּ פון 47 אומגליקלעכע פּליטים ?...

און ווי מיר זאָלן נישט פּרוון פאַרשטיין די מאָטיוון, מיט וועלכע די דעמאָ־קראַטישע מלוכות פאַרענטפערן זייער האַנדלונג, איז דאָך אונדז פון דעסטוועגן אוממעגלעך צו פאַרשטיין אָט די האַנדלונג. אוממעגלעך צו פאַרשטיין אָט דאָס „שליידערן" יידן איבער דער גרענעץ, ווי פּילקעס, אָט דאָס פאַרשיקן פּליטים אין תּפיסות. אוממעגלעך צו פאַרשטיין, ווייל אין אונדזער באַוווסטזיין איז גראָד יאָ אַריינגעדרונגען דאָס געבאָט פון טויזנטער יאָרן צוריק: „ואהבתם את הגר..."

די עלעמענטאַרסטע פּרינציפּן פון גאַסטפריינדלעכקייט און אַזילרעכט פאַר־פליכטן נישט מער.

וואָס איז געוואָרן מיטן שווימענדיקן געטאָ ? — ווי אַזוי די דראַמע פון פּיין זאָל זיך נישט פאַרענדיקן — אינעם צעבראָכענעם שיפל אויפן דונאַי זיצן נישט בלויז 47 עלנטע, היימלאָזע מענטשן — עס זיצט אייראָפּע. אייראָפּע טרייבט דאָס שלעפּשיפל — נישט בלויז דאָס נאַצישע שטיק אייראָפּע, נאָר אויך — דאָס צווייטע. די אייראָפּע פון עוויאַן. פון לאָנדאָן.

פון אַ פראַנצויזישער צייטונג, וואָס ליגט פאַר מיר, קוקן אַראָפּ צוויי בילדער פון שווימענדיקן געטאָ.

דאָס שלעפּשיפל איז געוואָרן אַן „אַטראַקציע" פאַר דער וועלט־פּרעסע. זשור־נאַליסטן פאָרן אַהין. נעמען „אינטערוויוען". כאַפּן אַראָפּ „אויפנאַמעס".

אָט איז איין בילד: די „ים־בירגערס" שטייען אויפן שיפל צונויפגעדרוקט. פאַרצערט פון נויט און פּיין, מענער, פרויען, קינדער. אַ געמיש פון שרעק, צער, וואַנזין, פאַרצווייפלונג אין זייערע אויגן. און אַזוי פיל תּפילה, גרויסע, דערשיטע־רנדיקע תּפילה.

אָט איז דאָס צווייטע בילד: אַ באַראַטונג פון די זקנים פון דער שיף. דער טערמין רוקט אָן. די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער. וואָס וועט מיט זיי ווערן ? — פינף זקנים זיצן און באַראַטן זיך. יידן מיט ווייסע בערד. אין קאַפּלען. און פּנימער צעשניטענע פון קנייטשן. און שמייכלען פון טויט, פאַרגליווערטע אין די ליפּן־ווינקלען. און דאָך — אַ באַראַטונג. די לעצטע פונקען פון האָפענונג טליִען אויף. מוזן דען נישט יידן האָפן ביז דעם לעצטן מאָמענט, און אַפילו ווען אַ בלאַנקענדיקע שווערד פאָכעט איבער דיין האַלדז, טאָרסטו דען זיך מתייאש זיין פון רחמים ?...

אומגליקלעכע ברידער אויפן שלעפּשיפל : נישט בלויז דער געטאָ פון אייער שטעטל קיטזעע שווימט הפקר אויף די וואַסערן. אונדזערע אַלעמענס געטאָס טיילן איצט דעם זעלבן גורל. איר זענט דער סימבאָל געוואָרן פון אונדזער אַלעמענס

פיין און מאַרטירערטום. און אויב אייער פּראָווינץ בורגענלאַנד איז אַריין אין דער ייִדישער געשיכטע מיט איר שיינער פאַרגאַנגענהייט, וועט אויך אין דער געשיכטע אַריין איר סימבאָלישע קעגנוואַרט, ווי „על נהרות בבל‟, וועט אין אַלע ייִדישע קיבוצים אָפּקלינגען די טרויער־מעלאָדיע פון „על נהרות דונאַי‟...

## צוליב וואָס די וועלט האָט געבלוטיקט...
### (אין 21סטן יאָרצײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

„...און עס וועלן אויפשטיין פון די אָקאָפּעס מיליאָנען טויטע, טויטע פון אַלע פעלקער, און זיי וועלן זיך נעמען ביי די הענט, און זיי וועלן מאַרשירן און מאָנען זייער קריוודע און פאַרלאַנגען גערעכטיקייט פאַר זייער לעבן, וואָס איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זין"... (פון רעמאַרקס מלחמה־בוך).

זי האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַנצן אַנדערש די וועלט־מלחמה. אַנדערש ווי איר מיינט.

אָפיציעל, אין די געשיכטע־ביכער ווערט דערציילט:

דעם 28סטן יוני 1914 פאָרט דער עסטרייכישער קרוינפּרינץ פראַנץ פערדינאַנד מיט זיין פרוי אויף אַ באַזוך קיין סאַראַיעוואָ, די באַלקאַנישע שטאָט, וואָס האָט געהערט צו עסטרייך.

טרעפט אָן אומגליק: אַ שאָס פאַלט אין אויטאָ, אין וועלכן די געסט פאָרן. דער קרוינפּרינץ און זיין פרוי קומען אום. דער מערדער ווערט געכאַפּט. ער איז אַ סערבישער סטודענט. זיין נאָמען: גאַבריעל פּרינציפּ. ער דערקלערט: דעם אַטענטאַט האָב איך אויסגעפירט ווייל כ'האָב דעם קרוינפּרינץ געהאַלטן פאַר אַ שונא פון סערבישן פאָלק און פון דער סערבישער פרייהייט.

דער שאָס אין סאַראַיעוואָ רופט אַרויס אַ פאַרשטענדלעכע מהומה אין ווין. דער אַלטער קייזער פראַנץ יאָזעף איז צעבראָכן. דער הויף איז דערשיטערט. אַזאַ אומגליק! אַזאַ הימל־שרייענדיקער פאַרברעכן! אין עסטרייך הערשט טרויער. דאָס בלוט פון קרוינפּרינץ זידט, עס רופט, עס מאָנט נקמה...

איז מען געגאַנגען נעמען נקמה. סערביע איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן מאָרד. סערביע מוז באַצאָלן. אַ „היילקער" פאָלקס־צאָרן צינדט זיך אָן. נאָטעס ווערן אָפּגעקלאַפּט. אולטימאַטומס ווערן צעשיקט.

און אַזוי פאַרקאָכט זיך דער קריג.

עס חקרענען זיך די געשיכטע־שרייבערס און עס דערלויבט זיך צו צווייפלען דער מענטש פון גאַס, צי צוליב איין מענטש איז ווירקלעך כדאי געווען אומ־

צוברענגען צ ע ן מ י ל י אָ ן מענטשן; מאַכן אַ תל פון אַ גאַנצער וועלט און זי פאַרוואַנדלען אין אַ בלוטיק שעכטהויז.

אָבער — אַז סערבישע נאַציאָנאַליסטן האָבן טאַקע אונטערגעשניטן דאָס לעבן פון פּרינץ פּערדינאַנד, אַז זיי זענען אַזוי אַרום אויסן געווען צו פּראָטעסטירן קעגן דער עסטרייכישער הערשאַפט אויפן באַלקאַן — דאָס איז זיכער און קלאָר פאַר יעדן.

ווערט מען איצט געוווּיר אין גאַנצן אַ נייע זאַך.

עס שמעקט מיט סענסאַציע אַפילו — דערצו איז עס דאָך אַן אַנטדעקונג — נישט מער און נישט ווייניקער: עסטרייך אַליין האָט געוואָלט אומברענגען דעם קרוינפּרינץ; דער סערבישער סטודענט גאַבריעל פּרינציפּ האָט אייגנטלעך אויס־געפירט אַ שליחות פון עסטרייך, אויב נישט פון סאַמע קעניגלעכן הויף.

אוממעגלעך! — זאָגט איר — ס׳איז אַ שקר־בלבול, מען וויל שטערן די מנוחה פון קיר״ה...

ניין. מעגלעך איז עס דווקא יאָ. און אַזוי איז טאַקע געווען אויך. דער, וואָס זאָגט דאָס, איז אַ בר־סמכא: עריק אַנדערמאַן, אַ באַקאַנטער היסטאָריקער און פאָרשער, מאַכט די אַנטפּלעקונג. ער הייבט אויף דעם שלייער. און מען קען צו זיינע רייד צולייגן וואָג. בפרט, ווען ער שטיצט זיך אויף דאָקומענטן, פאַקטן און באַווייזן.

מען האָט אין ווין גאַנץ גענוי געוווּסט, אַז עס דראָט אַ געפאַר דעם קרוינ־פּרינץ. עס האָט געוווּסט פון אַטענטאַט דער עסטרייכישער גובערנאַטאָר אין סאַראַ־יעוואָ, עס האָט געהאַט אינפאָרמאַציעס דער קייזערלעכער מיניסטער בילינסקי. ער האָט דערהאַלטן בריוו אין וועלכע אומבאַקאַנטע פּערזאָנען האָבן אים גע־שריבן, אַז עס גרייט זיך אַן אַטענטאַט אויפן קרוינפּרינץ. מען האָט אַפילו אויס־גערעכנט ווער עס זענען די, וואָס פּלאַנעווען אויסצופירן דעם מאָרד. עס האָט זיך דאָרט געפונען אויך דער נאָמען פון גאַבריעל פּרינציפּ. און דאָך זענען די אַלע מענטשן ווייטער געבליבן אויף דער פריי. מען האָט זיי צו מאָל נישט אַרונ־טערגעוואָרפן אונטער פּאָליציייִשער אויפזיכט.

ער אַליין, דער קרוינפּרינץ, האָט זייער נישט געוואָלט פאָרן קיין סאַראַיעוואָ. צי דאָס האַרץ האָט אים עפּעס פאָרויסגעזאָגט, צי ער האָט געהאַט אַ באַגרינדעטן פּחד — אַ פאַקט איז, ער האָט קיין חשק נישט געהאַט. מיט אַלע כוחות האָט ער געוואָלט אָפּציִען די נסיעה. ער האָט געטענהט, אַז עס איז אַ סכּנה צו לאָזן זיך אין אַזאַ אומרויִקער צייט אויפן באַלקאַן, און גראָד דעמאָלט, ווען די סערבן האָבן זייער נאַציאָנאַלן טרויערטאָג און די געמיטער זענען ביי זיי פאַרביטערט. דעם

28סטן יוני האָבן די סערבן מיט 500 יאָר צוריק פֿאַרלוירן די אומאָפּהענגיקייט. אַלע יאָרן פֿייערן זיי אין דעם טאָג יענע וויטיקלעכע מפּלה מיט רעדעס און געזאַנג וועגן חורבן און וועגן דעם שטרעבן צו אויפֿלעבונג.

דער קרוינפּרינץ האָט זיך געקלאָגט:

— דאָס קומען אין אַזאַ טאָג וואָלט נאָך שאַרפֿער אויפֿגעקאָכט זייער בלוט, וואָלט נאָך פֿאַרגרעסערט זייער צער און צאָרן.

אָבער מען הערט אים נישט דעם יורש־העצר. מען הייסט אים פֿאָרן.

און ווען ער זעט, אַז זיין גזר איז שוין געחתמעט, אַז די מיניסטאָרן, דער קייזער, אַלע ווילן אים דווקא שיקן דאָרט, ווו אים ווילט זיך אַזוי שטאַרק נישט — בעט ער כאָטש אַ שטאַרקע שמירה.

אָבער אויך אויף דעם גייען נישט איין די אַריסטאָקראַטישע קרייזן. זיי לאַכן פֿונעם בעל־פּחדן, פֿונעם „טכוזש", מ׳קוקט אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ און מ׳פֿאַרזיכערט אים, אַז זיין מורא איז אומבאַגרינדעט, אַז עס וועט פֿון אים קיין האָר נישט געמינערט ווערן.

מען זאָגט אַזוי, הגם די באַריכטן פֿון דער עסטרייכישער געהיים־פּאָליציי גיבן גאַנץ אומצווײדייטנדיק צו פֿאַרשטיין, אַז קינד־און־קייט רעדן אין סאַראַיעוואָ וועגן אַ פּלאַן צו דערמאָרדן פּראַנץ פֿערדינאַנדן...

איז ער בלאַס דער אָרעמער קרוינפּרינץ. טויטשרעק מאָלט זיך אויף זיין פּנים. ער פֿאַרברענגט שלאָפֿלאָזע קאָשמאַר־נעכט.

אָבער פֿאָרן פֿאָרט ער. פֿאָרן מוז ער.

ווי ער קומט אין סאַראַיעוואָ, באַפֿאַלט אים אַ שרעקלעכע אומהיימלעכקייט. ער זעט די המונים, וואָס זענען פֿאַרזאַמלט אויף די גאַסן בכדי צו דעמאָנסטרירן דעם ווילן צו פֿרייהייט, וואָס לעבט אין זיי טראָץ דער לאַנגער קנעכטשאַפֿט און שפּלות — און עס וואַקסט נאָך שטאַרקער זיין אומרו. קוקט ער זיך אַרום, זעט ער, די פּאָליציייִשע שמירה איז גאָר אַ שוואַכע. אַזוי איז געווען דער באַפֿעל פֿון ווין. נישט רייצן די געפֿילן פֿון דער באַפֿעלקערונג מיט אַ צו צאָלרייכער וואַך. פֿאַרקערט, מען דאַרף היטן וואָס ווייניקער. נישט געפֿערלעך...

שטייגט ער איין אין אַן אויטאָ. פֿיר אויטאָס פֿאָרן. אין ערשטן זיצט דער רעגירונגס־קאָמיסאַר און דער בירגערמייסטער, אין צווייטן — ער און זיין פֿרוי, נאָך זיי — דער גובערנאַטאָר פֿון באָסניע און הערצעגאָווינאַ, און דערנאָך — די סוויטע. אַ המון רינגלט אַרום די אויטאָס. די ליאַרעמס וואַקסן. צי מען באַגריסט, צי מען שעלט — ווער קען עס אונטערשיידן אין אַזאַ מהומה? און פּלוצלינג: אַ שאָס. עפּעס אַ פּאַקעט פֿאַלט נעבן די געסט, עפּעס שפּרינגט אָפּ. און עפּעס רייסט אויף. אַ באָמבע! די אויטאָס שטעלן זיך. צוויי אָפֿיצירן זענען פֿאַרוווּנדעט.

דער קרוינפּרינץ איז צעשראָקן. בכן, זיין מורא איז געווען באַגרינדעט. וואָס

בלייבט איצט צו טאָן? ווער מען איצט כאַטש שאַפן אַ קאָרדאָן, אַ קייט פון אַ פּאָליציי־וואַך, וואָס זאָל נישט לאָזן דעם המון נאָענט צוגיין צו די אויטאָס?

ער שעמט זיך אַרויסצווייזן זיין שרעק. ער גלייבט, אַז דער גובערנאַטאָר ווייסט אַליין האָבן שׂכל. צום סוף פאָרט מען ווייטער, און גאָרנישט. ער קען אַזש דאָס מויל נישט עפענען. ער ציטערט. שווער קומט אים אָן זיך צו באַהערשן. נאַרישקייטן! — זאָגט ער, און דאָס האַרץ שלאָגט אַזוי הילכיק.

די מאַסן וואַקסן. אַזאַ אומרו יאָגט פון זיי. און אַזאַ שווערע טריבקייט. איז באמת סאַראַיעוואָ פול מיט באָמבע־וואַרפערס?

צוויי שאָסן לעכערן אַדורך די לופט. דער קרוינפּרינץ באַגיסט זיך מיט בלוט. זיין פרוי פאַלט. עס איז געשען דאָס, וואָס ער האָט געזען אין די נעכט פון פּיין און קאָשמאַר.

און ווי מאָדנע שטעלט זיך פאָר די זאַך מיטן מערדער! דער סטודענט פּרינץ־ציפּ פירט אויס דעם אַטענטאַט אין נאָמען פון באַליידיקטן און פאַרשקלאַפטן סערביע. און זיין פאָטער — אַרבעט אין דער עסטרייכישער געהיים־פּאָליציי, און דער חבר מיט וועמען ער שטייט אויף דער גאַס, געהערט גאָר צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אַ קאַמף מיט דער סערבישער רעגירונג.

די אויספאָרשונג שטעלט פעסט אַז דער מערדער איז נישט געווען קיין שליח פון סערביע; הגם עסטרייך גייט עס ממש אין — לעבן. צו באַווייזן אַזאַ זאַך, קענען פאָרט נישט געפינען ווערן קיין פעדים, וואָס זאָלן בינדן דעם פאַרברעכער מיט בעלגראַד.

אַפילו דער מיניסטער בילינסקי מוז טעלעגראַפירן... נישטאָ קיין שום רעכט אַרויפצוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף סערביע.

אָבער — היינט, 21 יאָר נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן מיר דאָס רעכט אַרויפצוואַרפן די שולד פאַרן מאָרד פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ, נישט אויף עמעצן אַנדערש, ווי — אויף עסטרייך...

וואָס האָט מען אין די אַריסטאָקראַטישע ספערן אין ווין געהאַט צו פראַנץ פערדינאַנד?

אָ, מען האָט אַ סך געהאַט!

ער האָט קאָמפּראָמיטירט דעם קייזערלעכן הויף: אַנשטאָט חתונה צו האָבן מיט אַ פּרינצעסין, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פּשוטער גראַפין זאָפיאַ כאָטעק, וואָס האָט נישט געשטאַמט פון גאָר גרויסן יחוס. צו ערשט האָט זיך געטאָן צוליב

דער מעשׂה חושך. אָבער זעענדיק, אַז דער קרוינפּרינץ וויל באַין־אופן נישט אָפּ־לאָזן דעם שידוך, האָט מען אים מיט זיין פּרוי אָנגעהויבן פיינט האָבן.

מען האָט צו זיי געפּילט אַזאַ געוואַלדיקע פּרימיטיווע שׂינאה, וואָס איז כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר די צעפוילטע און פּוסטע אַריסטאָקראַטישע משפּחות. מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף מוראדיקע פאַרברעכערס, ווי אויף אַזעלכע, וואָס עס איז זיי אַ מצווה צו צעטרעטן, ווי אַ שפּין...

מען האָט כּסדר געפּלאַנעוועט, וואָס פאַר אַ מיתה מען דאַרף פאַר זיי אויס־קלייבן, כּסדר זיך בּאַראַטן אין געהיים און אינטריגעוועט, ווי אַזוי די חרפּה קען אויסגעמיטן ווערן, אַז דער דאָזיקער פּראַנץ פערדינאַנד מיט זיין פּראַגין זאָלן נישט חלילה ווערן די הערשערס איבער עסטרייך.

און דאָ ווערט דער קייזער אַלט. די שעה זאָל נישט געשען, ער קען פאַרמאַכן אַן אויג. און דאַן — דאַן ווערט דאָך פאַרשוועכט דער כּבוד פון דער מלוכה.

פאַלט דער אויסוואַל אויף סאַראַיעוואָ. דאָרט דאַרף ענדלעך געשען דער משפּט.

גלויבן זיי נישט, ווען זיי וויינען און שרייען דערהערנדיק די ידיעה וועגן אומגליק!

עס זענען צביעותדיקע קראָקאָדיל־טרערן! דאָס וויינט מען צוליב דער „גאָס", דאָס לאָזט מען אַ זיפץ, כּדי מען זאָל האָבן אַ סיבה צו גיין אין מלחמה מיט סער־ביע. ווייל אין האַרצן פרייען זיי זיך. און אַפילו דער אַלטער פּראַנץ יאָזעף זאָגט: אַזוי האָט געדאַרפט געשען, אָרדענונג מוז הערשן...

זעט ווי אַזוי זיי פאַרהאַלטן זיך בעת עס קומט פאַר די לוויה פון די אומגע־קומענע! נאָכן אָרון גייט בלויז פערדינאַנדס יורש קאַרל, מער קיין שום פאַר־שטייער פון דער דינאַסטיע. די אַריסטאָקראַטן זענען גראַד אין יענער שעה פאַר־נומען מיט אַ... פערד־געיעג. זיי אַמוזירן זיך גאַנץ האַרציק — און אפשר נאָך פריילעכער ווי אַלע מאָל... נאָך ווינציק באַווייזן פאַר אייך? — ביטע, נאָך עטלע־כע! דער בייערישער אַמבאַסאַדאָר אין ווין שרייבט: „מען האָט דאָ די ידיעה וועגן אַטענטאַט אויפגענומען מיט אַ געפיל פון פאַרלייכטערונג, די דערמאָר־דעטע זענען געווען זייער נישט פּאָפּולער"...

און גאָר שאַרף און דייטלעך קלינגט די מיינונג פון ד"ר פעסער, דער קייזער־לעכער אויספאָרשונגס־ריכטער, וועלכער שטודירט אַלע מאַטעריאַלן וואָס זענען נוגע צום אַטענטאַט: „איך דערקלער, אַז דער מאָרד איז געווען אַ פּראָוואָ־קאַציע פון אייגענע מענטשן, אַ שטיקל אַרבעט פון געוויסע עסטרייכישע אונ־גאַרישע קרייזן"...

בכן: „היימישע" מענטשן זענען געווען די פּאַקטישע שולדיקע אין סאַראַיע־ווער מאָרד. איבער אַ פּוסטער משפּחה־אינטריגע איז אומגעקומען פּראַנץ פערדי־

נאָנד. אַזוי איז דער נאַקעטער אמת וועגן אַטענטאַט, וואָס האָט אוממיטלבאַר דער־פירט צום אויסברוך פון קריג.

אַ סענסאַציע? — עפּעס מער. אַ שוידערלעכער עפּיזאָד, וואָס באַווייזט נאָך שאַרפער און בולטער צוליב וואָס מישטיינס געזאָגט אַ וועלט איז פיר יאָר אָפּגעגאַנגען אין בלוט...

# נייז, כלעסטאַקאָוו איז נישט געשטאָרבן!...

ענדלעך איז אויך דאָס צוגעגעסן געוואָרן. אַ סענסאַציע איז געווען דער קאַמע־ניעוו־פּראָצעס; אַ סענסאַציע איז געווען דער ראַדעק־פּראָצעס. דאָס האָט אָפּגע־שטעלט, דאָס האָט איבערראַשט, דאָס האָט געווירקט אומהיימלעך און דערשי־טערנדיק, אַזוי ווי עס קען נאָר ווירקן אַ שווידערלעכער שוישפּיל: די שאַפערס און פירערס פון באָלשעוויזם, די בויערס פון נייעם רוסלאַנד, ווערן אין רוסלאַנד פאַרשריגן פאַר „ווערים" און „הינט", פאַר „פּראָוואָקאַטאָרן" און „פאַשיסטישע אַגענטן", די העלדן פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע ווערן געפירט צום טויט דורכן טריבונאַל פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע... אָבער — איצט איז דאָס שוין געוואָרן אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. איר נעמט די צייטונג אין האַנט, און איר ווייסט: ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן וועט איר אויך היינט לייענען, אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד שפּילן זיך כסדר אָפּ משפּטים, אַז דאָרט קומען כסדר פאָר גרויסע „רייניקונגס־אַקציעס", אַז דאָרט ווערן אָן אויפהער אַנטדעקט „פאַלקספיינט" און „פאַררעטערס", אַז יעדן טאָג פאַרנעמען אַנדערע גדולים די באַשולדיקונגס־באַנק, אַז עס לאָזט זיך גאָר נישט אויס דאָס צעטל פון די, וואָס האָבן זיך געלאָזט „איבערקויפן" פון יאַפּאַן און „גענומען געלט ביי היטלערן"...

די סעריע אָפּרעכענונגען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ יאָר צוריק, נעמט מיט יעדן טאָג אָן אין ראַטן־פאַרבאַנד, אַלץ מער כאַאָטישע פאָרמען.

כמעט די גאַנצע אַלטע באָלשעוויסטישע גוואַרדיע איז שוין אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער זומפּ.

איינער נאָכן צווייטן ווערן באַשמוצט, קאָמפּראָמיטירט, אָפּגערוימט פון וועג, אויסגעשאָסן, די אַלע, וואָס האָבן געבויט דעם באָלשעוויזם צוזאַמען מיט לענינען.

און איר וועט לגמרי נישט איבערראַשט ווערן, אויב איר וועט לייענען אין איין העלן פרימאָרגן, אַז ענדלעך איז אויך סטאַלין געפאַנגען געוואָרן אין דער נעץ פון „אַלע קעגן אַלע", אַז אויך סטאַלין ווערט געשטעלט פאַרן געריכט אַלס „טראָצקיסטישער פאַררעטער", און אַז אויך ער איז זיך מודה אין אָרגאַניזירן אַן אַטענטאַט קעגן... סטאַלינען... פאַרקערט. אײַך וווּנדערט, פאַר וואָס איז נאָך ביז היינט צו אַזאַ פּראָצעס נישט געקומען. אַזאַ דאַרף זיין די קאָנסעקווענץ פון

דער בלוטיקער קאָשמאַר־שפּיל. אַזאַ איז געווען די קאָנסעקווענץ פונעם טעראָר, וואָס האָט געהוליעט בעת דער גרויסער פּראָנצויזישער רעוואָלוציע. אַזאַ קאָנ־סעקווענץ איז אַגב, אָנגעוויזן געוואָרן נאָך אין יענער אַלטער, קלוגער געשיכטע:

— הלל האָט געזען אַ קאָפּ שווימען אויפן וואַסער. האָט ער צום קאָפּ גע־זאָגט: דערפאַר וואָס דו האָסט עמעצן דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען; און דער סוף וועט זיין אַז די, וואָס האָבן דיך דערטרונקען, וועלן אויך דערטרונ־קען ווערן...

אויב מיר מישן איצט אויף דאָס קאַפּיטל רוסלאַנד, איז עס, בכן, נישט צוליב די גרויל־פּראָצעסן און נישט צוליב די גרויל־עקזעקוציעס. אַ ליטעראַריש גע־שעעניש באַוועגט אונדז דערצו. די סאָוועטישע צייטונגען האָבן זיך די טעג דער־מאָנט אין אַ וויכטיקן ליטעראַרישן יובילעום. נעמלעך: עס זענען פאַרביי הונדערט יאָר, זינט עס איז אין רוסלאַנד אָנגעשריבן געוואָרן די באַרימטע סאַטירע „דער רעוויזאָר". און די סאָוועטישע בלעטער ווידמען אַ סך אַרטיקלען דער דאָזיקער דאַטע.

דער מחבר פון „דער רעוויזאָר" איז געווען גאָגאָל. נ. וו. גאָגאָל ווערט באַ־טראַכט פאַר איינעם פון די גרעסטע רוסישע שריפטשטעלערס. פאַר דעם אומ־פאַרגלייכלעכן מייסטער פון פאַנטאַסטישע און הומאָריסטישע דערציילונגען. אָבער גאָגאָלס ווערק האָבן פאַרמאָגט אויך אַ פּאָליטיש־סאָציאַלע טענדענץ. גאָגאָלס וואָרט האָט געביסן, געברענט, געשניטן אין דער טיף. גאָגאָל האָט דעמאַסקירט — נאַטירלעך, אויף וויפל די צענזור האָט דערלויבט — זייער פיל שאָטן־זייטן פונעם צאַרישן רוסלאַנד. אין זיינע ווערק ווערט דרייסט און אָפן געשילדערט די רוסישע ווירקלעכקייט. גאָגאָל רייסט פון איר שטיקער מיטן טראַגישן פּאַטאָס פון אַ דאָסטאָיעווסקי, אָדער פון אַ טאָלסטאָי. גאָגאָל האָט געלאַכט. גאָגאָל האָט אויסגעלאַכט. אָבער גאָגאָלס געלעכטער איז מאָדנע פאַרטרערט. דאָס איז אַ גע־לעכטער פון וועלכן עס פאַרגייט ערשט אויף אַן אמתן אונטערן האַרץ און אויף דער נשמה ווערט שרעקלעך אומעטיק, אָדער ווי דער רוס זאָגט: „סקוטשנאָ"...

„דער רעוויזאָר" — דאָס איז גאָגאָלס גלענצנדיקסטע סאַטירע.

מיט אַן ערשט־קלאַסיקן טאַלאַנט זענען דאָ באַצייכנט די פיגורן, איז פאַרגע־שטעלט דאָס רוסלאַנד פון ניקאָלאַייען, דאָס רוסלאַנד פון דעספּאָטיזם, פון טשי־נאָווניקעס, ביוראָקראַטן, כאַבאַרניקעס... פון קאָרופּציע און פּראָטעקציאָניזם.

אַלס מאָטאָ צו „דער רעוויזאָר" האָט גאָגאָל אָנגעשריבן דאָס אַלטע רוסישע שפּריכוואָרט: „מ'דאַרף זיך נישט בייזערן אויפן שפּיגל, ווען דאָס פּנים איז קרום"...

און אוי, ווי דאָס פּנים איז קרום!

אין אַ קליינער רוסישער פּראָווינצשטאָט — אַזאַ איז דער אינהאַלט פון דער

סאַטירע — ריכטן זיך די באַאַמטע אַ ליאַדע טאָג אויפן רעוויזאָר, וואָס דאַרף אָנקומען פון פעטערבורג און אַ קוק טאָן, ווי אַזוי די אָרדענונג גייט דאָ צו אין די אַמטן און אַנשטאַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳ציטערט אין שטעטל. עס ציטערט דער „גאָראָדניטשי״, עס ציטערט די פּאָליציי, דער פּריסטאַוו, דער שול־דירעק־טאָר, דער פּאָסט־מייסטער. מען פלאַטערט פון שרעק, ווייל — ווייל די הענט זענען נישט איבעריק ריין, מיסברויכן פעלן נישט, און ווייל מען ווייסט, אַז דער רעווי־זאָר פון פעטערבורג איז אַלמעכטיק, און מען קען פליִען פון די פּאָסטנס. אין אַזאַ אַטמאָספער פון אומזיכערקייט און פּחד ווערט יעדער קלאַנג אויפגענומען ווי אַן אמת, יעדע השערה — ווי אַ פאַקט. און אָט טרעפט, אַז אין דאָזיקן שטעטל קומט צופעליק אָן עפּעס אַ פּראָסטער בשר־ודם פון פעטערבורג. ער פאָרט נאָר די שטאָט פאַרביי, אָבער דער בלויזער קלאַנג, אַז ער קומט פון „קייזערלעכן פעטערבורג״ איז גענוג אַז מ׳זאָל דאָס דאָזיקע קליינע, פּראָסטע מענטשל אָננעמען פאַרן... רעווי־זאָר. עס אַנטשטייען די קאָמישסטע סצענעס. מ׳גיט אָפּ דעם פרעמדן דעם גרעסטן כּבוד, מ׳פאַלט פאַר אים אויף די קני, מ׳חנפעט און מ׳לעקט... דער פרעמדער מאַכט גלענצנדיק דעם אָנשטעל פון אַ רעוויזאָר. ער לעבט זיך גיך איין אין זיין ראָל. זיין נאָמען איז: כלעסטאַקאָוו. און וואָס — פּאַסט דען נישט אויך פאַר כלעסטאַקאָוון צו זיין רעוויזאָר ?... ער זאָגט: יאָ, איך בין עס!

הכּלל: כלעסטאַקאָוו נעמט אויף דעלעגאַציעס. דאָס גאַנצע שטעטל גייט פאַר־ביי. דאָס לעכערלעכע פון שטעטל. דאָס טרויעריקע. די ביוראָקראַטיע. דער המון, וואָס ווערט אונטערגעדריקט, וואָס געפינט זיך אינעם קלעם פון דער ביוראָקראַ־טיע. כלעסטאַקאָוו פאַזירט. ער זאָגט צו, דראָעט, בייזערט זיך. און קודם־כּל — הייסט ער זיך געבן געלט, כּדי ער זאָל אין פעטערבורג „שווייגן״ און נישט אויס־זאָגן וואָס ער האָט געזען. אָט קומט צו אים אַן אונטעראָפיצירשע. זי איז געוועזן אַרעסטירט, און זי קלאָגט זיך, אַז מ׳האָט זי אין תּפיסה געשלאָגן... כלעסטאַקאָוו נעמט אָבער אָן פאַר אַ גוטע מטבע דעם תּירוץ פון „גאָראָדניטשי״ אַז דאָס האָט זי, די אונטעראָפיצירשע, זיך אַליין געשלאָגן... וואָרום — הלמאי זאָל ער דען דעם תּירוץ נישט אָננעמען ?...

כלעסטאַקאָוו גיט זיך מיט אַלץ אַן עצה. ער נעמט צו מתּנות, לעבט אַ גוטן טאָג, שדכנט זיך צום גאָראָדניטשיס טאָכטער. און ערשט, ווען ער פאָרט אַוועק, שווימט אַרויס דער שווינדל. נישט קיין רעוויזאָר איז ער געווען. נישט קיין שום שליח פון פעטערבורג. דער אמתער, דער ריכטיקער רעוויזאָר דאַרף ערשט אָנ־קומען...

אַ קאָמישע פּאַסירונג. אָבער — אַ שאַרף, שניידיק בילד פונעם לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד. דאָס איז זי די באַאַמטן־ספערע: ביוראָקראַטיש און — טעמפּ, אומזיכער, צעשראָקן. אַזאַ מוז זי זיין אונטער אַ דעספּאָטישן רעזשים. די באַ־אַמטע פאַרמאָגן נישט קיין שום באַוווסטזיין פון מלוכה־דינסט. זייער איינציקער

ציל איז: דערהאַלטן זיך, בלייבן זיצן אויפן פאָסטן... בעת קיינער זעט נישט, באַגייען זיי מיסברויכן, דריקן אונטער די מאַסע, פּענטען די מענטשן, אָבער פּאַקטיש זענען זיי אַליין נישט ווייניק געפּענטעט, און זיי ציטערן פאַר יעדן בלאַט, און זעען אומעטום געשפּענסטער...

אַזאַ איז אויך די אַטמאָספערע, אין וועלכער עס פּרוכפּערן זיך די כלעסטאַ־קאָווס.

ביי אַ זשאַנדאַרם־סיסטעם קען יעדער איינער, וואָס איז נאָר פּיפּיק און כיטרע, אָנוואַרפן אַ פּחד אויף די מענטשן...

דאָרט, ווו עס פעלט פרייהייווט, ווו די מענטשן האָבן נישט דאָס געפיל פון אינערלעכעווירדע, דאָרט איז מען גרייט פאַר אַ ליאַדע פאַרשוין, פאַר אַ ליאַדע נפש צו פאַלן אין שטויב...

און נאַטירלעך: די כלעסטאַקאָווס קענען דאָס אויסניצן.

גאָגאָל האָט אָנגעוואָרפן אַ כאַראַקטעריסטישע שילדערונג פונעם ניקאָלייִישן רוסלאַנד.

פאַר די סאָוועטישע שרייבערס איז גאָגאָלס „דער רעוויזאָר" אַ סאַטירע פון דער פאַרגאַנגענהייט. און נאָר פון דער פאַרגאַנגענהייט. די סאָוועטישע שרייבערס שטרייכן אונטער צום איצטיקן הונדערט־יאָריקן יובילעום פון „דער רעוויזאָר": „פאַר אונדז פאַרמאָגט די קאָמעדיע בלויז אַ היסטאָרישן, אַ ליטעראַרישן ווערט. פאַר אונדז איז זי אַ דאָקומענט פון אַ תקופה, וואָס איז פאַרשווונדן, פאַרביי"...

אַ תקופה, וואָס איז פאַרשווונדן? — עס דאַכט זיך נאָר אַזוי!...

רוסלאַנד האָט געוואַלדיקע ענדערונגען אַדורכגעמאַכט דורך דער צייט. מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ איז דאָרט אַוועק די געשיכטע. „די רוסישע ערד האָט באַקומען אַן אַנדער געזיכט" — האָט אַנומלט זיך אויסגעדריקט דער רוסישער שריפט־שטעלער פּילניאַק. און דאָס איז ריכטיק זיך אויסגעדריקט. אַן ענדערונג איז אַריינ־געטראָטן אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט; אַן ענדערונג — אין פּאָליטישן סיסטעם. רוסלאַנד פאַרמאָגט נישט מער קיין צאַר. רוסלאַנד פאַר־מאָגט נישט מער די גרויזאַמע, דראַקאָנישע אינסטיטוציעס פון צאַריזם. רוסלאַנד קען אויך נישט מער דעם „נאַציאָנאַל־רוסישן פּראָדוקט": פּאָגראָמען אויף יידן — און פון דעסטוועגן — די רעוויזאָר־סאַטירע איז נאָך אַלץ אַקטועל און זי שפּיגלט אָפּ אויך די הייַנטיקע רוסישעווירקלעכקייט.

כלעסטאַקאָוו, ווי בכלל דאָס גאַנצע שיינע געזינדל, וואָס טרעט אויף אין דער רעוויזאָר־קאָמעדיע, איז נישט געשטאָרבן!...

דער „גאָראָדניטשי" איז היינט — דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר, דער באָלשעוויסטישער באַאַמטער ערגעץ ווו אין אַ שטעטל; דער באָלשעוויסטישער

באַמטער ציטערט נישט ווייניקער פאַרן אָנקומען פון רעוויזאָר, ווי דער אַמאָליקער צאַרישער; הגם — דער רעוויזאָר — קען היינט נישט קומען פון פעטערבורג — נישטאָ אַזאַ שטאָט אין ראַטן־פאַרבאַנד — נאָר פון לענינגראַד, הגם דאָס גאַנצע וואָרט „רעוויזאָר" איז אַרויס אין איצטיקן רוסלאַנד פון געברויך און מען זאָגט: טשעקאַ־אַגענט, פאַרשטייער פון דער אַלמעכטיקער טשעקאַ, וואָס האַלט אַן אויג אויף אַלע בירגערס, אויף אַלע מלוכה־באַאַמטע, און קאָנטראָלירט נישט בלויז זייערע מעשׂים, נאָר אויך זייערע מחשבות, און שטעלט צום ווענטל און פירט צום טויט די סאַמע גרעסטע, די גרעסטע...

ווען איר לייענט די רייזע־איינדרוקן פון ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס דער באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער אַנדריי זשיד, האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן, ווייזט זיך אייך אויף אַ מאָמענט אויס: אָט איז זי, די גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן פון אַלטן גאָגאָל. אָט איז — די ביוראָקראַטיע, די שווערע, טעמפּע אַדמיניסטראַטיווע מאַשין, אָט איז — דער סיסטעם פון שפּיאָנאַזש, אָט איז — די גאַנצע אַטמאָספערע פון מסירה, אימה, חניפה און עקלהאַפטער קנעכטשאַפט, אָט איז ענדלעך — כלעסטאַקאָוו...

כלעסטאַקאָוו זאָגט נישט היינט: איך בין דעם צאַרס מקורב; כלעסטאַקאָוו האָט זיך אויסגעלערנט דעם נייעם שפּרוך: איך בין סטאַלינס אַ מקורב. עווענטועל: איך בין קנעפּל שבקנעפּל מיטן טשעקאַ־שעף יעזשאָוו...

דאָס איז געבנוג, אַז אַלע זאָלן פאַר אים פאַלן אויף די קני, אַז אַלע זאָלן געהאָרכזאַם אויספירן זיינע באַפעלן און מיט האַרץ־קלאַפּעניש וואַרטן אויף יענע דעציזיעס...

עס האָט זיך אַ סך געענדערט אין רוסלאַנד, אָבער עס איז פאַרבליבן דער רעזשים פון — אַליין־הערשאַפט. עס איז פאַרבליבן דער בלוט־שאָטן פון דעספּאָטיזם, עס איז — נאָך אַ געוואַלדיקער, שטורמישער רעוואָלוציע — פאַרבליבן פאַרט אַ פּערזאָן, אַ קליקע, וואָס רופט זיך „די רעגירנדיקע גרופּע", וואָס באַטראַכט זיך פאַרן פולשטענדיקן בעל־הבית פפון די פאַלקסמאַסן און וויל איז צו די, וואָס געניסן פון דער לייטזעליקייט פון די „דעצידירנדיקע פאַקטאָרן", און ווי איז צו די, פון וועלכע דער חסד פון דיקטאַטאָר טוט זיך אָפּ!...

אין אַן אינטערעסאַנטן שטודיום איבער דיקטאַטורן שרייבט לעצטנס דער איטאַליענישער דעמאָקראַט ספאַרצאַ (היינט אין דער עמיגראַציע), אַז אייגנטלעך איז צווישן דעם אַמאָליקן דעספּאָטישן רעזשים פון די קעניגן און דעם היינטיקן דעספּאָטישן רעזשים פון די דיקטאַטאָרן, נישטאָ קיין גרויסער אונטערשייד. דאָ

און דאָרט — איז דאָ אָרגאַנישע שׂינאה צו יעדער פאָרעם פון דעמאָקראַטיע. דאָ און דאָרט — טיפע פאַראַכטונג פאַר אַלץ, וואָס אָטעמט מיט פרייהייט, אַבסאָלוטע פאַרקנעכטונג פון מענטש. דאָ און דאָרט — אַ טויט־אורטייל פאַר האָבן אַן אַנדערע מיינונג, ווי עס האָט דער דירעקטאָר און זיין קרייז. דאָ און דאָרט — איז פאַר־שוועכט דער עיקר־פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, אַז דער קוואַל פון אויטאָריטעט איז דאָס פאָלק. אָבער דער אונטערשייד צווישן דיביידע רעזשימען באַשטייט, לויט דער מיינונג פון ספּאָרצאַ דערין, וואָס די אַמאָליקע דעספּאָטן האָבן געהאַט אַ ליניע, זיי זענען אַלע מאָל געווען רעאַקציאָנער, רעכט, און זיי האָבן געהאַקט קעפּ בלויז פון לינקע; דאַקעגן דער היינטיקער דיקטאַטאָר וואַרפט זיך אין אומרו, ער שווימט אַליין מיטן שטראָם, טוישט זיין אָנשויונג לויט דער „קאָניוקטור" און האַקט קעפּ סיי פון לינקס, סיי פון רעכטס. טראָצקי וואַנדערט אין גלות, ווייל ער האָט אַן אָפּנויג אויף לינקס. בוכאַרין זיצט אין תּפיסה, ווייל ער האָט אַן אָפּנויג אויף רעכטס...

אַ דאָפּלט שווערע אַרבעט האָבן דעריבער די באַאַמטע אונטער אַ דיקטאַטור־רעזשים.

אומגעווייגלעך עמפּינדלעך מוזן זיי זיין, כּדי צו וויסן, וואָסער „גענעראַל־ליניע" דער דיקטאַטאָר וועט מאָרגן זיך אָפּקלייבן און פאַר וועלכע „פאַרברעכנס" ער וועט מאָרגן זעצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק...

און דעריבער: אַ ליגן איז אַז די רעוויזאָר־סאַטירע איז בלויז אַ דאָקומענט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אַ ליגן איז, אַז כלעסטאַקאָוו און די אַנדערע גאָגאָל־טיפּן זענען אָפּגעשטאָרבן.

ניקאָליי איז אַוועק, אָבער עס איז פאַרבליבן די אַטמאָספער, אין וועלכער די כלעסטאַקאָווס ווערן אויסגעהאָדעוועט...

# נישטאָ מער אַלבאַניע

און ווידער איז אַ מלוכה פֿאַרשוווּנדן. נאָך נעכטן האָט זי עקזיסטירט, נאָך נעכטן האָט זי פֿיגורירט אויף דער מאַפּע, נאָך נעכטן איז זי געווען אַ מיטגליד אין פֿעלקערבונד — אָבער איבער נאַכט איז די קאַטאַסטראָפֿע געקומען, אַלבאַניע איז שוין היינט אַ מלוכה, וואָס איז געווען און אויב אין דער געשיכטע האָבן שוין נישט איין מאָל פּאַסירט ענלעכע פֿאַלן, אויב נישט איין מאָל איז שוין אַ שוואַכע מלוכה דעראָבערט געוואָרן דורך אַ שטאַרקערע, אויב דאָס וואָרט „אָקופּאַציע" איז איינס פֿון די אָפֿטסטע און פּאָפּולערסטע אין דער געשיכטע פֿון פֿעלקער און לענ־דער, איז דאָך אָבער דער נוסח פֿאַרכאַפּן פֿון אונדזערע יאָרן אומבאַדינגט אַן אַנדערער, ווי אין די פֿריִערדיקע צייטן. נאָך דאָס „ווילדע" ווייטע אַביסיניע האָט געפֿירט אַ לאַנגן און פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף פֿאַר איר זעלבשטענדיקייט. דער אַביסי־נישער קאַמף איז געווען דאָס שוואַנען־ליד פֿון אַן עפּאָכע, פֿון אַ שטייגער, וואָס איז אָפּגעשטאָרבן, גלייך דערנאָך האָט עס אַנדערש אָנגעהויבן צו גיין. איבער נאַכט איז באַזעצט געוואָרן עסטרייך. אין איינציקע שעה איז דעראָבערט געוואָרן טשעכאָ־סלאָוואַקיע. אויך מיט אַלבאַניע איז בליץ־שנעל אַדורכגעפֿירט געוואָרן די מלחמה. מיר ווייסן נישט, צי האָבן די אַלבאַניער געשטעלט אַן ערנסטן ווידערשטאַנד, אָדער נישט. די איטאַליענישן נייעס־אַגענטורן מעלדן, אַז די איטאַליענישע פֿולקן זענען באַגריסט געוואָרן מיט „פֿרייד" דורך דער אַלבאַנישער באַפֿעלקערונג. מיר קענען צווייפֿלען אין דער ריכטיקייט פֿון דער דאָזיקער טענדענציעזער און צוגע־שניטענער ידיעה פֿון פֿאַשיסטישע קוואַלן.

מיר זענען אין די טראַגישע שעהען פֿאַר אַלבאַניע געזעסן ביים ראַדיאָ, און אין אונדזערע אויערן קלינגט נאָך אַפֿ די געבראָכענע שטים פֿונעם ראַדיאָ־ספּיקער אין דער אַלבאַנישער רעזידענץ טיראַנאַ, און מיר הערן נאָך דעם זיפֿץ מיט וועלכן ער האָט איבערגעגעבן וועגן דעם שווערן אומגליק, וואָס האָט פֿאַר זיין פֿאָטערלאַנד אָנגערוקט, און עס באַגלייט אונדז נאָך אַלץ, ווי דער אומרו־געשפּענסט, זיין לעצ־טער אויסרוף פֿון צער און ווײ, דער אויסרוף, וואָס איז מיט אַ מאָל איבערגע־האַקט געוואָרן דורך... איטאַליענישע טרומייטערס. העכסט וואָרשיינלעך האָט יאָ דאָס אַלבאַנישע מיליטער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אָבער דאָס איז ווייט נישט

געווען דער פאַרצווייפלטער קאַמף אין וועלכן פעלקער פלעגן מיט יאָרן צוריק זיך אַריינוואַרפן, ווען זייער פרייהייט איז געשטאַנען אין קאָן. מען האָט נישט אין טעראַנאַ, נישט אין דוראַצאַ, נישט אין וואַלאָנאַ, און נישט אין סאַן קאַראַנטי, זיך געשלאָגן פאַר יעדן שפּאַן ערד, פאַר יעדן הויז, פאַר יעדער מויער. און דאָס איז דער צייכן פון דעראָבערונגען אין אונדזער דור. עפּעס קומען זיי פאַר צווישן טאָג און נאַכט; עפּעס שפּילן זיי זיך אָפּ מיט דער גיכקייט פון בליץ — עפּעס איז פאַר זיי כאַראַקטעריסטיש יענער אומהיימלעכער אַנעקדאָט, וועלכן מען דערציילט זיך היינט אין דער וועלט: אַ לעקציע געאָגראַפיע דאַרף זיך אָנהייבן אין קלאַס. דער לערער קומט אַריין אין קלאַס. אָבער ער הייבט נאָך אַלץ נישט אָן די לעק־ציע. ער אַנטשולדיקט זיך: „ליידער, ליבע תלמידים, בין איך נישט בכוח מיט אייך היינט אַדורכצומאַכן די געאָגראַפיע־לעקציע. איך האָב נאָך די צייטונג נישט געליינענט...

נאָך מיט איינינקע טעג צוריק האָבן עפּעס אָנגעהויבן אַדורכצולויפן איבער דער פּרעסע קורצע ידיעות, אַז אַלבאַניע ווערט „אַקטועל״. באַלד האָבן אָנגעהויבן אויך דערשיינען הכחשות. אַלע האָבן אָפּגעלייקנט. איטאַליע. אַלבאַניע. ענגלאַנד. מיר קענען זייער גוט דעם ווערט פון אָפיציעלע הכחשות. אָבער אין דער פּרשה אַלבאַניע זענען מיר עפּעס געניגט געווען צו גלייבן, אַז דאָ איז יאָ אַ וועלכע מיס־פאַרשטענדעניש געשען, אַז עס קען נישט געמאָלט זיין, אַז אויף דער אַלבאַנישער מלוכה האָט איצט אָנגערוקט די רייע. וואָרום — נאָך וואָס? — צו וואָס איז דען אַלבאַניע נויטיק דעם דוטשע?

אמת: אַלבאַניע ליגט אויף די ברעגן פון אַדריאַטישן ים. און דער אַדריאַטי־שער ים פאַלט אַריין אין מיטללענדישן. און מוסאָלינים אַמביציע איז דעם דאָזיקן ים צו באַהערשן. אָבער אַלבאַניע פאַרנעמט דאָ ווייט נישט קיין ערשט־ראַנגיקן אָרט. קיין גרויסע ראָל. נאָך נישט מיטן אָקופּירן אַלבאַניע ווערט מיט עפּעס ממשותדיקס פאַרגרעסערט און פאַרפעסטיקט איטאַליעס מאַכט אויפן מיטללענ־דישן ים.

נאַטירלעכע רייכטימער? — אַלבאַניע באַזיצט עס נישט. די ערד איז דאָרט אָרעם. און עס איז דאָרט נישט אַנטוויקלט צו מאָל די אינדוסטריע.

מענטשן־מאַטעריאַל? — בסך־הכּל ציילט די אַלבאַנישע באַפעלקערונג אַ מיליאָן מיט אַ פערטל. און עס איז זיך נישט פאַרצושטעלן, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה זאָל איטאַליע פונעם דאָזיקן מיליאָן אַלבאַניערס האָבן וועלכע עס איז נוצן. דאָס זענען באַרגמענטשן, עקשנים, לייט, וואָס עס איז זיי אומגעהויער שווער צו בויגן. גיכער וועט דער מיליאָן אַלבאַניערס בעת אַ מלחמה זייער אַ סך שאָדן אָנטאָן דעם

איטאַליענישן אָקופּאַנט, האָבנדיק אין זכרון די עוולה, דעם נאַציאָנאַלן שמערץ, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט.

איינפלוסן אין אַ פרישן פונקט אויפן באַלקאַנישן האַלב־אינדזל? — אָבער איינפלוסן האָט דאָך דאָרט איטאַליע סיי ווי געהאַט. איטאַליע האָט אין קיין שום אָרט נישט פאַרמאָגט געטרייערע אונטערטאַנען, ווי אין אַלבאַניע. דער קעניג זאָגו האָט מורא געהאַט פאַר מוסאָלינין און אים אין אַלץ געפאָלגט. אַ דאַנק מוסאָלינין איז דאָך בכלל זאָגאָ אַרויפגעשטיגן אויפן אַלבאַנישן טראָן. מוסאָליני האָט אים געצאָלט אַ סובסידיע פון צען מיליאָן פראַנק יערלעך. איטאַליע האָט, אַלזאָ, אויך ביזן אַכטן אַפּריל 1939 געהערשט איבער אַלבאַניע. און עס איז נישט געווען צום פאַרשטיין, צו וואָס מוסאָליני נויטיקט זיך אין דער ברוטאַלער, ריקזיכטלאָזער אַנעקסירונג. ליקווידירן די קולטורעלע און שפּראַכלעכע זעלבשטענדיקייט פונעם אַלבאַנישן פאָלק — לוינט זיך טאַקע צוליב דעם אין מלחמה צו גיין, אומפּאָפּולאַריטעט צווישן די אַלבאַניערס זיך פאַרשאַפן, אַרויסרופן צאָרן אין דער אַראַבישער וועלט, וואָס איר פריינדשאַפט זוכט דאָך דער דוטשע?...

מיר זענען דעריבער געווען נוטה צו טראַכטן, אַז דאָס מאָל איז יאָ דאָ ממשות אין די הכחשות. ניין, אַלבאַניע ווערט נישט „אַקטועל".

אָבער אין אַן אַנדער ריכטונג זענען אַוועק די געשעענישן. הגם אַלבאַניע באַרייכערט נישט מיט גאָרנישט מוסאָלינין, הגם זי פאַרגרעסערט נישט מיט גאָרנישט און ברענגט גיכער שאָדן דעם איטאַליענישן פאָלק איידער נוצן, הגם זי איז אַ געפאַר פאַר מוסאָליניס גוטע באַציִונגען מיטן איסלאַם — האָט זיך דאָך דער דיקטאַטאָר געוואָרפן אויף טיראַנאַ. וואָרום אַזאַ איז טאַקע דער פאַשיזם. אַן אונטערשייד צי דער דייטשער, צי דער איטאַליענישער. אויסערלעכער פאַרפירנדיקער גלאַנץ איז פאַר אים העכער, ווי לאָגיק, העכער ווי אַלץ. דער פאַשיסטישער דיקטאַטאָר מוז אַלע מאָל מיט פרישע נסים און מופתים קומען צו זיין פאָלק. דער פאַשיסטישער דיקטאַטאָר מוז אַלע מאָל מאַכן פרישע איינשפּריצונגען אין די מאַסן און מיט נייע באַטויבונגס־מיטלען פאַר זיי זיך באַווייזן. עס איז גאָרנישט היימלעך געווען לעצטנס דעם דוטשע. נאָך מעשה אַביסיניע זענען שוין אַריבער עטלעכע יאָר. אין משך פון דער צייט האָט זיין שותף פון דער „אַקס" גרויסע טריומף־צוגן אָפּגעהאַלטן. דער דייטשישער דיקטאַטאָר איז אויסגעוואַקסן. אין רוים און אין מילאַן איז געשטיגן די אומצופרידנקייט. מוסאָליניס שטערן האָט זיך אָנגעהויבן לעשן. ער האָט זיך צו ערשט געפּרווט ראַטעווען, דער דוטשע, מיט זיינע אַנטי־יידישע געזעצן. אָבער זיי האָבן קנאַפּ וואָס געווירקט. עפּעס אַ „גרעסערער" מופת האָט באַדאַרפט באַוויזן ווערן. און אויף אַלבאַניע איז געפאַלן דער גורל. איצט קען מוסאָליני שטיין אויפן באַלקאָן פון ווענעדיקער פאַלאַץ אין רוים און דערציילן וווּנדערלעכע גבורות: מיר זענען גרויס און מעכטיק. מיר האָבן אַ פרישע מלוכה דעראָבערט, אַ נייעם קעניג אַראָפּגעזעצט, אַ נייע קעניגין אַרויסגעיאָגט...

און דעריבער זענען מיר פול מיט מורא פאַר די שריט, וועלכע דער פאַשיזם וועט נאָך מאַכן. דער פאַשיזם האַנדלט קעגן דער לאָגיק, קעגן דעם נוצן פון דער וועלט און אָפט מאָל אויך קעגן זיין אייגענער טובה. דער אָפגאָט פון פאַשיזם איז — גלאַנץ. און אין נאָמען פון גלאַנץ און פראַזע און טומל איז ער עלול די מענטשהייט אין תהום פון אומגליק אַראָפּצושליידערן. דער איטאַליענישער אַנטי־פאַשיסטישער דענקער באָרגעסע האָט אומבאַדינגט רעכט, ווען ער שרייבט אין זיין לעצטן בוך, אַז דער פאַשיזם דאַרף געמאָלט ווערן אין דער געשטאַלט פון אַ טייוול, וואָס טייוולאָנישקייט איז זיין פאַך — טייוולאָנישקייט לשם טייוולאָניש־קייט, טייוולאָנישקייט ווי אַ צוועק פאַר זיך.

מיטן אונטערגיין פון דער אַלבאַנישער זעלבשטענדיקייט פאַרשווינדט אַ מערק־ווערדיק אייראָפּעיִש מלוכהלע. צווישן די אייראָפּעיִשע מלוכות איז אַלבאַניע געווען אַ ביסל אייגנאַרטיק. אייגנאַרטיק שוין בלויז רעליגיעז. צוויי דריטל פון איר באַפעלקערונג זענען מוסולמענער. אָבער אויך אייגנאַרטיק צוליב איר געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט.

אַ פאָלק פון אינדאָ־גערמאַנישן אָפּשטאַם, איז עס פּאַקטיש במשך זיין גאַנ־צער עקזיסטענץ געווען כּמעט אונטער פרעמדן יאָך. רוים איז געווען די ערשטע, וואָס האָט נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן געפירט דאָס דאָזיקע פאָלק אין שפּאַן. שפּעטער איז עס אַריבערגעגאַנגען אונטער ביזאַנטישער מאַכט. אין 14טן יאָר־הונדערט איז סערביע געוואָרן דער בעל־הבית. הונדערט יאָר שפּעטער גייט אַרונ־טער אַלבאַניע אונטער טערקיי. לאַנגע צייטן הערשן איבער איר די טערקן. ערשט אין יאָר 1912 געווינט אַלבאַניע די אומאָפּהענגיקייט. אָבער זי ווערט אילוזאָריש. איטאַליע געווינט דערנאָך גרויסע איינפלוסן. אָבער די אַלבאַניער האָבן אָפּגעשאַצט רעאַל די זאַכן. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען קליין און שוואַך און דעריבער געווען צופרידן, ווען כאָטש קולטורעלע און שפּראַכלעכע פרייהייט ווערט זיי איבערגעלאָזט, און אויך דער שײַן פון זעלבשטענדיקייט.

דעם ביטערן גורל, וואָס האָט זיך איצט אויסגעגאָסן אויפן אַלבאַנישן פאָלק, טיילט אויך די יידישע באַפעלקערונג, וואָס לעבט אין אַלבאַניע. נישט גאָר קיין סך יידן געפינען זיך דאָרט. בסך־הכּל עטלעכע הונדערט משפחות. די באַציִונג צו זיי איז געווען אַ גוטע, אַ פריינדלעכע. אַלבאַניע האָט געפירט אַן אָפּגעזונדערטן לעבן־שטייגער און זיך נישט אָנגעשטעקט מיט די אַנטי־יידישע טענדענצן, וואָס שטראָ־מען אין אייראָפּע, און אויך נישט דערלאָזט, אַז די יידן־פיינטלעכע ווינטן, וואָס הוליען אין די איסלאַמישע מדינות, זאָלן צו איר אַריינדרינגען. אַלבאַניע האָט נישט געהאַט קיין חשק צו מאַכן פּאָליטיק אין איצטיקן סטיל. זי האָט אָפּגעהיט

די טראַדיציע פון איסלאַם פון יענע צייטן, ווען ער איז נאָך נישט געווען פּאָלי־טיש. זי האָט בכלל אָפּגעהיטן עפּעס פון דער גרויסער מענטשהייט־טראַדיציע, וואָס ווערט אין אונדזערע טעג ציניש געשענדט. אַלבאַניע איז געווען איינע פון די געציילטע מלוכות אין אייראָפּע, וואָס האָבן געעפנט די טויערן פאַר אַ געוויסער צאָל יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד. אָט דאָ, אין דער לעצטער צייט, איז דורך דער איניציאַטיוו פון דער קעניגין גערעלדינאַ אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַריינ־רייזע־דערלויבעניש פאַר פרישע הונדערט פּליטים. פון טאָג צו טאָג ווערט אַלץ קלענער די צאָל פון די גערעכטע מלוכות אין אונדזער וועלט. די גערעכטע ווערן פאַרצוקט דורך די וועלפישע ציין פון די רויבערס. איצט איז פאַרצוקט געוואָרן — אַלבאַניע.

די רוימישע אימפּעריע. דאָס איז דער מוסטער, דער מאָדעל, וואָס נאָך אים גייט מוסאָליני. דער פאַשיסטישער דוטשע וויל מיט כוח צוריקשטעלן די אַמאָליקע מעכטיקע מלוכה, וואָס איז אין דער געשיכטע באַקאַנט אונטערן נאָמען: מלכות רומי.

אָבער וואָלט מוסאָליני זיךווירקלעך פאַרלייענט אויפמערקזאַם אין די בלעטער פון דער רוימישער פאַרגאַנגענהייט, דאַן וואָלט ער זיך דערוווּסט, אַז די געשיכטע פון אַלטן רוים טיילט זיך אין צוויי תקופות. די ערשטע — די תקופה פון דער רוימישער רעפּובליק. די צווייטע — די תקופה פון רוימישן קייזערטום. די ערשטע — די עפּאָכע ווען לאָגיק הערשט אין די רוימישע פּאָליטישע קאַמפן, קלאָרקייט פון געדאַנק און קלאָרקייט פון טאַט, דעראָבערונגס־מאַרשן מיט גרויסע צילן און גרויסע אויפגאַבעס. די צווייטע — די עפּאָכע ווען רוים ווערט פאַר־וואַנדלט אין דער חיה וואָס פרעסט, פרעסט אָן אַ ציל, אָן אַ זין, פרעסט לשם דער תאווה פון פרעסן. אין דער ערשטער תקופה איז רוים געווען מעכטיק. גאַנץ. אין דער צווייטער — ווערט אונטערגעזעגט דער בנין, דער יסוד פוילט, די אימפּעריע קראַכט.

דער איצטיקער רויבערישער איטאַליענישער פאַשיזם, וואָס וויל אויפלעבן די רוימישע אימפּעריע, האָט פאַר זיך דעם מאָדעל פון דער תקופה פון רוימישן קייזערטום, אָבער באַין־אופן נישט פון דער רוימישער רעפּובליק.

אין די ווונדערלעכע בריוו, וואָס דער רוימישער דענקער סענעקאַ האָט אַ מאָל געשריבן, ווערט אויסגעדריקט דער געדאַנק, אַז די קאַטאַסטראָפע פאַר רוים הייבט זיך אָן אָנצוהייבן מיטן מאָמענט, ווען רוים ליאַרעמט און שרייט נאָר כסדר: „וועניוויקטיס!" — ווי צו די באַזיגטע — און זי פאַרגעסט, אַז גאַנץ אָפט איז אויך צו באַדויערן די זיגערס, די זיגערס וואָס גייען פון אומזין צו אומזין, פון באַטוי־בונג צו באַטויבונג, פון שגעון צו שגעון.

דער סימבאָל פונעם פאַשיזם איז אַ בינטל ריטער און אַ האַק אין דער מיט. דערפון דאָס וואָרט: פאַשיזם (פאַסציאָ — אַ בינטל ריטער). דער פאַשיזם האָט אין זיינע אויפגאַנגס־יאָרן זיך געריכמט, אַז ער האָט נאָך אַנדערע אידעען. אַ חוץ דער רציחה־אידעע, וואָס שטעקט אין זיין געלונגענער אָפּצייכענונג. איצט זעען אַלע קלאָר, אַז ער איז נישט פאַרבליבן ביי עטוואָס מער. דער טייוול הוליעט, און אין זיין האַנט — ריטער, און אין זיין האַנט — אַ פאַרבלוטיקטע האַק...

# 19 יאָר פֿאַשיזם

ברוין־ווייס־רויטע פֿענער האָבן געפֿלאַטערט. סאָלדאַטן האָבן מאַרשירט מיט געזאַנג און מוזיק. אויטאָס זענען איבער דער שטאָט געפֿאָרן מיט ראַדיאָ־הילכערס, אויף די פּלעצער זענען פֿאָרגעקומען מאַניפֿעסטאַציעס מיט דער באַטייליקונג פֿון די העכסטע מלוכה־מענער. די מאַסן האָבן זיך איבערגעשריגן מיט וויוואַטן־אויס־רופֿן לכּבוד דעם „דוטשע". און ווען עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, האָט רוים זיך געטונקען אין פֿייער, און צו די מאַניפֿעסטאַציעס האָט גאָר קיין עק נישט געקומען.

מיט אומגעווייינלעכן פּאַראַד איז אין איטאַליע געפֿייערט געוואָרן דער 19טער יאָרטאָג פֿון דער אַנטשטייונג פֿון פֿאַשיזם.

מיט 19 יאָר צוריק איז געגרינדעט געוואָרן די פֿאַשיסטישע באַוועגונג.

סוף מערץ 1919 האָט מוסאָליני גערופֿן אַ קאָנפֿערענץ פֿון זיינע אָנהענגער קיין מילאַן. קליין איז דאַן געווען די גרופּע, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַרום בעניטאָ מוסאָליני, דאָס רוב איז זי באַשטאַנען פֿון געוועזענע קריגס־סאָלדאַטן, פֿון אַזעלכע וואָס האָבן זיך צוגעוווינט צו דער שווערד, צום מיליטערישן מונדיר, און עס איז זיי שווער געווען מיט דער מלחמה זיך צו שיידן.

קיינער, אַפֿילו פֿון זיינע נאָענטע, האָט נאָך דאַן נישט געוווּסט, וואָס מוסאָליני וויל אייגנטלעך. די, וואָס זענען נאָך אים געגאַנגען, זענען מיטגעצויגן געוואָרן צוליב דער אומבאַשטימטער זאַך וואָס די נייע באַוועגונג האָט אין זיך געטראָגן, אָבער דערפֿאַר האָט גענוי געוווּסט מוסאָליני, וואָס ער וויל. ער האָט איצט געזען אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרווירקלעכן זיינע מאַכט־אַמביציעס. אַ שאַרפֿער קריזיס האָט געהערשט אין די נאָך־מלחמה־יאָרן אין איטאַליע. אַווירטשאַפֿטלעכער קריזיס און נישט אין קיין קלענערער מאָס — אַ פּאָליטישער. די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זענען געווען צעריסן און צעשפּליטערט.

אויף דער דאָזיקער היסטאָרישער קאָנפֿערענץ אין מילאַן, איז מוסאָליני דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָגראַם־רעדע פֿאַר זיין פֿאָלק.

ער האָט דאָ דאָס ערשטע מאָל אָנגעצייכנט דעם וועג פֿאַר זיינע גרופּעס.

ער האָט געזאָגט, אַז די שעה פֿון טאַט איז געקומען. „לענגער קענען מיר

נישט שווייגן. דאָס פאָטערלאַנד איז אין געפאַר. מצד דער דעמאָקראַטיע דראָעט אַ סכנה. אויך מצד דעם סאָציאַליזם. דאָס פאָטערלאַנד רופט"...

מיט גראָבע, אָנגעשוואָלענע פראַזן, מיט טעאַטראַלע זשעסטן, האָט ער פאַר־דעקט דאָס, וואָס איז אים אייגנטלעך געלעגן אויף דער צונג, וואָס ער האָט אָבער מיט דער צונג קונציק פאַרדעקט; איך וויל מאַכט, און איך פיל, אַז ענדלעך האָט אויסגעשלאָגן מיין שעה.

ער האָט אין זיין רעדע דערקלערט, אַז עס מוזן געשאַפן ווערן קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס זאָלן מיט אייגענע מיטלען מאַכן „אָרדענונג" אין איטאַליע, אָפּ־רוימען פון וועג די קעגנערישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. פירן „צו אַ גרויס, מעכטיק פאָטערלאַנד", מיט אַנדערע ווערטער: צו אַ פאָטערלאַנד, ווו ער, מוסאָליני, זאָל שטיין אין דער שפּיץ.

און אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר איז געפאַלן דאָס וואָרט: „פאַשיזם".

עס זענען געגרינדעט געוואָרן די „פאַסציאָ די קאָמבאַטימענטאָ" — פאַראיי־ניקונג פון קאַמף, די ערשטע פאַשיסטישע באַוואָפנטע מחנות. די „פאַסציאָ" האָבן געוואַלדיקע פאַרדינסטן פאַרן אויפשטייג פון מוסאָליני. אין יאָר 1919, ווען מוסאָ־ליני האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור צום פאַרלאַמענט, האָט ער באַקומען אַ נישטיקע צאָל שטימען. קעגנערישע צייטונגען האָבן נאָך די וואַלן געשריבן, אַז „מוסאָליניס באַוועגונג איז שוין אַ פּאָליטישער פּגר"... אָבער די קעגנערישע פאַר־טייען האָבן נישט גענוג אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון די פריש געגרינדעטע „פאַסציאָס". די דאָזיקע מחנות האָבן טעראָריזירט זייערע קעגנערס, זענען באַ־פאַלן די לאָקאַלן פון אַנדערע פּאַרטייען, האָבן אויסגעראָטן די מענטשן וואָס זענען פאַר זיי געווען אומבאַקוועם. די דאָזיקע מחנות האָבן מיט דער צייט אויך אָנגע־הויבן אַנוואַרפן זייער טעראָר אויפן פאַרלאַמענט, אויף דער אָפּהענטיקער און הילפלאָזער רעגירונג. אמת איז: מוסאָליני האָט מיטגעריסן מיט זיך די מאַסן אויך אַ דאַנק זיין פערזאָן און וואָרט. מוסאָליני איז אַ גלענצנדיקער רעדנער און אַ נאָך גרעסערער אַנימאַטאָר, און דאָך, ווי שטאַרק די אָפיציעלע פאַשיסטישע היסטאָ־ריקערס זאָלן נישט פעלשן דאָס ערשטע קאַפּיטל געשיכטע פון דער פאַשיסטי־שער באַוועגונג, בלייבט דאָך אַ פאַקט, אַז ווען נישט די „פאַסציאָ", ווען נישט די „שוואַרצע העמדלעך" און זייער ריקזיכטלאָזע טאַקטיק פון געוואַלד, וואָלט מוסאָ־ליני נישט דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט דערגרייכט. טאַקע דערפאַר ווערט די קאָנפערענץ אין מילאַן באַטראַכט, ווי די געבורט־קאָנפערענץ פון פאַשיזם.

אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט זיך גלייך אָנגעצייכנט דאָס, וואָס איז פאַר־בליבן כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַשיזם ביז היינט צו טאָג: אַ באַוועגונג, וואָס האָט נישט פאַקטיש הינטער זיך די אונטערשטיצונג פון די גרויסע מאַסן, וואָס ווערט בסך־הכּל אַרויסגערופן צום לעבן דורך אַ הייפל פחד־אַנוואָרפערס, אָבער וואָס האָט דערפאַר — דאָס אָפענע מויל, די פראַזע פון נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם, דעם

אָנזאָג אויף כּוח, און — וואָס בויט גלייך פון ערשטן טאָג אָן די מאַכט אויף דער פויסט.

19 יאָר איז אַלט דער פאַשיזם, אָבער נאָך נישט אַזוי פיל איז אַלט די טעאָ־ריע פון פאַשיזם. מוסאָליני האָט זיך נישט געאײַלט מיטן לייגן די טעאָרעטישע יסודות פאַר זיין באַוועגונג. מוסאָליני איז געוועזן פאַרנומען מיט „צוגרייטן די טאַט", מיט אָרגאַניזירן דעם מאַרש אויף רוים. ער האָט געוווסט: אינעם טאָג, „ווען דער פאַשיזם וועט ווערן די מלוכה, וועט שוין די טעאָריע זיך אויסגעפינען".

בפרט, אַז דער עיקר איז גלייך אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף יענער קאָנפע־רענץ אין מילאַן: איטאַליע מוז פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסער אימפעריע. אַלע מיטלען דאַרפן געלאָזט ווערן אין גאַנג. נישטאָ עפּעס אַזוינס, צוליב וועלכעס עס זאָל לוינען זיך אָפּצושטעלן אינעם דאַזיקן מאַרש צו אימפעריאַליזם.

19 יאָר נאָך מילאַן האָט מוסאָליני איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער מיט נאָך אַ שטאַרקערן נאָכדרוק.

אין דער רעדע, וואָס ער האָט פאַר דעם גרויסן פאַשיסטישן ראַט געהאַלטן דעם פאַריקן מיטוואָך, איז אָנגעזאָגט געוואָרן דער וועלט אַן אומברחמנותדיקע, אינטעגראַלע מלחמה.

מלחמה — דאָס איז דער עיקר־שטריך פון דער פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע, אָבער צו דעם קומען צו נאָך אַנדערע שטריכן, ווי: פאַרערונג פון דער פויסט; פאַראַכטונג פאַר די שוואַכע; אונטערדריקונג פון דער פרייהייט; דערפירן די פעלקער צו דער מדרגה פון פּשוטע מאַנעקינס, וואָס הייבן מעכאַניש די הענט צום שווערן און די פיס צום מאַרשירן, קענען נישט זעלבשטענדיק דענקען און האַנד־לען, נאָר מוזן אין אַלץ געהאָרכזאַם זיין דעם דיקטאַטאָר, דעם „פירער", דעם „דוטשע"...

און עס מוז געזאָגט ווערן: דער פאַשיזם איז אַן אידעאָלאָגיע וואָס איז פרעמד דעם יידנטום. פרעמד נישט בלויז דערפאַר, ווייל דער פאַשיזם איז כּמעט אין אַלע לענדער ווו ער טרעט אַרויס וווּלגאַר־אַנטיסעמיטיש, זאָאָלאָגיש־אַנטיסעמיטיש, ווייל ער גייט כּמעט אומעטום צוזאַמענגעפּאָרט מיט אַן אויסראָטונגס־פּראָגראַם קעגן יידנטום, ווייל צוזאַמען מיטן אויפשטייג פון פאַשיזם שטאַרקט זיך אין גאָר דער וועלט די שמוציקע אַנטי־יידישע כוואַליע. דער פאַשיזם איז פרעמד דעם יידנטום שוין דערפאַר, ווייל ער פאַרלייקנט די אַלע פּרינציפּן וואָס דאָס יידנטום האָט אַרויסגעהויבן דווקא צום אויבן אָן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אינעם יידישן וועלטבליק שטייט דאָס געזעץ העכער ווי דער ווילן פונעם הערשער. דאָס געזעץ איז הייליק און ווערט נישט געענדערט צוליב דעם אָדער יענעמס קאַפּריזן, אַזאַ אייביק געזעץ איז, אַז מענטשלעך לעבן איז הייליק שטענדיק און אַלע מאָל. דער פאַשיזם קען נישט אַזעלכע שטענדיק־פאַרפליכטנדיקע געזעצן. דער פאַשיזם אָנערקענט נישט אַ מאָראַל, וואָס זאָל זיין אַבסאָלוט. דער פאַשיזם זאָגט: „גערעכט

איז דאָס, וואָס איז גוט פאַר מיר; אומגערעכט דאָס, וואָס איז שלעכט פאַר מיר״...

און ווייטער: דאָס יידנטום לערנט אַז אַלע זאָרגן מוזן זיין געווידמעט דעם מענטש, אַז פאַר מענטשלעכן וויל און גליק מוז די אַרבעט גיין, אַז אויף מענטשלעכן פיין און טרערן טאָר מען נישט בויען; דער פאַשיזם האָט געשאַפן אַן אָפּגאָט: „מלוכה״.

און ווייטער: דאָס יידנטום באַווייזט, אַז דער מענטשלעכער ציל איז — ג ו ט צו זיין; דער פאַשיזם האַלט, אַז די מענטשלעכע אויפגאַבע איז — ש ט אַ ר ק צו זיין, פאַרן פאַשיזם האָט רעכט דער וואָס האָט מאַכט, נאָך גבורה דאַרף זיך דער מענטש יאָגן. אין גבורה ליגט זיין גרויסקייט. אַלע אָנשטרענגונגען צו זיין „מאָראַליש״, זענען אַ פּראָדוקט פון שוואַכקייט. נישט פאָלגן דער מאָראַל, פאָלגן זיך.

דאָס איז אַ באַוועגונג, וואָס פאַרהערלעכט די פויסט, און שוין צוליב דעם איז זי אין איר תוך — אַנטי־רעליגיעז און עס קענען דאָ ווייניק וואָס ווירקן דער אומשטאַנד, וואָס די פירערס פון פאַשיזם באַנוצן זיך אָפּט מאָל מיט דער צניעות־דיקער רעליגיעזער פראַזע. ווי אַ סך „הויכע ווערטער״ פון די פאַשיסטישע פירערס, איז דאָס אויך אַ פראַזע.

דער פאַשיזם איז געצוי אַזוי וויט און פרעמד דעם יידנטום און דעם יידישן וועלטבליק, ווי דער קאָמוניזם. דער פאַשיזם באַדראָעט די עקזיסטענץ פון יידנטום. מאַנכע אויף דער יידישער גאַס ווילן דאָס נישט זען. ווי קורצזיכטיק די דאָזיקע מענטשן זענען!...

עס וואָלט געווען פאַלש צו פאַרמאַכן די אויגן און נישט מודה צו זיין, אַז דער פאַשיזם האָט נאָך 19 יאָר אָפּגעהאַלטן ריזן־דערפאָלגן. זעלטן — וועלכע באַוועגונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע — האָט אין אַזאַ קורצער צייט מאַרשירט פאָרויס. דער פאַשיזם איז אַרויס פון די איטאַליענישע גרענעצן. ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ גאַנצע רייע לענדער, און אויב אַפילו אָפן פאַשיסטיש זענען איטאַליע און דייטשלאַנד, איז דאָך אָבער זייער גרויס די צאָל פון די מלוכות, וואָס קאָפּירן נאָך דעם איטאַליענישן „דוטשע״.

נישט איצט איז די געלעגנהייט צו אַנאַליזירן די אַלע סיבות, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צום אויפשטייג פון דער פאַשיסטישער באַוועגונג. גענוג: זי איז דאָ. זי פליצט מיט געוואַלדיקן אימפּעט. זי באַדראָעט אייראָפּע. און נישט בלויז אייראָפּע.

און דאָך איז צו גלייבן, אַז דער פאַשיזם איז שוין דערגאַנגען צו זיין קולמינאַציע־פונקט, און אַז דאָס צוואַנציקסטע יאָר אין וועלכן ער טרעט איצט אַריין, קען פאַר אים ווערן פון אַנטשיידונג.

און אַז אַזוי איז עס טאַקע — זאָגן עדות נישט קיין אַנדערע, ווי — די פֿאַשיסטישע דיקטאַטאָרן גופֿא...

די עקאָנאָמיק פֿון די פֿאַשיסטישע לענדער איז אַ קאַטאַסטראָפֿאַלע. די בויט האָט די דיקטאַטאָרן אויפגעהויבן. אָבער די דיקטאַטאָרן האָבן די בויט נישט באַ־קעמפֿט. פֿאַרקערט. זי איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. נישט אין איטאַליע, נישט אין דייטשלאַנד האָבן די מאַסע באַקומען דאָס, וואָס זיי האָבן אין דער ערשטער רייע פֿון די נייע מושלים דערוואַרט: ברויט.

און ווען קיין ברויט איז נישטאָ, שטרענגען זיך אָן די דיקטאַטאָרן מיט אַלע כּוחות צו וואַרפֿן אַן „ערזאַץ", וואָס דאַרף פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון ברויט...

אַזאַ „ערזאַץ" איז פֿאַר די איטאַליענישע מאַסן דאָס דעראָבערן אַביסיניע; אַזאַ „ערזאַץ" איז פֿאַר די דייטשע דאָס אָקופּירן עסטרייך; אַזאַ „ערזאַץ" אויסגעאַרבעט בשותּפֿותדיק פֿון ביידע דיקטאַטאָרן, דאַרף זיין: שפּאַניע.

— וואָס, ברויט ווילט איר? — נו, ברויט איז טאַקע נישטאָ, אָבער דערפֿאַר האָט אייך — נאַציאָנאַלן שטאָלץ, פֿרישע לענדער, פֿרישע טריומפֿן!

די פּאָליטישע נצחונות דאַרפֿן זיין די נאַרקאָטיק וואָס זאָל די מאַסן פֿאַר־טויבן...

און וואָס שאַרפֿער עס ווערט דער ווירטשאַפֿטלעכער קריזיס אין די פֿאַשיס־טישע לענדער, וואָס אילוזאָרישער עס ווערן די אַלע שיינע און ליכטיקע צוזאָגן, וואָס די דיקטאַטאָרן האָבן געגעבן, אַלץ פֿיבערהאַפֿטער ווערט זייער געיעג נאָך — מלחמה.

אין נאָמען פֿון דער „רעטונג פֿון איטאַליענישן פֿאָלק" איז געגרינדעט געוואָרן די פֿאַשיסטישע באַוועגונג. (אַזוי האָט דאָס געקלונגען אין מילאַן). אָבער געראַטע־וועט איז דורכן פֿאַשיזם קיינער נישט געוואָרן. נישט איטאַליע, נישט די אַלע, וואָס האָבן אין אַנדערע לענדער מיט גרעסערן אָדער קלענערן דערפֿאָלג גענומען שפּילן די איטאַליענישע אָפּערע.

דער סימבאָל פֿון פֿאַשיזם וועט בלייבן פֿאַר אַלע צייטן דער סימבאָל, וואָס איז דורך די פֿאַשיסטן אַליין צוגעקליבן געוואָרן אויף דער קאָנפֿערענץ מיט 19 יאָר צוריק אין מילאַן: אַ בינטל רוזגעס און אַ האַק צווישן די רוזגעס. דאָס איז דער פֿאַשיסטישער עמבלעם. קיין מער טרעפֿלעכע האָט נישט געקענט צוגעקליבן ווערן.

אַזוי וועט דער קומענדיקער געשיכטע־שרייבער אָנהייבן זיין שטודיום איבער דעם פֿאַשיזם: „ויהי — און עס איז געווען אין חודש מערץ 1919, איז אין דער איטאַליענישער שטאָט מילאַן, אין אַ פֿינצטערער שעה, אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ האַק פֿאַר די מענטשן, אַ ריזיקע פֿאַרבלוטיקטע האַק"...

# פּראָפעסאָר לעווי האָט באַקומען
# די נאָבעל־פּרעמיע פאַר מעדיצין

דעם היי־יאָריקן נאָבעל־פּרייז פאַר מעדיצין האָט באַקומען אַ ייד. אַ יידישער פּראָפעסאָר פון עסטרייך — ד"ר אָטאָ לעווי.

מיר נעמען זיך נישט אונטער אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דער באַדייטונג פון די מעדיצינישע און פּיזיאָלאָגישע אַנטדעקונגען פון פּראָפעסאָר לעווי. מיר זענען נישט קאָמפּעטענט דערצו, און מיר מוזן זיך דעריבער אין דעם פאַל פאַרלאָזן בלויז אויף דער „מבינות" און אויף דער אַנטשיידונג פון דער קאָמיסיע, וואָס פאַרטיילט די נאָבעל־פּרעמיע. און פאַרלאָזן קען מען זיך. אַפילו יידן סקעפּטיקערס מעגן בלייבן רויִק. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע זיצן די גרעסטע אָנערקענטע מעדיצין־אויטאָריטעטן פון דער וועלט. ווייל זאָגן, אַז דער יידישער אָפּשטאַם פון פּראָפעסאָר לעווי זאָל דאָ האָבן געווען דווקא אַ גינסטיקער מאָמענט און זאָל האָבן דעצידירט לטובת אים, קען מען דאָך זיכער נישט.

פּראָפעסאָר אָטאָ לעווי האָט גראָד זייער פּיל געליטן צוליב דעם, וואָס ער איז אַ ייד. אַ געבוירענער אין פראַנקפורט אַם מיין, איז פּראָפּ' לעווי דערצויגן געוואָרן אין אַ יידישער אַטמאָספער, און דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף זיין אינערלעך לעבן, און איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אין זיין נשמה. מיר וויסן נישט אויף וויפל פּראָפּ' לעווי פילט זיך צוגעבונדן צום יידנטום, אָבער אַ פאַקט איז, אַז ער אַקצעפּטירט מיט שטאָלץ זיין צוגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. אַ שטריך, וואָס באַמערקט זיך ליידער זעלטן ביי די באַרימטע יידישער וויסנשאַפט־מענער און פּראָפעסאָרן, וואָס קרענקען דאָס רוב אויפן יידישן מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. אָנהייבן הייבט זיך ביי זיי אָן דאָס אַנטלויפן פון יידן, קודם־כל — מיטן טוישן דעם נאָמען. אַזעלכע נעמען ווי לעווי, ווי קאָהן, קענען קאָמפּראָמיטירן. זיי ברענגען אַ פאַטאַלן שאָדן פאַר דער קאַריערע.

אין אַ דערציילונג פון יידיש־ענגלישן שריפטשטעלער לודוויג לויִסאָן איז פאָרגעשטעלט אַזאַ טיפּ פון אַ יידישן געלערנטן. ער לעבט אין פּאַריז. ער הייסט קאָהן. אָבער זיין נאָמען איז פאַר אים אַ געשפּענסט. עס דערמאָנט אים אין דער סינאַגאָגע, אין כהנים, אין טליתים, אין דוכענען... אַלע מאָל, ווען מען רופט אים

„ה' פּראָפעסאָר קאָהן", קומען אים פאַמען אין פּנים. אים דאַכט זיך, אַז פּאָר אַלעמענס אויגן שטייט אין דעם מאָמענט אַ — יידישע שול... דער דאָזיקער פּראָ־פעסאָר קאָהן באַשליסט לסוף אַן עק צו מאַכן צו זיין אומגליק. ער ווענדט זיך מיט אַ ביטע צו דער מאַכט, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו ענדערן דעם פאַמיליע־נאָמען אויף „רישעליע", „וואַלעריע", צו אַן אַנדערן פראַנצויזיש־קלינגענדיקן נאָמען. דער מענטש בלייבט אָבער אומגליקלעך. דער אַלטער יידישער נאָמען גייט אים נאָך ווי אַ קאָשמאַר. ער באַגעגנט יוגנט־פריינד און זיי רופן אים, ווי אַמאָל: קאָהן. דאָס רודערט אים אויף. דאָס רויִנירט זיין געזונט. און דאָס טרייבט אים סוף־כל־סוף אין משוגעים־הויז אַריין. אַפילו ווען ער איז שוין געבונדן אין משו־געים־העמדל, בעט ער זיך, וויינט, שרייט און בייזערט זיך: רופט מיך נישט קאָהן, נאָר — רישעליע, וואַלעריע!... אַך, די נעמען־טראַגעדיעס.

איך האָב געקענט אין וואַרשע אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע (ער איז גע־שטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק), וואָס האָט פון דער היים געהייסן, דאַכט זיך, „מענדעלבערג", און האָט דערנאָך זיך געענדערט דעם נאָמען אויף „מישליצקי". דער מענטש איז שוין געווען אויף דער עלטער און ער פלעגט פאַר זיינע נאָענטע פריינד נישט אויפהערן צו רעדן וועגן דעם געלונגענעם נאָמען, וואָס ער האָט פאַר זיך צוגעקליבן. איר פאַרשטייט — פלעגט ער זאָגן — „מישליצקי" — וויפל קלאַנג ליגט אין דעם נאָמען, וויפל עכט־פּוילישע שיינקייט!... דער אַלטער האָט ממש געשיינט פון פרייד: ער האָט געגלויבט, אַז אים איז אַזוי אַרום געלונגען אין גאַנצן צו פאַרטרייבן דאָס בייזע געשפּענסט פון פריִערדיקן „מענדעלבערג"...

נאַטירלעך: דער נאָמען־טויש איז נאָר דער אָנהויב. דער פאַרשפּיל. דערנאָך קומען די ווייטערדיקע אַקטן. און דאַן קומט — די ענדע, דער עפּילאָג: שמד.

פּראָפעסאָר לעווי, דער איצטיקער נאָבעל־פּרייז־טרעגער, איז דווקא יאָ פאַר־בליבן ביי זיין אַלטן יידישן פאַמיליע־נאָמען. דאָס זאָגט שוין אַ סך. דאָס זאָגט, אַז ער האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן די מיאוסע פּאַיאַצישע שטיק פון זייער פיל פון זיינע קאָלעגן. די עסטרייכישע אַנטיסעמיטן האָבן אים דאָס נישט מוחל געווען. מילא, אַ פּראָפעסאָרן־קאַטעדרע האָט מען דעם גרויסן יידישן געלערנטן געמוזט געבן — אויב נישט אין ווין, איז אויף דער אוניווערסיטעט אין גראַץ — אָבער עפּעס אַנדערש האָט מען דעם „חוצפּהדיקן" ייד אָפּגעטאָן: אין עסטרייך איז דאָ אַ וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע. אין דער דאָזיקער אַקאַדעמיע זיצן די וויכטיקסטע געלערנטע פון עסטרייך. פּראָפעסאָר לעווי איז אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן נישט געוואָרן אויפגענומען ווי אַ מיטגליד. עס זענען צו אים געגאַנגען פּראָפּאָ־זיציעס, בריוועלעך, אָנצוהערעניש: אַ „לעווי" קענען מיר נישט אַריינעמען אין אונדזער אַקאַדעמיע. דו דאַרפסט עס וויסן. דאָס דערלויבט אונדז נישט אונדזער

קריסטלעך און עסטרייכיש געוויסן. טו „וואָס מען דאַרף״, און דיין קאַריערע וועט פילפאַך שטייגן!... אָבער פּראָפעסאָר לעווי האָט די פאָרשלאָגן מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן. און ער איז פאַרבליבן אין דרויסן. (אין אַ קלוג פּערסיש מעשׂהלע ווערט דערציילט: אין פּערסיע איז געווען אַן אַקאַדעמיע. בלויז שקלאַפן האָבן צו איר געקענט געהערן. אַ מאָדנע אַקאַדעמיע. איין מאָל קומט אַ פרייער מענטש, אַ מענטש מיט ווירדע, און מיט גרויסע פאַרדינסטן, און די חברה לאָזט אים נישט צו. אַ ווירדיקער מענטש — אַרויס פון דער משפחה!...).

איצט פאַרצייכנט מען אין דער וועלט דעם קוריאָז מיט שמייכל: דער, וואָס האָט באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר זיינע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען — דער האָט צו מאָל נישט „געקענט״ אויפגענומען ווערן אין דער אַקאַדעמיע אין... ווין...

ווי געזאָגט, מיר שטעלן זיך נישט די אויפגאַבע צו באַקענען דעם לייענער מיט די אויפטוען פון פּראָפ׳ לעווי. זאָלן נעמען דאָס וואָרט קאָמפּעטענטערע. יעדן פאַל איז קלאָר, אַז פּראָפעסאָר אָטאָ לעווי האָט געעפנט נייע וועגן אין דער מעדיצין. פּראָפ׳ לעווי איז דער בעסטער האַרץ־קענער אין דער וועלט. פאַר זיין דורכדרינגלעכן מוח זענען אַנטפּלעקט די פיזיאָלאָגישע סודות פון מענטשלעכן האַרץ. ער קען, ווי קיינער נישט אין דער איצטיקער צייט, די באַוועגונג, די אימ־פּולסן פון אונדזער האַרץ. פּראָפ׳ לעווי האָט אַריינגעבערענגט אין דער וויסנשאַפט בליצן פון נייע געדאַנקען. ער האָט אויסגעפונען אַ ביז איצט אומבאַקאַנטן כעמישן שטאָף אין מענטשלעכן אָרגאַניזם, וואָס האָט אַן ערשט־קלאַסיקע באַדייטונג פאַר די האַרץ־נערוון. מיט איין וואָרט: „אַ „יודע לבֿ״.

דאָס גאַנצע לעבן פון פּראָפעסאָר לעווי — ער איז איצט אַלט 63 יאָר — איז אַוועק אויף האַרץ־פאָרשונגען. און אפשר איז עס כּלל נישט קיין צופאַל, וואָס אַ ייִד איז היינט דער גרעסטער האַרץ־ספּעציאַליסט אין דער וועלט: מיר זענען דאָס פאָלק מיט געבראָכענע הערצער. מיר זענען די מענטשן, ביי וועלכע דאָס האַרץ ווערט הונדערט מאָל אין טאָג פאַרגליווערט פון שרעק. מיר זענען די מענטשן, וואָס דאָס האַרץ קלאַפּט ביי זיי כּסדר פון מורא פאַרן נאַקעטן לעבן. און דערצו ביי אונדז איז נאָך אין די אַלטע צייטן געפאַלן דאָס גרויסע, טיפע וואָרט, אַז אַ גוט האַרץ, אַ „לבֿ טובֿ״, איז דאָס אַנטשיידנדיקסטע פאַרן מענטשלעכן כאַראַקטער. הקיצור: האַרץ — איז אַן אַלטע ייִדישע טעמע. האַרץ — איז אַ ספּעציפיש ייִדישע קראַנקהייט. פּראָפ׳ לעווי האָט אפשר אומבאַוווסטזיניק אָפּגעקליבן פאַר זיך אַ ייִדישן, אַ ייִדישלעכן געביט. און ווען אים זאָל נאָר געלונגען אַריינצוזעצן כאָטש אַ פּיצל האַרץ אין די האַרצלאָזע מענטשן, וואָס שלאָגן אונדז און פייניקן — דאַן וואָלטן מיר אויף אַן אמת דאַנקבאַר געווען דעם זייער חשובֿן פּראָפעסאָר.

כדאי צוצוגעבן, אַז פּראָפעסאָר אָטאָ לעווי האָט זיך קיין מאָל נישט געיאָגט נאָך פּאָפּולאַריטעט. ער האָט געטאָן זיין אַרבעט אָן רויש און ליאַרעם. דעריבער איז פאַר אים איצט געווען אַזאַ איבעררעאַשונג די ידיעה, אַז אים איז צוגעטיילט געוואָרן די נאָבעל־פּרעמיע.

ער האָט דערקלערט מיט רירנדיקער באַשיידנקייט:

„איך האָב קיין מאָל נישט דערוואַרט, אַז מיינע מינדערווערטיקע אַרבעטן זאָלן ווענדן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער וועלט!

די העכסטע וויסנשאַפטלעכע אויסצייכענונג איז אָנערקענט געוואָרן אַ יידן — און אין דער איצטיקער צייט פון גיפט און בושעווענדיקער אַנטי־יידישער העצע, איז דאָס אַ הילכיקער פּאַטש אין פּנים פאַר די אַלע כאַמעס, וואָס שענדן דעם יידישן כבוד.

פון היטלער־לאַנד זענען ברוטאַל פאַרטריבן געוואָרן די וויסנשאַפט־לייט, וואָס האָבן דאָס „אומגליק" צו זיין יידן; געלערנטע מיט ערשט־ראַנגיקע לייסטונגען מוזן וואַנדערן איבער מדינות און זוכן ברויט; דער יידישער וויסנשאַפטסמאַן ווערט אומעטום באַשמוצט, באַליידיקט — די נאָבעל־פּרייז־קאָמיסיע איז זיכער נישט אויסן געווען צו מאַכן אַ פּאָליטישע דעמאָנסטראַציע מיט איר אויסוואַל, אָבער די דעמאָנסטראַציע איז פון זיך אַליין געקומען. די אַנטיסעמיטן פון אַלע קאָלירן האָבן דעם אויסוואַל אָנגענומען ווי אַ וויטיקלעכן קלאַפּ פאַר זיך. איך פילט עס אין די עסטרייכישע צייטונגען. זיי האָבן באַדאַרפט, דאַכט זיך, מיט פרייד מעלדן וועגן דער אויסצייכענונג פון אַ פּראָפעסאָר פון אַן עסטרייכישער אוניווערסיטעט, אָבער זיי גיבן די ידיעה ערגעץ אויף די לעצטע זייטן, אין אַ פאַררוקטן ווינקל. די האַלב־אָפיציעלע עסטרייכישע „רייכספּאָסט" האָט פאַר דער נאָטיץ אָפּגעגעבן קאַרגע 5 שורות. אין סאַמע מיטן הויכסעזאָן אויף אַנטיסעמיטיזם אין ווין, ווען אַפילו די „אַפּפעל־שטרודלען" — דאָס באַליבטע ווינער מאכל — זענען אָנגעפּולט מיט אַנטיסעמיטיזם, גראָד אין אַזאַ צייט פייערן איינעם אַ ייד אַ „לעווי" ?... ווירקלעך סקאַנדאַליעז!

עס איז צו רעכענען, אַז די יידן־העצערס וועלן בקרוב אַרויסלאָזן אַ פּאַמפלעט קעגן דער גאַנצער נאָבעל־פּרייז־אינסטיטוציע און זי קרוינען פאַר אַ „יידישע" פלאַצובקע. אירענע האַראַנד, די מוטיקע קעמפערין קעגן אַנטיסעמיטיזם, מאַכט אין איר לעצטן בוך אַ טשעקאַוון חשבון: אויף דער וועלט איז דאָ אַ מיליאַרד מיט אַכט הונדערט מיליאָן מענטשן. יידן זענען דאָ סך־הכל 17 מיליאָן. דאָס הייסט: צו מאָל נישט איין פּראָצענט. אויף דער גאַנצער וועלט געפינען זיך 170 מענטשן, וואָס זענען געוואָרן באַשאָנקען מיט דער נאָבעל־פּרעמיע; צווישן זיי — 19 יידן. בכן: 12 פּראָצענט.

און ווייטער: דייטשלאַנד ציילט 60 מיליאָן איינוווינערס. צווישן זיי 550 טויזנט

יידן. אַלזאָ: צו מאָל נישט איין פּראָצענט. דייטשלאַנד האָט 34 נאָבעל־פּרייז־טרע־גערס, צווישן זיי 11 יידן. אַלזאָ: 33 פּראָצענט.

נאָך „מוראדיקער" קלינגט די סטאַטיסטיק פאַר עסטרייך. זיבן עסטרייכער זענען אויסגעצייכנט געוואָרן מיט דער נאָבעל־פּרעמיע. דערפון זענען — פיר יידן. דאָס הייסט: מער ווי די העלפט.

רעדט מען שוין וועגן אַ באַרימטן יידישן מעדיצין־פאָרשער, דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז יידן פאַרנעמען בכלל אַ זייער אָנזעעוודיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער מעדיצין.

מיר זענען דאָ רייך רעפּרעזענטירט.

יידישע געלערנטע האָבן געהאָלפן אויסראָטן געפערלעכע קראַנקייטן און אויס־געפינען מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן די פיזישע ליידן פון די מענטשן.

געוואַלדיקע פאַרדינסטן פאַר דער מעדיצין־פאָרשונג האָט, למשל, דער באַ־רימטער יידישער דאָקטער פון אונגאַרן, זעמעלוויס. דאָס האָט ער דער ערשטער אין פאַריקן יאָרהונדערט אָנגעוויזן אויף דער געפאַר, וואָס דער דאָקטער ברענגט פאַרן קראַנקן, ווען ער באַטראַכט אים מיט שמוציקע הענט. ביז צו דער אַנטדע־קונג פון זעמעלוויס האָט מען בכלל נישט געהאַלטן, אַז שמוציקע הענט קענען זיין עפּעס שעדלעך. אויך זעמעלוויס איז אויסגעלאַכט געוואָרן. אָבער ער האָט גע־קעמפט פאַרן אמת וואָס האָט פאַר אים אַ פינקל געטאָן, און געוואָרנט די דאָקטוי־רים: וואַשט אייערע הענט, וואַשט זיי מיט אַ דעזינפעקציע־מיטל, ווען איר גייט צו צו אַ קראַנקן, אויב נישט, וועל איך אייך שטעמפּלען פאַר — מערדערס!...

זעמעלוויס איז פאַרבליבן אומפאַרשטאַנען ביים לעבן. ערשט נאָך זיין טויט האָט זיין אידעע געפייערט אַ טריומף. דער יידישער דאָקטער זעמעלוויס איז איינער פון די טיפסטע גייסטער אין דער מעדיצין־וויסנשאַפט.

אויף אַלע שלאַכטפעלדער קעגן קראַנקייטן זענען יידן צאָלרייך פאַרטראָטן. אין קאַמף קעגן דער צוקער־קראַנקייט נעמען אָנטייל די יידישע געלערנטע משה באַראָן און מינקאָווסקי; אין דער מלחמה קעגן דער אַזוי גערופענער „פּאַפּוגיי־קראַנקייט" באַטייליקן זיך די יידן ד"ר מייער, ד"ר וויינער און ד"ר קראַמער; פון אומגעוויינלעכער היסטאָרישער ווערט זענען די לייסטונגען פון די מעדיצי־נישע פאָרשערס ברידער לייב; דער איצטיקער מייסטער פון פאַריונגערונגס־אָפּע־ראַציעס, פּראָפעסאָר שטיינאַך, איז אַ ייד — דאָס זענען בלויז עטלעכע נעמען, צופעליקע, גענומען פון זכרון. דער יידישער צושטייער פאַר דער מעדיצין־פאָר־שונג איז נאַטירלעך פיל גרעסער און אימפּאָזאַנטער.

אין דייטשלאַנד ווערט איצט אונטער שטרייכערס איינפלוס געפירט אַן אַקציע אָפּצוזאָגן זיך פון די יידישע אויפטוען אין דער מעדיצין. עס ווערט געפאָדערט,

אַז קיין שום דייטש זאָל זיך נישט טאָרן באַנוצן מיט איינשפּריצונגען אָדער הייל־מיטלען, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן דורך יידישע געלערנטע, בעסער קראַנק זיין, בעסער אומקומען — אַבי מיט יידישע מיטלען זיך נישט באַנוצן...

מיר זענען פאַרשטייט זיך, קעגנערס פון שגעון, וואָס מאַרשירט איצט אין דייטשלאַנד, אָבער גראָד קעגן דעם האָבן מיר גאָרנישט. אַדרבא, וואַרפט אָפּ די גרויסע מעדיצינישע אויפטועגן, ביטע זייער, ביטע !...

## אינעם געריכט־זאַל ווו פראַנקפורטער ווערט געמישפּט

צווײ פּאָליציאַנטן פירן אים אַרײַן. דוד פראַנקפורטער טראָגט אַ גרויען אָנצוג. ווי אַ סימבאָל ווירקט גלייך דאָס גרויע. אַ גרויער, איינפאַכער מענטש פון פאָלק, וואָס האָט אויף אַ מאָמענט געפּרוּווט ווערן דער שליח־ציבור פון פאָלק. דאָס פּנים פון דוד פראַנקפורטער איז בלאַס, און אַ גאַנצע מאַרטיראָלאָגיע פון ליידן איז דערין איינגעקריצט. מיט אַ מילדן שמייכל באַגריסט פראַנקפורטער זיין פּאַרטיי־דיקער, דעם אַלטיטשקן גרייז־גרויען ד״ר אויגען קורטי, און דאַן וואַרפט ער אַ בליק אויפן זאַל, ווו זיין משפט דאַרף זיך אָפּשפּילן.

דער זאַל איז פול מיט פּרעסע־פאָרשטייערס פון די פאַרשידנסטע לענדער. פון די פאַרשידנסטע צייטונגען, בלויז זשורנאַליסטן זיצן אין גרויסן געריכט־זאַל. פאַרן פּובליקום זענען באַשטימט די גאַלעריעס. צום מערסטן איז אין זאַל פאַר־טראָטן די דייטשע היטלער־פּרעסע. אַזש עטלעכע צענדליק נאַצי־קאָרעספּאָנדענטן זענען געקומען. זיי פאַרנעמען די ערטער רעכטס, אין דער ערשטער ריי זיצן די פאָרשטייערס פון די הויפּט־אָרגאַנען פון איצטיקן דייטשלאַנד, די שליחים פון היט־לערס „פעלקישער בעאָבאַכטער״ פון געבעלסעס „אָנגריף״ און פון שטרייכערס „שטירמער״.

דוד פראַנקפורטער קומט צוריק מיט זיין בליק. גענוג, גענוג. ער ווענדט די אויגן צו דער טריבונע, צום ריכטער־טריבונאַל. דער באַשולדיקונגס־אַקט ווערט פאָרגעלייענט. נו, יאָ. ער ווייסט עס: ער איז שולדיק. ער איז דאָס פאַרברעכן באַ־גאַנגען. ער האָט געוואָגט צו דערמאָרדן דעם אומשולדיקן גאָסטלאָוו. אומשולד. גרויסע אַרישע אומשולד!... באַלד וועלן קומען די פראַגעס און ער וועט מוזן דערקלערן, פאַרענטפערן, אויפקלערן אַזעלכע וויכטיקע פּראָבלעמען, ווי, למשל: וויפל פּאַפּיראָסן רויכערט ער אַ טאָג, דער ה׳ פראַנקפורטער? — צו וועלכע צייטונגען אַבאָנירט, קויפט און לייענט דער ה׳ פראַנקפורטער? — ווען שטייט אויף יעדן פרימאָרגן דער ה׳ פראַנקפורטער?...

געדולד, רו! אָבער ניין, ער קען נישט מער. אַ דינער, קוים זעבאַרער שמייכל מוז זיך אַ גליטש טאָן אויף זיינע בלייכע, בלוטלאָזע ליפּן. אינעם גרויסן און אַזוי ערנסטן געריכט־זאַל שוועבט — די איראָניע. ער זעט עס דייטלעך. די איראָניע איבער איר מאַיעסטעט די גערעכטיקייט. די געטין פון גערעכטיקייט אין דער

אַלטערטימלעכער וועלט, טעמידאַ, האָט געהאַט פאַרבונדענע אויגן. אָבער איצט, אָבער דאָ, איז דאָס טיכל פון טעמידאַ אַראָפּגעריסן. זי באַווייזט זיך אַזאַ ווי זי איז. אָן פּאָעזיע, אָן באַפּאַרבונג. דער הער פון „פעלקישן בעאָבאַכטער", דער הער פון „אַנגריף", דער הער פון „שטירמער", זיי זענען באַאָבאַכטערס, רעפּרע־זענטאַנטן, פאַרשטייערס, זיי זיצן אויף די „פרייע" בענק. און ער, ער, — איז דער מערדער, דער זינדיקער, ער פאַרנעמט די אַרעסטאַנטן־באַנק.

פראַנקפורטער איז אַ דענקער־נאַטור. ער האָט אויך אַ צייט שטודירט פילאָ־סאָפיע. מעגלעך, אַז ער דערמאָנט זיך איצט טאָקע אין דער רעדע, וואָס דער אַלטער גריכישער פילאָסאָף סאָקראַטעס האָט געהאַלטן פאַרן געריכט אין אַטען און וואָס איז מיט אַזוי פיל געפיל אויפגעצייכנט געוואָרן דורך זיין תלמיד פּלאַ־טאָן: „הויכע ריכטערס! איך פאַרנעם די באַשולדיקונגס־באַנק. אָבער צי פילט איר די טראַגעדיע פון דעם פאַקט, בעסער געזאָגט: צי פילט איר די קאָמעדיע, די אומגעווײנלעכע, גרויסאַרטיקע קאָמעדיע ?"...

עס זיצט נישט אויף דער דאָזיקער באַשולדיקונגס־באַנק דער הער פון „שטיר־מער". דער הער פון דער יידן־פרעסערישער צייטונג פון אַלע יידן־פרעסערישע צייטונגען איז פריי. דער דאָזיקער הער איז אַפילו באַגאַנגען זינט זיין פריסטער יוגנט אָן אַ שיעור קרימינעלע פאַרברעכנס. ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם אומ־היימלעכסטן טיפּ פון אַן אונטערוועלט־פאַרשוין און פּסיכאָפּאַט. ער איז וווּלגאַר, און מיט זיין טעמפּעראַמענט, וואָס שלאָגט פון אים ווי אַ שמוציקער קוואַל, און מיט זיין שטיוול־ברוטאַלער זאָאָלאָגישקייט, איז ער עקלהאַפט אַפילו פאַר אַ ריי נאַצי־טוערס. דער היטלעריסטישער רעדל־פירער האָלוואַרט האָט זיך אויסגעע־דריקט: „איך קען מיטן הער פון „שטירמער" נישט זיצן ביי איין טיש. דאָס איז דער אָנפירער פון דער געמיינסטער טעראָר־באַנדע. איך וועל שוין נישט רעדן וועגן זיינע פינאַנציעלע מאַכינאַציעס מיט די געלטער פון דער נירענבערגער אָרגאַניזאַציע, אָבער צי קען פאַרשוויגן ווערן זיין קרימינעלע פאַרגאַנגענהייט ?"...

דאָס איז דער הער וואָס האָט געשלאָגן דעם פינצטערסטן רעקאָרד מיט זיין סאַדיסטישער פּעסט־פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידן.

דער הער, וואָס האָט אַרעסטירט 250 אומשולדיקע יידן און זיי געצוווּנגען אויסצורייסן מיט די ציין דאָס גראָז אין איינעם פון די נירענבערגער פּאַרקן.

דער הער, וועלכער האָט דערשאָסן אַ רײן־אַרישן פּראָפעסאָר, וועלכער האָט געהאַט די „חוצפה" צו זאָגן, אַז מלוכה־פירערס דאַרפן זיין געבילדעטע מענטשן.

דער הער, וואָס האָט דערפירט צום טויט דעם נעגער וואָנגאַ, ווייל ער האָט זיך דערלויבט צו באַזיגן אין אַ ספּאָרט־קאַמף אַ פאָרשטייער פון דער אויסדער־ווײלטער גערמאַנישער ראַסע...

דער הער מיט די בעסטיאַלישע אינסטינקטן, דער גרויזאַמסטער פּאָגראָם־מייסטער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז דאָ, אינעם דאַזיקן זאַל — אַ בלויזער צושויער, אַ פאַרשטייער, אַ רעפּרעזענטאַנט...

עס זיצט נישט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק דער הער פון „אַנגריף". דאָס האָט דאָך דער דאָזיקער הער געוואָרפן די פּאַראָל פון שוידער און רציחה: „בעסער שיסן צו נאָענט אָדער צו ווייט, אַבי — שיסן". דאָס האָט ער דאָך פאַראָרדנט, אַז דער נאַציאָנאַלער הימן פון אויפוואַכנדיקן דייטשלאַנד זאָל זיין דאָס צעיושעטע ליד פון בלוטדורשטיקייט: „ווען דאָס יידן־בלוט פון מעסער שפּריצט, דאַן גייט עס נאָך אַ מאָל אַזוי גוט..." דאָס האָט ער דאָס אַרויסגעגעבן דירעקטיוון צו פּייניקן די אַרעסטירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט די אוממענטשלעכסטע טאָר־טור־מיטלען, און אויף זיין באַפעל זענען צענדליקער יידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו — יידן סוחרים, נישט חלילה קיין „מאַרקסיסטן" — צוגע־שטעלט געוואָרן אָן אַ שום פאַרוואָס צום ווענטל און דערשאָסן געוואָרן...

דאָס איז דער הער, וואָס האָט אַ כוואַליע פון מערדערישער האַס־פּראָפּאַגאַנדע צעגאָסן איבערן לאַנד, אַ כוואַליע פון דראַקאָנישן ברוינעם טעראָר; דער איניציאַ־טאָר פון דער אַכזריותדיקער שחיטה אין דער בערלינער פאַרשטאָט קעפּעניק; דער מענטש, וואָס אויף זיין באַפעל זענען טויזנטער קרבנות אומגעבראַכט גע־וואָרן אין די תּפיסות, אין די וועלדער, אויף די שאָסייען, ביים מכלומרשטן פּרווון „צו אַנטלויפן" אָדער „צו באַגיין זעלבסטמאָרד"; דער מענטש, וואָס האָט פון אַלע אינקוויזיטאָרן געלערנט די קונסט פון אינקוויזיציע...

דאָס איז דאָך דער הער, וואָס האָט די מיאוסטע טאַט פאַרוואַנדלט אין אַ גע־זעץ, אויב זי איז נאָר געווען נוצלעך פאַר דער „פּאַרטיי", און האָט מיט צופרידנ־הייט דערקלערט: און אַז מיר זענען באַגאַנגען מאָרדן, טאָ איז וואָס? — מיר זענען שטאָלץ מיט זיי!

פריי איז דער דאָזיקער הער, פריי!

עס פאַרנעמט אויך נישט דאָס אָרט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק דער הער פון „פעלקישן בעאָבאַכטער".

דאָס איז דאָך זיין „ווערק" געווען, די נאַכט פון דרייסיקסטן יוני 1934, די נאַכט פון שוידערלעכע געשעענישן און פון לאַנגן מעסער.

לויט זיין אויפטראָג האָט זיך אָפּגעשפּילט די בלוטיקע אָפּרעכענונג.

מ'האָט זיך אַריינגעריסן אין די הייזער פון אייגענע נאָענטע מענטשן; מ'האָט זיך אַריינגעריסן אין דער ווילע פון גענעראַל שלייכער — דער גענעראַל, וואָס

האָט דאָך דערפירט צו דער מאַכט די ברוינע באַטאַליאָנען — און דערשאָסן אים און זיין ווייב; מ׳האָט זיך געוואָרפן מיט צעווילדעוועטער נקמה אויף די שטור-מיסטן-קאָמאַנדירן, אויף די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער באַוועגונג; מ׳האָט אַריינגעשאָסן אַ קויל אינעם שעף פון די היטלעריסטישע שטורעם-אָפּטיילונגען קאַפּיטאַן רעהם, מ׳האָט אָפּגערוימט פון וועג דעם פירער פון די אויבערשלעזיע שטורמיסטן עדמונד היינעס; מ׳האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט „אייגענע מענטשן" אויף אַן אופן, וואָס האָט קוים אַ ביישפּיל צו זיך אין דער געשיכטע פון פאַר-ברעכנס און פון מאָראַלישער געפאַלנקייט; מ׳האָט זיך צו דער בלוטיקער נאַכט צוגעגרייט מיט פולער, באַוווסטזיניקער און רויער, קאַלט-אויסגעחשבונטער פּרע-מעדיטאַציע...

מ׳האָט אַזוי בולט און אויסדריקלעך באַוויזן, ווי ריכטיק עס זענען די ווער-טער פונעם גרויסן קענער פון דייטשלאַנד היינריך מאַן: „דער נאַציזם איז נישט מער ווי אַ קרימינעלע אָנגעלעגנהייט".

דער דאָזיקער הער זיצט, ווו איר ווילט, אָבער נישט — פאַרן געריכט-טריבונאַל.

דאָ זיצט דאַקעגן — ער, דוד פראַנקפורטער.

דאָ זיצט אַ ייד, אַ זון פונעם פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע אויסגערופן „לא תרצח", „דו זאָלסט נישט מאָרדן", אַ זון פונעם פאָלק, וואָס גייט אין לעבן מיט אַ ווידערגעפיל צו בלוט-פאַרגיסונג און ווערט דערפאַר אויסגעלאַכט, באַשמוצט און באַליידיקט.

דאָ זיצט אַ ייד, אין וועלכן עס האָט אויפגעשריגן די שטים פון געוויסן, אַ ייד, וואָס האָט מער נישט געקענט פאַרטראָגן דאָס בילד פון אוממאַכט, און געזוכט אַ שטורמישן אויסדרוק — זאָל זיין אַ זינלאָזן — פאַרן פּיין פון זיין פאָלק, פאַר די יסורים פון זיין פאָלק, און פאַר די אומדערטרעגלעכע פיזישע און מאָראַלישע ליידן פון זיין פאָלק.

דאָ זיצט ער, דוד פראַנקפורטער, און אַרום זיינע ליפּן באַוועגט זיך אַ דינער, ביטערער שמייכל, און אים ווילט זיך אַזוי שטאַרק אַ זאָג טאָן צו די ריכטערס:

— הויכע ריכטערס! ביטע, וואַרפט אַ בליק אויפן געריכט-זאַל. איין בליק נאָר! יוסטיץ, הויכע ריכטערס, דאָס מיינט — רעכט, גערעכטיקייט, יוסטיציאַ, יוסטיציע, יוסטיציע — אַזוי גייט די דעקלינאַציע אין לאַטיין. גערעכטיקייט, פון גערעכטיקייט, צו גערעכטיקייט. אַ נו, הויכע ריכטערס, צי באַמערקט איר די הערן, דאָרט, די הערן פון „פעלקישן בעאָבאַכטער", פון „אָנגריף", פון „שטיר-מער"? — צי הערט איר ווי עס סקריפּען זייערע פעדערס מיטן זעלבן אומהיימ-לעכן טאָן, ווי עס סקריפּען דאָרט, אין דער היים, זייערע תליות?...

הויכע ריכטערס! פריי זענען די דאָזיקע הערן. פריי. זיי זענען דאָ — רע־פּרעזענטאַנטן. מער: זיי טרעטן דאָ אויף ווי די מאָנערס פון גערעכטיקייט און פון פאַרגאָסענעם בלוט... הויכע ריכטערס! צי זעט איר די איראָניע, וואָס שוועבט איבערן זאַל, צי שפּירט איר די איראָניע?

הויכע ריכטערס! דער יידישער מיניסטער פון דייטשלאַנד וואַלטער ראַטע־נאַו, דער ערשטער קרבן, וואָס איז געפאַלן פון היטלעריסטישן טעראָר, האָט געשריבן אין זיינע סובטעלע באַטראַכטונגען: „זייער אָפט קען אויף אַ בלויזער שטוב צי אויף אַ בלויזן שטיק מעבל ליגן אַ שאָטן פון אומשטערבלעכער לעכער־לעכקייט". גאָלדענע, קלוגע ווערטער! דאָ, פאַרן געריכט־טריבונאַל, ווערן זיי פאַרווירקלעכט, הויכע ריכטערס! שוין בלויז אויפן דאָזיקן זאַל אַליין, שוין בלויז אינעם צונויפשטעל און פּלאַן פון די בענק, ליגט אַ שאָטן פון לעכערלעכקייט, און פון גרויזאַמער איראָניע...

# שווער אין אים צו פֿאַרגעסן

שווער אין אים צו פֿאַרגעסן. די ריכטערס האָבן געמשפּט. דער אורטייל איז געחתמעט. אַכצן יאָר מוז דוד פֿראַנקפֿורטער זיצן הינטער קראַטן. ביסלעכווייז הערט אויך דער פֿאַראורטיילטער אויף צו פֿאַרנעמען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער יידישער עפֿנטלעכקייט — און דאָך איז שווער זיך צו באַפֿרייען פֿון אונטערן איינדרוק פֿון דער פֿראַנקפֿורטער־טראַגעדיע.

איר קענט אינעם אומגליקלעכן מענטש, וואָס צאַפּלט אין דער תּפֿיסה־קאַמער — געפּייניקט פֿון אוממענטשלעכע יסורים, פֿון אַ צעבראָכענעם גוף און צעריסע־נעם געוויסן — אַזוי לייכט נישט פֿאַרגעסן.

דער באַרימטער יידיש־דייטשער שריפֿטשטעלער עמיל לודוויג האָט איבער דוד פֿראַנקפֿורטער אָנגעשריבן אַ בוך. לודוויג האָט זיין בוך געשריבן גלייך נאָכן מאָרד אין דאַוואָס. ער שילדערט מיט גרויסער פּסיכאָלאָגישער קענטשאַפֿט דעם מענטש פֿראַנקפֿורטער. ער באַהאַנדלט די מאָטיוון, וואָס האָבן פֿאַרטיפֿט די פֿאַר־צווייפֿלונג פֿון דוד פֿראַנקפֿורטער, אים געררייצט און געטריבן צו זיין טראַגישער טאַט. ער מאַכט אויך אויסרעכענונגען אויפֿן סמך פֿון כּלערליי יורידישע און פּאָקטישע מאַטעריאַלן, וואָסער אורטייל עס וועט פֿאַלן אויפֿן ייד, וואָס האָט גע־שאָסן. איך לייען איצט דאָס בוך. דאָס, וואָס ווערט דאָ געזאָגט, ווירקט דערשי־טערנדיק, אָבער נישט ווייניק — איראָניש. מיר זענען שוין איצט קליגער, ווי דער מחבר. מיר פֿאַרשפּאָרן צו מאַכן חשבונות. מיר ווייסן שוין גאַנץ גענוי, וויפֿל יאָר עס מוז פֿוילן אין תּפֿיסה דער „חוצפּהדיקער יידישער פֿאַרברעכער".

איר רוקט זיך צוריק צו די יאָרן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. פֿראַנקפֿורטער אין זיין קינדהייט. דער פֿאָטער פֿון דוד פֿראַנקפֿורטער איז רב אין אַ קליין סערביש שטעטל. עמיל לודוויג שטעלט זיך אָפּ שוין בלויז אויפֿן פֿאַקט, וואָס פֿראַנקפֿור־טער טראָגט דעם נאָמען „דוד". דער דאָזיקער עפּיזאָד צעוואַקסט זיך דאָ צו אַ מעכטיקן, סודותדיקן סימבאָל. דער פֿאָטער דערציילט פֿאַר זיין קליינעם זון, ווער דער תּנ"כישער דוד איז געווען: דוד איז קליין, יונג, אָבער ער קעמפֿט קעגן אַ ריז. מיט עטלעכע קליינע שטיינדלעך פֿאַרווונדעט ער דעם ריז פֿון די פּלשתּים

גלית און ער ראַטעוועט די ערע פון זיין פאָלק, פון די בני־ישׂראל. דער יונגער פראַנקפורטער הערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער ווערט באַהערשט פון אַזאַ בענק־שאַפט נאָך עפּעס אַ גרויסן וואָרט און גרויסער טאַט.

נאַטירלעך, אַז פראַנקפורטער וואַקסט אויף מיט אַ געפיל פון פיעטעט פאַר דער יידישער טראַדיציע. טאָג־טעגלעך זאָגט זיין פאָטער די דרייצן „אני מאמינס״. און טאָג־טעגלעך פאַרטראַכט זיך דוד פראַנקפורטער איבערן אינהאַלט און איבער דער באַדייטונג פון די גרונט־פרינציפן פון יידנטום. — דוד פראַנקפורטער איז אויך קראַנק. ער קומט אויף דער וועלט מיט נישט געזונטע ביינער. אונטערן אָפּעראַציע־מעסער מוז פראַנקפורטער ליגן שוין אין זיינע פריסטע יאָרן.

אָבער וואָס זענען די דאָזיקע פיזישע ליידן לגבי די שרעקלעכע מאָראַלישע יסורים, וואָס הייבן אָן מאַטערן דעם גייסט פון דוד פראַנקפורטער? — אין דער שול ווו ער לערנט דערלויבט זיך אַ יונג צו באַליידיקן יידן. דאָס איז פאַרן פּיל־באַרן פראַנקפורטער אַן איבערלעבונג פון שוידער און גרויל. ווייסט ער דען נישט, דער דאָזיקער יונג, אַז יידן זענען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק און אַז עס איז אַ כבוד אַ ייד צו זיין? — דוד פראַנקפורטער איז צערודערט. ער פיבערט פון אויפרעגונג. ער לויפט צום פאָטער און דערציילט אים אַלץ. אָבער קען דען דער פאָטער העלפן? — מיר לעבן — זאָגט ער — צווישן פעלקער, וואָס האָבן זייער פיל ביי יידן גענומען, און דאָך האָסן זיי דעם ייד... פאַקט בלייבט פאַקט. — אָבער פראַנקפורטער קען איבער דער זעלבפאַרשטענדלעכער „קלייניקייט״ נישט פאַרביי־גיין. דאָס יאָגט אויף אים אָן אַזוי פיל שווערע יסורים און דערשלאָגנקייט.

אַ פּאָר שטריכן בלויז ווערן אָנגעוואָרפן דורך עמיל לודוויג, און פראַנק־פורטערס סילועטקע איז גוט געצייכנט. אַ ייד, וואָס איז שטאָלץ וואָס ער געהערט צו גאָטס פאָלק, וואָס איז שטאָלץ אויף זיין ביבלישן נאָמען. און — אַזוי עמפינד־לעך! יעדע אומרעכט, וואָס געשעט אין זיין נאָענטער סביבה, טוט אים פערזענ־לעך ווי, פייניקט אים פיזיש און שטויסט אים צו רעאַגירן אויף דעם אומרעכט. קראַנק — אָבער צו דער גערייצטקייט פון זיין נערוון־סיסטעם העלפן נישט וויניק — די יידישע צרות און דער יידישער צער און צאָרן.

עס קומט אַ נייע פּאַזע. רייך אין פאַסירונגען. רייך אין דערשיטערונגען. דוד פראַנקפורטער לאָזט זיך אַוועק קיין דייטשלאַנד. ער פּאָרט שטודירן מעדיצין. לודוויג דערקלערט פראַנקפורטערס נייגונג צו מעדיצין מיטן דאָזיקן מאָטיוו: „אַ ליידנשאַפטלעכער מיטלייד מיט דעם שוואַכן טרייבט אים צו דער דאָזיקער פּראָ־פעסיע״. פראַנקפורטער שטודירט אין לייפּציג און פראַנקפורט. ער מאַכט אויך דאָ אַדורך אַ רייע שווערע אָפּעראַציעס. דוד פראַנקפורטער איז אַ שווינדזיכטיק קראַנקער.

און דאָ קומט די נאַצי־איבערקערעניש. היטלער דעראָבערט די מאַכט. די נאַצי־ממשלה הייבט זיך אָן. דוד פראַנקפורטער איז אויפגעטרייסלט. דער מענטש מיט די גוטע אויגן און מיטן קינדישן האַרץ ווערט פאַרטונקלט דורך קאַלאַמוטנע שטימונגען.

איבער דייטשלאַנד בושעוועט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען.

אין פלוג קלינגט עס אומגלויבלעך; פון פּאָגראָמען האָט פראַנקפורטער גע־הערט, אָבער ער האָט אויך געהערט, אַז זיי האָבן אָן אָרט נאָר אין צאַרישן רוס־לאַנד, אָדער „אין דער טונקלקייט פון די פּוילישע וועלדער און דערפער". צי איז דען מעגלעך, אַז אויך אין לאַנד פון דיכטערס און פילאָסאָפן זאָל זיך אָפּשפּיגלען דער זעלבער אומהיימלעכער סאַדיזם און אויפּציטערנדיקער שוידער?

ווייזט אויס, אַז עס איז יאָ מעגלעך. דער מיטל־אַלטער לעבט אויף אין דייטשלאַנד. די אינסטינקטן פון נידעריקן פעבל ווילדעווען אומגעשטערט. פון די טירן פון יידישע קראָמען שרייט אַראָפּ די אויפשריפט „יודאַ פּערעקע"; אַריער, וואָס קויפן אין יידישע געשעפטן ווערן דורך שטורמיסטן אויפן פּנים געשטעמפּלט: „מיר, פאַררעטערס, האָבן ביי יידן געקויפט"; אומשולדיקע יידישע מענטשן ווערן פאַרשלעפּט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; דאָס לאַנד ווערט פאַרפלייצט מיט אַנטי־יידישן גיפט. דער גיפט טראָגט זיך פונאַנדער פון די צייטונגען. דער גיפט גייט זיך פונאַנדער פון ראַדיאָ.

דוד פראַנקפורטער קען אין דייטשלאַנד פאַרבלייבן. ער איז אַן אויסלענדער און געניסט פון דער שוץ פון יוגאָסלאַווישן קאָנסול. אָבער ער פאַרבלייבט נישט. די לופט שטיקט. ער פאָרט אָפּ אין דער שווייץ. ער פאָרט, און אין זיין האַרץ קאָכט און זידט די פאַרביטערונג.

די יידישע טראַגעדיע אין היטלער־לאַנד דרינגט פראַנקפורטערן אַריין אין בלוט. זי טוט אים פּערזענלעך וויי, הגם פּערזענלעך ליידט ער גאָר נישט דערפון. זיין האַרץ קלאַפּט פאַרן יידישן גורל. וואָס קומט פאָר מיט די דייטשע יידן? — פון דער וויטנס קען ער זיך דערוויסן דעם גאַנצן אמת. אין די ליבעראַלע שווייַ־צאַרישע בלעטער איז געשילדערט דאָס בילד פון דער קאַטאַסטראָפע. דאָס בילד, וואָס פאַרגרעסערט נאָך די דעפּרעסיע פון דוד פראַנקפורטער, וואָס עקבערט אין זיין מוח און פאַרפינצטערט זיין גייסט.

אָט איז אַ קאַריקאַטור פון שטרייכערט „שטירמער". פיר יידן זויגן מיט רער־לעך דאָס בלוט פון אַ געקוילעט קריסטלעך קינד. פראַנקפורטערן פאַרפאָלגט די דאָזיקע קאַריקאַטור ווי אַ געשפּענסט. זי גייט נאָך אים ווי אַ שאָטן טאָג און נאַכט. צי שרייט זי דען נישט אויס פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז מען מעג, מען מעג שענדן די יידישע רעליגיע, באַליידיקן די יידישע ראַסע, שפּייען אין דער יידישער ערע?

דאַן אַנטשטייט אין דוד פראַנקפורטערן אַ מאָדנער פאַרלאַנג. יעדן פאַל אַ

מאָדנער פאַר יידן. צו ערשט איז דער פאַרלאַנג טונקל, פאַרנעפּלט, אָבער צוזאַ־מען מיטן וווקס פון די גרויזאַמע יידן־פאַרפאָלגונגען, ווערט ער וואָס אַ מאָל דייטלעכער און דייטלעכער: דערשיסן איינעם פון „זייערע". איינעם פון די צוררים. וואַרפן אַ סיגנאַל צו דער מענטשהייט, וואָס קוקט זיך צו מיט פאַרברעכערישער גלייכגילטיקייט צו די אויפגעוואַכטע כאַמעס.

דוד פראַנקפורטער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַ ייד טאָר נישט שיסן. דערמאָרדן אַ מענטש — איז אין סתירה צו די עיקר־פּרינציפּן פון דער יידישער עטיק. גראָד אין דער שווייץ פאַרגראָבט זיך פראַנקפורטער אין דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע פון יידנטום. ער האָט דאָ אַ קריסטלעכן פריינד, וועלכן ער וויל דווקא באַקענען מיט די פּראָבלעמען פון יידנטום און אים אַריינפירן אין דער וועלט פון דער יידישער מחשבה. ער לייענט פאַרן דאָזיקן קריסט די שריפטן פון עם פאַליער. וואָסער מערקווירדיקער טיפּ אָט דער פאַליער איז! אַ קאַטוילישער גלח, ערגעץ אין פראַנקרייך, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די גלחים־קליידער, און וואָס האָט נאָך עפּעס „ערגערס" אָפּגעטאָן: ער איז אַריבער צום יידישן גלויבן. עם פאַליער האָט זיך פאַרטראַכט איבער די וועגן פון יידנטום, איבער די אויפגאַבעס פון יידנטום און וועלנדיק בלייבן ערלעך צו זיך אַליין, האָט ער זיך מגייר געווען. אין זיינע שריפטן באַהאַנדלט פאַליער מיט באַגייסטערונג די יידישע אָנשויונגען. אַגב, פאַליער האָט אויך אַ שטיק צייט אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט ד״ר נתן בירנ־בוים די באַקאַנטע צייטשריפט „דער רוף".

אוממעגלעך, אַז דוד פראַנקפורטער זאָל נישט פילן, וואָסער פאַרברעכן עס איז לויט דער יידישער מאָראַל דאָס עצם מין רציחה. אָבער זיין נשמה איז פאַר־ווונדעט. צוליב זיין אייביקער פסיכישער מרה־שחורה איז זיין ווידערשטאַנד־קראַפט באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ער קען זיך נישט קאָנטראָלירן. די שאַנד און באַליידיקונג וואָס ער לעבט איבער אַלס ייד זינט דעם אויסברוך פון נאַצי־באַרבאַריזם, מאַטערן זיין געמיט. און די „אידעע צו שיסן" גיט אים אַזוי לאַנג נישט קיין רו, ביז ער פירט זי אויס אין דערווירקלעכקייט.

דאָך לעבט נאָך אַ געוויסע צייט פראַנקפורטער אויף דער שוועל פון טאַט און באַטראַכטונג. ערשט די פאַרברעכערישע היטלערישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער שווייץ פילט איבער די מאָס. דייטשלאַנד איז פאַר די רשעים ווייניק. זיי שטרעבן די וועלט צו פאַרגיפטן. ווילהעלם גוסטלאָוו שטייט אין שפּיץ פון די נאַציס אין דער שווייץ. ער איז דאָ היטלערס אָפיציעלער פאַרטרעטער. ער איז אַמבאַסאַדאָר פאַר יידן־שינאה.

מיט שטאַרקער דיכטערישער קראַפט איז געשילדערט ביי לודוויגן די אַנט־שיידנדיקע סצענע אין פראַנקפורטערס לעבן.

דוד פראַנקפורטער קלאַפּט אָן אין דער טיר פון גוסטלאָווס וווינונג. ער קומט אַריין. זיינע פינגער קלאַמערן ליידנשאַפטלעך דעם רעוואָלווער. אַלץ וואָס ער

האָט אין די לעצטע פאַר יאָר אַדורכגעוויטיקט שטעלט זיך אים פאַר די אויגן: מחנות יידן מיט וואַנזיניקע בליקן לויפן. וווהין? — צום וואָקזאַל! אַנטלויפן, אַפּפאָרן, וואָגלען!... און אָט רייסן זיך אַריין צווישן די יידן די מיט ברוינע העמדלעך, מיט די צעשויבערטע האָר און האַקנקרייץ אין לאַץ, און שמייסן מיט בייטשן די אומגליקלעכע... און אָט שלעפּט מען אַן אַלטן ייד אונטער אַ האָגל פון גומי־קאַנטשיקעס... און אָט צערייסן יונגען דעם פּרוכת פון אָרון־קודש, פאַר־שווענכן די ספר־תורהס און די יידישע הייליקטימער... אַ רגע וואַכט פראַנקפורטער אויף פון דער קאָשמאַר־פאַנטאַזיע. ער זעט: אויף דער וואַנט הענגט אַ גרויס בילד פון היטלערן. ער באַוויזט נאָך אַ טראַכט צו טאָן: דאָס איז דער מאַן, וואָס דורך זיינע לערעס, רעדעס איז דאָס עלטסטע פאָלק פון דער וועלט דערנידעריקט געוואָרן" און דאַן — הילכט אָפּ דער קנאַל. דוד פראַנקפורטער שיסט אין וויל־העלם גוסטלאָוו. פאַקטיש: „אין היטלערס בילד".

דעם מערקווירדיקסטן איינדרוק מוזן מאַכן אין לודוויגס בוך יענע שטעלן אין וועלכע לודוויג פּרוווט אויסחשבונען, וואָסער שטראָף דוד פראַנקפורטער וועט באַקומען.

עמיל לודוויג דערמאָנט דריי מערדערס פון דער לעצטער צייט, וואָס לאָזן מער אָדער וויניקער זיך פאַרגלייכן מיט דוד פראַנקפורטער, מערדערס, וואָס האָבן געמיינט צו פּראָטעסטירן קעגן די פאַרפאָלגונגען פון זייער פאָלק, און גע־האָט די איבערצייגונג, אַז דורך זייער אַטענטאַט וועט זיי געלונגען אויפצוציטערן דאָס וועלט־געוויסן.

אַזאַ, למשל, איז קאָנראַדי. אַ רוס, וואָס האָט אויס האַס צו די באָלשעוויקעס דערשאָסן אין לאָזאַן דעם הויכן סאָוועטישן מלוכה־מאַן וואָראָווסקי. קאָנראַדי איז געמשפּט געוואָרן דורכן שווייצאַרישן געריכט. עס איז געפאַלן אַ באַפרייונגס־אורטייל. כאָטש עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז קאָנראַדי האָט געשאָסן אויך אויף וואָראָווסקיס דריי באַגלייטערס, וואָס זענען נאָר על־פּי־נס ניצול געוואָרן. אַלזאָ: באַפרייט פאַר אַ פירפאַכיקן מאָרד.

אַזאַ איז שלום שוואַרצבאַרד, דער יידישער זייגערמאַכער פון פּאַריז, וואָס האָט דערשאָסן דעם אוקראַיִנישן אַטאַמאַן פּעטלורא. דאָס איז געווען שוואַרצ־באַרדס ברויזנדיקער פּראָטעסט קעגן די אַכזריותדיקע שחיטות פון פּעטלוראָס מיליטער אויף די יידן אין אוקראַיִנע. זיין פּראָטעסט קעגן דעם בלוט אין וועלכן יידן זענען אָפּגעגאַנגען, שוואַרצבאַרד ווערט געבראַכט פאַרן פראַנצויזישן געריכט. ער ווערט באַפרייט.

און אַזאַ איז אויך דער אַרמענישער סטודענט טעילעריאַן. ער דערשיסט אין בערלין דעם געוועזענעם טערקישן גרויסוויזיר טאַלאַרד־פּאַשאַ. דער דאָזיקער

טאַלאַרד־פּאַשאַ האָט בעת דער וועלט־מלחמה געפּייניקט די אַרמענער, וואָס לעבן אין טערקיי. ער האָט טויזנטער, צענער־טויזנטער דערפירט צו פאַרניכטונג. דער מערדער טעילעריאַן ווערט באַפרייט דורך די דייטשע ריכטערס. נאַטירלעך: דאָס איז געווען אין יאָר 1921.

דער באַפרייונגס־אורטייל פון די אַלע דריי פאַלן דאַרף נישט באַדייטן, אַז מאָרדן ווערט דערלויבט און פאַרהערלעכט. ער באַדייט נאָר, אַז — די ריכטערס האָבן אין אַכט גענומען די מאָטיוון, וואָס האָבן די דאָזיקע ליידנדיקע מענטשן געשטויסן צו זייער טאָט.

פראַנקפורטער? — עמיל לודוויג איז זיכער, אַז פאַר דוד פראַנקפורטער קע־נען און וועלן נאָך מילדערע אומשטענדן אויסגעפונען ווערן. פראַנקפורטער האָט דערקלערט אין תּפיסה: „איך האָב מיט מיין מאָרד באַליידיקט אונדזער אמונה און עטיק, אָבער איך האָב דאָך מער נישט געקענט פאַרטראָגן די אינקוויזיציע איבער מיין פאָלק"... אין די דאָזיקע ווערטער מוזן די ריכטערס זיך פאַרטיפן. זיי גיבן דעם שליסל צו פראַנקפורטערס נשמה. דער דאָזיקער ייד, וואָס האָט געשאָסן, האָט געטראַכט בלויז וועגן דער ערע פון דער יידישער נאַציע. זיכער. דער שריט איז אומבאַרעכנט געווען, דער שריט דאַרף געטאַדלט ווערן, אָבער די ריכטערס מוזן דאָך געדענקען אין די צעבראָכענע ביינער און אין די צעשרויפטע נערוון פון דוד פראַנקפורטער. זיי מוזן געדענקען, אַז נישט עמעצער אַנדערש, נאָר די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן דעם גוטמוטיקן, צאַרטן פראַנקפורטער אַ רעוואָלווער אין האַנט געגעבן.

זיי מוזן...

נו יאָ, איצט נאָכן אורטייל וויסן מיר שוין, ווי פאַלש און נאַיִוו דער חשבון איז געווען.

אַכצן יאָר מוז פראַנקפורטער זיצן הינטער קראַטן. דער אָרעמער! ער האָט געמיינט אויפצוטרייסלען דאָס געוויסן פון דער וועלט און געשען איז, אַז דורך זיין אורטייל איז בולט באַוויזן געוואָרן, ווי נעבעכדיק דאָס דאָזיקע געוויסן זעט אויס!

מיר לעבן אין טעג פון דערשיטערנדיקע מאַסן־טראַגעדיעס. מיר האָבן היינט זעלטן־ווען צייט און זעלטן־ווען געדולד זיך אָפּצושטעלן אויף דער טראַגעדיע פון אַן איינצלנעם מענטש און אויף די ליידן פון אַ יחיד. און דאָך — איז אַזוי שווער צו פאַרגעסן אין דוד פראַנקפורטער.

## אַבּרבּנאל
### (צו זײַן 500סטן געבורטסטאָג)

ווי אַ װוּנדער־פּערזענלעכקייט דערשיינט פֿאַר אונדז דון יצחק אַבּרבּנאַל פֿונעם צײַטאָפּשניט פֿון פֿינף הונדערט יאָר. ווי אַ װוּנדערמענטש. ווי אַ װוּנדערלייד.

וואָסער זײַט איר זאָלט נישט אָנרירן פֿון דער פֿאַרבנרײַכער פּערזענלעכקייט פֿון אַבּרבּנאַל, וואָסער פּונקט איר זאָלט נישט באַטראַכטן פֿון זײַן פֿילזײַטיקער טעטיקייט — פֿון אַלץ קוקט אַרויס דאָס אומגעוויינלעכע. דאָס גיגאַנטישע. דאָס וווּנדערלעכע.

וואָס איז דער אַבּרבּנאַל געווען? — צי איז דער אַבּרבּנאַל געווען דער גרויסער מלוכה־מאַן פֿון זײַן צײַט, דער יידישער מיניסטער אין דריי אייראָפּעיִשע מלוכות, דער גלענצנדיקסטער פֿינאַנסן־קענער פֿון זײַן דור? צי איז ער געווען דער גרויסער יידישער שתדלן מיטן וואַרעמען האַרץ, דער עסקן פֿון זעלטענעם טיף און פֿון זעלטענער אָפּפֿערווויליקייט? צי איז ער געווען דער באַדײַטנדיקער יידישער דענקער, דער מחבר פֿון ספֿרים און פֿון פּירוש צום תנ״ך, איינער פֿון די וויכטיקסטע זײַלן פֿון יידישער גייסטיקייט? — וועלכע זײַט פֿון זײַן רײַכער טעטיקייט איז די גלענצנדיקסטע און וועלכע די בלאַסע? — אומזיסט וועט איר זיך אָנשטרענגען, איצט — נאָך 500 יאָר — צו אַנאַליזירן די אַלע באַזונדערע שטריכן, וואָס שאַפֿן די דאָזיקע װוּנדער־פּערזענלעכקייט.

אַבּרבּנאַל איז — דער אַבּרבּנאַל. ער איז דער מענטש פֿון האַרמאָניע און סינטעז. דער מענטש וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט מלוכות, וואָס האָט פֿאַרנומען די העכסטע פּאָליטישע און ווירטשאַפֿטלעכע אַמטן אין זײַן צײַט, וואָס איז געווען אָנגעזעען בײַ פֿירשטן און קעניגן, און וואָס איז דאָך דערבײַ פֿאַרבליבן — אונדזער נאָענטער, אונדזער וואַרעמער אַבּרבּנאַל. דער פֿירער פֿון יידנטום. דער ייד וואָס האָט געלעבט מיט טיפֿער זאָרג פֿאַר זײַן פֿאָלק און מיט טיפֿער ליבשאַפֿט צו זײַן פֿאָלק, און מיט די יידישע מאַסן געטיילט זייערע אַלע נויטן און לײַדן. די געשטאַלט וואָס שימערירט פֿאַר אונדז הײַנט מיטן זעלבן הערלעכן גלאַנץ מיט וועלכן זי האָט שימערירט מיט פֿינף הונדערט יאָר צוריק.

מיט אַבּרבּנאַל שליסט זיך אָפּ אַ תּקופֿה אין דער יידישער געשיכטע. עס

שליסט זיך אָפּ דער גאָלדענער פעריאָד פון שפּאַנישן יידנטום. עטלעכע הונדערט יאָר האָט אָנגעהאַלטן דער יידישער ווילשטאַנד אין שפּאַניע און עס האָט דאָרט געבליט די יידישע קולטור. אין משך פון אַ פּאָר דורות האָט זיך געצויגן די יידי־שע שעפערישקייט אין שפּאַניע. חסדאי אבן־שפּרוט און מנחם בן־סרוק זענען געווען די ערשטע קלאַנגפולע נעמען פון שפּאַנישן יידנטום. די ערשטע רעפּרע־זענטאַנטן פון יידישן זשעני אין קאָרדאָוואַ און טאָלעדאָ. אַזאַ לאַנגע קייט האָט זיך דערנאָך געצויגן: רבי שלמה אבן־גבירול, רבי יהודה הלוי, רבי אַברהם אבן־עזרא, רבי משה בן מימון, און אַזוי פיל אַנדערע גרויסע יידישע פּערזענלעכ־קייטן. אַברבנאל — איז דער לעצטער. דער לעצטער פונעם דור פון רום און גלאַנץ. נאָך ער איינער בליצט אויף, נאָך ער איינער פאַרצייכנט זיין נאָמען אינעם בלאַט פון שפּאַנישן יידנטום, און — אַלץ פאַרשווינדט. אַלץ קראַכט, דער חורבן רוקט אָן. די שווערע און גרויזאַמע קאַטאַסטראָפע.

און ער, דון יצחק אַברבנאַל, מוז שרייבן וועגן זיך מיטן אַלטן טאָן פון טרויער און יאָמער:

— אַני הגבר — איך בין איינער פון די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די מורא־דיקע ירידה פון די שפּאַנישע יידן, איך האָב מיט די אייגענע אויגן געזען און אויפן אייגענעם לייַב געפילט דעם פּיין און עלנט...

## אין פּאָרטוגאַל

די רעזידענץ פון פּאָרטוגאַל, ליסאַבאָן, איז די ערשטע סטאַציע פון אַברבנאַלס צאָלרייכע וואַנדערונגען. דאָ שווימט אויף זיין רום, זיין אַנזען. דאָ קומט אויך דאָס ערשטע מאָל — דער קראַך. דאָ, אין ליסאַבאָן, ווערט געצייכנט די ליניע אין וועלכער זיין לעבן וועט גיין. ווי עמעצער וואָלט אים דאָ אין אויער געפּליסטערט: אַזאַ וועט זיין דיין גורל. דו וועסט העלפן לענדער אויפבויען, דו וועסט מלוכות און מלכים צו אויפשטייג און רייכטום דערפירן, אָבער אינעם טאָג, ווען דו וועסט האָבן דיינס אָפּגעטאָן און דו וועסט זיך ריכטן אויף דאַנקבאַרקייט, דאַן וועסטו זיך אַרומזען מיט וואָסער מין מענטשן דו האָסט צו טאָן, מיט וועלכן פּאָלק פון בלוטדורשטיקע אינסטינקטן!...

אין ליסאַבאָן לעבט דער פאָטער פון אַברבנאַל, דון יהודה אַברבנאַל. אַלט און יחוסדיק איז די דאָזיקע משפחה. אין דער פאַמיליע אַברבנאַל האָט זיך דערהאַלטן די טראַדיציע, אַז זי ציט איר שורש פון בית דוד. קצ״ז — 1437 — איז דאָס געבורטיאָר פון דון יצחק אַברבנאַל. אין ליסאַבאָן באַקומט דער יונגער אַברבנאַל זיין דערציִונג. עס איז אַ יידישע דערציִונג. ער לערנט ביים רב פון ליסאַבאָן רבי יוסף חיון. דער אַברבנאַל האָט שוין אויך פאַר זיך די רעליגיעז־פילאָסאָפישע ווערק פון רמב״ם און פון רבי יהודה הלוי, און שוין אין דער יוגנט וואַרפט ער

טיפע געדאַנקען איבערן פּראָבלעם פון יידנטום און איבערן יידישן גלויבן. דאָס באַקאַנטע ספר „עטרת זקנים״ געהערט צו די ערשטע פּרוכטן פון אַברבנאלס פעדער, דאָס ערשטע, און דערביי — אַזוי אימפּאָנירנדיק, רייף.

אָבער שוין אין ליסאַבאָן באַווייזט זיך דער צווייטער אַברבנאל: דער מלוכה־מאַן. אין פּאָרטוגאַל האָט דאַן די מאַכט דער קעניג אַלפאָנזאָ דער פינפטער. אַל־פאָנזאָ איז אַ טאַלאַנטפולער הערשער. כאָטש עס הייבן שוין אָן בלאָזן אַנדערע ווינטן, גייט דאָך אַלפאָנזאָ נישט איַין צו באַגרענעצן די יידישע רעכט. אין זיין צייט לעבן די יידן אין פּאָרטוגאַל איבער די לעצטע טעג פון גלאַנץ. נאָך שפּאַ־צירן זיי איבער די גאַסן פון ליסאַבאָן אין זיידענע קליידער, אין בריליאַנטן, מיט גאָלדענע שווערדן ביי דער זייט.

אַברבנאל איז צו ערשט בלויז דער פריינד פון קעניג. דער פריינד, מיט וועלכן דער קעניג האָט ליב צו פירן געשפּרעכן, וועלכן דער קעניג פאַרערט צוליב זיין חכמה און גייסטרייכקייט. אָבער גיך דערקענט דער קעניג אַז זיין יידישער פריינד קען ברענגען גרויסע לייסטונגען פאַרן לאַנד. און דאָן יצחק אַברבנאל ווערט נאָמי־נירט פאַר שאַץ־מייסטער פון פּאָרטוגאַל. אַ מין פינאַנץ־מיניסטער אין מיטל־עלטער. דאָן יצחק אַברבנאל ווערט באַטראַכט פאַרן קאָמפּעטענטסטן פינאַנץ־קענער פון גאַנץ אייראָפּע. דער ייד גיט אַוועק פאַר דער מלוכה זיינע פעיקייטן, זיין טאַלאַנט און ענערגיע. דער ייד דערפירט אויך דאָס לאַנד צו גרויסןווירטשאַפט־לעכן אויפשוווּנג. דער נאָמען פון אַברבנאל טראָגט זיך איבער דער דעמאָלטיקער וועלט, ווי דער נאָמען פון אַן אומגעווייגלעכן ווירטשאַפטלעכן צויבערער.

און דאָ, אין ליסאַבאָן, דערשיינט אויך דער דריטער אַברבנאל: דער ייד מיטן וואַרעמען האַרץ. ביי זיין גאַנצער גדולה — לעבט דער אַברבנאל אין דער יידישער גאַס און צוזאַמען מיט די יידישע מאַסן. אין יעדער עת־צרה ניצט אויס דער אַברבנאל זיין איינפלוס צו העלפן די געיאָגטע און געפּלאָגטע. אָט פאַלן אַ סך יידן פון אַפריקע אַריין אין געפאַנגענשאַפט. דאַן וואַרפט דער גרויסער מיניסטער אַוועק אויף אַ שטיק צייט זיינע אַלע עסקים, און ער לאָזט זיך איבער שטעט און שטעטלעך, כּדי צונויפצושאַפן די נויטיקע סומעס פאַר פּדיון שבויים און אויס־ווירקן פאַר זייער באַפרייַונג.

און ענדלעך: אין ליסאַבאָן קומט אויך די קאַטאַסטראָפע. דאָס, מיט וואָס עס ענדיקט זיך יעדע פאַזע אינעם לעבן פון אַברבנאל. דער קעניג אַלפאָנזאָ שטאַרבט. אַ נייער מלך פאַרנעמט זיין אָרט: דער דעספּאָט יאָהאַן דער ערשטער. דער פריי־שער קעניג ענדערט דעם קורס לגבי די יידן. גזירות ווערן אַרויסגעגעבן. אין דער ערשטער צייט ווייזט זיך אויס, אַז אַברבנאלן וועט אפילו דער דאָזיקער רשע נישט פאַרטשעפּען. אָבער קעגן אַברבנאל פליסן אַריין אומאויפהערלעכע מסירות אין קעניגלעכן הויף. ער ווערט דורך שונאים און נישט פאַרגינערס פאַרפלאָכטן אין אַ נעץ פון אינטריגעס. דער אומשולדיקער אַברבנאל מוז אַנטלויפן. עס גע־

לינגט אים אָפּצוראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן און דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע. זיין גאַנץ פאַרמעגן, זיינע גיטער און הייזער ווערן קאָנפיסקירט. צוגערויבט.

„עס האָט אָנגערוקט — שרייבט אַברבנאל — דער טאָג פון אומגליק, דער טאָג פון שטראָף פאַר די זין פון יעקב"...

## אין שפּאַניע

קיין שפּאַניע קומט אָן דער אַברבנאל. ער קומט אָן געלט. אָן גיטער. אָבער פאַר אים טראָגט זיך — זיין נאָמען. עס ווייסט פון דון יצחק אַברבנאַל דאָס יידישע שפּאַניע. עס ווייסן אויך פונעם טאַלאַנטפולן יידישן מיניסטער די הערשערס פון שפּאַניע. און עס זיצן דאַן אויפן טראָן די צו שאַנד און צו שפּאָט באַרימטע: פערדינאַנד און איזאַבעלאַ.

אַברבנאל באַוויזט קוים זיך צו באַזעצן אין קאַסטיליע, ער באַוויזט קוים איינצוטונקען די פעדער און צו שרייבן עפּעס פון זיין גרויסן, גאונותדיקן און וווּנדערלעך קלאָרן פירוש צום תנ"ך — און שוין רופט מען אים פון קעניגלעכן הויף. שפּאַניע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין עפּעס פוילע געשעפטן. די שפּאַנישע פינאַנסן זענען אַריין אין אַ זומפּ. און נישט קיין אַנדערער, ווי דער ייד, וועט קענען העלפן. ניין, זיי האָבן נישט זייער ליב די יידן, דער קעניג פערדינאַנד און זיין פרוי איזאַבעלאַ, זיי זענען גראָד די בלוטיקע שונאים פון יידן. אָבער די לאַגע איז אַזאַ, אַז מען נויטיקט זיך פּאָרט אינעם ייד.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָסער טומל עס האָט אַרויסגערופן אינעם שפּאַנישן לאַנד דער פאַקט, וואָס דער ייד אַברבנאל איז אויפגענומען געוואָרן אַלס פינאַנץ־מיניסטער. פרומע קאַטאָליקן פאַרברעכן די הענט. גלחים פּרעדיקן פון די אַמבאָנעס איבער דער ברענענדיקער שאַנד. עס איז פעסטגעשטעלט אַז אַפילו דער פּויפּסט האָט געשיקט אַ פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער נאָמינאַציע. עס איז אומדערלאָזבאַר — האָט דער פּויפּסט געשריבן — אַז אַ ייד זאָס פאַרנעמען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט אין אַ קאַטוילישער מלוכה!... אָבער אויך דער פּויפּסטלעכער פּראָטעסט איז נישט גענומען געוואָרן אין אַכט. דון יצחק אַברבנאַל איז אויף זיין אַמט פאַרבליבן. טראָץ אַלעמענס ציין־קריצעניש האָט ער באַוויזן דאָס, וואָס קיינער פון די קריסטן האָט נישט געקענט באַווייזן. ער האָט אַרויסגעהויבן די מלוכה פון אירע פינאַנציעלע שוועריקייטן. ער האָט זי דערפירט צו אויפבלי. אַכט יאָר האָט דון יצחק אַברבנאַל אָנגעפירט מיט דער שפּאַנישערווירטשאַפט.

אָבער נישט בלויז קעגן שפּאַניעס עקאָנאָמישן קריזיס האָט אין משך פון דער גאַנצער צייט געקעמפט דון יצחק אַברבנאַל. ער האָט אויך געקעמפט קעגן שפּאַניעס פינצטערסטן גייסט. טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ — האָט דער דאָזיקער געשפּענסט זיך גערופן. טאָרקוועמאַדאַ איז געווען דער הויף־גלח פון פערדינאַנד

און איזאַבעלאַ: טאָרקוועמאַדאַ האָט געאָטעמט מיט ווילדן, פאַנאַטישן האַס צו אַברבנאל און צום פאָלק פון אַברבנאל. טאָרקוועמאַדאַ איז אַלע טאָג געקומען פאַרן קעניג און פאַר דער קעניגין און זיי געראָטן צו פאַרטרייבן די יידן פון לאַנד. ער האָט געשילדערט די נוצן און דעם געוואַלדיקן פּראָפיט, וואָס שפּאַניע וועט האָבן פונעם גירוש און פון דער אינקוויזיציע. דאָס וועט זיין אַן אַקט פון רום פאַר דער קירכע, פאַר דער רעליגיע פון מענטשן־ליבשאַפט, און דאָס וועט אויך זיין אַ גוט מאַטעריעל געשעפט — וואָרום — יידישע פאַרמעגנס וועלן אַריינפאַלן אין די הענט פון דער מלוכה! דון יצחק אַברבנאַל פירט אַ העפטיקן געראַנגל קעגן די פינצטערע פּלענער פון טאָרקוועמאַדאַ. ער באַקעמפט די אַלע בייזע כּוחות וואָס ווילן פאַרניכטן דאָס יידנטום.

אַכט יאָר ראַנגלען זיך אויפן קעניגלעכן הויף דער גייסט פון גערעכטיקייט און דאָס געשפּענסט פון רשעות. אַכט יאָר דויערט דער פאַרמעסט פון דער עטיק קעגן דער מאָראַלישער געפאַלנקייט. אַכט יאָר שטייען קעגן זיך — דון יצחק אַברבנאַל און טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ.

און אויפן ניינטן יאָר — קומט די שוואַרצע שעה פון טריומף פאַרן גרויס־אינקוויזיטאָר. טאָרקוועמאַדאַ געווינט דעם איינפלוס איבערן קעניגלעכן פּאָר. עס זיגט די אומדאַנקבאַרקייט, די צביעות, דער באַרבאַריזם, עס זיגט די בעסטיע.

עס דערשיינט די פאַראָרדענונג: די יידן מוזן פון זייער שפּאַנישער היים אַוועק.

איבער יידן הייבט אָן פאָכען דאָס לאַנגע, בלוטיקע מעסער.

בלויז צו איר יידישן מיניסטער זאָגט די קעניגין איזאַבעלאַ:

— דו איינער קענסט וויטער פאַרבלייבן אין לאַנד, דו קענסט אַפילו אויף דיין הויכן אַמט פאַרבלייבן!

אָבער אַברבנאל שליידערט אָפּ מיט שטאָלץ און צאָרן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג. ער ענטפערט: „ווו מיינע ברידער וועלן זיין — דאָרט וועל איך אויך זיין". ער וויל נישט זיין פּריווילעגירט. ער איז אַ ייד ווי אַלע. און מיטן צוג פון די דריי הונדערט טויזנט יידן, וואָס מוזן פאַרלאָזן שפּאַניע, לאָזט זיך אויך אַוועק דער יידישער מיניסטער.

אין זיין הקדמה צום פּירוש אויף „מלכים" שרייבט אַברבנאל: מיר האָבן אַלע, יונג און אַלט, פרויען און קינדער, 300 טויזנט אין צאָל, געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט... און איך צווישן זיי... געיאָגט פון שטורעם, פון מגפות, פון רויבערס"...

444 יאָר זענען שוין פאַרביי פון יענעם תשעה־באָב אין שפּאַניע — און איר מוזט דאָך איצט באַוווּנדערן דעם גרויסן יידישן כאַראַקטער, וואָס האָט זיך אין

יענעם טאָג אַנטפּלעקט אין דון יצחק אַברבנאַל, און דאָס מעכטיקע יידישע געפיל וואָס האָט אין זיין האַרץ געפּלייצט.

## אין איטאַליע

און דאָ, אין איטאַליע, ווו דון יצחק אַברבנאַל קומט אָן צוזאַמען מיט אַ מחנה גולים, חזרט זיך איבער די זעלבע גורל־דערשיינונג אינעם לעבן פון גרויסן ייד.

דון יצחק אַברבנאַל איז דערשיטערט פון דער טראַגעדיע פון שפּאַנישן יידנטום. ער איז אויפגעטרייסלט פונעם גרוילבילד פון יידישע פאַרפאָלגונגען. אַ צעוויטיקטער, אַ צעבלוטיקטער, באַזעצט ער זיך אין דער איטאַליענישער שטאָט נעאַפּאָל, וואָס איז דאַן געווען אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. ער שרייבט זיינע ספרים. ער וויל מיט זיין וואָרט אויפהייבן דעם גייסט ביי די געשלאָגענע און געשענדעטע. ער וויל אין זיי אַריינברענגען דעם רוף צו טרייסט און צו האָפענונג. אָבער ווידער קלאַפּט מען אָן אין דער טיר פונעם יידישן דענקער: אַברבנאַל! דער קעניג פון נעאַפּאָל, פערדינאַנד דער ערשטער, פאַרבעט דיך צו זיך אין הויף. ער טרויט דיר אָן דעם אַמט פון שאַץ־מייסטער!...

אין נעאַפּאָל פאַרנעמט דון יצחק אַברבנאַל צום דריטן מאָל דעם אַמט פון פינאַנץ־מיניסטער. אויך נעאַפּאָל ווערט באַרייכערט און וואַקסט־אויף אַ דאַנק דעם געניאַלן טאַלאַנט פון יידישן מיניסטער. אַברבנאַל נוצט אויך אויס זיין הויכע שטעלונג פאַר די יידן אין איטאַליע. אַ דאַנק זיין פּערזענלעכן שאַרם ווערט דער אַלטער יידישער פירער דער ליבלינג פון קעניג. אָבער — אויך דאָ ברעכט באַלד אויס דאָס אומגליק. דער קעניג פון די פראַנצויזן דעראָבערט נעאַפּאָל. די מאַרשירנדיקע חיילות צייכענען זייער וועג מיט בלוט. יידיש האָב־און־גוטס ווערט פּאַגראָמירט. אויך די ספרים־ביבליאָטעק פון דון יצחק אַברבנאַל ווערט פאַרניכטעט. ווידער מוז אַנטלויפן דער יידישער מיניסטער. ווידער וואָגלט ער אין אַ וויטיקלעכער היים־זוכעניש. ער בלאָנקעט איבער אַ רייע שטעט אין איטאַליע. ער קומט אויך אויף דעם אינדזל קאָרפו. ער קערט זיך ענדלעך אום קיין איטאַליע.

איצט באַזעצט ער זיך אין ווענעדיק. ער איז מיד, צעבראָכן, אָבער מיט אַ גיגאַנטישן, מעכטיקן גייסט. פאַר זיינע אויגן שטייט די טראַגעדיע פון זיין פאָלק. ער שילדערט שטיקער פון דער דאָזיקער טראַגעדיע אין זיינע שאַפונגען. ער וואַרפט אַ טרויעריקן אָפּשטראַל פון זיין פּערזענלעכקייט און ווידער רופט אים צו זיך דער הערשער פון ווענעדיק. אַברבנאַל מוז פאַרמיטלען אינעם האַנדלס־טראַקטאַט וואָס ווענעדיק שליסט מיט פּאָרטוגאַל. דאָס איז זיין לעצטע לייסטונג פאַר די מלוכות. דער לעצטער אויפבליץ פון זיין מלוכהשן זשעני. אין עלטער פון זיבעציק יאָר געזעגנט זיך דער דאָזיקער וווּנדערלייד מיט דער וועלט, אין וועלכער ער האָט אַזוי פיל רשעות געזען, אַזוי פיל שלעכטס און אַזוי פיל טרערן.

## דאָס הערלעכע בלאַט

אין ליסאַבאָן האָט זיך איצט געגרינדעט אַן אָפיציעלער קאָמיטעט מצד דער פּאָרטוגאַלישער רעגירונג צו פייערן דעם 500סטן געבורטסטאָג פון דון יצחק אַברבנאַל.

עס איז צו דערוואַרטן אַז ביי אונדז וועט אין גיכן אַנטשטיין דער זעלבער שטרייט, וואָס האָט זיך אַנומלט צעפלאַקערט בעת די רמב״ם-פייערונגען: יאָ פייערן דעם אַברבנאַל, נישט פייערן דעם אַברבנאַל...

אָבער איידער וואָס-ווען איז כדאי צו נעמען און אויפצומישן דאָס לייכטנדיקע בלאַט, וואָס דון יצחק אַברבנאַל האָט געשריבן און פאַרטיפן זיך אין זיינע שאַפונגען, פאַרטראַכטן זיך איבער זיינע ווערטער.

500 יאָר — אָבער אַזוי ענלעך איז דאָך די תקופה, אַזוי נאָענט! אַ צייט פון צער און ביטערניש; די יידישע אומה ווערט געפייניקט; די אומה שטייט אין אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג. ווי אַ מאָל, דאַרף אויך איצט צו אונדז רעדן דער אַלטער, גרויסער לערער. ער האָט אונדז וואָס צו זאָגן. דון יצחק אַברבנאַל רירט אָן גרונטפראַגעס פון דער יידישער עקזיסטענץ. ער איז פול מיט גליִענדיקן גלויבן אין דער אייביקייט פון יידנטום. ער רופט צו אויסדויער און צו דערוואַרטונג. ער רופט צו געפינען שוץ אינעם שויס פון דער אייגענער קולטור. ער רופט — און פון זיין רוף שלאָגט אַזוי פיל האַרציקער, רירנדיקער צער, וואָרום ער אַליין האָט דאָך אויך שרעקלעכע צרות געליטן, ער אַליין איז דאָך אַ בע־ונדניק און עלנטער וואַנדערער געווען...

# אַזוי זאָגט סאַלאַזאַר

אויף נישט לאַנג, אויף אַ צען־פופצן מינוט (אַזוי לאַנג ווי עס דויערט איבערלייענען דאָס אַרטיקל), וועלן מיר מאַכן אַן אויספלוג קיין פּאָרטוגאַל.

אַ מאָל איז פאָרן קיין פּאָרטוגאַל געווען אַ געשעעניש, אַן איבערלעבונג, אַ שטאָלץ. אָהאָ! פּאָרטוגאַל איז געווען רייך. פּאָרטוגאַל איז געווען מעכטיק. פּאָרטוגאַל האָט געהערשט איבער ימים און קאָלאָניעס. זי איז די עלטסטע קאָלאָניזאַטאָרישע מלוכה אין אייראָפּע. צו איר האָט געהערט בראַזיל. זי האָט רעגירט איבער אַ שטיק אינדיע. אירע קעניגן זענען געווען וועלט־באַרימט. וועגן די העלדן פון פּאָרטוגאַל האָבן זיך געוועבט לעגענדעס. דער באַרימטער אַנטדעקער וואַסקאָ דאַ גאַמאַ, דער ערשטער אייראָפּעער וואָס האָט אַנטדעקט דעם וועג קיין אינדיע, איז געווען אַ פּאָרטוגעזער. געהערן צו דער פּאָרטוגעזישער נאַציע איז געווען אַ גליק, אַ פרייד.

אָבער אַלץ אין דער וועלט איז פאַרגענגלעך. אויך דער גלאַנץ פון פּאָרטוגאַל איז מיט דער צייט אַ שפּאָר ביסל אָפּגעבלאַנקט געוואָרן. פּאָרטוגאַל האָט אָנגעהויבן פירן אַ פאַרריסענע, גאַווהדיקע פּאָליטיק. זי האָט אינטריגירט, געשווינדלט און געפּייניקט די שוואַכע. די הערשערס פון פּאָרטוגאַל האָבן אויך גערעכנט, אַז דורך אָנטאָן צרות די יידן, וועט פילפאַך שטייגן זייער מאַכט. זיי האָבן די יידן געוואָרפן אין די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ גירוש־גזירה. שוידערלעכע פּרטים פון דער דאָזיקער „עוואַקואַציע" וועט איר געפינען אין דער אַלטער, מיט טרערן אַדורכגעווייקטער כראָניק „שבט יהודה". דאָרט דערציילט שלמה איבן ווערגאַ: „איך האָב געזען דאָס אומגליק פון די גולים אין פּאָרטוגאַל... די וואָס זענען אַנטלאָפן אויף שיפן זענען געפאַלן פון הונגער, און טאָג־בײַ־טאָג האָבן זיי געמוזט פירן קאַמפן מיט ווילדע ים־גזלנים; אַפילו די שיפס־קאַפּיטאַנען זענען באַגאַנגען רציחות. מ'האָט די יידן פאַרקויפט אין געפאַנגענשאַפט. מ'האָט זיי געוואָרפן אין ים אַריין, מכלומרשט, ווייל זיי זענען „קראַנק" און קענען אָנשטעקן די איבעריקע פּאַסאַזשירן... אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט דער כוונה צוצונעמען ביי יידן דאָס פאַרמעגן... עס זענען מקוים געוואָרן אַלע קללות פון דער „תוכחה"... נישט בעסער האָט זיך פאָרגעשטעלט דער גורל פון די מאַראַ־

נען, די וואָס זענען פאַרבליבן אין פּאָרטוגאַל און אָנגענומען דאָס קריסטנטום למראית־עין. עס האָט אין דער פּאָרטוגעזישער רעזידענץ זיך אָפּגעשפּילט די סצענע פון בלוטיקן סאַדיזם און רוצחישן ווילקיר. אין דער ערשטער נאַכט פון פּסח האָבן די מאַראַנען אָפּגעריכט אין אַן אונטערערדישער הייל דעם סדר. אָבער די אינקוויזיציע־שפּיאָנען זענען געפאַלן אויף זייערע שפּורן. די „פאַרברעכערס" זענען אויסגעפונען געוואָרן און געשמידטע אין קייטן אָפּגעפירט געוואָרן אין תּפיסה. און דאַן ברעכט אויס אַ פּאָגראָם. עטלעכע טעג יושעט די „נקמה" פון די „אויפגערעגטע" מאַסן. די מאַראַנען האָבן זיך געפּרוווט ראַטעווען אין די קירכעס, אָבער די באַרעמהאַרציקע פרעדיקערס פון קריסטלעכער ליבע האָבן פאַר די אומגליקלעכע פאַרהאַקט די טירן.

די וואַקכאַנאַליע האָט אומגעשטערט געבושעוועט. אין מיטן די גאַסן זענען אונטערגעצונדן געוואָרן שייטערהויפנס, אפשר טויזנט אַנוסים, און אפשר נאָך מער, זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. די זעלבע גרויזאַמקייט זענען פאַרגעקומען אין די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס. יידן האָבן געברענגט די דאָזיקע מעבר־לים לענדער צו אויפשוווּנג. יידן האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער צוקער־פּלאַנטאַציע, אין סחורות־עקספּאָרט, אָבער אַן אַנטי־יידישע העצע צעפלאַקערט זיך אין בראַזיל. אין מאַדעראַ עפּנט זיך אַ בלאָט פון שוידערלעכן יידישן פּיין. פּאָרטוגאַל האָט געיובלט, פּאָרטוגאַל האָט טריומפירט — אָבער די מוראדיקע האַנט פון דער גערעכטיקייט האָט אָנגעצייכנט אונטערגאַנג פאַר דעם מלכות פון רשעות. דאָס עשירות פליסט אַוועק פון פּאָרטוגאַל. די מעכטיקע אימפּעריע מאַרשירט מיט ריזנשריט באַרג־אַראָפּ.

היינט איז פּאָרטוגאַל אַ יורד. היינט הערשט אין פּאָרטוגאַל אַ שרעקלעכע אָרעמקייט און אין דער אייראָפּעישער פּאָליטיק פאַרנעמט זי אַ גאַנץ קנאַפּן אָרט. עפּעס באַזיצט נאָך פּאָרטוגאַל אַ פּאָר קאָלאָניעס אין אַפריקע און אין אַזיע — אַ רעשט נאָך די אַמאָליקע פעטע יאָרן — אָבער מיט איר אימפּעריאַלן גלאַנץ איז עס אויס. פאַר גוט געלט וואָלט זי גערן פאַרקויפט איר גאַנץ ביסל קאָלאָניעס. אַרום דער פּאָרטוגעזישער אינדזל אַנגאָלאַ, וואָס געפינט זיך אין אַפריקע, פּאָרען זיך שוין טאָקע אַ צייט אונדזערע טעריטאָריאַליסטן.

און — עס וואָלט אונדז גאָרנישט איינגעפאַלן דער געדאַנק צו מאַכן איצט אַן אויספלוג צום דאָזיקן פאַרקבצנטן, בעטלערישן לאַנד, ווען נישט — שפּאַניע.

אינעם בלוטיקן געראַנגל וואָס דאָס שפּאַנישע פאָלק פירט איצט פאַר זיין פרייהייט, שפּילט פּאָרטוגאַל אַ פאַטאַלע ראָל.

עס איז באַקאַנט, עס איז פעסטגעשטעלט: פּאָרטוגאַל שטיצט די שפּאַנישע אויפשטענדלערס. פּאָרטוגאַל גרענעצט זיך מיט שפּאַניע און פון דער פּאָרטוגעזי־

שער רעזידענץ ליסאַבאָן ווערט געליפערט געווער, באָמבעס, אַעראָפּלאַנען, פאַר די פאַשיסטישע גענעראַלן.

פאָרטוגאַל שטיצט די אויפשטענדלערס, ווייל מיט זיי שפירן זיך די היינטיקע פירערס פון דער פאָרטוגעזישער רעפּובליק אידעיִש נאָענט.

אין פאָרטוגאַל הערשט אַ פאַשיסטישע דיקטאַטור.

סאַלאַזאַר — דאָס איז דער נאָמען פון פאָרטוגעזישן „פירער”.

באמת, סאַלאַזאַרן געשעט אַן עוולה. אין דער אייראָפּעיִשער עפנטלעכקייט ווייסט מען פון אַלע דיקטאַטאָרן. און אַפילו פון די ערב־דיקטאַטאָרן. קינד־און־קייט קען אייך דערציילן וועגן מוסאָליני, וועגן היטלער, וועגן דע־לאַ־ראָק, אָדער גאָר וועגן נייעם „שטערן” פון אייראָפּעיִשן פאַשיזם, דעם יונגיטשקן „פירער” פון בעלגיע, לעאָ דעגרעל. אָבער סאַלאַזאַר? — צי קלינגט נישט פאַר אייך פרעמד דער נאָמען?...

און מען קען דאָך נישט זאָגן, אַז דאָס דיקטאַטאָרן־געזינדל זאָל האָבן מיט סאַלאַזאַרן מיט וואָס זיך צו שעמען!

אָליוועיר סאַלאַזאַר האָט אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ ביי דער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אין די נאָך־מלחמה־יאָרן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין פאָרטוגאַל.

אויפגעשווומען איז סאַלאַזאַר טאַקע נאָך אין דער דעמאָקראַטישער תקופה. אָבער דאַן האָט ער אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געצויגן. ער איז געווען דעפּוטאַט צום פאָרטוגעזישן פּאַרלאַמענט, און ער האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט. ער איז אָבער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן מיליטער און געפירט זיין אַרבעט אין געהיים. אָליוועיר סאַלאַזאַר איז דער מענטש פון טונקלקייט. אין דער טונקל שפינט ער זיינע פעדים. אין יאָר 1926 אָרגאַניזירן די פאָרטוגעזישע גענעראַלן אַ מלוכה־אַטענטאַט. די מאַכט גייט איבער צו די מיליטערישע פירערס. דער פּאַרלאַמענט ווערט פונאַנדערגעיאָגט. סאַלאַזאַר פאַרנעמט צו ערשט אין קאַבינעט פון דער מיליטערישער דיקטאַטור דעם אַמט פון פינאַנץ־מיניסטער. אָבער גיך הייבט ער זיך אויף. אין משך פון אַ קורצער צייט ווערט אָליוועיר סאַלאַזאַר פּרעמיער־מיניסטער פון פאָרטוגאַל. ער ווערט דער אַלמעכטיקער דיקטאַטאָר. דער הער פון לעבן און טויט פון פאָרטוגעזישן פאָלק. טאַקע דער עיקר: פון טויט. סאַלאַזאַר דריקט ברוטאַל אונטער יעדן אויסברוך פון אומצופרידנקייט. ער דערטרינקט אין טייכן בלוט יעדן פרווו פון בונט. ער זיצט ווי יעדער דיקטאַטאָר — אויף באַגנעטן.

אין דער משפחה פון די אייראָפּעיִשע דיקטאַטאָרן פאַרנעמט סאַלאַזאַר אַ באַזונדער אָרט. סאַלאַזאַר טרעט קיין מאָל נישט אויף פאַרן פאָלק. לעבט איינזאַם, איזאָלירט פון דער גאַס. נישטאָ קיין פאָרטוגעזער וואָס זאָל סאַלאַזאַרן האָבן געזען. ער קומט נישט אויף קיין פייערלעכקייטן. ער באַטייליקט זיך נישט אין קיין שום נאַציאָנאַלן יום־טוב. צו אים הייבן די פאַרפירטע מאַסן אַרויף דעם בליק,

אָבער ער באַווייזט זיך נישט פאַר זיי, דער פינצטערער דיקטאַטאָר גיט אַרויס באַ־פעלן פון זיין קאַבינעט און אין די פיר ווענט פון קאַבינעט לעבט ער זיך אויס. מוסאָליני, היטלער, געפינען זיך אין כסדרדיקן אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיטן פאָלק; אין פּאָרטוגאַל מוז זיך דער המון באַנוגענען מיטן בלויזן בילד פון סאַלאַ־זאַרן, דער אָריגינאַל בלייבט פאַרבאָרגן.

דער פראַנצויזישער שריפטשטעלער אַני בערא, וואָס האָט לעצטנס באַזוכט איטאַליע, דערציילט אַז די פאַשיסטן קאָפּירן דאָרט נאָך געטריי אַלע אייגנשאַפטן און שטריכן פון מוסאָליני. יונגע מענטשן לאָזן נישט אַראָפּ דאָס אויג פון מוסאָ־ליני בעת ער טרעט אַרויס עפנטלעך און זיי מאַכן נאָך זיין האַרטע שטים, זיין שטאָלצן אַרויסרופנדיקן בליק. מ'האַלט אין איטאַליע אין איין קנייטשן מיט די ברעמען און אין איין פאַרקרימען דאָס מויל, אין איין טופּען מיט די פיס — זאַכן, וואָס מוסאָליני טוט כסדר. די פּאָרטוגעזער זענען ווירקלעך אומגליקלעך! זיי האָבן אַ העלד — און זיי זעען אים נישט צו מאָל און קענען נישט — ווי שמערצלעך דאָס מוז זיין! — אים נאָכקאָפּירן!

אַ פּאָרטוגעזישער זשורנאַליסט, אַנטאָניאָ פערראָ, האָט איצט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון געשפּרעכן מיט סאַלאַזאַרן.

מיט אים איינעם האָט דער דיקטאַטאָר געטאָן דאָס חסד, ער האָט באַוויליקט אים אויפצונעמען, ער האָט באַוויליקט מיט אים צו רעדן אַזש אין משך פון 5 (פינף!) אָוונטן.

מילא, איז דער זשורנאַליסט מלא־שמחה, ער שיינט ממש פון גדולה, ער האָט געהאַט די זכיה, וואָס קיין שום פּאָרטוגעזער האָט נישט. און ער זינגט הימנען פאַרן דיקטאַטאָר. ער מאַכט די גוואַלדיקע אַנטדעקונג, אַז סאַלאַזאַר קען אויך אַ שמייכל טאָן... סאַלאַזאַר ווערט געמאָלן אַלס באַרעמהאַרציקער פאָטער פון פאָלק. פאַר זיך דאַרף ער גאָרנישט. ער יאָגט זיך נישט נאָך מאַכט. נאָך מאַטעריעלע רייכטימער. די איינציקע זאָרג איז פאַר אים — פּאָרטוגאַל. דאָס פאָטערלאַנד. אויך סאַלאַזאַר אַליין רעדט כסדר פון זיין אייגענער גוטהאַרציקייט און פון זיין אייגענער ערלעכ־קייט. די מעגאַלאָמאַניע איז דער בשותּפותדיקער שטריך פון אַלע „פירער". סאַלאַ־זאַר וואַרפט אַפילו די ווערטער: „פּאָרטוגאַל — דאָס בין איך!"

די געשפּרעכן ווימלען בכלל מיט מליצות. סאַלאַזאַר האָט אַ פול מויל וועגן מאָראַל, וועגן קולטור, וועגן געוויסן. אַפילו וועגן פּאָעזיע און בלומען. ער זאָגט, אַז זיין האַרץ דריקט זיך צונויף פון ווייטיק, בעת ער דערמאָנט זיך אין די אָרעמע פון לאַנד, און אַז ביי אים ווערט צוגערויבט די רו טראַכטנדיק אַז עס געפינען זיך קינדער, וואָס ציטערן פון קעלט און ער זאָגט פייערלעך צו צו געבן אַלעמען ריינע און וואַרעמע דירות...

מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט: דאָס זענען קאָמעדיאַנטישע שטיק. דאָס מוז זיך דער דיקטאַטאָר אין אַזאַ מאַסקע באַווייזן. מיט דער מאַסקע קען זיך דער דיקטאַטאָר קיין מאָל נישט שיידן, וואָרום אינעם טאָג, ווען ער וועט זיך באַווייזן פאַר אַלעמען אין דער נאַקעטער, רויער געשטאַלט, דאַן וועט ער מער קיין דיקטאַטאָר נישט זיין און קיין מאַכט נישט באַזיצן...

אָבער עס זענען דאָך דאָ אין דער זאַמלונג געשפּרעכן פון אַנטאָניאָ פעררא אינטערעסאַנטע שטעלן, וואָס גיבן אַ באַגריף וועגן די וועגן און צילן פון יעדער פאַשיסטישער באַוועגונג און פון יעדער דיקטאַטור.

אַזוי זאָגט סאַלאַזאַר:

— זיכער. די אַרמיי מוז זיין פּריווילעגירט. די סאָלדאַטן קענען זיך שלאָגן. זיי וועלן זיך שלאָגן און מען מוז זיי געבן כּלערליי פּריווילעגיעס!

— פרייהייט! די, וואָס זאָגן, אַז פרייהייט איז אַ באַדינג פון פּראָגרעס, פון ציוויליזאַציע, די מאַכן אַ גרויסן פעלער. די פרייהייט מוז ווערן פאַרניכטעט, אומ־ברחמנותדיק פאַרניכטעט. מאַכט מוז זיין. מען מוז איבער די מענטשן הערשן. די מאַסן פילן זיך גליקלעך ווען זיי באַקומען — באַפעלן... מיר מוזן ענדערן אונדזער פאָרשטעלונג וועגן פרייהייט...

— מיר דאַרפן נישט האָבן קיין מענטשן וואָס דענקען. דער פירער דענקט שוין פאַרן פאָלק. די פילאָסאָפן זענען דאָס אומגליק פון איטלעכער מלוכה...

— די דעמאָקראַטיע? — מיר שטעלן זי אַוועק אין אַ זייט. אַ מאַשין, אַ קלאַק. מיר מוזן שאַרף באַקעמפן די, וואָס באַמיִען זיך צו דערהאַלטן דעם מת ביים לעבן. די פאָליטישע פּאַנאָראַמע פון אונדזער תקופה ענדערט זיך...

— מיר רעגירן כּדי אומצוקערן דער פאָרטוגעזישער מלוכה איר אַמאָליקע פּאַרב. פאָרטוגאַל איז נאָך אָנגעגרייט אָנצופירן מיט דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. די פאָרטוגעזישע ראַסע איז די גרעסטע פון אַלע ראַסן!

— גוואַלד־מיטלען מוזן אָנגעווענדט ווערן; אָן טעראָר קען זיך קיין מאַכט נישט האַלטן... גוואַלד — איז גערעכטיקייט פון העכערער מדרגה... צי איז באמת שלאָגן און קאַטעווען אַרעסטאַנטן — אַ פאַרברעכן?...

— אַוודאי הערשט ביי אונדז אַ קריזיס און אַ נויט. אָבער זאָגט די מענטשן, אַז זיי זאָלן געדולדיק וואַרטן. אויב נישט, וועט עס פאַר זיי ערגער זיין!...

— מען דאַרף נישט געבן קיין שטיצע די אַרבעטלאָזע. די שטיצע מאַכט פויל, דעמאָראַליזירט. אַרבעט זאָלן זיי זיך זוכן!

— בילדונג מוז ביי אונדז פאַרנעמען דאָס לעצטע אָרט. מיר האָבן דערויף קיין געלט נישט...

— פאַר אונדז עקזיסטירט נישט דער איינצלנער מענטש. נישטאָ פאַר אונדז קיין יחיד. מיר קענען נישט קיין אַכט לייגן אויף די ווייטיקן אוןליידן פון מענטש

— פאַר אונדז שטייט אין צענטער — די מלוכה... אַלע בירגערס זענען אירע שרייפלעך און מוזן איר געטריי דינען!

די געדאַנקען פון סאַלאַזאַר צייכענען זיך נישט אויס מיט אָריגינעלקייט. דאָס איז — די דיקטאַטור, דער פאַשיזם. זיין אינהאַלט איז — בוגט קעגן גייסט, קעגן פרייהייט און קולט פון דער פויסט. אָבער דער דיקטאַטאָר פון פּאָרטוגאַל, מוז מען מודה זיין — פאָרמולירט זיינע געדאַנקען קלאָר, זייער קלאָר!

אַגב: איבער יידן רעדט נישט סאַלאַזאַר. אין פּאָרטוגאַל געפינט זיך אַ קליינער יידישער ישוב און דער דיקטאַטאָר האָט נאָר אין זין גרויסע, גרויסע פּראָבלעמען!

דו ווייסט נישט ווי אַזוי, מיט וואָס פאַר אַ פסיכאָלאָגישן סוד, אָבער דו קערסט זיך אום פון דאָזיקן קורצן אויספלוג קיין פּאָרטוגאַל און דיין פאַנטאַזיע מאָלט דיר אויס בילדער:

...און עס וועט קומען אַ צייט און דער שגעון וועט געהאַמעוועט ווערן, די אַלע קאַמפן פון פאַשיזם וועלן שוין זיין אויסגעקעמפט, דאַן וועט עס אין איינעם אַ טאָג ווידער ווערן מאָדערן — אַ דעמאָקראַט צו זיין.

דאַן וועט איינער קומען און ער וועט די אַנטדעקונג מאַכן: דער מענטש עקזיסטירט. דער מענטש, מיט זיינע טיפעליידן און שטילע פריידן. ער וועט זאָגן: מיינע הערן, עס איז אויך דאָ אַן אָרגאַניזם וואָס הייסט מענטש.

און די מאַסן וועלן די ווערטער דערהערן און זיי וועלן אויסרופן: דאָס איז דאָך ווירקלעך ניי און ווירקלעך ריכטיק! אַ נייע עפּאָכע מוז קומען, זאָל לעבן די קלוגע לערע!

און די ביכער פון נייעם לערער וועלן געקויפט ווערן, אָדער בעסער געזאָגט: די ביכער פון די, וואָס וועלן זיינע אידעען פּאָפּולער מאַכן. וואָרום דער ערשטער בלייבט אַלע מאָל אין שאָטן.

און דאַן, דאַן — וועלן די שוואַרצע, ברוינע און אַלע אַנדערע קאָלירטע העמד־לעך, אין אַלע רוחות פליען. די פירער־מאַניאַקעס וועלן פאַרטריבן ווערן. פאַר דער פרייהייט, פאַר דער טאָלעראַנץ, וועלן מאָנומענטן ווערן אויסגעבויט.

און אַזוי אומעטיק ווערט אויפן געדאַנק, וואָס ווער ווייסט, צי דו, איך, אונ־דזער גאַנצער איצטיקער דור, וועט נאָך אַזאַ צייט דערלעבן...

## קאַרל אָסיעצקי

עס זענען אין דער לעצטער צייט דורך די אָפיציעלע דייטשע קרייזן אַרויס־געלאָזט געוואָרן קלאַנגען, אַז קאַרל אָסיעצקי זאָל האָבן געענדערט זיינע איבער־צייגונגען און אַריבערגעגאַנגען צום היטלעריזם. מיר האָבן נישט קיין צוטרוי צו די ווערסיעס, וואָס ווערן פאַרשפּרייט דורך די הערן פון בערלין. מיר זענען גע־צוווּנגען אָנצונעמען, אַז אין דער דאָזיקער „אָפיציעלער" ידיעה איז דאָ גענוי אַזוי פיל אמת ווי אין אַלע אַנדערע אָפיציעלע נאַצי־קאָמוניקאַטן. מיר האָבן נישט קיין גענוגנדיקן גרונט צו גלייבן, אַז קאַרל אָסיעצקי זאָל טאַקע האָבן איבערגעריסן מיט זיינע פריִערדיקע אָנשויוּנגען. פאַרקערט, פיל באַווייזן זאָגן עדות, אַז אָסיעצקי איז ביז דער לעצטער מינוט פאַרבליבן געטריי די אידעאַלן פאַר וועלכע ער האָט געליטן, אַז ער איז געשטאָרבן, ווי אַ מאַרטירער פון די דאָזיקע אידעאַלן און אַז די ווערסיעס, וואָס זענען וועגן אים אַרויסגעלאָזט געוואָרן, זענען פאַבריצירט געוואָרן מיט דער אויסרעכענונג, אַז — „אָסיעצקי וועט דאָך סיי ווי נישט קענען אָפּלייקענען"...

מיר זענען געצוווּנגען צו גלייבן, אַז קאַרל אָסיעצקי האָט אויך אין אָוונט פון זיין לעבן, אין די יאָרן פון געצוווּנגענעם שווייגן, מיט נישט קלענערער פאַראַכ־טונג זיך באַציִיגן צו דער נאַצי־אידעאָלאָגיע, ווי אין די יאָרן פון קאַמף און שטור־מעם. מיר קענען — טראָץ די „אָפיציעלע" היטלער־ווערסיעס — שרייבן: גע־שטאָרבן אַ מענטש. איינער פון די שענסטע מענטשן אין אונדזער מיאוסע, שוואַר־צע צייטן.

ער איז געווען אַ שלום־טרוימער. דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון זיין פּערזענלעכקייט. אַ שלום־טרוימער, הגם ער האָט זייער גוט געוווּסט, אַז אין דער איצטיקער תקופה און אין איצטיקן „קלימאַט" פּאַסט זיך זיין פּאַציפיזם נישט אַריין. אַ שלום־טרוימער, הגם לויט זיין אָפּשטאַם וואָלט ער דווקא באַדאַרפט ליב האָבן דעם קריג, מער ווי אַלע היינטיקע נאַצישע פירערס און פאַרפירטע. קאַרל אָסיעצקי האָט אין זיין פאַמיליע־נאָמען דעם טיטל „פאָן". ער איז געווען

אַ זון פון אַן אַריסטאָקראַטישער אַלט־פּרייסישער משפּחה. ער איז דערצויגן גע־וואָרן אויף יונקערישע טראַדיציעס.

אָבער אונטער דעם צייכן פון קאַמף פאַר דער שלום־אידעע שטייט זיין לעבן.

ווי אַ פּאַציפיסט דערשיינט אָסיעצקי נאָך אין יאָר 1913. עס איז אַ יאָר פאַר דער וועלט־מלחמה. דאַכט זיך, אַלע גלייבן, אַז עס איז רויִק, אַז קיין שום פּאָלי־טיקער וועט נישט וואַגן די קאַטאַסטראָפע אַרויסצורופן. אָבער אָסיעצקי איז באַ־אומרויִקט. אינעם אַרטיקל וואָס ער דרוקט דאַן אָפּ אין אַ מינכענער צייטשריפט, וואָרנט ער קעגן די אימפּעריאַליסטישע אַפּעטיטן פון וועלכע עס זענען באַהערשט די דייטשע מאַכטהאָבערס. ער וואָרנט קעגן דעם לייכטזין פון קייזער און זיין סוויטע. דאָס אַרטיקל ווירקט אויפטרייסלענדיק. עס איז אָסיעצקיס ערשטער אַרויס־טריט פאַר דעם פרידן. עס איז שוין דאָ אין אים דאָס וואָס וועט אַרויסשרייען פון אַלע זיינע שפּעטערדיקע אַרויסטריטן: מוט. אָסיעצקי ווערט אַרעסטירט. אָבער ווען ער קומט אַרויס אויף דער פריי זעצט ער ווייטער פאָר זיין אַגיטאַציע פאַר שלום. ער זאָגט זיין טיף־מענטשלעך וואָרט ערב דער וועלט־מלחמה. די ווערטער בלייבן אים אָבער שטעקן אין האַלדז. דער קריג ברעכט אויס. דער יונגער אָסיעצ־קי ווערט אַריינגעצויגן אין דער אַרמיי. ער ווערט אָפּגעשיקט אויפן פראָנט. ערשט אין יאָר 1918, ביים סוף פון וועלטקריג, קומט ער אַהיים. ער קומט צוריק און אין זיין האַרץ פלאַקערט נאָך אַ גרעסערער און טיפערער האַס צו דער שווידערלעכער בלוטבאָד. ער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען די גרויזאַמקייט. ער האָט עס גענוג און ער וויל, אַז אויך די וועלט, די גאַנצע וועלט, זאָל עס האָבן גענוג.

אינעם דייטשלאַנד, וואָס איז געווען און פאַרבליבן אָרעם אין כאַראַקטער, צעפינקלט זיך דער כאַראַקטער פון אָסיעצקי. ער אָרגאַניזירט אַ דעמאָקראַטישן פאַרבאַנד אונטער דעם דעוויז: „קיין מאָל מער קיין מלחמה״. ער גרינדעט אַ טרי־בונע, פון וועלכער ער פירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיינע אידעען. ער ווערט דער קעמפנדיקער פּאַציפיסט פון דער דייטשער רעפּובליק. דער פּאַציפיסט וואָס איז גרייט מיט זיין אייגענער רו און באַקוועמלעכקייט צו באַצאָלן פאַר זיין טרוים. זיינע אַרויסטרעטונגען און ווונדערלעכע מאַניפעסטאַציעס פאַר דעם שלום. זייער לייט־מאָטיוו שטיצט זיך אויף דער וויזיע פון די יידישע נביאים וועגן אַן אייביקן פרידן, וועגן צייטן „ווען אַ פאָלק וועט מער קעגן אַ פאָלק נישט אויפהייבן קיין שווערד״.

אין אַ גאַנץ קורצער צייט וואַקסט קאַרל אָסיעצקי אויס אַלס מייסטער פון דער דייטשער פּובליציסטיק. ער נעמט איבער די פּאָליטישע רעדאַקציע פון פּאָפּו־לערן זשורנאַל „טאַגעבוך״ און אין יאָר 1927 ווערט ער אויפגענומען פאַר שעף־רעדאַקטאָר פון דער ראַדיקאַלער וואָכנשריפט „די וועלט־בינע״, וואָס האָט אין פאַר־היטלעריסטן דייטשלאַנד געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל. אויף די שפּאַלטן פון „די וועלט־בינע״ אַנטוויקלט אָסיעצקי די אינטענסיווסטע טעטיקייט. זיין פער־

זאָן שטייט אָפּט אין מיטלפּונקט פון די קאָנפליקטן און שטרייטן אין דעמאָלטיקן דייטשלאַנד.

מען מוז צוגעבן: דאָס זענען שוין די אונטערגאַנגס־יאָרן פון דער רעפּובליק. דער גייסט פון מיליטאַריזם וואַכט אויף. די גענעראַלן באַקומען די דעה. אָסיעצקי אַגיטירט שוין נישט איצט אַבסטראַקט פאַר אַ וועלט־שלום. ער ווייזט אָן מיטן פינגער: דאָס דייטשלאַנד טרייבט צו קריג. דאָס דייטשלאַנד באַוואָפנט זיך ביז די ציין. דאָס דייטשלאַנד לעבט אויף דעם סאָלדאַטישן גייסט, שפּריצט אַריין אין די מאַסן דעם אַבערגלויבן, אַז „דער קריג איז דער פאָטער אַלערדינגע", אַז דאָס פאָלק, וואָס וויל נישט פאַרכאַפּן פרעמדע טעריטאָריעס איז „פאַרוויי־בלעכט", פאַסיוו, ענערגיעלאָז... אָסיעצקי דערקלערט אָפן און דרייסט: די רייכסווער, דאָס דייטשע קריגס־מיניסטעריום, טרייבט די וועלט צו חורבן!... אָסיעצקי וואַרפט בכלל זיין שטים קעגן יעדער עוולה, קעגן אומרעכט, קעגן אויסנוץ, קעגן רויב. ער פירט מיט זעלטענעם מוט — ביי די אומגינסטיקע באַדינגונגען — דעם גראַנגל פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

אָסיעצקי הייבט אָן פאַרעפנטלעכן געהיימע מאַטעריאַלן וואָס זענען אין זיין האַנט אַריינגעקומען וועגן דער אומלעגאַלער (סאַראַ אַלט־פרענקיש וואָרט!...) דייטשער באַוואָפענונג. ער טראָגט אַרויס אויף דער עפנטלעכער שיין די סודות פון די גענעראַלן. ער ווייסט, אַז די „פּאַטריאָטן" וועלן איצט האָבן די געלעגנהייט אים צו פאַרשרייען אַלס פאַררעטער. אָבער פאַר אָסיעצקין איז איינס וויכטיק: דער קאַמף פאַרן שלום, דער קאַמף קעגן דער מלחמה.

וואָלטן נאָך אָסיעצקין נישט פאַרבליבן קיין שום אַנדערע אַרטיקלען, ווי אָט דאָס געזעגענונגס־אַרטיקל פון מאַי 1932, ווי אָט די שניידיקע אַנאַליז פון דער דייטשער און אייראָפּעיִשער ווירקלעכקייט, ווי אָט דער אויפריכטיקער געשריי נאָך גערעכטיקייט — וואָלט דאָס שוין געווען גענוג צו שטעלן אָסיעצקין אין דער קליינער רייע פון די מענטשן, וואָס זענען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פאַרבליבן — מענטשן.

אָבער עס זענען נאָך אַנדערע אַרטיקלען פאַרבליבן. אַרטיקלען — דאָקומענטן פון זעלטענעם מוט, אַרטיקלען — מייסטערווערק.

אויף באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט פאַרדינען אָסיעצקיס שאַרפע אַרויסטריטן קעגן אַנטיסעמיטיזם.

אין דער צייט ווען אין דייטשלאַנד צעוואַקסט זיך די אַנטי־יידישע העצע פון די היטלעריסטן, פאַרעפנטלעכט אָסיעצקי אַן אָפּהאַנדלונג אונטערן נאָמען „אַנטיסעמיטן". אָסיעצקי נעמט נישט בלויז אין שוץ די אומשולדיק באַשולדיקטע יידן; ער באַווייזט נישט בלויז דעם אומזין פון דער דעמאַגאָגישער קאַמפּאַניע; ער

וואַרפט זיין מעכטיקן פּראָטעסט קעגן די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע דייטשע פּאַרטייען, פאַר וואָס זיי טרעטן נישט גענוג ענערגיש אַרויס אין שוץ פון יידן. ער פרעגט: פאַר וואָס שווייגן די דעמאָקראַטן, פאַר וואָס שווייגן די שריפטשטעלערס, פאַר וואָס שווייגט דאָס בעסערע דייטשלאַנד? — פאַר וואָס פאַרגעסן זיי, אַז פעלקער ווערן נישט גרויס דורך בלינדער שׂינאה, נאָר דורך אייביקע אַלמענטשלעכע אידעאַלן? — פאַר וואָס וואַרפן זיי זיך נישט אַריין אין געראַנגל פאַר גערעכטיקייט? — פאַר וואָס שליידערן זיי נישט זייער צאָרן קעגן די פינצטערע אינקוויזיטאָרן פון איראָפּע? — אָסיעצקי מאָנט, וועקט, טרייסלט אויף די געוויסנס.

און ווייטער: „וואָסער חרפּה! אונדזערע דעמאָקראַטן באַנוגענען זיך בלויז מיט דער פעסטשטעלונג, אַז דער אַנטיסעמיטיזם עקזיסטירט. זיי טאַדלען אים אויך פון מאָל צו מאָל, אָבער צו פיל אַנגאַזשירן זיך, צו שטאַרק זיך מקריב זיין פאַר ישׂראל, ווילט זיך קיינעם נישט פון אונדזערע דעמאָקראַטן... דער אַנטיסעמיטיזם איז דער טרומייטער פון דער רעאַקציע, פון פאַשיזם — ווען עס ענדלעך די דעמאָקראַטן פאַרשטיין?"...

בלעטערנדיק אין די קאָמפּלעטן פון דער „וועלט־בינע", שטויסט איר זיך אָן אויף נאָך אַנדערע אַרויסטרעטונגען פון אָסיעצקי לטובת יידן. אָט קומען פאַר פּאָגראָמען אויף יידן אין אַ לאַנד, וואָס ליגט נעבן דייטשלאַנד. אָסיעצקי זאָגט זיין וואָרט. ער רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון די כוליגאַנעס און זייערע אונטערטרייבערס, דעקט אויף דעם שווינדל, די בלוט־דורשטיקייט. — אָדער: אויגוסט 1929. אין ארץ־ישׂראל ברעכן אויס בלוטיקע אומרוען. דער אַראַבישער טעראָר ווילדעוועט. אָסיעצקי שרייבט אַן אַרטיקל: „ציון". מיט אַזוי פיל צאָרן ברויזן די שורות און אַזאַ מיטגעפיל שלאָגט פון זיי פאַר דעם יידישן היים־ווײי. דאָס איז נישט עפּעס קיין טעמע פאַרן ווייַטן אַזיע, דאָס מוז — שרייבט ער — אָנגיין יעדן מענטש. אויפן עלטסטן מאַרטירער־באָדן פון דער מענטשהייט גיסט זיך ווידער בלוט. עס גייט אַ קאַמף פון דער מדבר קעגן דער קולטור. אָסיעצקי שטרייכט אונטער: „די יידן האָבן זיך אומגעקערט אין לאַנד פון די אָבות מיט די בעסטע כוונות. זיי בויען אויף האַרטער ערד דאָס, וואָס איז געוואָרן וויסט און פאַרנאַכלעסיקט אין משך פון לאַנגע הונדערטער יאָרן. די יידן זענען אין ארץ־ישׂראל אַלע מאָל געווען די פּיאָנערן פון די אידעען פון מענטשן־ליבשאַפט"... און ווי שטענדיק קען אויך אין דעם פאַל אָסיעצקי נישט פאַרטראָגן די צביעות. ער רופט אויס: „זאָל מען קלאָר און אָפן זאָגן אַז ענגלאַנד איז שולדיק, די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט איז שולדיק, די ענגלישע מאַכט, וואָס וואָלט געקענט די אומרוען דערשטיקן, און דערשטיקט זיי נישט"...

אַזאַ מערקווירדיקן איינדרוק מוזן — בעת די איצטיקע טראַגישע געשעענישן אין ארץ־ישׂראל — אויף אייך מאַכן אָסיעצקיס דעמאָלטיקע ווערטער: „ביין, די

הויכקאָמיסאַרן אין ארץ־ישׂראל, די הערן נציבים, האָבן נישט דאָס רעכט צו וואַשן זייערע הענט אין אומשולד!"

די לעצטע פאָר יאָר פון אָסיעצקיס לעבן? — זיי זענען טרויעריק, זיי זענען אומהיימלעך, ווי טרויעריק און אומהיימלעך עס איז די איצטיקע ווירקלעכקייט.

אין דעצעמבער 1932 ווערט גאָר אָסיעצקי אויפֿן סמך פון אַן אַמנעסטיע באַ־פרייט פון אַרעסט. עס זענען שוין די לעצטע וואָכן פון דער דייטשער רעפּובליק. היטלער ציט די האַנט צו דער מאַכט. אָסיעצקי זעט דייטלעך דעם קאָשמאַר. און ער שטעלט זיך דאָך ווידער צום קאַמף. ער רופֿט אויס אין זיינע אַרטיקלען:

„די זיצונג דויערט ווייטער!"... ער ווייסט ווי אומגינסטיק עס איז דער מאָמענט פאַר זיינע לאָזונגען, ווי טייער ער קען פאַר זיין אומדערשראָקנקייט באַצאָלן, אָבער ווייטער גייט פון זיינע אַרויסטריטן דער זעלבער ליידנשאַפטלעכער אויס־רוף: גערעכטיקייט!...

גלייך נאָך דעם ווי היטלער דעראָבערט די מאַכט, אין דער נאַכט פון דער רייכסטאַג־שׂריפה, ווערט קאַרל אָסיעצקי אַרעסטירט. עס הייבט זיך אָן פאַר דעם איידעלן טרוימער אַ לעבן פון אומבאַשרייבלעכן ליידן. ער ווערט איבערגעפירט פון תּפיסה צו תּפיסה, פון קאָנצענטראַציע־לאַגער צו קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאַכאַו, זאָנענבורג, פּאַפּענבורג. אָסיעצקי ווערט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן קראַנק. האַרץ־קראַנק. לונגען־קראַנק. אָבער ער טראָגט דעם פּיין אַריבער מיט העראָיִזם. אין די פינצטערע גרוילקאַמערן זאָגט ער זיך פון זיין חלום, פון זיינע איבערצייגונגען, נישט אָפּ.

ווען אָסיעצקי באַקומט מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָר צוריק די נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום, ווערט ער אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי. אָבער אַרויספאָרן פון דייטש־לאַנד איז אים פאַרווערט. איבער אים וואַכן די געסטאַפּאָ־אַגענטן.

אָסיעצקי היילט זיך אין סאַנאַטאָריעס, אָבער דער נאַצישער שווידער, דער סאַדיזם פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָבן איבערגעלאָזט שפּורן אין זיין אָרגאַ־ניזם. אָסיעצקיס געזונט־צושטאַנד פאַרערגערט זיך. פאַריקן מיטוואָך איז ער גע־שטאָרבן אין עלטער פון 49 יאָר. געשטאָרבן אין דער מדינה וואָס איר לופט האָט ער מער נישט געקאָנט אָטעמען, איר ליאַרעם נישט פאַרטראָגן, אירע בלוט־געזאַנגען נישט געקאָנט מיטזינגען...

מיר פאַרשפּאָרן צוצוגעבן: זייער פיל טיילט אונדז אויך אָפּ פון קאַרל אָסיעצקי. מיר גייען זיך מיט אים פונאַנדער אין זייער אַ סך פּראַגעס און פּונקטן. מיר בלייבן ווייט פון אַ סך זיינע אָנשויונגען — און דאָך מוזן מיר מיט אָנערקענונג דערמאָנען זיין לעבן און קאַמף. מיר בויגן דעם קאָפּ אויפֿן קבר פון דאָזיקן איידעלן מענטש, מוטיקן יידן־פריינד און גרויסן שלום־טרוימער.

# צוויי יאָר בלוט אין שפּאַניע

פּאַר צוויי יאָר האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטבאָד אין שפּאַניע. דעם 18טן יולי 1936 איז אויסגעבראָכן דער בונט פון גענעראַל פראַנקאָ קעגן דער לעגאַלער רעפּובליק־רעגירונג. דאָס האָט געזאָלט זיין: „אַ קריג אויף קורץ". אויף דער זייט פון גענעראַל פראַנקאָ איז געווען דאָס מיליטער; אָבער עס איז נישט מיט אים געווען — דאָס פאָלק פון שפּאַניע. נאָך צוויי יאָר קענען די אויפשטענדלער זיך רימען מיט זייערע באַדייטנדיקע נצחונות. זיי קענען זיך רימען, אַז צוויי דריטל פון לאַנד געפינט זיך שוין אין זייערע הענט. אָבער עס וועט זיי מער קיינער נישט גלייבן, ווען זיי וועלן אויך איצט מיטן גרויסן מויל זיך רימען, אַז היינט־מאָרגן ווערט שוין די מלחמה פאַרענדיקט.

עס וועט מער קיינער נישט נעמען ערנסט דעם פרישן טערמין, וועלכן גענע־ראַל פראַנקאָ וועט אוודאי אָנגעבן מאָרגן אין זיין יאָרטאָג־רעדע, דעם טערמין, ווען ס'וועט „דאַרפן" פאַלן מאַדריד אָדער באַרצעלאָנאַ... נאָך צוויי יאָר שטייען מיר נאָך אַלץ ווייט פון דעם סוף פון שפּאַנישן בירגערקריג. אַפילו טשעמבערליין, דער מענטש מיטן גרעסטן אָפּנאַרעריי־טאַלאַנט צווישן די איצטיקע מלוכה־מענער אין אייראָפּע, מאַכט שוין זיך מער נישט קיין אילוזיעס. און ס'איז כאַראַקטעריס־טיש: דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע צום צווייטן יאָרטאָג פון שפּאַנישן קריג איז מוסאָליני. דער „דוטשע" האָט אין זיין רעדע געפונען פאַר נויטיק צו דערקלערן, אַז ליידער איז נאָך דער קריג נישט פאַרענדיקט, אַז ליידער מוז איטאַליע נאָך אַלץ „שטיין אויף דער וואַך" אין שפּאַניע, אַז עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער קריג זאָל נאָך דויערן — אַ ווינטער... מיט אַנדערע ווער־טער הייסט דאָס: ליידער, מיינע טייערע אונטערטאַנען, האָבן מיר אַ ביסל צו שטאַרק גרינגגעשאַצט די ווידערשטאַנד־פעיִקייט פון שפּאַנישן פאָלק; מיר האָבן טאַקע געמאַכט אַ גאַנץ גוטן חשבון, אָבער מיר האָבן פאַרגעסן די שפּאַנישע מאַסן אַריינצונעמען אין חשבון...

נאָך נישט היינט איז מעגלעך אונטערצוציִען אַ סך־הכּל פון אַלץ, וואָס דער אַכזריותדיקער שפּאַנישער בירגערקריג האָט געבראַכט. לויט די ביז איצטיקע

ווייט נישט געניע אויסרעכענונגען, איז שוין אַ מיליאָן מענטשן אומגעקומען אויף די שלאַכטפעלדער, זענען שוין העכער 20 טויזנט קינדער דערמאָרדעט געוואָרן, זענען שוין צענדליקער שטעט און דערפער פון די באָמבעס חרוב געוואָרן. דאָס בילד פון גרויזאַמען בלוטיקן שניט איז נאָך ווייט נישט גאַנץ. אָבער דערפאַר לאָזט זיך עפּעס אַנדערש טאָן אינעם 2טן יאָרטאָג פון שפּאַנישן בירגערקריג. מיר זענען אין שטאַנד פעסטצושטעלן, וואָסער כאַראַקטער דער אויפשטאַנד טראָגט, וואָסערע זענען זיינע סיבות, ווער אַלץ עס שטייט הינטער די קוליסן פון דער ווילדער אַוואַנטורע.

עס איז קלאָר: דער אויפשטאַנד פון גענעראַל פראַנקאָ איז נישט פּלוצלונג אויסגעבראָכן. אין משך פון יאָרן איז צוגעגרייט געוואָרן דאָס ווערק פון צע־שטערונג.

נאָך אין יאָר 1932 איז דורך די שפּאַנישע גוטבאַזיצערס און די פּריצים באַ־האַנדלט געוואָרן די עווענטואַליטעט פון אויפשטאַנד.

ווייל דער בונט פון גענעראַל פראַנקאָ איז נישט אַ בונט נאָר פון פּאָליטישן כאַראַקטער; דאָס איז אין דער ערשטער רייע אַ בונט פון סאָציאַלן אוןווירט־שאַפטלעכן כאַראַקטער; דאָס איז אַ בונט נאָך וועלכן עמעצער גלייבט אין שפּאַניע רייך און פעט צו ווערן...

ווען מיר באַטראַכטן דעם שפּאַנישן בירגערקריג פון היסטאָרישער פּער־ספּעקטיוו — האָט לעצטנס געשריבן אַ באַדייטנדיקער ליבעראַלער שפּאַנישער היסטאָריקער — דאַרפן מיר נישט זאָגן: ער האָט זיך אָנגעהויבן דעם 18טן יולי 1936, נאָר: ער האָט זיך אָנגעהויבן אין יענעם טאָג, ווען אין שפּאַניע האָט די ווירטשאַפט זיך געגליטשט צו קאַטאַסטראָפע און אַ מוראדיקע מאַסן־פאַראָרעמונג האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן. און הגם מיר קענען היינט גענוי נישט וויסן, וועלכער טאָג דאָס איז געווען, קענען מיר דאָך אָבער אויף זיכער פעסטשטעלן: דאָס איז געווען יעדן פאַל אין איינעם פון די פינצטערע אומהיימלעכע טעג, וואָס האָבן פאַר שפּאַניע אָנגערוקט נאָך דעם יידן־גירוש פון יאָר 1492...

זינט יענעם יאָר פון אומגליק, ווען ביי יידן איז צוגענומען געוואָרן דאָס רעכט שפּאַנישע לופט צו אָטעמען, איז שפּאַניע אין אַ ווולקאַן פון האַס און אויפברויז פאַרוואַנדלט געוואָרן.

ווייל — מיט די יידן איז שפּאַניע געווען רייך, גרויס און מעכטיק. די שפּאַ־נישע מלוכה האָט אַ גלאַנץ־פּעריאָד איבערגעלעבט. איבער אַ שטיק וועלט גע־הערשט, מיטן וועלטהאַנדל אָנגעפירט. די וועלט־פינאַנסן אין האַנט געהאַלטן. אָבער דורכן קורס פון אומטאָלעראַנץ אין וועלכן ס׳זענען אַוועק די קעניגין איזאַבעלאַ און איר הויף־גלח טאָרקוועמאַדאַ, איז אונטערגעצונדן געוואָרן דער שייטערהויפן נישט בלויז פאַר יידן; ס׳איז אונטערגעצונדן געוואָרן דער שייטערהויפן פון אינער־לעכן קריג אין שפּאַניע...

דורך דעם קורס פון אומטאָלעראַנץ זענען פאַריאָגט געוואָרן פון לאַנד די פעיִקסטע מענטשן, די בעסטע ווירטשאַפט־קענערס, זענען אונטערגעהאַקט גע־וואָרן די צווייגן פון זייער פיל בליִענדיקע אינדוסטריעס, האָט מיט ריזנשריט זיך דערנענטערט אַ קאַטאַסטראָפאַלע ירידה פון דער ווירטשאַפט. פון דער רשעות האָבן פּראָפיטירט נאָר די גלחים און פירשטן; דורך די רויִנירטע יידישע עקזיס־טענצן האָבן זיי געקענט פאַר זיך בויען גרויסאַרטיקע פּאַלאַצן, ציִען זייער פאַר־מעגן אויף טויזנטער העקטאַרן ערד; אָבער דאָס פאָלק איז פאַראָרעמט געוואָרן...

אַזוי זאָגן הייסט נישט: צושפּיצן די געשיכטלעכע פאַקטן צום יידישן שטאַנד־פּונקט. אַזוי זאָגן הייסט ערשט באמת: ריכטיק אָפּשאַצן די פאַקטן.

ווייל אויך קריסטלעכע וויסנשאַפטלערס שטעלן פעסט, אַז דער יידן־גירוש האָט געבראַנגט פאַטאַלע פאָלגן פאַר שפּאַניע. דער דייטשער היסטאָריקער פון אָנהויב 18טן יאָרהונדערט, קאַרל שודט, שרייבט:

„דאָס פאַרטרייבן די יידן איז געווען אַ שווערער מלוכה־פעלער. די שפּאַנישע באַפעלקערונג איז מוראדיק פאַרקבצנט געוואָרן"... אין יאָר 1721 האָט פאַרצייכנט דער פראַנצויזישער דענקער מאָנטעסקיו: „איך קום איצט פון שפּאַניע. עס גרוילט ווען מ'קוקט זיך צו דאָרט צו דער נויט. די שפּאַניערס באַצאָלן אַ זייער טייערן פּרייז פאַר זייער אומטאָלעראַנץ"... קלאָר און דייטלעך איז אויך די מיינונג פון פראַנצויזישן גלח גרעגואַר. „נאָך היינט — זאָגט גרעגואַר — וואָלט שפּאַניע גע־בליט, ווען זי זאָל נישט פאַרטרייבן די יידן"... אַפילו דער דייטשער היסטאָריקער ווערנער זאָמבאַרט — אַ שונא־ישראל — איז מודה, אַז פאַר שפּאַניע האָט די אַנטי־יידישע פּאָליטיק געבראַכט אומגליק.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1492 מאַכט שפּאַניע דורך איר באַרג־אַראָפּ. אַנדערע לענדער האָבן אין משך פון דער צייט איבערגעלעבט תקופות פון ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג און ווירטשאַפטלעכער ירידה — אין שפּאַניע איז דער דלות אַ כראָני־שער. פיר הונדערט יאָר איז שוין דאָרט קיין ווילשטאַנד נישט געווען. עס איז דאָרט אַהין נישט אַריינגעדרונגען די עשירות פון אויפשטייגנדיקן קאַפּיטאַליזם. עס הערשט דאָרט נאָך כסדר דער מיטל־עלטער, דער פּריציש־פעאָדאַלער סיסטעם פון מיטל־עלטער, די סאָציאַלע אונטערדריקונג פון מיטל־עלטער. ס'האָט דאָרט די מוראדיקע האַנט פון דער גערעכטיקייט אָנגעצייכנט אונטערגאַנג און עלנט.

נישט קיין ווונדער, וואָס ביי אַזעלכע פאַרהעלטענישן האָט אין שפּאַניע נישט איין מאָל דאָס פאָלק רעוואָלטירט. בלויז פאַר די לעצטע הונדערט יאָר זענען אין שפּאַניע פאָרגעקומען זעקס הונדערט קלענערע און גרעסערע רעוואָלוציעס.

שפּאַניע פון די לעצטע הונדערט יאָר — איז נישט בלויז דאָס לאַנד פון אָקסן־קאַמף און יעזויִטישע קלויסטערס, דאָס לאַנד פון סערענאַדעס און רויטן מאַלאַגאַ־וויין, דאָס לאַנד פון מאָלערישער עקזאָטיק און צעהוליעטע „גראַנדן";

עס איז אויך דאָס לאַנד — פון צוואַנציק מיליאָן אָפּגעגנאַרטע מענטשן, וואָס האָבן פּעסט און ליידנשאַפטלעך באַשלאָסן מער זיך נישט צו לאָזן אָפּנאַרן; דאָס לאַנד פון נאַקעטע פעלדזן און ביטערער נויט; דאָס לאַנד פון ריזיקע אומפּרוכטבאַרע ערד־שטחים און אומעטיקע פאַלקסלידער. דאָס לאַנד פון האַרטע, בלוטיקע גע־ראַנגלען...

אָבער— די מאַסן האָבן געהאַט נאָר צאָרן; די וועלטלעכע און גייסטלעכע פעאָ־דאַלן האָבן געהאַט — מאַכט...

ערשט פאַר אייניקע יאָר האָט זיך די מאַכט אַרויסגעגליטשט אין שפּאַניע פון דעם אַדל. ווינטער 1935 איז אַנטשטאַנען אַ פאָלקספראָנט־רעגירונג מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פון אַרבעט, מיטן ווילן ענדלעך צו פאַרניכטן דעם מיטל־עלטער אין שפּאַניע, אויסראָטן די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט, די נאַציאָנאַלע אונטער־דריקונג. דאָס האָט באַאומרויִקט די רעאַקציע, די אַדל־לייט, די גענעראַלן. זייערע פּריווילעגיעס זענען געשטאַנען אין געפאַר. גענעראַל פראַנקאָ האָט באַקומען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דעם פאַשיסטישן בונט.

עס וואָלט זיך בכן געדאַכט: דאָס איז אויסשליסלעך אַן אינערלעך־שפּאַנישער קאַמף. דאָס איז אויסשליסלעך דער קאַמף צווישן דער רעאַקציאָנערער קליקע און דער שפּאַנישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. עס האָט זיך אַזוי געדאַכט אין די יולי־טעג פון 1936. אַזוי דאַכט זיך אָבער איצט מער נישט קיינעם.

עס איז קלאָר, אַז נישט בלויז וואָס גענעראַל פראַנקאָ האָט גלייך אין די ערשטע קריגסטעג באַקומען הילף פון איטאַליע און דייטשלאַנד, נאָר קלאָר און זיכער איז, אַז — דער פראַנקאָ־אויפשטאַנד איז דורך איטאַליע און דייטשלאַנד — בשותּפות מיט דער שפּאַנישער רעאַקציע — לאַנג פריִער אָרגאַניזירט געוואָרן.

אין מערץ 1934 איז אין רוים געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך. עס האָבן זיך אונטער אים געחתמעט פאָרשטייערס פון דער שפּאַנישער רעאַקציע און רעפּרע־זענטאַנטן פון דער איטאַליענישער רעגירונג. עס איז אינעם אָפּמאַך געזאָגט גע־וואָרן: די רעאַקציע אין שפּאַניע גרייט צו דעם אויפשטאַנד; מיר, איטאַליענערס געבן — מיליטער, געווער, אַעראָפּלאַנען, באָמבעס...

גלייך דערנאָך איז אויך היטלער צוגעשטאַנען צו דער „אונטערנעמונג"...

דעם 15טן יולי 1936, דריַי טעג פאַר דעם אויסברוך פון אויפשטאַנד, רירט פון דער איטאַליענישער שטאָט מילאַן אַרויס אַן עסקאַדרע אַעראָפּלאַנען קיין שפּאַניע.

צוויי טעג שפּעטער שווימען צו צו די שפּאַנישע ברעגן דייטשע קריגסשיפן.

און מיט וויפל ווייניק צוטרוי מיר זאָלן זיך נישט באַציִען צו די הבטחות און „אונטערשריפטן" פון מוסאָליני און היטלער, מוזן מיר דאָך אָנערקענען: אין

שפּאַניע האָבן זיי נישט פאַרראַטן. אין שפּאַניע פירן זיי אויס אַלע געגעבענע צוזאָגן. און אפשר נאָך מער וויפל זיי האָבן צוגעזאָגט.

עס דעצידירן דאָ, נאַטירלעך, קלאַסן־מאָטיוון. דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַשיזם פילט זיך פאַרברידערט מיטן שפּאַנישן פאַשיזם. אָבער אין דער ערשטער רייע דעצידירן אויך דאָ — די געווינסן וואָס מוסאָליני און היטלער רעכענען צו דערגרייכן אין שפּאַניע.

דאָס זענען גאָר גרויסע געווינסן. „ס׳לוינט״ פאַר זיי צו גיין אין קריג. אין קאָן שטייט נישט בלויז שפּאַניע. עס שטייען אויך — ענגלאַנד און פראַנקרייך. דער זיג פון גענעראַל פראַנקאָ — איז די מפּלה פון פּאַריז און לאָנדאָן.

אינעם שפּאַניע ווי גענעראַל פראַנקאָ וועט הערשן, וועלן די בעלי־דעה זיין די, וואָס זענען אויך איצט פאַקטיש די בעלי־דעה: מוסאָליני און היטלער; אינעם שפּאַניע פון גענעראַל פראַנקאָ וועלן צו איטאַליע און דייטשלאַנד געהערן די רייכטימער פון שפּאַניע, די רוישטאָפן, די מעטאַלן, דאָס קופּער, די קוילן־גרובנס; אינעם שפּאַניע פון גענעראַל פראַנקאָ וועט נאָך שטאַרקער באַדראָעט ווערן ענגלאַנדס פּאָזיציע אויפן מיטללענדישן ים, וועט פראַנקרייך איזאָלירט ווערן פון אירע קאָלאָניעס אין צפון־אַפריקע און בכלל אָפּגעריסן ווערן פון דער רעשט וועלט מיט אַ באַריערע פון פיינטלעכע פאַשיסטישע מלוכות...

דעם 17טן יולי 1936 איז אויסגעבראָכן דער בונט אין שפּאַניע. אייניקע חדשים פריִער האָט אָנגעהויבן בושעווען דער טעראָר אין ארץ־ישראל. אין אַפּריל 1936 האָט זיך צעפלאַקערט דער אַראַבישער בונט. צווישן דעם שפּאַנישן אויפשטאַנד און דעם אַראַבישן בונט איז, נאַטירלעך, דאָ, אַ טיפער אונטערשייד. אַן אַנדערער איז דער כאַראַקטער. דער פאַרלויף. אָבער אין דאָזיקן פונקט זענען גלייך, סיי שפּאַניע, סיי ארץ־ישראל. דאָ און דאָרט האָבן די זעלבע פאַרשווינען אָנגעצונדן דאָס פייער; דאָ און דאָרט פאַרען זיך די זעלבע הענט ביים פייער...

אין ענגלישן פאַרלאַמענט האָט דער דעפּוטאַט מעק־גאַווערן די טעג געשטעלט דעם קאָלאָניעס־מיניסטער די דראַסטישע פראַגע: צי איז דעם ה׳ מיניסטער באַקאַנט, אַז די גוואַלד־טאַטן אין ארץ־ישראל ווערן געשטיצט דורך מוסאָליני און היטלער? צי איז אים באַקאַנט, אַז די רעוואָלווערן און שערן צו שניידן דעם שטעכיקן דראָט, וועלכע מ׳האָט געפונען ביי די טעראָריסטן, שטאַמען פון דייטשלאַנד?

דאָס איז אַ פראַגע, וואָס קען, אַזוי ווי זי שטייט און גייט, אָנגעקליידט ווערן אויך אויף שפּאַניע...

סיי אין ארץ־ישראל, סיי אין שפּאַניע, ווערן דורך די זעלבע לייט צוגעשטעלט ריזיקע קוואַנטומס געווער, קוילן און — געלט...

סיי אין ארץ־ישׂראל, סיי אין שפּאַניע, פירן די רוצחים אויס פרעמדע באַ־שטעלטע אַרבעט...

די זעלבע מלוכות ווינטשן זיך סיי דעם חורבן, חלילה, פון יידישן ישוב, סיי דעם אונטערגאַנג פון דער שפּאַנישער רעפּובליק...

אין יאָר 1492 איז אין שפּאַניע דאָס יידנטום באַטראַכט געווען ווי אַ שׂונא, אין יאָר 1938 הייבט זיך קעגןביידע איין און די זעלבע האַק.

אָבער מיט עטוואָס נאָך איז ענלעך די לאַגע אין שפּאַניע און אין ארץ־ישׂראל: דאָ ווי דאָרט די זעלבע נאָכלעסיקע באַציִונג מצד די „דעמאָקראַטיעס" צו די טעראָריסטן; דאָ ווי דאָרט די פאַרברעכערישע נאָכגיביקייט־פּאָליטיק בנוגע צו די מערדערישע באַנדעס; דאָ ווי דאָרט די קאַפּיטולאַציע פון לאָנדאָן פאַר רוים און בערלין...

צי וועט די דאָזיקע קאַפּיטולאַציע ווייטער אָנהאַלטן? — דאָס איז די פראַ־גע וואָס מיליאָנען מענטשן אין גאָר דער וועלט שטעלן אינעם צווייטן יאָרטאָג פון שפּאַנישן בירגערקריג.

צי וועלן ענדלעך לאָנדאָן און פּאַריז פאַרשטיין, וואָסערע פאַטאַלע קאָנסע־קווענצן עס קען און וועט פאַר זיי האָבן דער טריומף פון מוסאָליני און היטלער?

נאָך איצט איז נישט צו שפּעט. אַן ענערגישע האַנדלונג פון די דעמאָקראַטישע מלוכות וואָלט נאָך איצט געקענט פאַרענדיקן דעם שפּאַנישן קריג מיט אַ נצחון פאַר דער רעפּובליק, ווייל די רעפּובליק האָט מענטשן, העראָיִזם, מאָראַלישע קראַפט — און גיט מען זיך דען נישט אָפּ קיין רעכענונג אין לאָנדאָן און פּאַריז, וואָסער קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר פראַנקרייך און ענגלאַנד וואָלט געהאַט דער זיג פון דער שפּאַנישער רעפּובליק? — איז דען מעגלעך, אַז מ׳זאָל דאָרט נישט פאַר־שטיין, אַז דורך אַ זיג פון דער רעפּובליק אין שפּאַניע, וואָלטן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אויך די סודעטן, וואָלט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָלט אָפּגעשטעלט געוואָרן בכלל דער רויבמאַרש פון מוסאָליני און היטלער? — איז דען מעגלעך אַז מ׳זאָל דאָרט נישט באַמערקן, אַז מיט דער נאָכגיביקייט־פּאָליטיק ראַטעוועט מען נישט דעם שלום, נאָר מ׳גרייט צו אַלץ פרישע טריומפן פאַר די פאַשיסטישע מלוכות?

וועלן ענדלעך די פּאָליטיקערס אין לאָנדאָן און פּאַריז פאַרשטיין דאָס, וואָס דו און איך און מיליאָנען איינפאַכע מענטשן פאַרשטייען היינט זייער גוט און לייכט?

מיט אומרו און זאָרג פאַלט די דאָזיקע פראַגע אינעם צווייטן יאָרטאָג פון שפּאַנישן בירגערקריג.

# גוטענבערגס דערפינדונג

מיט פינף הונדערט יאָר צוריק איז דערפונדן געוואָרן דער דרוק.
דאָס איז געווען אַן עפּאָכע־מאַכנדיק געשעעניש. איינס פון די גרעסטע געשעענישן אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

אַ שווערן וועג האָט דער דערפינדער פון דרוק, יאָהאַן גוטענבערג, געמוזט אַדורכמאַכן, כּדי אַדורכצושלאָגן זיך צום דערפאָלג.

דער דערפינדער אַליין איז געווען אָרעם. ער האָט נישט געהאַט קיין געלט איינצוקויפן די נויטיקע מעטאַל־מכשירים צו זיין אַרבעט, צוצונעמען אַרבעטערס. און ער האָט דעריבער זיך געמוזט פאַרבינדן מיט שותּפים.

לאָזט ער זיך איבער לעגנדער און שטעט און זוכט זיי. ער קען צעברענען די פאַנטאַזיע פון די מיטל־עלטערלעכע מענטשן. ער קען פאַר זיי מיט טאַלאַנט פאַרשטעלן די אוצרות געלט, וואָס מען וועט בלי־ספק אָנשאַרן מיטן מאָמענט, ווען מען וועט מאַכן מיט אים שותּפות. אָבער עס איז אַ תּקופה פון אָבערגלויבן און פאָראורטיילן. אויף גוטענבערגן פאַלט דער פאַרדאַכט אַז ער איז אַ מכשף און שטייט אין באַציִונגען מיט שדים, און מען אַנטלויפט פון אים. מען מיידט אים אויס. און ווען מען זעט, אַז ער האַלט זיך כּסדר ביי זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער, באַדויערט מען אים: נישט אַנדערש, די פינצטערע כּוחות האָבן אים געפאַנגען אין זייער נעץ...

און עס איז באַטירלעך וואָס זיין מרה־שחורה וואַקסט. אַזאַ סתּירה אַנטשטייט צווישן זיינע פאַנטאַזיעס און צווישן דערווירקלעכקייט. ער האָט זיך געזען אין אַן אַנדערער פּאָזיציע: אייראָפּע דערמאָנט מיט דאַנקבאַרקייט זיין נאָמען. אייראָפּע איז גליקלעך מיט זיין דערפינדונג, וואָס האָט אַן עק געמאַכט צו די קאָסטבאַרע און זעלטענע כּתבֿ־ידן און געברענגט צו די מענטשן דאָס געדרוקטע וואָרט... און ווי אַנדערש די האַרטע ווירקלעכקייט שטעלט זיך פאָר! אַ שוידער נעמט אים אַרום ווען ער דערזעט זיך אַזאַ ווי ער איז אין דער אמתן: אַן אויסגעלאַכטער, אָרעמער וואָגלער.

אַן אַנטוישטער קערט ער זיך אום אין זיין דייטשער געבורטשטאָט מיינץ. ער וואַרפט דאָ אַן אויג אויף איינעם אַ גאָלדשמידט יאָהאַן פוסט. ער רופט אים אויף אַן אָוונט אין שענק און דערציילט וועגן זיין דערפינדונג, וועגן די קאָלענ־

דאַרן וואָס ער האָט שוין אָפּגעדרוקט אין שטראַסבורג, דערציילט מיט אַזאַ ברען און ענטוזיאַזם, ווי נאָר אַ פאַנטאַסט קען רעדן.

און דאָס מאָל ווירקט ער אויפן צוהערער. דער גאָלדשמיד פּוסט איז אַ פּיפּי־קער סוחר. אים ווייזט זיך אויס, אַז מען וועט טאַקע קענען מאַכן געלט פון די געדרוקטע זאַכן. אפשר איז ער גערעכט דער דאָזיקער גוטענבערג, אַז מ׳שטייט דאָ פאַר אַ גרויס געווינס. יאָ, ער וועט איינגיין מיטן מכשף! געלט, וואָס קומט דורך כּישוף, איז אויך געלט!

ענדלעך דערלעבט דער דערפינדער דעם גליקלעכן טאָג. ער שטייט אין אַרבעט־צימער פון זיין „דרוקעריי". אַלץ איז דאָ פּרימיטיוו, אַלץ איז אַזוי ווייניק ענדלעך צו דער היינטיקער זאַצמאַשין און ראָטאַציע־מאַשין. עס איז גיכער אַ לאַבאָראַטאָריע.

אָבער אין דער דאָזיקער לאַבאָראַטאָריע ווערט צוגעגרייט אַן איבערקערעניש פאַר דער וועלט. פון דאַנען קומט דאָס געדרוקטע וואָרט.

די ערשטע גרעסערע געדרוקטע אויסגאַבע איז — אַ תנ״ך. ביבל אין דער דייטשער שפּראַך. מען רופט אים דער „42־שורותדיקער", אַנטקעגן דער צאָל שורות, וואָס געפינען זיך אויף יעדן זייטל. בלעטער האָט די דאָזיקע אויסגאַבע 641. זי איז געמאַכט אַ ביסל לויטן מוסטער פון די כּתב־ידן. די שריפט איז קינסט־לעריש געציקלט. זייער אַ סך מי און געדולד און גאַנצע פינף יאָר, האָט פאַר־שלונגען די ערשטע געדרוקטע ביבל. גוטענבערג האָט געטאָן זיין אַרבעט מיט באַגייסטערונג. און ער האָט מיט דער באַגייסטערונג געקענט אָנשטעקן זיינע מיטהעלפערס.

און ווען די ביבל איז דערשינען, איז זי באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ וועלט־וואונדער.

גוטענבערגס דערפינדונג איז געוואָרן די טעמע פון אַלע געשפּרעכן. אין די פירשטן־קרייזן, אויף די יאַרידן, איז באַהאַנדלט געוואָרן די סענסאַציע. דער דער־פינדער האָט אָפּגעהאַלטן אַ טריומף.

אָבער זיין שותף האָט זיך איצט גענומען צו אים. דער גאָלדשמיד האָט דער־שפּירט, אַז פון דאָזיקן עסק וועט זיך ווירקלעך לאָזן מאַכן געלט. האָט ער באַ־שלאָסן אַרויסצוּוואַרפן גוטענבערגן פון שותפות. איצט וועט מען זיך שוין קענען באַגיין אָן אים, די מיטהעלפערס האָבן זיך שוין אויסגעלערנט דרוקן. צו וואָס זשע האַלטן דעם דערפינדער און טיילן מיט אים די פאַרדינסטן?

און ווען דער דערפינדער קומט איין מאָל אין אַ פרימאָרגן אין זיין דרוקעריי, שטייען פאַר דער טיר דעם גאָלדשמידס ווילע יונגען און לאָזן אים נישט אַריין; און ווען ער שטעלט אַ ווידערשטאַנד קלאַפּן זיי אים גוט אָן די ביינער. דער דער־פינדער האָט זיינס געטאָן, דער דערפינדער קען שוין גיין!

פילט ער זיך טיף גענאַרט, דער עלנטער גוטענבערג. די גאַנצע פינף יאָר האָט ער זיך באַטראַכט פאַרן הערב פון דער דרוקעריי, איצט וויל מען אים צו מאָל פאַר אַ משרת נישט אָננעמען.

דער גאָלדשמיד פירט וויטער די דרוק־אַרבעטן. ער גיט אַרויס אַ גאַנצע רייע ביכער. און ער מאַכט געלט אויך. גוטענבערג האָט גאָרנישט. אויך זיין נאָמען בלייבט אומבאַקאַנט. זיין דערפינדונג ווערט אויסגענוצט. אָבער אין אים געדענקט מען נישט. אַ שוואַכער מענטשן־קענער איז געווען גוטענבערג. ער האָט באַשאָנקען מיט צוטרוי אַזעלכע, וואָס האָבן אים געברענגט אַנטוישונג.

אין אויפרעגונג פאַרפירט ער אַ פּראָצעס קעגן זיין געוועזענעם שותף. דער שווינדלער האָט אים אָפּגענאַרט. אים איבערגעלאָזט אויף דער גאַס אָן ברויט. ער רופט צו דער גערעכטיקייט, זי זאָל מאָנען זיין קריוודע. אָבער — גלייבט נישט, אַז טאָקע אין ברויט גייט עס אים. דאָס, צום ווינציקסטן. מען האָט ביי אים עפּעס וויכטיקערס צוגערויבט. מען האָט זיינע האָפענונגען צעבראָכן. מען האָט אַזוי אַכזריותדיק צוגענומען ביי אים דאָס גליק — צו שטיין ביי דער פּרעסמאַשין און זיך אָפּגעבן דער דערפינדונג, איבער וועלכער ער האָט אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט פאַרברענגט!

גענויע פּרטים זענען נישט באַקאַנט וועגן פאַרלויף פון דעם פּראָצעס. מן־הסתּם פאַרשפּילט גוטענבערג. ער האָט דאָך נישט מיט וואָס „אונטערצושמירן" די ריכטערס. אַ פאַרביטערטער פאַרלאָזט ער ענדלעך מיינץ, די שטאָט, ווו ער האָט נאָך פיל מער ביטערניש פאַרזוכט. ער איז איינזאַם. אָן פריינד. אָן נאָענטע. אַן אומבאַהאָלפענער שלימזל שלעפּט זיך איבער דער וועלט.

ער קומט אין פאַרשידענע ערטער און הערט ווי זיין דערפינדונג נעמט איין די וועלט. מען דרוקט שוין ביכער אין ווענעדיק, אין רוים, אין פּאַריז. מען איז שטאָלץ, וואָס מען האָט זיך ענדלעך באַפרייט פונעם פּלאָג פון די כּתב־ידן, און וואָס די וויסנשאַפט האַלט אָפּ אַזאַ זיגרייכן מאַרש פאָרויס. אַ זיגרייכער מאַרש, וואָס גייט אין טאָקט צו די... וואַנדערטריט פון דערפינדער.

דאָס ווערק איז געווען ריזיק. עפּאָכע־מאַכנדיק. אָבער דער מחבר פון ווערק האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ שאָטן. מענטשן זענען אַ דאַנק אים נתעשר גע־וואָרן און ער אַליין איז פאַרבליבן אַ שלעפּער. נישט באַוווּנדערט דורך קיינעם. נישט דערוואַרעמט. בלויז וואָס די חלומות דערהאַלטן אים נאָך. און די אילוזיע, אַז אפשר איז טאָקע אַלץ אַ טרוים, און בלויז חלומות זענען דאָס.

די דערפינדונג פון דרוק האָט געזאָלט מאַכן אַ סוף צום באַרבאַריזם און צום מיטל־עלטער.

זי האָט געזאָלט עפענען פאַר די מענטשן דעם וועג צו קולטור.

אמת: זי האָט איר אויפגאַבע דערפילט. דער „מכשף" פון מיינץ האָט אַ גרויסע זאַך געליסטעט פאַר דער מענטשהייט. אָבער...

און דער דאָזיקער „אָבער" איז ווי דער טונקעלער שאָטן, וואָס באַגלייט אַלע גרויסע דערפינדונגען.

ווי אַ קללה וואָלט געהאַנגען איבער די דאָזיקע אויפטועך. צו גוטס דאַרפן זיי ברענגען, צו באַקוועמלעכקייט און גליק דאַרפן זיי פירן. און צום סוף דינען זיי צו געמיינע צילן און ברענגען אומגליק. דורכן דרוק טראָגט זיך אויך פונאַנדער העץ־מאַטעריאַל און פאַסקווילן פון רשעות ווערן מאַסנווייז פאַרשפּרייט. דורכן אַעראָפּלאַן ווערט דאָס בילד פון דער קומענדיקער מלחמה פאַרוואַנדלט אין אַ גרוילעכן געשפּענסט, דער אַעראָפּלאַן וועט נוצן אַראָפּצוואַרפן באָמבעס און גיפט־גאַזן; דורכן ראַדיאָ קען דאָס גדעסטע טפשות אין פאַרלויף פון איין נאַכט אַריינגעקלאַפּט ווערן אין די מוחות פון מיליאָנען מענטשן.

מיר ווערן פון טאָג צו טאָג רייכער אין ציוויליזאַטאָרישע דערגרייכונגען. דער מהלך פון פינף הונדערט יאָר איז צו ווייט אויף אַדורכצופירן אַ חשבון פון די אַלע דערפינדונגען, וואָס זענען במשך פון דער צייט געמאַכט געוואָרן. מיר וועלן זיך באַגרענעצן בלויז צו די לעצטע פופציק יאָר. אַ קורצער אָפּשניט — און וואָס פאַר אַ אימפּאָנירנדיקע סעריע פון אויפטועך! די לינאָטיפּ־מאַשין איז אויפגעבויט געוואָרן און די עלעקטרישע באַן, די אונטערוואַסער־שיף, דער אויטאָ, דער פילם, דער ראַדיאָ, דער אַעראָפּלאַן, דאָס עלעקטרישע לעמפּל, דער מאָטאָציקל, דער טעלעגראַף, דער טעלעפאָן, די רענטגען־שטראַלן — שטוינענדיקער צעטל פון דעראָבערונגען!

מיר ווערן רייכער אין דער ציוויליזאַציע, אָבער אָרעמער אין קולטור. מיר ווערן רייכער אין טעכניק, אָבער אָרעמער אין מאָראַל. דער תנ"ך איז געווען די ערשטע געדרוקטע אויסגאַבע. דער תנ"ך האָט באַדאַרפט זיין דער לייכט־טורעם פאַר אַלע מענטשלעכע דערגרייכונגען. די מענטשן האָבן באַדאַרפט געדענקען, אַז דערפינדונגען דאַרפן מאַכן דאָס לעבן ליכטיקער און לייכטער, און נישט פינצטערער און שווערער.

אַוודאי איז פאַר אונדז אַ גרויסער יום־טוב און אַ וויכטיקע דאַטע דער יאָרטאָג פון גוטענבערגס דערפינדונג. אָבער אין אַזאַ פאַרשאָלטענער צייט לעבן מיר איצט, אין אַזאַ כאַאָס און אין אַזאַ שגעון־שטימונג, אַז עס טרעפט און מיר בונטעווען זיך קעגן דער לאָגיק, קעגן שׂכל־הישר, און מיר זאָגן צו זיך:

— טאַקע, באמת אַזאַ וויכטיקער אויפטו? וואָלט דען נישט בעסער געווען פאַר אונדז און וואָלטן מיר נישט פיל רויִקער און גליקלעכער געלעבט, ווען מיר ווייסן נישט פון דרוק, פון אַעראָפּלאַן, נישט פון ראַדיאָ און נישט — צום טייוול! — פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע?

## דייטשע פרייהייט, טשוועקעס, שטרייכער...
### (עפּיזאָדן פון נירענבערגער צוזאַמענפאָר)

עס איז געווען אויף אַלץ זיך צו ריכטן. עס איז געווען זיך צו ריכטן, אַז אין נירענבערג וועט דער שקר פייערן זיין טריומף. עס איז געווען זיך צו ריכטן, אַז אויפן היטלעריסטישן פּאַרטיי־טאָג (אייגנטלעך: פּאַרטיי־נאַכט), וועלן די פירערס און פירערלעך זיך איבעריאָגן אין ציניזם. און פון דעסטוועגן — איז אַפילו אין אומהיימלעכן נירענבערגער געזאַנג געווען אַ טאָן, וואָס האָט צום אומהיימלעכסטן געגרילצט אין אויער, און דעם פּיינלעכסטן, דעם דערדריקנדיקסטן רושם איבער־געלאָזט.

אין דער דעקלאַראַציע, וואָס איז פאָרגעלייענט געוואָרן בעת דער דערעפענונג, האָט זיך געפונען אַ זאַץ אויף וועגן — פרייהייט.

עס איז דאָרט געזאָגט געווען:

„מיר האָבן דעם דייטשן פאָלק צוריקגעגעבן זיין פרייהייט"...

מיר — דאָס הייסט: מיר, היטלעריסטן, וואָס האָבן אַ שטריק אַרויפגעוואָרפן אויפן האַלדז פון דייטשן פאָלק, וואָס האָבן דאָס דייטשע לאַנד אין אַ פינצטערע תפיסה פאַרוואַנדלט, וואָס האָבן 65 מיליאָן פרייע מענטשן פאַר שקלאַפן געמאַכט...

מיר — דאָס הייסט: מיר, וואָס דריקן אונטער, דערשטיקן, וואָס האָבן דאָס לעצטע פּיצל זעלבשטענדיקייט ביים דייטשן בירגער צעקוועטשט...

ווער האָט עס געזאָגט, אַז דער נאַצי־רעזשים איז אַ רעזשים פון טעראָר?...

אַ ליגן די זאַך.

„מיר האָבן דעם דייטשן פאָלק אומגעקערט זיין פרייהייט"...

איך ווייס נישט צי דער נירענבערגער צוזאַמענפאָר פאַרנעמט זיך מיט פאַר־טיילן פרייזן. אויב יאָ, האָט דעם ערשטן פרייז בלי־ספק פאַרדינט דער, וואָס האָט אַריינגעשריבן דעם דאָזיקן זאַץ אין דער דעקלאַראַציע. נאַטירלעך: דעם ערשטן פרייז פאַרן אומפאַרשעמטסטן ציניזם.

אַ ביסל אומפאַרשטענדלעך איז, הלמאי קומט דער היטלעריסטישער „פּאַרטיי־טאָג" פאַר אַלע יאָר דווקא אין נירענבערג. אויב פאַראַד און אויב פּאָמפּע — זענען פאַראַן אין דייטשלאַנד שטעט, וואָס וואָלטן דערצו מער געפּאַסט. איך האָב פאַר

צוויי יאָר שפּאַצירט אין די גאַסן פון נירענבערג. די שטאָט איז געבויט אין אַלטן סטיל. ווייניק פרייע פּלעצער. ווייניק רחבות. דאָס רוב — דרייען זיך ענגע, קרומע, געסלעך.

אָבער די היטלעריסטן פילן דאָך אַ סענטימענט פאַר נירענבערג.

דער סענטימענט נעמט זיך נישט בלויז דערפון, וואָס דאָ האָבן יידן איבער־געלעבט צייטן פון שוידער, וואָס דאָ האָט נאָך — אין יאָר 1298 — געבושעוועט אַ ווילדער פּאָגראָם, בעת וועלכן עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן 628 יידן, וואָס דאָ האָט מען אַ מאָל יידן געצוווּנגען צו טראָגן רויטע היט (תּחילת שפּיציקע, דערנאָך פּלאַטשיקע), און מענער האָבן דערצו געמוזט טראָגן אַ געלע לאַטע אויף די מלבושים, פרויען ווידער זענען מחויב געווען אַרומצוזוימען די שלייערס מיט אַ בלוי שנירל — גראָד אין דעם זין האָט נירענבערג נישט צוליב וואָס זיך צו יחוסן; עס זענען דאָ אין דייטשלאַנד נאָך אַ רייע אַנדערע שטעט מיט אַזאַ „רומ־פול" בלאַט און מיט אַזאַ פאַרגאַנגענהייט פון יידיש בלוט און טרערן...

דער היטלעריסטישער סענטימענט פאַר נירענבערג נעמט זיך דערפון, וואָס אין דער דאָזיקער שטאָט געפינט זיך עפּעס אַזוינס, מיט וועלכן אָט די הערן שפּירן זיך זייער גוט.

אין נירענבערג געפינט זיך אַ מוזעום פון מיטל־עלטערלעכע טאָרטור־מיטלען.

מ'קען אינעם דאָזיקן מוזעום זען די אַלערליי כּלי־חבלה, שרויפן, צוואַנגען, אייזנס און סתּם גרויל־אינסטרומענטן — מיט וועלכע מען האָט דאָ אַ מאָל די מענטשן געפּייניקט און געמאַטערט.

מ'קען אינעם דאָזיקן מוזעום זען אַ שווערד, וואָס האָט אַכט הונדערט קעפּ אָפּגעשניטן; מ'קען זען אַ שאַנדסלופּ, צו וועלכן עס זענען צוגעשמידט געוואָרן יידן, וואָס האָבן געוואַגט אַריבערצושפּרייזן די גרענעצן פון געטאָ; מ'קען זען די גרעסטע אַטראַקציע פונעם מוזעום — די אַזוי גערופענע "אייזערנע יונגפרוי".

דאָס איז אַ ריזיקע אייזערנע פיגור. אַ פרוי־געשטאַלט. אין דער פיגור זענען דאָ טירן. דו עפנסט די טיר און דערזעסט פאַר זיך — אַ שאַנק. אָבער וואָסער „אָריגינעלע" שאַנק דאָס איז!

אירע ווענט זענען פול באַדעקט מיט — טשוועקעס.

ווּ דו וואַרפסט דיין בליק, פון אויבן, פון אונטן — כּסדר טשוועקעס, מיטן שפּיץ אין דרויסן אַרויס. גרויסע, גראָבע, שטעכנדיקע טשוועקעס.

אין דער דאָזיקער שאַנק זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן די „זינדיקע".

מ'האָט אַהין אַריינגעפּאַקט יעדן איינעם וואָס האָט זיך עפּעס פאַרזינדיקט פאַרן פירשט פון נירענבערג.

דערנאָך האָט מען פאַרהאַקט די טיר.

אין דער שאַנק איז געווען ענג. דער אומגליקלעכער מענטש האָט געמוזט זיך צודריקן צו דער וואַנט. דאַן האָבן הונדערטער טשוועקעס זיך איינגעפּרעסט

אין זיין ליַיב. הונדערטער טשוועקעס האָבן געגומען אין זייער קלעם דעם קרבן. געביסן, געריסן, פאַרוווּנדעט, צעבלוטיקט...

און הינטער דער אייזערנער טיר איז געשטאַנען דער תּלין און זיך איינגעהאָרכט, צי קרעכצט נאָך דער קרבן, צי לעבט ער נאָך, אָדער קען מען שוין לויפן מיט פרייד צום פירשט און מעלדן וועגן דער יציאת־נשמה...

בעת מיין באַזוך אין נירענבערג האָב איך אַ לענגערע צייט באַטראַכט די דאָזיקע פיגור פון גרויל און פּיין. די אייזערנע טשוועקעס האָבן אָנגעיאָגט אַ קאָשמאַר. זיי האָבן אָבער אויך אָנגעיאָגט אַן ענטפער אויף אַ פראַגע.

פאַר וואָס ציט די היטלעריסטן קיין נירענבערג?

שטייענדיק פאַר יענער שווידערשאַנק מיט אירע הונדערטער גרויזאַמע טשוועקעס, האָב איך דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען.

מ׳וואָלט אייגנטלעך באַדאַרפט רעדן וועגן אַלע העלדן, וואָס טרעטן אַרויס אין נירענבערג. מ׳וואָלט באַדאַרפט. אָבער מ׳קען נישט. זיי זענען בחזקת אומבאַרירלעך. מיר וועלן דעריבער ווידמען אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט שטרייכערן. יוליוס שטרייכער איז, איבעריקנס, דער „מייסטער־זינגער פון נירענבערג“. ער רעגירט איבער דער שטאָט. טאַקע דורך אים איז נירענבערג געוואָרן די גוואַלדיקע פּאָגראָם־לאַבאָראַטאָריע. די רעזידענץ פון נידערטרעכטיקסטן, ווערימדיקסטן, מענטשן־פּרעסערישן אַנטיסעמיטיזם.

אַ טרעפלעכע שילדערונג פון שטרייכערן האָט לעצטנס אָנגעשריבן דער באַקאַנטער רוסישער שריפטשטעלער קאָרניעוו.

קאָרניעוו האַלט, אַז אומזיסט באַמיִען זיך די נאַציס פאַרצושטעלן יוליוס שטרייכערן אַלס אַ באַזונדערע דערשיינונג, אַלס איינעם וואָס איז נישט מאָסגעבנדיק און נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער היטלער־באַוועגונג. פאַרקערט. שטרייכער איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַרן דייטשן פאַשיזם. שטרייכער איז ווולגאַר. זיין טעמפּעראַמענט שלאָגט פון אים ווי אַ שמוציקער קוואַל. ער איז אין זיין יידן־פרעסעריי ברוטאַל זאָאָלאָגיש. מיט איין וואָרט: ער פאַרדינט צו זיין דער רעפּרעזענטאַנט!...

פאַר דער וועלט־מלחמה איז שטרייכער געווען אַ לערער אין אַ דייטשער פאָלקסשול. שוין דעמאָלט איז אַרויסגעטראָטן זיין סאַדיזם. שטרייכער האָט די קינדער געשלאָגן, געקאַטעוועט. ער איז אויך באַגאַנגען סעקסועלע פאַרברעכנס. מ׳האָט אים צוליב דעם פון דער שול אַרויסגעוואָרפן. דאַן איז ער אַוועק אין מיליטער. אַלס אָפיציר האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט מיט ספּעציעלע העלדן־טאַטן; מ׳האָט אים בלויז געקענט פאַר איינעם אַזאַ, וואָס קען, ווי זעלטן ווער, אַ זעץ טאָן די זעלנערס מיטן שטיוול... אַלנפאַלס, אין קריג האָט זיין ווילד בלוט זיך געקענט צעיוכען. ווען עס רוקן אָן די שלום־יאָרן האָט שטרייכער מיט זיך נישט וואָס צו טאָן. דאָ טרעפט אים אַ גליק: די נאַצי־באַוועגונג אַנטשטייט. אין אירע

רייען פילט זיך שטרייכער ווי דער ריכטיקער מאַן אויפן ריכטיקן פּלאַץ. ער הייבט אָן אַרויסצוגעבן זיין שמוציקע שמאַטע „דער שטירמער". שטרייכער וויל מאַכן פּאָליטיק.

„שטרייכערס באַגריף וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון דייטשלאַנד — שרייבט קאָרניעוו — וועגן דער דייטשער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט, זענען נאָך מער פרימיטיוו און נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, ווי היטלערס. אָבער אין דעם ליגט זיין קראַפט. ער קען מאַכן סקאַנדאַלן וואָס ציִען צו די אויפמערקזאַמקייט פון די קליינבירגערלעכע קרייזן. ער קען זיינע ברודיקע נעגל אַריינשטעקן אינעם פּריוואַטן לעבן פון די פערזאָנען קעגן וועלכע ער טרעט אַרויס. ער קען זיין העצע קעגן יידן אויסמישן — מיט שונד, פּאָרנאָגראַפיע און קרענקלעכער עראָטיק"...

דערפון — דער קאָלאָסאַלער דערפאָלג פון „שטירמער". די אונטערוועלט האָט אינעם „שטירמער" אַן אייגענעם אָרגאַן. יידן־העצערישע אויסגאַבעס פעלן נישט אין דייטשלאַנד, אָבער אַ זאַ אויסגאַבע איז נישטאָ. יעדער נומער פון „שטירמער" איז אַ פינצטערער דאָקומענט פון אידיאָטיזם, משוגעת און גראָביאַנישע פּאָרנאָגראַפיע...

אַלס אייגנטימער און רעדאַקטאָר פון אַ ברייט־פאַרשפּרייטער צייטונג, וואַקסט שטרייכער אויס פאַר אַ וויכטיקע פיגור אין דער נאַצי־באַוועגונג.

עס זענען דאָ אַפילו צווישן די היטלעריסטן גופא אַזעלכע, וואָס קענען שטרייכערן נישט פאַרטראָגן. איינער, למשל, האָט זיך אויסגעדריקט: „זיצן צוזאַמען אין איין פּאַרטיי מיט אַזאַ פּסיכאָפּאַט איז ממש איבער די כוחות"... דער ווירטשאַפטס־טעאָרעטיקער פון די נאַציס, ד"ר פעדער, האָט אַ מאָל עפנטלעך דערקלערט, אַז ער קען נישט קומען אין באַרירונג מיט שטרייכערן, ווייל — ער קען זיך נישט זעצן אויף אַ באַרג מיסט... אָבער — שטרייכער זיצט נאָך ווייטער אין דער פּאַרטיי. ער קען פאַבריצירן די מיאוסע, עקלהאַפּטסטע ליגנס קעגן יידן. ער קען פאַבריצירן פּאָרנאָגראַפיש־סאַדיסטישע ליגנס. ער קערט זיך אום צום בלוט־בלבול, צו דער „סאַטאַנאָלאָגיע", ער דערקלערט די יידן פאַרן טייוולס קינדער — ער איז ווי געבוירן צו זיין דירעקטאָר אין דער נאַצי־אונטערנעמונג.

דער פּוילישער שריפטשטעלער סאָבאַנסקי שילדערט שטרייכערס פּרצוף אין פאָלגנדיקע, קורצע שורות:

„אַ טיפּ פון אַ פאַנאַטיקער. אַ גראָבער, נידעריקער פאַרשוין מיט מגושמדיקע שטריכן... שווינעהונט איז שוין אַן אידעלער אויסדרוק פאַר זיין אויסערלעכן אויסזען"...

אָבער די שניידנדיקסטע כאַראַקטעריסטיק וועגן שטרייכערן האָט, דאַכט זיך, אָנגעשריבן דער באַרימטער איטאַליענישער שריפטשטעלער דזשאָוואַני אַנסאַלדאָ. אַליין אַ פאַשיסט, אָבער שטרייכער און זיין „שטירמער" זענען אים נימאס און מיאוס. דזשאָוואַני אַנסאַלדאָ דערציילט, אַז ער האָט אַ לענגערע צייט געשמועסט

מיט שטרייכערן. יוליוס שטרייכער רעדט מיט רויער, גראָבער צופרידנקייט וועגן די צרות וואָס ער טוט אָן די יידן. עס שלאָגט פון אים אַ ריח פון בלוט. ער איז שטאָלץ, וואָס אויף זיין באַפעל האָבן נירענבערגער יידן געמוזט מיט די ציין אויסרייסן דאָס גראָז פון שטאַטישן פּאַרק.

שטרייכער טראַכט וועגן גאָרנישט, ער האָט נישט קיין שום אידעען, קיין שום אָנשויונג, קיין שום פּראָגראַמען, ער האָט איין „אידעאַל" — אַנטיסעמיטיזם.

אָבער — שרייבט דזשאָוואַני אַנסאַלדאָ — מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נישט שטרייכער דיריגירט מיט יידן, נאָר — דער יידנהאַס הערשט איבער אים. שטריי־כער איז אַ געפאַנגענער פון זיין אַנטיסעמיטישערווילדקייט און ער קען זיך מער פון דער געפאַנגעניש נישט אַרויסקריגן... די שׂינאה האָט אויף אַ מוראדיקן אופן צעדרייט און פאַרקריפּלט זיינע געהירן, און איך האָב טיף מיטגעפיל מיטן דאָזיקן קרבן פון האַס — פאַרענדיקט דזשאָוואַני אַנסאַלדאָ.

פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט אין נירענבערג זיך נישט געקענט באַגיין אָן דער יידישער פּראָזע.

„די יידישע קולטור איז פאַרדאַרבנדיק... קעגן יידישן פּאַראַזיטן־איינפלוס מוז גיין אַ מלחמה... דאָס יידנטום איז אונדזער שׂונא"...

אָבער איך צווייפל, צי עס וועט זיך קוים איין ייד געפינען, וואָס זאָל פונעם דאָזיקן שונד פון דער „פּאַרטיי־נאַכט" זיך פּילן געטראָפן.

דאָס זענען עס די, וואָס שטייען קעגן אונדז?

שטרייכערן געפעלט נישט די יידישע קולטור?

אַ, זייער שלעכט וואָלט געווען, ווען זי זאָל אים יאָ געפעלן!...

טיף שעמען וואָלט מען זיך געדאַרפט און אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ פאַר חרפּה, ווען אַזאַ שטרייכער צי אַנדערע נירענבערגער העלדן וואָלטן זיך דערקלערט פאַר פריינד פון יידן...

אַל דאָס שמוציקע, אַל דאָס מנוולדיקע מוז זיין קעגן אונדז...

# די צוויי הונדערט מנוּוולים פון רומעניע

די ידיעה האָט אין ערשטן מאָמענט זיך אויסגעוויזן אומגלויבלעך.

אַ ייט״אַ־מעלדונג האָט איבערגעגעבן אַז אין בוקאַרעשט, אין רומעניע, האָבן צוויי הונדערט יידן באַשלאָסן אָװעקצוגיין פון יידישן פאָלק. צוויי הונדערט יידן — רייכע סוחרים, גרויסע אינדוסטריעלער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן — האָבן באַשטימט זיך צו שמַדן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, פרויען און קינדער. זיי האָבן זיך שוין אויך געווענדט צו די קירכע־פאַטערס אין רומעניע מיט דער ביטע זיי אַרונטערצונעמען אונטער די פליגל פון קריסטלעכן גלויבן. זיי האָבן אַפילו צוגעזאָגט אויפצובויען אַ קירך אין בוקאַרעשט. און מן־הסתם וועט זייער ביטע דערפילט ווערן. מען קען זיך ריכטן, אַז גאָר אין קורצן וועט פאָרקומען דער פייערלעכער טויף־צערעמאָניאַל פון די צוויי הונדערט אַפּטריניקעס...

אוממעגלעך האָט אויסגעזען אין ערשטן מאָמענט די דאָזיקע ידיעה. שטאַרק און שטאַרק אומגלויבלעך.

אָבער — ליידער, אין די באַריכטן וואָס קומען איצט פון רומעניע ווערט געזאָגט: אַלץ, וואָס איז אין דער ידיעה דערציילט געוואָרן, איז אמת. אַזאַ ווענדונג צו די קירכע־פאַטערס איז געשיקט געוואָרן. אַזאַ שמַד־באַוועגונג איז דאָ. אַזעלכע צוויי הונדערט מנוּוולים לעבן ווירקלעך אין בוקאַרעשט...

משומדים ? — משומדים אין 1937 ?

צי האָט עמעצער פון אונדז געקענט דערוואַרטן, אַז נאָך היינט זאָל דאָס טויף־וואַסער פאַרמאָגן פאַר געוויסע יידן אַ רייץ, אַז נאָך היינט זאָל דאָס געשעפט „לוינען״ ?

שמַד איז אַלע מאָל געווען אַ „קאַלקולאַציע״, אַ ניכטערע אויסרעכענונג. דער מין משומדים „אויס אידעע״, אָדער „אויס איבערצייגונג״ איז, דאַכט זיך, אין אונדזער געשיכטע בכלל נישט בנימצא. פרייוויליקער שמד איז אין אַלע צייטן געווען נישט מער ווי אַ מגושמדיקער מאַטעריאַליסטישער חשבון. אויף דער יידישער גאַס האָט געהערשט רעכטלאָזיקייט. פאַר יידן זענען אַלע טויערן געווען פאַר־

שפּאַרט. דער משומד האָט מיט זיין טויפשיין זיך געעפנט אַ וועג צו דער וועלט. צום געגוס פון דער וועלט. צו די גליקן פון דער וועלט. קאַריערע — פאַר אַלע דעגענעראַטן אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער איז זי און נאָר זי געווען די טרייבקראַפט. קאַריעריסטן זענען געווען די משומדים אין אַמאָליקן דייטשלאַנד, אין אַמאָליקן פראַנקרייך, אין אַמאָליקן פּוילן. קאַריעריסטן זענען געווען די משומדים אין די לעצטע תּקופות. קאַריעריסטן זענען געווען די משומדים פון צאַרישן רוסלאַנד, די ברודיקע נפשות האָבן אויסגערעכנט, אַז עס לוינט זיך בעסער צו געהערן צו די, וואָס זענען שטאַרק און מעכטיק, איידער צו די, וואָס זענען שוואַך און רעכטלאָז. צווישן שטאַרקע לעבט זיך בעסער, באַקוועמער...

אָבער ביים היינטיקן טאָג ענדערן דעם גלויבן? — צי איז דען נאָך צו מאָל איצט דער שמד אַ שפּרונג צו קאַריערע? — צי פאַרפאָלגט נישט דער היטלעריסטישער אַריער־פּאַראַגראַף די משומדים (ביזן פערטן דור!) מיט דער רשעות, וואָס ער פאַרפאָלגט יידן? — צי ווערן נישט איצט די משומדים אַראָפּגענידערט צו דער זעלבער שטופע וואָס יידן? — און צי שטייט נישט אויך דער אַנטיסעמיטישער לאַגער אין רומעניע אונטערן איינפלוס פון היטלעריזם, צי האָט נישט דאָרט די אַנטיסעמיטישע קוזאַ־פּאַרטיי איבערגענומען דעם ראַסן־אַנטיסעמיטיזם און צי פאַרוועהרט זי נישט אָנצונעמען פאַר פּאַרטיי־מיטגלידער אַפילו געשמדטע יידן?

צי איז ביים היינטיקן טאָג שמדן זיך — בלויז אַ פאַרברעכן, אַ געמיינער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער פאַרראַט? — צי איז דאָס נישט אויך אַ — אַ טפּשות?...

אָבער — אָט איז אַן איבעריקער באַווייז ווי ווייניק לאָגיש עס איז איצט די „לאָגיק".

אין די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס זענען לעצטנס געזאַמלט געוואָרן וועגן די יידן אין היטלער־דייטשלאַנד, באַווייזן די ציפערן, אַז אין יאָר 1933 — אין יאָר ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט — האָט זיך דער שמד צווישן די דייטשע יידן נישט אָפּגעשטעלט. אין דאָזיקן יאָר האָבן די משומדים, דאַכט זיך, דייטלעך געהערט, אַז צי זיי ווילן יאָ, צי זיי ווילן נישט, פאַר יידן וועלן זיי באַטראַכט ווערן, און דאָך זענען טויזנט יידן אַריבער אין יענעם יאָר צום פרעמדן גלויבן. טויזנט יידן האָבן פאַרלאָזט די יידישע מחנה זענען אַוועק צום שונא און דערדריקער. טויזנט יידן — נישט געווען אין דער גאַנצער געשיכטע פון די דייטשע יידן אַ יאָר פון אַזאַ שמד־מגפה!

נאַטירלעך: עס זענען געווען פון דער צווייטער זייט אויך זייער פיל פאַרקערטע פאַלן. ביי דערוואַקטע און פאַרפרעמדטע האָט צוליב די מוראדיקע יידן־רדיפות אויפגעוואַכט דער יידישער באַוווסטזיין. „עכטע" דייטשן האָבן דער־

שפּירט אָן עקל צום דייטשנטום און זיך צוגערוקט נאָענט צום יידישן פאָלק. פאַר־בלאָנדזשעטע האָבן פאַרשטאַנען דעם זין פון די געשעענישן און זיך אומגעקערט צום יידישן מקור, אָבער נישט בלויז צוריקקומענדיקע זענען געשטאַנען אויף די דייטשע שליאַכן אין יאָר פון בושעוועדיקן היטלעריזם, נאָר אויך פרישע אַוועק־גייענדיקע. די ציפערן זענען אומברחמנותדיק, און זיי רעדן קלאָר און דייטלעך: היטלער האָט נישט בלויז אין יידן הרהורי־תשובה אַרויסגערופן, ער האָט אויך — שוין בלויז אין ערשטן יאָר פון זיין מאַכט — טויזנט יידן געפירט צו שמד...

מיט וואָס דערקלערט זיך די דאָזיקע אַזוי משונהדיקע און אומפאַרשטענדלעכע דערשיינונג? — איך מוז מודה זיין, אַז זינט איך האָב די סטאַטיסטיק געלייענט, האָב איך אַ סך איבער דער פראַגע געטראַכט. איך האָב געזוכט פאַרגלייכן, אַנאַ־לאָגיעס. איך האָב געבלעטערט אין פאַרשידענע שמד־תקופות. אָט איז די פינצטערע צייט פון די פראַנקיסטן. עס זענען דעמאָלט געווען פאַר די יידן אין פוילן, אין אוקראַינע צייטן פון צרות. און אַ סך יידן זענען אַנטלאָפן פון דער יידישער מחנה. אַ סך פון די פאַררעטערס זענען דערנאָך געוואָרן ביטערע שונאים פון יידן, זענען אַליין געוואָרן באַדריקערס פון יידנטום. אַ רייע פראַנקיסטן זענען אַרויסגעטראָטן קעגן יידן אַלס עדות אין באַקאַנטן ווייסלאָוויצער בלוט־בלבול. אַ רייע דעגענעראַטן האָבן אַרויסגערופן יידן אויף עפנטלעכע וויכּוחים, אין וועל־כע זיי האָבן זיך אונטערגענומען צו באַווייזן די „ריכטיקייט" פון עלילת־דם. אָט זענען אַנדערע קריפּלען. פון פריִער, פון שפּעטער. דער רויער קצב־יונג פּעפער־קאָרן, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל אַלס „יידן־קענער" באַוויזן. בראַפּמאַן, דער משומד מיט די פאַרקריפּלטע געהירן, וואָס האָט ברוטאַל געשטויסן מיט די שטיוול אין אייגענעם שטאַם. שמוציקע, עקלהאַפטע נפשות. אָבער דערפאַר — פּראַקטישע. אָהאָ, שוין אײן מאָל פראַקטישע... זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז מיט זייער „שפּרונג" וועלן זיי ערדישע רייכטימער דעראָבערן. גלחים וועלן זיך מיט זיי צאַצקען, קעניגן וועלן זיי פאַר ראַטגעבערס נאָמינירן. זיי וועלן מיט איין מאָל זיך באַפרייען פונעם שווערן יאָך פון די פאַרפאָלגונגען. וואָרום עס איז אמת, אַז זייער פיל מענטשן ווערן דורך ליידן געלייטערט, געשטאַרקט; אָבער עס איז אויך אמת, אַז צרות רופן אַרויס בהלה. שוואַכע כאַראַקטערן ווערן געבראָכן, אומווירדי־קע מענטשעלעך פאַלן אַריין אין אָפּגרונט פון שפלות.

אָבער וואָס קלערן זיך היינט די, וואָס גייען אַוועק? ווו איז זייער פּראַקטישע קאָמבינאַציע? צי באַהערשט זיי אַזאַ גרויסע זאָרג פאַר זייערע אור־אייניקלעך, צי ווילן זיי כאָטש „גראָספּאַטערס" פון ריינע אַריער זיין?

דער גוי דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז משומדים זענען פאַר אים פונקט אַזוי יידיש, ווי אמתע יידן, אַז ער וועט די משומדים רודפן גענוי ווי די יידן, און — מען לויפט דאָך אַריבער, מען לויפט אַריבער אין דייטשלאַנד, מען לויפט אַריבער אין רומעניע.

פֿאַרשטייט זיך: מיר זענען די לעצטע, וואָס וועלן אַ טרער לאָזן נאָך די צוויי הונדערט מנוולים פֿון בוקאַרעשט.

פּאַסקודניאַקעס, וואָס קענען דעזערטירן אין אַ צייט, ווען דאָס יידישע פֿאָלק לעבט איבער איינעם פֿון די טראַגישסטע מאָמענטן; נבזים, וואָס קענען אַנטלויפֿן אין אַ צייט, ווען די יידישע מאַסן ראַנגלען זיך הערויִש אין אַלע עקן פֿון דער וועלט פֿאַר זייער רעכט צו לעבן און צו עקזיסטירן — דאָס יידישע פֿאָלק נויטיקט זיך נישט אין אַזאַ אומנאַטירלעכן, ווילדן אָנוווקס. מיר פֿאַרגינען דאָס דאָזיקע פּוילעניש געוויין פֿאַר די פֿרעמדע. זאָל מען זיי אַרייננעמען, זאָל זיך מיט זיי פֿרייען ווער עס וויל נאָר!

דאָס יידישע פֿאָלק איז פֿאַרקלענערט געוואָרן אין צאָל דורך די פֿאַרשידענע שמד־עפּידעמיעס. אָבער עס איז דערפֿאַר געוואָרן אינערלעך פֿאַרפֿעסטיקט, אינער־לעך שטאַרק. דאָס יידנטום איז אַזוי אַרום געריייניקט געוואָרן פֿון אַלעם, וואָס איז קליין און שפּלדיק, וואָס איז שוואַך און פֿאַלש. אין דער יידישער מחנה זענען פֿאַרבליבן נאָר — די גיבורים. די גרויסע עקשנים פֿון גייסט, נישט וויכטיק איז, וואָס אין טאָג־טעגלעכן לעבן טרעטן די דאָזיקע גיבורים אַרויס ווי פּשוטע סטראַ־גאַן־הענדלערס, ווי שוסטערס פֿון פּשיטיק, ווי בהמות־הענדלערס פֿון טשיזשעוו — אין דער נשמה זענען די דאָזיקע מענטשן ווייט נישט קיין קרעמערס, און זיי וועלן נישט אַרויפֿלייגן אויף דער קרעמערישער וואָגשאָל די טיפֿסטע איבערצייגונ־גען פֿון הארץ, און זיי וועלן מיט דער נשמה נישט טרייבן קיין שענדלעכן שאַכער־מאַכער, כאָטש זיי וועלן וויסן, אַז אַ ייד זיין — באַטייט: אומקומען דורך אַ מערדע־רישער קלאָניצע...

די, וואָס זענען פֿון אונדז אַוועק אין רומעניע, זענען רייך, זענען געבילדעט, זענען „פּראָגרעסיוו" — אָבער קיין שום ייד וועט נישט פֿאַרברעכן די הענט איבער דער דאָזיקער קליקע און איבערן דאָזיקן ווערימדיקן אָפּפֿאַל.

אין טאָג, ווען דער טויף־פּאַראַד וועט פֿאָרקומען אין בוקאַרעשט, וועלן מיר אויפֿמישן אַן אַנדער קאַפּיטל אין אונדזער געשיכטע.

מיר וועלן דערמאָנען די הונדערטער קליינע קינדער, וואָס האָבן דעם גרוי־זאַמסטן פּיין אַריבערגעטראָגן, די שרעקלעכסטע יסורים אויסגעשטאַנען, און דאָך נישט געוואָלט ברעכן דאָס וואָרט, וואָס זיי האָבן געגעבן דעם טאַטן און דער מאַמען ביים צעשיידן זיך: מיר בלייבן יידן!

מיר וועלן דערמאָנען די — קאַנטאָניסטן.

מיר וועלן אויפֿמישן די זכרונות פֿון יעקב בן־גרשון יערמאַנאָוויטש. מיר וועלן דאָרט לייענען: „זיבן יאָר בין איך דאַן אַלט געווען. מ'האָט מיך אַריינגע־לייגט אין אַ שטרויזאַק, מ'האָט מיך צוגעבונדן צו אַ שטריק און אַראָפּגעלאָזט פֿון

די טרעפּ פון צווייטן שטאָק ביז אונטן אויפן פאַרטער אַראָפּ און דאַן צוריק אַרויפגעשלעפּט. מען האָט מיך מיט דעם שלעפּן אַזוי צעשלאָגן, אַז כ׳בין דער־נאָך געלעגן אַ האַלב יאָר אין שפּיטאָל. מ׳האָט צו מיר כּסדר געשריגן: שמד זיך, און מיר וועלן דיך מער נישט שלאָגן!... מ׳האָט מיך געשלאָגן און איך האָב מיט אַלע כּוחות געשריגן: ניין!...״

מיר וועלן דערמאָנען די פאַקטן וואָס עס גיט איבער משה שפּיגל פון איר־קוטסק: „מ׳האָט מיך געבאָדן אין טייך. דער סאָלדאַט האָט מיך איינגעטונקען אין וואַסער 10—15 מאָל נאָכאַנאַנד. כ׳האָב זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון סאָלדאַטס הענט, אָבער יענער האָט געשריגן: ,שמד זיך, וועל איך דיך באַפרייען!...׳ זעענ־דיק ווי איינגעשפּאַרט איך בין, האָט ער מיר ביים שערן געמאַכט זיבעצן וווּנדן אין קאָפּ...״

מיר וועלן דערמאָנען די פאַקטן, וואָס עס דערציילט דאָס קינד ישׂראל: „מ׳האָט געכאַפּט אַ קאַנטאָניסט מיט אַ טלית־קטן. דאַן האָט מען דעם טלית־קטן אונטער־געצונדן און מיט דעם פלאַם געברענט די ברעמען פון קאַנטאָניסט...״

מיר וועלן דערמאָנען די שילדערונג פון חיים פון סימבירסק: „מען האָט אויסגעהייצט די באָד און מען האָט אונדז — פּעריציק יונגע קינדער — אַריינגע־לאָזט און געהייסן אַרויפגיין אויף דער אייבערשטער באַנק. די סאָלדאַטן האָבן גע־גאָסן קאָכעדיק וואַסער, און מיר זענען געזעסן און שיִער נישט דערשטיקט גע־וואָרן. די סאָלדאַטן האָבן געפרעגט: ,קטאָ זשעלאַיעט קרעסטיטסיאַ׳, ווער וויל זיך שמדן? — מיר האָבן אַלע פאַרעקשנט געענטפערט: קיינער נישט...״

די קירכן־גלאָקן אין בוקאַרעשט וועלן קלינגען. אָבער מיר וועלן צו די טויף־העלדן אויסרופן:

— גוט, וואָס איר גייט אַוועק. איר זענט נישט ווערט, נישט ווערט צו גע־הערן צום פאָלק פון יעקב בן־גרשון יערמאָלאָוויטש, צום פאָלק פון משה שפּיגעל פון אירקוטסק און חיים פון סימבירסק...

## זאַל לעבן דער יידישער מיניסטער!

מיטן יידישן מיניסטער קלינגט איצט גאַנץ ענגלאַנד. צו אַלע זיינע טאַלאַנטן, פאַרמאָגט אויך דער יידישער מיניסטער דעם טאַלאַנט אַריינצופירן די שטייפע, מיושבדיקע ענגלענדער אין אַ צושטאַנד פון באַגייסטערונג. זיינע דרייסטע פאַר־אָרדענונגען האָבן גלייך נאָך זייער דערשיינען אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע אויפ־רודערונג אין דער בריטישער אימפעריע, אָבער אויך עפּעס אַן אומבאַשטימטע שרעק. מ׳האָט די אויפטועון פון „געניאַלן ייד" באַוווּנדערט, אָבער מ׳האָט וואָס ווייניקער געוואָלט וועגן זיי רעדן. ערשט איצט האָט מען אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. די פּאָפּולאַריטעט פון יידישן קריגס־מיניסטער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. וועלכע צייטונג, וועלכן זשורנאַל איר זאָלט נישט נעמען אין האַנט קענט איר זיכער זיין, אַז איר וועט דאָרט געפינען דעם נאָמען, וואָס טראָגט זיך לעצטנס פון אַלעמענס ליפּן, וואָס האָט מיט אומגעוויינלעכן שטורעם און אומגעוויינלעכן דערפאָלג דער־אָבערט די ענגלישע עפנטלעכע מיינונג — דעם נאָמען: לעסלי האָר־בעלישאַ. איר וועט אויך געפינען דאָס בילד פון האָר־בעלישאַ. אַ פּאָר קלוגע, יידישע אויגן, אַן אָפן, צעשמייכלט פּנים. און אַזוי פיל לעבנס־הונגער אין די אינטעליגענטע, כאַראַקטעריסטישע שטריכן.

עס איז דערגאַנגען דערצו: אַנומלט איז האָר־בעלישאַ אַרויסגעטראָטן אויף אַן אָוונט. דער יידישער עולם האָט דעם מיניסטער באַגריסט מיטן אויסרוף: „זאָל לעבן דער יידישער מיניסטער!"

אָבער אין זאַל האָבן זיך געפונען אויך ענגלענדער.

און — וווּנדער איבער וווּנדער — די ענגלענדער האָבן זיך נישט אויפגע־רעגט, זיי האָבן נישט פאַרביילט די פויסטן קעגן די „חוצפּהדיקע" יידישע ליאַרעם־מאַכערס, זיי האָבן אַפילו נישט באַליידיקטע און פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

די ענגלענדער האָבן אונטערגעכאַפּט דעם וויוואַט.

און אין זאַל האָט אָפּגעהילכט (געדענקט: אין יאָר פון נירענבערג און היטלע־ריזם, אין יאָר פון בושעוועדיקן אַנטיסעמיטיזם און געטאָ־בענק):

— זאָל לעבן דער יידישער מיניסטער!

ער וועט אַרייַן אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד — אַזוי האָט לעצטנס געשריבן וועגן דעם יידישן מיניסטער אַ באַדייטנדיקער ענגלישער פּובליציסט — ער האָט שוין איצט — אין עלטער פון 41 יאָר — פאַרצייכנט אַ בלאָט פון רום און באַגאַבונג פאַר אונדזער אימפּעריע...

ווען האָר־בעלישאַ איז פאַר עטלעכע חדשים באַשטימט געוואָרן אַלס קריגס־מיניסטער האָבן זיך געפונען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוּווט צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון אויסוואַל.

די מורמלערייען זענען נישט געווען אַ רעזולטאַט פון בעלישאָס יידישן אָפּשטאַם, אָבער זיי זענען געווען אַ פּראָדוקט פון אומצוטרוי צום יונגן מענטש אויפן שווערן, פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט.

לעסלי האָר־בעלישאַ האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין מיניסטעריום פאַר טראַנספּאָרט־וועזן. אמת: אין משך פון דריי יאָר, אין וועלכע ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון טראַנספּאָרט־מיניסטער, האָט ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן, אַ סך איניציאַטיוו און דאָס, וואָס פעלט אין די לעצטע יאָרן דער עיקר אין ענגלאַנד: יוגנטלעכער שווונג. אָבער צי איז דאָס נישט אַ צו ריזיקאַלישער שפּרונג פון קאַבינעט פון קאַבינעט פאַר טראַנספּאָרט־ענינים ביזן קאַבינעט פון קריגס־מיניסטער ? — צי איז דאָס נישט אַ ביסל צו פיל אמונה אין די יידישע פעיִקייטן, ווען מען טרויט דעם טראַנספּאָרט־מיניסטער אָן איינעם פון די וויכטיקסטע אַמטן אין לאַנד, די אויפזיכט איבער דער אַרמיי, איבער די באַוואָפנטע קרעפטן, בפרט — אין אַזאַ גורל־שעה, ווי איצט, אין אַ צייט, ווען אין ענגלאַנד ווערט אַדורכגעפירט אַ האַסטיקע באַוואָפענונגס־אַקציע, ווען עס ווערן כּלערליי מיטלען אָנגענומען צו הייבן די מאַכט און פּרעסטיזש פון ענגלישן מיליטער ?...

אָבער מיט קוים אייניקע שריט האָט האָר־בעלישאַ אַוועקגעיאָגט יעדן שאָטן פון צווייפל.

אין אַלע אַרטיקלען און אָפּרופן ווערט וועגן דעם יידישן מיניסטער גערעדט מיט רעספּעקט.

האָר־בעלישאַ האָט אין אַ פּאָר חדשים ממש אַן איבערקערעניש געמאַכט אין דער אַרמיי־אָנפירונג. ער האָט דערוויטערט די אַלטע, אויסגעדינטע גענעראַלן. ער האָט אַריינגעברענגט פרישע, ענערגישע, לייסטונגס־פעיִקע מענטשן. ער איז דער פאַרייִנגערער פון דער בריטישער אַרמיי. דער פאַרייִנגערער, דער „רעוואָלוציאָנער" — אין אַ מלוכה, וווּ מען שיידט זיך נישט אַזוי גיך מיט טראַדיציע און וווּ קאָנסערוואַטיוויזם איז אַ נאַציאָנאַלע פאָלקס־אייגנשאַפט.

האָר־בעלישאַ האָט געוואַגט. ער האָט געוואַגט אין נאָמען פון די מלוכה־אינטערעסן. זיין קאַריערע איז געשטאַנען אין קאָן. אָבער איצט ווערט בעלישאָס טאַט מיט פאַרערונג אָפּגעשאַצט.

אינטערעסאַנט איז, אַז עס ווערט ביי דער געלעגנהייט אויפגעמישט אויך דאָס

צעטל פון אַמאָליקע יידישע מיניסטאָרן אין ענגלאַנד. נײן. ענגלענדער שעמען זיך נישט. ענגלענדער פאַרבאַהאַלטן נישט, אַז דער יידישער זשעני האָט אַ גרויסן צושטייער צוגעטראָגן צום וווּקס פון דער בריטישער אימפּעריע. האָר־בעלישאַ ווערט גערופן: „ד׳איזראַעלי נומער צוויי״. ווער ד׳איזראַעלי איז געווען? — דאָס ענגלישע פּובליקום ווייסט עס גאַנץ גוט. דער אָנדענק פון ד׳איזראַעלי איז נאָך גענוג פריש צווישן ענגלישן פאָלק. אין טאָג פון זיין יאָרצייט, שטעקן די ענגלענדער אַריין אין לאַץ דאָס בלימל, וואָס ד׳איזראַעלי האָט אַלע מאָל ביי זיין לעבן געטראָגן. איבעריקנס, לוינט דען צו קאַרגן ווערטער?.... ד׳איזראַעלי איז געווען דער געניאַלער ענגלישער פּרעמיער פון פאָריקן יאָרהונדערט, דער בויער פון דער אימפּעריע, דער, וואָס האָט אַרויסגעפירט די ענגלישע פּאָליטיק אויף די מזרח־שליאַכן, קיין אינדיע, עגיפּטן, אַראַביע. און צי איז דען ד׳איזראַעלי דער איינציקער, וואָס איז פון דער יידישער גאַס געקומען און זיין טאַלאַנט אַוועקגעגעבן פאַר גרויס־בריטאַניע? — צי איז נישט געווען אַ ייד אַלפרעד מאָנד, וואָס האָט ערשט־ראַנגיקע לייסטונגען פאַר דער ענגלישער עקאָנאָמיק? — צי איז נישט אַ ייד געווען לאָרד רידינג, דער וויצע־קעניג פון אינדיע, וואָס האָט מיט אַזוי פיל פאַר־שטאַנד און פּאָליטישער קונסט פאַרוואַלטעט איבערן פאָלק פון דריי הונדערט מיליאָן?...

האָר־בעלישאָ פּאַסט זיך אַריין אין דער משפחה פון גרויסע טאַלאַנטן. ענגלאַנד איז שטאָלץ מיט איר נייעם יידישן מיניסטער.

עס איז אַ פאַקט: נישט בלויז אַ געטאָ־בלאַט איז דאָ אין דער יידישער גלות־געשיכטע. נישט בלויז דאָס קאַפּיטל פון שאַנד און רדיפות, פון באַליידיקונג און געלער לאַטע. עס איז דאָ אויך אַ קאַפּיטל, וואָס רופט זיך: יידישע מיניסטאָרן.

דאָס קאַפּיטל באַווייזט נישט, אַז אין דער גלות־געשיכטע זענען דאָ גענוג תקופות פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס קאַפּיטל באַווייזט נישט בכלל אויף יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס קאַפּיטל יידישע מיניסטאָרן — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען — איז אַ גאַנץ נאַטירלעך רינגעלע אין דער קייט פון יידישער ר ע כ ט ל אָ ז י ק י י ט...

היינע האָט אַ מאָל געזאָגט: רעדט מיר נישט וועגן יידישע מיניסטאָרן. רעדט צו מיר נישט וועגן דעם, אויב איר ווילט נישט, אַז איך זאָל אַריינפאַלן אין אומעט. וואָרום דווקא די יידישע מיניסטאָרן דערציילן מיר, ווי זעלטן וועלכער ווייטיק־ליכער פאַל, וועגן יידישער קריוודע און יידישער רעכטלאָזיקייט...

וואָרום — אַלע יידישע מיניסטאָרן פון פאַרצייטנס און פון היינט, פון אַ מאָל און פון איצט, פון ענגלאַנד צי פון דייטשלאַנד, זענען אַלע געווען זשעניס. וווּנדער־מוחות. דאָס זענען אַלע געווען יידן, וואָס זייער טאַלאַנט האָט דאָס לאַנד באַין־אופן

זיך נישט געקענט אָפּזאָגן. און דאָ איז דאָס טרויעריקע. דאָס נישט גלייכע, אַ גוי מוז נישט האָבן אַ ספּעציעלן טאַלאַנט כּדי צו ווערן אַ הויכער מלוכה־מאַן. ער האָט בפירוש דאָס רעכט צו זיין דערביי דורכשניטלעך, טעמפּ, נאַריש. דער ייד מוז, כּדי צו ווערן מיניסטער — אַ מיניסטער־קאָפּ פאַרמאָגן...

און דעריבער האָט טאַקע גאַנץ אָפּט פּאַסירט, אַז ווען אַ קעניג אָדער אַ פירשט האָבן פאַרטאַכלעוועט זייער פאַרמעגן, האָבן מיט זייער לייכטזין און טעמפּקייט דאָס לאַנד דערפירט צו רויַן — איז דער ייד איינגעלאַדן געוואָרן זיך צו שטעלן ביים רודער.

דער ייד האָט באַדאַרפט דאָס לאַנד אַרויסראַטעווען דאַן, ווען אין דער גאַנצער מדינה איז שוין נישט געווען קיין גוי, וואָס זאָל זיך אונטערנעמען אַרויסצוציִען דעם מלוכה־וואָגן פון זומפּ.

אין די סאַמע פינצטערע מיטל־עלטער־צייטן, אין מיטן די אומהיימלעכסטע גרויל־תקופות, זענען געווען יידישע מיניסטאָרן.

יידישער שאַרפזין, יידישע באַגאַבונג, יידישער מוח האָט אַדורכגעבראָכן די דיקע מויער פון שׂינאה און פאַראורטייל.

און דאָס האָט אויסגעזען אַזוי משונהדיק מאָדנע, ווי איינער פון די מערקוויר־דיקסטע גלות־קוריאָזן. די יידישע מאַסע איז באַגרענעצט געווען אין אירע רעכט, אין איר באַוועגונג, אין איר אָטעם, די יידישע מאַסע איז ווי דער מצורע געווען, וואָס איז אין פינצטערע, שטיקנדיקע הינטער־געסלעך איינגעשלאָסן, ווי דער מצורע, צו וועלכן אַ מענטש פון דער „לייטישער" קריסטלעכער געזעלשאַפט טאָר נישט זיך צורירן, אָבער — אין הויף פון קעניג, פון פירשט, האָט זיך געדרייט אַ מיניסטער, מיט אַזאַ פאַרהויקערט־יידישער נאָז, מיט אַזעלכע טיפּע יידישע אויגן, מיט אַזאַ הויכן יידישן שטערן, אַ מיניסטער, וואָס האָט אָפּט דעם געטאָ־אַקצענט, די געטאָ־אויסשפּראַך מיט זיך געטראָגן...

(ליידער! — פּלעגט דער קעניג זיך פאַרענטפערן פאַרן גלח — איך באַדויער עס זייער, וואָס אין אונדזער סביבה פאַרקערט דער ייד, אָבער וואָס קען איך מיר העלפן ?...)

איר ווייט אין די געשיכטע־ביכער געפינען, אַז דער ייד יצחק האָט דערפילט דיפּלאָמאַטישע שליחותן פאַרן באַרימטן מאָנאַרך קאַרל דעם גרויסן, אַז אין אַנטי־סעמיטישן ביזאַנטיום האָט אַ ייד מיטן נאָמען חזן פאַרנומען חשובע רעגירונגס־שטעלעס, אַז דער צאַר איוואַן דער דריטער האָט מיט באַגאַבטע יידישע מלוכה־מענער זיך באַנוצט, אַז אין שפּאַניע — סאַמע ערב דעם גירוש, ווען עס איז שוין איבערן לאַנד געפאַלן דער ווילדער אָפּשיין פון דער פאַרשאָלטענער אינקוויזיציע — איז בראש פון דער פאַרוואַלטונג מיט די מלוכה־פינאַנסן געשטאַנען דון יצחק אַבּרבּנאַל, אַז אויפן הויף פון ווירטעמבערג איז מיניסטער געווען יוסף זיס אָפּענ־היימער...

איר וועט נאָך אפשר זיך אָנטרעפן אויף יידישע מיניסטאָרן אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט. פון די בלעטער פון דער נייער פראַנצויזישער געשיכטע גלאַנצן אַראָפּ די נעמען פון די יידישע מלוכה־מענער — קרעמיע, פולד, ריינאַל, גאַדזשאַר, פון דער איטאַליענישער — מאַנין, לוצאַטו, פון דער דייטשער — ראַטענוי...

איר וועט מיט יידישע מיניסטאָרן זיך באַגעגענען שפּאַצירנדיק אין די אַלייען פון דער פוילישער היסטאָריע. איר וועט זיי באַגעגענען פּאַרצייטנס. איר וועט אַפילו אין דער געשיכטע פון נייעם פוילן. ווען דער ווינט פאַר אַ יידישן מיניסטער איז דאָך אַזוי נישט גינסטיק און אַזוי נישט פריינדלעך געווען, באַגעגענען — שמעון אַשכּנזין...

און אויב עס זענען פאַרצייכנט געוואָרן די יידישע פאַרדינסטן אויף אַלע געביטן פון דער קולטור און ציוויליזאַציע, איז דאָך אַן עוולה פאַר וואָס עס פעלט ביז איצט אַן אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן די פּאָליטישע לייסטונגען פון די יידן פאַר די לענדער אין וועלכע זיי וווינען, פאַר וואָס עס איז נאָך נישט אַרומגערעדט געוואָרן, וויפל טאַלאַנט און יידישן מוח עס ליגן אין די ציגל, אינעם בנין פון יעדער מלוכה און יעדן לאַנד...

צי האָבן מיר געהאַט נחת פון „אונדזערע״ יידישע מיניסטאָרן? — צי האָט די יידישע מאַסע עטוואָס געגאָסן פון די אַלע יידן, וואָס זענען צו אָנפירנדיקע מלוכה־אַמטן דערהויבן געוואָרן? — מיר קענען דעם ענטפער געבן: אינעם רוב פאַלן נישט. ניינציק פראָצענט נישט.

וואָרום מיט גאַנץ־ווייניקע אויסנאַמען זענען די יידישע מיניסטאָרן געווען: יידן — מיניסטאָרן, און דאָס אַלץ.

דאָס הייסט: יידן לויט דעם אָפּשטאַם, לויט דער מעטריקע, אָבער נישט יידן — מיט האַרץ, מיט אינערלעכער וואַרעמקייט און אינערלעכער איבערלעבונג.

דער טיפּ אַבּרבנאַל, דער טיפּ פון אַ יידישן מיניסטער, וואָס פאַרבלייבט אויך אויף די העכסטע שפּיצן פון דער קאַריערע אַ ייד, מיט דער יידישער מאַסע גע־בונדן, מיט דער יידישער מאַסע געקניפּט, טרעט זייער זעלטן אַרויס אין דעם קאַפּיטל פון יידישע מיניסטאָרן.

פאַר דער פרעמדער גוייִשער וועלט זענען אַוועק נישט בלויז זייערע טאַלאַנטן, זייערע פעיִקייטן, זייער שעפערישקייט. צו דער פרעמדער גוייִשער וועלט, צו דער פרעמדער קולטור, זענען זיי אַליין אַוועק.

עס איז די יידישע מיניסטאָרן פרעמד געווען דאָס יידישע פאָלק, די זאָרג פון פאָלק, די נויט פון פאָלק.

און מיט יעדן טאָג, וואָס דער יידישער מיניסטער האָט זיך צוגערוקט נענטער

צו דער קעניגלעכער סביבה, איז ער אַלץ ווייטער און פרעמדער געווען פאַר דער יידישער גאַס.

אָבער די גאַס האָט מיטן יידישן מיניסטער כּסדר געלעבט.

זי האָט דעם יידישן שׂר אַרומגערינגלט מיט אַ גירלאַנדע פון לעגענדעס.

אין די טריבע, אומעטיקע געטאָ־אָוונטן האָט דער יידישער מיניסטער אַריינגעשפּאַצירט אין געטאָ. אין אַ לעגענדאַרן פורפור־מאַנטל. מיט פינקלענדיקע בריליאַנטן און דימענטן אויף די פינגער. מיט מאַיעסטעטישער, קעניגלעכער ווירדע.

ער האָט אַריינגעשפּאַצירט... און די געשפּרעכן פון די פאַרחושכטע יידן... עס האָבן אים געזען בלויז... די צעפינקלטע, צעגליטע יידישע אויגן אין טריבן געטאָ־אָוונט.

זאָלן פּסיכאָלאָגן זיך גריבלען אין דער פראַגע, צוליב וואָס דער געטאָ־ייד האָט כּסדר זיך פאַראינטערעסירט און כּסדר געאָטעמט מיט דעם יידישן מיניסטער, וועלכער איז על־פּי־רוב געווען גלייכגילטיק צו די יידישע נויטן.

זאָלן פּסיכאָלאָגן פּרווון דערקלערן, פאַר וואָס עס איז אַזאַ יום־טוב־שטימונג אַריינגעטראָטן אין דער גאַנצער יידישער וועלט אין יענעם שבת, ווען סער הערבערט סעמועל — דאַן דער הויכקאָמיסאַר אין ארץ־ישׂראל — האָט אין דער שול פון רבי יהודה החסיד אין ירושלים געלייענט די הפטרה, פאַר וואָס יידן האָבן אין יענעם שבת פאַרגעסן אין די אַלע עוולות, וואָס ווערן קעגן יידישן ישוב אָפּגעטאָן טאַקע דורך הערבערט סעמועל, פאַר וואָס יידן האָבן אין יענעם שבת פאַרגעסן, אַז סעמועל טראָגט די שולד פאַר אַ רייע שווערע אַנטי־יידישע געזעצן.

זאָלן פּסיכאָלאָגן זיך חקרענען, ווו און וועלכע קעמערלעך פון דער נשמה, זענען פאַרבליבן די פעדים וואָס פאַרבינדן דעם מאַסן־ייד מיטן פאַרגוייִשטן יידישן מיניסטער...

זאָלן זיי באַגרינדן פאַר וואָס האָט די מערדערישע קויל, וואָס איז אין 1922 אין בערלין אַריינגעשאָסן געוואָרן אינעם יידישן אינערן־מיניסטער וואַלטער ראַטענוי — דער מיניסטער וואָס האָט אַבסאָלוט פון יידן און יידנטום נישט געוווּסט, דער מיניסטער, וואָס האָט אַ משונהדיקע טעאָריע געשאַפן, אַז די דייטשע ראַסע איז העכער ווי די יידישע ראַסע — פאַר וואָס האָט די דאָזיקע קויל דערשיטערט אויך די יידישע וועלט און אַרויסגערופן אַזאַ טראַגישן אָפּקלאַנג אין קלענסטן יידישן שטעטל...

זאָלן פּסיכאָלאָגן ענטפערן, פאַר וואָס איז דער גורל פון שמעון אַשכּנזי — דער דערוויטערטער, אָפּגעפרעמדטער, אַסימילירטער ייד — אין די לעצטע איינזאַמע יאָרן פון זיין לעבן אַזוי נאָענט געווען אונדז אַלעמען...

מיר ווילן זיך נישט גריבלען. מיר ווילן זיך נישט חקרענען. פאַר אונדז איז דאָס — אַ פאַקט. און גענוג.

מיינער אַ פריינד — אַ ייד אַ ניכטערער און שרעקלעכער — אָ, ווי שרעקלעכער בעל־חשבון — האָט זיך די טעג מיט מיר אויסגעטענהט:

— איך פאַרשטיי נישט, הלמאי, איר יידישע צייטונגס־מענטשן, צעפּויקט אַזוי איטלעכע ידיעה וועגן אַ ייד, וואָס פאַרנעמט ערגעץ־ווו דעם אַמט פון מיניסטער...

איך האַלט, אַז מיר דאַרפן מיט פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט זיך באַציִען צו דעם ענין.

איך טייל נישט די שׂמחה פון דער יידישער מאַסע צוליב דעם, וואָס אין פראַנקרייך רעגירט לעאָן בלום, וואָס אין ענגלאַנד איז האָר־בעלישאַ דער פירער פון קריגס־מיניסטעריום, אָדער וואָס אין ניו־יאָרק פאַרנעמט דעם הויכן גובער־נאַטאָר־אַמט דער ייד הערבערט לעהמאַן...

איך טייל נישט די צופרידנקייט, הגם די דאָזיקע מלוכה־מענער זענען בעצם גאַנץ סימפּאַטישע מענטשן, זיי שעמען זיך נישט מיט זייער יידישן אָפּשטאַם, לעאָן בלום שטרייכט מיט שטאָלץ אונטער זיין צוגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, האָר־בעלישאַ איז גבאי אין אַ ספרדישער שול אין לאָנדאָן, לעהמאַן רעדט מיט ענטו־זיאַזם אַפילו וועגן דער רעליגיעזער יידישער טראַדיציע...

איך טייל נישט די אַלגעמיינע צופרידנהייט, ווייל ערשטנס האָבן מיר למעשׂה גאָרנישט פון דעם אַלעם. אונדזער לאַגע דאָ ווערט צוליב די יידישע מיניסטאָרן אַ האָר נישט לייכטער און בעסער...

און צווייטנס: פון בלומס צי בעלישאָס דערפאָלגן, האָבן מיר טאַקע גאָרנישט. אָבער זאָלן זיי, חלילה, ליידן אַ דורכפאַל, דאַן וועט זיך דאָס אויסגיסן אויף אונדזערע קעפּ. מיר וועלן זיין די שותפים אין דער צרה. מיר וועלן ווי מיט־פאַראַנטוואָרטלעכע באַטראַכט ווערן. נישט איין מאָל איז שוין געווען אַזאַ ביטערע לעקציע. נישט איין מאָל איז שוין די יידישע גאַס פאָגראָמירט געוואָרן צוליב די זינד פון אַ ייד אַ מיניסטער...

אַזוי האָט מיר געזאָגט מיין ניכטערער פריינד.

אָבער איך לייען איצט די ענטוזיאַסטישע אַרטיקלען אין די יידישע צייטונגען וועגן דעם יידישן מיניסטער, און איך וויל דעם ניכטערן חשבון נישט מאַכן.

גראָד אין די איצטיקע טעג פון בושעווענדיקער אַנטי־יידישער העצע, זענען די בלומס, די בעלישאָס, די לעהמאַנס, פאַר אונדז אַ גרויסע סאַטיספאַקציע.

אויב דאָ האַלט זיך יעדער זאַמד־שייגעץ פאַר „העכער" און „ווערטפולער", ווי דער ייד, אויב דאָ באַטראַכט זיך יעדער לאַנד־טיפּש פאַר קליגער און באַגאַבטער ווי דער ייד, זענען דאָך נאָך דאָ ערטער, ווו יידישע לייסטונגען ווערן אָפּגעשאַצט, ווו יידישע פעִיקייטן ווערן רעספּעקטירט, ווו יידישער זשעני ווערט באַוווּנדערט.

ענגלענדער האָבן געשריִען וויוואַט לכבוד אַ יידישן מיניסטער. לאָמיר אויך אויפהייבן אונדזער אויסרוף. (און נישט וויכטיק איז, צי עס וועט אין אונדזער אויסרוף טאַקע זיין דאָס געפיל פון פרייד, אָדער גיכער דאָס געפיל פון אַלטער, דורותדיקער טראַציקייט):

— זאָל לעבן דער יידישער מיניסטער!...

# הוראַ אָדער — געזעצליכקייט?...

אַ נומלט זענען עטלעכע הונדערט יוריסטן זיך צונויפגעקומען אין פּאַריז; ריכטערס, פּראָקוראָרן, פּאַרטיידיקערס, יושבי־דין, געזעץ־געבערס פון פאַרשידענע לענדער. געקומען אָפּהאַלטן אַ קאָנגרעס.

גאַנץ פאַרשטענדלעך. יוריסטן דערפילן אַ וויכטיקע, איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע פונקציעס אין דער געזעלשאַפט. די באַציִונגען צווישן די מענטשן קענען נישט אַנדערש רעגולירט ווערן, ווי נאָר אויף רעכטלעכע יסודות. רעכט — איז דער פונדאַמענט פון אַ פרידלעכער אָרדענונג אין דער וועלט. די יוריסטן מעסטן אויס גערעכטיקייט. אין זייער האַנט געפינט זיך די רוט פון משפט. און אויב עס האַלטן אָפּ צוזאַמענפאָרן דאָקטוירים, פסיכאָלאָגן, קליינהענדלערס, האָבן זיכער אַ רעכט דערצו — יוריסטן.

בפרט, אין דער היינטיקער צייט, היינט מוז אַן אינטערנאַציאָנאַלער יוריסטן־קאָנגרעס געווינען אַ באַזונדערע באַדייטונג. מיר לעבן אין אַ תקופה, ווען אין די עיקר־באַגריפן פון רעכט קומט פאָר אַן איבערקערעניש, ווען אָנשויונגען, וואָס דאַרפן פאַרפליכטן ביי אַלע ציוויליזירטע פעלקער, ווערן צעבראָכן לעיני השמש. פּרינציפּן וואָס זענען גילטיק שוין זיבנט הונדערטער יאָרן, ווערן מיט אַ מאָל אָפּ־געוואָרפן, אויסגעלאַכט, געשענדט, און עס ווערן אָפּגעמעקט די גרענעצן צווישן דעם, וואָס עס איז נישט דערלויבט.

אינעם יוריסטן־לשון הייסט עס: אַ קריזיס פון רעכט קומט פאָר.
דאָס רעכט ענדערט זיך...

אונדז איז — וואָס אַן אמת — שווער אַזאַ זאַך צו באַגרייפן.

וואָס הייסט עס אַזוינס: „דאָס רעכט מאַכט דורך אַן ענדערונג?“ — נישט צו פאַרשטיין!

ביי אונדז איז געזעץ אַ סטאַבילע זאַך, ווו יידן זאָלן נישט זיין, ווער עס זאָל נישט זיין דער שופט, ווען דאָס זאָל נישט געשען — אומעטום, אַלע מאָל, מוז דאָס זעלבע געטאָן ווערן: עפענען דעם רמב״ם, דעם חושן משפט, נאָכזען די

סעיפים, פאַרטראַכטן זיך אינעם גייסט און אינעם זין פון די סעיפים, און דאַן — אַרויסגעבן דעם אורטייל... דאָס רעכט שווימט נישט מיטן שטראָם פון דער צייט. רעכט איז בכלל נישט קיין פליסנדיקע מאַטעריע. רעכט באַדייט: גערעכטי־קייט, „משפט" איז ענג צונויפגעפּאָרט מיט „צדק", משפט איז געקנאָטן מיט „אמת". ווייל אויב נישט, ווערט ער אַ „משפט שוא", אַ פאַלשער משפט, און ער הערט בכלל אויף צו זיין אַ משפט... נישטאָ אַ גערעכטיקייט אויף היינט און אַ גערעכטי־קייט אויף מאָרגן. מענטשלעך לעבן איז אין אַלע צייטן הייליק. אַן עוולה איז שטענדיק אַן עוולה. אַ פאַרברעכן איז שטענדיק אַ פאַרברעכן. גערעכטיקייט איז — אַבסאָלוט. פאַר גערעכטיקייט מוז מען זיין גרייט צו ברענגען קרבנות. און מיר האָבן קרבנות געבראַכט...

יאָ. אַזוי איז עס ביי אונדז. אָבער אַ שפּאַר ביסל אַנדערש גייט עס צו אין דער גויִישער וועלט.

אין דער גויִישער וועלט ענדערט זיך דאָס רעכט כסדר.

דאָרט זאָגט מען: דאָס, וואָס איז נעכטן געווען אומרעכט, קען היינט ווערן רעכט. דאָס, וואָס איז נעכטן באַטראַכט געוואָרן פאַר שלעכטס, קען היינט, דורך מיר און דורך דיר, באַטראַכט ווערן פאַר גוטס...

דאָרט ענדערן זיך די געזעצן צוזאַמען מיט דער צייט.

דאָרט ענדערט זיך די מאָראַל צוזאַמען מיט די ווירטשאַפטס־פאָרמען.

דאָרט טוישט זיך די עטיק צוזאַמען מיטן פּאָליטישן סיסטעם.

עס איז דאָ אַ „מאָראַל פון קאַפּיטאַליזם"; עס איז דאָ אַ „מאָראַל פון סאָציאַ־ליזם"; עס איז דאָ אַן „עטיק פון מאָנאַרכיע"; עס איז דאָ אַן „עטיק פון דיקטאַ־טור"...

נאָך מער: דאָרט ענדערט זיך דאָס געזעץ אַ מאָל אויך דערפאַר, ווייל עס האָט זיך געענדערט... די פּערזאָן פון מאַכטהאָבער. אַ נייער קייזער — אַ נייער קאָדעקס...

דאָרט זענען נישטאָ קיין עשׂרת הדברות, וואָס זאָלן זיין גילטיק אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות. דאָרט פעלט דער חושן־משפּט, וואָס זאָל אין אַלע תקופות זיין דער אויטאָריטעט. דאָרט פעלט דער רמב"ם, וואָס זאָל שטיין ביי יעדן שופט אין שאַנק און אין — מוח...

דאָרט — האָב איך מורא, קוקט מען בכלל זייער ווייניק אינעם בוך פון די געזעצן: דאָרט קוקט מען גלייכער, ווער עס זיצט ביי דער מאַכט...

דאָרט איז רעכט אַן ענין פון פּאָליטיק; און ווער ווייסט עס נישט, אַז פּאָלי־טיק מיט ווירקלעכער מאָראַל האָבן ווייניק וואָס צו טאָן?...

דאָרט איז גענוג, אַז עס זאָל עמעצער אַ מאַן מיט שווערד און ביקס אַ זשמורע טאָן מיטן אויג, און באַלד זאָל אַרום אים זיך צונויפקלייבן אַ מחנה יוריסטן און אויסשרייען:

— האַר־לעבן, צו דיין דינסט. ווילסט נישט די אַלטע יוסטיץ? — ס׳איז דיר נישט באַקוועם מיט איר? — האַר־לעבן. מיר וועלן שוין מאַכן אַ „דריידל״. מיר׳ן שוין ליקווידירן די אַלטע געזעצן, מיר׳ן שוין שאַפן נייע...

אַזוי טרעפלעך, אַזוי שאַרף איז דער אַלטער אויסדרוק, וואָס איז אָנגעווענדט געוואָרן בנוגע „זייערע״ געזעצן: „דיני דמלכותא״.

עס זענען דינים וואָס גייען לויט דער קאָמאַנדע פון — מלכות...

דער ריכטער פסקנט, אַזוי ווי דאָס מלכות — די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט — הייסט.

געווען צייטן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז איראָפּע נעמט אָן אַ סטאַבילן קאָדעקס. אַ גוטער צי אַ שלעכטער, אַ מאָראַלישער צי אַן עגאָיִסטישער — יעדן פאַל געשריבענע, נישט אויף אַ קורצע ווײַלע פאַרפּליכטנדיקע געזעצן. געוויסע באַרמעס פאַרן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. דאָס איז דערלויבט, דאָס איז פאַר־ווערט. מיר רעדן דאָ וועגן אַלטן רוימישן רעכט. דער אַמאָליקער רוימישער קייזער יוסטיניאַן האָט פאַראָרדנט, אַז עס זאָל צונויפגעשטעלט ווערן דער „קאָר־פּוס איריס ציווילוס״, דער קאָדעקס פון רוימישן רעכט. און די דאָזיקע געזעצן־זאַמלונג איז אַריינגעדרונגען אין אַלע אייראָפּעיִשע מלוכות, געוואָרן דער יסוד פון דער געזעצגעבונג אין אייראָפּע.

היינריך היינע האָט אַפּילו מיט זיין בייסיקן סאַרקאַזם געריסן פּאַסן פונעם רוימישן קאָדעקס. ער האָט איראָניזירט שוין בלויז איבערן פאַקט, וואָס דאָס פאָלק פון רוים — דאָס פאָלק פון בלוט און אַכזריות — איז געוואָרן דער לערער, דער געזעץ־לערער פון דער וועלט. היינע האָט געשריבן: „סאַראַ שרעקלעך ביכל דער רוימישער קאָדעקס איז. נישט אַנדערש — אַן אלף־בית פון עגאָיִזם. איך פאַרטראָג אים נישט. די רוימער זענען געווען רויבערס, וואָס האָבן געוואָלט באַרעכטיקן און לעגאַליזירן זייער רויב, און צו דעם צוועק געשאַפן געזעצן...״

עס האָבן טאַקע אָנגערוקט יאָרן ווען אין אייראָפּע איז אויסגעוואַקסן די אַמביציע צו שאַפן אַן אייגענע, אייראָפּעיִשע געזעצגעבונג. אַ מין פּראָדוקט פון אייראָפּעיִשן גייסט. דאָס איז געווען נאָך אין אָנהייב פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונ־דערט. אַ צייט פון פרילינג. מענטשהייט־פרילינג. שוואַלבן האָבן זיך באַוויזן. און איינע אַזאַ שוואַלב איז געווען — דער קאָדעקס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער קאָמיסיע, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט צונויפגערופן. עס האָט פונעם דאָזיקן נאַפּאָ־לעאָן־קאָדעקס געבלאָזן דאָס ווינטל פון דעמאָקראַטיע. ס׳איז דאָ אַרויפגעהויבן געוואָרן דער פּרינציפּ פון גלייכהייט, פון פרייהייט, פרייהייט פאַרן מענטש, פריי־הייט פון געדאַנק, פרייהייט פון רעליגיעזער איבערצייגונג.

דערנאָך — זענען וואָס אַ מאָל שטאַרקער און דרייסטער געוואָרן די פאָדע־

רונגען איינצופירן די דעמאָקראַטישע דעראָבערונגען אין דער יוסטיץ. פּראָפעסאָר יעהרינג, איינער פון די זיילן פון דער רעכטס־וויסנשאַפט, האָט אַ גרויסן קאַמף אונטערגענומען פאַרן אַנטוויקלען דאָס רעכט. מ׳האָט דאָ און דאָרט אויפגעהויבן לאָזונגען פון מענטשלעכקייט. מ׳האָט פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל פאַרפליכטן דעם כּלל, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך, אַז צווישן מענטש און מענטש קען נישט זיין קיין אונטערשייד, און אַז „דו טאָרסט נישט טאָן יענעם דאָס, וואָס איז דיר אַליין נישט ליב״. מ׳האָט פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל אינעם אייראָפּעיִשן רעכט אַוועקגעשטעלט ווערן די אידעע פון יושר, די אידעע, וואָס איז נאָך פאַר טויזנטער יאָרן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אינעם יידישן תנ״ך...

עס האָט בכלל זיך אויסגעוויזן: אייראָפּע וואַרפט אָפּ דאָס רוימישע רעכט; אייראָפּע וויל עפּעס פונעם יידישן משפט איבערנעמען...

אָבער — דאָס איז געווען אַ חלום פון אַ זומערנאַכט. אַ קורצער חלום. וואָס אייראָפּע וויל איצט — איז גוט באַקאַנט, איצט איז אַפילו דאָס אַלטע, רוימישע רעכט פאַר דער און פאַר יענער מלוכה — צו פיל מענטשלעך...

איצט ווערט אין אַ גאַנצער רייע לענדער אָן דער מינדסטער בושה איבער־געניטשעוועט די יוסטיץ.

עס ווערט אַרויסגערוקט אַ רעכט, וואָס איז אַ מאָל פּראַקטיצירט געוואָרן נאָך אין וואַלד, אין דער ווילדער דזשונגל, צווישן מענטשן־פרעסערס.

דאָס קלינגט שיין: „פאַשיסטישע יוסטיץ״, „היטלעריסטישע יוסטיץ״. אָבער ווען איר באַפרייט זיך פונעם שיינעם קלאַנג פון די ווערטער און וואַרפט אַ בליק אין די קאָדעקסן פון די דאָזיקע „יוסטיצן״, ווערט איר פון אַ גרויל באַהערשט. דאָס איז קודם־כּל — אַן ענגע גרופּן־„יוסטיץ״. זי דערמאָנט אין דער „מאָראַל״ פון די האָטענטאָטן: רעכט איז דאָס, וואָס איז גוט פאַר מיר; אומרעכט דאָס — וואָס איז שלעכט פאַר מיר... און דאַן: דער מענטש טרעט דאָ אין גאַנצן נישט אַרויס. דער מענטש איז נישט וויכטיק. פאַרן מענטש ווערט נישט געזאָרגט. וויכטיקער ווי דער מענטש, ווי מענטשלעך גליק און מענטשלעך צופרידנקייט איז — דער פּראָבלעמאַטישער אינטערעס פון דער מלוכה. אין נאָמען פון דער „מלוכה״ פון דער „נאַציע״, מעג מען שפּייען אויף דער גערעכטיקייט, נישטאָ בכלל קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַן עוולה, קיין זאַך, וואָס זאָל זיין אַ פאַרברעכן. נישטאָ קיין זינד, קיין געמיינהייטן. אויב עמעצער טוט עס „פאַר אַנשי שלומינו״, אָבער ווייַ איז צו די, וואָס געהערן נישט צו „אונדזער גרופּע״! פאַר אָט די מענטשן — שטייט אין מיטן פון פאַשיסטישן קאָדעקס אַ תליה. און יעדער באַפעל שפּריצט מיט בלוט. און יעדער פּאַראַגראַף — איז אַ שמיץ מיט דער בייטש.

אַזאַ צייט, אַ צייט פון „קריזיס פון רעכט״, איז טאַקע זייער געפּאַסט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן יוריסטן־צוזאַמענפאָר.

און באמת: ס׳האָט זיך געטומלט אויפן קאָנגרעס. מען האָט היציקע וויכּוחים געפירט. דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער האָבן זיך געשטויסן מיט זייערע אֲני־מאמינס.

ס׳איז, למשל, אַרויפגעגאַנגען אויף דער טריבונע דער פאָרשטייער פון דער שווייץ. די דעבאַטן האָבן זיך גראָד געפירט אַרום פּראָבלעם: אַ גערעכטע אויס־מעסטונג פון אורטייל. דער דעלעגאַט פון דער שווייץ האָט געזאָגט:

— ביי אונדז, אין אונדזער מדינה, איז דאָ די אמתע האַנט פון גערעכטיקייט. אונדזער יוסטיץ זאָרגט פאַר דעם. ביי אונדז ווערט אָפּגעהיטן די באַציִונג צווישן פּאַראַגראַף און מענטש. אין אונדזער לאַנד (דאָס הייסט — ביטע נישט קיין טעות צו האָבן! — אינעם לאַנד, ווו דער שווינדזיכטיקער דוד פראַנקפורטער איז פאַר־אורטיילט געוואָרן אויף 18 יאָר תּפיסה...) איז אַלץ רעכט און עטיש...

דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבן אַן איטאַליענער, מוסאָליניס אַ יוריסט, און באַוואָפנט מיט דער גאַנצער שווערער יורידישער טערמינאָלאָגיע, דערקלערט:

— נישטאָ נאָך אַזאַ אידעאַלע האַרמאָניע צווישן פאַרברעכן און שטראָף, ווי אין אונדזער איטאַליע. ביי אונדז, אַז עס פאַלט אַן אורטייל, איז פאַר אַלע (פאַר אַלע?) קלאָר (קלאָר?): די גערעכטיקייט האָט טריומפירט!...

דער רומענישער דעלעגאַט האָט געזאָגט:

— אויב מען קאָן דעם ריכטער אָנרופן אַ טרעגער פון רעכט, מיינט מען נאָר דערמיט דעם ריכטער פון רומעניע...

און אינעם זעלבן נוסח אומגעפער האָבן גערעדט די פאָרשטייערס פון אַנדערע לענדער.

זעכציק רעפעראַטן זענען אויפן יוריסטן־קאָנגרעס געהאַלטן געוואָרן. און ווען דו לייענסט די דאָזיקע רעפעראַטן, און קריכסט אַדורך די האַמעטענע לאַנגע אויפ־זאַצן אַרום אַ יורידישער פראַגע, טרעפסט, אַז דו לאָזסט זיך אַ רגע פאַרבלענדן פונעם אָנשטעל פון גרינטלעכקייט און „אָביעקטיוויקייט״; דו גלייבסט אַ מינוט, אַז דאָס זוכט מען דאָ טאַקע די גערעכטיקייט; אָבער באַלד שטעלסטו זיך אָפּ. באַלד דערזעסטו ווי פון יעדן יוריסט קריכט אַרויס אַ משרתל, וואָס גיט זיך די מי אויפצוקלעפן אַ הכשר־צעטל אויף אַלץ, וואָס קומט פאַר אין זיין היימלאַנד, אויף אַל דאָס כוליגאַנישע און באַרבאַרישע, וואָס שפּילט זיך דאָרט אָפּ...

פּראָפּאַגאַנדע־מאַכערס זענען אַרויסגעטראָטן אויפן יוריסטן־צוזאַמענפאָר, בראַוואָ־פּאַטשערס און גאָר קנאַפּ כאַראַקטערן...

הורא־שרייערס פאַר רעזשימען, און אַפילו פאַר תּפיסה־רעזשימען...

מ׳האָט דאָרט דעקלאַרירט: „מיין גערעכטיקייט״, „דיין גערעכטיקייט״, און מען האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן, אַז גערעכטיקייט לאָזט זיך בכלל נישט דעקלאַרירן...

ובכן — מ׳האָט גאַנץ וווייניק זיך פאַרטראַכט אויפן קאָנגרעס פון רעכט איבערן פּראָבלעם פון גערעכטיקייט. אויב עס האָט זיך דאָרט יאָ איין מאָל אָדער צוויי געהערט אַ וואָרט, וואָס שטימט נישט גאַנצע הונדערט פּראָצענט מיט דער „וועלט־אָנשויונג״ פונעם פּאָליציאַנט און קאָנפידענט פונעם לאַנד, פון וואַנען עס קומט דער יוריסט, אויב עס האָט זיך יאָ אויפן צוזאַמענפאָר וועגן־נישט־וועגן דער־הערט די שטים פון אַ גערעכטיקייטס־מאַנער — איז דאָס געווען דאָס קול פון אַ ייִד, פון אַ פאַראייניזאַמטן ייִדישן געלערנטן, אין וועלכן עס האָט זיך אפשר אויף אַן אומבאַוווּסטזיניקן אופן אָנגערופן אַ ווייטער ווידער־קול פון זיינע אָבות...

אָבער דערפאַר זענען אַרויפגענומען געוואָרן אויפן סדר־היום פאָרמעלע יורי־דישע שטרייט־פראַגעס.

למשל. מ׳האָט זיך געאַמפּערט: צי קען אַ ריכטער באַשטראָפן אָן אַ פּאַראַ־גראַף? — דאָס מיינט: צי מוז דער ריכטער, אַרויסגעבנדיק אַן אורטייל, אָנווייזן לויט וועלכן פּאַראַגראַף דער אָנגעקלאָגטער איז באַשטראָפט געוואָרן, אָדער איז דער ריכטער דערפון פּטור? — צי קען דער ריכטער דערקלערן: איך האָב באַ־שטראָפט, ווייל אַזוי האָט דיקטירט מיין „געפיל״, מיין „שׂכל״?

מ׳האָט זיך איבער דער פראַגע לאַנג און שווער געאַמפּערט, און מען האָט באַשלאָסן: ניין. אַ פּאַראַגראַף מוז אָנגעוויזן ווערן. אַ פּאַראַגראַף.

גוט און פיין. אָבער מיר האָבן דאָ עפּעס צו פרעגן.

מיר האָבן צו פרעגן: נו, אַז מ׳קוועטשט שוין יאָ אַרויס אַ פּאַראַגראַף, ווערט שוין יעדער פּסק־דין רעכט? — צי האָט נישט געדאַרפט די פראַגע אַוועקגע־שטעלט ווערן אַנדערש — אָט אַזוי: צי איז דעם ריכטער דערלויבט „אַרויסצו־קוועטשן״ פּאַראַגראַפן אָדער איז דאָס אים נישט דערלויבט? — עס טרעפט אַ פאַל: מ׳איז דיך באַפאַלן, צעשלאָגן. דו האָסט זיך פאַרטיידיקט. דאָס איז דיין עלעמענטאַרע, דיין הייליק רעכט. אָבער — דורך אַ ווונדערלעכן, זייער וווּנדער־לעכן צופאַל, וועסטו געשטעלט פאַרן געריכט, און נישט דער כוליגאַן. און דו וועסט פאַרמשפּט. און נישט דער, וואָס האָט דיינע ציין אויסגעהאַקט. פאַר וואָס? — אַזוי זאָגט דער „צוגעשניטענער״ פּאַראַגראַף... צי ווערט דאַן מיטן כּוח פון פּאַראַגראַף דער דאָזיקער אורטייל גערעכט?

אָדער: מען דערקלערט פאַר רעכטלאָז אַ גאַנצן קיבוץ פון מענטשן. אַ מיליאָ־נען־מאַסע. מען נעמט ביי זיי צו דאָס רעכט צו לעבן, צו אַרבעטן, צו האַנדלען. און מ׳דערקלערט, אַז דאָס קומט פאַר אין הסכּם מיטן געזעץ, ווערט שוין אַלץ צוליב דעם געזעצלעך?...

אָדער: מ׳שענדעט די ערע פון אַ פאָלק. מ׳זאָגט און מ׳שרייבט, אַז דאָס דאָ־זיקע פאָלק מיט אַן אַלטער, גרויסער קולטור, איז דער אויסוואורף פון דער מענטש־הייט, און מ׳גיט צו, אַז דאָס איז „רעכטלעך״ אַזוי — שוין, ווערט עס שוין צוליב דעם טאַקע רעכט?...

אָבער די הערן יוריסטן האָבן מיט אַזעלכע איינפאַכע, טאָג־טעגלעכע ענינים אויף זייער קאָנגרעס זיך נישט באַשעפטיקט.

די הערן יוריסטן האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין קאָמפּליצירטע יורידישע פּראָב־לעמען און פאַרנומען געווען מיט זינגען מה־יפית...

איטלעכער — פאַר זיין פריץ...

און זאָל ווער פון אייך זיין אַ בריה און לייענען וועגן אַזאַ קאָנגרעס פאַר רעכט און גערעכטיקייט און נישט טאָן — אַ שמייכל...

## ס׳איז נישט קיין קאָמעדיע
## (צום פּלעביסציט אין דײַטשלאַנד)

— נו, יאָ, מ׳קען שוין אָט די פּראָצעדור — שרייבט זיכער אין היינטיקן נומער די ליבעראַלע ענגלישע צייטונג „מאַנטשעסטער גאַרדיען״. — אָן שווערי קייטן לאָזט זיך פּאָרויסזאָגן, וואָסער רעזולטאַט דער היינטיקער פּלעביסציט אין דייטשלאַנד און אין געוועזענעם עסטרייך וועט ברענגען. עס אונטערליגט נישט דער קלענסטער ספק: דער היטלער־רעזשים וועט אָפּהאַלטן אַ נצחון. אַ קאָלאָסאַלן נצחון. 99 פּראָצענט פון די שטים־באַרעכטיקטע וועלן זיך אין דער אָפּשטימונג באַטייליקן, און 99 פּראָצענט, אָדער אפשר גאָר גאַנצע הונדערט פּראָצענט פון די אָפּשטימענדיקע, וועלן אַריינלייגן אין דער אורנע דעם צעטל „יאָ״. יאָ, מיר זענען מסכּים צום „אַנשלוס״, מסכּים צו דער פּאָליטיק פון „פירער״, מסכּים צו זיינע כּלערליי אומבאַרעכנטע שריט, הגם דאָס האַרץ און דער פאַרשטאַנד וועלן זיך בונטעווען און דווקא וועלן אויסשרייען: „ניין!״... דער פּלעביסציט, ווי אַ פּרייע, אומגעפּעלשטע פּאָלקס־אָפּשטימונג, האָט דאָס אָרט נאָר ביי אַ דעמאָקראַטישן רעזשים. אין אַ לאַנד פון דיקטאַטור ווערט דער זין פונעם פּלעביסציט פאַרקריפּלט. די „בירגער״ פון די נאַצי־מדינות האָבן נישט די פרייע רעכט פון אַנטשיידונג. די וועלט האָט נאָך נישט געזען אַזאַ „פּלעביסציט״. ס׳וועט זיין — אַ קאָמעדיע!...

אינעם פראַנצויזישן סאָציאַליסטישן „פּאָפּולער״ וועט איר מן־הסתם היינט קענען לייענען אָט־וואָס:

— דאָס איז די אַמביציע פון די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן: נישט רעכענען זיך מיט דעם עכטן ווילן פון די פּאָלקס־מאַסן, טרעטן מיט די גראָבע שטיוול די פרייהייט פון די פּאָלקס־מאַסן, אונטערדריקן יעדע זעלבשטענדיקייט פון די פּאָלקס־מאַסן, און דאָך — דערשיינען ווי אַזעלכע, וואָס פירן אויס דעם ווילן נישט פון עמעצן אַנדערש, נאָר דווקא פון די פּאָלקס־מאַסן... דער היינטיקער פּלעביסציט דאַרף זיין אַ וויטערדיקער אַקט אין דער דאָזיקער קאָמעדיע. אָבער אַ טעות האָבן די ברוינע, ווען זיי גלייבן, אַז די עפנטלעכע מיינונג אין גאָר דער וועלט וועט נעמען ערנסט יעדן זייערן קאָמעדיאַנטישן טריק. די וועלט ווייסט גאַנץ גענוי

וועגן די אַלע מיטלען, וואָס זענען אָנגעווענדט געוואָרן ערב דער אָפּשטימונג און וואָס וועלן היינט, אינעם טאָג פון דער אָפּשטימונג, אָנגעווענדט ווערן, כּדי צו שלעפּן צו דער אורנע די מאַסן און כּדי אַריינצושטעקן אין זייער האַנט צעטלען, וואָס רופן אין זיי אַרויס די טיפסטע עמפּערונג...

כאַראַקטעריסטיש מוז שוין זיין בלויז דאָס, וואָס די פּראָפּאַגאַנדע אין עסטרייך ערב דעם פּלעביסציט איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם שעף פון דער דייטשער געהיימער פּאָליציי, הימלער... צי שטעלט איר אייך פאָר, וואָס דאָס באַדייט? — דער „געסטאַפּאָ"־שעף און צען טויזנט נאַצי־אַגענטן, האָבן באַקומען די אויפגאַבע „צוצוגרייטן" די עסטרייכישע באַפעלקערונג צום צענטן אַפּריל. איבעריק צו דער־קלערן, וואָס דאָס מיינט. אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן דרייען זיך טאָג און נאַכט די נאַצי־שפּיצלערס. יעדער איינער פון די אַרבעטער ווערט געגומען אונטער קאָנ־טראָל. מ'טיילט נישט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן בלויז „וווּרשטלעך"; מ'פאַר־שלעפּט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; מ'וואַרפט אָן מורא און טעראָר; נישט באַטייליקן זיך אין דער היינטיקער אָפּשטימונג אָדער שטימען קעגן דעם ווילן פון „פירער" — באַדייט: היינטיקע נאַכט גלייך אַוועקגעפירט ווערן אין אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער פון טיפּ דאַכאַו. די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן שעמען זיך דאָך נישט פון דעסטוועגן אָפּצושפּילן אַזאַ קאָמעדיע, זי אָנצורופן: פּלעביסציט!...

אין „ראָבאָטניק" וועט היינט געוויס געזאָגט ווערן:

— אָט איז אָן איבעריקער באַווייז, וואָס עס מאַכט פון די מענטשן דער טאָטאַלער רעזשים. אַ היסטאָרישער טאָג — ליאַרעמען שוין זינט אייניקע וואָכן די נאַצי־אַגיטאַטאָרן — איז דער 10טער אַפּריל. אָבער אין וואָס באַשטייט דען אייגנטלעך זיין „היסטאָרישע" באַדייטונג? — צי קענען דאָרט די מאַסן עטוואָס ענדערן? — ווערט דען זייער שטים געהערט? — האָבן זיי די מעגלעכקייט פריי אַרויסצוזאָגן זייער שטים? — דער טאָטאַלער רעזשים גיט די מאַסן אַן אימפּולס צו טאַט, אָן אונטערשיד צי די טאַט איז פּראָדוקטיוו אָדער אומפּראָדוקטיוו, ער שפּריצט אין די מאַסן אַריין אַלע מאָל פרישן ענטוזיאַזם, ער צווינגט זיי זיך צו באַטייליקן אין קאָמעדיעס און מיינען, אַז זיי זענען העלדן פון היסטאָרישע דראַ־מעס...

באַריכותדיק צעשרייבט זיך היינט זיכער דער אָרגאַן פון דער דייטשער עמי־גראַציע „פּאַריזער טאַגעסצייטונג". „דאָס, וואָס מען קען אַרויסלייענען פון צווישן די שורות פון פּלעביסציט" — איז אַוודאי דאָרט דער נאָמען פונעם אַרטיקל. און שטיין, שטייט אַזוי:

— מ'מוז אין אַכט נעמען, אַז צו דער היינטיקער אָפּשטימונג איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ גוואַלדיקע פּראָפּאַגאַנדע. אַפילו אין נאַצי־לאַנד, אין דער מדינה פון געבעלס, איז נאָך אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע נישט פאַרצייכנט געוואָרן. די גדולים זענען אַרומגעפאָרן מיט רעפעראַטן, ווי פּשוטע אַגיטאַטאָרן און פונקציאָנאַרן. אָפּגערעדט

פון גערינג און געבעלס, וואָס האָבן אין די לעצטע וואָכן נישט גערוט, נאָר אַפילו היטלער בכבודו ובעצמו איז געפאָרן אין שטעט און שטעטלעך מיט אַ דרשה. דער „פירער" אַליין האָט זיך געמוזט איינשפּאַנען אין דער וואַל־אַגיטאַציע, און דאָס גיט זייער פיל נאָכצוקלערן. מ׳האָט געשטעלט די סאַמע גרעסטע אויטאָ־ריטעט אויף דער קאָרט. מ׳האָט עס זיכער נישט געטאָן מיט דעם גוטן ווילן. ערשטנס, ווילן די מושלים היטלערן נישט צו אָפּט אַרויסשטעלן פאַר די מאַסן, זיי ווילן בעסער, אַז ער זאָל זיצן אין דער רעזידענץ אין בערכטעסגאַדען און פון זיין פּערזאָן זאָל זיך טראָגן די לעגענדע. צווייטנס, זענען ביי היטלערן זייער אָנגעשטרענגט די שטים־סטרונעס אין האַלדז (ער האָט ערשט נישט לאַנג אַדורכ־געמאַכט אַן אָפּעראַציע), און אַרויסטרעטן אייניקע מאָל אין טאָג מיט רעדעס, מוז זיך שטאַרק אָפּרופן אויף זיין געזונט... און אויב נישט געקוקט דערויף, האָט דאָך היטלער אַליין זיך געוואָרפן אין קאַמף, באַווייזט עס באַשיימפּערלעך, אַז אין די מאַסן ברויזט אומצופרידנקייט, אַז די מאַסן וואַכן אויף און זיי ווילן מער נישט פאַרטראָגן דעם רעזשים און זיי בענקען צו דער פרייהייט. נישט אָן באַדייטונג איז דער פאַקט, וואָס גראָד אין דער פראַגע — אַנשלוס — מוז אַזאַ גוואַלדיקע פּראָפּאַגאַנדע געלאָזט ווערן אין גאַנג. דאָס איז דאָך פאַקטיש אַ פּאָפּולער וואָרט אין דייטשלאַנד סיי אין עסטרייך, צו אַנשלוס האָבןביידע פעלקער זינט יאָרן געשטרעבט. דאָס האָט באַדאַרפט די נאַצי־מושלים צום לייכטסטן אָנקומען. און אויב עס רוישט אַזאַ ריזיקע אַגיטאַציע־מאַשין, אויב דער הער היטלער אַליין מוז פאַרלאָזן זיינע הויכקייטן און אַראָפּנידערן צו די מאַסן ערגעץ אין זאַלצבורג צי אין קעלן, גיט עס אַ גרונט צו גלייבן, אַז — ס׳איז זייער פויל אין זיין קעניגרייך און אַז די מאַסן דערקענען זיך שוין דאָרט אויף די קאָמעדיעס...

מיט גענויע פּרטים וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע ערב דעם פּלעביסציט טרעט זיכער היינט אַרויס די ליבעראַלע „נייע ציריכער צייטונג".

— אונדזער אַ פריינד פון דייטשלאַנד שרייבט אונדז — ווערט דאָרט דער־ציילט — אַז בעת היטלערס אַרויסטריטן האָבן זייער פיל געלייסטעט צוויי עלעק־טרישע קנעפּלעך. יאָ, קנעפּלעך. יאָ, געלייסטעט. די זאַך איז אַזוי: היטלער רעדט אויף אַ ספּעציעלן פּאָדיום, וואָס וועגט אַכט ביז צען צענטנער און ווערט שטענ־דיק געבערענגט אין אַן אַעראָפּלאַן דאָרט אַהין ווו ער דאַרף רעדן. דער רעדנער־פּולט איז אַ ספּעציעלער אַפּאַראַט, אין וועלכן עס געפינען זיך צוויי עלעקטרישע קנעפּלעך, אין די דאָזיקע קנעפּלעך גיט דער „פירער" אַ קוועטש אין דעם מאָמענט, ווען ער נעמט אָן אַ פּאָזע פון פּאַטאָס, און עס איז נויטיק, דאָס ליכט פון די שיַין־וואַרפערס צו פאַרשטאַרקן און צענטראַליזירן אויף זיין פּנים־אויסדרוק. איין קנעפּל — פאַר „קלענערן עקסטאַז", צוויי קנעפּלעך — פאַר „העכערן עקסטאַז"... די היינטיקע דיקטאַטאָרן זענען געטרייע תלמידים פון די אַמאָליקע רוימישע צעזאַרן. ווי אַ נעראָן, ווי אַ קאַליגולאַ, וואַרפן זיי ערב־וואַלן שטיקער ברויט און

פלייש פאַר די הונגערנדיקע מאַסן. אָבער מען מוז דאָך צוגעבן, אַז סיי בעראָן, סיי קאַליגולאַ, ווען זיי זענען געזעסן אין צירק אין רוים און געוואָלט צעגליִען ביי די מאַסן דעם ענטוזיאַזם פאַר דער „קרוין", האָבן זיי דאָך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו אָפּערירן מיט אַזעלכע צוויי וווּנדער־קנעפּלעך... מיטן כּוח פון קנעפּלעך ווערט צוגעגרייט די באַגייסטערונג צו דער היינטיקער קאָמעדיע!...

מאָרגן, נאָך דעם ווי דער רעזולטאַט פון פּלעביסציט וועט שוין זיין באַקאַנט, וועלן די זעלבע צייטונגען, ווי אויך אַנדערע אַנטי־היטלעריסטישע, און נאַטירלעך, אויך אונדזערע יידישע — אָנהייבן אַרויסצוטרעטן מיט שילדערונגען פון דער אָפּשטימונג.

איינער וועט דערציילן, אַז בסך־הכּל איז דאָך נאָך דער גאַנצער גוואַלדיקער אַגיטאַציע, געווען אין די נאַצי־לענדער אַ גאָר שוואַכער אינטערעס פאַר דער „מאַכערייקע"; מען האָט פּשוט געצוווּנגען צו שטעלן זיך צו די אורנעס; מ'האָט געצוווּנגען...

אַ צווייטער וועט איבערגעבן, אַז אין רוב וואַל־לאָקאַלן איז די אָפּשטימונג געווען אין גאַנצן עפנטלעך; מ'האָט געקוקט אויף דער האַנט, וואָסער צעטל מ'לייגט אַריין; מען האָט נישט געגעבן די אָפּשטימערס קיין קאָנווערטן. מ'האָט שטרענגע און בייזע אויגן אויסגעשטעלט אויף דעם „מחוצף", וואָס האָט אַ קאָנווערט געפאָדערט. מ'האָט געזאָגט: אונדזער „יאָ" פאַר דעם „פירער" מוז עפנטלעך אָפּגעגעבן ווערן!

אַ דריטער וועט שרייבן, אַז זייער אַ גרויסע צאָל שטורמיסטן פון דייטשלאַנד איז געקומען ספּעציעל קיין עסטרייך זיך צו באַטייליקן אין פּלעביסציט, כּדי מ'זאָל דערנאָך זיך קענען באַרימען מיט דער מחנה באַטייליקטע...

אַ פערטער וועט מעלדן, אַז נאָך אַלעמען איז דער רעזולטאַט אַ זייער צווייפלהאַפטער; מ'האָט צוגעשאָטן צעטלען אין די אורנעס; מ'האָט געפעלשט ציפערן; מ'האָט געשטימט פאַר אָפּוועזנדיקע; וואָרום ווער האָט דען די נאַצי־קאָמיסאַרן קאָנטראָלירט?...

אַ פינפטער וועט אונטערשטרייכן: — נישט געקוקט אויף דעם רעזשים פון טעראָר, האָבן דאָך אייניקע פּראָצענט פון די וואַל־באַרעכטיקטע זיך נישט באַטייליקט אין דער אָפּשטימונג. אייניקע פּראָצענט האָבן דעם מוט געהאַט נישט צו שטעלן זיך צו דעם רוף פון „פירער". די דאָזיקע פּאָר פּראָצענט זענען מאַסגעבנדיקע פאַר די ריכטיקע און נישט געפעלשטע שטימונגען, וואָס הערשן אין נאַצי־לאַנד. וואָלט געווען אַ ווירקלעך פרייער פּלעביסציט, וואָלט דאַן דער רעזולטאַט פאַר היטלערן געווען אַ גאַנץ אַנדערער. קעגן דעם ווילן פון די מאַסן זיצן די ברוינע ביים רודער...

סיי ווי, אַלע וועלן אָפּפּסקענען:
— ס׳איז געווען אַ קאָמעדיע דער גאַנצער פּלעביסציט...

אָבער ניין. דער פּלעביסציט איז ווייט נישט קיין קאָמעדיע. זיכער וואָלטן מיר זיך געווונטשן, ער זאָל זיין אַ קאָמעדיע. אָבער דער ווונטש קען נישט פאַר אונדז פאַרשטעלן די ווירקלעכקייט.

עס זענען, נאַטירלעך, אמתדיק די אַלע פאַקטן וועגן וווּרשטלעך, וועגן קנעפּ־לעך, וועגן טעראָר; די פאַקטן, וואָס ווערן איבערגעגעבן אין די אַנטי־היטלע־ריסטישע צייטונגען; עס זענען אמתדיקע נאָך אַ סך אַנדערע פאַקטן, וואָס ווערן נישט איבערגעגעבן, אָבער וואָס וועלן נישט וויניק העלפן צום „הונדערט־פּראָ־צענטיקן" נצחון פון היינטיקן פּלעביסציט; עס איז אמת, אַז אַ סך מיליאָנען שטימען וועלן היינט „געמאַכט" ווערן; אָבער אמת איז אויך, אַז ווען היטלער זאָל אַפילו פּראָקלאַמירן אַ ווירקלעך פרייען פּלעביסציט, מיט געהיימע צעטלען, מיט קאָנווערטן, וואָלט ער אויך ביי דער איצטיקער סיטואַציע — אַ מערהייט שטימען דעראָבערט פאַר זיין פּאָליטיק.

ביי אַ ווירקלעך פרייען פּלעביסציט וואָלט דער נצחון נישט געווען, פאַר־שטייט זיך, קיין „הונדערט־פּראָצענטיקער"; אָבער אַרויסגעוויזן וואָלט זיך דאָך, אַז די מערהייט דייטשן גייען נאָך היטלערן...

פאַר וואָס זיי גייען? — דאָס איז אַ פראַגע, וואָס פאַרדינט באַזונדערס באַ־האַנדלט צו ווערן. מען מוז וויסן, אַז אין די 5 יאָר, זינט די נאַציס געפינען זיך ביי דער מאַכט, זענען זייער פיל נאַציאָנאַלע אַמביציעס, וואָס האָבן געדרימלט אין די טיפענישן פון דייטשן פאָלק, באַפרידיקט געוואָרן. צוואַנציק יאָר נאָך ווערסיי — האָט היטלער אַנומלט אויסגערופן — ווו עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז דייטשלאַנד האָט די לעצטע מלחמה פאַרשפּילט, ווייזט זיך אַרויס, אַז פאַקטיש זענען מיר די זיגערס, און די זיגערס זענען די באַזיגטע"... מען דאַרף פאַרשטיין, וואָסער שטורעם פון סימפּאַטיע אַזעלכע „זיגערישע" זשעסטן ברענגען דעם רע־זשים אינעם בעצם שטענדיק מיליטאַריסטישן, שטענדיק יונקערישן דייטשלאַנד. און דערצו: אין משך פון די 5 יאָר, וואָס די נאַציס שטייען ביים רודער, איז דאָרט געשאַפן געוואָרן אַזאַ „מאָראַלישע" אַטמאָספער, וואָס זעט נאָר אין באַוואָפענונג און קריג דעם ציל און אויפגאַבע פון דייטשן פאָלק. די מענטשן זענען דערפירט געוואָרן צו אַ שיכּרות־צושטאַנד און נישט קיין גרויסע גוזמא איז דאָ אין דער לאָזונג — „איין פאָלק, איין רייך, איין פירער"...

עס זענען נאָך פאַראַן, נאַטירלעך, אויך אין איצטיקן דייטשלאַנד און עסטרייך פאַרנונפטיקע מענטשן, וואָס פאַרשטייען, אַז די היטלער־פּאָליטיק איז אַ שפּיל וואַ־באַנק, אַז זי פירט צו אַ בלוטיקער קריג, אַז צוליב דער נאַצי־פאַרריסנקייט

הענגט דער שלום אויף אַ האָר... עס זענען נאָך דאָ מענטשן, וואָס קענען די פּאַר־שקלאַפונג נישט פאַרטראָגן. אָבער אַ טעות האָבן די אַנטי־היטלעריסטישע צייטונ־גען, ווען זיי גלויבן, אַז די דאָזיקע מענטשן שטעלן מיט זיך פאָר אין היטלערס מלוכה אַ מערהייט, ניין, זיי זענען אַ מינדערהייט. און אַ קליינע מינדערהייט...

אַ קאָמעדיע! — מיט דעם אויסרוף איז אויפגענומען געוואָרן אין די דעמאָ־קראַטישע מלוכות יעדער פרישער שריט פון היטלערן; זיין פּאָליטיק איז אויס־געלאַכט געוואָרן, איז גרינגגעשעצט געוואָרן. אָבער זי איז נישט באַקעמפט געוואָרן, וואָרום — האָט מען געזאָגט — קען מען דען צו קאָמעדיאַנטן האָבן אַן ערנסטן צוגאַנג?

אַ קאָמעדיע! — דאָס איז געווען די רעאַקציע פון די דעמאָקראַטישע מלו־כות, ווען איטאַליע און דייטשלאַנד האָבן אויפגעשטעלט דעם גענעראַל פראַנקאָ אין שפּאַניע, מען האָט אין די דעמאָקראַטישע לענדער באַוויזן, וויפל לעכערלעכ־קייט עס איז דאָ אין דעם פאַקט, וואָס דעם שפּאַנישן נאַציאָנאַלן קריג פירן דייטשע און איטאַליענישע סאָלדאַטן; מ'האָט געדרוקט גייסטרייכע סאַטירישע פעליעטאָנען און גלענצנדיקע קאַריקאַטורן אין די סאָציאַליסטישע צייטונגען, און מ'האָט פאַרנאַכלעסיקט, מ'האָט פאַרזוימט — אין משך פון אייניקע טעג האָט אין דער ערשטער צייט פראַנקרייך געקענט אונטערדריקן דעם שפּאַנישן אויפשטאַנד. און געשטאַנען איז דאָך דאָך, אין יולי 1936, ביי דער מאַכט די בלום־רעגירונג. די ערשטע. די זיכערע. אָבער מ'האָט געזאָגט: עט, ס'איז אַ קאָמעדיע, וועט מען אויך אָנהייבן שפּילן אַ קאָמעדיע — די נישט־אינטערווענץ־קאָמעדיע.

מיט יעדן טאָג ווערט די „קאָמעדיע" אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַן ערנסטער און בלוטיקער דראַמע. אָבער צום באַדויערן זענען נאָך היינט פאַראַן אַזעלכע, וואָס שאַצן די וואַקסנדיקע געפאַר נישט ניכטער אָפּ.

אויך דער היינטיקער פּלעביסציט — ביי זיין גאַנצער אַבסורדאַלקייט — איז ווייט נישט קיין קאָמעדיע. ער האָט נישט אַזוי ווייט אַן אויסערן־פּאָליטישע באַ־דייטונג, ווי אַן אינערלעך־פּאָליטישע. בכדי אַריינצוציִען פרישע מאַסן אין קרייז פון נאַצי־פּראָגראַם, איז ער פּראָקלאַמירט געוואָרן. די פּראָפּאַגאַנדע וואָס איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג מיט אַזאַ גוואַלדיקן אימפּעט, איז נישט געגאַנגען לאיבוד. פרישע נאַציס ווערן געמאַכט. פרישע טרייע זעלנער. די רעדעס פון „פירער" האָבן אפשר זיין שטים הייזעריק געמאַכט, אָבער דער פּראָגראַם פון די נאַציס וועט דורך דעם נאָך העכער גרילצן אין דייטשלאַנד און עסטרייך, פרישע מיליאָ־נען וועלן צוליב דער אומגעוויינלעכער פּליביסציט־אַגיטאַציע נאָך העכער ליאַרע־מען: „הייל!"

דאַכט זיך, אַז אין שאָוס אַ קאָמעדיע געפינט זיך די שטעלע:

„מייַנע הערן. דער זייגער שלאָגט צוועלף. צייט אויפצושטיין פון די ערטער. די קאָמעדיע איז שוין לאַנג אַריבער אין — אַ טראַגעדיע..."

# זאַלבעדריט אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין בריסעל
## (בריוו פון אַ באַזוך)

איך בין מיד. עטלעכע שעה שוין, ווי איך שפּאַציר אויף דער וועלט־אויס־שטעלונג. עס איז דאָ וואָס צו זען. די אויסשטעלונג איז אימפּאָזאַנט. אַ כּרך אַ גאַנצער איז אויסגעבויט געוואָרן. נישט וויכטיק איז, וואָס דער כּרך האָט נאָר צו שטיין אין גאַנצן דריי חדשים, וואָס דערנאָך וועט די גאַנצע פאַנטאַסטישע שטאָט זיך וואַלגערן אין בלאָטע. דערווייל עקזיסטירט זי. דערווייל שימערירט זי מיט טויזנטער ליכט און פאַרבן. דערווייל טומלט זי מיט אַ רוישיק און פריילעך לעבן. דערווייל איז די אויסשטעלונג אַ פּרעכטיקע אימפּרעזע, מיט וועלכער בעלגיעס רעזידענץ שטאָלצירט און גרויסט זיך.

עטלעכע דרייסיק מלוכות האָבן דאָ אויסגעשטעלט זייערע פּאַוויליאָנען. אַ פּאָר צענדליק גרעסערע און קלענערע מדינות האָבן דאָ אויפגעבויט פּראַכט־פּאַלאַצן. די אַרכיטעקטור־קונסט איבעראַשט. און דער גראַנדיעזער פּאַרנעם אימפּאָנירט. און דאָס אויג ווערט פאַרבליפט. די וועלט־אויסשטעלונג פאַרמאָגט ביי איר גאַנ־צער מאַסיוועקייט אַ חנעוודיקע לייכטקייט.

כ׳בין מיד און אפשר נישט אַזוי ווייט פון דער שפע איינדרוקן, ווי פון דעם, וואָס כ׳האָב די גאַנצע צייט, וואָס כ׳בין געווען אויף דער אויסשטעלונג קיין מנוחה נישט געהאַט. געקומען בין איך אַליין, אָבער איידער כ׳האָב זיך באַוויזן רעכט אומצוקוקן, האָב איך זיך געזען אַרומגערינגלט פון צוויי באַגלייטערס.

דער אָפּטימיסט, וואָס זיצט אין מיר, איז אַנטציקט. ער ווערט נתפּעל פונעם בילד פון דער וועלט אין מיניאַטור. ער איז פאַרכאַפּט פון דער רייכקייט, צע־שפּילט פון די פינקלענדיקע ליכט. אַ פאַרשיכּורטער, לאָזט ער זיך טראָגן פון די כוואַליעס פרייד, לאָזט ער זיך פירן פון די ראַדיאָ־הילכערס. דאָס הייסט פּראַכט — זאָגט ער — דאָס הייסט שיינקייט, דאָס הייסט אַ וווּנדער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!

אָבער דער פּעסימיסט אין מיר איז פאַרכמורעט. וועמענס פרייד רעגט אים בלויז אויף, ברענגט אים אַריין אין כּעס. אָן שום קונצן שרייט ער צום אָפּטימיסט: שוטה!

דער אָפּטימיסט קוועלט אָן פון דעם, וואָס אַזוי פיל אייראָפּעיִשע און נישט־אייראָפּעיִשע מלוכות האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף איין פּלאַץ. עס איז גוט, וואָס

כאָטש דאָ זענען אַלע פאַראייניקט, וואָס דאָ זענען די פעלקער אויסגעלייגט אונטער איין דאַך. דאָס איז אַ גוטער סימן. אַ גוטער אָנזאָג. אַלגעמיינע פאַרשטענדיקונג איז פאָרט אַ מעגלעכע זאַך. נישט בלויז שלעכטס דאַרף מען רעדן אויף די פעלקער... לאָזט זיך אָבער דער פּעסימיסט נישט פאַרשפּילן. דאָס זענען הוילע דיבורים! — זאָגט ער. אַ פאַראייניקטע וועלט? — דער שקר שרייט דאַך אַראָפּ פונעם דאָזיקן בריסעלער יאַריד, דער שווינדל קוקט אַרויס פון די פּאַלאַצן... יעדער פּאַוויליאָן דערציילט פון אַזוי פיל קעגנזאַצן און קינאה־שינאה צום פּאַוויליאָן וואָס געפינט זיך בשכנות, יעדער פּאַוויליאָן רעדט פון אַזוי פיל האַס, וואָס איינער אָטעמט צום צווייטן, פון אינטערעסן, וואָס קרייצן זיך, פון טעריטאָריעס, אויף וועלכע מען קוקט מיט גלוסטיקע אויגן, פון פויסטן, וואָס ביילן זיך. און — איך פאַרשטיי דיך באמת נישט — ווענדט ער זיך שוין אַ בייזער צו מיר — ווי אַזוי דו לאָזסט זיך פאַרפירן פון די שטותים פון אָפּטימיסט, ווי אַזוי דו פאַרגעסט, אַז דאָ איז בלויז אַ ספּעקטאַקל פון ליאַלקעס, אַז דאָרט, אין דער היים, רייסן די מלוכות צו מאָל אויף איין מינוט נישט איבער זייער אַרבעט: מ׳גרייט זיך, מ׳פּאַבריצירט דאָס טייוולאָנישסטע געווער, מ׳פּראָדוצירט גיפט־גאַזן, מ׳בויט פאַרניכטונגס־אַעראָפּלאַנען, מ׳יאָגט זיך איבער אין די הכנות צו אַ פרישן וועלט־חורבן...

און אַזוי גייען מיר זאַלבעדריט אויף דער אויסשטעלונג. מיר דרייען זיך אין די אומצאָליקע גאַסן און געסלעך פון דער וווּנדערלעכער „שטאָט", באַזוכן די פּאַוויליאָנען, שפּאַצירן אין די גערטנער און וועלדלעך און מיינע צוויי באַגלייטערס אַמפּערן זיך כסדר.

ביים איטאַליענישן פּאַוויליאָן — איינער פון די שענסטע און גרעסטע אויף דער אויסשטעלונג — שפּרינגט אויף מיין אָפּטימיסט:

— סאַראַ רחבות! וויפל זון, וויפל ליכט! קוק אויף די פּנימער, וואָס זענען אויסגעמאָלט אויף די ווענט — גיט ער מיר אַ שטויס — לייען איבער די ציפערן, די טאַבעלעס! אָט די דאָזיקע אויפשריפט:

„אַזוי האָט אויסגעזען איטאַליע איידער מוסאָליני האָט געמאַכט דעם מאַרש אויף רוים"... ווי אַזוי? אַ בילד דערנעבן באַווייזט עס. איינגעפאַלענע פּנימער. אויסגעלאָשענע בליקן. וויסטע שטעט. חרובע פאַבריקן. פּיין. חשכות. קינדער פאַרחלשטע פון הונגער.

אָבער — „אַזוי זעט אויס איטאַליע היינט, אונטער דער ממשלה פון מוסאָליני..." פונעם בילד פלייצט אַ ים פון פרייד. די פּנימער שיינען. צופרידן. זאַט. די פאַבריקן אַרבעטן. ממש הגן־עדן התחתון.

מיין אָפּטימיסט בויגט זיך אַריבער. ער קען זיך גאָרנישט אָפּרייסן פון דעם בילד. אַ נפקא־מינה, דאָרט — טענהט ער — וואָס פאַר אַ מלוכה־פאָרם! פאַר

מיינעטווועגן זאָל זיין פאַשיזם, זאָל זיין דיקטאַטור! דער עיקר איז דער מענטש, די הויפּט זאַך איז — צופרידנקייט... פאַר איין מענטשלעכן שמייכל שענק איך אַוועק אַלע טעאָריעס און דאָקטרינעס...

זייער ווויל — רייסט אים איבער דער פעסימיסט — זייער גערעכט וואָלסטו געווען, ווען דאָס אַלץ זאָל טאַקע זיין אמת... ליידער! קוק אים אָן, מוסאָלינין, וואָס העננגט דאָ אויף דער וואַנט, זע זיין פאַרריסן פּנים, זיין גאווהדיקע פּאָזע, און אויב דו האָסט נאָר אַ ביסל קריטיציזם, קענסטו באַלד דערקענען, אַז דאָס אַלץ, וואָס ווערט דאָ געוויזן וועגן די גליקן פון פאַשיסטישן איטאַליע, איז נישט מער, ווי פּראָפּאַגאַנדע, ובכן: שקר און בלאָף... האָסט באַדאַרפט איבערלייענען דאָס לעצטע בוך פון פאַרטריבענעם איטאַליענישן שרייבער סילאָנע. שוין איין מאָל אַ „ווילשטאַנד" אונטער מוסאָליניס רעזשים! שוין איין מאָל אַ „צופרידענע" שטימונג! די באַפעלקערונג לעבט אין אומבאַשרייבלעכער נויט. יעדער פּרווו פון בונט ווערט ליקווידירט און אונטערדריקט מיט ברוטאַלער פויסט. עס ווערט אומעטיק זעענדיק, ווי אומפאַרשעמט מענטשן קענען זיין. אַ רעזשים פון טעראָר וויל זיך דווקא אויסשטעלן אַ צייגעניש פון אַ „ווילטעטער פון דער מענטשהייט". דער גאַנצער פּאַוויליאָן מאַכט אויף מיר אַן איינדרוק פון אַ גרויסער פאַשיסטישער תּפיסה...

ער האָט אויך שטאַרקע טענות, דער פעסימיסט, ווען מיר גייען אַריין אינעם פּאַלאַץ, וואָס איז געווידמעט רוים. איטאַליע האָט געזאָרגט, אַז דער דאָזיקער פּאַלאַץ זאָל אַרויסקומען רייך, מאַיעסטעטיש און פאַרביק, אָבער מיין פעסימיסט איז ניכטער. ער לאָזט זיך נישט פאַרשמירן די אויגן. דער זאַל איז פול מיט רופן און אויפשריפטן וועגן פאַרברידערונג און קריסטלעכער ליבשאַפט, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר דער רעזידענץ פון פויפּסט. גיט מיך מיין פעסימיסט אַ צי ביים אַרבל: קום שוין פון דאַנען! נעם בעסער די היינטיקע צייטונג און דערצייל מיר, אדרבה, וואָס די קריסטלעכע וועלט טוט פאַר די קאַטאָליקן אין דייטשלאַנד, וואָס געפינען זיך אין אַן אומגליקלעכער לאַגע, וואָס טויזנטער פון זיי ווערן אַוועקגעפירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; זאָג מיר, אַדרבה, ווי אַזוי רוים רעאַגירט אויף דער אינקוויזיציע איבערן קאַטאָליציזם אין „דריטן רייך"!

נישטאָ וואָס צו מאַכן מיטן פעסימיסט. ער זעט אַלע זאַכן אויף שוואַרץ. ווען דער אָפּטימיסט שטייט ווי צוגעשמידט צום אָרט אין ענגלישן פּאַוויליאָן און קען גאָרנישט אָפּרייסן זיין בליק פון ריזיקן גלאָבוס, וואָס באַוועגט זיך און באַלייכט די אַלע פּונקטן אויפן ערדקיילעך, וואָס געהערן צו ענגלאַנד — דערזעט גראָד דער פעסימיסט דעם באַלויכטענעם פּונקט: „דרום־אַפריקע". גיט ער צו מיר אַ ווונק מיטן אויג: געדענקסט, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן? געדענקסט, ווי אַזוי ענגלאַנד האָט דעראָבערט די פּראָווינצן? דערמאָנסט זיך אין די טייכן בלוט, וואָס האָבן זיך דאָ געגאָסן און די ווילדע שחיטות אויף די אומגליקלעכע בורן?...

און ער פאַרטראַכט זיך מעלאַנכאָליש.

שפּאַצירן מיר איבער די גרויסע און רייכע ענגלישע זאַלן. דאָ, דערקענט מען, איז דאָס עשירות עכט. נישט אָנגעבלאָזן. דער ענגלישער פּאַוויליאָן איז געהאַלטן אין טונקעלע פאַרבן. אַלץ איז אויסגעלייגט בעל־הביתיש, סאָליד, מיט אַ געפיל פון זעלבסטזיכערקייט. די אַטמאָספער פון גאַלסוואָרטיס דערציילונגען. עס ווערן געוויזן די גרויסע מאַשינען פון מאַנטשעסטער. דערנאָך — אַ זאַל מיט סחורות, מיט שיפן, מיט פאָטאָ־מאָנטאַזשן פון פּאָרטן, מיט אַעראָפּלאַנען און דערגרייכונגען פון דער לופט־טעכניק. גרויס־בריטאַניע האָט אויך נישט פאַרגעסן אין גייסט: אַן אויסשטעלונג פון קינסטלעריש־אילומינירטע שריפטן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אויך העברעיִשע טעקסטן. אָט איז אַ קאַפּיטל תהילים אויסגעציקלט מיט קינסטלערישן כתב, אָט איז אַן „אדון עולם“...

— פּאָרט פאַרערערס פון דער ביבל — שיינט דער אָפּטימיסט.

זאָגט אָבער דער פּעסימיסט, אַז נאָר נאַיִווע קענען זיך פרייען דערמיט. אויך אין דעם גלויבט ער מער נישט. די ביבל איז פאַר די ענגלענדער עפּעס אַ מוזעאַלער אַנטיק. זי האָט אַזוי לאַנג אַ ווערט ביז וואַנען זי טרעפט זיך נישט צונויף מיט „אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק“.

ער פאַרלירט נישט די זויערע שטימונג אַפילו דאַן, ווען מיר געפינען זיך ביים ספּעציעלן פּאַוויליאָן פון תנ״ך, וואָס שטייט נעבן ענגלאַנד. אינטערעסאַנטע תנ״ך־אויסגאַבעס קען מען דאָ זען. דער ספר־הספרים איז איבערגעזעצט אויף 700 לשונות, אויף די פאַרשידנסטע דיאַלעקטן פון אַזיאַטישע, אַפריקאַנישע און אויס־טראַלישע שבטים.

אונדזער תנ״ך! — רוימט מיר איין אין דער שטיל מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט דער אָפּטימיסט — מיר, יידן, האָבן דער וועלט אַ קולטור געגעבן, מיר האָבן די מענטשן געלערנט מאָראַל און עטיק, מיר האָבן זיי באַשאָנקען מיט די גרעסטע מתנות, מיר האָבן געגעבן צו דער מענטשהייט דעם גרעסטן געדאַנק, וואָס זי פאַרמאָגט...

— און דערפאַר טאַקע כאַפּן מיר קלעפּ! — לאָזט אים נישט אָפּאָטעמען דער פּעסימיסט.

נאַטירלעך: ביים פראַנצויזישן פּאַוויליאָן ווערט אויך דער שווערער פּעסימיסט אַ ביסל רירעוודיק. די פראַנצויזן בויען מיט אַזאַ לייכטן, פאַרכישופנדיקן סטיל, מיט אַזוי פיל באַוועגונג און יוגנט־שווונג. דער פּאַלאַץ „פּאַריז“ איז באַגאָסן מיט ריוויערא־זון. ער ציט און רופט דעם פאַרבייגייער.

אָבער פּעסימיסט בלייבט פּעסימיסט.

יאָ, זאָגט ער, דאָ רופט זי, פּאַריז, דאָ לאָקט זי. אָבער — אין פּאַריז איז פּאַריז אַ מרשעת, זי טרייבט דעם פרעמדן, מאַכט אָבלאַוועס, פירט אַדורך רעווי־זיעס, פאַרסמט דאָס לעבן פון איינוואַנדערער...

ווען מיר גייען איבער די פּאַוויליאָנען פון די נישט־אייראָפּעיִשע לענדער, גיט דעם אָפּטימיסט מיינעם אַ צי קיין בראַזיל. די קאַווע רייצט אים די נאָז. סאַראַ מחיהדיקער געשמאַק!

זאָגט אָבער דער פּעסימיסט, אַז אים שמעקט נישט די קאַווע, ער קען זי נישט פאַרטראָגן, זי דערמאָנט אים אינעם שגעון פון דער הײַנטיקער וועלט, אַ שגעון, וואָס הייסט אַרײַנוואַרפן טויזנטער זעק קאַווע אין וואַסער, ווײַל — עס איז דאָ צו פיל... די בראַזיליאַנישע קאַווע איז סימבאָליש, זאָגט ער, פאַר אונדזער גאַנצן צעפוילטן ווירטשאַפטלעכן סיסטעם, פאַר אונדזערע זינלאָזע און ביטערע קריזיס־פּאַראַדאָקסן.

אין שיינעם אַלזשיר־פּאַוויליאָן בלײַבט דער אָפּטימיסט אין דרויסן. ער שפּאַצירט אין גאָרטן צווישן די רויזן, בעת דער פּעסימיסט מאַכט מיר אינעווייניק אַ חשבון, אַז די אַראַבישע פּריצישע הויפן, וואָס ווערן דאָ פאָרגעשטעלט מיט זייערע שפּרודלדיקע ברונעמס און פאָנטאַנען, זענען גאַנץ ווייט פון צו זײַן אמתע פּריצישע מאָזאַיִק און שטילקייט: — הינטער די הויפן קען מען הערן גאַנץ דייטלעך אַ געשריי פון געשלאָגענע, פאַגראַמירטע יידן.

אין ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן בין איך שוין דאָ מיט ביידע. עס איז אַ שיינער בנין. ארץ־ישׂראל־סטיל. עס ווערט באַוויזן דער אויפבוי פון יידישן לאַנד, דער וווּקס פון א״י, די פּראָדוקציע, דער מאַראַנצן־עקספּאָרט. דער אָפּטימיסט איז, פאַרשטייט זיך, שטאָלץ, וואָס ארץ־ישׂראל פעלט נישט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער מלוכה־משפּחה. דאָס איז דאָס גרעסטע וווּנדער פון דער וועלט־אויסשטעלונג: אַ מדבר בליט אויף, ווערט באַלעבט, באַבויט. די פאַרוואָגלטע קינדער פון ישׂראל קערן זיך אום אין זייער היימלאַנד און בייסן זיך איין אין דער מאַמע־ערד... דער אָפּטימיסט זוכט זיך אויך אויס סימבאָלן: אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכן עס שטייט דער ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן האָט זיך געזאָלט געפינען היטלער־דייטשלאַנד. אָבער היטלער האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער לעצטער מינוט. דייטשלאַנד איז אָרעם און האָט נישט קיין געלט אויף אַזעלכע זאַכן. ארץ־ישׂראל פאַרנעמט איר אָרט. נעבן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן געפינען זיך די פּאַוויליאָנען פון מצרים און פּערסיע. פּרעה און המן קענען זיך איבערצייגן, אַז אַלע זייערע בייזע פאַרניכטונגס־פּלענער כּנגד דעם יידישן פאָלק האָבן זיך נישט אײַנגעגעבן. מיר לעבן. מיר באַווייזן אַפילו דאָס וווּנדער אויפצולעבן ארץ־ישׂראל. די געשיכטע פון ארץ־ישׂראל הייבט זיך אָן פון דאָס ניי.

פאַרבלאָנדזשעט אָבער דער פּעסימיסט מיט זײַן בליק אויף אַ פּאָר שקאַרפּעטעס ווערט נישט געוויזן, זאָגט ער, דאָס ארץ־ישׂראל פון אַלע טיילן פון יידישן פאָלק. עס ליגט דערויף דער חותם פון איין פּאַרטיי. עס איז געמאַכט ענגהאַרציק. אָן פאַרנעם. די היסטאָרישע גרויסקייט און הייליקייט פון ארץ־ישׂראל ווערט נישט דערמאָנט. וואָס ווילסטו מיר זאָגן, אַז דאָס קליינע סידורל מיט די „בצלאל״־

טאָוולען קען זיין דער איינציקער „עקספּאָנאַט״ פון דעם, וואָס ארץ־ישׂראל איז פאַר יידן, פאַר דער וועלט ?...

ביי די עקספּאָנאַטן פון דער ארץ־ישׂראל־פּראָדוקציע שטעלן זיך דעם אָפּטי־מיסט טרערן אין די אויגן. ער איז בטבע אַ סענטימענטאַלער. וויינט ער פון פרייד.

פאַרבלאָנדזעט אָבער דער פּעסימיסט מיט זיין בליק אויף אַ פּאָר שקאַרפּעט־קעס, וואָס הענגען אין סאַמע פראָנט. און ער רעגט זיך אויף. געשמאַקלאָזיקייט! פּראָווינציעלע השׂגות! פאַר אונדז קען דאָס זיין אַ זייער דערפרייענדיקע דערשיי־נונג, וואָס מיר האָבן אויך זאָקן־פאַבריקן אין ארץ־ישׂראל, אָבער אויף אַן אינטער־נאַציאָנאַלער אויסשטעלונג קען מען זיך דאָך נישט באַווייזן מיט אייגן־אויסגעאַר־בעטע שקאַרפּעטקעס, און זיי נאָך אויפהענגען אין סאַמע אויבן־אָן. דאָס איז נישט דערלאָזלעך.

עס אַרט אים אויך, פאַר וואָס די יידישע פאַרקויפעריגס רופן אויס זייערע סחורות אויף אַן אמתן מזרח־נוסח, טומלדיק און שרייענדיק אויפן קול, אַ שטייגער, ווי עס וואָלט דאָ געווען אַ יאַריד. אין ערגעץ ליאַרעמט מען נישט אַזוי און מען רופט נישט אַזוי הויך און מיט אימפּעט דעם קונה, ווי אין ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן. אין דעם פּרט מעגן מיר זיין „אייראָפּעער״, זאָגט ער.

כ׳זעץ מיך אַריין אין דער ליליפּוט־באַן, וואָס נעמט אויף דער אויסשטעלונג. מיינע באַגלייטערס זענען מיט מיר. די באַן פירט קיין אַלט־בריסעל. דאָרט ווערט געוויזן ווי די בעלגישע רעזידענץ האָט אויסגעזען מיט הונדערטער יאָרן צוריק. עס שמעקט מיט פאַרגאַנגענהייט. אַ שטעטעלע. קליינע הייזלעך, אַלט־פרענקיש מעבל. אַלט־פרענקישע קליידונג. נידעריקע געוועלבלעך, קאָטשן פאַרן. וואַרשעווער „מקום״! מיינע באַגלייטערס לאָזן זיך אַריין אין אַ וויכוח, ווען עס איז בעסער געווען און ווו מען האָט רויִקער געלעבט: אין אַלט־בריסעל צי אין היינטיקן ברי־סעל. זיי קריגן זיך, צי די ציוויליזאַציע און די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָבן געבראַנגט גליק און ברכה פאַר דער וועלט. צו קיין הסכּם וועלן זיי שוין קיין מאָל נישט קומען. מען דאַרף, בכן, וואָס שנעלער אַוועק פון אַלט־בריסעל.

ווידער איבער די פּאַוויליאָנען. טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרייך, שוועדן, נאָרוועגיע, און נאָך אַנדערע מלוכות. אין יעדן פּאַוויליאָן ווערן געגעבן דערקלערונגען. דער אָפּטימיסט נאָטירט זיך אַלץ, וואָס די דערקלערערס זאָגן: „גרויסע דעראָבערונ־גען... ביי אונדז איז מען גליקלעך... מיר פּראָדוצירן, מיר האָבן גרובנס, ביי אונדז איז דאָס שענסטע און ווילסטע ווינקל... מיר האָבן זיך צו באַווייזן מיט האָב און גוטס...״ ער נאָטירט אַלץ. און דער פּעסימיסט קריצט מיט די ציין און מאַכט גוואַלדן: שנעלער, לייג שוין אַוועק די בלייפעדער, „כּך וכך טאָן קוילן, כּך וכך אויטאָ־גאַראַזשן״ — עס נודזשעט דאָך שוין פון דער לאַקריץ זיסקייט! עס קומט דאָך שוין קאַפּויער פון דעם בלאָף. פון דער חברה קאָמעדיאַנטן! וואָס קומט

אַרויס, אַז זיי זענען אין שטאַנד צו פּ אַ ר ק ו י פ ן אַזוי פיל גוטע זאַכן, אויב זיי זענען נישט בכוח מעגלעך צו מאַכן, אַז מיר זאָלן קענען ק ו י פ ן. זיי באַווייזן דאָך פּאַקטיש זייער אָנמאַכטיקייט, זייער צעלעכערטעווירטשאַפט. רייך, רייך, און פּאַרט — קבצנים...

אויף דער צווייטער זייט צייכנט זיך די סילועטע פון פּוילישן פּאַוויליאָן. אַ קליינטשיקער בנין. אויך אינעווייניק מאַכט ער זייער אַן אָרעמען און נעבעכדיקן איינדרוק. בלויז דאָס ווינקל פאַר טוריסטיק ציט צו די באַזוכערס: אַ בער אין דער נאַטירלעכער גרויס שטייט דאָרט, אַ בער פון די ביאַלאָוויעזשער וועלדער.

מיין אָפּטימיסט פילט זיך דאָ גוט. איז ער דאָך אין זיין געבורט־לאַנד! אַלץ איז דאָ פאַר אים נאָענט היימיש, אינטים. די אַגראַר־ און אינדוסטריע־דיאַגראַמען, די בילדער. דער פּייזאַזש, אַלץ ז י י נ ס. דער פּעסימיסט פאַרשטייט, אַז דאָ מוז ער אַ ביסל האַלטן דאָס מויל, רעדט ער ווייניק, ער גיט מיר נאָר אַלע מינוט אַ קוועטש אין דער האַנט און מורמלט:

— הממממ... הממממ...

דער אָפּטימיסט איז גליקלעך, ווען דער אָנפירער פון פּוילישן פּאַוויליאָן פאַרבעט מיך צו זיך אין קאַבינעט. דער דירעקטאָר פאַרקלאָגט זיך אויף אַ טייל פון דער פּוילישער פּרעסע, וואָס פירט אַ שאַרפע אַטאַקע קעגן פּאַוויליאָן, וואַרפט אים פאָר אַ קבצנישן אויסזען און האַלט, אַז אָנשטאָט אַזאַ „פּאַלאַץ" וואָלט שוין גלייכער געווען אין גאַנצן זיך נישט צו באַטייליקן אין דער וועלט־אויסשטעלונג. דער דירעקטאָר פון פּאַוויליאָן מיינט אַנדערש. דער דירעקטאָר זאָגט: מיר מוזן נישט אַלע מאָל אַרויסקומען אימפּאָזאַנט. מיר דאַרפן זיין אויך באַשיידן, אָן פּאָע־זיע און פּאַטאָס. דער דירעקטאָר בעט מיך איך זאָל נעמען אין שוץ דעם פּוילישן פּאַוויליאָן און שרייבן, אַז ער ווערט מיט אומרעכט אַטאַקירט.

קוועלט דער אָפּטימיסט, אַ גדולה אויף זיין קאָפּ:

— זעסט, ווי מען רעכנט זיך מיט אַ יידישן זשורנאַליסט, ווי מען בעט ביי דיר, זאָלסט זאָגן אַ גוט וואָרט...

גליטשט זיך אויף די ליפּן פון פּעסימיסט אַ סקעפּטישער שמייכל. און ווען איך פאַרלאָז דעם דירעקטאָר־קאַבינעט, גיט ער מיר אַ זאָג:

— אַן אַלטער כּלל, „יאַק בידאַ טאָ דאָ זשידאַ"...

כ׳בין מיד פון שפּאַציר איבער דער אויסשטעלונג. דער פּעסימיסט מאַטערט מיך אָן אויפהער מיט קלאָץ־קשיות, ער שפּילט מיר אויף די נערוון. לסוף זאָגט ער, אַז ער פאַרשטייט מיך אין גאַנצן נישט, ווי אַזוי איך קען האָבן געדולד צו קוקן אויף אַזאַ מלוכות־אויסשטעלונג. דו גייסט, זאָגט ער, דו הערסט, זעסט דעם גאַנצן שקר־אַפּאַראַט, און דיין בלוט קאָכט נישט אויף? פאַרדריסט דיך נישט די

קאָמעדיע, רעגט דיך נישט אויף די צביעות־רעקלאַמע, דאָס פאַרגוואַלדיקן דעם אמת, דאָס פאַרטעמפּן די מוחות פון די באַזוכערס ?

ביים אַרויסגאַנג, ביים אָנבליק פון די פענער פון עטלעכע דרייסיק מלוכות, וואָס פלאַטערן צוזאַמען, ברעכט ער אויס אין אַ הויכן חוזק־געלעכטער :

— כאַ־כאַ־כאַ...

אַ צווייטן מאָל, ווען כ'וועל גיין אויף אָפיציעלע אימפּרעזעס און אויסשטע־לונגען, וועל איך אים שוין נישט לאָזן זיך מיטשלעפּן. צום טייוול ! אין דער היים וועט ער מוזן בלייבן. דער מחוצף !

# צוליב אַ דרוק־פעלער

צוליב אַן אַקס פון אַ וואָגן — ווערט דערציילט — איז חרוב געוואָרן די אַלטע יידישע שטאָט ביתר, צוליב אַ האָן און אַ הון איז צו גרונט געגאַנגען טור מלכא.

און צוליב אַ דרוק־פעלער ?...

אין דער דייטשער טעגלעכער צייטונג „לאָקאַל אַנצייגער" האָט דעם 2טן דעצעמבער, היינטיקס יאָר, זיך באַוויזן אויף דער פערטער זייט, דריטער שפּאַלט, פאָלגנדיקע נאָטיץ: „די רייען פאַר די קראָמען וואַקסן פון טאָג צו טאָג. עס פּילט זיך כסדר אַ מאַנגל אין אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. עס פעלט שפּייז, ווייל די רעזערוון ווערן פאַרווענדט אויף קריגס־צוועקן און קאָנסערווירט פאַר דער אַרמיי.

דער פּרעמיער־מיניסטער פון פּרייסן, גערינג, האָט אין זיינער אַ רעדע באַרירט די איצטיקע ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין דייטשלאַנד. מיניסטער גערינג האָט גע־זאָגט, אַז דער שפּייז־מאַנגל טאָר נישט אַרויסרופן קיין אומצופרידנקייט. די דייטשע מאַסן מוזן געדענקען, אַז עס איז בעסער איין גראַנאַט מער איידער אַ האַלב פונט פּוטער אָדער וווּרשט.

אויך דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער געבעלס האָט אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג באַהאַנדלט די זעלבע פראַגע. מיניסטער געבעלס האָט זיך אויסגעדריקט: „איך בין מוחל דעם פונט פּוטער; עס איז פאַר מיר וויכטיקער, וואָס איך קען ביי נאַכט רויִק שלאָפן און דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אַ באָמבעס־אָנגריף פון שונא".

דאָס דייטשע פאָלק מוז זיך פאַרטראַכטן וועגן דיביידע מיניסטער־רעדעס און פאַרשטיין אין וואָס עס באַשטייט די באַדייטונג פון דער נאַצי־באַוועגונג.

דאָס דייטשע פאָלק מוז וויסן אַז די נאַצי־באַוועגונג איז די גרעסטע פרייהייטס־באַוועגונג פון דייטשלאַנד.

די דאָזיקע נאָטיץ איז, ווי געזאָגט, געדרוקט געוועזן אויף דער פערטער זייט, און דערצו — מיט דראָבנע פּעטיט־אותיות.

אָבער ווי מערקווירדיק איז דער גורל פון ידיעות! גראָד די קליינע מעלדונג

איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערשט־קלאַסיקע אַטראַקציע פאַר גאַנץ דייטש־לאַנד.

אין יענעם טאָג דעם טאָג פון 2טן דעצעמבער, איז דער „לאָקאַל אַנצייגער" זיך צעגאַנגען אין אַ ריזיקער צאָל עקזעמפּלאַרן. ביי די קיאָסקן אין אַלע שטעט און דערפער פון דייטשלאַנד איז די נאָכפראַגע אויפן „לאָקאַל אַנצייגער" געווען אומגעווייִנלעך גרויס.

אין די הינטערגרונט־באַנען, אין די אויטאָבוסן, אין די טראַמווייען, אין די קאַפעען, רעסטאָראַנען, ביר־קעלערס, אומעטום זענען דייטשן געזעסן מיטן „לאָקאַל אַנצייגער" אין האַנט, און ביי אַלעמען איז די צייטונג געווען אויפגעמישט אויף דער פערטער זייט, דריטער שפּאַלט, און די אויגן האָבן געשטעקט אויף דער לעצטער שורה, דאָרט וווּ עס געפינען זיך די ווערטער: „פרייהייטס־באַרויבונג"...

אין די פאַבריקן, אין די געשעפטן, אין די רייען פאַר די קראָמען, האָט מען פון האַנט צו האַנט זיך דערלאַנגט די צייטונג.

מען האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. מען האָט אפשר דאָס מאָל נאָך טיפער, נאָך געהיימנישפולער און אומהיימלעכער געשוויגן. נישט פינגער האָבן זיך ליידנשאַפטלעך געקלאַמערט אינעם בלאַט, נאָר — נעגל, שאַרפע, שפּיציקע נעגל.

עלף אין דער פרי איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָ מיט זשאַנדאַרמען און אַגענטן פאַרן לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון „לאָקאַל אַנצייגער". דער נומער איז געוואָרן קאָנ־פיסקירט. אַ גרינטלעכע רעוויזיע איז אַדורכגעפירט געוואָרן. און די מיטגלידער פון רעדאַקציע, אַדמיניסטראַציע און זעצעריי זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין „שוץ־האַפט".

אָבער אין גאַס האָט מען ווייטער געלייענט דעם „לאָקאַל אַנצייגער". דער אינטערעס צום קאָנפיסקירטן נומער איז נאָך מער געשטיגן. מען האָט געצאָלט פאַר אַן עקזעמפּלאַר 20 מאַרק, און אין די אָוונט־שעהען — אַפילו 50.

— קענט איר אונדז געבן אויפקלערונגען צו דער נאָטיץ, וואָס איז געווען געדרוקט דעם 2טן דעצעמבער אין אייער צייטונג?

דער אויספאָרשונגס־ריכטער וואַרפט אַ דורכדרינגלעכן בליק אויף דעם רע־דאַקטאָר פון „לאָקאַל אַנצייגער". דער רעדאַקטאָר, אַ מענטש פון אַ יאָר זעכציק, מיט אַ פעט, אָנגעגאָסן פּנים, מיט נאַיִווע, צעשראָקענע אויגן, קוקט אין חלל און ענטפערט:

— אויפקלערונגען, ה' ריכטער, זענען, לויט מיין מיינונג, איבעריק. עס איז גאָרנישט געשען. אַלץ איז פאַרשטענדלעך. נאַטירלעך, פּשוט: אַ דרוק־פעלער...

— פאַר מיר איז דער ענין ווייט נישט אַזוי פאַרשטענדלעך און פּשוט. ווי אַזוי, אַלזאָ, זאָגט איר, האָט באַדאַרפט קלינגען די נאָטיץ?

— זייער נאַטירלעך. דער פעלער איז אַריינגעפאַלן אין דער לעצטער שורה. אַנשטאָט „באַרויבונג" דאַרף זיין „באַוועגונג". די נאַצי־באַוועגונג איז די גרעסטע פרייהייטס־באַוועגונג פון דייטשלאַנד. דאָס איז דער אמתער טעקסט פון יענעם אומגליקלעכן זאַץ... דרוק־פעלערן געהערן צו די אָפטע דערשיינונגען אין אַ צייטונג. די דרוק־פעלערן פאַרשאַפן די שרייבערס די גרעסטע שמערצן. זיי פאַרקריפּלען דעם זין פון אונדזערע אַרטיקלען; ביי אונדז זאָגט מען: שרייבערס שטאַרבן נישט פון קיין האַרץ־פעלער, נאָר פון אַ דרוק־פעלער... דאָס איז דער פאַטאַליזם פון אַ צייטונג, ה' ריכטער!

דער ריכטער איז עפּעס אויפגערעגט. ער נעמט אַראָפּ זיינע בינאָקלען, ווישט זיי אויס, טוט זיי אָן און נעמט ווידער אַראָפּ. דער שניט אין זיין פּנים איז אָנגעלאָפן מיט בלוט. ער קוקט אויף זיין גאָלדן זייגערל און ווענדט זיך צו דעם רעדאַקטאָר:

— שוין די 21סטע מינוט פון דער אויספאָרשונג און איר דרעשעט כסדר דאָס זעלבע: פאַטאַליזם היינט, פאַטאַליזם מאָרגן... די גאַנצע נאַטיץ איז געהאַלטן אין אַ סקאַנדאַליעזן טאָן. די עקספּאָזיציע, דער אָנהויב, פּאַסט זיך פאַרן עפּילאָג, פאַר דער ענדע. געהערט אַזאַ אַריינפיר: „די רייען וואַקסן"...

— אָבער פּונקט אַזוי האָבן דאָך אויך געזאָגט די מיניסטאָרן...

— נישט פאַרדרייען די פאַקטן! די מיניסטאָרן האָבן גערעדט מיט באַגייסטערונג! און פון דער מעלדונג וואָס איז געדרוקט אין „לאָקאַל אַנצייגער" בלאָזט אַ קאַלטקייט, אַן אייַז־קאַלטקייט. נישטאָ קיין שפּור פון באַגייסטערונג און ברען. אונדזער באַוועגונג בויט אויף די ענטוזיאַזם־אוצרות פון דייטשן פאָלק. אייער נאַטיץ איז טרוקן, ניכטער, אינטעלעקטואַליסטיש. אַזאַ סטיל איז סקאַנדאַליעז אין דריטן יאָר פון דער נאַצי־רעוואָלוציע!

— צו דער 27סטער מינוט — האָט ווייטער גערעדט דער ריכטער — פאַרלאַנג איך ביי אייך די ענדגילטיקע אויפקלערונג...

דער גרויער קאָפּ פון רעדאַקטאָר וואַרפט זיך אין פּחד:

— אַן אומגליק, אַ פאַטאַלער צופאַל, אַ פאַטום...

— ווידער ביים זעלבן! איר פאַרגעסט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן עס איז היינט פאַר אַ דייטש צו מאַכן אַזאַ פעלער! עס פעלט צוגעבונדנקייט צו אונדזער אידעע. קריטיקערס, סקעפּטיקערס, דעגענערירטע אינטעלעקטואַליסטן!...

— האָבן מיר דען נישט געלאָזט זיך „גלייכשאַלטן" מיטן אָנקומען פון היטלער־רעזשים? — האָט ווייטיקלעך געפרעגט דער רעדאַקטאָר.

— איר זענט אָבער געבליבן פאַרפוילט, אומגלויביק! ניין, ה' רעדאַקטאָר, אייערע אויפקלערונגען זענען ווייט נישט גענוגנדיקע...

דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אַראָפּגענומען די בינאָקלען און זיי ווייטער אָנגעטאָן:

— שוין די 44סטע מינוט פון דער אויספאָרשונג...

לוקסוס־אויטאָס פאָרן, לוקסוס־אויטאָס גליטשן זיך איבערן בערלינער אַספאַלט. מיניסטאָרן קומען זיך צונויף אָפּצוהאַלטן אַ באַראַטונג. מחנות אַגענטן היטן. די נעמען פון די מיניסטאָרן זענען דערמאָנט געוואָרן אין יענער סקאַנדאַליעזער נאָטיץ, ביידע מיניסטאָרן דאַרפן דעצידירן וועגן אויסגאַנג פון דער זאַך:

— ווי שלימזלדיק דער אויסרייד איז! אַ דרוק־פעלער... דאָס הייסט: געשאָסן, געצילט — און נישט געטראָפן! נאָר אויף יאַגד קענען פּאַסירן אַזעלכע מעשׂיות! היינט אַפילו אויף יאַגד אויך נישט! די בערן אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער זענען פאַראַיאָרן געפאַלן גלייך פון דער ערשטער קויל, די בערן זענען געפאַלן ווי די יידן און מאַרקסיסטן, און אַזוי מוזן פאַלן אויך די הערן פון „לאָקאַל אַנציי־גער"! פאַרפוילטע רעשטן פון דער יידן־רעפּובליק! קאַלט, שפּיציק, ראַדיקאַליס־טיש, פאַררעטעריש! אין תּפיסה, צום וועגטל! צום טויט!

מיט אַ גראָבער, יונקערישער שטימע קייקלען זיך די ווערטער. זיי פאַלן שווער, האַמעטנע, ווי דאָס בליי פון די יאַגד־קוילן. זיי קלינגען אָפּ טעמפּ, ווי קעפּ פון שיכּורים וואָס פאַלן אין רינשטאָק.

זיין פריינד באַטראַכט אים מיט אַ דיסקרעטן שפּאָט. דער קליינער הער רעדט פּאַמעלעך, מיט אַ טאָן פון פאַרביטערונג:

— צי לאָזט זיך באמת גלויבן, אַז די מעלדונג איז אַ בייזוויליק אַנטי־מלוכה־שע? צי לייגט זיך עס אויפן שׂכל, אַז ביי די פּחדנים פון „לאָקאַל אַנצייגער" האָט געקלעקט מוט אויף אָפּצודרוקן אַזעלכע שורות? — ניין, מיין פריינד, אויף מיין שׂכל לייגט זיך עס נישט! ווייל ווען זיי וואָלטן געהאַט מוט, וואָלטן מיר היינט נישט געזעסן אויף דער ווילהעלם־שטראַסע און נישט מיר וואָלטן זיי געמשפּט!

— איר קענט זיי נישט האָט ער ווייטער געצויגן און אַ סאַרקאַסטישער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיינע שמאָלע שלאַנג־ליפּן — קריכן קענען זיי, קריכן זיי, חנפהנען ביז צו עקל, ווי אַלע לאָקאַיען און שטיוול־פּוצערס.

אייך פאַרדריסט די נאָטיץ. און איך מוז אייך זאָגן, אַז ווען איך זאָל זיכער זיין, אַז זי איז באמת אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ בייזוויליקער כּוונה, וואָלט איך מיך געפרייט. איך וואָלט דאַן דערפילט, אַז מיר רעגירן איבער לעבעדיקע מענטשן, איבער נשמות, איבער אימפּולסן, און נישט איבער בהמות, איבער אַ סטאַדע ציגן, וואָס קענען בלויז שאָקלען מיט די קעפּ און זאָגן: מעע, מעע!

אַ דרוק־פעלער. זיכער אַ דרוק־פעלער. און דערפאַר שפּיר איך אַזאַ פאַר־אַכטונג צו דעם געזינדל. מיר האָבן די יידן פאַריאָגט פון אַלע רעדאַקציעס, פון אַלע ליטעראַרישע אַרבעטן. דאָס איז דער פּרינציפּ פון אונדזער רעזשים: ריינע

אַריער. אָבער מיר זענען נישט מער הערשערס. מיר ווערן וואָס אַ מאָל מער ענלעך צו — אָקסן־טרייבערס. לאַנגווייליק, מיין פריינד, לאַנגווייליק!...

די אויספאָרשונג האָלט שוין אפשר ביי דער 300סטער מינוט. נאָכן רעדאַקטאָר האָט מען פאַרהערט דעם רעפּאָרטער. מען האָט אויך אַריינגערופן דעם קאָרעקטאָר. אַלע לייקענען. קיינער ווייסט פון גאָרנישט. ערשט, ווען די צייטונג איז געווען אָפּ־געדרוקט, איז דער אומגליקלעכער טעות באַמערקט געוואָרן. דאָס גרויזאַמע, פאַ־טאַלע וואָרט.

די עקספּערטן דערקלערן, אַז ענלעכע געשיכטעס האָבן שוין פּאַסירט. למשל: אין די צייטן פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, אין די צייטן פון די צאַרן און אין דייטש־לאַנד — און די עקספּערטן דערקלערן, אַז ערגעץ אין אַ צייטונג איז געווען גע־דרוקט „קאָמעדיאַנט" אָנשטאָט „קייזער". קאַנצלער בילאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז די אַלע טענות וועגן אַ דרוק־פעלער זענען פּוילע תירוצים, און שטרענג באַ־שטראָפט די שולדיקע.

אַ ביסל חוצפּהדיק האָט זיך בעתן פאַרהער פאַרהאַלטן דער זעצער. צי איז מעגלעך, אַז ער האָט געמאַכט דעם פעלער ביים זעצן? — ער געדענקט נישט, אָבער עס קען זיין, אַז יאָ. ער אַרבעט לעצטנס אין אַ הונגעריקן צושטאַנד. די פאַרדינסטן פאַלן, די פּרייזן שטייגן. און אַז מען איז הונגעריק, ה׳ ריכטער, שפּרינגט דער לינאָטיפּ אָן קאָנטראָל און פרייהייט ווערט זייער לייכט פאַרטוישט אויף באַ־רויבונג"...

דאָ האָט דער דיכטער זיך אויפגעהויבן פון פּאָטעל. ער איז גראָד געשטאַנען אָן די בינאָקלען. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— איך פרעג ביי אייך נישט אויף אייער מאָגן־צושטאַנד, נאָר אויף אייער אידעען־צושטאַנד, פאַרשטאַנען?...

דאָנער וועטער! די דייטשע יוסטיץ איז אין קלעם. זי קען נישט אַרויסקריכן פון זומפּ מיטן דרוק־פעלער. אָבער — די נאָטיץ איז דאָך אַ הימל־שרייענדיקער סקאַנדאַל! דאָס פאַרברעכן פאַרדינט אויף אַ הארבע שטראָף!

איז געבליבן: דער רעדאַקטאָר, דער רעפּאָרטער, דער סעקרעטאַר, דער זע־צער ווערן אָפּגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דער ריכטער האָט זיין אורטייל מער־ווייניקער אַזוי פאָרמולירט: גוט, אַ דרוק־פעלער. מיר זענען מסכּים. אָבער אויב אַזוי, פאַר וואָס איז פון פרייהייט נישט געוואָרן „באַגייסטערונג", „אויפריכטונג", „אויסלייזונג"? פאַר וואָס דווקא „באַרויבונג?"

אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט דער רעדאַקטאָר געגנוג צייט. ער קען אַ סך קלערן. ער דערמאָנט זיך זיכער אין די ווערק, וואָס ער האָט געלייענט אין די אַמאָליקע ליבעראַלע צייטן. און אפשר שווימען אין זיין קאָפּ אַרויף די ווערטער פון ניטשע: „אַ מיאוס פאָלק, די דייטשן! געבוירענע לאַנדסקנעכט, וואָס פאַר־דינען אויף האַס". און מעגלעך קומען אים אויך אין זכּרון די שורות פון היינריך היינע: „ווען די דייטשן פאַלן אַריין אין משוגעת, האָט אויך זייער שגעון אַ מעטאָ־דע, אַ פּעדאַנטישקייט, אַ פאַרצווייפלטע געוויסנהאַפטיקייט, אַ גרוילעכע גרינטלעכ־קייט פון אַ לץ..."

און זיכער טראַכט ער ,אַז די קלוגע ווערטער פון יידישן דיכטער וועלן איבער־לעבן דאָס טפּשות, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַכט.

פאַר אונדז דאָ פון דער ווייטנס איז שווער צו זאָגן, וואָס אייגנטלעך איז דאָרט פאָרגעקומען אין „לאָקאַל אַנצייגער". צי האָבן מיר אין דעם פאַל צו טאָן מיט אַ בייזוויליקער נאָטיץ, אָדער טאָקע נישט מער, ווי מיט אַ דרוק־פעלער.

אָבער — קוקט זיך צו צו דער פּאַניק וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד צוליב איין־און־איינציק וואָרט, צו דער בהלה און צעטומלעניש, און ענדלעך צו דעם אורטייל: פאַרשיקונג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער (דאָס איז נישט, חלילה, קיין דרוק־פעלער) — און ס'וועט פאַר אייך בולט קלאָר ווערן, ווי מען פיבערט, ווי מען ציטערט איצט אין היטלער־לאַנד פאַרן אייגענעם שאָטן!

## דער טיפּ אַחשורוש

פון די סאַמע פריסטע קינדער־יאָרן איז ער פאַר מיר געווען אַ רעטעניש, דער קעניג אַחשורוש.

באֵין־אופן האָט אים דער קינדישער מוח נישט געקענט משׂיג זיין.

אַפילו דער אַלץ־וויסנדיקער רבי האָט זיך דאָ געמוזט פאַרהאַקן.

וואָס איז געווען ער אַליין, אַחשורוש? וואָס האָט ער אַליין געטראַכט וועגן יידן? ווי אַזוי האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין אייגענע באַציִונג צו דער יידישער באַפעלקערונג אין דער פערסישער מלוכה?

אין דער צייט פון זיין ממשלה האָבן די יידן איבערגעלעבט טעג פון טרויער און פּיין. אַ געפאַר פון אונטערגאַנג האָט געפאָכעט איבערן גאַנצן יידישן קיבוץ. דאָס לאַנד איז געוואָרן פאַרפלייצט מיט אַ כוואַליע פון ווילדער שׂינאה. די גרויזאַמסטע, די דראַקאָנישסטע גזירה איז דערשינען: „להשמיד להרוג ולאבד״...

און — ווי מאָדנע, דער העלד פון דער גאַנצער געשיכטע איז נישט ער, דער מלך, נאָר זיינער אַ מיניסטער, המן.

המן — איז די צענטראַלע פיגור, וועגן אים ווערט אין דער מגילה כסדר גערעדט. המן אָטעמט מיט שׂינאה צו מרדכין, המן האַסט דאָס פאָלק פון מרדכי, המן טראַכט־צו דעם אַכזריותדיקן פּראָיעקט, המן איז דער מחבר פון דער גזירה, המן מאַכט די חשבונות פון ביזוויליקייט. כסדר המן, המן, המן — אַחשורוש זיצט אויפן טראָן, אַחשורוש האַלט די גאָלדענע רוט אין דער האַנט. אַחשורושס פונקציע באַשטייט בלויז אין שאָקלען מיטן קאָפּ:

— נו, נו, אַדרבא! אויסראָטן די יידן? זאָל זיין! דערקלערן ספּעציעלע טעג אויף אַ יידן־שחיטה? ביטע זייער! צעשיקן די הריגה־פאַראָרדענונגען איבערן גאַנצן לאַנד? — נו, מהיכי תיתי!

„כטוב בעיניך״, ווי עס טוט ווילגעפעלן אין דיינע אויגן — דאָס איז דער ענטפער פון מעכטיקן אימפּעראַטאָר צו זיין מיניסטער, ווען דער מיניסטער פאַרלאַנגט פון אים די הסכּמה אויף אַ געזעץ אומצוברענגען און אויסצומאָרדן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג.

אַ קעניג, אַ מהיכי־תיתיניק, אַ הערשער, בנוגע וועלכן עס זענען דאָ חילוקי־

דעות. צי ער איז געווען אַ טיפּש אָדער אַ פּיקח, אַ מלך, אויף וועלכן עס לאָזט זיך נישט פעסט זאָגן, צי ער איז געווען בלויז אַ ליאַלקע אין המנס לאַפּעס אָדער ער האָט פּאַקטיש אַליין מיט המנען כיטרע מאַנעווורירט — אַזאַ טיפּ האָט זיך אויסגעוויזן מאָדנע — אומפאַרשטענדלעך און מאָדנע פאַרפּלאָנטערט.

די פּסיכיק פון אַנדערע קעניגן, וואָס זענען מיט אַ לייכטן געוויסן איינגעגאַנגען אויף צו פּייניקן יידן, איז דווקא יאָ אָן אָפּן בלאָט.

זייער כאַראַקטער לאָזט זיך זייער לייכט איינבייסן.

ביי זיי שטאַרט די רשעות בולט אַרויס, ביי זיי קוקט מעפּיסטאָ אַרויס פון די אויגן, פון זיי שטראָמען גאַנצע ימים אַכזריות.

נישט נאָר פּרעה האָט זיך אין אונדזער פאַנטאַזיע איינגעוואָקסן ווי אַ בלוט־דורשטיקער רוצח, ווי אַ טיראַן וואָס האָט אַליין — אַליין — פאַראָרדנט צו דער־טרינקען די ניי־געבוירענע יידישע קינדער, וואָס האָט אין בלוט פון יונגע, צאַפּ־לענדיקע עופעלעך זיין שמוציקן, קרעציקן קערפּער געבאָדן, וואָס האָט די יידן ביז טויט אַכזריותדיק געמאַטערט — אויך וועגן אַנדערע ענלעכע קעניגן האָבן מיר אַ קלאָרע מיינונג געהאַט.

קיין שום ספקות קענען נישט הערשן בנוגע דעם מאָראַלישן ווערט פון אַ נבוכדנצר. אַ רשע. דאָס האָט ער צום חורבן פון ירושלים דערפירט, דאָס האָט ער די יידישע זעלבסטשטענדיקייט צעשטערט, דאָס האָט ער די שיינקייט פון יהודה אַוועקגערויבט, דאָס האָט ער ביים יידישן מלך די אויגן אויסגעשטאָכן, הונדערטער געפאַנגענע אויסגעשאָכטן, הונדערטער געפאַנגענע צו זיינע רייטוואָגנס איינגע־שפּאַנט און איבער די גאַסן זיי געשלעפּט, איבער שטיינער, איבער זאַמדן, ביז זיי זענען מידע פון די פיס געפאַלן און די נשמות אויסגעהויכט... קיין צוויי מיינונ־גען קענען דאָ נישט זיין: נבוכדנצר האָט זיין מיניסטער נבוזדאַרן צו פּאָגראָמירן ירושלים געשיקט און נישט נבוזדאַרן האָט זיך ביי אים דאָס אויסגעבעטן...

אַן איינשטימיקער היסטאָרישער אורטייל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן קעניג אַנטיוכוס עפּיפאַנוס. אין אַלע קוועלן, אין אַלע געשיכטלעכע דאָקומענטן איז ער געשילדערט, ווי — אַ דעגענעראַט. ווי אַן אַכזר באַווייזט ער זיך אין „ספר חשמונאים" און ווי אַן אַכזר כאַראַקטעריזירט אים דער גריכישער היסטאָ־ריקער פּאָליביוס. פון געבורט האָט אַנטיוכוס געטראָגן אין זיך נישט נאָרמאַלע אייגנשאַפטן. רשעות איז ביי אים ווי אויך ביי אַלע רשעים, געווען ענג צונויפגע־פּאָרט מיט משוגעת. אַנטיוכוס האָט נישט צו דער שטים פון זיינע מיטהעלפערס זיך צוגעהערט. אין זיין אייגענעם צעדרייטן מוח איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאַרניכטן דאָס יידנטום, צו פאַרפירן אַ קאַמף קעגן דעם יידישן גייסט און יידישער טראַדיציע און אָנצוואַרפן מיט ברוטאַלן גוואַלד אויפן יידישן פאָלק דעם

גריכישן גלויבן. זיין בלוטדורשטיקייט איז ממש צו קלאַסישן אַבסורד דערגאַנגען. ער האָט אַ שוידערלעכן ביישפּיל פון דעגענערירטער רציחה באַוויזן אין דער געשיכטע פון חנה מיט אירע זיבן זין. אַזוי דערציילט דער היסטאָריקער: ער אַליין האָט ביי די קינדער די צינגער אויסגעשניטן, די הענט און די פיס אָפּגעהאַקט און דערנאָך אויפן פלאַקערנדיקן פייער געוואָרפן. ער אַליין האָט מיט ווילדער הנאה דעם אַקט פון סאַדיזם אויסגעפירט... דאָס איז אַ בולטער פּאָרטרעט.

ווי אַ געשפּענסט האָט זיך אין אונדזער זכרון איינגעקריצט אַן אַנדערער אויסוואורף, טיטוס. אַ בעל־תאווה פון מענטשלעך בלוט, וואָס האָט זיין צעיושעטן צאָרן אויסגעגאָסן אויפן קליינעם פאָלק פון יהודה און מיט טייוולאַנישער נקמה דעם בית־המקדש אונטערגעצונדן, אַ צורר, וואָס האָט אַפילו נאָך זיין אָפּגעהאַלטענעם טריומף, בלוטיקע צירק־שפּילן איינגעאָרדנט, אויף וועלכע די געפאַנגענע גבורים האָבן געמוזט קעמפן מיט ווילדע חיות, און דער אַכזר האָט צו די ליידן פון די אומגליקלעכע מיט הנאה זיך צוגעקוקט, דער אַכזר האָט פון ווילדן נחת זיך געשמאָלצן און מיט גאווה באַטראַכט זיין „ווערק"...

קיין שום פּראַגע־צייכן איז אויך נישט אַדרינוס. נישט קאָמפּליצירט אין זיין פּסיכאָלאָגיע; פאַרניכטן איז ער אויסן געווען, צו פאַרטיליקן האָט ער געשטרעבט, נישט בלויז איין דור. נאָר אַלע דורות. חרוב מאַכן די יסודות פון דער יידישער רעליגיע, די פאַרשידנסטע פאַרבאָטן, נישט צו היטן שבת, נישט צו לערנען, נישט צונויפצוקומען זיך אין בית־המדרש — דאָס איז אַלץ זיין איינפאַל געווען. דאָס האָט ער „יורידיש" אָפּגעפּסקנט, אַז פאַר עסן מצה מוז מען אויף דער תליה גיין, פאַר לייגן תפילין — מוז דער מוח אויסגעשטאָכן ווערן, פאַר רוען אין שבת — אויף די פלאַמען אומקומען. אַדרינוסעס אַמביציע איז געווען פאַרשריבן צו ווערן אין דער געשיכטע אַלס דער רוימישער קייזער, וואָס האָט ענדגילטיק פאַרענדיקט מיט דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק, וואָס האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַזיגט די יידישע גייסטיקע גבורה. בעת ער האָט שפּאַצירט אויף די גאַסן פון ירושלים האָט ער דערשטאָכן יעדן ייד, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, אָן אונטערשייד, צי דער ייד האָט אים יאָ באַגריסט צי נישט. ביי זיינע באַגלייטערס האָט זיך שוין אין דעם מאָמענט אַ פונק פון רחמנות דערוועקט און זיי האָבן ביים קייזער געפרעגט: וואָס זאָל ער פאַרט טאָן דער ייד, כּדי ער זאָל נישט אומקומען? — אָבער אַדרינוס איז געבליבן אומדערשיטערט. ער האָט געענטפערט: טויט מוז יעדער ייד פאַלן!

דאָס הייסט: אַ קלאָרע טאַקטיק. דאָס הייסט: אַ דייטלעכער פּרצוף. אַחשורוש איז אין דעם געזינדל אַן אוניקום.

גאַנץ גערן, ביי אַ זייער גוטן הומאָר וואָרשיינלעך, נעמט דער קעניג אַשורוש אַראָפּ דעם רינג פון זיין פינגער און דערלאַנגט אים המנען. גאַנץ גערן לייגט ער זיין חתימה אויף אַ טויטאורטייל איבער דער יידישער באַפעלקערונג. אַ, ביטע

שיין, אַדרבא, כטוב בעיניך!״... און דאָך איז דער רשע אין די אויגן פון פאָלק, אין די אויגן פון די יידן אין שושן, נישט ער, נאָר בלויז המן...

המן איז אויך פאַרבליבן אין דער געשיכטע דער רשע; המנען פאַרשעלט מען; המנען צעגראַגערט מען; המן איז אין שפּריכוואָרט אַריין, אין פאָלקס-לשון, „מלך קשה כהמן״, אַחשורוש שטייט אין שאָטן. נישט דו ווייסט צי בענטשן אים, צי שעלטן. נישט דו קענסט זיך וועגן אים שאַפן אַ קלאָרן באַגריף.

אָבער — נאָר אין די קינדער־יאָרן האָט זיך אַחשורוש אויסגעוויזן אומפאַר־שטענדלעך.

איצט איז ער מער נישט פאַר מיר און אויך נישט פאַר דיר קיין ספינקס.

איצט באַגרייפן מיר אים, איצט האָבן מיר די קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן זיין טאַקטיק, זיינע מעטאָדן און זיינע כוונות.

זיי זענען ביידע גערעכט, ביידע מאן דאָמרס, אי אַ מלך טיפּש איז געווען אַחשורוש, אי אַ מלך פּיקח. דערין טאַקע איז זיין חכמה באַשטאַנען — אין מאַכן זיך פאַר אַ נאַר...

זיין טיפּשות איז געווען געקינצלט. זיין תּמעוואַטקייט איז געווען כיטרע, זיין מהיכא־תּיתידיקייט איז געווען ציניש.

אין דער דאָזיקער ראָל האָט ער געוואָלט פיגורירן: „בייטראַל״ איז ער. בייטראַל. „אָפיציעל״ מישט ער זיך נישט אין דער אַנטיסעמיטישער אַקציע, אָפיציעל מאַכט ער נישט מיט דעם צעווילדעוועטן געיעג אויף יידן, ווארום אַחשורוש, דאַרפט איר וויסן, איז „קולטורעל״, „אייראָפּעיִש״ (אין יענע צייטן האָט מען גע־זאָגט „אַזיאַטיש״), אַחשורוש העצט נישט, אַחשורוש אָרגאַניזירט נישט, שלאָגט נישט, טראָגט נישט אַליין אַריין די גזירה־פּראָיעקטן — די יידן־פּרעסערישע אַרבעט ווערט דורך אַנדערע געטאָן. אַנטיסעמיטיש איז המן, אַנטיסעמיטיש איז דער גלח, אַנטיסעמיטיש איז די אײדעלע און באַרעמהאַרציקע מאַדאַם... זרש, אַנטיסעמיטיש זענען די מאַסן, אַנטיסעמיטיש איז די גאַס, אַנטיסעמיטיש איז ויזתא. דאָס האָט המן זיך פאַרן קעניג געשטעלט און אויפגעוויזן, אַז די יידן האָבן די בעסטע פּרנסות פאַרכאַפּט, אַז די יידישע דינים זענען אַנטי־הומאַניטאַרע, אַז די יידישע מנהגים זענען באַרבאַריש און שענדן די הויכע פּערסישע ציוויליזאַציע, דאָס ווילן די מאַסן אַזוי, די שטאָטראַטן, די וואָיעוואָדאַס, די „פּר־תּמים״ — ער אַליין, דער מלך אַחשורוש, מישט זיך נישט...

זאָל מרדכי זיך ווייטער דרייען אין די קעניגלעכע קאָרידאָרן, זאָל אים אויך אַ מאָל דערלויבט זיין צו לאָזן פאַלן אַ וואָרט פאַר זיין מאַיעסטעט דעם מלך, דער קעניג קען קונציק מאַכן די מינע פון אַ תּם, דער קעניג קען, ווי אַן אויסגעשול־טער קאָמעדיאַנט, ציִען מיט די אַקסלען:

— טאַקע אַ גזירה, אָבער לײדער, צום באַדויערן — כ׳בין הילפלאָז. די כוואַ־ליע פון האַס שטראָמט, און איך בין אָנמאַכטיק. המן האָט די דעה, די מאַדאַם זרש, די צייטונגען דעצידירן, די עפנטלעכע מיינונג, די פאָלקס־פאַרשטייערס...

זאָגט וואָס איר ווילט, אַ הערשער, וואָס קען אין אַזאַ באַקוועמער פאָזיציע פון צביעות זיך שטעלן, אַ הערשער, וואָס קען ביי זיין גאַנצן אַנטיסעמיטיזם גאָר ווייטער גילטן אַלס „פיינער מענטש", אַ הערשער, וואָס קען אַזוי געשיקט זיך באַהאַלטן הינטער די פּלייצעס פון איידעלע הערן און מאַדאַמען — אַזאַ קעניג איז ווייט נישט קיין טיפּש, אויך צווישן כיטרע ציגיינערס וואָלט ער די קרוין געמעגט טראָגן.

יאָ, ער ווערט אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, דער קעניג אַחשורוש. עס איז אַ גוט באַקאַנטער הערשער־טיפּ. אַ שטיק אמת ליגט אין יענער מיינונג, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט אין מדרש, אַז — „אַחשורוש שׂונא לישׂראל יותר מהמן הרשע"...

דווקא דער דאָזיקער שטילער, „ליבעראַלער" און מכלומרשט — אָביעקטיווער אַחשורוש איז פּאַקטיש אַן ערגערער, ראַפינירטער און פיל געפערלעכער שׂונא־ישׂראל, ווי דער סאַמע המן...

## אַ קאָנסטיטוציע וואָס איז אַלט געוואָרן 150 יאָר

נישט פאַר איינעם וועט דאָס קלינגען מאָדנע. וואָס הייסט? — אַ קאָנסטיטו־ציע איז אַלט געוואָרן 150 יאָר? — צו אַזאַ אריכת־ימים האָט זי דערלעבט? — און זי גילט כסדר, זי פאַרפליכט כסדר? — זי איז קיינעם נישט דערעסן גע־וואָרן? — קיינעם פאַלט נישט איין איר צו פאַרקירצן די יאָרן און... די פּאַראַ־גראַפן ענדערן, צופּאַסן צום „גייסט פון דער צייט"?...

דאָ, אין אונדזערע מקומות, איז מען צו אַזוינס נישט געוווינט.

דאָ ווערן קאָנסטיטוציעס גאַנץ פרי „אָפּגענוצט". די זקנה שפּרינגט אויף זיי אַרויף פאַר דער צייט. קאָנסטיטוציע איז דאָ אַ מאָדע־זאַך. און זי ענדערט זיך צוזאַמען מיט דער מאָדע, שווימט צוזאַמען מיטן שטראָם...

אָפּגערעדט דערפון וואָס קאָנסטיטוציע איז דאָ בכלל נישט עפּעס אַזוינס, צו וועלכן עס זאָל זיך לוינען צוצולייגן געוויכט. אמת: די קאָנסטיטוציע איז דאָס גרונט־געזעץ פון דער מלוכה. דער פונדאַמענט פון דער מלוכה־אָרדענונג. די קאָנסטיטוציע שטעלט פעסט די פליכטן און די רעכט פון די בירגער, באַשטימט די אויפגאַבעס פון דער רעגירונג, גאַראַנטירט אַלעמען גלייכע באַהאַנדלונג, זיכער־קייט פון לעבן און פאַרמעגן, אָבער — דאָס איז נאָר אויפן פּאַפּיר אַזוי...

נישט דאָס לעבן בויגט זיך פאַרן מאַיעסטעט פון דער קאָנסטיטוציע, נאָר די קאָנסטיטוציע ווערט בטל פאַרן ליאַרעם פון לעבן, און בכלל פאַר איטלעכן ליאַרעם.

אַ קאָנסטיטוציע, אַ כסדר־פאַרפליכטנדיקע, אַ נישט־פּאַפּירענע, אַ לעבעדיק־פולסירנדיקע, איז אַלט געוואָרן 150 יאָר. ווו איז אַזאַ אויסטערלישע זאַך געשען?...

אין אַמעריקע האָט די קאָנסטיטוציע אַזאַ עלטער דערלעבט.

עס איז איצט געוואָרן 150 יאָר זינט עס איז געשאַפן געוואָרן די קאָנסטיטו־ציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

און אין אַמעריקע קומען פאָר גרויסע פייערלעכקייטן.

מ'זאָגט אַז אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון טעכנישע וווּנדער. דאָס לאַנד פון וואָלקנקראַצערס, וואָס שניידן זיך אין הימל אַריין. מען וואָלט אין אָנבליק פון די

פאַקטן באַדאַרפט אַ ביסל רעוווידירן די דאָזיקע מיינונג. וואָלקנקראַצערס געפינען זיך שוין היינט אויך אין די אייראָפּעיִשע שטעט. מ׳וואָלט באַדאַרפט היינט זאָגן: אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון קאָנסטיטוציאָנעלע וווּנדער...

די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע איז אַנטשטאַנען צוזאַמען מיט דער אַנטשטייונג פון אומאָפּהענגיקן אַמעריקע. אמת: אַמעריקע איז אַנטדעקט געוואָרן נאָך אין יאָר 1492. אָבער דער אַנטדעקער פון אַמעריקע, קאָלומבוס, איז אַוועק, און עס זענען געקומען אַנדערע. איבער צפון־אַמעריקע ציִען אויס זייער מאַכט די ענגלענדער. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז נישט ערשט אין אונדזער צייט אויסגעוואַקסן. דער דעמאָלטיקער ישוב אין אַמעריקע איז קליין. אָבער ענגלאַנד ציט פון אים פּראָפיט. און זי דריקט אונטער די פרייהייט פון די ערשטע אַמעריקאַנער אימי־גראַנטן. און וואַרפט אַרויף אַ שטריק אויף זייער האַלדז.

דער עיקר פאַרשאַרפט זיך דער ענגלישער רעזשים אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס אַרום דעם יאָר 1760. דאַן זיצט אויפן ענגלישן טראָן אַ מענטש מיט אַ שוואַכן, וואַקלענדיקן כאַראַקטער. קאָנסערוואַטיוו און פויל. דזשאָרדזש דער דריטער. ער שטרעבט מיט בייזוויליקער איבערגעשפּיצטקייט אויסצונוצן און עקספּלאָ־אַטירן די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. עס ווערן אַרויסגעוואָרפן שווערע שטייערן אויפן יונגן אַמעריקאַנער ישוב. עס ווערט די אַמעריקאַנער פאַרווערט צו פּראָדו־צירן סחורות ביי זיך אין לאַנד. נאָר ביי ענגלאַנד מוזן די סחורות געקויפט ווערן. באַקאַנט איז די רעדע, וואָס עס האָט דעמאָלט געהאַלטן אין פּאַרלאַמענט דער באַרימטער ענגלישער מלוכה־מאַן פּיט. ער האָט דערקלערט: „ווען אַמעריקע זאָל וואַגן צוצוקלאַפּן כאָטש איין טשוואָק צו דער פּאָדקאָווע און מאַכן כאָטש איין פּאָר אייגענע זאָקן, וועלן מיר איר ווייזן, וואָס מיר קענען!...״

און נאַטירלעך: די רשעותדיקע געזעצן רופן אַרויס פאַרביטערונג אין אַמע־ריקע.

פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קומען פאָר, שטורמישע מאַסן־מיטינגען. די אַמע־ריקאַנער זאָגן: מיר ווילן זיין פרייע מענטשן. מיר ווילן נישט צו קיינעם זיין פאַרשקלאַפט.

עס וואַקסט אויס דער פאַרלאַנג אויסצוקעמפן די אומאָפּהענגיקייט.

אַן אויפשטאַנד ברעכט אויס. עס ווערט אויף דער גיך אָרגאַניזירט אַן אַרמיי. בראש פון דער פרייהייטס־אַרמיי שטעלט זיך — דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, באַקאַנט אין דער געשיכטע אַלס „דער פאָטער פון אַמעריקע״, שפּעטער — ערשטער פּרע־זידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ענגלאַנד שיקט קעגן די פרייהייטס־קעמפּערס אַ סך מיליטער־איינהייטן. דער ענגלישער זעלנער איז בעסער באַוואָפנט. אָבער די אַמעריקאַנער זענען באַלעבט פון אַן אידעאַל. זיי שלאָגן העלדיש אָפּ די אָנגריפן. דער אויפשטאַנד ענדיקט זיך מיט אַ פולשטענדיקן נצחון פאַר אַמעריקע. ענגלאַנד

קאַפּיטולירט. זי מוז זיך אָפּטראָגן פון איר באַזיץ אין אַמעריקע. אַמעריקע האָט זיך באַפרייט פון דער בריטישער הערשאַפט.

אָבער אויסקעמפן די זעלבסטשטענדיקייט איז נאָך נישט אַלץ. וויכטיק איז, וואָסער פּנים די זעלבסטשטענדיקייט באַקומט, וויכטיק איז אויף וואָסער יסוד די נייע זעלבסטשטענדיקע מלוכה ווערט געבויט. וויכטיק איז, וואָסער כאַראַקטער דאָס לאַנד קריגט נאָך די טעג פון שטורעם און געראַנגל...

פאַר 150 יאָר האָט מען דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען.

און עס זענען — גלייך נאָך די אומאָפּהענגיקייטס־קאַמפן — זיך צונויפגעקומען די שענסטע פּערזענלעכקייטן פון דער רעוואָלוציע אויף אַ קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1887.

אויפן דאָזיקן קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע.

די באַראַטונגען האָבן לאַנגע חדשים געדויערט, די שאַרפסטע מוחות האָבן זיך איבער די נייע געזעצן געמאַטערט — אויפן ערשטן אָרט שלאָגן זיך אַרויס די יוריסטן דזשעפערסאָן און מעדיסאָן, די אייגנטלעכע מחברים פון דער קאָנסטיטוציע — אָבער עס איז אַרויסגעקומען אַ פאַרענדיקט ווערק.

עס איז אַרויסגעקומען אַ דאָקומענט, אין וועלכן דאָס גערעכטע געזעץ איז אויסגעהאַמערט, אַ דאָקומענט פון שיינע מענטשלעכע שטרעבונגען, אַ דאָקומענט, וואָס פאַרנעמט אַ וויכטיקע ראָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

מיר זענען געוווינט צו באַטראַכטן די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון יולי 1789 און איר דעקלאַראַציע פאַר מענטשן־רעכט אַלס ערשטער דעמאָקראַטישער אַקט אין דער נייער צייט, אָבער דאָס איז דאָך נישט אין גאַנצן גענוי. דער אמת איז — אַז די אַלע פרייהייטלעכע מלוכה־געדאַנקען, וואָס זענען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, זענען נאָך פריִער פאַרווירקלעכט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע האָט אַ געוואַלדיקן איינפלוס געהאַט אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע.

אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע זענען אויפן פאָדערבלאַט אָנגעשריבן די ווערטער: פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט. דאָ זענען עס נישט לאָזונגען סתם אין דער וועלט אַריין. די פּרטים זענען אויסגעאַרבעט. ובכן: עס איז דאָ אַריינגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ פון דעמאָקראַטישן דענקער מאָנטעסקיע, אַז די מאַכטן אין אַ דעמאָקראַטישער רעפובליק זענען פונאַנדערגעטיילט. דאָס הייסט: דריי מאַכטן זענען דאָ אין לאַנד. 1) די אייספירנדיקע (די רעגירונג); 2) די געזעצגעבנדיקע (פאַרלאַמענט); 3) די געריכטלעכע. אויב מען וויל, אַז עס זאָל הערשן

אָרדענונג אין מלוכה־לעבן און אַז די קאָנסטיטוציע זאָל נישט ווערן פאַרוואַנדלט, מוז מען אַזוי איינאָרדענען די טעטיקייט פון די מלוכה־אָרגאַנען, אַז דער פאַרלאַ־מענט זאָל נישט זיין אָפּהענגיק פון דער רעגירונג און אַז די געריכטן זאָלן זיין פריי פון זיי ביידע... די רעגירונג האָט נישט דאָס רעכט זיך צו מישן אין די אַרבעטן פון פאַרלאַמענט, זי טאָר אויף אים קיין שום דרוק נישט אויסאיבן, און אַוודאי און אַוודאי — אַז זי טאָר נישט אַריינמישן זיך אין געריכט און הייסן דעם ריכטער פסקענען, נישט ווי עס דיקטירט די גערעכטיקייט, נאָר — ווי עס דיקטירט דאָס מלכות...

איבער די פאַראַגראַפן פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע שוועבט דער גייסט פון טאָלעראַנץ. אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד פון רעליגיע און נאַציאָנאַ־ליטעט, ווערט פאַרזיכערט גלייכע רעכט.

זי טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון עכטער דעמאָקראַטיע.

מיט דער קאָנסטיטוציע בינדט זיך אויך דאָס יידישע קאַפּיטל. דאָס יידישע קאַפּיטל באַדייט נישט אין דעם פאַל בלויז — דער יידישער אָנטייל אין דער אָנט־שטייונג פון אומאָפּהענגיקן אַמעריקע און אין דער פּראָקלאַמירונג פון דער קאָנ־סטיטוציע. אויך דאָס איז אַ גאַנץ אָנגעזעענער צושטייער. די גרויסע אויסגאַבעס פון דער רעוואָלוציע האָבן געדעקט אַ רייע יידישע פינאַנסיסטן, צווישן זיי — דער רייכער פּוילישער ייד חיים סאַלאָמאָן. אָבער פון ערשט־ראַנגיקן היסטאָרישן ווערט איז דער פאַקט, אַז אָן יידן וואָלט בכלל אַזאַ קאָנסטיטוציע נישט געקענט געשריבן ווערן...

דאָס איז די מיינונג פון די באַדייטנדיקסטע היסטאָריקערס פון אַמעריקע.

אין דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן געפינען זיך אַ סך יידישע עלעמענטן.

זי שטייט אונטערן איינפלוס פון תנ״ך.

די ערשטע אַמעריקאַנער האָבן שטאַרק פאַרערט די ביבל, און טאַקע פון דאָרט האָבן זיי געלערנט צו שעצן די פרייהייט, פון דאָרט האָבן זיי געלערנט דעם באַ־גריף פון טאָלעראַנץ, אַז אויב אַ מלוכה וויל עקזיסטירן און זיך אַנטוויקלען, מוז איר יסוד זיין — די גערעכטיקייט...

אויפן גלאָק, מיט וועלכן מ׳האָט זיך באַנוצט בעת דעם קאָנגרעס אין פילאַדעל־פיע, געפינט זיך דער פּסוק פון חומש: „וקראתם דרור לכל יושביה״, איר זאָלט פּראָקלאַמירן פרייהייט צו אַלע איינוווינערס פון לאַנד... מיט פּסוקים פון תנ״ך האָט מען אויך אָפּערירט בעת די באַראַטונגען און דיסקוסיעס... אין סטיל פון תנ״ך זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אַ סך דערקלערונגען... אַ פאַקט איז, אַז ביי אַ רייע פירנדיקע פערזענלעכקייטן האָט אַפילו געהערשט די מיינונג איינצופירן אַלס

אָפיציעלע שפּראַך אין אַמעריקע — די שפּראַך פון תנ״ך, העברעיִש, און אויב די זאַך איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, איז עס נאָר צוליב די שפּראַכלעכע שוועריקייטן וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט.

די אַמעריקאַנער יידן נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די איצטיקע פייערלעכקייטן לכּבוד דער קאָנסטיטוציע.

דאָס איז דאָך אין אַ געוויסן זין „זייער״ יום־טוב. עס זענען די יידן אָנגעטרויט געוואָרן אַ רייע ערן־אַמטן, למשל: דער פאָרזיצער פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, וואָס האָט איינגעאָרדנט די פייערלעכקייטן, איז דער יידישער קאָנגרעס־מאַן סאָל בלום.

אַ ייד פירט אָן מיטן גאַנצן קאָנגרעס־יובילעום.

נאָך 150 יאָר קען איצט אַמעריקע מאַכן דעם חשבון. צי האָט זי געליטן שאָדן פון דער פרייהייטלעכער קאָנסטיטוציע, וואָס איז אין פילאַדעלפיע אָנגענומען געוואָרן, אָדער איז זי טאַקע אַ דאַנק דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע געוואַקסן און געגאַנגען פאָרויס?

אין די אַלע יובילעום־אַרטיקלען, וואָס דרוקן זיך אין די אַמעריקאַנער צייטונגען, שלאָגט זיך אַדורך די שטים פון באַגייסטערונג: מיר זענען אויפן אַלטן דאָקומענט שטאָלץ.

אין דער צייט ווען דער דעספּאָטיזם רוקט זיך אין אַ רייע אייראָפּעיִשע לענדער אַרויס אַלס אידעאַל, ווען די באַגריפן פון רעכט און פרייהייט ווערן ברוטאַל געטראָטן מיט די פיס, ווען אַפילו דאָרט, ווו קיין דיקטאַטור איז נאָך „אָפיציעל״ נישט איינגעפירט געוואָרן, חלשט מען פשוט זיך צו לאָזן אויפן גליטשיקן וועג פון דיקטאַטור — מוזן די דאָזיקע ווערטער, וואָס קומען פונעם מערבֿ־טייל פון דער וועלט, מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

פאַר אייניקע יאָר האָט דער באַרימטער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער סינקלער לויס אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען „ביי אונדז קען אַזוינס נישט פאַסירן״. אין דער דאָזיקער דערציילונג האָט לויס געגעבן אַן אַנטשיידענעם אָפּשניט די אַלע, וואָס שפּייזן זיך מיט דער אילוזיע, אַז אויך קיין אַמעריקע וועט זיך אַריבערטראָגן די עפּידעמיע פון פאַשיזם און די מגפה פון טאָטאַליטאַריזם. אַמעריקע בלייבט ליבעראַל, בלייבט טריי צו איר פרייהייט־טראַדיציע — האָט געזאָגט דער באַרימטער שריפטשטעלער. און מען ווערט נאָך זיכערער אין דעם, זעענדיק, מיט וואָסער ענטוזיאַזם די מאַסן אין אַמעריקע פייערן דעם יובילעום פון זייער קאָנסטיטוציע.

זאָלן אין אייראָפּע זיך דרוקן נעקראָלאָגן אויפן טויט פון די אַלטע דעמאָקראַטישע אידעען, זאָל מען אין אייראָפּע רעדן וועגן דער ליקווידאַציע פון ליבע־

ראַליזם און וועגן זיין אונטערגאַנג — אין אַמעריקע איז ווייטער דעמאָקראַטיע דער יסוד פון מלוכה־לעבן.

אין אַמעריקע ווערט אָפּגעוואָרפן דער שאָוויניזם, דער ראַסן־האַס, און ווי פאַר 150 יאָר איז מען דאָרט איבערצייגט, אַז נאָר מיטן כּוח פון טאָלעראַנץ און ליבעראַליזם קען מען דערגרייכן דעם העכסטן אויפשוווּנג, און מ׳חזרט איבער די ווערטער פון דער אַלטער, היסטאָרישער דעקלאַראַציע: „מיר האַלטן דאָס פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אַלע מענטשן זענען באַשאַפן געוואָרן גלייך און אַלע האָבן דאָס גלייכע רעכט צו לעבן...״

אַ לאַנד פון טעמפּאָ — אָבער דעם אומזיניקן, שגעונדיקן טעמפּאָ פון אונדזער צייט מאַכט עס נישט מיט...

און הלמאי זאָלן מיר לייקענען. מיר קוקן אַריבער מיט קינאה צו יענער זייט אַטלאַנטיק. מיר קוקן אַריבער מיט קינאה צו דעם מעכטיקן טייל פון דער וועלט, וואָס ווערט נישט פאַרכאַפּט פון כּלערליי „מאָדישע״ שטרעמונגען, וואָס ענדערט נישט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק זיין קאָנסטיטוציע, וואָס קאָנסטיטוציע איז דאָרט אַ פאַרפליכטנדיקער דאָקומענט און נישט „אַ שטיקל פּאַפּיר״. מיר קוקן אַריבער מיט קינאה צום פרייהייטלעכן, דעמאָקראַטישן אַמעריקע, און מיר שיקן צו די איצטיקע קאָנסטיטוציע־פייערלעכקייטן דעם פאָלק פון אַמעריקע און די יידן פון אַמעריקע — אונדזער וואַרעמע באַגריסונג.

## אין נירענבערג
### (פון מײַנע רײַזע־בלעטלעך)

ווי אין אַ קאַשמאַרפולער איבערלעבונג דערמאָן איך זיך אין מיין באַזוך אין נירענבערג.

פאַרבייפאָרן נירענבערג און נישט אָפּשטייגן — איז אַ שווערער נסיון. נירענבערג איז ביים היינטיקן טאָג איינע פון די „באַרימטסטע" דייטשע שטעט. אויב מינכען איז די רעזידענץ פון דער נאַצי־פּאַרטיי, וואָס האָט אין אַ טריבן האַרבסט־אָונט געוואָרפן דעם געדאַנק פון דער ברוינער באַוועגונג — איז נירענבערג איינע פון די וויכטיקע סטאַנציעס אויפן וועג פון די נאַציס צו דער מאַכט. זי איז די רעזידענץ פון היטלעריסטישן „פּאַרטיי־טאָג", די מעטראָפּאָליע פון יוליוס שטריי־מער.

עטלעכע שעה בין איך געגאַנגען אויף די נירענבערגער גאַסן. אָבער ניין, דאָס זענען נישט געווען שעהען; לאַנגע יאָרהונדערטער האָבן זיך געצויגן, גע־שלעפּט. איך האָב אין האַרצן שטיל געפּליסטערט אַ תפילה: זאָלן שוין וואָס שנעלער אַריבערלויפן די פּאָר שעה, זאָל שוין ענדלעך אָנקומען מיין באַן און זאָל זי מיך וואָס שנעלער אַוועקפירן פון דאַנען.

ווי אַ גרויל־געשפּענסט האָט זיך פאַר מיר באַוויזן שטרייכערס שטאָט. איך האָב זיך געפונען אין פיבער־צושטאַנד. און נאָך איצט זיצט אין מיר דער זעלבער גרויל און איך קאָן זיך באַין־אופן פון אים נישט באַפרייען.

אין די באַן־הויפן פון אַלע דייטשע שטעט פלאַטערן שוואַרצע און בלוטיקע האַקנקרייץ־פענער. אָבער אין ערגעץ יאָגן זיי נישט אָן אַזאַ אומהיימלעכן האַקנ־קרייץ־גייסט, ווי אין נירענבערג. דאָ באַגנוגנט מען זיך נישט מיט די בלויע פענער און מיט די אָפּיציעלע פּאַרטיי־פּלאַקאַטן, וואָס שרייען אַראָפּ פון די ווענט און וואָס רופן „צו בעטן און צו לויבן דעם פירער" — דאָ קען מען זען נאָך אַנדערע אָריגינעלע אויפשריפטן, ווי, למשל: „דער ייד איז דער שונא", „דערוויטער זיך פון ייד — ער זויגט דיין בלוט"... מען קען באַמערקן רייזן־פּלאַקאַטן, אויף וועלכע

עס זענען אויסגעמאָלט די געשמאַקלאָסטע חוזק־קאַריקאַטורן פון יידן, אַ געמיש פון פאַרבן דאַרף פאַרשטעלן „פאַרברעכערישע יידישע געזיכט־שטריכן". אָבער מען מוז זאָגן: די דאָזיקע שטריכן זענען גיכער כאַראַקטעריסטיש פאַר שטריי־כערס באַנדע, ווי פאַר יידן.

אויף דער גאַס באַגריסן דיך צייטונגס־פאַרקויפערס אין מונדירן, מיט געלע פאַסן אויף די היטלען, מיט אויפשריפטן „דער שטירמער". זיי דערלאַנגען דיר אין האַנט אַ נייעם נומער פון דער שמוציקער שמאַטע, שרייענדיק מיט קולי־קולות:

— יידן אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד קעגן דייטשלאַנד, דאָס וועלט־יידנטום אין קאַמף מיטן דייטשן פאָלק...

איך שטויס אָפּ פון זיך די זלידנע חברה, וואָס איז אַזוי פאַרנומען מיטן הילכן, אַז זי באַמערקט נישט אין גאַנצן מיינע „געזיכט־שטריכן"...

נירענבערג טרינקט זיך אין אַ ים פון גרינס. די לאַנדשאַפט איז שיין און מאַלעריש. זאָרגפעלטיק געהיטענע. וואָלסט געזאָגט: אָפּגעצערטלטע גערטנער. דורך די שויפענצטער פון אַ רייע געשעפטן קוקן אַרויס ליאַלקעס און אַנדערע שפּילצייג, מיט וועלכע נירענבערג האָט זיך אַזוי קונה־שם געווען אין דער וועלט.

ובכן: אַ שטאָט — אַ גאָרטן, אַ שטאָט פון לייכטער קינדישער שפּילעוודי־קייט? — אין איין אויגנבליק פאַרשווינדט דאָס אַלץ. זעסט נישט די רויזן, זעסט נישט די ליאַלקעס, פאַר דיר שטייט אַ פעסטונג פון פינצטערן מיטל־עלטער.

דאָ איז דער מיטל־עלטער געבליבן אומבאַרירט. דאָ דרימלט ער נאָך. בע־סער געזאָגט: דאָ איז ער נאָך וואַך.

אויף טריט און שריט — אַ שלאָס. אויף טריט און שריט — דיקע שוץ־מויערן. גרויע, מיט יאָרן פאַרגראָבענע שטיינער, און אויף טריט און שריט — אייזערנע שטאַכעטן, פאַרזשאַווערטע תּפיסה־קראַטן.

נירענבערג פון יאָר 1935? — אַ טעות מוז עס אַוודאי זיין. עס איז נירענבערג פון יאָר 1200.

אין מיטן שטאָט: אַ גרויסער ריטער־שלאָס, וואָס וואַרפט אָן אַ גרויזאַמקייט מיט זיין אומהיימלעכן אויסזען. אָט איז דאָס אָרט, ווו די ריטער פלעגן זיך צו־נויפקומען אויף זייערע ווילדע און בלוטיקע פאַרוויילונגען. און אָט איז — דאָס הויז, ווו די מיטגלידער פון די סוחרישע גילדעס און בעל־מלאָכישע צעכן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף באַראַטונגען. דאָרט אויבן אויפן בערגל — שטייט דער פירשטן־שלאָס. איר ווילט אים זען? כאַפּט זיך אַרויף אַהער, אויפן בערגל! שמאָלע, ענגע פענצטער. שמאָלע, ענגע טירן, אָבער ברייטע דיקע מענטשן זענען דאָ געזעסן. און אין דער זייט — ווידער קראַטן. אייזערנע, פאַרזשאַווערטע קראַטן.

אין נירענבערג לעבט נאָך די פאַרגאַנגענהייט. נירענבערג טראָגט דעם אַלטן חלום פון מאַכט. ווייל פאַר מאַכט האָט די דאָזיקע שטאָט כּסדר זיך געראַנגלט.

זי האָט דעראָבערט אַן אַנגעזעענע, פּריווילעגירטע שטעלונג. נירענבערג איז גע־וועזן די „פרייע רייכס־שטאָט", אַ צענטער פון האַנדל און אינדוסטריע. און פּאַלאַצן אויף פּאַלאַצן זענען אויפגעבויט געוואָרן. און שלעסער אויף שלעסער.

אויב עס איז דאָ עפּעס אַזוינס וואָס הייסט דייטשער סטיל — איז ער אין נירענבערג פאַרבאַהאַלטן. אויב עכט־דייטש איז דאָס מאַסיווקייט, דאָס שווערמוטי־קייט, דאָס לאַנגווייליקייט, די שווערד און דאָס וואָפן — איז עס אין נירענבערג פאַרבליבן אומבאַרירט. געגוי אַזוי, ווי עס איז געווען און ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. נישט צו באַגעגענען דאָ אַ שפּור פון יענער לייכטקייט און פאַנ־טאַסטישקייט, וואָס מען קען אָנטרעפן ביי די פראַנצויזן, אַפילו אין זייערע אַלטע היסטאָרישע ישובים. עס פעלט אויך יענע פאַרחלומטע בענקשאַפט, וואָס שלאָגט פון אַלט אַן אַלט פוילישער שטאָט. אין נירענבערג ווערט איר דערדריקט אונטער דער שווערער משׂא פון אייזנוואַרג, פאַנצערס און האַרטע, שטאָלענע בליקן. דאָ איז אַלץ מאַסיוו, האַמעטנע, טעמפּ. אַזוי טעמפּ!

און דערביי אַזאַ שטאָלץ פאַררייסן דעם קאָפּ, אַזאַ יונקעריש קלאַפּן מיט די שטיוול, אַזאַ ריוואַליזירן מיט די פאַרשידנסטע אויסטערלישסטע כּלי־זין...

דעם באַרימטן נאַציאָנאַלן דייטשן קאָמפּאָזיטאָר וואַגנער האָט נירענבערג גע־פאַנגען מיט איר „כּישוף". וואַגנער האָט די אַלטע שטאָט פאַרהערלעכט אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען.

אָבער — מיר פילן אַ מורא, און אַ פּחד נאָגט אונדז. מיר גייען אין די האַלב־טונקעלע גאַסן. און נישט וויסנדיק פאַרוואָס — קלאַפּט דאָך אומרויִק אונדזער האַרץ. עס קוקן אַראָפּ פון די דענקמעלער די ריטער מיט די העלמען און קאַס־קעטן, און וואַרפן אַרויף אַ טונקלקייט אויף אַלץ און אַלעמען. עס איז אַ העלער, זומערדיקער נאָכמיטאָג. אָבער דאָ איז שוין — בין־השמשות. שאָטנס שלייכן זיך. די גרויע מויערן דריקן דיך איין. די הייזער זענען ענג צונויפגעטוליעט. ווי פון פּחד צונויפגעקורטשעט. עס דאַכט זיך ווי ווילדע קולות פון מיטל־עלטערלעכע געשפּענסטער מיט אַ גראָבער, הייזעריקער, ברוטאַלער שטים דערקלערן:

— מיר זענען געקומען אין אונדזער רעזידענץ, מיר!

פון אַ בריקל פירט דער וועג צום הענקער־טורעם.

דער תליה־טורעם געהערט צו נירענבערגס „זעענסווירדיקייטן"...

הייבסט אויף דעם קאָפּ: אַ מין באַלקאָן, אַ גאַלעריע... און דערנעבן, וואָס געפינט זיך? — עס נעמט דיר שווינדלען פאַר די אויגן. נישט בלויז אַ גרויזאַמע טייוולאָנישע איינריכטונג זעסטו אָט־אָ־דאָרט. עס דאַכט זיך דיר: ווי פאַר הונדער־טער יאָרן שטייט נאָך אין דער שטייג — דער אומגליקלעכער, אויף וועמען די תלינים האָבן פאַרצויגן דעם שטריק. און עס פאַלט אויף דיר זיין אָפּגרונט־טיפער בליק...

דער ברייטער תליה־פּלאַץ איז געדיכט באַזעצט מיט מענטשן. מען זיצט נייגע־ריק און געשפּאַנט אויף אַלע פאַרקאַנעס אוןביימער. פון גאַנץ ווייט קוקט מען מיט פאַרגרעסער־גלעזער. אויף די טריבונעס געפינען זיך די דאַמען און קאַוואַ־ליערן, די הויכע הערן און שטאָלצע ריטער.

און די תלינים נעמען זיך צו דער אַרבעט. זיי עפענען דעם כאַלאַט פון דעם יידן, וואָס דאַרף געהאַנגען ווערן. זיי וואַרפן פון זיין קאָפּ אַראָפּ דעם שפּיציקן רויטן הוט, וואָס נירענבערגער יידן האָבן געמוזט טראָגן. מיט גראָבע, מגושמדיקע הענט רירן זיי אָן דעם יידנס האַלדז... אין דער לעצטער מינוט בליצט ביים שוואַכן אויף די גבורה. ער נעמט זיך שלאָגן. ער ווערט זיך יאושדיק... דער המון אויפן פּלאַץ לאַכט, פרייט זיך, פּאַטשט מיט די הענט. אַזאַ ספּעקטאַקל! אַ ייד שלאָגט זיך, אַן אָנמאַכטיקער ייד. עס טראָגט זיך דאָס ווילדע געבריל פון די מאַסן... די תלינים זענען שטאַרקער. זיי שפּאַרן אים אײַן אין דער שטייג און פאַרוואַרפן די פּעטלע אויף זיין האַלדז.

דער ייד שטייט אין שטייג. ער הערט דעם ווינט, דעם אָטעם פון המון, די זידלערייען פון די גאַסן־יונגען. איז דאָס שוין דאָס לעצטע, וואָס ער וועט הערן אויף דער ערד? ער פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש. ער עפנט ברייט פונאַנדער האַרץ און אויער. די שטייג באַוועגט זיך, זי שאָקלט זיך, הייבט זיך אַרויף צום טורעם... מיט אַ מאָל דערגייען צו אים שטימעס וואָס שרייען: „שמע ישׂראל". אין אַ ווינקל אויפן פּלאַץ שטייט אַ מנין יידן. מיט געלע שאַנד־לאַטעס אויף די מלבושים, איינ־געהילט אין טליתים. עס גייען די דאַזיקע יידן נישט אָן די פאַראַכטנדיקע בליקן, וואָס דער המון וואַרפט אויף זיי. די יידן שאָקלען זיך. ער, אין דער שטייג, זעט זיי נישט. ער הערט בלויז זייער הימלען־שפּאַלטנדיקן רוף, וואָס קלינגט אָפּ איבערן גאַנצן פּלאַץ: „שמע ישׂראל". און ער עפנט זיין מויל און שרייט אַראָפּ: „אחד"...

די פּעטלע דערשטיקט זיין טאָן. דער המון יובלט, וואָס פאַר אַ יום־טוב דער טאָג איז פאַר זיי! ווי זיי פרעסן הייגט, ווי זיי זויפן און שיכורן! אַ ייד איז גע־האָנגען געוואָרן!

און יענער צעשראָקענער מנין יידן רוקט אַראָפּ די רויטע היט איבער די אויגן און לאָזט זיך צום געטאָ. די יונגען פון פּלאַץ באַוואַרפן זיי מיט שטיינער, אָבער די יידן פילן עס נישט. אַזאַ ווייַ רייסט ביים האַרץ. און טרערן גיסן זיך פון זייערע אויגן.

איך גיי מיט זיי. צעווייטיקט ווי זיי. פאַרווייַנט, ווי זיי.

יאָ, דער הענקער־טורעם רוקט אָן בילדער פון גרויל. אָבער דאָס איז נישט, חלילה, קיין גרויל־פּראָפּאַגאַנדע אויף נירענבערגס גוטן נאָמען. אַזאַ איז זי גע־ווען: אַ מקום המוכן לפורעניות. די געשיכטע פון די נירענבערגער יידן איז אַ

קייט פון צרות און ליידן. דאָס בלאַט איז פול מיט שוידערלעכע גירושים, שחיטות און תליות.

צו ערשט האָבן די הערשערס געדריקט די יידן מיט שטייערן, אויסגעפּרעסט ביי זיי דעם לעצטן גראָשן, און דאַן ווען די יידן האָבן שוין „צו גאָרנישט" געטויגט, האָט מען זיי צו דער שחיטה געפירט.

שטרייכער האָט געהאַט אַ פּראָטאָטיפּ (אַ פאָרגייער) אין נירענבערג. רינד־פליש האָט יענער זיך גערופן. אַ „יידן־קענער" פון 500 יאָר צוריק. דער דאָזיקער רינדפלייש האָט די שטאָט פאַרוואַנדלט אין אַן עיר־הדמים. ער האָט ווילד געהעצט קעגן דעם „פאָלק פון טאַלמוט". מען האָט אים גערופן דער „יידן־שוחט". ער האָט געלאָזט אויסשרייען, אַז ער איז געשיקט צו נעמען נקמה אין די יידן. און דער המון איז נאָך אים געגאַנגען. מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געזאָגט: דאָס יידישע בלוט איז פון אַ געמיינעם סאָרט. יענער דור איז געווען פרימיטיוו און האָט בלויז דערקלערט: יידן פאַרגיפטן די ברונעמער, פאַרפישופן די קריסטלעכע בהמות... אָבער דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער. דער מקונן פון יענער צייט קלאָגט: „נהרסו קהילות הקודש"... „עס זענען געוואָרן פאַרניכטעט הייליקע קהילות, און קדושים זענען געוואָרן געקוילעט, און דער אַכזר האָט צו מאָל אויף די זויגקינדער זיך נישט דערבאַרעמט"...

פון רינדפלייש ביז שטרייכער — אַן אומענדלעכער מיטל־עלטער ציט זיך אין נירענבערג.

דאָס פּעגעניץ־טייכל פליסט רויק, שטיל. עס פאַרלויפט צו אַן אַלטער מויער, באַנעצט אַ דענקמאָל. עס שלאָגן זיך אָפּ אין וואַסער די טורעמס און קאָסקעטן, דאָס טייכל שטראָמט, אַזוי ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק. און גאַנץ נירענבערג האָט דאָס בילד און דעם כאַראַקטער פון הונדערטער יאָרן צוריק. מען האָט דאָ קיין מאָל נישט געוווּסט פון מענטשלעכקייט.

איך האָב ביי זיך אַן אַדרעס צו אַ ייד אין נירענבערג. איך וויל אים אויפזוכן. איך דערפרעג זיך צו דער גאַס, וואָס איז מיר נויטיק. איך פרעג ביי די גראָבע בייכיקע דייטשן, וואָס זיצן ביי די טויערן פון זייערע הייזער און פון וועלכע עס שלאָגט אַ ריח פון ביר. זייערע אויגן דרינגען אין מיר אַריין. מן־הסתם זענען פאַרדעכטיקט מיינע „געזיכט־שטריכן"...

אין אַ זייטיק געסל ווינט מיין ייד. איך לאָז זיך צו אַ קליין, איינשטאָקיק הויז. איך קלאַפּ אָן. מען עפנט נישט. קלאַפּ איך שטאַרקער. עס דערהערן זיך שטילע טריט. ווער איז? — פרעגט אַ צעשראָקן קול.

— געפינט זיך דאָ דער ה'...

— נישטאָ — פאַלט אַן אָפּגעהאַקטער ענטפער.

— ווינט ער דאָ נישט מער?

מען ענטפערט מיר נישט. די טריט, פיל איך, האָבן זיך נאָך נישט אַוועק־געשאַרט פון דער טיר, אָבער דאָס קול איז פאַרשוויגן געוואָרן.

— קענט איר מיר אפשר אָנווייזן זיין אַדרעס? — פרעג איך נאָך אַ מאָל.

— נישטאָ.

— וואָס הייסט?

— נישטאָ.

— שוין לאַנג נישטאָ?

איך זע, אַז מער וועל איך שוין קיין ווערטער נישט אַרויסקריגן און גיי אַוועק. איך וויים נישט, צי איז יענער ייד אַנטלאָפן, צי האָט מיט אים עפּעס „געהיימניש־פּולס" פּאַסירט. אויף די יידן אין נירענבערג האָט זיך דער ביטערסטער צאָרן אויסגעגאָסן. אויב דאָס לעבן פון אַלע דייטשע יידן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום — איז נירענבערג דער גרויזאַמסטער גיהנום. זינט דער היטלעריזם איז געקומען צו דער מאַכט און שטרייכער איז געוואָרן דער מושל, האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט אין אומבאַשרייבלעכער פּאַניק. אַ ייד האָט נישט געוואַגט זיך צו באַווייזן אין גאַס אין די אָוונט־שעהען. פאַר די פּאָר יידישע געשעפטן זענען כסדר געשטאַנען שטורמיסטן מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און אַראָפּגעכאַפּט יעדן אַריער, וואָס האָט געוואַגט אַריינצוגיין אין נישט־אַרישע געשעפטן. די יידישע באַפעלקערונג איז געטריבן געוואָרן צו בעטלעריי. דאָס לעצטע געפיל פון זיכער־קייט איז צוגערויבט געוואָרן. דאָ האָט צום שטאַרקסטן אַרומגעטאַנצט דער שגעונ־דיקער האַס.

און — מען איז אַנטלאָפן. וווהין? נישטאָ קיין ציל פאַר הילפלאָזע וואַנדע־רערס. נישטאָ קיין רעטונגס־פּונקט פאַר סאַדיסטיש־געפייניקטע. אַ טייל זענען אַוועק קיין בערלין, און אַ טייל זענען געכאַפּט געוואָרן בעתן „אַנטלויפן" און גע־בראַכט געוואָרן פאַרן טיראַן.

ווינט נאָך יענער ייד, ווינט ער נישט? ווער קען עס וויסן?...
„נישטאָ".

אין גרויסן שטאָטישן פּאַרק גרייט מען זיך שוין צום פּאַרטיי־טאָג. מחנות ה. י. (היטלער־יוגנט) מאַרשירן אַרויס אויפן פּלאַץ. עס ווערן געמאַכט איבונגען צו דער דעפילאַדע, וואָס דאַרף פאָרקומען בעתן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. האַקנקרייץ־פענער פלאַטערן. טרומייטן שאַלן, טויזנטער פיס טופּען. רויע, מגושמדיקע מיילער זענען צעעפנט, דער נייער יוגנט־מאַרש הילכט אָפּ: „קאַמעראַדן, הענגט די יידן, שליידערט זיי צו דער וואַנט..."

עפּעס אַ טונקעלע פּראָצעסיע קומט פאָר. שוואַרצע מונדירן, שוואַרצע פענער, און אַ שוואַרץ ליד רייסט די לופט. ווי קראָען וואָלטן געקראַקעט. שוואַרצע,

נירענבערגער קראָען. און ווי די ריטער וואָלטן פֿאַרלאָזט דעם שלאָס און זיך פֿאַראייניקט צום טאַקט פֿון מאַרש. אַ פּראָצעסיע פֿון געשפּענסטערס.

איך פֿיל ווי עטלעכע פֿון די צושויערס נעמען מיך אַרום מיט זייער בליק, ווי זיי וואָלטן מיך שטעכן געוואָלט. מען שושקעט זיך. איך בין אין אַ מקום־סכּנה. איך לאָז זיך צוריק צום וואָקזאַל. מען גייט מיר נאָך. די אויגן באַגלייטן מיר ביז צום וואָקזאַל. איך שפּיר זייער גיפֿטיקן בליק אַפֿילו ווען איך זיץ שוין אויף דער באַן און קען ענדלעך לייכט אָפּאָטעמען.

# די געשיכטע פון אַ פּאַן

אַן אַלטע שוואַכקייט: פּענער אינטריגירן מיך. עס איז אַ פּאַסיע ביי מיר זיך צו פאַראינטערעסירן מיט זייער געשיכטע און אָפּשטאַם. די פּענער רעדן צו מיר זייער אַ סך און אָפּט מאָל דערציילן זיי נאָך מער, ווי די דיקע היסטאָריע־ביכער.

אַ שטיק לייוונט פלאַטערט. אַ שטיק לייוונט פונאַנדערגעטיילט אין פּאַסן. יעדער פּאַס האָט אַן אַנדערע פאַרב. די צאָל פּאַסן און קאָלירן זענען פאַרשידן. אַ מאָל צוויי, אַ מאָל דריי, און אַ מאָל נאָך מער. צי ווירקט נישט דאָס בילד אויף אייער פאַנטאַזיע? צי רופן נישט אַרויס די צוגעקליבענע קאָלירן די פאַרשידנסטע מחשבות און אַסאָציאַציעס אין אייער מוח? אַזאַ שפּראַך האָבן די פאַרבן, און אַזאַ קראַפט! רויט מוז אייך דערמאָנען אין בלוט, בלוי מוז פאַר אייך אָנרוקן אַ בלויען הימל און פאַרטראַכטע אויגן; שוואַרץ מוז אויף אייך אָנטרייבן אַ טונקעלע אבלות...

ניין, די פּענער זענען נישט אַזוי פּשוט, ווי דאָס קען זיך אויסדאַכטן פאַר די איינפאַכע מענטשן. פּענער זענען דאָקומענטן פון דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ פאָלק, פון דער נשמה און אַפילו פון דער געשיכטע פון אַ פאָלק. קיין איין אות איז נישט אָנגעשריבן אויפן פלאַטערנדיקן שטיק לייוונט. אָבער — די פּאַן רעדט. די פּאַן שרייט. ווען־נישט־ווען שוויגט זיך אויך פאַרקלעמט. דעם שטאַרקסטן איינדרוק וועט שוין, ווייזט אויס, שטענדיק מאַכן אויפן מענטש דאָס וואָרט, וואָס איז נישט אַרויסגעזאָגט, דער געדאַנק, וואָס איז נישט אַרויסגערעדט, דאָס בילד, וואָס איז שטום און רופט זיך אָפּ בלויז צו די געפילן.

פּענער קענען מאַכן אַן עפעקט. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז זייער ווירקונג איז אויבערפלעכלעך, אַזוי קאָמפּליצירט איז די מענטשלעכע פּסיכיק און אַזוי אויבערפלעכלעך זענען די כּוחות, וואָס האָבן אויף איר אַ ווירקונג. אַ פּאַן איז בכּוח צו צעגליִען, און נישט ווייניקער איז זי מסוגל אָנצוּוואַרפן אַ שטימונג פון ערנסטקייט. די גוטע מאַסן־קענערס ווייסן פון דעם סוד, און זיי באַנוצן זיך דע־ריבער מיט דער פּאַן אַלס אַ גוט אַגיטאַציע־מיטל. די „נאַציאָנאַלע פּאַן” און „נאַציאָנאַלע פאַרב” איז איינע פון זייערע באַליבטסטע פראַזן.

אַ שווער פּראָבלעם מיט די פּענער. די וויסנשאַפט האָט ווייניק זיך דערמיט אָפּגעגעבן. דאָס איז אַן עוולה. דער ענין איז זייער אַלט. די ערשטע פּענער זענען

באַך אויפגעקומען ביי די אַלטע מזרח־פעלקער. דאָס וואָלט באמת געווען אַן אינטע־רעסאַנטע טעמע: די ווירקונג פון דער פאָן אויף דער געשטאַלטונג פון אַ פאָלק און די ווירקונג פון אַ פאָלק אויף דער געשטאַלטונג פון זיין פאָן. די פאָרשערס וואָלטן דאָ געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר טעאָריעס און סברות און, נאַטירלעך: קודם־כל פאַר אומזיניקע. אָט, למשל, די פאָן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. רויט־בלוי־ווייַס. דריי פאַרבן, וואָס זענען אַנטשטאַנען צוליב דער פאַראייניקונג פון דריי געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. די רייכע האָבן זיך אָפּגעקליבן רויט, די גייסט־לעכע האָבן גענומען ווייס, און די אָרעמע האָט אימפּאָנירט די בלויע קאָליר. וואָס פאַר אַ פסיכאָלאָגישער קאָמפּלעקס דער דאָזיקער קליינער עפּיזאָד שטעלט מיט זיך פאָר! דאָס ערשטע: וואָס איז אַ פאַרב? און ווער האָט עס די מענטשן איינ־גערוימט דעם סוד, אַז אַ קאָליר קען אָפּמאָלן אַן אידעע? — און דאַן? וואָס עפּעס ציט דעם רייכן צו רויט און דעם אָרעמען צו בלוי? וואָס איז דאָס פאַר אַ מערק־ווירדיקע שפּיל די דאָזיקע גאַנצע פאַרבן־שפּיל? — אַ ביסל לייכטער וואָלט שוין געווען צו דערקלערן די געשיכטלעכע אָפּשטאַמונג פון די פענער. צום ביישפּיל: די פאָן פון אַמעריקע האָט דרייצן פאַסן. דאָס איז אַנטקעגן די דרייצן שטאַטן, וואָס האָבן די ערשטע געשאַפן די אַמעריקאַנער רעפּובליק. אָבער דאָ קומט ווידער אַ פראַגע: וואָס באַדייט דער שטערן, וואָס געפינט זיך אויף דער פאָן, און וואָס מיינט דער אָפּקלייב פון קאָלירן?

אַ קנויל פון קשיות. די פענער זענען נאָך אַלץ שטאַרק אַקטועל. די פאָן, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער סאַמע לעצטער צייט, איז די היטלעריסטישע האַקנקרייץ־פאָן. וואָס באַצייכנט זי, פון וואַנען קומט זי צו די נאַציס, וואָס שטעלט זי מיט זיך פאָר?...

אָט טאַקע די האַקנקרייץ־פאָן אינטערעסירט מיך שוין פון אַ לענגערער צייט. זינט יענעם פרימאָרגן, ווען איך האָב די פענער פון נייעם דייטשלאַנד געזען אויפן וואָקזאַל אין בערלין.

אַ זוניקער טאָג איז דאַן געווען. אויפן בערלינער באַן־הויף האָט געהערשט אַ באַוועגונג. מענטשן באַגריסן זיך, מענטשן געזעגענען זיך. אָט געפינען מיר זיך אין אַ ריזיקן זאַל וואָס טונקט זיך אין פענער. שוואַרצע, טונקעלע טיכער מיט האַקנקרייץ־צייכנס אין דער מיט. איך גיי מיט אַ פוילישן רייזנדער, מיט וועמען איך האָב געשלאָסן באַקאַנטשאַפט אין דער באַן. ער איז אַנטציקט. ער זאָגט צו מיר: ווי קאָלאָריסטיש דאָ זעט אויס! ווי איינדרוקספול! דאָס איז אפשר די גע־לונגסטע פאָן, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען. זי איז דעקאָראַטיוו אין כינע־זיש־יאַפּאַנישן גייסט.

איך האָב געשוויגן. איך האָב געשטוינט אויף זיין משונהדיקער מיינונג. איך

האָב כּלל נישט באַמערקט די דעקאָראַציע. אויף מיר האָבן די פּענער אָנגעוואָרפן אַ פּחד, ווי איך וואָלט פּלוצלינג אַריין אין אַן אונטערערדישער, דושנער הייל. אַזוי שטיקנדיק און ענג איז געווען מיט זיי. עפּעס האָבן די האַקנקרייץ־פּענער נישט געפלאַטערט, נאָר געפּאַכעט, ווי די שוואַרצע פליגל פון מלאך־המוות...

איך האָב דאַן ווירקלעך איבערגעלעבט אַ מאָמענט פון אומרו און שרעקלעכער אומהיימלעכקייט. די פּענער האָבן אויף מיר אָנגעטראָגן יענעם גייסט פון פינצטערניש, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן דאָזיקן לאַנד. עפּעס אַזאַ מאָדנע אָפּצייכענונג! די צוויי האַקנס, וואָס קרייצן זיך, האָבן זיך אויסגעוויזן, ווי צוויי צונויפגעקלאַמערטע ברוטאַלע יונקער־פויסטן, ווי נאָך עפּעס ערגערס: ווי האַקנס פון אַ תּליה...

עס האָט מיך בלויז געוווּנדערט, פאַר וואָס רעדן דאָ נאָך מענטשן. אַרום אַ תּליה דאַרף זיין שטיל. אין אַ זאַל, וווּ עס פּאָכעט דער האַקנקרייץ, מוזן די מיילער זיין שטרענג פאַרשלאָסן און פאַרקרימט אין אַ ווייטיקלעכער גרימאַסע. דאַן איז די טראַגיק אַ בולטע, אַ גאַנצע.

וואָס איז דער האַקנקרייץ, וואָס פאַר אַ פאָן, וועלכער צייכן? — זיין אָפּשטאַם, זיין באַדייטונג האָבן דערוועקט אין מיר אַן אינטערעס.

נישט אַזוי לייכט איז מיר אָנגעקומען עפּעס צו דערטאַפּן. די ענציקלאָפּעדיעס פאַרנעמען זיך נישט מיט דער האַקנקרייץ־פאָן. די לעקסיקאָנען גיבן פאַר איר נישט אָפּ קיין אָרט. ערשט נאָך אַ לאַנגן פאַרגראָבן זיך אין די אַלטע פאָרשונגען, דערוויסט מען זיך דעם אמת וועגן דער נייער דייטשער פאָן.

און מען מוז זאָגן: די אַרבעט איז כּדאַי. מען געווינט אַ גרויסן צושטייער צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ראַסיסטישער באַוועגונג.

קודם־כּל אַ שפּראַכלעכע באַמערקונג. דער אייגנטלעכער באַגריף פאַרן האַקנקרייץ איז „סוואַסטיקאַ". אַזוי הייסט דער האַקנקרייץ אויף סאַנסקריט־לשון, די שפּראַך פון אַלטן אינדיע. „סוואַסטיקאַ" באַדייט — אַ גוטער צייכן. אין דער דייטשער איבערזעצונג ווערט די סוואַסטיקאַ גערופן — האַקנקרייץ.

איז׳ן איז עס אַן אוראַלטער רעליגיעזער סימבאָל.

אַזוי האָט מען זיך געפּירט אַ מאָל ביי די פּרימיטיווע פעלקער: מען האָט זיך געשאַפן עפּעס אַן אָפּצייכענונג און זי באַטראַכט פאַר הייליק. עס איז געווען אַ דור פון פאָראורטיילן, און די מענטשן האָבן געגלויבט, אַז די אָפּצייכענונג שטעלט מיט זיך עפּעס פאָר און אַז זי פאַרמאָגט אַ געהיימען כּוח.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, אַז אַנטשטאַנען איז די סוואַסטיקאַ ביי די סעמיטישע פעלקער. אין אַרם־נהרים, אין לבן־האַרמיס מדינה. בעת די לעצטע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, וואָס מען האָט געמאַכט אין אַ רייע סעמיטישע מלוכות

פון אַלטערטום, האָט מען געפונען כּלים, אויף וועלכע עס איז געווען אָפּגעצייכנט דער האַקנקרייץ.

וואָס פאַר אַ איראָניע! דער צייכן וואָס דאַרף דינען פאַר אַ סימבאָל פון ריינעם אַריערטום, דער צייכן פון דער באַוועגונג, וואָס רופט צו בונט קעגן אַלץ, וואָס איז סעמיטיש, איז אַליין געבומען — פון די סעמיטן... ווי שעמען עס דאַרפן זיך די אידעאָלאָגן פון ראַסיזם, און ווי קאָמפּראָמיטירנדיק איז דער דאָזיקער פאַקט פאַר די טרעגערס פון דער ריינער אַרישער שאַפונג!

די געלערנטע זענען מחולק, וואָס פאַר אַ באַגריף דער האַקנקרייץ־צייכן האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אין די ערשטע צייטן. אַ טייל מיינען, אַז דאָס איז געווען עפּעס אַ בילד פון אַ שטערן! אַנדערע זאָגן, אַז דאָס איז פאַקטיש אַ מין אַמאָליק „פוטוריסטיש" בילד פון אַ ווילדער חיה.

דער האַקנקרייץ — אַ סימבאָל פון אַ ווילדער חיה! איך בין פולשטענדיק איינשטימיק מיטן דאָזיקן יש אומרים.

אָבער אין די שפּעטערדיקע צייטן וואַנדערט די סוואַסטיקאַ אַריבער אין אַנדע־רע מדינות. די אַריער נעמען צו די אָפּצייכענונג ביי די סעמיטן, גענוי ווי זיי נעמען צו די סעמיטישע קולטור, די סעמיטישע ציוויליזאַציע.

די האַקנקרייץ ווערט אַ הייליקער רעליגיעזער צייכן אין אינדיע, כינע, יאַפּאַן און טיבעט.

איצט שטעלט ער עפּעס אַנדערש פאַר. איצט זעען איין די חכמים ביי די דאָזיקע פעלקער, אַז דער האַקנקרייץ דריקט אויס עפּעס באַוועגלעכס. פּשוט: די גאַנצע אָפּצייכענונג איז דאָס בילד פון באַוועגונג. און זיי זאָגן: דער האַקנקרייץ דאָס איז אַ סימבאָל פונעם לויף פון דער זון.

מיט אַן ערך טויזנט יאָר צוריק גיט אַ כינעזישע קעניגין אַרויס אַ באַפעל, אַז דער האַקנקרייץ ווערט מהיום והלאה באַטראַכט פאַרן הייליקן צייכן פון דער זון.

אָבער צווייערליי האַקנקרייצן אַנטשטייען. איינער אין דער פּאָזיציע פון לינקס אויף רעכטס, און דער צווייטער אין דער פּאָזיציע פון רעכטס אויף לינקס.

די פּרימיטיווע מענטשן האָבן געלעבט מיט דער פאָרשטעלונג, אַז די זון באַוועגט זיך פון מזרח אויף מערב און פון מערב אויף מזרח. אויפן מזרח (רעכטס) — קומט דער טאָג; אויפן וועג צו מערב (לינקס) — קומט די נאַכט. דער האַקנ־קרייץ, וואָס איז געווענדט פון לינקס אויף רעכטס, באַדייט דעריבער — אַ גוטער צייכן, אַן אָנזאָג אויף טאָג, אויף ליכט, דערפאָלג און העלן אויפגאַנג; דאַקעגן דער האַקנקרייץ וואָס גייט פון רעכטס אויף לינקס איז — אַ שלעכטער צייכן, אַ בייזער מבשׂר פון קעניגרייך פון דער נאַכט, אַן אָנזאָג אויף פינצטערניש, פאַר־ניכטונג און טויט.

דער היטלעריסטישער האַקנקרייץ איז געווענדט פון... רעכטס אויף לינקס, בכן, אין יענער פּאָזיציע, וואָס באַדייט פאַרניכטונג און טויט.

וואָס פאַר אַ פאַטאַלן טעות די שאַפערס פון ראַסיזם האָבן געמאַכט!

אָריגינעל האָבן זיי געוואָלט זיין. אָריגינעל אין זייער טעאָריע פון „בלאָנד" און „ברונעט", אָריגינעל אין זייער לערע וועגן בלוט, אָריגינעל אין זייער צוריק־קער צו די אַבערגלויבנס פון די געצנדינערס. אָבער עם־האָרצים זענען זיי אַלע, און זיי האָבן זיך אָפּגעקליבן דעם געצנדינערישן האַקנקרייץ גראָד אין יענער פאָרם, וואָס זאָגט אָן — לויטן זעלבן פרימיטיוון אַבערגלויבן — אומגליק און פאַרניכטונג. אַ לוסטיקע קאָמעדיע האָט פון זיי געטריבן זייער עם־הארצות!

אַ צופאַל. אָבער אין אמתן כלל נישט קיין צופאַל. אַזאַ סימבאָל איז דאָך אַזוי גלענצנדיק צוגעפּאַסט צו דער גאַנצער באַוועגונג פון די אויפוואַכנדיקע אַריער.

אַ סימבאָל פון חורבן און טויט — צי האָט געקענט זיין עפּעס מער געלונגענערס ?...

## דאָס געדרוקטע וואָרט
## איז אַלט געוואָרן פינף הונדערט יאָר

דער שרייבער, דער לייענער, די גאַנצע קולטורעלע וועלט פייערט אינעם הײַנטיקן יאָר אַ וויכטיקן יובילעום: דאָס געדרוקטע וואָרט ווערט אַלט פינף הונדערט יאָר.

מיט פינף הונדערט יאָר צוריק איז דערפינדן געוואָרן דער דרוק.

דאָס איז נישט בלויז אַ יובילעום פון אַ קלוגער און נוצלעכער דערפינדונג. דער דרוק איז געווען אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע דערשיינונג. איינס פון די גרעסטע דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

מיר האָבן זיך צוגעוווינט צום דרוק. פאַר אונדז איז דאָס מער נישט מערק־ווירדיק און אינטערעסאַנט. מיר זענען אויפגעוואַקסן מיטן געדרוקטן וואָרט, מיר זענען דערצויגן געוואָרן אויף דער געדרוקטער צייטונג. עס איז אונדז דעריבער שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי האָט אויסגעזען די וועלט אָן דרוק, און וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע איבערקערעניש די דאָזיקע דערפינדונג האָט אַרויסגערופן.

דער דערפינדער פון דרוק איז נישט געווען קיין ריז פון גייסט. און אויך נישט קיין ריז פון דער טעכניק. ער קען זיך נישט מיט זיין גייסט פאַרמעסטן מיטן פיזיקער ניוטאָן צי מיטן וויסנשאַפט־מאַן לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, אָבער דווקא דער דערפינדער פון דרוק האָט געשאַפן אַ נייע תקופה אין דער מענטש־לעכער געשיכטע.

דורכן דרוק האָט דאָס וואָרט באַקומען פליגל. די שורה, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם העק, האָט זיך געקענט פונאַנדערטראָגן אין אַלע עקן וועלט. דאָס שטילע וואָרט האָט פלוצלינג באַקומען לשון. און נאָך וואָס פאַר אַ לשון! עס האָט אָפּגעהילכט מיט מיליאָנען שטימען. עס איז זיך צעגאַנגען פון מיליאָנען מיילער. דער כּתב־יד איז געווען צוטריטלעך בלויז פאַר איינצלנע פערזאָנען, דורכן דרוק איז דאָס בוך געוואָרן פּאָפּולער. מענטשן האָבן באַקומען די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט געדאַנקען און אידעען. און דאָס איז כּלל נישט קיין גוזמא: דער דרוק האָט געענדערט דאָס פּנים פון דער וועלט.

ווי יעדע דערפינדונג, האָבן אויך דעם דרוק געוויסנלאָזע פאַרשוינען איינגע־

שפּאַנט אין דינסט פון בייזע און געמיינע צילן. די דרוק־מאַשין טראָגט אויף פונ־אַנדער גיפט און העצע, דורכן דרוק ווערן מאַסנהאַפט פאַרשפּרייט פּאַסקווילן פון רשעות און נאַרישקייט. אָבער — דאָס קען נישט וואַרפן קיין שאָטן אויף דער דערפינדונג. מיר וועלן זיך דאָך נישט אָפּזאָגן פון דער באַן צוליב דעם, ווייל זי פאַרלייכטערט דעם באַנדיט צו אַנטלויפן, פּונקט ווי מיר וועלן נישט אָפּוואַרפן דעם ראַדיאָ, ווייל אין זיין מעגאַפאָן גרילצט אויך די רעדע פון מיניסטער געבעלס. דער דרוק האָט פאַר די מענטשן געעפנט דעם וועג צו קולטור, און נישט דער דרוק איז שולדיק, וואָס די מענטשן נוצן אים גאָר אויס צו פאַרשפּרייטן כאַמיש־קייט...

קיין שטראַסבורג איז געקומען מיט פינף הונדערט יאָר צוריק אַ יונגער מענטש פון דער דייטשער שטאָט מאַינץ. דער פרעמדער האָט אַרויסגערופן אַ טומל צווישן די איינוווינערס. מען האָט זיך איבערגעגעבן, אַז דער פרעמדער איז אַ כּישוף־מאַכער. עפּעס זאָגט ער, אַז ער באַזיצט אַזאַ קונסט, ווי אַזוי צו „מאַכן" אותיות פון מעטאַל און „אָפּקלאַפּן" זיי אויפן פּאַפּיר...

געהייסן האָט דער מאָדנער מענטש: יאָהאַן גוטענבערג. אָבער זעלטן ווער האָט געקענט זיין נאָמען. מען האָט אים גערופן דער „שוואַרצער מכשף".

פונעם מהלך פון 500 יאָר שיינט פאַר אונדז אויף אַ בילד פון געהויבנקייט און גראָטעסק, אַן אויסשניט פון אַ צייט, וואָס האָט געלעבט אין אָבערגלויבן, אין פאַראורטיילן, וואָס האָט געזוכט דעם אַלכעמישן „שטיין פון חכמה", וואָס האָט אונטערגעדריקט יעדן נייעם געדאַנק — אַ צייט, וואָס מיר רופן: מיטל־עלטער.

און אין דער דאָזיקער תקופה — די רעטזעלהאַפטע פיגור פון יאָהאַן גוטענ־בערג. אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן אים, איז נעפּלהאַפט. דער כאַראַקטער, די אַנט־וויקלונג, די לעבנס־פּאַסירונגען און אַפילו די דאַטע פון געבורט שטייען אונטער אַ פראַגע־צייכן. כמעט מיט זיכערקייט לאָזט זיך זאָגן, אַז זיינע עלטערן זענען געווען בעלי־מלאָכות. ער אַליין רעדט זייער ווייניק וועגן זיך. אפשר האָט ער אַזוי אַרום, ווי אַנדערע פאַנטאַסטישע פיגורן פון מיטל־עלטער געוואָלט פאַרבאַ־האַלטן זיין אָרעמען אָפּשטאַם.

אין אַ שענק־הויז האָט גוטענבערג צונויפגערופן עטלעכע רייכע סוחרים פון שטראַסבורג און פאַר זיי דערקלערט: איך האָב אַ קאָפּ און באַזיץ אַ גרויסע קונסט. פון אייך פאַרלאַנג איך געלט. פאַרבינדט זיך מיט מיר און איר וועט ווערן רייך. איר וועט דעראָבערן די וועלט!

הערן אויפמערקזאַם די מענטשן, דער „צויבערער" רעדט מיט ברען, זיינע אויגן זענען צעפלאַמט. דריקט מען זיך ענגער צונויף און מען פרעגט ביי אים: ווי אַזוי קלערט ער דאָס צו מאַכן זיין „דרוק", ווי אַזוי?

און ער דערציילט, ווי אַ מעשׂה וועגן דעם „גרויסן כאַן" פון מאָנגאָליע־לאַנד קלינגט זיין אַנטפּלעקונג. ביים גרויסן כאַן זענען די פּאַלאַצן באַדעקט מיט גאָלדענע ווענט, און אויך ער, דער פרעמדער, זאָגט: גאָלד וועט אָנשאַרן דער, וואָס וועט מאַכן דאָס געשעפט...

ער האָט זיך די „אידעע פיקס" אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין. ער האָט געטראָגן דעם גלויבן אין זיין באַשטימונג. בעת אַנדערע האָבן געצווייפלט און מיט אומצוטרוי זיך באַצויגן צו זיין „משוגענעם פּלאַן", איז ער אַזוי מאָדנע זיכער געווען אין דעם דערפאָלג פון זיין אויפטו.

דער לויף פון זיין לעבן דערמאָנט אין אַ מיטל־עלטערלעכער לעגענדע. פון גאָרנישט אַרויפגעהויבן, פּלוצלינג בליצט ער אויף ווי אַ דערפינדער פון וועלט־רום, און דערנאָך ווידער — ירידה, רירנדיקער עלנט. און די אומשטענדן ביי וועלכע דער טויט קומט צו אים, דער טראַגיזם פון איינזאַמען און פאַרגעסענעם דערפינדער!

און ווי כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז די קאַרגע ידיעות וואָס מיר באַזיצן יאָ וועגן גוטענבערגס לעבן, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די... געריכטלעכע אַקטן.

פּראָצעסן האָבן במשך זיין גאַנצן לעבן געפירט דער דערפינדער פון דרוק. פּראָצעסן מיט זיינע שותפים, פּראָצעסן מיט פיינט און נישט־פאַרגינערס, פּראָצעסן מיט דער גאַנצער וועלט...

דורך אַ וועג פון דערנער איז גוטענבערג געגאַנגען צו זיין ציל. מען האָט באַוווּנדערט זיין פאַנטאַזיע, אָבער מען האָט אים אויסגעלאַכט, געטייטלט אויף אים מיט די פינגער:

— אָט איז ער, דער פון זינען געווירטער צויבערער, דער געפאַנגענער פון זיין אייגענעם אויפטו!...

מען קוקט אויף אים מיטן זעלבן ביטול און שפּאָט, מיט וועלכן מען האָט געקוקט אויף אַ צווייטן גרויסן אַנטדעקער פון יענע צייטן, אויף קאָלומבוסן, דעם אַנטדעקער פון אַמעריקע.

ביז גוטענבערגן — האָט מען געשריבן און איבערגעשריבן.

אין אַלטן מזרח האָט מען געקריצט אויף שטיין. דאָס שרייבן איז אייגנטלעך געווען אַ קונסט פון קריצן. אין ארץ־ישׂראל האָט מען זיך באַנוצט מיט שטיינערנע טאָפלען. אין מצרים האָט מען נישט געשריבן נאָר אייגנטלעך געמאָלט. מען האָט געמאָלט אויף די פּאַפּירוסן־געוויקסן. שפּעטער ווערט באַקאַנט דער פון לעדער אויסגעאַרבעטער פּאַרמעט. און דערנאָך טראָגט זיך אַריבער פון כינע — דאָס

פּאַפּיר. אָבער נאָר פון כּתב־ידן ווייסט מען. אין די יידישע קהילות, למשל, געהערן די כּתב־ידן צו די וויכטיקסטע קולטורעלע אוצרות. אַ כּתב־יד איז געווען דער תנ״ך, אַ געשריבענע איז די גמרא, כּתב־ידן זענען די סידורים און מחזורים.

מיט וויפל שווערקייטן איז געווען פאַרבונדן דאָס דאָזיקע שרייבן! און מיט וויפל גרויסע קאָסטן! אויב עס האָט עמעצער געוואָלט האָבן אַן אויסגאַבע אין עטלעכע עקזעמפּלאַרן, האָט ער געמוזט צונויפנעמען אַ גאַנצן שטאָב מענטשן, דיקטירן, דיקטירן דורך לאַנגע טעג און נעכט, און ערשט נאָך עטלעכע וואָכן זיך איבערצייגן, וויפל אַרבעט און געלט דאָס דאָזיקע שרייבן האָט פאַרשלונגען!

נישט קיין ווונדער, וואָס דאָס בוך איז אַלע מאָל געווען אַ זעלטנקייט. אַ יקר־המציאות. בלויז פירשטן און גבירים האָבן זיך געקענט פאַרשאַפן אַ ביבליאָטעק. איינע אַ פירשטין האָט אין 10טן יאָרהונדערט פאַר אַ דין ביכל באַצאָלט 200 שעפסן, 3 טאָן תבואה און נאָך אַנדערע „קליינקייטן״ אַ צולאָג. אין 14טן יאָרהונדערט האָט אַ פראַנצויזישער פּרינץ געקויפט אַ כּתב־יד פאַר צוויי הונדערט פראַנק אין גאָלד.

און אַז מען האָט נישט וואָס צו לייענען, קען מען טאַקע נישט לייענען. אייראָפּע לעבט אין דער מיטל־עלטער־תקופה אין עם־הארצות. בלויז די גייסט־לעכע זענען נישט קיין אַנאַלפאַבעטן. און אויב מען וויל דערציילן וועגן עמעצן, אַז ער איז רייך, זאָגט מען: אַזאַ עושר, אַז ער קען זיך אַפילו קויפן אַ בוך... דאָס איז דער באַראָמעטער פון גבירשאַפט.

גוטענבערג האָט אַרויסגערופן אַן איבערקערעניש. אומבאַוווּסטזיניק האָבן איינצלנע מענטשן דערפילט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט עפּעס אַ „כּישוף״ פון גרויסער באַדייטונג. און זיי פאַרבינדן זיך מיט אים. זיי מאַכן שותּפות מיטן פאַנטאַזיאָר. זאָל ער נאָר באַווייזן עפּעס ממשותדיקס, זאָל ער באַווייזן, אַז ער איז נישט בלויז אַ מויל־העלד, אַז ער קען טאַקע עפּעס אויפטאָן!

גיבן אים די שותּפים אָפּ אַ שטוב און מען קויפט אים איין זיינע מכשירים. עס איז אַ מין לאַבאָראַטאָריע, מען שמייכלט איבער דער נאַרישקייט, אָבער מען איז נייגעריק און פאַראינטריגירט, וואָס וועט ער מאַכן, דער צויבערער פון מיינץ?

מיט 500 יאָר צוריק, אין יאָר 1436 צווינגט גוטענבערג צו שווייגן די אומגלייביקע.

ער באַווייזט דאָס ווונדער. אַ געדרוקט ביכל.

ווי שטאָלץ ער איז מיט זיין דערפאָלג, מיט זיין פּרימיטיווער „פּרעס־מאַשין״. מיט זיין רעאַליזירטן טרוים איצט וועלן מער נישט מורמלען די פיינט, מען וועט מער נישט וואַרפן קיין בייזוויליקע באַמערקונגען.

די ערשטע געדרוקטע אויסגאַבעס זענען קאַלענדאַרן, קליינע ביכעלעך פאַר

די פויערים, פאַרן המון. די שותּפים קלערן אָנצושאַרן דאָס גאָלד, וואָס גוטענ־בערג האָט זיי צוגעזאָגט. נעמען זיי די נייע „סחורה" און פאָרן מיט איר אַרום אויף די יאַרידן. אין דער שפּיץ פאָרט דער גרויסער צויבערער אַליין: זעט, וואָס פאַר אַ נייעס די בויד ברענגט, געדרוקטע קאַלענדאַרן, געדרוקטע „עצות ווי אַזוי צו באַאַרבעטן די ערד", קויפט, קויפט!...

זאַמלט זיך דער המון אַרום דער בויד. ווירקלעך, אַזוינס האָבן זיי אַפילו אין חלום נישט געזען! אותיות אַזעלכע אויסטערלישע, שוואַרצע, נישט געמאָלטע, נישט אויסגעציקלטע, מען שטוינט. אָבער מען קויפט נישט. ערשטנס, קען דער עולם נישט לייענען. און צווייטנס, האָט מען מורא די „פּאַפּירלעך" אַפילו אין האַנט צו נעמען. כּישוף!...

און אויך די רייכע קויפן נישט. זיי באַטראַכטן גוטענבערגס אויסגאַבעס פּאַר עפּעס אַ ביליק און טאַנדעטנע שטיקל אַרבעט, עס פּאַסט נישט, אַז די „געדרוקטע" זאָלן פאַרנעמען אַן אָרט אין זייער פּאַלאַץ צווישן די גרויסאַרטיקע מיוחסדיקע כּתב־ידן.

די שותּפים זענען אַנטוישט. און זיי גיסן דעם גאַנצן צאָרן אויס אויפן דער־פינדער:

— ווו זענען די בערג גאָלד, ווו האָסטו פאַרטאַכלעוועט אונדזער געלט?

דער דערפינדער איז צוזאַמענגעבראָכן. ער פילט, אַז ער איז אויף אַ גליק־לעכן געדאַנק געפאַלן, און ער איז דאָך אומגליקלעך. עס באַגלייט אים דער אויס־רוף פון זיינע שותּפים:

— אַ שווינדלער איז ער, דער דאָזיקער געזעלן־יונג!

דער ערשטער פּרווו פון גוטענבערג איז אַדורכגעפאַלן. דער דערפינדער לאָזט זיך איבער אַנדערע שטעט זוכן שותּפים. אָבער מען שטויסט אים אָפּ. און דער דערפינדער וואַרט אומזיסט אויף אָנערקענונג. גרויע האָר באַווייזן זיך שוין אין זיין באָרד. אַ גאַנץ לעבן געמאַטערט זיך צו ברענגען צו די מענטשן דאָס גע־דרוקטע וואָרט, און איצט, צי וועט מען אים ווירקלעך נישט געבן די מעגלעכ־קייט אויסצונוצן זיין „שוואַרצע קונסט"?

דאָס איז געווען דער בראשית פון דער דרוק־קונסט.



# אינהאַלט: